די פרייע גייסטער פון אלע נאציעס
וואָס ליידן, וואָס קעמפן,
און וואָס וועלן זיגן.
ר. ר.

# באַגינען

Dianzi, nell' alba preceda al giorno,
quando l'anima tua den tro dormia...
Purg XI.

איצט, אין באַגינען, פאַרן אָנברוך פון מאָרגן,
ווען דיין נשמה שלאָפט נאָך...
דאַנטע, קאַפּ. XI

Come, guando i vapori umidi i spessi
A diradar cominciianci, la spera
Del sol debilemente entra per essi...

Purg. XVII

ווען ס׳פאַרשווינדן די פייכטע און געדיכטע נעפּלען,
רייסט זיך אַרויס און ס׳שפּאַלט זיי דורך
א בלייכע זון=שטראַל...

דאַנטע, קאַפּ. XVII

דאָס רוישן פֿון טייך הינטערן הויז ווערט אַלץ שטאַרקער. פֿון פֿרימאָרגן אָן קלאַפּט דער רעגן אין די פֿענסטער. פֿאַרנעפּלטע וואַסער־טראָפּנס רינען אַראָפּ איבער דער צעבראָכענער שויב. דער געלבלעכער טאָג ווערט פֿאַרלאָשן. אין צימער ווערט וואַרעמלעך און דושנע.

דער ניי־געבוירענער באַוועגט זיך אין זיין וויג. כאָטש דער אַלטער האָט, אַריינקומענדיק, איבערגעלאָזט זיינע הילצערנע שיך ביי דער טיר, סקריפּעט דאָך די פּאָדלאָגע אונטער זיינע טריט, און דאָס קינד הויבט אָן צו וויינען. טאַפּנדיק אין דער פֿינסטער, צינדט דער זיידע אָן דעם לאָמפּ, כּדי דער קליינער זאָל זיך נישט דערשרעקן פֿאַר דער נאַכט, בעת ער וועט זיך אויפֿכאַפּן. דער פֿלאַם באַלייכט דאָס רויטע פּנים פֿונם אַלטן זשאַן־מישעל, זיין ווייסע, שטייפֿע באָרד, זיין בייזן אויסדרוק אין זיינע לעבעדיקע אויגן. איצט גייט ער צו צום וויגל. זיין מאַנטל שמעקט מיט פֿייכטקייט. עס שלעפּן זיך אים נאָך, בעת ער גייט, זיינע דיקע, בלויע זאָקן. לואיזע גיט אים אַ צייכן, ער זאָל נישט צוגיין צו נאָענט. זי איז בלאָנד, כּמעט ווייס; אירע שטריכן זענען ווי צוזאַמענגעצויגן; איר זיס שעפּסן־פּנים איז געפּלעקט מיט זומער־שפּרענקעלעך; זי האָט בלייכע, דיקע ליפּן, וואָס זענען האַלב אָפֿן און שמייכלען דערשראָקן; זי רייסט נישט אָפּ די אויגן פֿונם קינד, אירע בלויע, אומקלאָרע אויגן, וואָס זייער שוואַרץ־אַפּל איז אַ קליין פּינטעלע, אָבער מיט אָן אַ שיער צערטלעכקייט.

דאָס קינד האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און עס וויינט. זיין אומרויקער בליק בלאָנדזשעט אַרום. אַך, ווי שרעקלעך! דאָס פֿינסטערניש, דאָס אומדערטרעגלעכע ליכט פֿון לאָמפּ, די מוראדיקע זעענישן פֿון מח, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אָפּגעטיילט פֿונם כאַאָס, די דריקנדיקע נאַכט,

וואָס אַרום אים, די תהומיקע שאָטנס, וואָס פון זיי רייסן זיך אַרויס, ווי בלענדנדיקע שפּיזן־ליכט, שטעכעדיקע איינדרוקן, ווייטיקן און גרויל־בילדער: אָט די ריזיקע געשטאַלטן, וואָס בויגן זיך איבער אים, אָט די אויגן, וואָס נעמען אים דורך און וואָס ער פאַרשטייט זיי נישט צומאָל!... עס האָט קיין כח נישט צו שרייען, דער פּחד פאַרגליווערט אים; זיינע אויגן און מויל זענען אָפן און עס אָטעמט פון דער טי־פעניש פון זיין האַלז. זיין גרויסער דיקער פּנים פאַרציט זיך אין אַ וויינענדיקער, משונהדיקער גרימאַסע; די הויט פון זיינע הענט און פּנים איז ברוין, כמעט בלוי, פול מיט געלבלעכע פלעקן.

— גאָט מיינער, ווי מיאוס ער איז! — האָט אַ זאָג געטאָן דער אַלטער מיט איבערצייגונג.

ער האָט צוריק אַוועקגעשטעלט דעם לאָמפּ אויפן טיש. לואיזע האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי אַ מיידעלע, וואָס מען האָט זיך אויף איר אָנגעבייזערט. זשאַן־מישעל האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איר אַ בליק פון דער זייט און זיך צעלאַכט:

— און דו וואָלסט וועלן איך זאָל דיר זאָגן, אַז ער איז שיין? דו וואָלסט אַליין נישט געגלויבט. מילא, ס'איז נישט דיין שולד, זיי זענען אַלע אַזוי.

דאָס קינד איז געקומען צו זיך פון דער פאַרגליווערטקייט, אין וועלכער ס'האָט אים אַריינגעבראַכט דאָס ליכט פון לאָמפּ און דעם אַלטנס בליק. עס האָט אָנגעהויבן צו שרייען. אפשר האָט עס מיטן אינסטינקט אַרויסגעפילט פון דער מאַמעס אויגן אַ צערטלעכקייט, וואָס האָט אים געגעבן מוט צו קלאָגן זיך. זי האָט אויסגעצויגן די אָרעמס און אַ זאָג געטאָן!

— גיב מיר אים.

דער אַלטער האָט, אויף זיין שטייגער, אָנגעהויבן צו דערקלערן איר זיינע טעאָריעס:

— מען טאָר די קינדער נישט נאָכגעבן, ווען זיי וויינען. מען דאַרף זיי לאָזן שרייען.

דאָך איז ער צוגעגאַנגען, האָט גענומען דאָס קינד און האָט גע־ברומט:

— אַזאַ פאַרזעעניש האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען.

לואיזע האָט מיט אירע גליענדיקע הענט אַ כאַפּ געטאָן דאָס

קינד און עס צוגעדריקט צו איר ברוסט. זי האָט עס אָנגעקוקט מיט אַ פאַרלעגענעם און גליקלעכן שמייכל.

— אוי, אָרעם קינד מײַנס — האָט זי גערעדט אַ פאַרשעמטע — ווי מיאוס דו ביסט, ווי מיאוס דו ביסט, און ווי ליב איך האָב דיך!

זשאַן-מישעל האָט זיך אומגעקערט צום פייער און האָט אָנגעהויבן צו שאַרן אין דעם מיט אַ ברוגזער מינע; אָבער אַ לייכטער שמייכל האָט פאַרדעקט דעם בייזן אויסדרוק פון זיין פּנים.

— טעכטערל, — האָט ער געזאָגט — נעם זיך נישט צום האַרצן, ער האָט נאָך גענוג צייט זיך צו ענדערן. און נאָך אַלעמען, וואָס מאַכט עס אויס? מ׳פאַרלאַנגט פון אים נאָר איין זאַך: ער זאָל זיין אַן אָרנטלעכער מענטש.

דאָס קינד האָט זיך איינגעשטילט, צודריקנדיק זיך צום וואַרעמען לייב פון דער מוטער. מען האָט געהערט, ווי עס זויגט דורשטיק די ברוסט. זשאַן-מישעל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַ ביסל אָן זיין שטול און האָט איבערגעחזרט מיט אַ וויכטיקער מינע:

— ס׳איז נישטאָ קיין שענערע זאַך אויף דער וועלט, ווי צו זיין אַן אָרנטלעכער מענטש.

ער האָט אַ ווייל געשוויגן, נאָכקלערנדיק, צי ס׳וואָלט נישט געווען כדאי דעם געדאַנק ברייטער אַרומצורעדן, נאָר ער האָט נישט געפונען מער וואָס צוצוגעבן, און נאָך אַ קורצן שטילשווייגן האָט ער אַ פרעג געטאָן אין אַן אויפגערעגטן טאָן:

— ווי קומט עס, וואָס דיין מאַן איז נאָך נישטאָ אין דער היים?

— איך גלויב, אַז ער איז אין טעאַטער, — האָט לואיזע נישט זיכער געענטפערט — ער האָט אַ רעפּעטיציע.

— דאָס טעאַטער איז פאַרמאַכט, איך בין דאָרט נאָר-וואָס פאַרבייגעגאַנגען. אַ פרישער ליגן!

— ניין, באַשולדיק אים נישט שטענדיק. כ׳האָב, הפּנים, שלעכט פאַרשטאַנען. מסתּמא האָט אים פאַרהאַלטן איינע פון זיינע לעקציעס.

— ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין דער היים. — האָט דער אַלטער געזאָגט אומצופרידן.

ער האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט און האָט באַלד אַ פרעג געטאָן שטילער, ווי פאַרשעמט:

— צי האָט ער... ווידער!...

— ניין, פאָטער, ניין, פאָטער — האָט לואיזע שנעל געענטפערט.

דער אַלטער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר; זי האָט אויסגעמיטן זיין בליק.

— ס'איז נישט אמת. דו זאָגסט אַ ליגן.

זי האָט זיך שטיל פאַנאַנדערגעוויינט.

— גאָט מיינער! — האָט זיך צעשריגן דער אַלטער און האָט אַ שטויס געטאָן מיטן פוס דאָס פייער. די קאָטשערע איז מיט אַ טומל אַ פאַל געטאָן. די מוטער מיטן קינד האָבן אַ צאַפּל געטאָן.

— פאָטער, איך בעט דיך, — האָט לואיזע געזאָגט — ער וועט זיך צעוויינען.

דאָס קינד האָט זיך עטלעכע מינוט געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל עס שרייען אָדער ווייטער זויגן, נאָר אַזוי ווי טאָן ביידע זאַכן מיטאַמאָל האָט עס נישט געקאָנט, האָט עס אויסגעקליבן דאָס לעצטע.

זשאַן-מישעל האָט גערעדט ווייטער מיט אַ געדריקטער שטים, נאָר פון צייט צו צייט האָט ער אויסגעשריגן מיט צאָרן.

— מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט פאַר גאָט, וואָס ער האָט מיר געגעבן אָט דעם שיכור פאַר אַ זון! טאַקע כדאי געווען אָפּצולעבן אַזאַ לעבן ווי איך, אָפּצוזאָגן זיך פון אַלץ, אַ גאַנץ לעבן!... אָבער דו, דו, צי ביסטו נישט בכח אים איינצוהאַלטן? נאָך אַלעמען, צום טייוול! — איז דאָך עס דיין אויפגאַבע. ווען דו וואָלסט אים געקאָנט איינהאַלטן אין שטוב!...

לואיזע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט.

— שטראָף מיך נישט, איך בין שוין אַזוי אויך גענוג אומגליקלעך! כ'האָב געטאָן אַלץ, וואָס איך בין געווען בכח צו טאָן. ווען דו ווייסט, ווי מיר פאַלט איין דאָס האַרץ, ווען איך בלייב אַליין. מיר דוכט זיך נאָר, אַז איך הער זיינע טריט אויף די טרעפּ און איך וואַרט דעמאָלס, אַז די טיר זאָל זיך עפענען... איך פרעג ביי זיך אַליין: גאָט מיינער! ווי וועט ער אויסזען אַריינקומענדיק?... אָט דער געדאַנק אַליין מאַכט מיך קראַנק.

זי האָט זיך צעכליפּעט, טרייסלענדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער. דער אַלטער איז אומרויִק געוואָרן. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט אַרויפגעצויגן די קאָלדרע, וואָס האָט זיך דערווייל פון איר אַראָפּגע־רוקט, אויף אירע ציטערנדיקע אַקסלען, און האָט מיט זיין גרויסער האַנט זי אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

— נו, שרעק זיך נישט, שרעק זיך נישט, איך בין דאָ פאַראַן.

זי האָט זיך דערמאָנט אַן קינד און זיך באַרויִקט, פּרווונדיק שמייכלען.

— ס׳איז אַן עוולה, וואָס כ׳האָב עס אייך דערציילט.

דער אַלטער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אָרעם קינד, כ׳האָב דיר געשאָנקען נישט קיין איבעריק שיי־נע מתּנה.

— ס׳איז מיין אייגענע שולד. — האָט זי געענטפערט — ער האָט נישט געדאַרפט חתונה האָבן מיט מיר. ער באַדויערט, וואָס ער האָט עס געטאָן.

— וואָס, מיינסטו, באַדויערט ער?

— דו ווייסט עס אַליין זייער גוט. דו אַליין ביסט דאָך געווען זייער בייז, וואָס איך האָב מיט אים חתונה געהאַט.

— לאָמיר מער נישט רעדן וועגן דעם. אמת, ס׳האָט מיר אַ ביסל וויי געטאָן. אַזאַ בחור ווי ער — איך קאָן דאָך עס זאָגן אָן אַ באַ־ליידיקונג פאַר דיר, — אַזאַ בחור ווי ער, וואָס האָט מיר געקאָסט אַזוי פיל מי, אַן אויסגעצייכנטער מוזיקער, אַן אמתער קינסטלער, איז ווערט געווען צו טאָן אַ בעסערן שידוך ווי מיט דיר, — אַ מיידל אָן פאַרמעגן, אָן יחוס, און אפילו נישט פון אונזער פּראָפעסיע. אַז איינער פון דער משפּחה קראַפט זאָל חתונה האָבן מיט אַ מיידל, וואָס איז נישט מוזיקאַליש, — אַזאַ זאַך האָט מען שוין הונדערט יאָר נישט געזען! — אָבער דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז נישט געקוקט דע־רויף, טראָג איך נישט קיין כּעס אויף דיר, און ווען כ׳האָב דיך נעענ־טער דערקענט, האָב איך דיך ליב באַקומען. און אַחוץ אַלעמען, — ווי נאָר זיין חתונה איז געוואָרן אַ געשעענע זאַך — איז אָפּגערעדט; עס בלייבט נישט מער, ווי צו דערפילן ערלעך די פליכטן.

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין שטול און האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. לסוף האָט ער אין אַ פייערלעכן טאָן,

ווי יעדעס מאָל בעת ער פלעגט אַרויסברענגען זיינע אַפאָריזמען, געזאָגט:

— דער עיקר אין לעבן איז צו דערפולן די פליכטן.

ער האָט געוואַרט, מען זאָל אים אָפּפרעגן — און האָט אַ שפּיי געטאָן אויפן פייער; נאָר אַזוי ווי ניט די מוטער און ניט דאָס קינד האָבן גאָרנישט ניט געענטפערט, האָט ער געוואָלט נאָך עפּעס צו־געבן — און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

מער האָט מען נישט גערעדט. זשאַן־מישעל פאַרן פייער און לואיזע, זיצנדיק אין בעט, האָבן זיך ביידע טרויעריק פאַרטראַכט. דער אַלטער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געזאָגט, האָט מיט פאַרביטערונג געטראַכט וועגן זיין זונס שידוך. לואיזע האָט אויך געטראַכט וועגן דעם, און געזוכט זיך צו באַשולדיקן, הגם זי האָט נישט געהאַט וואָס זיך פאַרצוואַרפן.

זי איז געווען אַ דינסט־מיידל, ווען זי האָט צו אַלעמענס—און נישט ווייניקער צו איר אייגענער—איבערראַשונג חתונה געהאַט מיט מעלכיאָר קראַפט, זשאַן־מישעלס זון. די קראַפטס האָבן קיין פאַרמעגן נישט געהאַט, זיי האָבן אָבער פאַרנומען אַ חשובן אָרט אינם שטעטל,ביים ברעג פונ׳ם רהיין, ווו דער אַלטער האָט זיך באַזעצט מיט לערך אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. דער מוזיקאַלישער טאַלענט פלעגט ביי זיי אַריבער בירושה פון טאַטע צו זון, און זיי זענען געווען באַרימט צווישן די מוזיקער פון גאַנצן לאַנד, פון קאָלאָניע ביז מאַנהיים. מעל־כיאָר איז געווען אַ פידלער אין הויף־טעאַטער, און זשאַן־מישעל האָט אַמאָל דיריגירט מיט דעם אָרקעסטער אויף די קאָנצערטן ביים גרויס־פירשט. דער אַלטער האָט זיך געפילט טיף דערנידעריקט פון זיין זונס שידוך; ער האָט געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען און אים געוואָלט מאַכן פאַר דעם גרויסן מאַן, וואָס ער אַליין האָט נישט גע־קאָנט ווערן. דער אומגעלומפּערטער שריט פון זיין זון האָט באַגראָבן אַלע זיינע האָפענונגען. דערפאַר איז ער געווען זייער אויפגעבראַכט און פלעגט די ערשטע צייט שעלטן לואיזען מיט מעלכיאָרן. נאָר אַזוי ווי ער איז בטבע געווען אַ גוטער מענטש, האָט ער, בדיעבד, מוחל געווען זיין שנור, באָכדעם ווי ער האָט זי נעענטער דערקענט,

און האָט אפילו אָנגעהויבן צו פילן צו איר אַ פּאָטערלעכע צערטלעכקייט, וואָס פלעגט זיך ס׳רוב אויסדריקן ביי אים אין אַ מין רוגזהדיקער מורמלעריי.

קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס ס׳האָט געטריבן מעלכיאָרן צו דעם שידוך,—ווייניקער פון אַלעמען האָט ער עס אַליין פאַרשטאַנען. זיכער איז, אַז דאָס איז נישט געווען לואיזעס שיינקייט. אין איר איז נישט געווען קיין שום זאַך, וואָס זאָל קאָנען פאַרפירן, קליין, בלייך און שוואַך, איז זי געווען אַ מאָדנע־בולטער קאָנטראַסט צו מעלכיאָרן און מישעלן,—אָט די צוויי הויכע, ברייטע ריזן מיט די רויטע פּנימער און שטאַרקע פויסטן, וואָס פלעגן גוט עסן און טרינקען, האָבן ליב געהאַט צו לאכן און פלעגן אַלעמאָל אָנמאַכן אַ גרויסן טומל. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי ווערט אינגאַנצן בטל נעבן זיי; מ׳האָט זי קוים באַמערקט. און זי אַליין האָט זיך באַמיט, מען זאָל זי נישט באַמערקן. וואָלט מעלכיאָר געווען אַ גוטהאַרציקער מענטש, וואָלט מען געקאָנט גלויבן, אַז ער האָט אויסדערווײלט לואיזען צוליב איר גוטסקייט. אָבער ער איז אייגנטלעך געווען אַ פּוסטער בעל־גאוה. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ משוגהדיקע רעטעניש: אַזאַ בחור ווי ער, אַ גאַנץ שיינער, וואָס האָט דערצו געוווּסט, אַז ער איז שיין, וואָס האָט פון זיך געהאַלטן זייער שטאַרק און איז באמת נישט געווען אָן טאַלענט, וואָס האָט געקאָנט טאָן אַ רייכן שידוך און אפשר—ווער ווייס?—פאַרדרייען דעם קאָפּ איינער פון זיינע שילערינס פון די רייכע באַלעבאַטישע קרייזן,—ער פלעגט זיך אַלע מאָל דערמיט באַריימען,—זאָל פּלוצלינג אויסקלייבן אַ מיידל פון המון, אַן אָרעמע, אָן דערציונג און נישט קיין שיינע, וואָס האָט דערצו גאָרנישט געטאָן, כדי אים צו געווינען.

אָבער מעלכיאָר איז געווען פון יענע מענטשן, וועלכע טוען שטענדיק דעם היפּוך פון דעם, וואָס ס׳ערוואַרטן פון זיי אַנדערע און אפילו וואָס זיי אַליין ערוואַרטן פון זיך. נישט דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט געוואָרנט—מען זאָגט, אַז איין דערפאַרענער מענטש איז מכריע צוויי אומדערפאַרענע.—זיי האָבן זיך ליב געהאַט צו באַריימען, אַז קיין שום זאַך איז נישט בכח זיי אַראָפּצופירן פון וועג און אַז זיי קערעווען דאָס שיפל פון זייער לעבן מיט אַ פעסטער האַנט צו אַ זיכערן ציל. אָבער זיי מאַכן דעם חשבון אָן זיך אַליין, ווייל זיי קאָנען זיך גופא נישט. אין אַ געוויסער מינוט פון אויסגעליידיקט־

קייט, וואָס טרעפט זיך זיי אין לעבן, גליטשט זיך זיי דער רודער אַרויס פון די הענט, און ווי נאָר די זאכן ווערן איבערגעלאָזן זייער אייגענעם גורל, באַקומען זיי, אויף אַ נאַטירלעכן אופן, דעם בייזן פאַרגעניגן צו טאָן דעם היפוך פון דעם, וואָס ס'האָט געוואָלט זייער באַלעבאָס. דאָס שיפל אָן דעם רודער גייט גלייך אויף אַ פעלז, און דער אין־פלוג־ניכטערער מעלכיאָר האָט גאָר חתונה מיט אַ קעכין און אין יענעם טאָג, ווען ער האָט זיך פאַרבונדן מיט איר אויף אַ גאַנץ לעבן, איז ער דווקא נישט געווען נישט שיכור און נישט באַוווסטלאָז; און קיין שטאַרקע ליידנשאַפט האָט ער אויך צו איר נישט געפילט; דערצו האָט נאָך געפעלט גאָר אַ סך. אָבער אינם מענטשן זענען פאַראַן אפשר גאָר אַנדערע כּוחות, אויסער שכל, האַרץ און חושים—געהיימניספולע כּוחות, וואָס באַהערשן אים אין מאָמענטן פון פוסטקייט, ווען זיינע איבעריקע גייסטיקע כּוחות דרימלען. ס'קאָן זיין, אַז מעלכיאָר האָט זיך טאַקע אָנגעטראָפן מיט די דאָזיקע כּוחות אין דער טיפקייט פון די בלייכע האלב־דערשראָקענע אויגן, אין יענעם אָוונט, ווען ער איז צוגעגאַנגען צום מיידל אויפן ברעג פונם טייך און האָט זיך געזעצט נעבן איר אין געדיכטן אַאיר און האָט איר—ער האָט נישט געוווסט פאַרוואָס—אויסגעצויגן זיין האַנט.

אָבער באַלד נאָך דער חתונה האָט ער אָנגעהויבן צו באַדויערן דאָס געשעענע. ער האָט עס נישט באַהאַלטן אפילו פאַר דער אָרעמער לואיזע, וואָס פלעגט אים, אין איר דערשלאָגנקייט, בעטן פאַרגעבונג. ער איז נישט געווען קיין שלעכטער און פלעגט איר גערן מוחל זיין; אָבער אין עטלעכע טעג ארום פלעגן אים די חרטה־געפילן ווידער אָנהויבן מאַטערן, סיי אין דער געזעלשאַפט פון זיינע חברים און סיי אויף זיינע לעקציעס ביי די רייכע שילערינס, וואָס האָבן געקוקט אויף אים איצט מיט פאַראכטונג און וואָס זייערע הענט פלעגן שוין איצט נישט ציטערן מער אונטער דער באַרירונג פון זיין האַנט, בעת ער פלעגט זיי פאַרריכטן די פינגער אויף די קלאַווישן. ער פלעגט אַהיימקומען אָנגעבלאָזן און בייז, און לואיזע האָט מיט אַ צוגעפּגעדריקט האַרץ געלייענט פון זיין פּנים די געוויינלעכע פאַרווורפן; טיילמאָל פלעגט ער בלייבן ביז שפּעט ביינאַכט אין אַ שענקדאָרטן געשעפט טרייסט פאַר זיך און מחילה פאַר אַנדערע. אין אַזעלכע נעכט פלעגט ער קומען אַהיים מיט אַ ווילדן געלעכטער, וואָס

פלעגט לואיזען נאָך טרויעריקער, מאַכן ווי די איינגעהאַלטענע שטעכ־
ווערטלעך און טענות אין די איבעריקע טעג. זי האָט זיך געפילט
טיילווייז שולדיק אין זיין שיכרות, וואָס האָט צוזאַמען מיט די פּאָר
גראָשן איינגעשלונגען אויך די לעצטע שיריים פון איר מאנס געזונטן
פאַרשטאַנד. מעלכיאָר איז געזונקען וואָס אַ טאָג אַלץ טיפער. אין יענע
יאָרן, ווען ער האָט געדאַרפט אַרבעטן אָן אויפהער צו אַנטוויקלען
זיין מיטלמעסיקן טאַלענט, האָט ער זיך געקייקלט באַרג־אַראָפּ, און
אַנדערע האָבן געירשנט זיין אָרט.

אָבער וואָס האָט עס געאַרט יענער געהיימער קראַפט, וואָס
האָט אים צוזאַמענגעפירט מיט דעם פלאַקסהאָריקן דינסטמיידל? זי
האָט אויסגעפירט איר ראָלע; און דער קליינער זשאַן קריסטאָף איז
געקומען אויף דער ערד, וווהין ס'האָט אים אַראָפּגעבראַכט זיין גורלי

ס'איז געווען טיף אין דער נאכט. לואיזעס שטים האָט אויפגע־
וועקט פון זיין פאַרגליווערטקייט דעם אַלטן זשאַן־מישעל, וואָס זיצנ־
דיק ביים פייער, איז ער פאַרזונקען געווען אין שווערע מחשבות
וועגן דעם היינט און וועגן דעם אַמאָל.

—פּאָטער, ס'איז שוין געוויס שפּעט—האָט צערטלעך געזאָגט די
יונגע פרוי.—דאַרפסט שוין גיין אהיים, האָסט אַ ווייטן וועג.

—איך וואַרט אויף מעלכיאָרן,—האָט געענטפערט דער אַלטער.

—ניין, איך בעט דיך, איך וויל בעסער, דו זאָלסט נישט
בלייבן.

—פאַרוואָס?

דער אלטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זי אויפמערקזאַם
אָנגעקוקט.

ער האָט איבערגעחזרט:

—דו האָסט מורא? ווילסט נישט, איך זאָל אים דאָ טרעפן?

—אַלזאָ... יאָ! ס'וועט נאָר ערגער מאַכן, איר וועט זיך צעקריגן.
כ'וויל עס נישט, כ'בעט דיך!

דער אַלטער האָט אַ זיפץ געטאָן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און
געזאָגט:

—לאָמיר גיין.

ער איז צוגעגאַנגען, אָנגערירט איר שטערן מיט זיין שטעכע־דיקער באָרד, אַ פרעג געטאָן, צי זי נויטיקט זיך נישט אין עפּעס, פאַרדרייט דעם לאָמפּ און איז ארויסגעגאַנגען, אָנשטויסנדיק זיך אין דער פינסטערניש פון צימער אָן די שטולן. אָבער ווי נאָר ער איז צוגעגאנגען ביז די טרעפּ, האָט ער ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיין זון, וואָס וועט קומען אַהיים שיכּור. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן טרעפּ; זיך אויסגעמאָלט אין דמיון טויזנטער סכּנות, וואָס לויערן אויף זיין זון, אויב ער זאָל אים לאָזן אַליין אַריינקומען אהיים...

אין בעט, נעבן דער מוטער, איז דאָס קינד ווידער געוואָרן אומרויק. עפּעס אַן אומבאַקאַנטער ווייטיק האָט זיך אויפגעהויבן פון דער טיפעניש פון זיין עקסיסטענץ. עס האָט זיך געווערט קעגן אים. עס האָט זיך אינגאנצן איינגעקאָרטשעט, צונויפגעדריקט די פויסטן און אָנגעכמורעט די ברעמען. דער ווייטיק איז געוואקסן פאַמעלעך, רויק, זיכער אין זיין קראַפט. דער קליינער האָט נישט געוווסט, וואָס דאָס איז און פון וואַנען עס קומט. ס'האָט זיך אים געדאכט, אַז ס'איז אומענדלעך און ס'וועט צו דעם קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען. ער האָט אָנגעהויבן יאָמערלעך צו וויינען. די מוטער האָט אים געגנו־מען גלעטן מיט אירע ווייכע הענט, און דער ווייטיק איז לינדער געוואָרן. אָבער ער האָט נאָך אַלץ געוויינט; ווייל דעם ווייטיק האָט ער געפילט שטענדיק נעבן זיך, אין זיך.—דער מענטש, וואָסליידט, קאָן לינדערן זיין ווייטיק, ווען ער ווייסט פון וואַנען ער קומט; ער פאַרמאַכט אים, אַדאַנק זיין שכל, אין איין טייל פון זיין קערפּער וואָס קאָן אויסגעהיילט, אָדער, אויב ס'איז נויטיק—אָפּגעשניטן ווערן; ער שטעלט־פעסט זיינע גרענעצן און טיילט אים אָפּ פון זיך. דאָס קינד, אָבער, פאַרמאָגט נישט אָט דעם קוואַל פון טרייסט. עס קאָן זיך אַליין נישט נאַרן. זיין ערשטע באַגעגעניש מיטן ווייטיק איז טראַ־גישער און אמתדיקער. גלייך זיין אייגענע עקסיסטענץ, אַזוי האָט אויך דער שמערץ פאַר אים קיין גרענעץ נישט; עס פילט אים טיף אין זיין ברוסט, אין זיין האַרץ, ווי דעם הערשער איבער זיין לייב. און אַזוי איז עס טאַקע: ער וועט דאָס שוין נישט אָפּלאָזן, ביז ער וועט עס נישט פאַרצוקן אינגאנצן.

די מוטער דריקט אים צו צום האַרצן מיט צערטלעכע רייד:

—נו, גענוג שוין, לאָמיר שוין מער נישט וויינען, משיח מייַ־צער, מיין קליין גאָלדן פישעלע...

אָבער עס האָט נישט אויפגעהערט טרויעריק צו כליפּען. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז די אומגליקלעכע, באַוווסטלאָזע, געשטאַלט־לאָזע מאַסע טראָגט שוין אין זיך דעם פּאָרגעפיל פון לעבן און פון אַלע יסורים, וואָס וועלן קומען. און קיין זאַך איז נישט בכוח אים איינצושטילן...

די גלאָקן אין דער קירך פון דער הייליקער מאַרטין האָבן גע קל נגען אין דער נאַכט. זייער קלאנג איז געווען ערנסט און שווער־אין דער לופט, וואָס איז געווען נאַס פון רעגן, האָבן זיי זיך געלאָזט הערן פּונקט ווי טריט אויפן מאָך. דעמאָלט איז דאָס קינד, אינמיטן כליפּען, אַנטשוויגן געוואָרן. די ווונדערלעכע מוזיק האָט זיך אַריינ־געגאָסן אין אים מיט דער זאַפטיקייט פון אַ מילך־שטראָם. די נאַכט איז באַלויכטן געוואָרן, די לופט—מילד און וואַרעם. זיין ווייטיק איז פאַרשוווּנדן, זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן צו לאַכן—און מיט אַ זיפץ פון מידקייט האָט ער זיך איבערגעגעבן דעם טרוים.

די דריי גלאָקן האָבן ווידער אויסגעקלונגען די בשורה פון מאָרגנדיקן יום-טוב. צוהערנדיק זיך, האָט לואיזע אויך געטרוימט וועגן אירע פאַרגאַנגענע צרות און וועגן דעם, וואָס עס וועט שפּעטער ווערן פון איר קליין, טייער קינד, וואָס שלאָפט ביי דער זייט. שוין לאַנגע שעהן ווי זי איז געלעגן אין איר בעט מיד און צעווייטיקט. אירע הענט און לייב האָבן געגליט; די איבערבעט איז איר שווער געווען, ווי אַ משא; די פינסטערניש האָט זי געדריקט און געשראָקן, אָבער זי האָט זיך נישט דערוועגט צו רירן. זי האָט זיך איינגעקוקט אין איר קינד, און די נאַכט האָט נישט געשטערט צו לייענען אין זיינע זקנישע שטריכן. אַ שלאָף איז אָנגעפאַלן אויף איר, פיבערדיקע בילדער האָבן געשוועבט דורך איר מח. אָט דאַכט זיך איר, אַז מעלכיאָר עפנט די טיר—און דאָס האַרץ איז איר איינגעפאַלן. מינוטנווייז האָט זיך אין דער שטילקייט פאַרשטאַרקט דאָס רוישן פון טייך און איז געוואָרן, ווי דער ברום פון אַ חיה. די פענסטער-שויבן האָבן נאָך איינִיקע מאָל אָפּגעקלאַפּט אונטערן פינגער פון רעגן. די גלאָקן האָבן געקלונגען אַלץ שטילער—און זענען אַנטשוויגן געוואָרן; און לואיזע איז אַנטשלאָפן געוואָרן נעבן איר קינד.

דערווייל האָט דער אַלטער זשאַן-מישעל די גאַנצע צייט גע־

וואַרט פֿאַרן הויז, ציטערנדיק פֿון קעלט און נאַסקייט; זיין באָרד איז געוואָרן דורכגעווייקט פֿון רעגן-נעפּל. ער האָט געוואַרט ביז זיין זון, דער אויסוווּרף, וועט צוריקקומען: ווייל זיין שטענדיק-אַרבעטנדי-קער קאָפּ האָט נישט אויפֿגעהערט צו מאָלן אים אָן אַ שיעור טראַגי-שע געשיכטעס, וועלכע קומען פֿאָר צוליב שיכּרות; און, הגם ער האָט נישט געגלויבט אין זייער מעגלעכקייט, וואָלט ער דאָך נישט געקאָנט צומאַכן קיין אויג אויף קיין רגע נישט, ווען ער זאָל נישט זען, ווי מעלכיאָר קומט צוריק בשלום אַהיים. דער געזאַנג פֿון די גלאָקן האָט אים געמאַכט זייער טרויעריק: ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיינע אָפּגענאַרטע האָפֿנונגען. ער האָט געטראַכט, צוליב וואָס ער שטייט דאָ, אין אַזאַ צייט, אויפֿן גאַס, און געוויינט פֿאַר חרפּה.

פֿאַמעלעך ציט זיך דער ברייטער שטראָם פֿון דער צייט. טאָג און נאַכט גייען-אויף און פֿאַרגייען, ווי דער צופֿלוס און אָפּפֿלוס פֿון אומענדלעכן ים. וואָכן און חדשים פֿאַרשווינדן און הויבן זיך אָן פֿון דאָס ניי, און די קייט פֿון טעג איז — ווי עס וואָלט געווען איין טאָג.

אַ טאָג אַ לאַנגער און אַן אומענדלעכער. אַ טאָג פֿון שווייגן, וואָס דער גלייכמעסיקער ריטם צעגלידערט אים אויף ליכט און פֿינס-טערניש, צוזאַמען מיטן לעבנס-ריטם פֿונם קליינם טרוימענדיקן באַשע-פֿעניש, וואָס שלאָפֿט טיף אין זיין וויג — מיט זיינע נויטווענדיקע, ווייטיקלעכע אָדער פֿריידיקע באַדערפֿענישן, וואָס קומען און גייען אַזוי רעגלמעסיק, אַז ס׳דאַכט זיך, אַז זיי ברענגען עס נאָך זיך דעם רעגלמעסיקן טויש פֿון טאָג און נאַכט.

שוועד באַוועגט זיך דער אומרו פֿון לעבן. דאָס קליינע באַשע-פֿעניש איז איינגאַנצן פֿאַרטיפֿט אין דעם גאַנג פֿון זיין דופֿק. דאָס אי-בעריקע איז נישט מער ווי חלומות. אומקלאָרע, פֿאָרמלאָזע שטיקער חלומות, אַ שטויב-וואָלקן פֿון אַטאָמען, וואָס טאַנצן אַרום אָן אַ סדר. אָדער אַ דורכפֿליענדיקער שטורעם-ווינט, וואָס רופֿט אַרויס געלעכטער אָדער שרעק. געשרייען, משונהדיקע האַוואַיעס, ווייטיקן, געלעכטערס, חלומות און חלומות... אַלץ, וואָס אַרום אים, איז אַ חלום, דער טאָג ווי

די נאַכט... — און צווישן אַט דעם כאַאָס שיינט אַרויס דאָס ליכט פון די פּאָר פריינטלעכע אויגן, וואָס לאַכן צו אים, דער שטראָם פון לעבן און פרייד, וואָס גיסט זיך אַריין אין זיין קערפּער פון דער מוטערס ברוסט, וואָס איז פון מילך אויפגעשוואָלן, — די קראַפט, וואָס דרימלט אין אים, די ריזיקע אומבאַוווסטע קראַפט, דער אויפגעבראַכטער אָקעאַן, וואָס ברויזט אין דער ענגער תּפיסה פון זיין קינדערש גופל. ווער ס'וואָלט עס געקענט לייענען, וואָלט אין אים דערזען וועלטן פּאַר־טייעטע אין חושך, קליינע נעפּלען, וואָס גיסן זיך צוזאַמען, אַן אוני־ווערסום, וואָס פאַרמירט זיך. זיין עקסיסטענץ האָט נישט קיין גרענעץ. עס איז אַלץ, וואָס עקסיסטירט.

די חדשים גייען. אויפן טייך פון זיין לעבן הויבן זיך אָן צו באַווייזן זכרונות־אינזלען. אין אָנהויב זענען דאָס קליינע אינזעלעך, פעלזן־שפּיצן, וואָס ווילן אַדורכרייסן די וואַסער־פלאַך. אַרום זיי און הינטער זיי שפּרייט זיך נאָך אויס, אין באַגינען־נעפּל, דער רויקער און אומענדלעכער וואַסער־לייוונט. שפּעטער — נייע אינזלען, באַגילדט פון דער זון.

אַזוי שווימען־אַרויף, מיט אַ זעלטענער קלאָרקייט, פונם תּהום פון זיין נשמה באַשטימטע פאָרמען, באַשטימטע בילדער. פון דעם גרויסן אומענדלעכן טאָג, וואָס חזרט איבער שטענדיק דאָס אייגענע מיט דער איינטאָניקער, מעכטיקער באַוועגונג פון זיין אומרו, הויבט אָן אַרויסצושווימען אַ קרייז פון טעג, וואָס בינדן זיך איינער אָן אַנדערן און וואָס זייערע פּראָפילן זענען אַמאָל לאַכנדיק, אַמאָל וויינענדיק. אָבער די רינגען פון דער קייט רייסן זיך אַלע ווײַלע איבער, און די זכרונות דערגרייכן איבער די קעפּ פון די וואָכן און חדשים.

דער טייך... די גלאָקן... ווי טיף ער קאָן זיך דערמאָנען אין די ווייטסטע שעהן פון זיין לעבן, — שטענדיק זינגען זייערע טיפע, היימישע שטימען...

נאַכט. ער דרימלט. אַ בלייכע ליכט שימערט איבער די שויבן. דער טייך רוישט. אין דער שטילקייט ווערט זיין רוישן מעכטיק; ער הערשט איבער אַלע באַשעפענישן. טיילמאָל גלעט ער זייער שלאָף און

עס דאַכט זיך, אַז ער שלאָפט אַליין איין ביים רוישן פון זיינע פּאַ־ליעס. טיילמאָל ווידער ווערט ער פול מיט רציחה און צעברומט זיך ווי אַ חיה, וואָס גרייט זיך צום שפּרונג. נאָר אָט שטילט זיך זיין צאָרן; ס'דערהערט זיך אַ ביז־צום־אויסגיין זיסער געמורמל, פּונקט ווי זילבערנע קלאַנגען, ווי קלאָרע גלעקעלעך, ווייכע, זינגענדיקע שטימען פון אַ ריטמישער מוזיק. אָ, די גרויסע מוטערלעכע שטים, וואָס שלאָפט קיינמאָל נישט איין! זי וויגט דאָס קינד, פּונקט אַזוי ווי זי האָט, דורך לאַנגע יאָרהונדערטער, פון דער וויג ביזן קבר, איינגעוויגט די פאַר־גאַנגענע דורות. זי רייסט זיך אַריין אין זיין טראַכטן, זי באַפרוכפּערט זיינע חלומות, זי וויקלט אים איין אין דעם מאַנטל פון אירע פליסנ־דיקע האַרמאָניעס, וואָס וועלן אים נאָך איינוויגן אפילו דעמאָלט, ווען ער וועט ליגן אויפן קליינעם בית עולם, אויף יענעם דרימלענדיקן ברעג, וואָס דער רהיין וואַשט אים מיט זיינע וואַסערן...

די גלאָקן... ס'איז באַגינען! זיי שמועסן זיך איבער — אַ ביסל אומעטיק, פריינטלעך. רויק. ביים קלאַנג פון זייערע שווערע שטימען הייבן זיך אויף מחנות חלומות, טרוימען פון עבר, פאַרלאַנגען און פאַרלוירענע האָפנונגען און טרויעריקע בענקשאַפט נאָך די, וואָס זע־נען אַוועק, אָט די, וואָס דאָס קינד האָט נישט געקענט און איז דאָך געווען צווישן זיי און אויפגעלעבט אין זיך. יאָרהונדערטער — פול מיט זכרונות ווימלען אין דער מוזיק. אַזוי פיל טרויער־טעג, אַזוי פיל ימים־טובים! — הערנדיק זיי פון דער טיפקייט פון צימער, דאַכט זיך, ווי — אין דער קלאָרער לופט וואָלט מען געזען שווימען די וווּנדערלעכע טענער, גלייך ווי פרייע פייגל און דאָס וואַרעמע פאָכען פון ווינטל.

אַ שטיק פון בלויען הימל שמייכלט אַריין דורכן פענסטער. אַ זון־שטראַל גליטשט זיך אַריין דורך די פאָרהאַנגען אויפן בעט. דאָס וועלטל, וואָס דאָס קינד קוקט אָן, פון זיין בעט אַרויס, יעדן פרי־מאָרגן, ווען עס כאַפּט זיך אויף; אַלץ, וואָס דאָס הייבט אָן ביסלעכ־ווייז, מיט גרויס מי, צו דערקענען און אָנצורופן ביים נאָמען, ביז עס באַהערשט עס — אָט די גאַנצע מלוכה זיינע — איז פול מיט זון און ליכט. אָט איז דער טיש, וווּ מ'עסט, די שאַנק, וווּ עס באַהאַלט זיך בעתן שפּילן, די פאָדלאָגע און פירקאַנטיקע פיגורן, אויף וועלכע עס קריכט, די טאַפּעטן אויף די ווענט, וואָס זייערע האַוואַיעס דערציילן אים משונהדי־קע אָדער מוראדיקע מעשות, דער זייגער, וואָס האַלט אין איין פלוידערן־ווער־

טער, וואָס נאָר ער אַליין פאַרשטייט זיי. וויפל זאַכן זענען דאָ אין צימער! עס קען זיי נאָך נישט אַלע. יעדן טאָג הויבט עס אָן אויפסניי זיינע פאָרשונגען אין דער מלוכה, וואָס געהער צו אים: — אַלץ געהער צו אים. קיין זאַך איז אים נישט גלייכגילטיק, אַלץ איז ווערט באַטראַכט צו ווערן, אַ מענטש צי אַ פליג. אַלץ לעבט מיטן זעלבן לעבן: די קאַץ, דאָס פייער, דער טיש, די שטויב-קערנדלעך, וואָס טאַנצן אינם זון-שטראַל. דאָס צימער איז אַ לאַנד, דער טאָג איז אַ לעבן, ווי אַזוי וועט עס זיי ווידער געפינען אין די ריזיקע רוימען? די וועלט איז אַזוי גרויס! מ'ווערט אין איר פאַרלוירן און בטל. די צורות, די זשעסטן און דער טומל, וואָס רינגלען אים אַרום מיט אַן אייביקן רעש!.. עס ווערט מיד, זיינע אויגן פאַרמאַכן זיך — און עס שלאָפט איין. עס איז דער זיסער, טיפער שלאָף, וואָס באַפאַלט אים פּלוצלינג, אין איין אויגנבליק. אַוו עס זאָל זיך נישט געפינען, אויף דער מאַמעס שויס אָדער אונטערן טיש, ווו עס האָט זיך ליב צו באַהאַלטן. ס'איז אים גוט...

די ערשטע טעג פון זיין לעבן רוישן אין זיין קאָפּ, ווי אַ פעלד פול מיט תבואה אָדער ווי אַ וואַלד, וואָס שאָקלט זיך אין ווינט און וואָס איבער אים ציען זיך די גרויסע שאָטנס פון די וואָלקנס...

די שאָטנס אַנטלויפן, די זון רייסט זיך אַריין אין וואַלד. קריס-טאָף הייבט אָן צו געפינען זיין וועג אינם לאַבירינט פון די טעג.

אין דער פרי... זיינע עלטערן שלאָפן. ער ליגט אין זיין בעטל, אויסגעצויגן אויפן רוקן. ער קוקט זיך איין אין די ליכט-פלעקן, וואָס טאַנצן אַרום אויפן סופיט. עס פאַרשאַפט אים אָן אַ שיעור פאַרגעניגן. פּלוצלינג צעלאַכט ער זיך הויך, מיט אַ גליקלעכן קינדערשן געלעכ-טער, וואָס הערנדיק אים, וואַקסט דאָס האַרץ פאַר פרייד. די מאַמע בויגט זיך-צו צו אים און פרעגט: „וואָס האָט דיר געטראָפן, נאַרעלע?" דעמאָלט צעלאַכט ער זיך נאָך שטאַרקער און אפשר שטרענגט ער זיך אָן צו לאַכן, ווייל ער האָט אַ פובליקום. די מאַמע מאַכט אַ וויכטיקע מינע און לעגט-צו אַ פינגער צום מויל, ער זאָל נישט אויפוועקן דעם פאָטער; אָבער אירע פאַרמאַטערטע אויגן לאַכן צו אים קעגן איר

ווילן. זיי שושקען זיך... פּלוצלינג דערהערט זיך דעם פּאָטערס אַ ביי-זער ברום. זיי טוען ביידע אַ צאַפּל. די מאַמע דרייט זיך אויס צו אים מיטן רוקן, ווי אַ מיידל, וואָס מען האָט זי געכאַפּט ביי אַן עוולה, און זי מאַכט זיך שלאָפנדיק. קריסטאָף נורעט זיך איין אין זיין בעטל און האַלט איין דעם אָטעם...

אַ טויטע שטילקייט.

אין אַ ווײַלע אַרום באַווייזט זיך ווידער דאָס קליין קעפּל פון אונטער דער קאָלדרע אַרויס. אויפן דאַך סקריפּעט דאָס וועטער-פענדל. די רינוועס פּלוידערט. דער מאָרגן-גלאָק קלינגט; דער אָנגעשוואָמענער מזרח-ווינט האָט אים געבראַנגט צו טראָגן דעם ענטפער פון אַנדערע גלאָקן אין די ווייטע דערפער, וואָס ליגן אויפן צווייטן ברעג פון טייך. די שפּערלינגען, וואָס האָבן זיך מתנותווייז פאַרזאַמלט ביי דער טרויבן-באַוואַקסענער מויער, מאַכן-אָן אַ פאַרטויבנדיקן רעש; פון זיי טיילן זיך אַרויס דריי אָדער פיר קולות, שטענדיק די אייגענע, גרילצנ-דיק העכער פון די איבעריקע, אַזוי ווי אין אַ קינדער-שפּיל.

אַ טויב וואָרקעט אויף אַ שפּיץ פון אַ קוימען. דאָס קינד לאָזט זיך פאַרוויגן פון די קולות. עס הויבט אָן שטיל צו זינגען. שפּעטער אַ ביסל העכער, דערנאָך הויך, אויפן קול און באַלד גאָר הויך, ביז דעם פּאָטערס בייזע שטים צעשרייט זיך ווידער: „אָט דאָס אייזל דאָרט וועט גאָר קיינמאָל נישט שטום ווערן וואַרט נאָר, כ'וועל דיר אָנ-רייסן די אויערן!" דעמאָלט פאַרוקט זיך דער קליינער אונטער דער קאָלדרע און ער ווייסט נישט, צי זאָל ער וויינען אָדער לאַכן. ער איז דערשראָקן און געפּאַלן ביי זיך; אָבער בשעת-מעשה רופט אַרויס ביי אים דעם טאַטנס איינפאַל, אַז ער איז אַן אייזל, דעם חשק הויך צו לאַכן. און ליגנדיק טיף אין זיין בעט, מאַכט ער נאָך דעם געשריי פון אַן אייזל. דאָס מאָל כאַפּט ער שמיץ. ער ברעכט אויס אין אַ שטאַרק געוויין. וואָס האָט ער דען געטון? ס'האָט זיך אים אַזוי פאַרגלוסט צו זינגען, זיך אַ רודער צו טון! און דאָ טאָר ער זיך גאָרנישט רירן פון אָרט. ווי אַזוי קאָן מען עס שטענדיק נאָר שלאָפן? ווען וועט ער מעגן אויפשטיין?...

אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט דערהערט פון גאַס אַ קאַץ, אָדער אַ הונט — מיט איין וואָרט אַ טשעקאַווע זאַך. ער האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון בעטל, און זיינע קליינע באָרוועסע פיסלעך האָבן אומגעשיקט געטאָפּטשעט איבער דער

פאָדלאָגע. ער האָט געוואָלט אַראָפּגיין פון די טרעפּ זען, וואָס דאָרט איז אַזוינס, — אָבער די טיר איז געווען צוגעמאַכט. כּדי זי צו עפע־נען, איז ער אַרויפגעקראָכן אויף אַ שטול. דער שטול האָט זיך אי־בערגעקערט, ער האָט זיך צעקלאַפּט און גענומען שרייען פון ווייטיק; אַחוץ דעם האָט ער נאָך געקריגן שמיץ אויך. שטענדיק שמייסט מען !....

ער געפינט זיך מיט דעם זיידן אין דער קירך. ער לאַנגווײַליקט זיך. ס'איז אים נישט ניחא. און די מענטשן רעדן עפּעס אַלע צוזאַמען ווערטער, וואָס ער פאַרשטייט זיי נישט, און שפּעטער בלייבן זיי אַלע שטיל מיטאַמאָל. זייערע פּנימער זענען אַלע פּייערלעך און כּמעט בייז. זיי זעען גאָר אויס אַנדערש, ווי שטענדיק. ער קוקט אויף זיי מיט שרעק. די אַלטע לינע, די שכנטע, וואָס זיצט נעבן אים, האָט אַ בייז אויסזען; מאָמענטנווייז דערקענט ער אפילו דעם אייגענעם זיידן נישט. ער שרעקט זיך עפּעס. שפּעטער געוויינט ער זיך צו און ער טוט כּלערליי תּחבולות צו פאַרטרייבן די צייט. ער שאָקלט זיך, ציט־אויס זיין האַלז צו באַטראַכטן דעם סופיט, מאַכט האַוואַיעס, שלעפּט דעם זיידן פאַרן ראָק, איז בודק די שטרוי פון זיין שטול, ער פּרוווט אויסצובויערן אין אים אַ לאָך מיטן פינגער, הערט זיך צו צום גע־שריי פון די פייגל און גענעצט, אַז דאָס מויל, דאַכט זיך, ווערט אים צעריסן.

און פּלוצלינג — אַ וואַסערפאַל פון קלאַנגען: דער אָרגל שפּילט. אַ שוידער לויפט אים דורך איבערן רוקן. ער דרייט זיך אויס, שפּאַרט אָן דעם קין אין אָנלען פון שטול און בלייבט זיצן זייער סטאַטעטשנע. ער פאַרשטייט גאָרנישט פון דעם גאַנצן ליאַרם, ער ווייסט נישט, וואָס דאָס באַדייט: עס בליצט און עס שטורעמט אָן אויפהער, אַז מען קאָן זיך גאָר נישט פונאַנדערקלייבן. אָבער ס'איז גוט. פּונקט ווי דו וואָלסט גאָרנישט געזעסן אַ גאַנצע שעה אויף אַן אומבאַקוועמען שטול אין אַן אַלטער לאַנגווײַליקער שטוב. מ'שוועבט פריי אין דער לופטן, ווי אַ פויגל. און ווען דער שטראָם פון די קלאַנגען טראָגט זיך פון איין עק קירך ביזן אַנדערן, אויספילנדיק די געוועלבן, אָנשלאָגנדיק זיך אָן

די ווענט, — איז פונקט ווי מען וואָלט מיטגעריסן געוואָרן מיט אים אין דער הויך און אויף פליגלען אַרומגעטראָגן געוואָרן אַהין און צוריק; מען דאַרף זיך נאָר לאָזן טראָגן פון שטראָם. מ'איז פריי, מ'איז גליקלעך. די זון האָט אויפגעשיינט... ער שלאָפט איין.

דער זיידע איז נישט צופרידן מיט אים. ער פירט זיך נישט גוט אויף בעת דער תפילה.

ער איז אין שטוב. ער זיצט אויף דער פאָדלאָגע, מיט די פיסלעך אין די הענט. ער האָט נאָר־וואָס באַשלאָסן, אַז דער שטרוי־דיוואַן ביי דער טיר איז אַ שיף, און די פאָדלאָגע איז אַ טייך. ווען ער זאָל אַראָפגיין פונם דיוואַן, וואָלט ער זיכער דערטרונקען געוואָרן. ער איז פאַרוווּנדערט און אפילו אַ ביסל אָנגעבלאָזן וואָס אַנדערע היטן זיך גאָרנישט, ווי ער, גייענדיק דורכן צימער. ער כאַפּט אָן דער מוטער פאַר איר קלייד: „דו זעסט דאָך, אַז דאָ איז וואַסער! מען מוז גיין דורך דער בריק!" — די בריק איז פון אַ רייע ווייסע שטיינדלעך, צווישן די רויטע ציגל פון דער פאָדלאָגע. — די מאַמע גייט פאַרביי, נישט הערנדיק אפילו, וואָס ער רעדט. ער איז געקרענקט, פונקט ווי אַ דראַמאַטורג, וואָס זעט, ווי דאָס פובליקום שמועסט בעת זיין שטיק.

אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער שוין וועגן דעם פאַרגעסן. די פאָדלאָגע איז שוין מער נישט קיין טייך. ער ליגט איצט אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, מיטן קין אויף דער שטיינערנער פאָדלאָגע. ער ברומט אַ ניגון פון זיין אייגענער קאָמפּאָזיציע, זויגנדיק ערנסט דעם גרויסן פינגער און באַשפייענדיק זיך בשעת־מעשה. ער באַטראַכט, אין גאַנצן פאַרטיפט, אַ שפּאַלט צווישן די ציגל. די קרומע ליניעס פון די ציגל מאַכן האַוואַיעס פונקט ווי פּנימער. די קוים־באַמערקבאַרע שפּאַרע ווערט ברייטער און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ טאָל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט בערג. אַ ווערימל קריכט אַרום: ער איז גרויס ווי אַ העלפאַנט. ס'וואָלט איצט געמעגט דונערן און בליצן, דאָס קינד וואָלט נישט געהערט.

קיינער פאַרנעמט זיך נישט מיט אים, און ער נויטיקט זיך נישט

אין קיינעם. ער קאָן זיך איצט באַגיין אָן דער דיוואַן-שיף און אָן די שפאַלטן אין דער פאָדלאָגע מיט זייערע פאַנטאַסטישע באַשעפענישן. זיין אייגענער קערפער גענוגט אים. וואָס פאַר אַ קוואַל פון פאַרוויילונג! שעהנווייז באַטראַכֿט ער זיינע נעגל, שטיקנדיק זיך פון געלעכֿטער. יעדער נאָגל האָט אַן אַנדערע צורה און דערמאָנט אים אַן אַנדערן באַקאַנטן מענטשן. ער הייסט זיי שמועסן צווישן זיך, טאַנצן און מלחמה האַלטן. און די איבעריקע טיילן פון קערפער!... ער פאָרשט אויס ווייטער אַלץ, וואָס געהער צו אים. וויפל איבעראַשנדיקע זאַכֿן! און אייניקע זייער מערקווירדיקע. ער פאַרטיפט זיך נייגעריק אין זיינע באַטראַכֿטונגען.

שוין נישט איינמאָל האָט ער באַקומען שמיץ, ווען מען האָט אים דערביי געכֿאַפט.

אָפטמאָל וואַרט ער, אַז די מאַמע זאָל זיך אויסדרייען צו אים מיטן רוקן, כדי זיך אַרויסצוכֿאַפן פון שטוב. די ערשטע צייטן פלעג מען אים כֿאַפן און אָפפירן צוריק אַהיים, שפעטער האָט מען זיך צוגעוויינט צו זיינע איינזאַמע שפאַצירן, בתנאי ער זאָל נישט אַוועק צו ווייט. די שטוב איז געווען אין עק שטאָט; און ווייטער איז שוין געווען פעלד. כל-זמן מען קאָן אים זען דורכֿן פענסטער, גייט דער קליינער, נישט אָפשטעלנדיק זיך, מיט אַ לאַנגזאַמען טריט, אונטערשפרינגענדיק פון צייט צו צייט אויף איין פוס. אָבער ווי נאָר עס ענדיקט זיך דער וועג, און די קוסטעס הויבן אים אָן צו פאַרשטעלן, ענדערט ער מיטאַמאָל זיין גאַנג. קודם-כל שטעלט ער זיך אָפ, נאָכֿטראַכֿטנדיק — מיטן פינגער אין מויל —, וואָס פאַר אַ מעשה ער זאָל זיך היינט דערציילן; מעשות פאַרמאָגט ער אַ גוזמא. ס'איז אפילו אמת, אַז זיי זענען אַלע ענלעך צו זיך און אַז יעדע פון זיי וואָלט פאַרנומען נאָר אַ דריי-פיר שורות. ער קלייבט אויס. געוויינלעך חזרט ער איבער די זעלבע מעשה, אַמאָל פון דעם אָרט, ווו ער האָט זיך נעכֿטן אָפגעשטעלט, אַמאָל ווידער פון סאַמע אָנהויב, מיט וואַריאַנטן; אָבער ס'איז געווען גענוג אַ קלייניקייט, אַ צופעליק געהערט וואָרט, כדי זיין געדאַנק אַרויפצופירן אויף אַ נייען וועג.

דער צופאַל איז געווען רייך אין שטאָף. ס'איז זיך שווער פאָר-

צושטעלן, וואָס פֿאַרן נוצן ס׳קאָן ברענגען אַ פּשוט העלצל, אָדער אַן אָפּגעבראָכענע צווייג, וואָס מ׳געפֿינט אויפֿן וועג הינטער אַ פּלויט (אויב מ׳געפֿינט נישט, ברעכט מען אַליין אָפּ). די צווייג פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ צויבער-שטעקעלע. אויב זי איז לאַנג און גלייך, ווערט זי אַ שפּיז אָדער אַ שווערד. ס׳איז גענוג נאָר אַ פֿאָך צו טאָן מיט איר, אַז אַ גאַנצע אַרמיי זאָל אויפֿשטיין. קריסטאָף איז דער גענעראַל, ער גייט פֿאָרויס. ער גיט זיי דעם ביישפּיל, איינגעמענדיק מיט שטורם קליינע בערגלעך אויפֿן וועג. אויב דאָס צווייגל איז גענוג בויגעוודיק, פֿאַרוואַנדלט זיך עס אין אַ בייטש. קריסטאָף פֿאָרט רייטנדיק אויף אַ פֿערד, שפּרינגענדיק איבער אָפּגרונטן. עס טרעפֿט, אַז דער זאָטל גליטשט זיך אַראָפּ, און דער רייטער דערזעט זיך פּלוצלינג אין אַ טיפֿן ראָוו, ווו ער באַטראַכט אַ פֿאַרזאָרגטער זײַנע פֿאַרבלאָטיקטע הענט און צעריסענע קני. אויב ווידער דאָס שטעקל איז קליין, פֿאַרוואַנדלט זיך קריסטאָף אין אַ קאַפּעלמייסטער; ער — אַליין דער קאַפּעלמייסטער און אַליין דער אָרקעסטער; ער דיריזשירט און ער זינגט; לסוף פֿאַרנויגט ער זיך פֿאַר די קוסטעס, וואָס דער ווינט שאָקלט זייערע קליינע גרינע קעפּלעך.

ער איז אויך אַ כּשופֿמאַכער. ער שפּאַנט אַרום מיט גרויסע טריט איבער די פֿעלדער, קוקנדיק צום הימל און מאַכנדיק מיט די הענט. דאָס באַפֿעלט ער די וואָלקנס. ער וויל, אַז זיי זאָלן גיין אויף רעכטס. גייען זיי אָבער גראָד אויף לינקס. ער בייזערט זיך אויף זיי און ער באַפֿעלט עס זיי שטרענג. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ קוקט ער פֿון דער זייט, צי וועט זיך נישט געפֿינען לפּחות איין קליין וואָלקנדל, וואָס וועט פֿאָלגן זיין באַפֿעל; אָבער זיי ציען זיך גאַנץ רויק אויף לינקס. דעמאָלט טופּעט ער מיט די פֿיס, דראָענדיק זיי מיט זיין שטעקעלע, און ער הייסט זיי, מיט כּעס, גיין אויף לינקס — און באמת, דאָס מאָל זענען זיי געהאָרכזאַם. ער איז גליקלעך און שטאָלץ מיט זיין מאַכט. ער רירט אָן די בלומען און באַפֿעלט זיי צו פֿאַרוואַנדלען זיך אין גאָלדענע קאַרעטעס, אַזוי ווי עס קומט פֿאָר אין דער מעשה; און, הגם דאָס געשעט קיינמאָל נישט, דאָך איז קריסטאָף זיכער, אַז דאָס וואָלט געשען, ווען ער זאָל נאָר האָבן אַ ביסל מער געדולד. ער זוכט-אויס אַ גריל, צו פֿאַרוואַנדלען אים אין אַ פֿערד: ער רירט אים לייכט אָן מיטן צויבער-שטעקעלע און זאָגט אַ שפּרוך. דער גריל אַנטלויפֿט — אָבער ער פֿאַרשטעלט אים דעם וועג. אַ ווײַלע שפּעטער

ליגט ער אויפֿן בויך און באַטראַכט אים, ער האָט פֿאַרגעסן זיין ראָלע פֿון אַ כשופֿמאַכער און האָט הנאה איבערצוקערן דאָס קליינע באַשע-פֿענישל אויפֿן רוקן, לאַכנדיק אויפֿן קול פֿון זיין ראַנגלען זיך.

אַמאָל פֿאַלט ער אויף אַ נייע המצאה: ער בינדט אָן אַן אַלטן פֿאָדעם אָן זיין צויבער-שטעקעלע און וואַרפֿט אים אַריין מיט אַן ערנס-טער מינע אין טייך, וואַרטנדיק, אַז אַ פֿיש זאָל זיך אָנכאַפּן. ער ווייסט אפֿילו גאַנץ גוט, אַז די פֿיש זענען זיך נישט נוהג אויפֿצועסן אַ פֿאָדעם אָן אַ האָק און אָן אַ ווערעמל; פֿונדעסטוועגן טראַכט ער, אַז איין איינ-ציק מאָל, און צוליב אים, מעגן זיי מאַכן אַן אויסנאַם; און ער איז דערגאַנגגען אין זיין אומבאַגרענעצטן צוטרוי דערצו, אַז ער האָט אין גאַס אָנגעהויבן צו כאַפּן פֿיש מיט אַ בייטשל דורך אַ צעשפּאָלטענער בלעך פֿון אַ רינשטאָק. פֿון צייט צו צייט ציט ער אַרויס זיין פֿאָדעם זייער אויפֿגערעגט, ווייל ס'דאַכט זיך אים, אַז דאָס מאָל האָט ער גע-פֿאַנגגען אַן אוצר, אַזוי ווי אין דער מעשה, וואָס דער זיידע האָט אים דערציילט...

אָפֿט פֿלעגן אים באַפֿאַלן אינמיטן דעם שפּיל מינוטן פֿון מערק-ווירדיקער פֿאַרחלומטקייט און פֿאַרגעסונג. אַלץ, וואָס אַרום אים, פֿלעג ווערן מטושטש, ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער טוט און האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרגעסן. דאָס פֿלעג קומען אומגעריכט. בעתן שפּאַציר אָדער בעתן גיין אויף די טרעפּ, פֿלעג זיך אין אים פֿלוצלינג אויפֿ-עפֿענען אַ תּהום. ס'האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז ער טראַכט נישט מער. נאָר ווען ער פֿלעג קומען צו זיך, איז ער געווען ווי צעמישט, זיך דערזעענדיק אויפֿן זעלבן אָרט פֿון די פֿינסטערע טרעפּ. ס'איז אים געווען אַזוי מאָדנע, פּונקט ווי ער וואָלט אַ גאַנץ לעבן דורכגעלעבט— אין משך פֿון די עטלעכע טריט.

דער זיידע האָט אים אָפֿט מיטגענומען מיט זיך אויף זיינע פֿאַר-נאַכטיקע שפּאַצירגענג. דער קליינער איז אונטערגעשפּרונגען ביי דער זייט, האַלטנדיק אים ביי דער האַנט. זיי זענען געגאַנגען דורך וועג-לעך און צעאַקערטע פֿריש-שמעקנדיקע פֿעלדער. די גרילן האָבן גע-גרילט. ריזיקע קראָען, שטייענדיק ביי דער זייט פֿון וועג, האָבן זיי

אָנגעקוקט פונדערווייטן און זענען אַוועקגעפלויגן, ווען די שפּאַצירנדי־
קע האָבן זיך דערנענטערט.

דער זיידע האָט געהוסט. קריסטאָף האָט גאַנץ גוט געוווסט,
וואָס דאָס הוסטן באַטייט. דאָס האָט עס דעם אַלטן געמאַניעט צו
דערציילן אַ מעשה; נאָר ער האָט געוואַרט. ביז דער קליינער וועט
אים בעטן. קריסטאָף האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות מיטן
פרעגן. זיי האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען. דער אַלטער האָט שטאַרק ליב
געהאַט זיין אייניקל, דער עיקר האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער האָט
געפונען אין אים אַזאַ אויפמערקזאַם פובליקום. ער האָט ליב געהאַט
צו דערציילן עפּיזאָדן פון זיין לעבן אָדער געשיכטעס פון גרויסע
מענטשן, — אַמאָליקע און די היינטיקע — זיין שטים פלעג דעמאָלט
ווערן באַגייסטערט און גערירט; ער האָט געציטערט פון קינדערשער
פרייד, וואָס ער פלעג זיך סטאַרען צו באַהאַלטן. מ׳האָט געפילט, אַז
ער אַליין באַגייסטערט זיך פון זיינע רייד. אַ צרה, וואָס בעת זיין
רעדן האָבן אים שטענדיק אויסגעפעלט ווערטער. ס׳איז געווען זיין
אייביקער חסרון, וואָס פלעג זיך איבערחזרן, וויפל מאָל ער האָט
דערציילט מיט התלהבות. אָבער היות ער פלעג נאָך יעדן ענלעכן
פאַל פאַרגעסן וועגן זיין חסרון, איז קיינמאָל נישט געקומען ביי אים
צו קיין פאַרבעסערונג.

ער האָט גערעדט וועגן רעגולוס, אַרמיניוס, וועגן די שיסער
פון ליטצאָוו, וועגן קערנער און פרידריך שטאַבס, דער יעניקער, וואָס
האָט געוואָלט הרגענען נאַפּאָלעאָנען. זיין פּנים האָט געשטראַלט, ווען
ער האָט דערציילט וועגן די אויסערגעוויינלעכע העלדישע מעשים. די
היסטאָרישע נעמען פלעג ער דערביי אַרויסרעדן אַזוי פייערלעך, אַז
ס׳איז געווען שווער זיי צו פאַרשטיין; דערצו האָט ער געהאַלטן פאַר
אַ באַזונדער קונץ-שטיק צו לאָזן וואַרטן די אוידיטאָריע אין די סאַמע
אינטערעסאַנטסטע ערטער — ער פלעג פלוצלינג איבעררייסן, פונקט
ווי עפּעס וואָלט אים געוואָרגן אין האַלז, מיט אַ טומל שנייצן די
נאָז, און זיין האַרץ פלעג וואַקסן, ווען דער קליינער האָט געפרעגט
מיט אַ שטים, וואָס האָט זיך געשטיקט פון אומגעדולד: „און ווייטער,
זיידע, וואָס ווייטער?“

ווען ס׳איז געקומען דער טאָג, און קריסטאָף איז עלטער גע־
וואָרן, האָט ער זיך אויסגעלערנט צו זיין אַ מבין אויף דעם זיידנס
שפּיצלעך, און פלעג בייזווויליק מאַכן זיך גלייכגילטיק צום המשך פון

דער מעשה: דאָס פּלעג דעם אַלטן אומגעהויער קרענקען. אָבער איצט איז ער געווען אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דעם כּח פונם דער־ציילער. זיין פּולס פּלעג קלאַפּן שטאַרקער ביי די דראַמאַטישע מאָ־מענטן. ער האָט נישט געוואוסט געניי וועגן וועמען עס האַנדלט זיך, נישט אַ ווו, נישט ווען די פּאַסירונגען זענען פאָרגעקומען, און צי האָט דער זיידע פּערזענלעך געקענט אַרמיניוסן, און צי רעגולוס איז נישט געווען אַמאָל — איין גאָט ווייסט פאַרוואָס! — איינער פון די, וואָס ער האָט דעם פאָריקן זונטיק געזען אין דער קירך. אָבער קריסטאָפס און דעם זיידנס הערצער פּלעגן ווערן ברייטער פון נחת און שטאָלץ בעת די דערציילונגען פון די העלדישע מעשים, פּונקט ווי זיי אַליין וואָלטן אין זיי אַ חלק געהאַט: ווייל סיי דער אַלטער, סיי דער יונגער זע־נען געווען — קינדער.

קריסטאָף האָט ווייניקער ליב געהאַט, ווען דער זיידע פּלעג אײַנמיטן, אין אַ פּאַטעטישן מאָמענט, אַריינשטעלן איינס פון זיינע גלייכווערטלעך, וואָס זענען אים געווען שטאַרק צום האַרצן. דאָס זע־נען געווען מוסר-השׂכּלדיקע באַטראַכטונגען, וואָס זייער תּמצית איז גע־ווען זייער אָרנטלעכער, נאָר אַ ביסעלע באַקאַנט, פון דעם מין: „מילדקייט איז בעסער ווי צאָרן“. — אָדער „ערע איז טייערער פון לעבן“, — אָדער: „בעסער איז צו זיין אַ גוטער איידער אַ שלעכ־טער“; — נאָר ביים אַלטן פּלעגן זיי אַרויסקומען מער פאַרפּלאָנטערט. דער אַלטער האָט קיין שום מורא נישט געהאַט פאַר זיין יונגער אוי־דיטאָריע און ער פּלעג זיך לאָזן מיטרייסן מיט זיין כּסדרדיקער התלהבות; עס האָט אים נישט געאַרט, וואָס ער חזרט איבער כּסדר די זעלבע אויסדרוקן, פאַרענדיקט נישט די זאַצן און רעדט, וואָס ס'פּאַלט אים איין אין קאָפּ, כּדי אויסצופולן די בלויזן פון זיין פאַנ־טאַזיע, ווען ער פּלעג פאַרלירן דעם פאָדעם פון דער דערציילונג; דערצו פּלעג ער באַטאָנען אַנדערע ווערטער, כּדי צו געבן זיי מער וואָגיקייט, מיט זשעסטן, וואָס האָבן נישט גאָר געפּאַסט צום אינהאַלט פון דער מעשה. דער קליינער פּלעג זיך צוהערן מיט גרויס דרך־ארץ און האָט געטראַכט, אַז דער זיידע איז אַ גלענצנדער רעדנער, נאָר אַ ביסעלע לאַנגווייליק.

זיי האָבן ביידע ליב געהאַט זיך אומצוקערן אָפט צו דער פאַנ־טאַסטישער מעשה וועגן קאָרסיקאַנער גרויסן מלחמה-מאַן, וואָס האָט איינגענומען גאַנץ אייראָפּע. דער זיידע האָט אים געקענט. ער האָט

זיך כמעט געשלאָגן קעגן אים. אָבער ער האָט געוווּסט, ווי אָפּצושאַצן
די גרויסקייט פון קעגנער; ער האָט עס צוואַנציק מאָל איבערגעחזרט:
ער וואָלט אַוועקגעגעבן אַ האַנט, ווען אַזאַ מענטש זאָל געבוירן ווערן
אויף דער און נישט אויף יענער זייט פונם רהיין. דער גורל האָט
אַנדערש געוואָלט: ער איז פון אים נתפעל געווען און גלייכצייטיק
זיך געמוזט שלאָגן קעגן אים. אייגנטלעך האָט נישט געפעלט קיין סך, אַז
ער זאָל זיך מיט אים שלאָגן; נאָר ווען זיי זענען, בעתן מאַרש אויף
אים, שוין געווען צען מייל פון נאַפּאָלעאָנען, איז אַ בהלה באַפאַלן
די קליינע גרופּע אין וואַלד, און אַלע זענען זיך צעלאָפן, שרייענדיק:
„מ'האָט אונז פאַרראַטן!" אומזיסט — דערציילט ווייטער דער זיידע, —
האָט ער זיך געמיט צונויפצוקלייבן די צעלאָפענע; אומזיסט איז ער
געפאַלן פאַר זיי אויף די קני, דראָענדיק און וויינענדיק: ער איז
מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט זייער שטראָם, און צומאָרגנס האָט ער זיך
געפונען אַ מהלך־רב פונם שלאַכט־פעלד, — אַזוי האָט ער אָנגערופן
דאָס אָרט פון דער מהומה. — אָבער קריסטאָף האָט אים אומגעדולדיק
אַרויפגעפירט צוריק אויף די מעשים פון דעם העלד גופא, און ער
איז נתפעל געוואָרן פון זיין זיגרייכן וואַנדערן איבער דער וועלט.
ער האָט אים געזען אין דער שפּיץ פון אָן אַ צאָל פעלקער, וואָס
האָט מיט אויסגעשרייען פון ליבע געוואָרפן זיך, אויף זיין ווונק, ווי
אַ שטורם, אין די רייען פון די שונאים, וואָס זענען אַנטלאָפן אין דער
מהומה. ס'איז געווען אַ צויבער־מעשהלע. דער זיידע האָט אַ ביסל צוגעגעבן
אייגנס, צו באַפּוצן די געשיכטע; ער האָט געלאָזט נאַפּאָלעאָנען איינגע-
מען שפּאַניען און אויך ענגלאַנד, וועלכע דער אַלטער האָט נישט גע-
קאָנט פאַרטראָגן.

עס פלעג טרעפן, אַז דער אַלטער קראַפט פלעג איבעררייסן
זיינע באַגייסטערטע מעשות מיט בייזע פאָרווורפן קעגן זיין העלד.
ס'האָט זיך דערוועקט אין אים דער פּאַטריאָט, נישט אַזוי — אפשר —
בעת ער האָט דערציילט וועגן דער שלאַכט ביי יענאַ, ווי וועגן דער
צייט פונם קייזערס מפּלה. ער פלעג איבעררייסן אינמיטן, דראָענדיק
מיטן פויסט צום טייך; ער פלעג שפּייען מיט פאַראַכטונג און איידל
שילטן — צו אַנדערע קללות פלעג ער נישט אַראָפּנידערן. — ער
האָט אים גערופן: מערדער, ווילדע חיה, מענטש אָן מאָראַל. נאָר אויב
דער צוועק פון זיין רעדע איז געווען צו באַפעסטיקן אין קינד דאָס
געפיל פון יושר, מוז מען מודה זיין, אַז ער האָט דעם ציל נישט

דערגרייכט. ווייל די קינדערשע לאָגיק איז געווען גיכער געניגט צו אַזאַ אויספיר: „אויב אַזאַ גרויסער מענטש ווי ער, איז געווען נישט מאָראַליש, הייסט עס, אַז די מאָראַל האָט אַ קנאַפּן ווערט, און דער עיקר איז נאָר צו זיין אַ גרויסער מענטש". דער אַלטער אָבער איז געווען ווייט פון חושד צו זיין, אַז אַזעלכע געדאַנקען שפּאַצירן רויק ביי זיין זייט.

זיי האָבן ביידע געשוויגן, נאָכטראַכטנדיק, יעדערער אויף זיין שטייגער, די ווונדערלעכע געשיכטעס; — סיידן דער זיידע פלעג טרעפן אויפן וועג איינעם פון זיינע נאָבעלע קונדן אויפן שפּאַציר. ער פלעג דעמאָלט בלייבן שטיין אָן אַ שיעור לאַנג, פלעג זיך טיף בייגן און אַרויסווייזן אָן אַ שיעור העפלעכקייט. דאָס קינד פלעג זיך פאַררויטלען, נישט וויסנדיק פאַרוואָס. אָבער דער זיידע האָט געהאַט אַ טיפן דרך-ארץ פאַר דער פעסטגעשטעלטער מאַכט, פאַר די מענטשן, וואָס „זענען אַרויסגעשוואומען", און עס קאָן זיין, אַז די העלדן פון זיין דערציילונג האָט ער אויך ליב געהאַט דערפאַר, ווייל ער האָט געזען אין זיי מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן העכער ווי אַנ-דערע.

אין די הייסע טעג פלעג זיך דער אַלטער קראַפּט זעצן אונ-טער אַ בוים און גלייך כאַפּן אַ דרימל. דעמאָלט פלעג קריסטאָף זיך זעצן נעבן אים אויף אַ הויפן וואַקלדיקע שטיינער, אויף אַ קילאָמע-טער-שטיין אָדער אויף אַן אַנדער הויכן און אומבאַקוועמען אָרט. ער פלעג שאָקלען מיט די פיסלעך, ברומענדיק פאַרחלומט אַ ניגון. אָדער ער פלעג זיך לייגן אויפן רוקן און זיך צוקוקן, ווי עס ציען די וואָלקנס, וואָס זעען אויס ווי אָקסן, ריזן, היטלען, אַלטע פרויען און רחבותדיקע פּייזאַזשן. ער האָט זיך שטיל מיט זיי דורכגעשמועסט; ס'האָט אים פאַרנומען אַ קליין וואָלקנדל, וואָס אַ גרויסער וואָלקן האָט עס געוואָלט איינשלינגען; ער האָט זיך געשראָקן פאַר די, וואָס זענען געווען זייער שוואַרץ, כמעט בלוי און וואָס זענען צו שנעל געלאָפן. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיי פאַרנעמען אין זיין לעבן אַ גרויס אָרט, און ס'האָט אים געוווּנדערט, וואָס נישט דער זיידע, נישט די מאַמע קוקן זיך דערויף נישט אום. דאָס זענען געווען מוראדיקע בריאים, וואָס זענען געווען מסוגל צו טאָן שלעכטס. צום גליק פלעגן זיי פאַרבייגיין גוטמוטיק, אַ ביסל משונהדיק, נישט בלייבנדיק שטיין אין וועג. עס פלעג זיך ענדיקן דערמיט, וואָס פון צופיל קוקן אין

דער הויך האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען אין קאָפּ און ס׳פלעג אים נעמען וואַרפן הענט און פיס, גלייך אָט-אָט פאַלט ער אינם הימלישן תהום אַראָפּ. זיינע אויגן קלעפּן זיך. עס נעמט אים אַרום אַ שלאָף... שטיל... די בלעטער שאָרכן שטיל און ציטערן אויף דער זון, אַ לייכטער נעפּ, שווימט אַרום אין דער לופטן; בלאָנדזשענדיקע פליגן קרייזן אַרום, רוישנדיק ווי אַן אָרגל; גרילן, פאַרשיכורט פון דער היץ, גרילצן מיט אַ טומלענדיקער פרייליכקייט: אַלץ ווערט אַנטשוויגן... דער געשריי פון פיקהעלץ קלינגט אָפּ אינם וואַלד-געוועלב, ווי פאַרכשופט. ווייט, אויפן פליין, רופט אַ פויער זיינע אָקסן; דער געלאָף פון אַ פערד קלינגט אויפן ווייטן וועג. קריסטאָפס אויגן פאַרמאַכן זיך. נעבן אים קריכט אַ מוראַשקע אויף אַ פאַרטריקנטן צווייגל איבער אַ גריבל. דאָס קינד פאַרלירט זיין באַוווסטזיין... דורות גייען פאַרביי. ער כאַפּט זיך אויף. די מוראַשקע האָט נאָך נישט פאַרענדיקט איר נסיעה.

טיילמאָל שלאָפט דער זיידע צו לאַנג; זיין פּנים ווערט דעמאָלט פאַרגליווערט, זיין לאַנגע נאָז ציט זיך נאָך מער אויס, זיין מויל צעעפנט זיך ברייט. קריסטאָף קוקט אים אָן אומרויק, ער האָט מורא, טאָמער באַקומט זיין פּנים ביסלעכוויז אַ פאַנטאַסטישע געשטאַלט. ער זינגט אויפן קול, כדי אים אויפצוּוועקן, אָדער ער גליטשט זיך מיט אַ גערודער אַראָפּ פונם שטיינער-הויפן. איינמאָל איז אים איינגעפאַלן צו באַוואַרפן זיין זיידנס פּנים מיט סאָסנע-נאָדלען און שפּעטער אים געזאָגט, אַז זיי זענען אַראָפּגעפאַלן פון בוים. דער אַלטער האָט אים געגלויבט — ס׳האָט דערוועקט אין קריסטאָפן אַ שטאַרק געלעכטער. אָבער דעם יינגל איז איינגעפאַלן אַן אומגעלומפּערטע המצאה, איבערצוחזרן די שפּיל נאָכאַמאָל; נאָר אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, האָט ער זיך געטראָפן מיט דעם זיידנס אויגן, וואָס האָבן אים אָנגעקוקט. ס׳איז געווען אַ האַרבער ענין: דער אַלטער איז געווען ערנסט און האָט קיינמאָל נישט דערלויבט אָנצורירן זיין כּבוד; זייערע באַציונגען זענען קאַלט געוואָרן אויף אַ גאַנצער וואָך.

וואָס ערגער ס׳איז געווען דער וועג, אַלץ שענער האָט ער אויסגעזען אין קריסטאָפס אויגן. דאָס אָרט פון יעדן שטיין באַזונדער האָט געהאַט פאַר אים זיין באַדייטונג; ער האָט זיי אַלע געקענט. די בולטקייט פון אַ שפּור, וואָס די רעדער האָבן נאָך זיך געלאָזט, האָט אים אויסגעוויזן אַלס אַ געאָגראַפיש געשעעניש, וויכטיקער פון די טאַונוסבערג. ער האָט געקענט די מאַפּע פון אַלע בערגלעך און גריבלעך

וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שטח פון צוויי קילאָמעטער אַרום זייער שטוב. און דערפאַר, ווען ער פלעג אַריינפירן וועלכן ס׳איז שינוי אין דער באַשטימטער אָרדנונג פון די וועגלעך, האָט ער זיך געהאַלטן נישט ווינציקער וויכטיק פאַר אַן אינזשינער, וואָס פירט אָן מיט אַ גרופּע אַרבעטער; און ווען ער פלעג מיטן קנאַפל אויסגראָבן אַ בער־געלע ערד און פאַרשיטן דאָס גריבל, וואָס האָט זיך אונטן געשאַפן, האָט ער געטראַכט, אַז דער טאָג איז אים נישט אַוועק אומזיסט.

טיילמאָל טרעפן זיי אויפן שאָסיי אַ פויערל אויף זיין וועגל. דאָס פויערל קען דעם זיידן. מ׳זעצט זיך אַרויף, ס׳איז געוועזן ממש אַ גן־עדן אויף דער ערד. דאָס פערד איז שנעל געלאָפן, קריסטאָף האָט געלאַכט פון הנאה — סיידן עס איז זיי אויסגעקומען צו באַגע־גענען אַנדערע שפּאַצירנדיקע: דעמאָלט פלעג ער מאַכן אַן ערנסטע גלייכגילטיקע מינע, גלייך אַ מענטש, וואָס איז געוווינט צו אַזעלכע רייזעס; אָבער זיין האַרץ איז פול געווען מיט שטאָלץ. דער זיידע מיט יענעם מאַן שמועסן, נישט זאָרגנדיק וועגן קליינעם. איינגעדריקט צווישן זייערע קני, צוגעקוועטשט מיט זייערע פיס, כמעט־הענגענדיק אין דער לופטן, האָט ער זיך געפילט פולשטענדיק גליקלעך; ער האָט געפלוידערט אויפן קול, נישט לייגנדיק קיין אַכט, צי מ׳ענטפערט אים. ער האָט זיך צוגעקוקט צו די באַוועגונגען פון די פערדישע אויערן. וואָס פאַר אַ משונהדיקע ברואים זיי זענען, אָט די אויערן! זיי האָבן זיך געבויגן אויף אַלע זייטן, אויף רעכטס, אויף לינקס, זיי האָבן זיך געוואָרפן פאָרויס און זענען אַרונטערגעפאַלן אויף הינטן אויף אַזאַ לעכערלעכן שטייגער, אַז ער האָט געקייכט פון געלעכטער. ער האָט געקנייפּט דעם אַלטן, כדי אים אויפמערקזאַם צו מאַכן. דער אַלטער האָט אים אַ שטופּ געטון, זאָגנדיק, ער זאָל אים לאָזן צורו. קריסטאָף פאַרטראַכט זיך: הייסט עס, אַז אַ דערוואַקסענער מענטש ווערט פון קיין שום זאַך נישט נתפּעל, ער איז שטאַרק, ער ווייסט אַלץ. און ער האָט זיך באַמיט צו ווערן אַ דערוואַקסענער, צו באַהאַלטן זיין נייגעריקייט, צו מאַכן זיך גלייכגילטיק.

ער ווערט אַנטשוויגן. דער רעש פון די רעדער שלעפערט אים איין. די גלעקלעך פון פערד טאַנצן. דזין, דזין, דזין, דזין! די לופט איז פול מיט קלאַנגען; זיי שוועבן אַרום די זילבערנע גלעקעלעך, ווי דאָס זשומען פון די בינען; זיי וויגן זיך פריילעך צום ריטם פון די רעדער; ס׳איז אַ קוואַל פון ניגונים: איינער פליסט אַרויס פונם אַנ־

דערן. קריסטאָף איז אַנטציקט, דער עיקר איינער פון זיי ווייזט אים אויס אַזוי שיין, אַז ער וויל אויפמערקזאַם מאַכן דעם זיידן. ער צעזינגט זיך אויפן קול. קיינער באַמערקט עס נישט. ער הויבט אָן נאָכאַמאָל, מיט אַ טאָן העכער, — שפּעטער גאָר הויך, — ביז דער אַלטער זשאַן מישעל בייזערט זיך אָן אויף אים: „ווער שוין אַמאָל אַנטשוויגן! כ'קאָן שוין נישט פאַרטראָגן דיינע געוואַלדן, ווי פון אַ טראָמפּייט!" — עס פאַרהאַקט אים דעם אָטעם; ער ווערט רויט ביז איבער די אויערן און ער בלייבט שטיל, אַ געקרענקטער. ער קערט זיך אָפּ מיט פאַראַכטונג פון די צוויי מגושמדיקע שוטים, וואָס זענען נישט מסוגל צו פאַרשטיין זיין דערהויבענעם געזאַנג, וואָס עפנט־אויף אַלע הימלען: ער געפינט, אַז זיי זענען ביידע זייער מיאוס, מיט זייערע בערד, וואָס זענען שוין פון אַכט טאָג נישט געגאָלט, און עס שטינקט פון זיי.

ער לאָזט זיך טרייסטן, קוקנדיק אויפן שאָטן פון פערד. אָט איז ווידער אַ ווונדערלעך בילד. אָט די שוואַרצע חיה, וואָס לויפט איבערן שאָסיי, ליגט גאָר אָן אַ זייט. אין אָוונט, ווען מען פאָרט צוריק אַהיים, פאַרדעקט זי אַ גרויס שטיק פעלד; און ווען זי טרעפט אָן אַ קופּע היי, ציט זיך אויס איר קאָפּ ביזן שפּיץ פון דער קופּע, און זי קערט זיך ווידער אום צוריק אויף איר אָרט, ווען זיי פאָרן אַדורך; איר מאָרדע ווערט דעמאָלט אויסגעצויגן און זעט־אויס ווי אַ געפּלאַצטער לופט־באַלאָן; די אויערן ווערן לאַנג און שפּיציק, ווי די וואַקסענע ליכט אין דער קירך. איז עס באמת נאָר אַ שאָטן, אָדער טאַקע אַ לעבעדיק באַשעפעניש? קריסטאָף וואָלט זיך בנאמנות נישט איינגעשטעלט צו טרעפן זיך מיט איינעם אַזעלכן אויג אויף אויג. ער וואָלט אים נישט גאָכגעלאָפן, ווי דעם זיידנס שאָטן, כדי אים אַרויפצושפּרינגען אויפן קאָפּ און טרעטן מיט די פיס. — די בוימער־שאָטנס אין זון־אונטערגאַנג באַשעפטיקן אויך זיינע מחשבות. זיי לייגן זיך, ווי אַ צוים איבערן וועג. זיי זעען אויס ווי אומעטיקע, משונהדיקע געשפּענסטער, וואָס רעדן: „גייט נישט ווייטער". און די סקריפּענדיקע אַקסן פון וואָגן און די פערדישע פּאָדקאָוועס זאָגן נאָך: „נישט ווייטער!"

דער זיידע און דער בעל עגלה ווערן גאָרנישט מיד פון זייער פּלוידערן אָן אַ סוף. ווען־נישט־ווען הויבן זיי אויף די שטימען, דער עיקר — ווען עס האַנדלט זיך וועגן לאָקאַלע ענינים און וועגן די שלעכטע פּרנסות. דאָס ייִנגל הערט אויף צו טרוימען און קוקט זיי

אומרויק אָן. עס דאַכט זיך אים, אַז זיי קריגן זיך ביידע, און ער האָט מורא עס זאָל נישט קומען צו קיין געשלעג. באמת איז עס גראָד פאַרקערט, אַ מאָמענט, ווען די שותפותדיקע שנאה פאַרייניקט זיי און זיי פאַרשטייען זיך צום בעסטן. אָבער ס׳רוב רעדן זיי אָן אַ סימן פון האַס און אויפרעגונג וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, שרייענדיק אויפן גאַנצן קול, סתם צוליב דער הנאה פון שרייען, לויטן שטייגער פון המון. אָבער קריסטאָף, וואָס פאַרשטייט נישט זייער שמועס, הערט נאָר זייערע געוואַלדן, ער זעט זייערע אויפגעבראַכטע פנימער און ער טראַכט מיט אַנגסט: „ווי בייז ער זעט אויס! זיי האָבן זיך זיכער פיינט; ווי ער וואַרפט מיט די אויגן! ווי ער צעעפנט דאָס מויל! ער האָט מיך באַשפּיגן פון כעס. גאָט מיינער, ער וועט דערהרגענען דעם זיידן...״

דער וואָגן שטעלט זיך אָפּ. דער פויער זאָגט: „אָט זענען מיר געקומען צופאָרן״. ביידע דם־שונאים דריקן זיך די הענט. דער זיידע קריכט אַראָפּ דער ערשטער. דער פויער דערלאַנגט אים דאָס ייִנגל. אַ שמיץ מיטן בייטש. דער וואָגן דערווייטערט זיך, און זיי געפינען זיך ווידער ביים אָנהויב פונם אויסגעקרומטן וועג ביים רהיין. די זון זינקט אַראָפּ אויף די פעלדער. דאָס וועגל שלענגלט זיך כמעט אויף דער זעלבער פלאַך, ווי דאָס וואַסער. דאָס געדיכטע, ווייכע גראָז בויגט זיך מיט אַ שאָרך אונטער זייערע טריט. אָלכעס, ביז אַ העלפט אין וואַסער, בויגן זיך אַריבער איבערן טייך. אַ מחנה פליגן טאַנצן. אַ שיפל פאָרט אַדורך אָן גערויש; דער פליסנדיקער שטראָם טראָגט דאָס אַוועק, און די רודערס פונם שיפל באַוועגן זיך. די פאַליעס זויגן די אַראָפּהענגענדיקע צווייגן פון די ווערבעס מיט אַ שטילן רויש פון זייערע ליפּן. דאָס ליכט ווערט טונקל און גייט אויס. די לופט איז פריש, דער טייך — זילבער־גרוי. מ׳גייט צוריק אַהיים, די גרילן זינגען. און אויפן שוועל שמייכלט דאָס טייערע פנים פון דער מאַמע...

אָ, זיסע זכרונות, האַרציקע בילדער, וואָס וועלן, ווי די האַרמאָניע פון פליענדיקע פויגל־מחנות, דויערן דאָס גאַנצע לעבן: די שפּעטערדיקע רייזעס איבער דער וועלט, די גרויסע שטעט, די ברויזנדיקע ימען, די לענדער פון אונזערע חלומות, די געליבטע פנימער — זיי אַלע קריצן זיך נישט איין אין דער נשמה מיט אַזאַ דייטלעכקייט, ווי די קינדערשע שפּאַצירן, אָדער דאָס פּשוטע ווינקל פון גאָרטן, וואָס מ׳זעט יעדן טאָג פון פענסטער דורך דער דינער פאַרע, וואָס ס׳האָט

אָנגעהויכט אויף דער שויב אַ קליין צוגעפּרעסט מיילעכל פון אַ זאָרג־לאָז קינד...

אָוונט. די טיר פון הויז איז פאַרשלאָסן. די היים... זי באַשירמט אים פון אַלץ, וואָס דערוועקט אַ פּחד: פון שאָטנס, פון דער נאַכט, פון שרעק, פון זאַכן אומבאַקאַנטע און געהיימע. קיין שום שונא וועט נישט אַריבערטרעטן די שוועל... דאָס פייער פלאַקערט־אויף. אַ גאָלדן־ברוינע גאַנז בראָט זיך ווייך אויף דער פייערפאַן. אַ געשמאַקער ריח פון שמאַלץ און געבראָטנס פילט אָן דאָס צימער. דער תענוג פון עסן, דאָס גליק, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין גלייכן, פרומע באַגייסטערונג, דער ציטער פון פרייד! ער ווערט מאַט פון דער זיסער וואַרעמקייט, פון דער טעגלעכער אָנשטרענגונג, פונם טומל פון די היימישע קולות. דאָס געפיל פון זאַטקייט ברענגט אים אַריין אין אַ מין התלהבות, און די פּנימער, די שאָטנס, און דער אַבאַזשור פון לאָמפּ און די פייער־צונגען, וואָס טאַנצן אַרום מיט אַ רעגן פון שטערנס אינם קוימען, אַלץ באַקומט אַ פרייליכן און פאַרכישופטן אויסזען, קריסטאָף לייגט צו די באַק צום טעלער, כדי בעסער צו פילן אָט דאָס גליק.

ער ליגט אין זיין וואַרעם בעטל. ווי איז ער אַהערגעקומען? אַ ווייכע מידקייט באַפאַלט אים. דער טומל פון די שטימען און די זכרונות פון טאָג מישן זיך צונויף אין זיין מוח. דער פאָטער נעמט דער פידל. שאַרפע, פליסנדיקע טענער צעקלאָגן זיך אין דער נאַכט. אָבער צום גליקלעכסטן איז ער דעמאָלט, ווען די מאַמע קומט צו, נעמט די האַנט פון פאַרשלאָפענעם קריסטאָף און איבערבויגנדיק זיך איבער אים, זינגט זי אים שטיל, אויף זיין פאַרלאַנג, אַן אַלט לידל, וואָס זיינע ווערטער באַטייטן גאָרנישט. דער פאָטער האַלט דעם ניגון פאַר נאַריש, אָבער קריסטאָפן ווערט ער קיינמאָל נישט נמאס. ער האַלט איין דעם אָטעם; עס וויל זיך אים לאַכן און וויינען צוזאַמען; זיין האַרץ איז שיכור. ער ווייסט שוין נישט, ווו ער איז, די צערטלעכקייט נעמט אים אַרום; ער פאַרוואַרפט זיינע קליינע אָרעמס אַרום דער מאַמעס האַלז און דריקט זי מיט אַלע כוחות. זי זאָגט אים לאַכנדיק:

— דו ווילסט מיך דערשטיקן.

ער נעמט זי אַרום נאָך שטאַרקער. ווי ליב ער האָט זי! ווי ליב ער האָט אַלץ! אַלע מענטשן, אַלע זאַכן! אַלץ איז גוט, אַלץ איז שיין... ער ווערט אַנטשלאָפן. אין אויוון שרייט דער גריל. דעם זיידנס מעשהלעך, די העלדישע געשטאַלטן שוועבן אַרום אין דער גליקלעכער נאַכט... צו זיין אַזאַ העלד ווי זיי!... ער איז... אַך! ווי גוט עס איז צו לעבן!...

וואָס פאַר אַן איבערפלוס פון כוחות, פון פרייד און פון שטאָלץ פאַרמאָגט אין זיך דאָס קליינע באַשעפעניש! וואָס פאַר אַ קוואַל פון ענערגיע! זיין נשמה און גוף זענען שטענדיק אין באַוועגונג, מיטגע־צויגן מיטן שטראָם, וואָס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ווי אַ קליינע סאַלאַ־מאַנדרע טאַנצט ער טאָג און נאַכט אַרום פייער. אַ באַגייסטערונג, וואָס שעפּט זיך קיינמאָל נישט אויס און וואָס אַלץ רייצט זי. אַ פאַרשכורנ־דער חלום, אַ שפּרודלדיקער קוואַל, אַן אוצר פון האָפנונגען, וואָס נעמט זיך קיינמאָל נישט אויס. אַ געלעכטער, אַ געזאַנג, אַן אייביקע שכרות. דאָס לעבן צוימט אים נאָך נישט; ער רייסט זיך אַרויס יעדע ווייל; ער שווימט אינעם אין־סוף. ווי גליקלעך ער איז! און באַשאַפן גליקלעך צו זיין! מיט זיין גאַנץ וועזן גלויבט ער אין גליק, ער האַלט זיך אָן דעם מיט אַלע זיינע קליינע ליידנשאַפטלעכע כוחות!...

דאָס לעבן אָבער וועט נישט פאַרזוימען צו לערנען אים שכל!

L'alba vinceva l'ora mattutina
che fuggia innanzi, si che lontano
connobbi il tremolar della marina.

Purg I.

דער מאָרגן האָט באַזיגט די שעה פון באַגינען,
וואָס איז אַ פאַרבײַ ייַלטע אַנטלאָפן, ביז כ'האָב פון
ווייטן דערזען דעם גרויזנדיקן ים.

דאַנטע, קאַפּ. I

די קראַפטס האָבן געשטאַמט פון אַנטווערפּן. דער אַלטער זשאַן מישעל האָט געהאַט פאַרלאָזן דאָס לאַנד צוליב אַ יינגלשער אינטריגע, נאָך אַ געפערלעכן געשלעג, — געשלעגן פלעגן זיך ביי אים אָפט איבערחזרן, ווייל ער איז געווען אַ מוראדיקער כעסן — וואָס האָט זיך איין מאָל געענדיקט באַזונדערס טרויעריק. ער האָט זיך דעמאָלט, ערך מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, באַזעצט אין אַ קליינער פּראָווינץ-שטאָט; אירע רויטע פאַרשפּיצטע דעכער און באַשאָטנטע גערטנער, וואָס זענען געלעגן משופּעדיק אויף אַ באַחנט בערגל, האָבן זיך געשפּיגלט אין די העל-גרינע אויגן פונם פאָטער רהיין. אַלס אַן אויסגעצייכנטער מוזיקער, איז ער אינגיכן געוואָרן אָנערקענט אינם לאַנד, ווו אַלע זענען מוזיקאַליש. ער האָט זיך דאָ איינגעאַנצן איינגעבירגערט, חתונה האָבנדיק אין פערציקסטן יאָר פון זיין לעבן מיט קלאַרע סאַרטאָריוס, די טאָכטער פונם קאַפּעלמייסטער פון דעם פירשטלעכן אָרקעסטער, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן זיין אָרט. קלאַרע איז געווען אַ ווילע דייטשקע, וואָס האָט געהאַט צוויי תאוות: קיך און מוזיק. דעם מאַן האָט זי פאַרגעטערט, כמעט אַזוי ווי איר פאָטער. זשאַן מישעל האָט נישט ווינציקער געהאַלטן פון זיין פרוי. זיי האָבן אָפּגעלעבט פופצן יאָר אין נחת און געהאַט פיר קינדער. שפּעטער איז קלאַרע געשטאָרבן, און זשאַן מישעל, נאָכדעם ווי ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט שפּעטער מיט פינף חדשים חתונה געהאַט מיט אָטיליע שיף, אַ צוואַנציק-יאָריק מיידל מיט רויטע באַקן, אַ געזונטע און אַ פרישע. אָטיליע האָט געהאַט די זעלבע מעלות, וואָס קלאַרע, און זשאַן מישע, האָט זי ליב געהאַט ווי יענע. אין אַכט יאָר אַרום איז זי אויך געשטאָרבן, באַווייזנדיק אין משך פון דער צייט צו שענקען

אים זיבן קינדער. צוזאַמען, הייסט עס, האָט באַטראָפן עלף, פון וועל־
כע בלויז איינס איז געבליבן לעבן. הגם ער האָט זיי אַלע שטאַרק
ליב געהאַט, פונדעסטוועגן האָבן די אָפּטע אומגליקן נישט אַוועקגע־
רויבט ביי אים זיין סאָלידע גוטע שטימונג. דער גרעסטער קלאַפּ איז
געווען פאַר אים אָטיליעס טויט — מיט דריי יאָר צוריק, אין די יאָרן,
ווען ס'איז שווער אָנצוהויבן אַ לעבן פונדאָסניי און צו שאַפן זיך
אַ נייע היים. אָבער נאָך אַ קורצע צייט פון צעטומלטקייט, האָט דער
אַלטער זשאַן מישעל צוריק געוווּנען זיין גייסטיקע גלייכגעוויכט, וואָס
קיין שום אומגליק איז נישט בכח געווען אומצובּרענגען.

ער איז געווען אַ פֿלנדיקער מענטש, אָבער דאָס געזונט איז
ביי אים געשטאַנען העכער פון אַלץ. ער האָט פאַרמאָגט אַ פיזישן עקל
צו טרויער און אַ דראַנג צו פרייליכקייט און פולן, קינדערשן געלעכ־
טער. וואָס פאַר אַ דאגות עס זאָלן אים נישט מאַטערן, האָט ער קיינ־
מאָל נישט געטרונקען מיט קיין איין כוס ווייניקער און נישט געגעסן
מיט קיין איין ביסן קנאַפּער, ווי תּמיד, און די מוזיק האָט ער קיינ־
מאָל נישט אָפּגערוקט פון זיך אָן אַ זייט. דער אָרקעסטער אונטער
זשאַן מישעלס האַנט איז געוואָרן באַקאַנט אין די רהיינער געגנטן,
און זשאַן מישעל גופא, וואָס איז געווען אַטלעטיש געבויט און פלעגט
אָפט אַרויס פון די כּלים, איז געוואָרן אַ לעגענדאַריש געשטאַלט. ער
האָט זיך נישט געקאָנט צוימען, נישט געקוקט אויף זיינע אָנשטרענ־
גונגען; ווייל, אין גרונט גענומען, איז דער מענטש געווען אַ פּחדן
און האָט מורא געהאַט זיך צו קאָמפּראָמיטירן; ער האָט ליב געהאַט
דעם אויסערלעכן גלאַנץ און מורא געהאַט פאַר דער עפנטלעכער מיי־
נונג. אָבער דאָס בלוט פלעג אים מיטרייסן: ס'פלעג אים פינסטער
ווערן אין די אויגן, און אַן אומגעדולדיקע משוגעת פלעג אים אָנכאַפּן
נישט נאָר אויף די רעפּעטיציעס פון אָרקעסטער, נאָר אַפילו בעת
אַ קאָנצערט. נישט איין מאָל פלעג ער אין דער אָנוועזנהייט פונם
פירשט אַ שליידער טון דאָס שטעקעלע און ווי אַ וואַנזיניקער נעמען טו־
פּען מיט די פיס, שרייענדיק מיט אַ ווי דן, שטאַמלענדיקן קול אויף איינעם
זיינע מוזיקאַנטן. דעם פירשט האָט עס געווויילט, אָבער די אויסגעזידל־
טע, באַליידיקטע מוזיקאַנטן האָבן געטראָגן אויף אים אַ כּעס. אומזיסט
פלעג זשאַן מישעל, אַ פאַרשעמטער, אַ ווײלע שפּעטער, זיך באַמיען
צו פאַררייבן דעם שלעכטן איינדרוק מיט איבערטריבענער העפלעכ־
קייט — ביי דער ערשטער געלעגנהייט פלעג עס ווידער אויסברעכן,

און זיין צערייצטקייט, וואָס איז, מיט די יאָרן, געוואָרן אַלץ שטאַרקער, האָט געמאַכֿט זיין לאַגע אומדערטרעגלעך. ער האָט עס אַ׳יין געפֿילט, און איין מאָל, ווען דער אָנפֿאַל פֿון שגעון האָט שיעור נישט אַרויסגערופֿן קיין שטרייק פֿונם גאַנצן אָרקעסטער, האָט ער זיך אָנגעגעבֿן אין דימיסיע. ער האָט געהאָפּט, אַז נאָך אַזוי פֿי. מי-פּולע פֿאַרדינסטן, וועט מען בשום אופֿן נישט אָננעמען זיין דימיסיע, אַז מען וועט אָנשטיין אויף אים, ער זאָל דאָך בלײַבן — די האָפֿנונג האָט אים אָבער פֿאַרפֿירט. ער איז געוועזן צו שטאָלץ חרטה צו האָבן און זיין דעמיסיע צוריקצוציען, און ער איז אַוועק אַ פֿאַרביטערטער, באַקלאָגנדיק זיך אויף דער מענטשלעכֿער אומדאַנקבאַרקייט.

זינט דעמאָלט האָט ער נישט געוווּסט, ווי אויסצופֿילן זיינע טעג. ער איז אַלט געווען אַריבער זיבעציק, אָבער נאָך גענוג קרעפֿטיק, האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן און אַרומצולויפֿן איבערן שטאָט פֿון אינדערפֿרי ביזן אָוונט: געגעבֿן לעקציעס, געשמועסט, געדרשנט, געמישט זיך אומעטום. ער פֿלעג האָבן אַלערליי גוטע המצאות, אויסצוזוכֿן זיך פֿאַרשידענע מיטלען צו זיין באַשעפֿטיקט: ער האָט זיך גענומען צו פֿאַריכֿטן מוזיקאַלישע אינסטרומענטן; דערביי אויסגעטראַכֿט בייעסן, געפּרוּווט און טיילמאָל געמאַכֿט אויסבעסערונגען. חוץ דעם איז ער געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר לכּל הדעות, זיך באַמיט צו קאָמפּאָנירן. איין מאָל האָט ער אָנגעשריבֿן אַ *Missa solemnis*, וועגן וועלכֿער ער פֿלעג אָפּט רעדן און וואָס איז געווען דער שטאָלץ פֿון דער משפּחה. ס׳האָט אים געקאָסט אַזוי פֿיל מאַטערניש, אַז ער האָט, איינמאָל, בעתן שרייבֿן, שיר נישט באַקומען אַ האַרץ-שלאַג. ער פֿלעג זיך איינרעדן, אַז דאָס ווערק איז געניאַל, ער האָט אָבער גאַנץ גוט געוווּסט, אין וואָס פֿאַר אַ מצב פֿון גייסטיקער פּוסטקייט ער האָט עס געשאַפֿן, און זיך נישט דערוועגט אַרייַנצוקוקן ווען-עס-איז אין כּתבֿ-יד, ווייל יעדעס מאָל פֿלעגט ער דערקענען אין די באַזונדערע מוזיק-פֿראַזן, וואָס ער האָט געשאַפֿן, צונויפֿגעקלעפּטע מיט מאַטערניש און אָנשטרענגונג פֿון ווילן ברעקלעך פֿון אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן. דאָס פֿלעג אים פֿאַרשאַפֿן גרויסע יסורים. טיילמאָל פֿלעגן אים קומען אין קאָפּ אַריין איינפֿאַלן, וואָס ער האָט געפֿונען פֿאַר גרויסאַרטיק. ער לויפֿט שנעל, מיט האַרץ-קלאַפּעניש צו צום טיש: האָט ער, ענדלעך, דאָס מאָל די אמתע שטימונג? אָבער ווי נאָר ער פֿלעג נעמען די פּעדער אין האַנט, האָט ער זיך ווידער דערפֿילט איינזאַם און שטום; און אַלע זיינע אָנשטרענ-

גונגען צוריקצוכאַפּן די פאַרשווונדענע טענער פלעגן זיך ענדיקן דער־מיט, וואָס ער האָט דערהערט באַקאַנטע מעלאָדיעס פון מענדעלסאָן אָדער בראַהמס.

„עס זענען פאַראַן — שרייבט זשאָרזש זאַנד — אומגליקלעכע גאונים, וואָס באַזיצן נישט די מעגלעכקייט אויסצודריקן זייערע געפילן, וואָס נעמען־מיט אין קבר אַריין זייער אומבאַקאַנט שאַפן, ווי ס׳האָט געזאָגט אַ מיטגליד פון דער גרויסער פאַמיליע פון שטומע און שטאַמלער, זשאָפרואַ סענט־הילער". זשאַן מישע, האָט געהערט צו אָט דער משפּחה. ער האָט זיך נישט געקאָנט אויסדריקן ׳נישט אין מוזיק, נישט אין וואָרט, און ער פלעג זיך איינרעדן, ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט רעדן, שרייען, זיין אַ גרויסער מוזיקער, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער! ס׳איז געווען זיין פאַרבאָרגענע ווונד; ער האָט עס קיינמאָל פאַר קיינעם נישט דערציילט, אַפילו פאַר זיך אַליין נישט; ער האָט זיך געמיט נישט צו טראַכטן וועגן דעם, אָבער עס האָט זיך געטראַכט קעגן זיין ווילן, און דאָס פלעג אים פאַרביטערן דאָס האַרץ.

אָרעמער זקן! אין קיין זאַך איז אים נישט געלונגען צו אַנט־פּלעקן זיין אייגענעם „איך". ער האָט געטראָגן אין זיך אַזוי פיל שיי־נע קרעפטיקע זוימען, וואָס זענען קיינמאָל נישט אויפגעגאַנגען. ער האָט געהאַט אַ טיפן, רירנדיקן גלויבן אין דער הייליקייט פון דער קונסט, אין דעם מאָראַלישן ווערט פון לעבן — וואָס פלעג זיך אָבער אויסדרוקן ס׳רוב אויף אַ פאַטעטישן און לעכערלעכן אופן. אַזוי פול אײדעלער שטאָלץ — און אין לעבן אַ כמעט־קנעכטישע באַוווּנדערונג פאַר די אויבערשטע פון דער געזעלשאַפט. אַזאַ שטאַרקער דראַנג צו אומאָפּהענגיקייט, און דערביי — די געמיינסטע הכנעה. פּרעטענזיעס פון אַ שטאַרקן גייסט און אַלע מיני אַבערגלויבנס. באַגייסטערונג פאַר העלדישקייט און אמתן מוט — און אַזוי פיל פּחדנות! — אַ נאַטור, וואָס בלייבט שטיין אין מיטן וועג.

אַלע זיינע אַמביציעס האָט זשאַן מישעל אַריבערגעטראָגן אויף זיין זון, און מעלכיאָר האָט לכתחילה צוגעזאָגט זיי צו פאַרווירקלעכן. ער האָט פון קינדווייז אָן געהאַט גרויסע פעיקייטן צו מוזיק. ער איז

געגאַנגען פּאָרויס מיט אַ זעלטענער לײַכטקייט און איז גאָר אין אַ קורצער צייט געוואָרן אַ ווירטואָז, וואָס איז לאַנג געווען דער ליבלינג, כּמעט דער אָפּגאָט אויף די הויף-קאָנצערטן. ער האָט אויך גוט גע-קאָנט שפּילן פּיאַנאָ און אויף אַנדערע אינסטרומענטן. ער איז געווען אַ שיינער רעדנער, פיין געבויט, נאָר אַ ביסל מגושמדיק, — אַ טיפּ, וואָס מ׳האַלט אין דייטשלאַנד פאַר אַ קלאַסישער שיינקייט: אַ ברייטער אויסדרוקסלאָזער שטערן, דיקע, רעגלמעסיקע שטריכן און אַ געקרייזל-טע באָרד — אַ יופּיטער פונם רהיין-ברעג. דער אַלטער איז געווען אויפן זיבעטן הימל צוליב זיין זונס ערפאָלג; ער פלעג כאַפּן התפּעלות פון דער ווונדערלעכער שפּיל פונם ווירטואָז, — ער, וואָס האָט נישט געקענט שפּילן אויף קיין שום אינסטרומענט. מעלכיאָרן, להיפוך, פלעג אָנקומען גאַנץ לײַכט אויסצודריקן דאָס, וואָס ער טראַכט. די צרה איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט בכלל נישט געטראַכט, און דאָס האָט אים קיינמאָל נישט געאַרט. ער האָט פּשוט געהאַט אַ נשמה פון אַ קאָמעדיאַנט, וואָס איז מדקדק אויף די קלאַנגען פון זיין שטים, אָן שום אינטערעס פאַר זייער באַדייטונג, און וואָס פאָרשט מיט אומ-רו און פוסטער גאווה זייער איינדרוק אויפן עולם.

ס׳איז באַזונדערס מאָדנע, וואָס נישט געקוקט אויף זיין שטענ-דיקער זאָרג פאַר זיין אויסזען אויף דער סצענע, פונקט ווי זשאַן מישעל, און נישט געקוקט אויף זיין פּחדנותדיקן רעספּעקט פאַר גע-זעלשאַפטלעכע קאָנווענציאַנסן, איז דאָך געווען אין אים שטענדיק עפּעס פלוצלינגדיקס, אומגעריכטס, נישט פאָרויסגעזעענס, וואָס האָט אַרויסגע-רופן ביי לייטן די מיינונג, אַז אַלע קראַפּטס זענען אַ ביסל משוגע. לכתחילה האָט עס גאָר נישט געשאָדט; ס׳האָט זיך אפילו געדאַכט, אַז זיינע משוגעתן זאָגן עדות אויף זיין כלומרשטן זשעני; ווייל ביי מענטשן מיט אַ גוטן פאַרשטאַנד איז אַ פעסטגעשטעלטער כלל, אַז אַ קינסטלער איז אַ מענטש אָן פאַרשטאַנד. אָבער אין אַ צייט אַרום האָט מען אויס-געפונען דעם כאַראַקטער פון זיינע שגעונות: זייער מקור איז פּשוט געווען די כּוסה. ניטשע זאָגט, אַז באַקכוס איז דער גאָט פון מוזיק. ביי דער דאָזיקער מיינונג האָט זיך אויך געהאַלטן מעלכיאָרס אינ-סטינקט; נישט מער וואָס אין דעם פאַל איז זיין גאָט געווען זייער אומדאַנקבאַר: אָנשטאָט צוגעבן אים אידעען, וואָס ער האָט נישט פאַר-מאָגט, האָט ער ביי אים צוגענומען דאָס לעצט ביסל, וואָס ער האָט נאָך געהאַט. נאָך זיין אומזיניקן שידוך (עס איז געווען אַן אומזין אין

לייטנס אויגן און דערפאַר אויך אין זיינע) האָט ער אָנגעהויבן זינ וואָסאַמאָל טיפער. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט די מוזיק, — אַזוי לאַנג זיכער אין זיין העכערקייט פון אַנדערע, ביז ער האָט זי, מיט דער צייט, אינגאַנצן פאַרלאָרן. ס'זענען אויפגעקומען אַנדערע ווירטואָזן, וואָס האָבן אָפּגעווירשנט זיין לייטזעליקייט ביים פובליקום. דאָס האָט אים שרעקלעך וויי געטון, אָבער אָנשטאָט צו דערוועקן אין אים ענערגיע, האָבן אים די מפּלות געמאַכט אינגאַנצן מוטלאָז. ער האָט זיך נוקם געווען, זידלענדיק זיינע קעגנער פאַר חברים אין שענק. בשעת ער האָט אין זיין פוסטער נאַרישער גאווה געמיינט, אַז ער וועט ירשענען דעם טאַטן אַלס דירעקטאָר פונם אָרקעסטער — איז דערווייל אַן אַנדערער נאָמינירט געוואָרן אויף זיין אָרט. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ קרבן און פלעג מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ נישט-אָנערקענטן גאון. אַדאַנק דער אַלגעמיינער אַכטונג צום אַלטן קראַפּט, איז מעלכיאָר געבליבן אַ פידלער אין אָרקעסטער; אָבער ביסלעכווייז האָט ער פאַרלוירן אַלע זיינע לעקציעס אין שטאָט. ס'איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר זיין אייגנליבע, אָבער נאָך אַ שטאַרקערער — פאַר זיין קעשענע. אין משך פון עטלעכע יאָר האָבן זיך זיינע הכנסות געהאַלטן אין איין פאַרקלענערן אַדאַנק די שווערע נסיונות. נאָכדעם ווי מ'האָט דערקענט דעם אמתן ווילטאָג, איז געקומען דער דלות, וואָס איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן. מעלכיאָר האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן. ער האָט אויף קיין איין פרוטה נישט פאַרקלענערט זיינע הוצאות אויף קליידער און פאַרגעניגנס.

ער איז בטבע נישט געווען קיין שלעכטער. אדרבא, אַ ביסל אַ גוטער, וואָס דאָס איז אפשר נאָך ערגער, אַ שוואַכער — אָן אַ שום שטויס-קראַפט, אָן מאָראַלישע כוחות, כאָטש ער האָט זיך, איבעריקנס, געהאַלטן פאַר אַ גוטן פאָטער, אַ גוטן זון, אַ גוטן מאַן, אַ גוטן מענטש— און אפשר האָט ער טאַקע באמת פאַרמאָגט די אַלע גוטע מעלות, אויב דערצו וואָלט גענוג געווען אַ ביליקע גוטסקייט, וואָס גייט לייכט אַריבער אין וויכהאַרציקייט, און דער בהמהשער אינסטיקט, וואָס רופט אַרויס אַ ליבע צו די אייגענע, ווי צו אַ טייל פון דעם אייגענעם קערפּער. מ'קען אפילו נישט זאָגן, אַז מעלכיאָר איז לגמרי געווען אַן עגאָיסט: ער איז דערצו געווען צו ווייניק פּערזענלעכקייט. ער איז אייגנטלעך ביט געווען גאָרנישט. עפּעס שרעקלעכס איז פאַראַן אינם לעבן פון יענע מענטשן, וואָס זענען ביט גאָרנישט. ווי אַ מאַסע, וואָס

מען האָט אַ וואָרף געטון אין דער לופטן, פאַלן זיי מיטן כח פון אי־נערציע אַראָפּ; זייער פאַלן איז אַ געזעץ; פאַלנדיק, שלעפּן זיי מיט זיך נאָך אַלץ, וואָס געפינט זיך נעבן זיי.

אין יענער צייט, ווען די לאַגע פון דער פאַמיליע איז געוואָרן צום שווערסטן, האָט דער קליינער קריסטאָף אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס אַרום אים קומט פאָר.

ער איז שוין מער נישט געווען קיין בן־יחיד. מעלכיאָר האָט יעדן יאָר מזכה געווען זיין ווייב מיט אַ קינד, נישט זאָרגנדיק פאַר דער צוקונפט. צוויי זענען געשטאָרבן גאָר יונג. די איבעריקע צוויי זענען אַלט געווען: דריי און פיר יאָר. מעלכיאָר האָט זיך מיט זיי אינגאַנצן נישט פאַרנומען. לואיזע, וואָס איז געצווונגען געווען צו גיין פאַרדינען, פלעג זיי אָנטרויען קריסטאָפן, וואָס איז שוין דעמאָלט אַלט געווען זעקס יאָר.

פאַר קריסטאָפן איז עס געווען אַ קרבן: ער האָט זיך צוליב דעם געמוזט אָפּזאָגן פון זיינע באַליבטע נאָכמיטאָג־שפּאַצירן אין די פעלדער. אָבער ער איז געווען שטאָלץ, וואָס מען האַלט אים פאַר אַ דערוואַקסענעם, און האָט ערנסט דערפילט זיין פליכט. ער האָט זיך באַמיט וואָס בעסער צו פאַרשפּילן דאָס קליינוואַרג, איינגעמענדיק זיי מיט זיין אייגן שפּילצייג און גערעדט מיט זיי אויפן זעלביקן אופן, ווי ער האָט געהערט דער מאַמען רעדן מיט אַ קינד. אָדער ער האָט זיי אַרומגעטראָגן אויף די הענט איינעם נאָכן צווייטן, ווי ער האָט עס געזען ביי אַנדערע. ער האָט זיך געקאָרטשעט אונטער דער משא, צונויפגעפּרעסט די ציין און צוגעדרוקט מיט אַלע כוחות דאָס קליינע ברודערל צום האַרצן, כדי אים נישט אַראָפּצולאָזן אויף דער ערד. די קליינע האָבן געוואָלט, ער זאָל זיי אָן אויפהער אַרומטראָגן, און קיינ־מאָל נישט מיד געוואָרן דערפון, און ווען קריסטאָף האָט שוין מער קיין כח נישט געהאַט, האָבן זיי געוויינט אָן אַ סוף. זיי פלעגן אים פאַרשאַפן גרויס עגמת־נפש, און נישט איינמאָל איז ער געווען צוליב זיי אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט. זיי זענען געווען שמוציק און זיך גענויטיקט אין מוטערלעכער זאָרג. קריסטאָף האָט זיך קיין עצה נישט

עקאָנט געבן. זיי האָבן אים אויסנעמאַטערט איבער דער טבע. צייטנ־ווייז האָט ער געהאַט חשק אָנצופּאַטשן זיי, נאָר ער האָט געטראַכט: „זיי זענען קליין, זיי ווייסן נישט״. און ער האָט זיך גרויסמוטיק גע־לאָזט קנייפּן, שלאָגן און מאַטערן. ערנעסט האָט געוויינט, אָן אַ שום סיבה, געטופּעט מיט די פיס, געקייקלט זיך אויף דער ערד — ס'איז געווען אַ נערוועז קינד, און לואיזע האָט אָנגעזאָגט קריסטאָפן, ער זאָל אים נאָכגעבן אַלע קאַפּריזן. וואָס שייך רודאָלפן, איז ער געווען בייז ווי אַ מאַלפּע; ער האָט אויסגענוצט די מינוטן, ווען קריסטאָף פלעג טראָגן ערנעסטן אויף די הענט, כדי הינטער זיינע פּלייצעס אָפּ־צוטון דערווייל אַלערליי שפּיצלעך: צעברעכן דאָס שפּילצייג, איבער־קערן דאָס וואַסער, איינריכטן זיין קליידעלע, אָדער אַראָפּוואַרפן און צעברעכן טעלער, נישטערנדיק אין שאַפע.

און ווען לואיזע פלעג קומען צוריק אַהיים, האָט זי אָנשטאָט לויבן קריסטאָפן, געזאָגט צו אים אָן בייזקייט, אָבער מיט פאַרדרוס, זעענדיק דעם חורבן:

— מיין אָרעם קינד, ביסט נישט איבעריק געשיקט.

קריסטאָף איז געווען געקרענקט און זיך שיר נישט צעוויינט.

לואיזע, וועלכע האָט נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט צו פאַרדינען אַ גראָשן, פלעג זיך פאַרדינגען פאַר אַ קעכין אויף אַלער־ליי שמחות, ביי טויף־פייערונגען אָדער חתונות. מעלכיאָר האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט דערפון. עס האָט אַ ביסל אָנגעריירט זיין אייגנ־ליבע, אָבער אין כעס איז ער נישט געווען, — וויפל מאָל עס איז געשען אָן זיין וויסן. דער קליינער קריסטאָף האָט נאָך די מינדסטע השגה נישט געהאַט וועגן די צרות פון לעבן; דער איינציקער צוים פאַר זיין פרייהייט איז געווען דער ווילן פון זיינע ע/טערן, וואָס האָבן דאָך קיין גרויסע שטערונגען נישט געמאַכט, און געלאָזט אים גיין זיין וועג. זיין איינציקער ווונש איז געווען צו ווערן אַ דערוואַק־סענער, כדי צו קאָנען טון אַלץ, וואָס ער וויל. ער האָט זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט די מניעות, וואָס טרעפן זיך אויף יעדן טריט און שריט. עס איז אים אויך קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז זיינע עלטערן זענען

נישט קיין פולע באַלעבאַטים איבער זיך. אין יענעם טאָג, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל זיך דערוווּסט, אַז צווישן דעם כּלל מענטשן זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס באַפעלן, און אַנדערע, וואָס וואַרפן זיך אונטער און פאָלגן, און אַז זיינע עלטערן זענען נישט פון די ערשטע, איז זיין גאַנץ וועזן געווען אויפגעבראַכט — ס'איז געווען דער ערשטער קריזיס אין זיין לעבן.

ס'איז געווען אַ נאָכמיטאָג. די מוטער האָט אים אויסגעפּוצט אינם ריינסטן אַנצוג, וואָס נאָר איר אויסערגעוויינלעכע געדולד האָט געמאַכט פאַר אַ לייט פון אַן אַלטן געשענקטן בגד. קריסטאָף איז געגאַנגען זיך זען מיט דער מאַמען, לויט ווי ער האָט מיט איר אָפּגערעדט, אין דעם הויז, וווּ זי האָט געאַרבעט. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט, ווען ער האָט באַדאַרפט איינער אַליין אַהין אַריינגיין. אַ דינער האָט זיך אַרומגעדרייט פאַרן טויער; ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס קינד און אין אַ העפלעכן טאָן געפרעגט, וואָס עס דאַרף דאָ. קריסטאָף האָט זיך פאַרויטלט און געשטאַמלט, אַז ער איז געקומען זען „די מאַדאַם קראַפט", — ווי מ'האָט אים אָנגעזאָגט זיך צו פרעגן.

— מאַדאַם קראַפט? וואָס ווילסטו פון דער מאַדאַם קראַפט? — האָט געפרעגט דער דינער, באַטאָנענדיק איראָניש דאָס וואָרט: מאַדאַם. — ס'איז דיין מאַמע? גיי אַריין, דו וועסט געפינען לואיזען אין קיך, אין עק קאָרידאָר.

קריסטאָף איז אַריינגעגאַנגען, נאָך מער פאַרויטלט; ער האָט זיך געשעמט, וואָס מ'רופט זיין מאַמען היימיש ביים נאָמען: לואיזע. ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט; זיך געוואָלט ראַטעווען. אַנטלויפן צו זיין ליבן טייך, אונטערן שאָטן פון די קוסטעס, וווּ ער פלעג זיך דערציילן מעשות.

אין קיך איז ער אַריינגעפאַלן צווישן אַנדערע שטוב-דינער, וואָס האָבן אים אויפגענומען מיט הילכיקע געשרייען. אין ווינקל, נעבן אויוון, האָט ער דערזען זיין מאַמע, וואָס האָט געשמייכלט צו אים מיט אַ שמייכל פון צערטלעכער פאַרלעגנהייט. ער איז צוגעלאָפן צו איר און זיך באַהאַלטן אין איר קלייד. זי האָט געטראָגן אַ ווייסן פאַרטוך און געהאַלטן אַ הילצערנעם לעפל אין האַנט. ער איז נאָך מער צעטומלט געוואָרן, ווען זי האָט פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אויפהויבן דעם קאָפּ, מען זאָל זען זיין פּנים, און ער זאָל יעדן איינציקן דערלאַנגען די האַנט און זאָגן „גוט מאָרגן". ער האָט נישט געוואָלט; ער

האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און באַהאַלטן דעם קאָפּ אין די הענט. ביסלעכווייז האָט ער געקראָגן מוט און שטילערהייט האָט ער גענומען וואַרפן דורכן אַקסל צעשמייכלטע, לאַכנדיקע בליקן, באַהאַלטנדיק זיי ווידער, ווי נאָר עמעצער האָט אויף אים אַ קוק געטון. ער האָט באַטראַכט די מענטשן אַרום זיך. זיין מוטער האָט אויסגעזען זייער פאַרטון און וויכטיק: ער האָט זי כמעט נישט דערקענט. זי איז אַרומגעגאַנגען פון איין פאַן צו דער אַנדערער, פאַרזוכנדיק פון זיי און מיט אַ זיכערקייט געגעבן צו פאַרשטיין די פאָרשריפטן, וועלכע די געוויינלעכע קעכין האָט אויסגעהערט מיט גרויס רעספּעקט. ביי אים איז דאָס האַרץ געוואַקסן פאַר שטאָלץ, זעענדיק ווי מ׳שעצט דאָ זיין מאַמע, און וואָס פאַר אַ וויכטיקע ראָלע זי שפּילט אין דער דאָזיקער שיינער קיך, דער באַפּוצטער מיט פּרעכטיק-שיינענדיקע זאַכן פון גאָלד און מעש.

נאָר פּלוצלינג זענען אַלע שטיל געוואָרן, ס׳האָט זיך געעפנט די טיר. ס׳איז אַריינגעקומען אַ דאַמע, רוישנדיק מיט איר זיידן קלייד. זי האָט זיך מיט אַ חשדפולן בליק אַרומגעקוקט. זי איז נישט געווען יונג און דאָך האָט זי געטראָגן אַ העל קלייד מיט ברייטע אַרבל: זי האָט געהאַלטן אין האַנט איר שלעפּ, אים נישט איינצושמירן. דאָס האָט איר אָבער נישט געשטערט צוצוגיין צום פייער, אַריינצוקוקן אין די טעפּלעך און צו פאַרזוכן פון יעדן איינעם. ווען זי האָט אַ ביסל אויפגעהויבן די האַנט, איז דער אַרבל אַראָפּגעפאַלן, אָפּדעקנדיק די האַנט ביזן עלנבויגן. קריסטאָף האָט עס געפונען פאַר מיאוס און נישט-פּאַסיק. מיט וואָס פאַר אַ טרוקענעם און בייזן טאָן זי האָט גערעדט צו לואיזען! און מיט וואָס פאַר אַ הכנעה לואיזע האָט איר געענטפערט! קריסטאָף איז געווען איבערראַשט. ער האָט זיך באַהאַלטן אין זיין ווינקל, מ׳זאָל אים נישט דערזען. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. די דאַמע האָט געפרעגט, וועמעס יינגעלע עס איז. לואיזע האָט אים צוגעפירט און פאָרגעשטעלט. זי האָט אים צוגעהאַלטןביידע הענט, ער זאָל נישט באַהאַלטן דאָס פּנים. און כאָטש אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט אַרויסרייסן און אַנטלויפן, האָט ער דאָך געפילט, אַז דאָס מאָל טאָר ער נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. די דאַמע האָט זיך צוגעקוקט צום קינדס דערשראָקן פּנימל, און די ערשטע באַוועגונג אירע איז געווען אַ פריינטלעכער, כמעט מוטערלעכער שמייכל. באַלד האָט זי ווידער אַרויפגעצויגן דעם אויסדרוק פון אַ באַלעבאָסטע און אָנגע-

הויבן אים אויסצופֿרעגן, ווי ער פֿירט זיך אויף און צי ער איז פֿרום. פֿראַגן, אויף וועלכע ער האָט נישט געענטפֿערט קיין וואָרט. זי האָט באַקוקט זיין אַנצוג, און לואיזע האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז ער ליגט אויסגעצייכנט. זי האָט געצויגן דאָס רעקל, אויסצוגלייכן די קנייטשן. קריסטאָף האָט געוואָלט אויסשרייען פֿון ענגשאַפֿט. און ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס זיין מאַמע דאַנקט אַזוי.

די דאַמע האָט אים אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און געזאָגט, אַז זי וועט אים פֿירן צו אירע קינדער. קריסטאָף האָט געוואָרפֿן אַ פֿאַרצווייפֿלטן בליק אויף דער מוטער; אָבער יענע האָט אַזוי הכנעהדיק געשמייכלט צו דער דאַמע, אַז ער האָט גלייך פֿאַרשטאַנען, ווי ווייניק הילף ער האָט פֿון איר צו דערוואַרטן. און ער איז נאָכגעגאַנגען זיין פֿירערין, ווי אַ שעפּס, געפֿירט צום שעכט־הויז.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין אַ גאָרטן, ווו צוויי קינדער, אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע, כּמעט אין זעלבן עלטער וואָס ער, זענען געשטאַנען, ווי אָנגעבלאָזן איינס אויפֿן אַנדערן. קריסטאָפֿס אַריינקומען האָט אַריינגעבראַכט אַ שינוי. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו באַטראַכטן דעם גאַסט. קריסטאָף, פֿאַרלאָזן פֿון דער דאַמע צווישן די קינדער, איז געבליבן שטיין ווי אַ געפּלעפּטער אין דער אַלייע, נישט דערוועגנדיק זיך אויפֿצוהויבן די אויגן. יענע צוויי, וואָס זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך אַ פּאָר טריט ווייטער, האָבן אים באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, זיך געשטופּט מיט די עלנבויגנס און שפּאָטיש געשמייכלט. לסוף האָבן זיי זיך ענטשלאָסן. זיי האָבן אים געפֿרעגט, ווער ער איז, פֿון וואַנעט ער קומט און וואָס עס טוט זיין טאַטע. אַ פֿאַרגליווערטער, האָט קריסטאָף גאָר נישט געענטפֿערט; ער איז געווען דערשראָקן ביז טרערן, דער עיקר צוליב דעם קליינעם מיידעלע, מיט די בלאָנדע צעפּ, קורץ קליידל און באָרוועסע פֿיסלעך.

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן. ווען קריסטאָף האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, איז דאָס קליינע פּריצל געבליבן שטיין פֿאַר אים און אָנרירנדיק דעם אַנצוג, געזאָגט:

— זע נאָר, ס׳איז דאָך מיינס!

קריסטאָף האָט גאָר נישט פֿאַרשטאַנען. באַליידיקט פֿון אַזאַ חשד, אַז ער טראָגט אַ פֿרעמדן אַנצוג, האָט ער ענערגיש געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— כ׳דערקען אים, גאַנץ גוט, — האָט גערעדט דער קליינער, —

ס'איז מיין עלטער, בלויער אַנצוג: אָט דאָ איז פאַראַן אַ פעקל.
און ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער. נאָכדעם האָט ער ווידער באַטראַכט קריסטאָפס פּיס און האָט אים געפרעגט, מיט וואָס זענען פאַרלאַטעט די שפּיצן פון זיינע פאַריכטע שיך. קריסטאָף האָט זיך באַגאַנגען מיט אַ רויטקייט. דאָס מיידעלע האָט זיך אָנגעבלאָזן און אַרייני געגרוימט דעם ברודער אין אויער, — קריסטאָף האָט עס געהערט — אַז ס'איז אַ קינד פון אָרעמעלייט. דאָס האָט קריסטאָף נישט געקאָנט פאַרשווייגן, ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט צושמעטערן אָט די באַליידיקענדיקע מיינונג און ער האָט אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים, אַז ער איז אַ זון פון מעלכיאָר קראַפט, און אַז זיין מאַמע איז לואיזע די קעכין, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער יחוס איז פונקט אַזוי שיין ווי יעדער אַנדערער, און ער איז געווען גערעכט.—
אָבער די קליינע, וואָס די נייעס האָט זיי, איבעריקנס, פאַראינטערעסירט, האָבן, ווייזט אויס, זייער מיינונג נישט געביטן, זיי האָבן אים געפרעגט, וואָס ער וועט ווערן: אַ קוכער אָדער אַ קוטשער? קריסטאָף איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געפילט ווי אַ פראָסט פאַרגליווערט אים דאָס האַרץ.
זיין שווייגן האָט זיי צוגעגעבן מער מוט, און די צוויי רייכע קינדער, וואָס האָבן מיטאַמאָל דערפילט צום קליינעם קבצן אַ שטאַרקע שנאה, וואָס דערוועקט זיך אָפטמאָל ביי קינדער אָן אַ שום סיבה, האָבן אָנגעהויבן צו זוכן עפּעס אַ מיטל אים צו פייניקן. באַזונדערס אכזריותדיק איז געווען די קליינע. זי האָט באַמערקט, אַז קריסטאָפן וועט זיין שווער צו לויפן צוליב דעם ענגן אַנצוג, און זי איז געפאַלן אויף אַ שפּיצל — הייסן אים שפּרינגען איבער אַ באַריער, וואָס זיי האָבן באַלד צורעכט געמאַכט פון קליינע בענק, און געפּאָדערט פון קריסטאָפן ער זאָל אַריבערשפּרינגען. דאָס אָרעמע יינגל האָט זיך נישט דערוועגט צו זאָגן, וואָס עס שטערט אים צו טון זייער פאַרלאַנג. עס האָט צונויפגענומען אַלע כוחות, אַ שפּרונג געטון און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, ווי גרויס עס איז געווען. זיי האָבן געקייכט פון געלעכטער. עס האָט געמוזט אָנהויבן פון ס'ניי. מיט טרערן אין די אויגן האָט עס אָנגעשטרענגט אַלע כחות און דאָס מאָל האָט עס אים אָפּגעגליקט אַריבערצושפּרינגען. דאָס אָבער האָט נאָך נישט צופרידנגעשטעלט זיינע פייניקער, און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז די באַנק איז צו נידעריק; זיי האָבן צוגעשטעלט נייע זאַכן און אויפגעבויט

אַ נייעם באַריער, אַזוי אַז מען האָט געמוזט, שפּרינגענדיק, ברעכן האַלז און נאַקן. קריסטאָף האָט געפּרוּווט זיך ווערן; ער האָט דער־קלערט, אַז ער וועט מער נישט שפּרינגען. דאָס קליינע מיידל האָט אים דעמאָלט אָנגערופן פּחדן און געזאָגט, אַז ער האָט מורא. דאָס האָט ער נישט געקאָנט פאַרטראָגן. און זיכער, אַז ער וועט פאַלן, האָט ער אַ שפּרונג געטון און טאַקע געפאַלן. זיינע פיס האָבן זיך פאַר־טשעפּעט, און דער גאַנצער בנין האָט זיך צוזאַמען מיט אים איבער־געקערט. ער האָט זיך צעריסן די הענט און שיר נישט צעשפּאָלטן דעם קאָפּ; דערצו האָבן אים — אַ צולאָג צו די צרות — געפּלאַצט די הויזן אויף די קני און ערגעץ־אַנדערש. ער איז אַזש קראַנק גע־וואָרן פון חרפּה; ער האָט געהערט וויביידע קינדער האָבן געטאַנצט אַרום אים פון שמחה. עס האָט אים שרעקלעך געקרענקט. ער האָט געפילט, אַז זיי פאַראַכטן אים, אַז זיי האָטן אים — פאַרוואָס? פאַר־וואָס? ער וואָלט געוואָלט שטאַרבן! ס'איז נישטאָ קיין אַכזריותדיקע־רער ווייטיק, ווי די יסורים פון אַ קינד, וואָס אַנטדעקט צום ערשטן מאָל דאָס מענטשלעכע רשעות; ער פילט זיך שפּעטער גערודפט פון דער גאַנצער וועלט, און האַלט, אַז ס'קאָן אים קיין זאַך נישט העלפן: ס'איז מער קיינער נישטאָ, קיינער נישט!... קריסטאָף האָט געפּרוּווט אויפשטיין: דאָס קליינע פּרצל האָט אים אַ שטויס געטון און ער איז ווידער אומגעפאַלן. דאָס מיידל האָט אים געשטויסן מיט די פיס. ער האָט געפּרוּווט נאָכאַמאָל אויפשטיין — האָבן זיי זיך ביידע אויף אים אַ וואָרף געטון, זיך געזעצט אויף זיין רוקן, צודריקנדיק זיין פּנים צו דרערד. נאָר דאַן האָט זיך דער צאָרן אין אים צעפּלאַקערט: ס'איז שוין געווען איבער דער מאָס! זיינע ברענענדיקע, געשוואָלענע הענט, זיין צעריסענער, שיינער אַנצוג — אַן אמתע קאַטאַסטראָפע פאַר אים!— די חרפּה, דער ווייטיק, דער פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטיקייט, אַזוי פיל אומגליקן פאַר איינמאָל, האָבן אים אַריינגעבראַכט אין אַ ווילדן צאָרן. ער האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די הענט און קני, און ווי אַ הונט זיך אַזוי צעטרייסלט, אַז זיינע פּייניקער האָבן זיך אַרונטערגעקייקלט איינער אויפן אַנדערן; און ווען זיי האָבן אָנגע־הויבן פונדאָסניי, האָט ער זיך אַ לאָז געטון צו זיי מיט אַ געבויגע־נעם קאָפּ, אַ פּאַטש געטון דאָס מיידעלע און מיט איין שטויס אַ שליי־דער געטון דאָס יינגל אויף אַ בלומען־בייט.

ס'איז געוואָרן אַ יללה. די קינדער זענען מיט אַ גרויס געוויין

אַנטלאָפן אַהיים. מען האָט געהערט דאָס קלאַפּן פון טירן און בייזע געשרייען. ס׳איז געקומען צולויפן די מאַדאַם אַזוי שנעל, ווי נאָר די שלעפּ פון איר קלייד האָט איר דערלויבט. קריסטאָף האָט זי געזען גייענדיק, נאָר נישט געפּרוווט אפילו צו אַנטלויפן. ער איז געווען באַרוישט פון דעם, וואָס ער האָט געטון: ס׳איז געווען אַן אומדערהערט פאַרברעכן, אָבער ער האָט קיין חרטה נישט געהאַט. ער האָט געוואַרט. ער איז געווען פאַרלוירן. גוט אַזוי! ער איז דערפירט געוואָרן צו פאַרצווייפלונג.

די דאַמע האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים. ער האָט געפילט קלעפּ. ער האָט געהערט, ווי זי רעדט, מיט אַ צאָרנדיקער שטים, אַ ים מיט ווערטער; אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט אונטערשיידן. זיינע צוויי קליינע שונאים זענען צוריקגעקומען צו זען זיין שאַנד, און זיי האָבן מוראדיק געשריען. אַלע דינער זענען זיך צונויפגעלאָפן: ס׳איז געווען אַ געמיש פון קולות. כדי צו פאַרגרעסערן זיין מפּלה, האָט מען געשיקט רופן לואיזען, נאָר אַנשטאָט אים צו פאַרטיידיקן, האָט זי אים אויך אָנגעהויבן צו שלאָגן, איידער זי האָט נאָך געוווּסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און זי האָט פאַרלאַנגט, ער זאָל זיי איבערבעטן. ער האָט מיט כעס אָפּגעזאָגט. זי האָט אים אָנגעהויבן האַסטיק צו טרייסלען, און שלעפּן צו דער דאַמע מיט די קינדער, ער זאָל זיך שטעלן פאַר זיי אויף די קני. אָבער ער האָט געטופּעט מיט די פיס, געשריען און האָט אַ ביס געטון דער מאַמע אין האַנט. ער האָט זיך לסוף געראַטעוועט, און זיך אַדורכגעריסן צווישן די לאַכנדיקע משרתים.

ער איז אַוועק מיט אַ שווער געמיט. זיין פּנים האָט געברענט פון כעס און פון די קלעפּ, וואָס ער האָט געקריגן. ער האָט זיך באַמיט גאָרנישט צו טראַכטן און צוגעאיילט זיינע טריט, כדי זיך נישט צעוויינען אין מיטן גאַס. ער האָט נאָר געוואָלט זיין אינדערהיים, ווו ער וועט קאָנען פריי לאָזן זיינע איינגעהאַלטענע טרערן; ס׳האָט אים געשטיקט אין האַלז, און דאָס בלוט האָט האַסטיק פּולסירט אין קאָפּ, וואָס האָט געהאַלטן אָט־אָט ביים פּלאַצן.

לסוף איז ער אַריין אין שטוב; ער איז געשווינד אַדורכגעלאָפן די אַלטע, שוואַרצע טרעפּ ביז צו זיין שטענדיקן ווינקל ביים פענסטער איבערן טייך; ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אָן כוחות — און אַ מבול פון טרערן האָט אין אים אויפגעקוואַלט. ער האָט אַליין נישט געוווּסט גענוי, פאַרוואָס ער וויינט; ער האָט אָבער געמוזט וויינען.

און ווען דער ערשטער שטראָם איז אָפּגעשווומען, האָט ער אַלץ נישט אויפגעהערט צו קלאָגן, ווייל אין אַזאַ מין פאַרביטערונג האָט ער גע־וואָלט וויינען, כּדי אָנצוטון זיך יסורים, פּונקט ווי ער וואָלט דערמיט געפּייניקט נישט נאָר זיך אַליין, נאָר אויך אַנדערע. שפּעטער האָט ער געטראַכט, אַז באַלד וועט קומען דער טאַטע, און די מאַמע וועט אים אַלץ דערציילן. און דעמאָלט וועט צו זיינע יסורים נישט נעמען קיין סוף. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו אַנטלויפן, אַלץ איינס וווּהין, און קיינמאָל נישט צוריקצוקומען.

נאָר אין דעם מאָמענט, ווען ער איז אַראָפּגעגאַנגען, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף זיין פאָטער, וואָס איז געגאַנגען אַהיים.

— וואָס טוסטו דאָ, ממזר? ווו גייסטו? — האָט מעלכיאָר אַ פרעג געטון.

ער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט.

— דו האָסט שוין אָפּגעטון אַ שטיקל אַרבעט? וואָס האָסטו אָפּגעטון?

קריסטאָף האָט עקשנותדיק געשוויגן.

— וואָס האָסטו געטון? — האָט מעלכיאָר איבערגעחזרט. — וועסט ענטפערן, צי ניין?

דאָס קינד האָט זיך צעוויינט און מעלכיאָר האָט אָנגעהויבן צו שרייען, — איינער העכער פונם אַנדערן, ביז זיי האָבן דערהערט ו־איזעס איילנדיקע טריט אויף די שטיגן. זי איז אַריינגעפאַלן, נאָך אַלץ אַן אויפגערעגטע, אין שטוב אַריין. זי האָט אָנגעהויבן מיט שאַרפן מוסר געמישט מיט פרישע קלעפּ; באַלד איז אויך מעלכיאָר, ווי נאָר ער האָט תּופס געווען — און אפשר נאָך איידער ער האָט תּופס גע־ווען — וועגן־וואָס עס האַנדלט זיך, צוגעשטאַנען מיט קלעפּ, וואָס האָבן געקאָנט דערהרגענען אַן אָקס. ביידע האָבן געשריען. דאָס קינד האָט געיאָמערט. דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן זיך ביידע שטאַרק צעווערטלט. שלאָגנדיק זיין זון, האָט מעלכיאָר געטענהט, אַז גערעכט איז דער קליינער, ווייל אָט צו וואָס מען דערוואַרט זיך, גייענדיק דינען צו מענטשן, וואָס מיינען, אַז אַלץ מעגן זיי ווייל זיי האָבן געלט. און לואיזע פון איר זייט, שלאָגנדיק קריסטאָפן, האָט געשריען צום מאַן, אַז ער איז ברוטאַל, אַז זי פאַרווערט אים צו שלאָגן איר קינד, אַז ער האָט דאָס קינד צעבלוטיקט. באמת, קריסטאָפן איז גערי־נען בלוט פון נאָז, אָבער עס האָט אים נישט געאַרט און ער האָט

נישט געפילט קיין שום דאַנקבאַרקייט צו דער מאַמע, וואָס האָט אים מיט אַ נאַס טיכל איינגעהאַלטן דאָס בלוט, נישט אויפהערנדיק אים, דערביי, צו זידלען. לסוף האָט מען אים אַריינגעשטופּט אין אַ פינ-סטערע קאַמער, און פאַרשפּאַרט אָן אָוונט-ברויט.

ער האָט געהערט ווי זיינע עלטערן קריגן זיך, און אַליין נישט געוווּסט, וועמען פון זיי ער האָט מער פיינט. עס האָט זיך אים גע-דאַכט, אַז די מאַמע, ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט גערירט פון איר אַזאַ רשעות. אַלע זיינע אומגליקן פונם טאָג האָבן אים איצט געפּיי-ניקט: אַלץ וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן, די אומגערעכטיקייט פון די קינדער, די אומגערעכטיקייט פון דער דאַמע, די אומגערעכטיקייט פון זיינע עלטערן און — וואָס ער האָט אויך געפילט ווי אַ לעבעדיקע ווונד, נישט פאַרשטייענדיק אַליין פאַרוואָס — די דערנידערונג פון זיינע עלטערן, מיט וועלכע ער האָט אַזוי שטאָלצירט. די הכנעה פאַר יענע רייכע און שלעכטע לייט, אָט די געמיינהייט, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל דערקענט מיט אַן אומקלאָרן באַוווּסטזיין, — האָט ביי אים אויסגעזען נידעריק. אַלץ אין אים האָט פּראָטעסטירט: די באַווונדע-רונג פאַר זיינע אייגענע, דער רעליגיעזער רעספּעקט, אַלץ וואָס פלעג אין אים דערוועקן זיין צוטרוי צום ‏‏׳עבן, די נאַאיווע באַדערפעניש צו ליבן אַנדערע און פון זיי געליבט צו זיין, זיין מאָראַלישער בלינ-דער, אָבער אַבסאָלוטער, גלויבן. ס׳איז געווען אַ פולשטענדיקער חורבן. ער איז צוגעדריקט געוואָרן פון אַ ברוטאַ׳ער קראַפט, אָן אַ שום מעג-לעכקייט צו פאַרטיידיקן זיך אָדער אַנטרינען צו ווערן פון איר. דאָס לעצטע געפיל האָט אים פאַרהאַקט דעם אָטעם. ער האָט געמיינט, אַז אָט שטאַרבט ער. זיין גאַנצער קערפּער איז פאַרשטייפט געוואָרן אין אַ פאַרצווייפלטן פּראָטעסט. ער האָט געקלאַפּט מיט די פויסטן, מיט די פיס און קאָפּ אָן וואַנט, געשריגן, געוואָרפן זיך אין קאָנווולסיע און לסוף אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, צעקלאַפּנדיק זיך אָן די מעבל.

זיינע עלטערן זענען געקומען צולויפן, און גענומען אים אין די אָרעמס. איצט האָט יעדער איינער אים געוואָלט אַרויסווייזן וואָס-מער צערטלעכקייט. די מאַמע האָט אים אויסגעטון, געלעגט אין בעט, זיך געזעצט צוקאָפּנס און געזעסן, ביז ער האָט זיך באַרויקט. אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, ער האָט איר נישט מוחל געווען און זיך געמאַכט שלאָפנדיק, כדי פּטור זיין פון אירע קושן פאַרן שלאָף. די מאַמע האָט אים אויסגעוויזן בייז און געמיין. ער האָט נישט אָנ-

געהויבן צו באַגרייפן, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין, כדי זיך און אים אויסצוהאַלטן, און וויפל עס האָט איר געקאָסט דאָס, וואָס זי האָט געמוזט שטיין אויף דער זייט פון זיינע באַליידיקער.

נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעוויינט דעם גאַנצן קוואַל פון טרערן, וואָס געפינט זיך אין די אויגן פון אַ קינד, האָט ער זיך דערפילט אַ ביסל לייכטער. ער איז געווען מיד, אָבער זיינע נערוון זענען געווען צופיל אָנגעשטרענגט, ער זאָל קאָנען שלאָפן. די בילדער פון בייטאָג האָבן אָנגעהויבן אַרומצושוועבן אין זיין פאַרמאַטערטן דמיון. דערהויפט איז געווען דאָס קליינע מיידל מיט אירע בלישטשענדיקע אויגן, מיט איר פאַרריסענעם — אין אַ גרימאַסע פון פאַראַכטונג — נעזל, מיט די האָר איבער די אַקסלען, מיט אירע נאַקעטע פיסלעך און קינדערשע געמאַכטע רייד. ער האָט אויפגעשוידערט, ווען ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער הערט ווידער איר שטים. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי נאַריש ער האָט זיך געהאַלטן קעגן איר און דערפילט צו איר אַ ווילדע שנאה. ער האָט איר נישט געקאָנט מוחל זיין דעם בזיון, און ס׳האָט זיך אין אים דערוועקט אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צו דערנידעריקן זי און ברענגען זי צו טרערן. ער האָט געזוכט מיטלען ווי עס אויסצופירן, אָבער גאָרנישט ניט געפונען. ס׳איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט, אַז זי זאָל זיך ווען-עס-איז מיט אים אינטע-רעסירן. נאָר כדי זיך צו באַרויקן, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז אַלץ קומט פאָר, ווי ער וויל, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז אַ מעכטיקער און באַרימטער מאַן, און אין דער זעלבער צייט באַשלאָסן, אַז זי פאַרליבט זיך אין אים. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דערציילן איינע פון יענע זינלאָזע מעשות, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר ווירקלעכער, ווי די ווירקלעכקייט אַליין.

זי גייט אויס פון ליבע צו אים, נאָר ער שטויסט זי אָפּ פון זיך. בעת ער גייט פאַרביי איר הויז, קוקט זי ווי ער גייט דורך, פון הינטער די פאָרהאַנגען; ער ווייסט, אַז זי קוקט אויף אים, אָבער ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק, און ער רעדט מיט עמעצן פריילעך. און כדי צו פאַרגרעסערן אירע ליידן, פאַרלאָזט ער דאָס לאַנד און פאָרט אַוועק ערגעץ ווייט. ער טוט אויף וווּנדערלעכע זאַכן (דאָ האָט ער אַריינגעשטעלט אין זיין מעשה אויסגעקליבענע פראַגמענטן פון זיידנס העלדישע מעשות.) זי ווערט דורך דער צייט קראַנק פון עגמת נפש און צער. איר מוטער, די שטאָלצע דאַמע, קומט אים בעטן רחמים:

„מיין אָרעמע טאָכטער האַלט ביים שטאַרבן, איך בעט אייך, קומט צו גיין!" ער קומט. זי ליגט מיט אַ בלייכן און איינגעפאַלענעם פּנים. זי ציט אויס צו אים אירע אָרעמס. זי קאָן נישט רעדן, נאָר אָנגע־כאַפּט זיינע הענט און זי קושט זיי, זיך געזעגנדיק מיט טרערן. ד'ע־מאָלט טוט ער אויף איר אַ קוק וווּנדערלעך־מילד און צערטלעך. ער באַפעלט איר געזונט צו ווערן, און ערלויבט איר זי זאָל אים ליב האָבן. — אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט מיט הנאה איבערגעחזרט די זעלבע באַוועגונגען און ווערטער אָן אַ שיעור מאָל, כדי זיך אָנ־צוטון אַ נחת־רוח, איז אים באַפאַלן דער שלאָף, און אַ געטרייסטער איז ער איינגעשלאָפן.

אָבער ווען ער האָט געעפנט די אויגן, איז שוין געווען טאָג; און דער טאָג האָט שוין נישט געשטראַלט מיט דער זע/בער זאָרג־לאָזיקייט, ווי דער פריערדיקער מאָרגן: עפּעס האָט די וועלט זיך געביטן. קריסטאָף האָט דערקענט די מענטשלעכע אומגערעכטיקייט.

עס פלעגן טרעפן צייטן, ווען דער דלות האָט שטאַרק געפייפט אין אַלע ווינקעלעך פון זייער שטוב. אַזעלכע צייטן פלעגן ווערן וואָס אַמאָל אָפטער, אין אַזעלכע טעג האָבן זיי געפאַסט אמתע תעניתים. קיינער האָט עס נישט געפילט אַזוי שטאַרק ווי קריסטאָף. דער טאַטע האָט גאָרנישט ניט געזען; ער פ/עג נעמען עסן דער ערשטער, און פאַר אים איז שטענדיק געווען גענוג. ער האָט דערביי הויך גערעדט, לאַכנדיק פון זיינע אייגענע חכמות; ער האָט קיינמאָל נישט באַמערקט דעם בליק פון זיין ווייב, וואָס פלעג שמייכלען מיט אַ געמאַכטן שמייכל, קוקנדיק אומרויק אויפן חלק, וואָס ער האָט זיך גענומען. נאָך זיין עסן פלעג די שיסל בלייבן האַלב־ליידיק. לואיזע פלעג צעטיילן די קליינוואַרג צו צוויי קאַרטאָפל פאַר יעדערן. ווען עס איז דער־גאַנגען צו קריסטאָפן, איז אין שיסל געבליבן בלויז דריי, און די מאַ־מע האָט נאָך נישט געהאַט געגעסן. ער האָט עס געוווּסט פון פריער, ער האָט געציילט די קאַרטאָפל, איידער זיי זענען אָנגעקומען צו אים. דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעטון אַ כח און געזאָגט אין אַ טאָן, ווי נישט דאָס וואָלט ער אויסן געווען:

— נאָר איינע, מאַמע.
זי איז געוואָרן אַ ביסל אומרויק.
— צוויי, ווי אַלעמען.
— ניין, איך בעט דיך, נאָר איינע.
— ביסט דען נישט הונגעריק!
— איך בין נישט שטאַרק הונגעריק.
אָבער זי האָט אויך מער נישט גענומען ווי איינע, און ביידע האָבן געשיילט די קאַרטאָפל זייער פּאָרזיכטיק, געטיילט די קאַרטאָפל אויף גאָר קליינע ברעקעלעך באַמיענדיק זיך צו עסן, ווי נאָר מעגלעך פּאַמעלעכער. די מאַמע האָט אים נאָכגעקוקט. ער איז שוין געווען פאַרטיק.
— נו, נעם שוין די אויך!
— ניין, מאַמע.
— הייסט עס ביסט נישט געזונט?
— איך בין געזונט, נאָר כ׳האָב גענוג געגעסן.
עס פלעג טרעפן, אַז דער פּאָטער האָט אים אויסגערעדט, אַז ער איז אַן עקשן, און האָט צוגענומען פאַר זיך די לעצטע קאַרטאָפל. אָבער קריסטאָף האָט זיך אָנגעהויבן היטן און פלעג איבערלאָזן די קאַרטאָפל פאַר זיין יונגערן ברודערל ערנעסט, וואָס איז שטענדיק געווען הונגעריק און וואָס פלעג באַלד פון אָנהויב ביים עסן ווארפן אַן אויג צו קריסטאָפן און אים למוף פרעגן:
— דו וועסט עס שוין נישט עסן? גיב זשע עס מיר, קריסטאָף!
אַך, ווי קריסטאָף האָט פיינט געהאַט זיין פאָטער, ווי ער האָט אים געהאַסט דערפאַר, וואָס ער האָט וועגן זיי נישט געטראַכט, און אים איז גאָר אויפן זינען נישט אַרויף, אַז ער עסט אויף זייער חלק! קריסטאָף איז געווען אַזוי הונגעריק, אַז ער האָט אים געהאַסט און אים געוואָלט עס זאָגן; אָבער אין זיין שטאָלץ האָט ער געטראַכט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט דערויף, כל-זמן ער פאַרדינט אַליין נישט אויף זיין לעבן. דאָס ברויט, וואָס דער פאָטער נעמט ביי אים צו, האָט זיין פאָטער אַליין פאַרדינט. און ער אַליין טויג נאָך צו גאָרנישט. ער איז געווען אַן עול אויף אַלעמען, און נישט געהאַט דאָס רעכט צו רעדן; שפּעטער וועט ער רעדן, — אויב עס וועט נאָר

דויערן ביז יענעם שפעטער. אָ, ער וועט נאָך פריער שטאַרבן פאַר הונגער!...

ער האָט געליטן מער פון די איבעריקע קינדער פון די שרעק־לעכע תּעניתים. זיין געזונטער מאָגן האָט אים געפּייניקט; טייל מאָל פלעג ער איינגאַנצן ציטערן, ס'האָט אים ווי געטון דער קאָפּ; ער האָט געפילט אַ שטעכעניש אין האַרצן, אַ שטעכעניש, וואָס ווערט אַלץ גרעסער און ברייטער, ווי געבויערט מיט אַן עגבויר. ער האָט זיך אָבער נישט באַקלאָגט; ער האָט געפילט, ווי די מאַמע קוקט אים נאָך און ער פלעג זיך מאַכן גלייכגילטיק. לואיזע האָט, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרשטיין, אַז איר קליין יינגל זאָגט זיך אָפּ פון עסן, כּדי די אַנדערע זאָלן האָבן מער.

זי האָט פאַרטריבן דעם געדאַנק, אָבער ער איז שטענדיק צו־ריקגעקומען. זי האָט זיך נישט דערוועגט אויפצוקלערן די זאַך, צו פרעגן קריסטאָפן, צי ס'איז אמת, וואָרום אפילו ווען ס'איז אמת, וואָס קאָן זי העלפן? זי אַליין איז פון אירע קינדער־יאָרן אָן געוווינט גע־ווען נישט צו דערעסן. וואָס העלפט דאָס באַקלאָגן זיך, ווען מען קאָן נישט מאַכן אַנדערש? אמת, איר איז אויפן זינען נישט אַרויף, אַז מיט איר שוואַכן געזונט און ק'יינע באַדערפענישן ליידט זי ווייניקער פאַרן קינד. זי האָט מיט אים קיינמאָל וועגן דעם נישט גערעדט; נאָר איין מאָל אָדער צוויי, ווען אַלע זענען אַוועק, די קינדער אויפן גאַס און מעלכיאָר צו זיינע עסקים. האָט זי געבעטן איר בכור צו בלייבן איר צוצוהעלפן אַ ביסל. קריסטאָף האָט איר צוגעהאַלטן דעם קנויל וואָל, בעת זי האָט געוויקלט. פּלוצלינג האָט זי אַלץ אַ וואָרף געטון און אים ליידנשאַפטלעך צוגעצויגן צו זיך.

זי האָט אים גענומען אויף די קני, כאָטש ער איז שוין געווען אַ שווער יינגל. און אים צוגעדריקט צום האַרצן. ער האָט פעסט אַרומגענומען איר האַלז מיט זיינע אָרעמס און זיי האָבן ביידע גע־וויינט קושנדיק זיך, ווי פאַרצווייפלטע.

— מיין אָרעם קליין יינגל!...

— מאַמע, טייערע מאַמע!...

מער האָבן זיי נישט גערעדט, זיי האָבן זיך אָבער פאַרשטאַנען

עס האָט לאַנג געדויערט ביז קריסטאָף האָט זיך צוגעוווינט
צו זיין פּאָטערס שיכּורות. מעלכיאָרס תּאווה איז, ביז אַ געוויסער צייט,
נישט אַריבערגעטרעטן באַשטימטע גרענעצן. לפּחות, די ערשטע צייטן.
זי איז נישט געווען ברוטאַל. זי האָט זיך ס׳רוב אויסגעדריקט אין
אַן איבערגעטריבענער פריילעכקייט. ער פלעג רעדן שטותערייען,
שעהן לאַנג זינגען, פּויקנדיק מיט די פינגער אויפן טיש. טיילמאָל
פלעג ער צווינגען לואיזען אָדער די קינדער צו טאַנצן מיט אים.
קריסטאָף האָט גאַנץ גוט געזען, אַז דאָס פאַראומערט די מאַמען; זי
פלעג זיך פאַררוקן אין אַ ווינקל און נישט אויפהויבן די אויגן פון
איר אַרבעט; זי האָט אויסגעמיטן צו קוקן אויף איר מאַן, דעם שכּור,
און פלעג אים מילד איינבעמען, ווען ער האָט גערעדט נבול-פּה, אַז
זי זאָל רויט ווערן. אָבער קריסטאָף האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען; ער
האָט זיך אַזוי געגויטיקט אין פריילעכקייט, אַז די ווילדע שמחה פון
זיין טאַטן איז געווען פאַר אים כּמעט אַ יום־טוב. די שטימונג אין שטוב
בכלל איז געווען אַן אומעטיקע, און די ווילדע שטיק זענען געווען
אַ שטיקל צעשטרייונג. ער האָט געלאַכט פון גאַנצן האַרצן ביי זיין
טאַטנס משונהדיקע האַוואַיעס און נאַרישע וויצן; ער האָט מיט אים
געטאַנצט און געזונגען, און געהאַט פאַריבל אויף דער מאַמע, ווען
זי האָט מיט אַן אויפגערעגטער שטים אים געהייסן שווייגן. וואָס
פאַר אַ בייז איז אין דעם געווען, אַז דער טאַטע אַליין טוט עס?
הגם זיין שאַרפער אויג האָט שטענדיק געוואַכט און אים קיינמאָל
נישט געלאָזט פאַרגעסן דאָס, וואָס ער האָט געזען; הגם, ער האָט
באַמערקט, אַז דעם פּאָטערס באַנעמונג שטימט נישט אַלע מאָל מיט
זיין קינדערשן און שטאַרקן יושר־געפיל, האָט ער אים דאָך נישט
אויפגעהערט צו באַוווּנדערן. ס׳איז אַזאַ שטאַרקע נויטווענדיקייט פאַר
אַ קינד! ס׳איז בלי ספק איינע פון די פאָרמען פון דער אייביקער
מענטשלעכער אייגנליבע, ווען אַ מענטש פילט זיך צו שוואַך נאָכצו-
געבן זיינע פאַרלאַנגען, און צי באַפרידיקן זיין שטאָלץ, טראָגט ער
זיי איבער: קינדווייז — אויף זיינע עלטערן; אַלס מאַן, ווידער, וואָס
איז באַזיגט געוואָרן פון לעבן, — אויף זיינע קינדער. זיי זענען, אָדער
זיי וועלן זיין, אַלץ וואָס ער אַליין האָט געחלומט: זיינע קעמפער,
די נקמה-נעמער פאַר זיינע עוולות. אינם גרויסמוטיקן אָפּזאָגן זיך
לטובת זיי, מישן זיך צונויף, אין אַ פאַרשכּורטן קאַמף, ליבע און
עגאָיזם. קריסטאָף האָט געגנוויליק מוחל געווען דעם פּאָטער אַלע

זיינע עוולות און געזוכט נאָר אַן אויסרייד, אַז דער פּאָטער זאָל אים געפֿעלן: ער האָט באַוווּנדערט זיין געשטאַלט, זיינע שטאַרקע אָרעמס, זיין שטים, זיין געלעכטער, זיין פֿריילעכקייט, און געשיינט פֿון גאווה, ווען ער האָט געהערט לויבן דעם טאַלענט פֿונם ווירטואָז, אָדער ווען מעלכיאָר אַליין פֿלעג דערציילן, מיט גרויסע גוזמאות, מכּח זיינע דערפֿאָלגן. קריסטאָף האָט געגלויבט דעם פֿאָטערס באַרימערייַ און געקוקט אויף זיין טאַטן, ווי אויף אַ זשעני אָדער אַ העלד פֿונם יידנס מעשות.

איינמאָל אין אָוונט, אַ זייגער זיבן, איז קריסטאָף געווען אייגער אַליין אין שטוב. די יונגערע קינדער זענען געגאַנגען שפּאַצירן מיט זשאַן מישעלן. לואיזע האָט געוואַשן וועש ביים טייך. פּלוצלינג האָט זיך אויפגעעפֿנט די טיר, און מעלכיאָר האָט זיך אַריינגעריסן אין שטוב אַריין אָן אַ היטל, מיט צעקנוידערטע מלבושים. ביים אַריינקומען האָט ער געמאַכט אַ מין טענצל און איז אַ פֿאַל געטון אויף אַ שטול נעבן טיש. קריסטאָף האָט אָנגעהויבן לאַכן, מיינענדיק, ווי אַלע מאָל, אַז דאָ קומט פֿאַר איינער פֿון די געוויינלעכע שפּאַסן, און ער איז צוגעגאַנגען צו אים. אָבער דאָס וואָס ער האָט דערזען, האָט ביי אים צוגענומען יעדן חשק צו לאַכן. מעלכיאָר איז געזעסן, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, און געקוקט פֿאַר זיך, חסר־דעה, מיט פֿינטלדיקע אויגן; זיין פּנים איז געווען שאַרלאַך־רויט; דאָס מויל אָפֿן, און פֿון צייט צו צייט האָט זיך פֿון אים אַרויסגעריסן אַ נאַרעשעוואַטער געלעכטער. קריסטאָף איז געליימט געוואָרן. לכתחילה האָט ער געמיינט, אַז דער פֿאָטער שפּאַסט, אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז ער רירט זיך נישט פֿון אָרט, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שרעק.

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ! — האָט ער געשריען.

מעלכיאָר האָט נישט אויפגעהערט צו קרייען ווי אַ האָן. קריסטאָף האָט אים אָנגעכאַפּט פֿאַר די הענט און אין פֿאַרצווייפֿלונג געטרייסלט אים מיט אַלע כּוחות:

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ טייערער, ענטפֿער מיר, איך בעט דיך!

מעלכיאָרס קערפּער האָט זיך געוואַקלט, ווי אַ ווייכע מאַסע, און ער איז כּמעט אומגעפֿאַלן; זיין קאָפּ האָט זיך אויסגעבויגן צו קריסטאָפֿס קעפּל; ער האָט אים אָנגעקוקט און געשטאַמלט אומפֿאַרשטענדלעכע, משונהדיקע קלאַנגען. ווען קריסטאָפֿס אויגן האָבן אָנגעטראָפֿן זיין פֿאַרגאָסענעם בליק, איז אים באַפֿאַלן אַ ווילדע אימה.

ער איז אַנטלאָפֿן אין ווייטסטן ווינקל פֿון חדר, געפֿאַלן נעבן בעטל אויף די קני און איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די קישנס. אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געבליבן ליגן. מעלכיאָר האָט זיך לאַכנדיק שווער געשאָקלט אויף זיין שטול. קריסטאָף האָט זיך פֿאַרשטאָפּט די אויערן, כּדי גאָרנישט צו הערן, און אינגאַנצן געציטערט. ס'איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן וואָס מיט אים איז פֿאָרגעקומען. אַ שרעקלעכע איבערקערעניש, שרעק, ווייטיק, גלייך ווי נאָך דעם טויט פֿון עמעצן, אַ טייערן און טיף־געשעצטן.

קיינער איז נישט אָנגעקומען, זיי זענען געווען אַליין; די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, און קריסטאָפֿס מורא האָט זיך פֿון מינוט צו מינוט פֿאַרשטאַרקט. ער האָט זיך געמוזט צו הערן, קעגן זיין ווילן, צו דער פֿרעמדער, נישט-הימלעכער און איצט אינגאַנצן-אומבאַקאַנטער שטים, און דאָס בלוט אין אים איז פֿאַרקילט געוואָרן. אין דער אַרומיקער שטילקייט איז די שטים געווען נאָך שרעקלעכער; דער אַלט־כריפּענדיקער זייגער האָט נאָר צוגעקלאַפּט צום טאַקט צו דער זינלאָזער פּלאַפּלעריי. קריסטאָף האָט עס מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן, און געוואָלט אַנטלויפֿן. אָבער כּדי אַרויסצוגיין, האָט ער געדאַרפֿט דורכגיין פֿאַרביי דעם פֿאָטער; קריסטאָף האָט אויפֿגעשוידערט פֿונם געדאַנק, זיך ווידער אָנצוטרעפֿן מיט זיין בליק. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט דערפֿון שטאַרבן. ער האָט געפּרוּווט אויף אַלע פֿיר צוקריכן צו דער טיר פֿון צימער. ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, נישט אויפֿגעהויבן די אויגן און זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער באַוועגונג פֿון מעלכיאָרן, וועמענס פֿיס ער האָט געזען אונטערן טיש. איין פֿוס פֿונם שיכּור האָט געציטערט. קריסטאָף האָט זיך צוגעשאַרט צו דער טיר. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער אַ דריק געטאָן די קלאַמקע אָבער פֿון שרעק האָט ער זי צוריק אָפּגעלאָזן, און די טיר האָט זיך פֿאַרהאַקט מיט אַ טומל. מעלכיאָר האָט זיך אויסגעדרייט אַ קוק צו טון; דער שטול, אויף וועלכן ער האָט זיך געשאָקלט, האָט פֿאַרלוירן די גלייכגעוויכט, און מעלכיאָר איז מיט אַ רעש אומגעפֿאַלן. דערשראָקן האָט קריסטאָף שוין מער קיין כּח נישט געהאַט צו אַנטלויפֿן. ער איז געבליבן שטיין אַ צוגעשמידטער צו דער וואַנט, קוקנדיק אויפֿן פֿאָטער, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן ביי זיינע פֿיס. קריסטאָף האָט געשריען נאָך הילף.

דאָס האָט מעלכיאָרן אַ ביסל אויסגעניכטערט. נאָכדעם ווי ער

האָט אָנגעשאָלטן און אָנגעזידלט און אפילו אָנגעשלאָגן דעם בייזווי־ליקן שטול מיט דער פויסט, און נאָכדעם, ווי ער האָט אומזיסט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות זיך אויפצוהויבן, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט, זיצנדיק אויף דער ערד, מיטן רוקן אָן טיש און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט אָנגעהויבן דערקענען, ווי ער איז. ער האָט דערזען דעם וויינענדיקן קריסטאָפן און אים צוגערופן צו זיך. קריסטאָף האָט געוואָלט אַנטלויפן, נאָר נישט געקאָנט זיך רירן פון אָרט. מעלכיאָר האָט אים נאָכאַמאָל גערופן, און ווען ער איז נישט צוגעקומען, האָט ער מיט כעס גענומען שעלטן. קריסטאָף האָט זיך דערנענטערט, ציטערנדיק מיט אַלע אברים. מעלכיאָר האָט אים צוגעצויגן צו זיך און אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני. ער האָט אים קודם-כל אָנגעריסן פאר די אויערן, האַלטנדיק דערביי אַ לאַנגע מוסר-דרשה, מיט אַ שטאַמלענדיקן לשון, וועגן כבוד-אב. שפּעטער האָט אים אַ נייער איינפאַל אַ בליק געטון אין קאָפּ, ער האָט קריסטאָפן געטרייסלט, זאָגנדיק בשעת-מעשה גראָבע וויצן. ער האָט זיך געקייקלט פון געלעכטער. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום, אויך אָן אַ שום סיבה, איז ער אַריינגעפאַלן אין טרויעריקע מחשבות. ער האָט רחמנות געקראָגן אויפן קינד און אויף זיך אַליין. ער האָט אים אָנגעהויבן דריקן צו זיך, ביז דערשטיקט צו ווערן, באַדעקנדיק אים מיט קושן און טרערן; לסוף האָט ער אים געוומען איינוויגן, זינגענדיק „דע פּראָפונדיס". קריסטאָף האָט נישט געמאַכט די מינדסטע באַוועגונג זיך צו באַפרייען; ער איז געווען פאַרגליווערט פון שרעק. צוגעדריקט צו זיין פאָטערס ברוסט, האָט ער געפילט אויף זיין פנים דעם פאָטערס אָטעם, פול מיט בראָנפן, און זיינע גרעבסן, וואָס ער האָט דורכגעמישט מיט קושן און עקלדיקע טרערן; ער איז פּשוט אויסגעגאַנגען פון עקל און שרעק. ער האָט געוואָלט שרייען, נאָר ער האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען דעם מינדסטן געשריי פון מויל. ער איז געווען אין אָט דעם צושטאַנד, דאַכט זיך, אַ גאַנצע אייביקייט, — ביז די טיר האָט זיך געעפנט, און לואיזע איז אַריינגעקומען מיט אַ קויש אויף דער האַנט. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, דער קויש איז אַרויסגעפאַלן פון די הענט; זי האָט זיך האַסטיק אַ לאָז געטון צו קריסטאָפן. און מיט אַ שנעלקייט, וואָס איז פון איר נישט געווען צו דערוואַרטן, האָט זי אַרויסגעריסן קריסטאָפן פון מעלכיאָרס אָרעמס.

— אַן געמיינער שכור, — האָט זי געשריען.

אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פון צאָרן.

קריסטאָף איז געווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט זי דערהרגענען. אָבער מעלכיאָר איז געוואָרן אַזוי איבעראַשט פון זיין ווייבס אימהדיקן אויסזען, אַז ער האָט גאָרנישט געענטפערט און זיך צעוויינט. ער האָט זיך געקייקלט אויף דער ערד, זיך געקלאַפט מיטן קאָפּ אָן וואַנט, און געשריען, אַז זי איז גערעכט, אַז ער איז אַ שיכּור, אַז ער ברענגט אַן אומגליק אויף זיינע אייגענע, אַז ער מאַכט אַ תּל פון די אָרעמע קינדערלעך און אַז ער וויל שטאַרבן. לואיזע האָט זיך מיט פאַראַכטונג אָפּגעקערט פון אים. זי האָט אַוועקגעפירט קריסטאָפן אין צווייטן צימער און זיך באַמיט אים צו באַרויקן. דער קליינער האָט נישט אויפגעהערט צו ציטערן און נישט געענטפערט אויף דער מאַמעס פראַגן; לסוף האָט ער זיך פונאַנדערגעוויינט. לואיזע האָט אים אָפּגעוואַשן דאָס פּנים מיט וואַסער, זי האָט אים געקושט, איינגענומען אים מיט צערטלעכע רייד און צוזאַמען מיט אים געוויינט. ענדלעך האָבן זיי זיך ביידע באַרויקט. זי האָט זיך געשטעלט אויף די קני און אויך אים אויף די קני אַוועקגעשטעלט נעבן זיך. זיי האָבן תּפילה געטאָן צו גאָט, אַז ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבן און צושיקן אַ רפואה דעם טאַטן, און אים אויסהיילן פון אָט דער דאָזיקער עקלדיקער תּאווה, און אַז מעלכיאָר זאָל ווערן גוט און מונטער, ווי אַמאָל. לואיזע האָט געלעגט שלאָפן דאָס קינד. עס האָט געבעטן, זי זאָל בלייבן ביי זיין בעט און האַלטן אים פאַר דער האַנט. לואיזע איז געבליבן זיצן שפּעט אין דער נאַכט נעבן קריסטאָפן—ער האָט געהאַט היץ. דער שיכּור האָט געכראָפּעט אויף דער ערד.

אין דער שול פלעג קריסטאָף פאַרברענגען די צייט מיט באַטראַכטן די פליגן אויפן סופיט און מיט טיילן קלעפּ זיינע שכנים, און זיי אַראָפּשטופּן פון דער באַנק. דער לערער האָט אים פיינט געהאַט, פאַרוואָס ער קאָן נישט איינזיצן אויף אַן אָרט, און אויך פאַר זיין לאַכן און פוילקייט. אין איינעם אַ טאָג, ווען קריסטאָף האָט אַזוי געשטיפט, האָט דער לערער אים געמאַכט אַ אָנצוהערעניש אויף אַ געוויסער גוט־באַקאַנטער פערזאָן אין שטאָט, וואָס קריסטאָף וויל גיין, ווייזט אויס, אין אירע דרכים. אַלע קינדער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן געלעכטער, און אייניקע האָבן געפונען פאַר נויטיק אויפצוקלערן אים דעם רמז מיט גאַנץ קלאָרע און שאַרפע פּרטים. קריסטאָף האָט זיך אויפגעהויבן רויט פון חרפּה, אַ כאַפּ געטאָן זיין טינ־

מער און אַ שליידער געטאָן אינם קאָפּ פון דעם יינגל, וואָס האָט זיך דער ערשטער צעלאַכט. דער לערער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים, אים געשלאָגן, מ'האָט אים געשמיסן, געהייסן זיך שטעלן אויף די קני און שווער באַשטראָפט.

ער איז געקומען אַהיים אַ בלאַסער; אַ שטילער, פאַרביסענער צאָרן האָט אין אים געברענט; ער האָט קאַלטבלוטיק דערקלערט, אַז ער וועט אין דער שול מער נישט גיין. מ'האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע ווערטער. צומאָרגנס אין דערפרי, ווען די מאַמע האָט אים דערמאָנט, אַז ס'איז שוין שפּעט און שוין צייט צו גיין אין שול, האָט ער רויק געענטפערט: „איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך וויל אַהין מער נישט גיין". לואיזע האָט אים געבעטן, געשריען און געדראָט—ס'האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן. ער איז געבליבן זיצן, איינגעעקשנט, אין זיין ווינקל. מעלכיאָר האָט אים געשלאָגן מכות-רצח, ער האָט געוויינט, אָבער וויפל מאָל מען האָט אים, נאָך יעדן קלאַפּ געפרעגט, צי ער וועט גיין, האָט ער געענטפערט פאַרביסן: „ניין!" מען האָט אים געהייסן לכל-הפחות דערציילן פאַרוואָס, אָבער ער האָט פאַרביסן די ציין און נישט געוואָלט רעדן קיין וואָרט. מעלכיאָר האָט אים גענומען אויף די הענט, אַוועקגעטראָגן אין שול און אים געבראַכט צום לערער. ווי נאָר ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, האָט ער גענומען ברעכן אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געפונען אונטער זיין האַנט: דעם טינטער, די פעדער; ער האָט צעריסן זיין העפט און בוך,—און געקוקט אויפן לערער מיט אַן אַרויספאָדערנדיקן בליק. מ'האָט אים פאַרשפּאַרט אין אַ פינסטערער קאַמער; אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט אים דער לערער געפונען, מיט אַ טיכל אַרום האַלז, ווי ער האָט געשלעפּט ביי ביידע עקן מיט אַלע כוחות: ער האָט זיך געוואָלט דערשטיקן.

מען איז געווען געצוווּנגען אָפּשיקן אים אַהיים.

קריסטאָף איז געווען פאַרהאַרטעוועט קעגן קראַנקהייטן. ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער און פון זיין זיידן זייער קרעפטיקן קערפּער־בוי. מ'האָט זיך נישט געפּיעשטשעט אין דער משפּחה: קראַנק

אָדער נישט קראַנק, — אָבער מען האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט און קיין שום זאַך אין דער וועלט איז נישט געווען מסוגל צו מאַכן דעם מינדסטן שינוי אין די רגילותן פון די ביידע קראַפּטס, — דעם פּאָטער און דעם זון. זיי פלעגן אַרומגיין, וואָס פאַר אַ וועטער עס זאָל נישט זיין, שפּאַצירן סיי זומער, סיי ווינטער. שעהנווייז בלייבן אויפן רעגן אָדער אויף דער זון, אָפּטאָל מיט אַ בלויזן קאָפּ און אָפּגעקנעפּלטע קליידער, צוליב אָפּגעלאָזנקייט אָדער בריהשאַפט; פלעגן אָפּגיין וויאָרסטן, נישט ווערנדיק קיינמאָל מיד. און האָבן מיט צאָפּשיילעכן רחמנות געקוקט אויף דער אָרעמער לואיזען, וואָס פלעג נישט רעדן גאָרנישט, אָבער איז געצווונגען געווען צו בלייבן אָפּטשטיין, אַ בלאַסע, מיט געשוואָלענע פיס און אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

קריסטאָף איז נישט געווען ווייט פון צו פאַראַכטן די מאַמע, פּונקט ווי זיי; ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי איז מען עס קראַנק; ווען ער פלעג פאַלן, זיך צעקלאַפּן, צעשניידן אָדער אָפּבריען, האָט ער נישט געוויינט; ער פעג נאָר זיין בייז אויף דער זאַך, וואָס האָט אים אָנגעטון אַ ווייטאָק. די מגושמדיקייט פון זיין פאָטער און פון זיינע קליינע חברים, די ראַסן־חברים, מיט וועלכע ער פלעג זיך שלאָגן — דאָס אַלץ האָט אים שטאַרק פאַרהאַרטעוועט. ער האָט נישט מורא געהאַט פאַר קיין קלעפּ, און איז נישט איינמאָל געקומען מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז און צעבאַלטן שטערן. איינמאָל האָט מען אים געמוזט כמעט אַ דערשטיקטן אַוועקשלעפּן פון איינעם פון דיווילדע געשלעגן, בעת ער האָט זיך אַרונטערגעקייקלט אונטער זיין שונא, און יענער האָט אים מיט רציחה צוגעקוועטשט דעם קאָפּ צום טראָטואַר, ער האָט עס געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך און איז גרייט געווען צו טון מיט אַן אַנדערן דאָס, וואָס מ׳האָט געטון מיט אים.

און דאָך האָט ער מורא געהאַט פאַר אָן אַ שיר זאַכן. כאָטש קיינער האָט דערפון נישט געוווסט — וואָרום ער איז געווען זייער שטאָלץ, — האָט ער דאָך פון קיין שום זאַך נישט געהאַט אויסצושטיין אַזוי פיל יסורים, ווי פון די שטענדיקע פּחדים אין זיינע קינדער־יאָרן. אין משך פון אַ צוויי־דריי יאָר האָבן זיי געלעבט אין אים, ווי אַ קראַנקהייט.

ער האָט זיך געשראָקן פאַר דאָס געהיימניספולע, וואָס איז פאַרבאָרגן אין דער פינסטערניש; פאַר די בייזע רוחות. וואָס לויערן, דאַכט זיך, אויף זיין לעבן; פאַרן געווימל פון אימהדיקע בּרואים

וואָס יעדער קינדערשער מאַרך טראָגט אין זיך און פאַרבינדט מיט אַלץ, וואָס ער זעט—בלי ספק פאַרבלייבענישן פון אַן אויסטערלישער חיה, דמיונות פון די ערשטע טעג פון באַשאַף, וואָס זענען נאָך נאָענט צום גאָרנישט; פונם מוראדיקן שלאָף אין דער מוטערס בויך, פון לאַרוועס דערוואַכן אין דער טיפעניש פון דער מאַטעריע.

ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער בוידעם־טיר: זי איז געווען אויף די טרעפ און איז כמעט שטענדיק געווען אָפן. ווען ער האָט געדאַרפט פאַרבייגיין, האָט ער געפילט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אים האַסטיק, ער פלעג זיך אָנטון אַ כּוח און אַ שפרונג טון, אָפּווענדנדיק זיין בליק פון אָרט. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עמעצער אָדער עפּעס געפינט זיך הינטער דער טיר. ווען זי איז געווען פאַרשלאָסן, האָט ער געהערט בעשייניפּערלעך, ווי הינטער איר באַוועגט זיך עפּעס. און ס׳איז גאָר קיין וואונדער נישט, וויילל דאָס זענען געווען גרויסע מייז, אָבער ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ משונהדיק פאַרזעעניש מיט צערבראָכענע ביינער, מיט אַראָפּהענגענדיקע שטיקער פלייש, מיט אַ קאָפּ פון אַ פערד, אויגן, וואָס מען קאָן פון זיי שטאַרבן און אָפּגעריסענע אברים. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, אָבער ס׳האָט זיך אים געטראַכט קעגן זיין ווילן. מיט אַ ציטערדיקער האַנט פלעג ער נאָכקוקן, צי דער ריגל פון דער טיר איז גוט פאַרוקט, וואָס האָט אים דאָך נישט געשטערט צען מאָל זיך אומצוקוקן הינטער זיך, בעת ער איז געגאַנגען אויף די טרעפּ.

ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער נאַכט, בעת ער איז געווען אין דרויסן. עס האָט געטראָפן, אַז ער האָט זיך פאַרזאָמט ביים זיידן אָדער מען האָט אים אין אָוונט נאָך עפּעס געשיקט. דער אַלטער קראַפּט האָט געוווינט נישט ווייט הינטערן שטאָט, אין דעם לעצטן הויז אויף דער קעל־נער גאַס. צווישן זיין הויז און די ערשטע באַלויכטענע פענסטער פון דער שטאָט איז געווען אַ צוויי אָדער דריי הונדערט טריט, וואָס האָבן קריסטאָפן אויסגעוויזן דריי מאָל אַזוי פיל. אויף אַ שטיקל וועג, פון עטלעכע מינוט גאַנג, איז דער וועג געוואָרן קרום, און מ׳האָט גאָרנישט געקאָנט זען. אין אָוונט איז די געגנט פוסט געווען, די ערד איז געוואָרן שוואַרץ און דער הימל בלייך. אַרויסקומענדיק פון די קוסטעס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם וועג, האָט מען געקאָנט דערזען אַ געלבלעכע שיין אויפן ראַנד פון האָריזאָנט, אָבער די שיין האָט נישט געלויכטן, זי איז געווען נאָך־דערדריקנדיקער, ווי די נאַכט. זי האָט נאָך טיפער געמאַכט די פינסטערניש אַרום זיך; ס׳איז געווען אַ טויטע שיין, די

וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן ביז דער ערד. די קוסטעס האָבן אויסגעזען ריזיק־גרויס און זיך באַוועגט. די בוימער־סקעלעטן האָבן אויסגעזען, ווי משונהדיקע זקנים. די מייל-שטיינער האָבן געשיינט, ווי בלאַסע לייוונטן. דער חושך האָט זיך באַוועגט. אין די גראָבנס זענען געזעסן קאַרליקעס, אין גראָז האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט בלענד־ליכטלעך, אַ בהלהדיקער פליגל־געררויש אין דער לופטן, גרילצענדיקע געשרייען פון ווערים און פליגעלעך וואָס זענען געקומען מ'ווייסט נישט פון וואַנען. קריסטאָף איז געגאַנגען דורך דאָרטן, אין דער דערוואַרטונג פון אַן אומגעוויינלעכער נאַטור־געשעעניש. ער איז געלאָפן, און דאָס האַרץ האָט געפּלאַטערט אין זיין ברוסט.

ווען ער פלעג דערזען דאָס ליכט אין זיידנס צימער, האָט ער זיך באַרויקט. אָבער צום ערגסטן איז געווען, ווען ער האָט דעם זיידן נישט געטראָפן אין דערהיים. דעמאָלט איז דער שרעק אַריבער אין אַ גרויל, דאָס אַלטע הויז, פאַרוואָרפן אין מיטן פעלד, האָט גע־שראָקן דאָס קינד אפילו באַטאָג. ווען דער זיידע איז דאָרט געווען, האָט ער אינם שרעק פאַרגעסן; נישט זעלטן אָבער פלעג דער אַלטער אַוועקגיין און אים איבערלאָזן אַליין, נישט זאָגנדיק אים גאָרנישט. קריסטאָף פלעג עס לכתחילה נישט באַמערקן. אין צימער איז שטיל. אַלע זאַכן זענען אים היימיש און נאָענט. אָט שטייט דאָרט דאָס בעט פון ווייסן האָלץ; צוקאָפּנס פון בעט אויף אַ פּאָליצע די ביבל, קינסט־לעכע בלומען אויפן קאַמין מיט די פּאָטאָגראַפּיעס פון ביידע ווייבער און פון די עלף קינדער.—ביי יעדערן פון זיי האָט דער אַלטער פאַר־צייכנט, ווען ער איז געבוירן געוואָרן און ווען ר'איז געשטאָרבן. — אויף די ווענט—אַפּאָריזמען אין רעמלעך און שלעכטע בילדער פון מאצארטן און בעטהאָווען.

אַ קליינע פּיאַנינאָ שטייט אין איין ווינקל, און אַ וויאָלענטשעל אינם צווייטן; רייען צעוואָרפענע ביכער, הענגענדיקע לולקעס, און אויפן פענסטער גערעַניום-טעפּ. ער איז אַרומגערינגלט פון פריינט... די טריט פונם זיידן הערן זיך פון צווייטן צימער. אַהין און צוריק; מ'הערט אים אָפּט מאָל פּיילן אָדער קלאַפּן טשוועקעס; ער רעדט צו זיך אַליין, חכמהט זיך אויפן אייגענעם חשבון, אָדער ער זינגט מיט זיין גראָבער שטים, צונויפמישנדיק פאַרשידענע שטיקלעך פון קירך־כאָר, סענטימענטאַלע לידער, מיליטערישע מאַרשן און שכור-לידלעך. מען פילט זיך דאָ זיכער, ווי אונטער אַ שוץ. קריסטאָף פלעג דאָ

זיצן אין אַ גרויסן פּאָטער־שטול ביים פענסטער, מיט אַ בוך אויף די קני איינגעבויגן איבערן בוך, פלעגט ער באַטראַכטן די בילדער. דער טאָג פאַרגייט, אין די אויגן ווערט טונקל, ער הערט אויף אַריינצוקוקן אין בוך און ווערט פאַרזונקען אין אַן אומקלאָרער טרוימעריי. אַ ראָד פון אַ וואָגן סקריפּעס אויפן וועג פון דער ווייטן. אַ קו מעקעט ערגעץ אויף די פעלדער. די שטאָט־גלאָקן קלינגען פויל און פאַרשלאָפן צו אָוונט־תפילה. אַ פאַרבאָרגענע בענקשאַפט, פאַרנעפּלטע פאָרגעפילן דערוואַכן אין האַרצן פונם אין חלומות פאַרוועבטן קינד.

פלוצלינג, — קריסטאָף כאַפּט זיך אויף, באַהערשט פון אַ שטילן אומרו. ער הויבט אויף די אויגן, — נאַכט. ער הערט זיך צו — שטיל, דער זיידע איז נאָר־וואָס אַרויסגעגאַנגען. אַ שוידער לויפט אים דורך איבערן לייב. ער בויגט זיך אַרויס דורכן פענסטער, אפשר וועט ער אים נאָך דערזען: דער וועג איז פוסט, די אַרומיקע זאַכן האָבן באַקומען אַן אימהדיקן אויסזען. גאָט! און אויב דאָס זאָל זיך איצט באַווייזן! — ווער?... ער האָט נישט געקאָנט אָנרופן, וואָס דאָס איז. די פאַרבאָרגענע שרעקלעכע זאַך... די טירן פאַרמאַכן זיך שלעכט, די הילצערנע טרעפּ קרעכצן, פונקט ווי מ׳וואָלט געגאַנגען אויף זיי. דאָס יינגל שפּרינגט אַראָפּ פון זיין אָרט און שלעפּט אַוועק דעם פּאָטער־שטול, די צוויי שטולן און דעם טיש אין ווייטסטן ווינקל פון חדר; ער בויט זיך פון זיי אַ פעסטונג: דעם פּאָטער־שטול שטעלט ער מיטן רוקן צום וואַנט, איין שטול רעכטס, איין שטול לינקס און דעם טיש פון פאָרנט. אין מיטן שטעלט ער אַוועק אַ טאָפּלטן לייטער, און אַרויפקריכנדיק אויפן שפּיץ מיטן בוך און נאָך עטלעכע בענדער, אַלס כלי־זין אין פאַל פון באַלאַגערונג, אָטעמט ער פריי אָפּ, זיכער — אין זיין קינדערשער פאַנטאַזיע, — אַז דער שונא וועט בשום־אופן זיך נישט דורכרייסן דורך דער פעסטונג: עס איז נישט דערלויבט.

אָבער דער שונא איז נישט איינמאָל אַרויסגעקראָכן פון בוך גופא — צווישן די ביכער, וואָס דער זיידע פלעג צונויפקויפן, זענען געווען אייניקע מיט בילדער, וועלכע האָבן געמאַכט אויפן קינד אַ טיפן רושם: זיי האָבן אים געצויגן און בשעת־מעשה געשראָקן. דאָרטן זענען געווען פאַנטאַסטישע בילדער פון די נסיונות וואָס עס איז בייגעשטאַנען דער הייליקער אַנטאָניוס, ווו סקעלעטן פון פויגל זענען געגאַנגען נקיות אין פלעשלעך, מיליאָנען אייעלעך זענען ווי ווערים אַרומגעקראָכן אין צעשפּאָלטענע זשאַבעס, קעפּ זענען גע־

גאַנגען אויף דינע פּיסלעך, ווינטנס האָבן געשאַלט אין טראָמייטן, און קיך-געשיר און פּגרים פון חיות האָבן אַרומגעשפּאַצירט מיט חשיבות, אַרומגעוויקלט מיט גרויסע ליילעכער, באַגריסנדיק זיך, ווי אַלטע דאַמען. קריסטאָף האָט זיך פאַר זיי געשראָקן און דאָך פלעג ער זיך צו זיי שטענדיק אומקערן, געשטויסן פונם עקל, וואָס ער האָט צו זיי געפילט. ער פלעג זיי לאַנג אָנקוקן, וואַרפנדיק פון צייט צו צייט אַ פאַרגנבעטן בליק, כדי צו זען, וואָס עס רירט זיך דאָרטן אין די פאַלדן פון די פאָרהאַנגען. — נאָך עקלדיקער איז געווען פאַר אים אַ בילד פון אַן אָפּגעשונדענעם מענטשן אין אַן אַנאַטאָמיע-בוך. ער פלעג ציטערן איבערצוקערן דאָס זייטל, ווען ער פלעג צוקומען צו דעם אָרט, ווו דאָס בילד איז געווען. אָט די פאָרמלאָזע צייכנונגען האָבן געהאַט אויף אים אַ טיפע ווירקונג. די שעפערישע קראַפט, וואָס געפינט זיך טיף אינעם קינדערשן מוח, האָט די אָרעמקייט פון בילד אויסגעפילט מיט אינהאַלט. ער האָט נישט געזען קיין שום אונטערשיד צווישן אָט די שמירעכצן און דער ווירקלעכקייט. ביינאַכט האָבן זיי געהאַט אַ שטאַרקערע ווירקונג אויף זיינע חלומות, ווי בייטאָג, בעת ער האָט די לעבעדיקע בילדער געזען.

ער האָט זיך געשראָקן פאַרן שלאָף. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָבן אים די קאָשמאַרן פאַרסמט די רו. — ער האָט געבלאָנדזעט איבער קעלערס און געזען, ווי ס'קומט אַריין דער אָפּגעשונדענער מענטש, קריכט דורכן פענסטערל, און מאַכט שרעקלעכע האַוואַיעס. — ער געפינט זיך אַליין אין צימער און ער דערהערט טריט אין קאָרידאָר; ער וואַרפט זיך צו דער טיר, זי גוט צו פאַרשפאַרן, אָבער קוים נעמט ער אָן די קלאַמקע, הויבט אָן עמעצער פון דרויסן צו רייסן די טיר; ער קאָן נישט איבערדרייען דעם שליסל, ער פאַרלירט די כוחות און נעמט רופן הילף. ער האָט גוט געוווסט, ווער עס וויל פון דער צווייטער זייט אַריינגיין. אַן אַנדערש מאָל חלומט זיך אים, אַז ער איז צווישן די אייגענע, און פלוצלינג בייטן זיך זייערע פּנימער און זיי ווערן משוגע. — אָט לייענט ער געלאַסן און דערפילט, אַז אַן אומגעזעען, פאַרבאָרגן באַשעפעניש געפינט זיך אַ ר ו ם אים. ער וויל אַנטלויפן, ער איז געבונדן. ער וויל שרייען — דאָס מויל איז אים פאַרשטאָפּט. אַן עקלדיקע אומאָרעמונג שטיקט אים זיין האַלז. ער כאַפּט זיך אויף אָן אַן אָטעם און קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. אַ לאַנגע צייט

נאָך זיין אויפכאַפּן זיך הערט ער נישט אויף צו ציטערן, און קאָן נישט צו זיך קומען פונם טויט-שרעק.

דאָס צימער, ווו ער איז געשלאָפן, איז געווען אַ קליין קעמערל אָן פענסטער און אָן אַ טיר; בלויז אַן אַלט פאָרהאַנגל איז געהאָנגען ביים איינגאַנג אויף אַן אייזערנעם דראָט, און אָפּגעטיילט עס פון די עלטערנס צימער. די געדיכטע לופט האָט אים געשטיקט, די ברידער, וואָס זענען געשלאָפן מיט אים אין איין בעט, פלעגן אים שטויסן מיט די פיס. זיין קאָפּ פלעג אים ברענען, און ער האָט זיך אונטערגעגעבן דער מאַכט פון פחדימדיקע דמיונות, וואָס אין זיי זענען די קליינע דאגות פון פאַרגאַנגענעם טאָג געוואָרן אומענדלעך גרויס. אין אַ צושטאַנד פון פאַרשאַרפטער נערוון-אָנשטרענגונג, געגרענעצט מיט קאָשמאַר, האָט די לייכטסטע באַוועגונג געבראַנגט גרויסע יסורים. דאָס סקריפּען פון דער פאָדלאָגע האָט אים געשראָקן. זיין פאָטערס אָטעמען האָט זיך פאַרוואַנדלט אין פאַנטאַסטישע קלאַנגען; עס האָט אויפגעהערט צו זיין דער אָטעם פון אַ מענטשן. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס סאָפּעט אַ ריזיקע חיה, וואָס הויערט דאָ נעבן אים. די נאַכט האָט אים געשטיקט; זי וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן, זי וועט שטענדיק אַזוי דויערן; שוין לאַנגע חדשים, ווי ער ליגט דאָ. ער אָטעמט אָפּ, הויבט זיך אונטער אַ ביסל אויפן בעט, זעצט זיך און ווישט אָפּ דעם שווייס פונם פנים מיטן אַרבל פון העמד. טייל מאָל פלעג ער אַ שטופּ טון זיין ברודער רודאָלף, געוואָלט אים אויפוועקן, אָבער יענער פלעג אַ ברום טון, איינוויקלען זיך אין דאָס איבעריקע שטיקל קאָלדרע און ווידער געשמאַק אַנטשלאָפן ווערן.

אַזוי פלעג ער בלייבן אין פיבערישן טויט-שרעק, ביז אַ ווייסער שטראַל פלעג זיך באַוויזן אויף דער ערד אונטערן פאָרהאַנג. די בלייכע דערשראָקענע שיין פון ווייטן באַגינען פלעג אים ברענגען רו און פרידן. ער האָט געפילט, ווי די שיין גליטשט זיך איבערן צימער, נאָך איידער מ׳האָט זי געקאָנט אונטערשיידן פון דער פינסטערניש. די היץ האָט אים אָפּגעלאָזט, זיין בלוט האָט זיך באַרויקט, גלייך אַ טייך, וואָס האָט זיך פונאַנדערגאָסן און קערט זיך אום צוריק אין זיינע ברעגעס; אַ מילדע וואַרעמקייט פלעג דורכנעמען זיין לייב, און זיינע אויגן, וואָס זענען געווען דורכגעפרעסן פון שלאָפלאָזיקייט, פלעגן זיך שליסן.

די צייט פון שלאָפן פלעג ער אָפּוואַרטן אין אָוונט מיט אַ גע-

פיל פון שרעק. ער פלעג ביי זיך באַשליסן, זיך שטאַרקן און אויף צו
זיין אַ גאַנצע נאַכט פון דער שרעק פאַר קאָשמאַרן. אָבער סוף כל סוף
פ.עג אים די מידקייט באַהערשן, און שטענדיק האָבן די שרעק-ביל-
דער זיך באַוויזן גראָד דעמאָלט, ווען ער האָט זיך אויף זיי צום
ווייניקסטן געריכט.

נאַכט פון פחד! אַזוי זיס פאַר ס׳רוב קינדער, אַזוי שרעקלעך
פאַר אַנדערע פון זיי!... ער האָט מורא געהאַט צו שלאָפן. אין שלאָף
צי אויף דער וואָר, שטענדיק האָבן אים אַרומגערינג.ט פחדומדיקע
בילדער, זעענישן פון זיין גייסט, רוחות וואָס שוועבן אַרום אינם בין
השמשות פון דער קינדהייט, ווי אין דער דעמערונג פון אַ קראַנקהייט.
אָבער די אַלע דמיונות האָבן אינגיכן באַדאַרפט פאַרשווינדן פאַר
יענעם גרויסן פחד, וואָס פרעסט אויף אַלע מענטשן און וואָס דער
שכל וויל אים אומזיסט פאַרגעסן אָדער פאַרלייקענען: ד ע ר ט וי ט.

איינמאָל, ווען קריסטאָף האָט גענישטערט אין שאַנק, האָט ער
אָנגעטראָפן מיט דער האַנט אויף פאַרשידענע זאַכן, וואָס ער האָט
זיי פון פריער נישט געקענט: אַ קינדערש קליידל און אַ היטעלע
אין פאַסן. ער האָט זיי מיט אַ געפיל פון נצחון געבראַכט צו דער
מאַמע; אָבער אַנשטאָט אַ שמייכל טון צו אים, האָט זי געמאַכט
אַ בייזע מינע און געהייסן, ער זאָל עס תיכף אָפּטראָגן צוריק,
פונוואַנעט ער האָט עס גענומען. ווען ער האָט אָנגעהויבן פרעגן פאַר-
וואָס, נישט דערפילנדיק באַלד, וואָס זי באַפעלט אים, האָט זי אָן אַ
שום תשובה, אַרויסגעריסן ביי אים די זאַכן פון די הענט, און זיי
אַוועקגעלייגט אויף אַ פּאָליצע, ער האָט נישט געקאָנט דערלאַנגען.
ער איז זייער נייגעריק געוואָרן און צוגעשטאַנען צו איר מיט פראַגן.
לסוף האָט זי אים אויסגעזאָגט, אַז די זאַכן זענען נאָך זיינס אַ ברו-
דערל, וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן, נאָך איידער ער, קריסטאָף,
איז געקומען אויף דער וועלט. דאָס נייעס האָט אים איבעראַשט. ער
האָט קיינמאָל נישט געהערט, מ׳זאָל ווען עס איז רעדן וועגן דעם
דאָזיקן ברודער. ער איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן און באַלד אויף
ס׳ניי אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן דעם עפּעס מער. די מאַמע איז

געווען צערודערט; פונדעסטוועגן האָט זי אים דערציילט, אַז מ׳האָט אים געדופן, ווי אים, — קריסטאָף, נאָר ער איז געווען אַ סך לייטישער. ער האָט איר געשטעלט נאָך פראַגן, אָבער זי האָט מער נישט געוואָלט ענטפערן. זי האָט נאָר צוגעגעבן, אַז דאָס ברודערל איז אויפן הימל און בעט גאָט פאַר זיי אַלעמען. קריסטאָפן האָט זיך ניט איינגעגעבן אַרויסצוקריגן נאָך עפּעס פון איר; זי האָט אים געהייסן שווייגן און נישט שטערן אַרבעטן. זי האָט באמת אויסגעזען זייער פאַרנומען מיט איר נייען; איר פּנים איז געווען אָנגעכמורעט, און זי האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן. נאָר אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זי געוואָרפן אַן אויג צום ווינקל, וווּ ער איז געזעסן אָנגעבלאָזן, אַ שמייכל געטון און אין אַ מילדן טאָן געהייסן אים, ער זאָל גיין אין דרויסן זיך שפּילן.

די אָפּגעריסענע שטיקלעך פון זייער שמועס האָבן קריסטאָפן טיף אויפגערודערט. הייסט עס, אַז ס׳איז געווען אויף דער וועלט אַ קינד, זיין מאַמעס אַ ייִנגעלע, אינגאַנצן אַזאַ ווי ער, וואָס האָט געהייסן דעם זעלבן נאָמען, געווען ענלעך צו אים און — איז געשטאָרבן! — געשטאָרבן; ער האָט אייגנטלעך נענוי נישט געוווּסט, וואָס עס באַטייט; עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך, משמעות. — און קיינמאָל האָט מען וועגן יענעם קריסטאָף נישט גערעדט; ער איז אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. און די זעלבע זאַך וועט זיין, ווען קריסטאָף וועט שטאַרבן? — דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן אויך אין אָוונט, ווען ער ז׳איז געזעסן ביים טיש צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע, און געזען זיי לאַכנדיק און שמועסנדיק וועגן גלייכגילטיקע זאַכן. הייסט עס, מען וועט זיין פרייִלעך אויך נאָך זיין טויט! אָ, ער וואָלט קיינמאָל אין לעבן נישט געגלויבט, אַז זיין מאַמע זאָל זיין אַזאַ עגאָיסטין; זי זאָל נאָך קאָנען לאַכן און זיך פרייען נאָכן טויט פון איר קליין ייִנגעלע! ער האָט זיי אַלע געהאַסט, געהאַט חשק צו באַוויינען זיך אַליין, זיין אייגענעם טויט פאָרויס צו באַוויינען. אין דער זעלביקער צייט האָט ער שטאַרק געוואָלט פאַרוואַרפן זיי מיט אַ רייע פראַגן, ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מוט; ער האָט זיך דערמאָנט, מיט וואָס פאַראַ שטרענגן טאָן די מאַמע האָט אים געהייסן שווייגן. צום סוף האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן; און ווען ער איז גע-

באַנגען שלאָפן, האט ער אַ פרעג געטון לואיזען, וואָס איז געקומען צו זיין בעט אַ קוש צו טון אים פאַרן שלאָף:

— מאַמע, איז ער געשלאָפן אין מיין בעט?

די אָרעמע מוטער האָט אַ ציטער געטאָן, און מיט אַ שטים, וואָס האָט זיך געשטאַרקט צו זיין גלייכגילטיק, האָט זי געפרעגט:

— ווער?

— דאָס קליינע ייִנגעלע... וואָס איז געשטאָרבן, — האָט קרי־סטאָף שטיל געענטפערט.

דער מאַמעס הענט האָבן אים האַסטיק אָנגעכאַפּט:

— שווייג, שווייג! — האָט זי געזאָגט.

איר שטים האָט געציטערט. קריסטאָף האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן איר ברוסט און געהערט, ווי ס'האָט געקלאַפּט איר האַרץ. אַ מינוט האָבן זיי ביידע געשוויגן; זי האָט זיך אָנגערופן:

— מ'דאַרף קיינמאָל מער נישט רעדן וועגן דעם, טייערינקער... שלאָף רויק, ניין, ס'איז נישט זיין בעט.

זי האָט אים אַ קוש געטון; אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איר באַק איז נאַס. ער האָט געוואָלט זיין אין דעם זיכער; דער דאָ־זיקער געדאַנק האָט אים געמאַכט גרינגער אויפן האַרצן; הייסט עס, אַז זי ליידט פון דעם! שפּעטער האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו צווייפלען, הערנדיק, ווי זי רעדט אין שכנותדיקן צימער מיט איר שטילער געוויינלעכער שטים. וועלכעס איז דאָ אמת? צי דאָס, וואָס ס'איז שטענדיק, אָדער דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט אַ ווײַלע פריער? אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך געדרייט אויפן געלעגער און נישט געפונען קיין ענטפער. ער האָט געוואָלט זען, ווי די מאַמע ליידט, ווי זי האָט צער; נישט דערפאַר, ווייל ס'האָט אים נישט ווי־געטון דער געדאַנק, אַז די מאַמע ליידט, נאָר ער וואָלט געפונען אין דעם אַ טרייסט פאַר זיך! ער וואָלט זיך נישט געפילט אַזוי עלנט. — ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און צומאָרגנס וועגן דעם שוין מער נישט געטראַכט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז איינער פון זיינע חברים, וואָס ער פלעג זיך מיט אים שפּילן אין דרויסן, נישט געקומען צו דער גע־וויינלעכער צייט. איינער פון דער חברה האָט דערציילט, אַז דער חבר איז קראַנק, מען האָט זיך צוגעוויינט נישט צו זען אים בעתן שפּילן; די סיבה איז געווען אַ פאַרשטענדלעכע, ס'איז אַ פשוטע

זאַך. — אין אָוונט איז קריסטאָף, ווי שטענדיק, בעגאַנגען שלאָפן; ס'איז נאָך געווען פרי, און פון דעם אַלקער, ווו זיין בעט איז גע־שטאַנען, האָט מען געקאָנט זען דאָס ליכט אין זיין עלטערנס צימער. מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַ שכנטע איז אַריינגעקומען אַ ביסל צו שמועסן. קריסטאָף האָט זיך צוגעהערט מיט איין אויער, און דער־ציילט זיך דערביי, אויף זיין שטייגער, אַ מעשה. נאָר איינצעלנע ווער־טער פונם געשפּרעך זענען דערגאַנגען צו זיינע אויערן. פּלוצלינג האָט ער דערהערט, ווי די שכנטע זאָגט, אַז „ער איז געשטאָרבן". דאָס בלוט איז אין אים געגליווערט געוואָרן, ער האָט פאַרשטאַנען וועגן וועמען דאָ גייט. ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם, זיינע עלטערן האָבן געגעבן אַ געשריי. מעלכיאָר האָט אַ גע־שריי געטון מיט זיין הילכיקער שטים:

— קריסטאָף, דו הערסט? דער אָרעמער פריטץ איז גע־שטאָרבן.

קריסטאָף האָט זיך באַהערשט און שטיל געענטפערט:

— יאָ, פאַפּאַ.

עפּעס האָט אים אין האַרצן פאַרקלעמט, ווי מיט אַ צוואַנג.

מעלכיאָר האָט זיך אָפּגערופן:

— יאָ, פאַפּאַ, דאָס איז אַלץ, וואָס דו געפינסט פאַר נויטיק צו זאָגן? האָסט גאָרנישט דעם מינדסטן צער?

לואיזע, וועלכע האָט פאַרשטאַנען איר קינד, האָט געזאָגט:

— שאַ, לאָז אים שלאָפן!

און מ'האָט ווייטער גערעדט אין דער שטיל. אָבער קריסטאָף האָט אָנגעשטרענגט דאָס אויער און נישט פאַרלוירן קיין איין פּרט... די קראַנקהייט, טיפוס, קאַלטע בעדער, רעדן פון היץ, צער פון די עלטערן. ער האָט נישט געקאָנט אָטעמען; עפּעס אַ קויל איז אים געלעגן אין האַלז און אים געשטיקט; עס האָט אים געשווינדלט; אָט די אַלע שרעקלעכע זאַכן האָבן זיך אים טיף איינגעקריצט אין זיין מח. דער עיקר האָט ער געדענקט, אַז די קראַנקהייט איז אָנשטע־קענדיק, דאָס הייסט, אַז ער אַליין קאָן נאָך שטאַרבן אויפן זעלבן אופן. אַ שווידער איז אים אַריבער דורכן לייב. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט געגעבן פריטצן די האַנט דאָס לעצטע מאָל, ווען ער האָט אים געזען, און אַז דעם אייגענעם טאָג איז ער פאַרבייגע־גאַנגען זייער הויז. — פונדעסטוועגן האָט ער נישט געמאַכט קיין

טומל, כדי איינצושפּאָרן רייד, און ווען דער פּאָטער האָט אים, נאָכ־דעם ווי די שכנטע איז אַוועקגעגאַנגען, געפרעגט: קריסטאָף, דו שלאָפסט?" האָט ער גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געהערט, ווי ־טעלכיאָר האָט געזאָגט צו לואיזען:

— דאָס קינד האָט גאָר קיין האַרץ נישט.

לואיזע האָט נישט געענטפערט; אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי שטיל אויפגעהויבן דעם פאָרהאַנג און אַ קוק געטון צום בעטל. קריסטאָף האָט קוים באַוויזן צו פאַרמאַכן די אויגן און נאָכצומאַכן דאָס רעגלמעסיקע אָטעמען, וואָס ער האָט געהערט פון זײַנע שלאָפנ־דיקע ברידער. לואיזע איז אַוועק אויף די שפּיץ-פינגער. און דאָך, ווי וואָלט ער זי געוואָלט פאַרהאַלטן! ווי וואָלט ער איר געוואָלט דערציילן וועגן זײַן שרעק, בעטן איר הילף, לפּחות באַרויקונג! אָבער ער האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט מען אָפּלאַכן פון אים, טאָמער וועט מען אים האַלטן פאַר אַ פּחדן — איבעריקנס, ער האָט שוין גוט געוווּסט, אַז אַלץ, וואָס מ'וועט אים זאָגן, וועט גאָרנישט העלפן. לאַנגע שעהן איז ער געלעגן אין איין שרעק און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פילט, ווי די קראַנקהייט קריכט אין אים אַריין, קאָפּ-ווייטאָק און דריקעניש אין האַרצן, און ער האָט מיט אַנגסט געטראַכט: „ס'איז מײַן סוף, איך בין קראַנק, איך האַלט ביים שטאַרבן, איך האַלט ביים שטאַרבן!..." איינמאָל האָט ער זיך אונטערגעהויבן אין בעט און שטיל אַ רוף געטון די מאַמען: אָבער זיי זענען געשלאָפן, ער האָט זיך נישט דערוועגט זיי אויפ־צוּוועקן.

פון יענער צייט אָן איז זײַן קינדהייט געוואָרן פאַרסמט מיטן רעיון פון טויט. זײַנע נערוון האָבן אים פאַרשאַפט, אָן אַ שום סיבה, פאַרשידענע מיני מחלות: האַרץ־קלעמעניש, שטעכעניש, שטיקעניש. זײַן פאַנטאַזיע האָט זיך געפּייניקט פון ווייטאָקן; אין יעדן שמערץ האָט ער געזען די ווילדע חיה, וואָס וויל אים צונעמען דאָס לעבן. ויפל מאָל פלעג ער פאַרפּייניקט ווערן, עטלעכע טריט פון דער מו־טער, וואָס איז געזעסן נאָענט נעבן אים, נישט פילנדיק גאָרנישט. ווי שטאַרק ער זאָל נישט לײַדן, איז ער דאָך געווען שטאַרק גענוג צו פאַרבאָרגן אין זיך, צוליב אַ מאָדנעם געמיש פון געפילן: פון שטאָלצ־קייט — נישט צו דאַרפן אָנקומען צו פרעמדער הילף, פון חרפּה, וואָס ער האָט מורא און פון די צוימען פון אַ געפיל, וואָס ער וויל

נישט אָנטון יענעם קיין צער. אָבער ער האָט געטראַכט אָן אויפהער: „דאָס מאָל בין איך טאַקע קראַנק. שווער קראַנק. עס הויבט זיך אָן די אַנגינע"... דאָס וואָרט איז אים צופעליק געבליבן אין זכרון... „גאָט מיינער! נאָר נישט דאסמאָל!...״

אָפטמאָל האָט ער געהאַט פרומע געדאַנקען. ער האָט גערן געגלויבט דאָס, וואָס די מאַמע פלעג אים דערציילן, אַז די נשמה גייט אַרויף נאָכן טויט צו גאָט, און אַז אויב זי איז גוט און פרום, גייט זי אַריין אין גן־עדן. אָבער ער האָט זיך געשראָקן פאַר אָט דער רייזע. ער האָט גאָרנישט מקנא געווען די קינדער, וועלכע גאָט איז מזכה, ווי די מאַמע פלעג דערציילן, רופנדיק זיי צו זיך אין מיטן שלאָף, כדי זיי אויסצולייזן פון דער מאַטערניש פאַרן טויט. איינשלאָפנדיק פלעג ער ציטערן, אַז גאָט זאָל נישט איינפאַלן צו טון מיט אים דעם דאָזיקן חסד. ער האָט געטראַכט, ווי שרעקלעך עס מוז זיין, פלוצלינג צו פילן זיך אַרויסגעריסן פון דעם וואַרעמען בעט, און געשלעפט דורך עפּעס אַ חלל פאַר גאָטס געזיכט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם רבונו של עולם, ווי אַ ריזיקע זון, וואָס רעדט מיט אַ דונערדיקן קול: וואָס פאַר אַ ווייטיקלעכן איינדרוק דאָס מוז מאַכן! ווי ער מוז אויסשרפענען די אויגן, די אויערן, די גאַנצע נשמה! דערביי קאָן גאָט שטראָפן — מ׳קען גאָרנישט וויסן...—איבעריקנס, דאָס האָט נישט אויסגעשלאָסן אַלע איבעריקע פאַרזעענישן, וואָס ער האָט, אייגנטלעך, גוט נישט געקענט, נאָר פון וועלכע ער האָט געהערט שמועסן: וועגן דעם קערפּער, וואָס ליגט אין אַ קאַסטן איינער אַליין, טיף אין אַ גרוב, אַ פאַרגעסענער, אויף איינעם פון די עקלדיקע בית־עלמינס, וווּ מ׳פירט קריסטאָפן תפילה טון... גאָט, גאָט! ווי טרויעריק!...

און פונדעסטוועגן איז אויך דאָס לעבן נישט געווען פריילעך: מ׳האָט געמוזט ליידן הונגער, זען יעדן טאָג דעם טאַטן שכור, כאַפּן קלעפּ, ליידן אַלערליי יסורים — פון דעם רשעות פון אַנדערע קינדער, פון באַליידיקנדיקער רחמנות פון דערוואַקסענע, און נישט פאַרשטאַנען צו זיין פון קיינעם, אפילו נישט פון דער מאַמע. אַלע באַליידיקן דיך, קיינער האָט דיך נישט ליב, ביסט איינער אַליין, אינגאַנצן אַליין, און קיינער רעכנט זיך נישט מיט דיר!—יאָ! אָבער דווקא דאָס האָט אים אָנגעפילט מיטן דראַנג צום לעבן. ער האָט געפילט אין זיך אַ קוואַל פון ברענענדיקן צאָרן. ס׳אַרא מאָדנע קראַפטן! זי איז נאָך

געווען עפּעס ווייט און פאַרשפּאַרט, איינגעהאַלטן און דערשטיקט; ער האָט גאָר קיין השגה נישט געהאַט, וואָס זי איז בכּוח שפּעטער אויפ־צוטון. אָדער זי איז געווען אין אים; ער איז געווען זיכער אין איר; זי האָט אין אים געראַנגלט און געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. מאָרגן, מאָרגן, אָ, ווי זי וועט נקמה נעמען! ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן ברענענדיקן דורשט זיך נוקם צו זיין פאַר אַלדאָס שלעכטס, פאַר גאָר דעם אומרעכט, צו באַשטראָפן די רשעים און אויפצוטון גרויסע זאַכן. „אָ, ווען איך דערלעב נאָר...״ (ער פלעג אַ ביסל נאָכטראַכטן) „ביזן אַכצנטן יאָר!״ טיילמאָל פלעג ער צוגעבן ביז איין און צוואַנציק: ס׳איז געווען די ווייטסטע גרענעץ. ער האָט געגלויבט, אַז עס וועט אים קלעקן צייט איינצונעמען די וועלט. ער האָט געטראַכט וועגן די העלדן, וואָס זענען אים געווען טייער, וועגן נאַפּאָלעאָן און וועגן דעם אַנדערן, וואָס איז געווען ווייטער פון אים, אָבער ליבער, וועגן אַלעקסאַנדער מוקדן. ער וועט אויך זיכער זיין, ווי זיי. אויב ער וועט נאָך לעבן בלויז צוועלף יאָר. ער האָט נישט באַדויערט די, וואָס זענען געשטאָרבן צו דרייסיק יאָר. זיי זענען געווען זקנים, וואָס האָבן געגאָסן פון לעבן, און אויב זיי האָבן נישט אויסגענוצט דאָס לעבן, איז עס געווען זייער שולד. אָבער שטאַרבן איצט — ווי שרעקלעך דאָס איז! ווי גרויס אָבער איז דאָס אומגליק צו שטאַרבן אין די ערשטע קינדער־יאָרן, צו בלייבן אויף אייביק אין דעם זכּרון פון מענטשן אַ קליין יינגל, אויף וועלכן יעדערער האָט דאָס רעכט זיך צו בייזערן — ער האָט ביטער געוויינט, גלייך ער וואָלט שוין באמת געשטאָרבן.

אָט די שרעק פאַרן טויט האָט פאַרביטערט די יאָרן פון זיין קינדהייט. — נישט מער, וואָס זי איז פאַרלייכטערט געוואָרן דורך דער ביטערקייט פון לעבן, דורכן טרויער פון זיין אייגענעם לעבן.

נאָר אין מיטן דער שווערער פינסטערניש פון דער שטיקנדיקער נאַכט, וואָס איז, דאַכט זיך, געדיכטער געוואָרן פון שעה צו שעה, האָט אַ בלייך געטון אַ שיין, ווי אַ פאַרלוירענער שטערן אין די פינסטערע ווייטע־קישן, אַ שיין, וואָס האָט געדאַרפט באַלייכטן זיין לעבן: די געטלעכע מוזיק.

דער זיידע האָט געשענקט זיינע קינדער אַ מתּנה — אַן אַלטע פּיאַנינאָ, אַ שבר־כּלי — וואָס ער האָט באַקומען פון איינעם פון זיינע תּלמידים, וועלכער האָט געוואָלט פון איר פּטור ווערן, און וואָס נאָר דער שטאַרקער געדולד פון אַלטן האָט זי געבראַכט אין כּמעט אַ גוטן צושטאַנד. די מתּנה איז נישט איבעריק פריינטלעך אָנגענומען געוואָרן. לואיזע האָט געטענהט, אַז די שטוב איז אַזוי גענוג קליין, ווען מ׳זאָל זי אפילו נישט אָנשטעלן מיט קיין אַנדערע זאַכן, און מעלכיאָר האָט געזאָגט, אַז דער פאָטער זשאַן מישעל האָט דאָ גאָרנישט דערלייגט: ס׳איז האָלץ צום ברענען. בלויז דער קליינער קריסטאָף איז געווען צופרידן פונם גאַסט, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז אַ מאַגישער קאַסטן, פול מיט ווונדערלעכע מעשות, ווי עס ווערט דערציילט אין דעם בוך „טויזנט און איין נאַכט", פון וועלכן דער זיידע פלעג אים פון צייט צו צייט אַרויסלייענען עטלעכע זייטן, וואָס האָט זיי ביידן פאַרשאַפט נחת־רוח. ער האָט געהערט, ווי דער טאַטע פּרובירט־אויס די קלאַווישן. און ווי זיי לאָזן פּלוצים אַרויס אַ רעגן פון קלאַנגען, גלייך טראָפּנס־וואַסער, וואָס דער ווינט שאָקלט אַראָפּ פון די צווייגן נאָך אַ רעגן. ער האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געשריגן: „נאָך!" אָבער מעלכיאָר האָט מיט ביטול פאַרמאַכט די פּיאַנינאָ און געזאָגט, אַז זי טויג אויף צרות. קריסטאָף האָט זיך נישט איינגעעקשנט, נאָר פון דעמאָלט אָן פלעג ער זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומדרייען אַרום דעם אינסטרומענט. און ווי נאָר מ׳פלעג זיך אָפּקערן, פלעג ער אויפהויבן דאָס דעקל און אַ דריק טון לייכט אַ קלאַוויש, פּונקט ווי ער וואָלט צוגעקוועטשט מיטן פינגער די גרינע סקאָרופּע פון אַ גרויסן וואָרעם. ער האָט געוואָלט אַרויסשלעפּן די חיה, וואָס איז דאָרט פאַרשפּאַרט געווען. טיילמאָל פלעג ער אין איילעניש אַ דריק טון צו שטאַרק, און די מאַמע האָט אַ געשריי געטון: „וועסט נישט זיין שטיל? טשעפּע נישט יעדע זאַך!" פאַרמאַכנדיק דאָס דעקל פלעג ער זיך צוקלעמען אַ פינגער און זיך שטאַרק געקרומט פון ווייטיק, זויגנדיק דעם צוגעקוועטשטן פינגער...

פון דער צייט אָן איז זיין גרעסטע פרייד געווען, ווען די מאַ־

מע האָט געדאַרפט ערגעץ אַוועקגיין בייטאָג אויף אַרבעט אָדער אַרויסגיין אין גאַס. ער פלעג זיך צוהערן צו אירע טריט אויף די טרעפ: זיי דערווייטערן זיך. קריסטאָף איז אַליין. ער עפנט אויף די פיאַנינאָ, רוקט-צו אַ שטול און זעצט זיך; זיינע אָרעמס דערלאַנגען קוים צו דעם הויכן אינסטרומענט — און ס'איז פאַר אים איבערגענוג. צו וואָס וואַרט ער ביז ער בלייבט אַליין? קיינער וואָלט אים דאָך נישט געשטערט צו שפילן, אַבי נאָר ער זאָל נישט אָנמאַכן קיין גרויס טומל. אָבער ער שעמט זיך פאַר אַנדערע. ער האָט נישט קיין מוט. דערצו שמועסט מען כּסדר, מ'דרייט זיך אַרום — דאָס שטערט אים זיין פאַרגעניגן. און ס'איז דאָך אַ סך בעסער, ווען מען בלייבט איינער אַליין!... קריסטאָף האַלט איין דעם אָטעם, די שטילקייט זאָל טיפער ווערן, און אויך דערפאַר, וואָס ער איז אַ ביסל גערירט, גלייך ער וואָלט געגאַנגען שיסן פון אַ האַרמאַט. דאָס האַרץ קלאַפט אים האַסטיק, ווען ער לייגט אַרויף די פינגער אויף די קלאַווישן: טיילמאָל, ווען דער קלאַוויש הויבט זיך אויף, נאָכדעם ווי ער איז געווען צוגעדריקט אַ ביסל, לעגט קריסטאָף אַרויף דעם פינגער אויף אַן אַנדערן. האָט ער דען געוווסט, וואָס פאַר אַ קלאַנג עס וועט אַרויס פון דעם אָדער יענעם קלאַוויש? נאָר פלוצלינג דערהערט זיך אַ קלאַנג: איין קלאַנג איז טיף, אַן אַנדערער — דין און שאַרף, נאָך איינער — קלינגט, און אַנדערע ווידער — ברומען בייז. דאָס קינד הערט זיך צו אַ לאַנגע צייט, ווי איין קלאַנג נאָכן אַנדערן ווערט שוואַכער און גייט אויס; זיי וויגן זיך אין דער לופטן, ווי גלאָקן, וועלכע מען הערט אין פעלד און וואָס דער ווינט ברענגט צוטראָגן זייער שטים און טראָגט זיי אַוועק צוריק; און שפעטער, ווען מען שטעלט אָן דאָס אויער, הערט מען נאָך אַלץ אין דער ווייטקייט שטימען, וואָס מישן זיך צונויף און קרייזן אַרום, ווי דאָס זשומען פון פליגן; עס זעט אויס, ווי זיי וואָלטן זיך גערופן, געצויגן נאָך זיך אין דער ווייטן... אין דער ווייטן... אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז די געהיימע באַהעלטענישן. און זיי ווערן פאַרזונקען און פאַרשווונדן... אָט זענען זיי נעלם געוואָרן!... ניין! זיי מורמלען נאָך אַלץ...

אַ שטילער פליגל-גערויש... ווי מערקווירדיק דאָס אַלץ איז! די קלאַנגען זענען ווי גייסטער, נאָר ווי געהאָרכזאַם זיי זענען, ווי זיי לאָזן זיך עס פאַרשפאַרן, ווי געפאַנגענע, אין דעם אַלטן קאַסטן — ער הויבט עס נישט אָן צו פאַרשטיין!

אָבער צום שענסטן פון אַלץ איז עס דעמאָלט, ווען מען לייגט אַרויף צוויי פינגער אויף צוויי קלאַווישן פּאַר אַמאָל. מ׳קאָן קיינמאָל נישט וויסן, וואָס ס׳וועט אַרויסקומען. טיילמאָל זענען די צוויי גייסטער שונאים צווישן זיך; זיי רעגן זיך אויף, זיי שלאָגן זיך, זיי האַקן זיך, זיי ברומען בייז איינער אויפן אַנדערן; זייער שטים ווערט שטאַרקער; זי שרייט אַמאָל מיט צאָרן, אַמאָל ווידער מיט טרויער. קריסטאָף איז נתפּעל פון זיי. זיי זעען אים אויס, ווי געשמידטע ברואים, וואָס צערייסן די קייטן און ברעכן די ווענט פון זייער תּפיסה; עס דאַכט זיך אים, אַז אָט-אָט צעשמעטערן זיי די ווענט און רייסן זיך אַרויס אין דרויסן, ווי די רוחות, וועגן וואָס זיי דערציילט זיך אין די מעשה ביכלעך; די גייסטער, וואָס ליגן פאַרשפּאַרט אין אַראַבישע קעסטעלעך, פאַרזיגלט מיטן זיגל פון שלמה המלך. אַנדערע קלאַנגען גלעטן דיך; זיי פּלייסן זיך דיך אָפּצונאַרן; אָבער זיי ווילן נישט מער, ווי בייסן און זיי האָבן היץ. קריסטאָף ווייסט נישט, וואָס זיי ווילן: זיי ציען אים צו זיך און צעטומלען אים; ער ווערט כּמעט רויט. — און אַן אַנדערש מאָל ווידער טרעפן זיך טענער פאַרליבטע: זיי נעמען זיך אַרום, ווי מיט הענט, ווען מ׳קושט זיך; זיי זענען באַחנט און זיס. דאָס זענען די גוטע גייסטער; זיי האָבן לאַכנדיקע פּנימער און אָן קנייטשן; זיי האָבן ליב דעם קליינעם קריסטאָף, און דער קליינער קריסטאָף האָט זיי ליב; זיינע אויגן זענען פול מיט טרערן, ווען ער הערט זיך צו צו זייערע שטימען, און ער ווערט קיינמאָל נישט מיד זיי ווידער אַרויסצורופן. זיי זענען זיינע פריינט, זיינע טייערע, צערטלעכע פריינט...

אַזוי בלאָנדזעט אַרום דאָס קינד איבערן וואַלד פון קלאַנגען און עס פילט אַרום זיך טויזנטער פאַרבאָרגענע כּוחות, וואָס גלעטן אים און רופן אים, צערטלענדיק אָדער פאַרשלינגענדיק אים...

איינמאָל האָט אים מעלכיאָר דערשראָקן. קריסטאָף האָט זיך אַ הויב געטון פון שרעק, דערהערנדיק זיין הילכיקע שטים. קריסטאָף האָט געמיינט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ שווערע עוולה, ער האָט געשווינד אויפגעהויבן די הענט צו די אויערן, כּדי זיך צו באַשיצן פון די מוראדיקע פּעטש. אָבער מעלכיאָר האָט זיך דאָסמאָל גראָד נישט בעבייזערט; ער איז געווען אויפגעלעגט און אפילו געלאַכט.

— הייסט עס, אַז דיך אינטערעסירט עס, יינגאַטש איינער? —

האָט ער געפרעגט, גלעטנדיק אים פריינטלעך איבערן קאָפּ. — ווילסט,
איך זאָל דיך לערנען שפּילן?

צי ער וויל!... ער האָט אַרויסגעמורמלט, אַז יאָ. און זיין פּנים
האָט געשטראַלט פון פרייד. זיי האָבן זיך ביידע געזעצט ביים פּיאַני-
נאָ. קריסטאָף איז געזעסן דאָסמאָל אויף אַ הויפן דיקע ביכער און,
אַ פּאַרטיפּטער, אויסגעהערט די ערשטע לעקציע. ראשית-כּל האָט ער
זיך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע ברומענדיקע גייסטער הייסן משונהדיקע
נעמען, איינזילביקע, אָדער אפילו פון איין אות. ס'האָט אים געוווּנ-
דערט, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַנדערע נעמען: שיינע, קלינגענדי-
קע נעמען, ווי די פּרינצעסינס אין די צויבער-מעשהלעך. ס'איז אים
נישט געפעלן געוואָרן די היימישקייט, מיט וועלכער דער פאָטער האָט
גערעדט וועגן זיי. חוץ דעם, ווען מעלכיאָר האָט זיי אַרויסגעבראַכט,
זענען עס געוואָרן אינגאַנצן אַנדערע ברואים; זיי זענען געווען עפּעס
גלייכגילטיק, ווען זיי זענען אַרויסגעקומען פון אונטער זיינע פינגער.
דאָך האָט זיך קריסטאָף מיט גרויס צופרידנהייט דערוווּסט וועגן די
באַציונגען צווישן זיי, וועגן זייער יחוס, וועגן די גאַמעס, וואָס זע-
נען ענלעך צו אַ מלך, וועלכער פירט אָן מיט אַן אַרמיי, אָדער צו
אַ מחנה נעגערס, וואָס מאַרשירן אין רייען. מיט גרויס שטוינונג האָט
ער געזען, אַז יעדער זעלנער, אָדער יעדער נעגער, קאָן ווערן אַ מלך
און זיך שטעלן אָן דער שפּיץ פון אַן אָפּטיילונג, און אפילו פון גאַנ-
צע באַטאַליאָנען, פון איין עק קלאַוויר ביזן צווייטן. עס האָט אים
געוויילט צו האַלטן דעם שנור, אויף וועלכן זיי ציען זיך. אָבער דאָס
איז געווען נאָך קינדישער, ווי דאָס וואָס ער האָט געזען פריער: ער
האָט מער נישט געפונען דעם פאַרכּשופטן וואַלד. פונדעסטוועגן האָט
ער געלערנט מיט חשק, ס'האָט אים נישט געלאַנגווייליקט און דערצו
האָט אים איבערראַשט זיין פאָטערס געדולד. מעלכיאָר איז גאָרנישט
מיד געוואָרן אָנהויבן מיט אים צען מאָל די זעלבע זאַך. קריסטאָף
האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיין טאַטע באַמיט זיך אַזוי: הייסט
עס, אַז דער טאַטע האָט אים ליב? ווי גוט ער איז! דאָס קינד האָט
געאַרבעט, און זיין האַרץ איז פול געווען מיט דאַנקבאַרקייט.

ער וואָלט געלערנט מיט אַ קלענערער התמדה, ווען ער זאָל
וויסן, וואָס עס קומט פאָר ביי זיין לערער אין קאָפּ.

פון יענעם טאָג אָן פֿלעג אים מעלכיאָר מיטנעמען צום שכן, ביי וועלכן זיי פֿלעגן שפּילן דריי מאָל אַ וואָך, נאָך מיטאָג קאַמער-מוזיק. מעלכיאָר האָט געשפּילט ערשטע פֿידל און זשאַן מישעל — וויאָ-לאָנטשעל. די איבעריקע צוויי זענען געווען: אַ באַנק-אָנגעשטעלטער און אַן אַלטער זייגערמאַכער פֿון דער שילער-גאַס. פֿון צייט צו צייט פֿלעג צושטיין צו זיי אויך דער אַפּטייקער מיט אַ פֿלייט. מ׳פֿלעג זיך צוזאַמענקומען פֿינף אַ זייגער און שפּילן ביז ניין. צווישן איין שטיק און דעם צווייטן פֿלעג מען טרינקען ביר. שכנים פֿלעגן קומען און אַוועקגיין, און אָנגעשפּאַרט צו דער וואַנט פֿלעגן זיי זיך צוהערן, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. זיי פֿלעגן צושאָקלען מיט די קעפּ, צוקלאַפּן מיט די פֿיס צום טאַקט און אָנפֿילן דעם חדר מיט רויך-וואָלקנס. איין בלאַט אין געגאַנגען נאָך דעם אַנדערן, איין שטיק — נאָך דעם צווייטן, און די געדולד פֿון די שפּילער פֿלעג גאָרנישט שוואַכער ווערן. מ׳פֿלעג גאָרנישט ניט רעדן, געווען שטאַרק פֿאַרטון, מיט אָנגע-כמורעטע פּנימער, נאָר פֿון צייט צו צייט פֿלעג זיך הערן אַ ברום פֿון נחת-רוח. זיי זענען נישט געווען מסוגל נישט נאָר אויסצודריקן די שיינקייט פֿון אַ שטיק, נאָר אַפילו עס צו פֿילן. זיי האָבן געשפּילט נישט גאָר ריכטיק און נישט גאָר אין טאַקט; אָבער זיי פֿלעגן קיינ-מאָל נישט אָפּווייכן פֿון וועג און שטרענג אָפּגעהיט די פֿאַרשידענע ניואַנסן, וואָס זענען געווען פֿאַרצייכנט אין די נאָטן. זיי האָבן פֿאַר-מאָגט יענע מוזיקאַלישע לייכטקייט, וואָס פֿלעג זיך צופֿרידנשטעלן מיט אַ קלייניקייט, יענע שלמות פֿון דער מיטלמעסיקייט, וואָס טרעפֿט זיך אָפֿט ביי דער ראַסע, וועלכע רעכנט זיך פֿאַר דער מוזיקאַלישסטער אין דער וועלט. זיי האָבן אויך פֿאַרמאָגט דעם הונגער, וואָס איז נישט קיין גרויסער איבערקלייבער אויף דעם איכות פֿון דער שפּייז, אַבי די כמות שטעלט זיי צופֿרידן; זיי האָבן פֿאַרמאָגט יענעם געזונטן אַפּעטיט, וואָס פֿאַר אים איז יעדע מוזיק אַ גוטע, וואָס-מער זי איז גשמיותדיק, — און וואָס מאַכט נישט קיין אונטערשיד צווישן בראַמס און בעטהאָווען אָדער, — אין די ווערק פֿון דעם זעלבן מייסטער, — צווישן אַ פּלאַכן קאָנ-צערט און אַ רירנדיקער סאָנאַטע, ווייל זיי זענען פֿון איין טייג געקנאָטן.

קריסטאָף האָט זיך געהאַלטן אָן אַ זייט, אין אַ ווינקל, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן הינטער דער פּיאַנינאָ. דאָרט האָט אים קיינער נישט געשטערט; ווייל צוצוקומען אַהין האָט מען געדאַרפט קריכן אויף אַלע פיר. ס'איז געווען דאָרט כּמעט פינסטער, און דאָס קינד האָט קוים געהאַט גענוג פּלאַץ צום זיצן צונויפגעקאָרטשעט אויף דער ערד. דער טאַבאַק־רויך פלעג אים אַריין אין די אויגן און האַלז, און אויך דער שטויב, וואָס איז געלעגן אין דיקע שיכטן, ווי שעפּסן־וואָל; אָבער דאָס האָט אים נישט געאַרט; ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, זיצנדיק מיט די פיס אונטער זיך, ווי אַ טערק און פאַרגרעסערנדיק בשעת־מעשה, די לעכער אינם לייוונט פון פּיאַנינאָ מיט זיינע שמוציקע פינגער. נישט אַלץ וואָס מ'האָט געשפּילט איז אים געפעלן, אָבער קיין איין זאַך פון די, וואָס זיי האָבן געשפּילט, איז אים נישט נמאס געוואָרן, און ער האָט זיך קיינמאָל נישט געגעבן קיין טרחה צו פאָרמולירן זיינע מיינונגען, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז צו קליין און קען נאָך גאָרנישט. אַמאָל פלעג אים די מוזיק איינשלעפערן, אַמאָל ווידער אויפמונטערן, אָבער קיינמאָל איז אים גלייכגילטיק נישט געווען. שיינע מוזיק פלעג אים שטענדיק, אָן זיין וויסן, באַגייסטערן. ווען קיינער האָט אים נישט געזען, האָט ער געמאַכט מיטן פּנים משונהדיקע האַוואַיעס; ער האָט געדרייט מיט דער נאָז, געקריצט מיט די ציין אָדער אַרויסגעשטעלט אַ צונג; ער פלעג אָנשטעלן בייזע אויגן אָדער פאַרגלאָצן זיי; ער פלעג טרייסלען הענט און פיס מיט אַ חוצפּהדיקער מינע; ער האָט געהאַט חשק צו מאַרשירן, קלאַפּן, צו מאַכן אַש און בלאָטע פון דער גאַנצער וועלט. ער פלעג אַזוי פיל שטיפן, אַז עס פלעג זיך. סוף כּל סוף באַווייזן אַ קאָפּ איבער דער פּיאַנינאָ און אַ געשריי טון צו אים: „הער נאַר, חברה־מאַן, ביסט אַראָפּ פון זינען? וועסט צורו לאָזן די פּיאַנינאָ? וועסט צונעמען די הענט? איך וועל דיר באַלד אָנרייסן פאַר די אויערן!" — ער פלעג פאַרטעמפּט און בייז ווערן. פאַרוואָס שטערט מען אים זיין פאַרגעניגן? ער האָט דאָך קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון. הייסט עס, אַז ער וועט אייביק

גערודפט זיין! זיין פֿאָטער פֿלעג נאָך צו באַמקען. ער פֿלעג אים פֿאָרוואַרפֿן, אַז ער מאַכט-אָן אַ טומל, און אַז ער האָט נישט ליבֿ די מוזיק. דער סוף איז געווען, אַז ער אַליין האָט אָנגעהויבֿן צו גלייבֿן אין דעם. — גרויס וואָלט געווען די אַנטוישונג פֿון די עטלעכע באַאַמטע, וועלכע זענען געווען באַשעפֿטיקט ביי די קאָנצערטן, ווען עמעצער וואָלט געקומען און זיי דערציילט, אַז דער איינציקער פֿון דער גאַנצער חברה, וואָס פֿילט באמת די מוזיק, איז גאָר דער קליינער קריסטאָף.

אויבֿ זיי ווילן מ׳זאָל זיצן שטיל, פֿאַרוואָס זשע שפּילן זיי זאַכן, וואָס רופֿן צו טאַנצן? עס זענען דאָרט געווען צעגאַלאָפּירטע פֿערד, שווערדן, מלחמה-געשרייען, די שטאָלץ פֿון נצחון; און זיי פֿאַרלאַנגען, ער זאָל בלייבֿן רויק ווי זיי, צושאָקלען מיטן קאָפּ און ציילן דעם טאַקט מיטן פֿוס. זיי האָבן געדאַרפֿט שפּילן שטילע טרוימען אָדער איינע פֿון יענע פּלוידערייען, וואָס רעדן אַ סך, נישט-זאָגנדיק גאָרנישט; אַזעלכע זאַכן פֿעלן דאָך נישט אין דער מוזיק: אָט, למשל, דאָס שטיקל פֿון גאָלדמאַרקן, וואָס דער אַלטער זייגערמאַכער האָט נאָרוואָס גערעדט וועגן דעם מיט אַ צעפֿרידענעם שמייכל: „ס׳איז שיין. דאָ זענען נישטאָ קיין שפּיצן, אַלע קאַנטן זענען פֿאַרגלעט...“ ביי דעם איז דער קליינער געווען זייער שטיל. ער איז שלעפֿעריק געוואָרן. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס מ׳שפּילט; ער האָט אפֿילו אויפֿגעהערט צו צוהערן זיך; אָבער ער איז געווען גליקלעך, זיינע גלידער זענען געוואָרן שווער, ער האָט געטרוימט.

זיינע טרוימען זענען נישט געווען קיין פֿאַרענדיקטע געשיכטעס; זיי האָבן נישט געהאַט נישט קיין אָנהויבֿ, נישט קיין סוף. זעלטן-ווען זיי האָבן פֿאַרמאָגט אַ באַשטימטע פֿאָרם: אָט האָט ער געזען די מאַמע, ווי זי באַקט אַ קיכל און נעמט אַראָפּ מיטן מעסער די צוגעקלעפּטע שטיקלעך טייג פֿון די פֿינגער; — אַ וואַסער-מויז, וואָס ער האָט נעכטן געזען שווימען אין טייך; — אַ בייטש, געמאַכט פֿון אַ ווערבע-צווייג... איין גאָט ווייסט, פֿאַרוואָס די זכרונות זענען גראָד איצט אים אַרויף אויפֿן זינען! — אָבער ס׳רובֿ פֿלעג ער גאָרנישט נישט זען. און דאָך האָט ער געפֿילט אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן פֿון גרויס וויכטיקייט, וועלכע מ׳קאָן נישט אַרויסרעדן, ווייל ס׳איז נישט נויטיק וועגן זיי צו רעדן, ווייל מ׳קען זיי גוט און ווייל זיי זענען און וועלן זיין שטענדיק. עס זענען געווען זאַכן אומעטיקע, אומעטיקע ביז צום טויט-

אָבער ס'איז נישט געווען אין זיי קיין ווייטיקלעכער טרויער, אַזאַ וואָס מען באַגעגנט אין לעבן. זיי זענען נישט געווען מיאוס און עקלדיק, ווי דאַן ווען קריסטאָף כאַפּט פון טאַטן פּעטש, אָדער ווען ער טראַכט מיט אַ קראַנק האַרץ פון חרפּה, וועגן אַ וועלכן ס'ניט איז בזיון: זיי האָבן אויסגעפּילט די נשמה מיט אַ ווייכער מעלאַנכאָליע. עס זענען אויך געווען זאַכן ליכטיקע, וואָס האָבן צעגאָסן אַרום זיך אַ שפע פון פרייד, און קריסטאָף האָט געטראַכט: „יאָ אַזוי איז עס... אַזוי וועל איך אייך שפּעטער מאַכן.” ער האָט נישט געוווסט, וואָס דער „אַזוי” באַטייט און צוואָס ער זאָגט עס; אָבער ער האָט געפילט, אַז ס'איז אַ נויטווענדיקייט צו זאָגן עס, און אַז ס'איז קלאָר, ווי דער טאָג. ער האָט זיך צוגעהערט צום רעש פון אַ ים, וואָס האָט גערוישט נאָענט נעבן אים, אָפּגעטיילט בלויז מיט זאַמד-בערגלעך. קריסטאָף האָט נישט געהאַט די מינדסטע השגה, וואָס איז עס פאַר אַ ים און וואָס, אייגנטלעך, וויל ער פון אים; אָבער ער האָט געהאַט דאָס באַוווסטזיין, אַז דער ים וועט סוף כל סוף דורכרייסן די מחיצה — און דעמאָלט!... דעמאָלט וועט זיין גוט, ער וועט זיין אינגאַנצן גליקלעך, נישט מער ווי זיך צוהערן, וויגן זיך אינם רעש פון זיין מעכטיקער שטים — און אַלע קליינע דאגות און בזיונות וועלן פאַרגעסן ווערן; זיי זענען פאַרבליבן אויף שטענדיק טרויעריק, אָבער זיי האָבן שוין מער נישט באַליידיקט, געקרענקט: אַלץ האָט אויסגעזען נאַטירלעך, כמעט פול מיט צערטלעכקייט.

גאַנץ אָפט איז עס געווען די מיטלמעסיקע מוזיק, וואָס האָט אים פאַרשכורט. די וואָס האָבן געשריבן זי, די מוזיק, זענען געווען קבצנים, וועלכע האָבן קיין שום זאַך אין זינען נישט געהאַט, אויסער צו פאַרדינען געלט אָדער אויסצופילן די פּוסטקייט פון זייער לעבן; זיי פלעגן צוזאַמענשטעלן נאָטן לויט אָנגענומענע כללים, אָדער בכיוון כדי צו זיין אָריגינעל — קעגן די אָנגענומענע כללים. אָבער טענער, ווען אַפילו זיי ווערן געשפּילט פון אַ פּשוטן מענטש, פאַרמאָגן אַזאַ לעבנס-כוח, אַז זיי קאָנען מאַכן אַ שטורם אין אַ נאַאיווער נשמה. עס קאָן זיין, אַז אויך די חלומות, וואָס ווערן דערוועקט דורך קליינע מענטשעלעך, זענען געהיימניספולער און פרייער פון די, וואָס ווערן באַהויכט פון אַ מעכטיקן, שעפערישן געדאַנק, וואָס רייסט אייך מיט מיט זיין קראַפט, מחמת די באַוועגונג און חלל און די פלאַכע פלאַפּלעריי שטערן נישט די נשמה אין אירע אייגענע באַטראַכטונגען...

אַזוי בלייבט דאָס קינד זיצן, עס ווערט פאַרגעסן פון אַלעמען, און אָן אַלעמען פאַרגעסט עס, אינם ווינקל הינטער דער פּיאַנינאָ, — ביז עס דערשפּירט מיטאַמאָל, ווי מוראַשקעס קריכן אים אַרום אין די פּיס. דעמאָלט פלעג ער זיך דערמאָנען, אַז ער איז נאָך אַ קליין יינגל, מיט שוואַרצע נעגל, וואָס רייבט אָפּ דאָס נעזל אָן וואַנט האַלטנדיק בשעת־מעשה די פּיס אין די הענט.

יענעם טאָג, ווען מעלכיאָר איז אַריינגעקומען אויף די שפּיץ־פינגער און געפינען דאָס קינד, זיצנדיק ביי דעם הויכן קלאַוויר, האָט ער אים אַ ווייַלע באַטראַכט, און פּלוצלינג האָט אים אַ געדאַנק אַ בליץ־געטון אין מח: „אַ וואונדער קינד, בנמאנות! ווי איז עס מיר פריער נישט איינגעפאַלן?״ ער איז, אמת, געווען זיכער, אַז דער קליינער איז זייער אַ פּראָסט, אומפעיק יינגל, גערעאָטן אין דער מוטער. אָבער פּרוּבירן קאָסט דאָך גאָרנישט. עס קאָן דאָך אַמאָל טרעפן אַזאַ גליק! ער וועט מיט אים אַרומפאָרן איבער גאַנץ דייטשלאַנד און אפשר נאָך ווער ווייסט, קיין אויסלאַנד. מ׳וועט דעמאָלט לעבן אַ טאָג! און מ׳וועט זיך איינקויפן אין יחוס. — וואָס ער זאָל נישט טון, האָט מעלכיאָר שטענדיק געוואָלט איינקויפן זיך אין יחוס — און עס פלעג זיך אים לכתחילה אויסדאַכטן, אַז ס׳וועט אים גערעאָטן.

מיט זיין געווײנלעכער זיכערקייט אין זיך, האָט ער טאַקע באַלד גלייך נאָכן אָוונט־ברויט, נאָך מיט דעם ביסן אין מויל, פונסניי אָוועקגעזעצט קריסטאָפן פאַר דער פּיאַנינאָ, כדי מיט אים דורכצוגיין נאָכאַמאָל די ביטאָגיקע לעקציע, ביז די אויגן האָבן זיך ביי קריסטאָפן אַזש גע־קלעפּט פון מידקייט. אויף מאָרגן ווידער דאָס אייגענע — דריי מאָל. אַזוי אויך איבערמאָרגן, און — כסדר. קריסטאָפן האָט עס דערעסן. עס איז אים נמאס געוואָרן, ווי דער טויט, און לסוף האָט ער מער נישט אויסגעהאַלטן און זיך גענומען בונטעווען. ס׳איז דאָך אַן אומזין, אים אַזוי צו מאַטערן, צוואָס טויג עס אַרומצוגאַלאָפּירן מיט די פינגער איבער די קלאַווישן, פאַרבייגן דעם גראָבן פינגער, אָדער ריירעוודיקער צו מאַכן דעם קליינעם פינגער, וואָס פלעג זיך נאָך אַלץ פאַרטשעפּען אָן זיינע שכנים. קריסטאָף פלעג אַרויס פון די כלים. קיין שום שיינ־

קייט האָט ער אין דעם נישט געזען. עס זענען פאַרשוווּנדן אָט די אַלע פאַרכשופטע קלאַנגען, די ווונדערלעכע ברואים, וואָס האָבן זיך צו אים אַנטפּלעקט. טרוקענע גאַמען, איינטאָניקע, לאַנגווײַליקע איבוּ-גען האָבן זיך געטוישט איינע נאָך דער אַנדערער, ווי די נודנע שמועסן ביים טיש וועגן די צוגעגעסענע, פון האַלז-קריכנדיקע מאכלים. דאָס יינגל האָט אָנגעהויבן זיך צוצוהערן צום פאָטערס לעקציעס גלייכגילטיק און אָן שום אינטערעס. מען האָט אויף אים געשריגן. אָבער ער האָט ווייטער זייער שלעכט געשפּילט. די קלעפּ אין נאַקן האָבן נישט געבראַכט קיין שום פעולה, ער פלעג דערפון נאָר בייזער און איינגעשפּאַרטער ווערן. איינמאָל האָט ער געהערט, ווי מעלכיאָר פאַנטאַזירט אין צווייטן צימער פאַר זיין הויזגעזינד. די פאַרביטערונג איז שוין דעמאָלט איבערגעגאַנגען יעדע גרענעץ. הייסט עס, אַז נאָר כדי אַרויס-צושטעלן אים ווי אַ געלערנט הינטל מאַטערט מען אים אַזוי און מען צווינגט אים אַ גאַנצן טאָג צו קלאַפּן אויף די אַלטע ביינדלעך, אַז ער האָט אפילו קיין צייט נישט אויף אַ מינוט אַראָפּצוכאַפּן זיך צו זיין ליבן טייך. וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט ער געטון, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי אָנגעזעצט אויף אים? ער איז בייז געוואָרן, באַליידיקט אין זיין שטאָלץ און דורשט נאָך פרייהייט, ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, ער שפּילט נישט מער קיין מוזיק, אָדער ער׳ט שפּילן אַזוי שלעכט, ס׳זאָל דעם טאַטן נמאס ווערן. עס איז אַ שווער שטיקל אַרבעט, אָבער ער מוז עס דורכפירן, ער מוז ראַטעווען זיין פרייהייט!

און טאַקע באַלד, אויף דער נאָענטער לעקציע האָט ער אָנגעהויבן אויסצופירן זיין באַשלוס. בכיוון האָט ער איבערגעהיפּערט און געפעלשט די טענער. מעלכיאָר האָט אויף אים געשריגן, זיך געוואָרפן, און ס׳האָבן אָנגעהויבן צו האָגלען קלעפּ. ביי יעדן פאַלשן טאָן האָט ער מיט דער דיקער ווירע אַראָפּגעלאָזט דעם קינד איבער די פינגער, און בעת-מעשה אים אַזוי אַריינגעהילכט אין אויער, אַז ער האָט אים שיר נישט טויב געמאַכט. קריסטאָף האָט זיך איינגעקאָרטשעט פון ווייטיק, פאַרביסן די ליפּן, נישט אויסצוברעכן אין אַ געוויין; ער האָט זיך מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן און ווייטער געשפּילט, אַריינציענדיק, ביי יעדן קלאַפּ, דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען. ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די מעטאָדע איז פאַלש. מעלכיאָר איז אַזוי איינגע-שפּאַרט געווען, ווי זיין זון, ער האָט געשוואוירן אָפּצוזיצן מיט אים אפילו צוויי טעג און נעכט, און נישט דורכצולאָזן קיין איין פאַלשן

טאָן. דערצו האָט זיך שוין צו בולט אַרויסגעוויזן פאַר מעל־כיאָרן קריסטאָפס כוונה, בעת ער האָט געזען, ווי דעם קינדס הענטל מיידט יעדעס מאָל בכוון אויס דעם ריכטיקן אָרט פון קלאַוויש. און דאַן האָבן זיך די קלעפ פון דער ווירע פאַרטאָפּלט. קריסטאָפן זענען פשוט אָפּגענומען געוואָרן די פינגער. ער האָט פאַרשטיקט דעם געוויין, גע־כליפעט און געשלינגען די טרערן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט אויף אַזאַ אופן גאָרנישט אויספירן, און אַז ער מוז זיך לאָזן אויף אַ פאַרצווייפלטן שריט. און צאַפּלענדיק פון דעם שטורם, וואָס זיין דערקלערונג — האָט ער געוווסט — וועט אַרויסרופן, האָט ער פעסט געזאָגט:

— פאַפּאַ, איך וויל מער נישט שפּילן.

מעלכיאָר איז שיעור פון דער הויט נישט געשפּרונגען.

— וואָס? וואָס? — האָט ער געשריען.

ער האָט אים געריסן פאַרן עלנבויגן, ווי ער וואָלט אים וועלן צעברעכן. קריסטאָף, נאָך שטאַרקער ציטערנדיק, האָט אויפגעהויבן דעם עלנבויגן, צו פאַרשטעלן זיך פאַר די קלעפּ, און איבערגעחזרט:

— איך וויל מער נישט שפּילן, ערשטנס, ווייל איך נישט, מ׳זאָל מיך כסדר שלאָגן, און חוץ דעם...

ער האָט נישט געענדיקט. אַ שרעקלעכער קלאַפּ האָט אים פאַר־האַקט דעם אָטעם. מעלכיאָר האָט געדונערט:

— אַזוי גאָר? דו ווילסט נישט, מ׳זאָל דיך שלאָגן? ווילסט נישט?...

אַ האָגל פון קלעפּ האָט זיך ווידער אַ שאָט געטון.

קריסטאָף האָט געשריען, שלוכצנדיק:

— און חוץ דעם... איך האָב נישט ליב קיין מוזיק!... איך האָב נישט ליב קיין מוזיק!...

ער האָט זיך אַראָפּגעגליטש פון זיין שטול. מעלכיאָר האָט אים ברוטאַל צוריק אַוועקגעזעצט, און שלאָגנדיק מיט דעם קינדס פויסטן אָן פּיאַנינאָ, האָט ער געשריען:

— דו וועסט שפּילן!

און קריסטאָף האָט געשריען:

— ניין, ניין! כ׳וועל נישט שפּילן!

מעלכיאָר האָט לעת־עתּה אָפּגעטרעטן, ער האָט אים אַרויסגע־וואָרפן פון צימער און נאָכגעשריען, אַז ער וועט נישט קריגן צו עסן

אַ גאַנצן טאָג, ניין, אַ גאַנצן חודש, ביז ער וועט נישט איבערחזרן אַלע איבונגען ביז איינער. ער האָט אים אַ שטויס געטון מיטן פוס, אַרויסגעשטופּט אין דרויסן און פאַרהאַקט הינטער אים די טיר.

קריסטאָף האָט זיך געפונען אויף די שמוציקע, פינסטערע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צום בוידעם. אַ קאַלטער צוג-ווינט האָט געבלאָזן דורך אַ צעבראָכן פענסטער, די ווענט זענען געווען שטאַרק פייכט. קריסטאָף האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינעם פון די צעפוילטע טרעפּ; זיין האַרץ האָט זיך געוואָרפן אין זיין ברוסט פון ערגערניש און פאַרדרוס. שטילערהייט האָט ער געזידלט דעם פאָטער:

— אַ חיה, אָט דאָס ביסטו! אַ חיה רעה... אַ פּרא-אדם... אַ רוצח יאָ, אַ רצח... איך האָב דיך פיינט, פיינט! אָך, הלוואי שטאַרבסטו! הלוואי!

זיין האַרץ איז פול געווען. פאַריאושט האָט ער געקוקט אויף די שמוציקע שטיגן, אויף דעם שפּינוועבס, וואָס האָט געציטערט פון ווינט אין דער צעבראָכענער שויב. ער האָט זיך געפילט עלנט און פאַריתומט, און אָן אַ שיעור אומגליקלעך. ער האָט אַריינגעקוקט אין חלל צווישן די באַריערן פון די שטיגן. וואָס וואָלט געווען, ווען ער וואַרפט זיך אַראָפּ אונטן, אָדער ער שפּרינגט אַרויס דורכן פענסטער?.. יאָ, ער וועט זיך נעמען דאָס לעבן — און זאָלן זיי וויסן... אָ, ווי זיי וועלן שוין חרטה האָבן! ער האָט שוין פאַרנומען דעם קלאַפּ פונם אַראָפּגעפאַלענעם קערפּער צווישן די שטיגן. די טיר פּראַלט זיך האַסטיק אויף, האַרצרייסנדיקע קולות געוואַלדעווען: ער איז אַראָפּגע-פאַלן! ר׳איז אַראָפּגעפאַלן! האַסטיקע טריט לאָזן זיך אַראָפּ פון די טרעפּ. טאַטע-מאַמע וואַרפן זיך אַרויף אויף זיין קערפּער און וויינען. די מאַמע קלאָגט: „האָסט אים דערהרגעט!" דער טאַטע פאַרברעכט די הענט, פאַלט אויף די קני, און, שלאָגנדיק זיך קאָפּ אָן וואַנט, שרייט ער: כ׳בין גאָר קיין מענטש נישט! ווי איז מיר! כ׳בין אַ מיאוסער מענטש! די דאָזיקע מחשבות האָבן אַ ביסל פאַרלייכטערט און ווייך געמאַכט זיין האַרץ. ער האָט רחמנות געקראָגן אויף די עלטערן, וואָס באַוויינען אים אַזוי, אָבער באַלד האָט ער זיך מיישב געווען, אַז זיי האָבן עס כשר פאַרדינט, און ווידער אָנגעהויבן זיך נוקם זיין...

ווען ער האָט געענדיקט אָט די מעשה, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער געפינט זיך נאָך אויבן, אויף די טרעפּ, אין דער פינסטערניש. ער האָט נאָכאַמאָל אַראָפּגעקוקט — און ס׳האָט אים אָפּגענומען דער

אַנצער חשק זיך אַראָפּצוּוואַרפן. ער האָט אפילו אַ ציטער געטון פון שרעק און זיך אַ ביסעלע אָפּגערוקט פון באַריער, ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן... דעמאָלט ערשט האָט ער דערפילט, אַז ער איז געפאַנגען און פאַרשפּאַרט אין אַן ענגער תּפיסה, ווי אַ פויגל אין שטייג, אויף אייביק פאַרשפּאַרט — עס איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, סיידן זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט, אָדער זיך אַ מעשה אָנטון און זיך פּייניקן. ער האָט ווידער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען און געריבן מיט די קליינע שמוציקע הענטלעך די אויגן אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך דאָס גאַנצע פּנים איינגעשמירט אין בלאָטע. וויינענדיק אַזוי האָט ער ביסלעכווייז פאַרגעסן דאָס געשעענע און אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן אויף אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געפונען אַרום אים. ער איז אויף אַ ווײלע שטיל געבליבן און גענומען באַטראַכטן די שפּין, וואָס האָט זיך נאָר וואָס גענומען רירן. פּלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט און אויפסניי אָנגעהויבן צו וויינען, אָבער שוין מיט ווייניקער איבערצייגונג און עקשנות. ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין אייגענעם געוויין און מעכאַניש ווידער געשלוכצט, שוין נישט ווייסנדיק פאַרוואָס. ער האָט זיך אויפגעהויבן, דאָס פענסטער האָט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, און מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט נישט אַראָפּצופאַלן חלילה, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ראַם און אָנגעהויבן נאָכצוקוקן די שפּין, וואָס איז אים געווען טשעקאַווע און עקלדיק.

טיף, אונטן, ביים הויז האָט זיך געצויגן דער רהיין. זיצנדיק אויף דעם פענסטער, האָט מען זיך געפונען, ווי הענגענדיק איבערן הימל, וואָס האָט געציטערט אין וואַסער. קיינמאָל האָט קריסטאָף נישט אויסגעמיטן, ווען ער איז דורכגעלאָפן די טרעפּ, אַראָפּצוקוקן אין שטראָם. אָבער קיינמאָל האָט ער אים נישט געזען, ווי איצט. דער צער פאַראיידלט די חושים, פּונקט ווי יעדע זאַך ווערט מסוגל טיפער זיך איינצוקריצן אין אויג, נאָכדעם ווי די טרערן האָבן אַראָפּגעשווענקט די לעצטע שפּורן פון די זכרונות. דער טייך האָט אין זיינע אויגן איצט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיק, אומבאַגרייפלעך באַשעפעניש, און אומגעווײנלעכער און מעכטיקער פון אַלץ, וואָס ער האָט ביז איצט געזען. קריסטאָף האָט זיך צוגעבויגן צום פענסטער, דעם טייך גוט אָנצוקוקן. ער האָט צוגעדריקט זיין נאָז און מויל צו דער שויב. וווּהין גייט ע ר? וווּ פליסט ע ר? וואָס איז ז יי ן באַגער? ער איז אַזוי-

זיכער אין זיך! ער גייט אַזוי רויק זיין וועג! קיין זאַך קאָן נישט אָפּהאַלטן זיין גאַנג. ווער וועט זיך אים אַנטקעגנשטעלן?... יעדע שעה, יעדע רגע, אין רעגן אָדער אויף דער זון, עס מעגן שמחות און טרויערן פּאַרקומען ביים מענטשן — ער שווימט זיך רויק ווייטער; ער פליסט, און קיין שום זאַך אַרט אים נישט, קיין זאַך גייט אים נישט אָן. ער פילט נישט קיין ווייטיק, ער שפילט זיך מיט דער שפּע פון זיינע אייגענע כּוחות. וואָס פאַר אַ תענוג איז עס, צו זיין ווי ער, צו לויפן אין די פעלדער צווישן ווערבע-צווייגן, דורך קליינע בליצנדיקע קיזל-שטיינער, און צו גראָבן אין ברעקלענדיקן זאַמד, אָן ווייטיק, אָן יסורים, פון קיינעם נישט געצוווּנגען — צו זיין פריי!...

מיט אַ גיריקער קנאה האָט דאָס יינגל אַראָפּגעקוקט צום טייך און זיך צוגעהערט צו זיין גערויש. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער טייך רופט אים און ציט אים צו זיך. ווען ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, האָט ער געזען פאַר זיך אַ שפּיל פון פאַרבן: בלוי, גרין און גאָלד און גרויסע פליענדיקע שאָטנס און ליכט-פלעקן. די זעאונגען האָבן אָנגעהויבן זיך געשטאַלטיקן און אָננעמען בולטע פאָרמען. אָט איז אַ ברייטער פליין, טייך-ריטלעך און תבואה-כוואַליעס, וואָס וויגן זיך אויפן ווינט און שמעקן מיט גראָז און מיענטע. אומעטום — בלומען, קאָרן-בלומעלעך, מאָן-בלומען און פיילכלעך. ווי שיין דאָס איז! ווי געשמאַק די לופט איז! ווי גוט איז זיך אויסציען אין געדיכטן, ווייכן גראָז! קריסטאָף פילט אַ תענוג אין האַרצן, ער איז אַ ביסל מבולבל, ווי אין די ימים טובים, ווען דער פאָטער גיסט אים אַריין אין אַ גרויסן גלאָז אַ ביסל רהיין-ווין... דער טייך ציט זיך ווייטער. די לאַנדשאַפט האָט זיך געביטן... מען זעט בוימער, וואָס בויגן זיך איבערן טייך און טובלען אין אים זייערע פאַרשפּיצטע בלעטער, פונקט ווי קליינע צאַרטע הענטלעך, וואָס ציטערן און דרייען זיך אין וואַסער. אַ פאַרשלאָפן דאָרף צווישן בוימער שפּיגלט זיך אין וואַסער, ציפּריסן און צלמים ווינקען פון איבערן ווייסן בית-עלמין-מויער, וואָס שווענקט זיך אין שטראָם. און אָט זעען פעלזן, בערג-קייטן, ווייַנגערטן אויף די משופּעדיקע הויכקייטן, אַ יאָדלע-וואַלד און חורבות פון אַלטע שלעסער... און אָט זעען ווידער פעלדער, כוואַליעס תבואה, פייגל, זון....

דער גרויסער גרינער שטראָם ציט זיך כּסדר פאַרביי קריסטאָפן. ער איז געאייניקט, דער טייך, ווי אַ געשלאָסענער געדאַנק, אָן כוואַ-

ליעס, כמעט אָן פאַלדן, זיינע וואַסערן שפיגלען זיך מיט אַ לייכטנ-דיקן, פולן גלאַנץ, קריסטאָף האָט אויפגעהערט צו זען. ער האָט פעסט צוגעמאַכט די אויגן, צו פאַרנעמען אים מיטן געהער. דער אומאויפהערלעכער רעש פון טייך צעמישט אים; ס׳שווינדלט אים אין קאָפּ. ער פילט זיך פאַרשלונגען פון דעם מעכטיקן, אייביקן חלום. איבערן אָפּגרונט פון די ברויזנדיקע כוואַליעס טראָגן זיך לייכטע ריטמען מיט שווינדלענדיקער פרייד. פון די ריטמען הויבט זיך אויף אַ מוזיק, ווי דער וויינשטאָק, וואָס פלעכט זיך אַרום אַ גראַטע: אַקאָרדן פון זילבערנע סטרונעס, וויינענדיקע פידלען, און דורך טרערן שמייכלענדיקע פלייטן מיט פאַררונדיקטע טענער... די לאַנדשאַפטן זענען פאַרשווונדן. דער טייך איז פאַרשווונדן. אַ מאָדנע זיסע בין השמשות-לופט שוועבט אַרום. קריסטאָפס האַרץ ווערט ברייטער און ציטערט פון אויפרעגונג. וואָס זעט ער אַצינד? אַ! וואָס פאַר אַ ליבלעכע פנימער! אַ מיידעלע, אַ שוואַרץ-לאָקיק רופט אים ווייך און שפּאָטיש... דאָס בלייכע געזיכט פון אַ בלוי-אויגיק יינגל קוקט אים טרויעריק אָן. טייל אויגן שמייכלען, אַנדערע, נייגעריקע, חוצפהדיקע, — וואָס מאַכן רויט זיין פנים, טרייע און אומעטיקע אויגן, ווי דער געטרייער בליק פון אַ הונט, און אויגן באַפעלנדיקע, און אויגן פול מיט ווייטיק... און אָט איז אַ בלייך פנים פון אַ פרוי, מיט שוואַרצע האָר, געשלאָסענע ליפּן, מיט אויגן גרויסע, וואָס צעגיסן זיך איבערן גאַנצן פנים, זיי עסן זיך איין מיט אַ טיפער ווייטיקלעכער קראַפט. און די טייערסטע פון אַלע, אָט די וואָס לאַכט צו אים מיט אירע קלאָרע גרויע אויגן, דורך עטוואָס-געעפנטע ליפּן, מיט בלאַנקענדיקע ציינדלעך... אַך, דער געליבטער צערטלעכער שמייכל פול מיט פאַרגעבונג! עס צעגייט דאָס האַרץ פון גוטסקייט, ווי גוט איז צו זיין געליבט! נאָך! שמייכל נאָך צו מיר, טייערסטע; גיי קיינמאָל נישט אַוועק!...

אַך! עס איז פאַרשווונדן! נאָר אין האַרץ איז אַ שמחה, נישט-אויסצודריקן. יעדער ווייטיק, יעדער טרויער איז פאַרשווונדן. ס׳איז גאָרנישט פאַראַן חוץ אַ שטילן חלום, אַ צערטלעכע מוזיק, וואָס פלאַטערט און שוועבט, ווי די זומער-פעדים אין דער זון-ליכט אין אַן אלול-טאָג... — וואָס איז דאָ געשען? וואָס פאַר אַ געשטאַלטן זענען דאָ אַדורך, וואָס האָבן פול געמאַכט דאָס האַרץ פון קינד און עס דורכגענומען מיט אַ זיסן שוידער? ער האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געזען; און דאָך האָט ער זיי געקענט: ער האָט זיי דערקענט. פון וואַ-

בעט זענען זיי געקומען? פון וועלכן פינסטערן אָפּגרונט פון דער עקזיסטענץ זענען זיי אַרויפגעשווומען? צי פון דעם, וואָס איז שוין לאַנג פאַרשוווּנדן? אָדער וואָס ס'וועט ערשט קומען?

אַצינד איז דאָס אַלץ אויסגעלאָשן. אַלע פאָרמען האָבן זיך אויפגעלייזט... ווידעראַמאָל, ווי דורך אַ טוי-שלייער טוט זיך אַ גאָס דער שטראָם און פאַרהילט זיך צוריק, ווי ער וואָלט זיך אַצינד געטראָגן אין דער לופטן; ער איז אַרויס פון די ברעגעס, באַדעקט די פעלדער און שטראָמט רויק, לאַנגזאַם, מאַיעסטעטיש, כמעט אָן באַוועגונג, און ווייט-ווייט, ווי אַ שטאָלענער גלאַנץ אין האָריזאָנט ציט זיך דער וואַסער-שפּיגל, ווי אַ שנור פון ציטערנדיקע כוואַליעס. — דער ים, דער טייך שטראָמט אַראָפּ צו אים, ווי ער וואָלט געאײַלט אַנטקעגן אים. ער פליסט אַריין אין אים. ער פאַרשווינדט... די מוזיק שטורעמט-אויף. ער בענקט נאָך אים, שיינע טאַנץ-ריטמען שוועבן אַרום באַפליגלטע אין דער לופטן. מיט נצחון און פרייד זאַפּן זיי אין זיך איין און פאַרשלינגען אַלץ אַרום. דער באַפרייטער גייסט שניידט דורך דעם רוים, ווי שוואַלבן שכורע פון ליכט טומלען זיך אין די לופט-כוואַליעס און טראָגן זיך איבערן הימל מיט גרילצענדיקע געשרייען: גליק! גליק! נישטאָ קיין אַנדער זאַך אַחוץ גליק אָן אַ גריל!

שעהן זענען פאַרביי, עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. די טרעפּ זענען איינגעזונקען אין דער נאַכט. רעגן-טראָפּנס האָבן אויפן טייך-שפּיגל אָנגעהויבן מאַכן קרייזלעך, וואָס דער שטראָם האָט זיי טאַנצנדיק אַוועקגעטראָגן. ווען-נישט-ווען האָט זיך אַ צווייגל אָדער אַ שטיקל שוואַרצע קאָרע פאַרבייגעטראָגן און אָן גערויש פאַרשוווּנדן. אַ געזעטיקטע האָט זיך די רוצחישע שפּין פאַרוקט אין אַ פינסטערן ווינקל. — און דער קליינער קריסטאָף איז נאָך אַלץ געזעסן איינגעקאָרטשעט אויפן פענסטער מיט זיין בלאַסן, איינגעשמירטן און פון טיפן גליק שיינענדיקן פּנים. ער איז געשלאָפן.



# III

E la faccia del sol nascere ombrata
Parg xxx.

און דאָס פּנים פֿון דער זון, בעת איר אויפֿגײן,
איז פֿאַרפֿינסטערט געוואָרן.
דאַנטע פּאָפּ XXX

ער האָט געמוזט נאָכגעבן. נישט געקוקט אויף זיין שטאַרקן האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד, האָבן די קלעפּ דאָך גובר געווען זיין עק־שנות. דריי שעה יעדן אינדערפרי און דריי שעה יעדן אָוונט האָט קריסטאָף געמוזט זיצן ביים פּייניקונג־אינסטרומענט. איינגעקאָרטשעט פון אָנשטרענגונג און פאַרדרוס, מיט גרויסע טרערן, וואָס האָבן זיך געקייקלט איבער זיינע באַקן און נאָז, פלעג ער אַרומלויפן איבער די ווייסע און שוואַרצע ביינדלעך מיט זיינע קליינע רויטע הענטלעך אָפּט פאַרפרוירן פון קעלט, אין דער אייביקער סכנה, וואָס האָט געלויערט אויף אים מצד דער ווירע, וואָס פלעג נאָך יעדן פאַלשן טאָן אַראָפּלאָזן אַ קלאַפּ, און מצד די געשרייען פונם לערער, וואָס ער האָט נאָך מערער פיינט געהאַט, ווי די קלעפּ. ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז די מוזיק האָט ער פיינט בתכלית השנאה. און פונדעסטוועגן האָט ער געלערנט מיט גרויס התמדה, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט דערקלערן אפילו מיט זיין שרעק פאַר מעלכיאָרן. געוויסע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פון זיין זיידן, האָבן געמאַכט אויף אים אַ טיפן רושם. דער אַלטער, זעענדיק ווי זיין אייניקל וויינט, האָט אים איינמאָל אַ זאָג געטון מיט יענער וויכטיקייט, וואָס ער פלעג באַנוצן אפילו אין אַ שמועס מיט אַ קינד, אַז ס'איז כדאי אויסצושטיין אַ ביסל צרות פאַר דער שענסטער און איידלסטער קונסט, וואָס איז געגעבן די מענטשן צו זייער טרייסט און רום. קריסטאָף איז געווען זייער דאַנקבאַר דעם זיידן פאַר זיין שמועסן מיט אים, ווי מיט אַ גרויסן, און טיף אין זיך איז ער גערירט געווען פון די נאַיווע ווערטער, וואָס האָבן געשטימט מיט זיין קינדערשן סטאָאיציזם און דערוואַכנדיקן שטאָלץ.

אָבער מער ווי אַלע אַרגומענטן האָט אים צוגעבונדן, קעגן זײַן אייגענעם ווילן, דער טיפער זכרון פון געוויסע מוזיקאַלישע עמפּפינדונגען; זיי האָבן אויף לעבן־לאַנג פאַרשקלאַפט אים צו דער פאַרהאַסטער קונסט, וואָס קעגן איר האָט ער בחנם געפּרווווט זיך צו ווערן.

ווי דער שטייגער איז אין דייטשלאַנד, איז אויך אין דער שטאָט געווען אַ טעאַטער, וואָס האָט געשפּילט אָפּערעס, קאָמישע אָפּערעס, אָפּערעטעס, דראַמעס, קאָמעדיעס, וואָדעווילן און בכלל אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט שפּילן, פון אַלע מינים און פאָרמען. די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען דריי מאָל אַ וואָך, פון זעקס ביז ניין אין אָוונט. דער אַלטער זשאַן־מישעל האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין פאָרשטעלונג, און פאַר אַלע געהאַט איין און דעם זעלבן אינטערעס. איינמאָל האָט ער מיטגענומען מיט זיך זיין אייניקל. אַ לאַנגע צייט פאַר דעם האָט ער אים באריכות דערציילט וועגן דעם שטיק. קריסטאָף האָט דעמאָלט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען, ער האָט נאָר געוווּסט, אַז דאָרט וועלן פאָרקומען שרעקלעכע זאַכן, און ברענענדיק אינגאַנצן פונם חשק זיי צו זען, האָט ער זיך בשעת מעשה געשראָקן און נישט געהאַט קיין מוט זיך מודה זיין אין דעם. ער האָט געוווּסט, אַז דאָרט וועט פאָרקומען אַ שטורם און מורא געהאַט, אַז אַ דונער זאָל אים נישט דערשלאָגן, ער האָט געוווּסט, אַז ס׳וועט פאָרקומען אַ שלאַכט און נישט געווען זיכער, אַז ער וועט נישט דערהרגעט ווערן. ליגנדיק אין בעט ערב דעם באַשטימטן טאָג, האָט ער זיך שוין געשראָקן נישט אויף קאַטאָוועס, און אין דעם טאָג פון דער פאָרשטעלונג האָט ער כמעט געבעטן גאָט, אַז ס׳זאָל זיך מאַכן דעם זיידן עפּעס אַ מניעה אין וועג. אָבער ווען די שעה איז געקומען, און דער זיידע איז נאָך אַלץ נישט געווען, האָט ער אָנגעהויבן אומרויק ווערן, און יעדע ווײַלע בעקוקט דורכן פענסטער. לסוף איז דער זיידע געקומען, און זיי זענען ביידע אַרויסגעגאַנגען. זיין האַרץ האָט זיך געוואָרפן אין ברוסט, די צונג איז אים טרוקן געוואָרן, און ער האָט נישט געקאָנט רעדן קיין וואָרט.

זיי זענען צוגעקומען צו דעם געהיימסניספולן בנין, וואָס וועגן אים האָט מען אַזוי אָפט גערעדט ביי זיי אין דערהיים. ביים אַריינגאַנג האָט זשאַן מישעל געטראָפן עטלעכע באַקאַנטע, און דער קליינער, וואָס האָט פאַר גרויס מורא, טאָמער פאַרפירט ער אים — אים געהאַלטן פעסט פאַר דער האַנט, האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין,

ווי אַזוי קאָן מען עס רויק רעדן און לאַכן אין אַזאַ מאָמענט.

דער ציידע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שטענדיקן אָרט, אין דער ערשטער רייע, גלייך ביים אָרקעסטער. ער האָט זיך אַרי־בערגעבויגן איבער דער באַלוסטראַדע און זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגן שמועס מיטן קאָנטראַבאַס. ער איז דאָ געווען ווי ביי זיך אין דער היים; מען האָט זיך דאָ צוגעהערט צו זיינע ווערטער, אים גע־האַלטן פאַר אַ מומחה אין הלכות מוזיק; און ער פלעג עס אויס־נוצן, מ׳קאָן זאָגן, אָפטמאָל אַפילו איבער דער טבע. קריסטאָף איז נישט געווען בכח זיך צוצוהערן. ער איז געווען דערשעפט פון אומ־געדולד און געוואַרט אויפן אָנהויב פון דער פאָרשטעלונג; ער איז איבערראַשט געוואָרן פונם אויסזען פון טעאַטער־זאַל, וואָס האָט אין זיינע אויגן פּרעכטיק אויסגעזען, און פונם גרויסן שטראָם מענטשן, וואָס האָט שרעקלעך געררישט. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אויס־צודרייען דעם קאָפּ, ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלעמענס בליקן זענען אָנגעשטעלט אויף אים. ער האָט קאָנוולסיוו צונויפגעקנייטשט זיין קליין היטל צווישן די קני, און זיינע גרויסע אויגן האָבן זיך אָנ־געהאָנגען אויף דעם פאַרכשופטן לייוונט, וואָס פאַר אים.

לסוף האָט מען דריי מאָל אַ קלאַפּ געטון. דער ציידע האָט אויסגעשנייצט די נאָז און אַרויסגעשלעפט פון זיין טאַש דאָס ליברע־טאָ, וואָס ער פלעג לייענען וואָרט ביי וואָרט מיט אַזאַ גענויקייט, אַז טיילמאָל פלעג ער צוליב דעם נישט קוקן אַ צייט אויף דער סצע־נע. דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. באַלד פון די ערשטע טענער האָט זיך קריסטאָף דערפילט אַ באַרויקטער. אין דער מלוכה פון קלאַנגען האָט ער זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים, און פון דער מינוט אָן — כאָטש דער גאַנצער ספּעקטאַקל איז געווען פרעמד און משונהדיק — האָט אַלץ ביי אים אויסגעזען נאַטירלעך.

דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן, אָפּגעדעקט בוימער פון קאַרטאָן און מענטשן, וואָס זענען נישט געווען פיל נאַטירלעכער, ווי די בוימער. דער קלייגער האָט געקוקט, און דאָס מויל האָט זיך אים צעעפנט פון וווּנדער; אָבער איבערראַשט איז ער נישט געווען, הגם די האַנדלונג איז פאָרגעקומען אויפן לעגענדאַרן מזרח, וועגן וועלכן ער האָט נישט געהאַט קיין שום השגה. די פּאָעמע האָט אייגנטלעך פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ נאַריש געמיש, וואָס ס׳איז אוממעגלעך אין אים זיך פונ־אַנדערצוקלייבן. קריסטאָף האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען; אין קאָפּ האָט

זיך אים אַלץ צוזאַמענגעמישט; ער האָט פאַרביטן איין פּערזאָן אויף אַ צווייטער, געצויגן דעם זיידן פאַרן אַרבל און געשטעלט אים משונהדיקע קלאָץ־קשיות, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז ער הויבט זיך נישט אָן פונאַנדערצוקלייבן. און דאָך — נישט נאָר, וואָס ער האָט זיך נישט געלאַנגווייליקט, נאָר ס'האָט אים, אדרבא, ליידנשאַפטלעך פאַראינטערעסירט. לויט דעם נאַרישן ליברעטאָ האָט ער זיך פון אייגענער פאַנטאַזיע אויפגעבויט אַ ראָמאַן, וואָס האָט אייגנטלעך נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דעם, וואָס מ'האָט געשפּילט; אמת, אַלע ווילדע האָבן די געשעענישן אויף דער סצענע אָפּגעלייקנט זיינע געדאַנקען, און ער האָט געמוזט אָנהויבן זיי פון דאָס ניי, אָבער דאָס האָט אים נישט צעטומלט. צווישן די מענטשן, וואָס האָבן זיך באַוועגט אויף דער סצענע און זיך פשוט געריסן ביי די גאָרגלען שרייענדיק, האָט ער זיך אויסגעקליבן עטלעכע, וואָס האָבן געפונען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן, און ער האָט מיט האַרצקלאַפּעניש נאָכגעפאָלגט נאָך זייער גורל. מער פון אַלע האָט געפאַנגען זיין האַרץ איין יפהפיה, אגב, נישט זייער קיין יונגע, מיט לאַנגע, פלאַקערדיק־בלאָנדע האָר, מיט אומגעווייינלעך־גרויסע אויגן און באָרוועסע פיס. די אומגעלומפּערטע סתירות פון דער אינסצעניזירונג האָבן אים נישט שאָקירט. זיינע שאַרפע אויגן האָבן גאָרנישט באַמערקט די משונהדיקע מיאוסקייט פון די אומנאַטירלעך-גרויסע און דיקע אַקטיאָרן; נישט באַמערקט די צעדרייטע לאָריסטקעס, וואָס זענען אין קיין שום פרט נישט געווען אין אָרדנונג און געווען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען; נישט די לעכערלעכקייט פון די זשעסטן, פון די פנימער, וואָס זענען געוואָרן רויט און אָנגעשוואָלן פון די מוראדיקע געשרייען, פון די גרויסע פאַרוקן, נישט די הויכע קנאַפּל פונם טענאָר און נישט — לסוף — די שמינקע פון זיין געליבטער דאַמע, וואָס איר פנים איז געווען טאַטואירט מיט פאַרשידנפאַרביקע בלייפעדערס. ער איז געווען אין דער לאַגע פון אַ פאַרליבטן, וואָס זיין ליידנשאַפט לאָזט אים נישט צו זען ניכטער דעם געליבטן אָביעקט. די ווונדערלעכע קראַפט פון אילוזיע, וואָס איז אַזוי נאַטירלעך ביי קינדער, האָט נישט צוגעלאָזן קיין שום שלעכטע איינדרוקן און האָט זיי, לויט איר ווילן, איבערגעאַנדערשט.

מער פון אַלץ האָט די מוזיק אויפגעטון אָט דעם ווונדער. זי האָט פאַרשלייערט די זאַכן מיט אַ נעפּלדיקער אַטמאָספער, ווו אַלץ

האָט אויסגעזען שיין, איידל און ווי עס דאַרף צו זיין. זי האָט דער־וועקט אין דער נשמה אַ ברענענדיקן דורשט ליב צו האָבן, און אין דער אייגענער צייט געוועבט פאַר דער ליבע זעאונגען, כּדי אויסצו־פילן דעם תּהום, וואָס זי אַליין האָט אויפגעעפנט. דער קליינער קריסטאָף איז געווען אויסער זיך פון התפּעלות. עס זענען דאָ געווען אַזעלכע ווערטער, זשעסטן, מוזיקאַלישע פראַזן, וואָס האָבן אויף אים געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. ער האָט זיך נישט דערוועגט אויפצו־הייבן די אויגן, נישט געוווסט צי דאָס איז גוט אָדער שלעכט; די פאַרב פון זיין פּנים האָט זיך כּסדר געביטן פון רויט אויף ווייס; מאָמענטנווייז זענען אים טראָפּנס שווייס אַרויס אויפן שטערן און ער האָט געציטערט פאַר שרעק, טאָמער באַמערקן די אַלע מענטשן, וואָס זענען דאָ פאַראַן, זיין צעטומלטקייט. ווען ס'זענען אין פערטן אַקט פון דער אָפּערע אָנגעקומען די אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפעס, וואָס פאַלן געוויינלעך אויף די קעפּ פון די פאַרליבטע, כּדי צו געבן די מעגלעכקייט דעם טענאָר און די פּרימאַדאָנע זיך צו באַווייזן מיט דער פּראַכט פון זייערע העכסטע טענער,—האָט דאָס קינד געמיינט, אַז עס ווערט דערשטיקט; ס'האָט אים ווי געטון אין האַלז, ווי ער וואָלט זיך פאַרקילט; ער האָט זיך מיט די הענט געטאַפּט ביים האַלז, נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען דעם שפּייעכץ. די טרערן האָבן אים גע־שטיקט אין האַלז. זיינע הענט און פיס האָבן אים ווי אָפּגענומען פון קעלט. צום גליק איז דער זיידע געווען נישט ווייניקער נתפּעל פון אים, ער האָט געשעפּט נחת פון טעאַטער מיט דער נאַאיוויקייט פון אַ קינד. אין די דראַמאַטישע ערטער פלעג ער אָפּהוסטן מיט אַ גלייכ־גילטיקער מינע, צו פאַרבאָרגן זיין אויפרעגונג; אָבער קריסטאָף האָט עס געזען, און ס'האָט אים הנאה געטון. ס'איז געווען זייער הייס, קריסטאָף איז געפאַלן פון די פיס פאַר מידקייט, דערצו איז אים גע־ווען נישט באַקוועם צו זיצן. אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, צי וועט עס נאָך לאַנג דויערן? הלוואי זאָל עס זיך נאָר נישט ענדיקן!

און פּלוצים האָט זיך אַלץ געענדיקט, ער קאָן נישט פאַרשטיין פאַרוואָס. דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, אַלע הייבן זיך אויף, דער כּישוף איז פאַרשוווּנדן.

זיי זענען געגאַנגען אַהיים שפּעט ביינאַכט, אָט די צוויי קינ־דער, דער אַלטער און דער יונגער. סאַר אַ שיינע נאַכט! וואָס פאַר

אַ בלייכע לבנה־שיין! זיי האָבן ביידע געשוויגן, און איבערגעחזרט אַלץ אין זכרון. לסוף האָט דער אַלטער געזאָגט:

— ביסט צופרידן, קליינער?

קריסטאָף האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט ענטפערן; ער איז נאָך אַלץ געווען צעטומלט פון איבעראַשונג, און נישט געוואָלט רעדן, נישט צו צעשטערן דעם כּישוף. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און אַרויסגעמורמלט זייער שטיל, מיט אַ טיפן זיפץ:

— אָ, יאָ!

דער אַלטער האָט אַ שמייכל געטון. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געענטפערט:

— זעסטו שוין, סאַראַ וווּנדערלעכע זאַך ס'איז די מלאכה פונם מוזיקער? צו שאַפן אַזעלכע ווערק, אַזעלכע וווּנדערלעכע ספּעקטאַ-קלען—קאָן גאָר זיין עפּעס העכער דערפון? דאָס הייסט דאָך פּשוט צו זיין אַ גאָט אויף דער ערד.

דער קליינער איז נשתומם געוואָרן. וואָס? אָט דאָס האָט גע-שאַפן אַ מענטש! און ער האָט אַזוי גאָרנישט געטראַכט. ס'האָט זיך אים כּמעט געדאַכט, אַז דאָס איז אויפגעקומען פון זיך אַליין, אַז עס איז אַ ווערק פון דער נאַטור!... אַ מענטש, אַ מוזיקער! אַזאַ ווי ער אַליין וועט אַמאָל ווערן! אָך! ווען ער קאָן זיין כאָטש איין טאָג, כאָטש איין איינציקן טאָג! און שפּעטער... וואָס עס זאָל נישט זיין! אפילו שטאַרבן, אויב מ'דאַרף! ער האָט געפרעגט:

— ווער האָט דאָס אַלץ געמאַכט?

דער זיידע האָט אים דערציילט וועגן פראַנץ־מאַריאַ האַסלער, אַ יונגן דייטשן קינסטלער, וואָס האָט געוווינט אין בערלין, וועמען ער האָט אַמאָל געקענט. קריסטאָף האָט אויפגעשטעלט מויל און אויערן. פּלוצלינג האָט ער געזאָגט:

— און דו, זיידע?

דער אַלטער האָט אַ ציטער געטון.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— צי האָסטו אויך געמאַכט אַזעלכע זאַכן?

— געוויס — האָט געענטפערט דער אַלטער מיט אַ ברוגזדיקער שטים.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, און עטלעכע טריט ווייטער האָט ער טיף אָפּגעזיפצט, ס'איז געווען דאָס אָנגעווייטאָגסטע אָרט אין זיין

לעבן. כל ימיו האָט ער געשטרעבט אָנצושרייבן עפּעס פאַרן טעאַטער, נאָר די געטלעכע שטימונג האָט אים שטענדיק געגאַרט. ער האָט אמת געהאַט צווישן זיינע כתבים איין אָדער צוויי אַקטן, וואָס ער האָט פאַרפאַסט; אָבער ער האָט אַזוי ווייניק געגלויבט אין זייער ווערט, אַז ער האָט קיינמאָל קיין מוט נישט געהאַט צו ווייזן זיי עמעצן אויף מבינות.

מער האָבן זיי נישט גערעדט קיין וואָרט, ביז זיי זענען געקומען אַהיים. די נאַכט זענען זיי ביידע נישט געשלאָפן. דעם אַלטן האָבן געמאַטערט זיינע ווייטיקן. כדי זיך צו טרייסטן האָט ער געגנומען די ביבל; — קריסטאָף, ליגנדיק אין בעט, האָט זיך ווידער דערמאָנט אַלע געשעענישן פונם אָונט; ער האָט אויפגעלעבט די קלענסטע פּרטים, אויך דאָס מיידל מיט די באָרוועסע פיס האָט זיך אים באַוויזן. ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים איינשלאָפן, האָט אים אַ מוזיק-פראַזע אָנגעהויבן צו קלינגען אין די אויערן מיט אַזאַ דייטלעכקייט, גלייך דער אָרקעסטער וואָלט דאָ, נעבן זיין בעט, געשפּילט. ער האָט אַ ציטער געטון און זיך אויפגעהויבן; דער קאָפּ איז אים שכור געווען פון מוזיק, און ער האָט געטראַכט: „ס'וועט זיין אַ צייט, ווען איך וועל אויך שרייבן, איך! אוי צי וועט עס מיר נאָר געלינגען?"

פון דער צייט אָן האָט קריסטאָף געהאַט נאָר איין פאַרלאַנג: צו זיין נאָכאַמאָל אין טעאַטער; ער האָט געגומען שפּילן מיט שטאַרקערער התמדה, ווען מ'האָט אים דערפאַר צוגעזאָגט מיטצונעמען אין טעאַטער. ער האָט מער וועגן קיין אַנדערע זאַכן נישט געטראַכט: די ערשטע העלפט וואָך פלעג ער טראַכטן וועגן דער פאָרשטעלונג, וואָס ער האָט שוין געזען, און די אַנדערע העלפט וואָך פלעג ער טראַכטן וועגן דער פאָרשטעלונג, וואָס וועט ערשט פאָרקומען. ער פלעג ציטערן, טאָמער וועט ער פאַר דער פאָרשטעלונג קראַנק ווערן, און זיך איינרעדן דריי פיר קראַנקהייטן מיטאַמאָל. ווען דער דאָזיקער טאָג פלעג קומען האָט ער קיין מיטאָג נישט געגעסן, נאָר אַרומגעבלאָנדזעט פון אָרט צו אָרט, ווי אַ נשמה אין כף-הקלע, צענדליקער מאָל געקוקט אויפן זייגער, און אַלץ געמיינט, אַז דער אָוונט וועט שוין מסתמא, קיינמאָל נישט קומען; לסוף פלעג ער מער נישט אויסהאַלטן און אַרויסלויפן פון שטוב אַ שעה פאַרן אָנהויב, מיט דער מורא, טאָמער געפינט ער קיין אָרט נישט; און ווי נאָר ער איז דער ערשטער געקומען אין ליידיקן זאַל האָט ער באַלד אָנגעהויבן אומרויק צו ווערן. דער זיידע האָט אים

געהאַט דערציילט, אַז אַ פּאָר מאָל האָט שוין געטראָפֿן, אַז עס איז געקומען זייער אַ קלײנער עולם, און די שפּילער האָבן בעסער אומגעקערט דאָס געלט פֿאַר די בילעטן און נישט געשפּילט. ער האָט נאָכגעקוקט די אַרײַנקומענדיקע, געציילט זיי: „דריי און צוואַנציק, פֿיר און צוואַנציק, פֿינף און צוואַנציק... אָ, ס'איז נאָך ווייניק... עס וועט שוין אַזוי שטענדיק זײַן ווייניק!“ און ווען ער פֿלעג זען אַרויפֿגיין אויף אַ באַלקאָן אָדער אין פּאַרטער עפּעס אַ חשובן מענטשן, פֿלעג אים גרינגער ווערן אויפֿן האַרצן; ער האָט געזאָגט צו זיך: „אָט אָ דעם, וועלן זיי נישט האָבן קיין העזה צוריקצושיקן. פֿאַר אים וועלן זיי געוויס שפּילן.“ — אָבער ער איז נאָך אַלץ נישט געווען פֿולשטענדיק זיכער; ער פֿלעג זיך ערשט באַרויִקן, ווען די מוזיקאַנטן האָבן פֿאַרנומען זייערע ערטער אין אָרקעסטער. ער פֿלעג נאָר אַלץ ביז דער לעצטער מינוט מורא האָבן, טאָמער הויבט זיך אויף דער פֿאָרהאַנג, און מ'גיט צו וויסן וועגן געוויסע שנוים אין דער פֿאָרשטעלונג, אַ זאַך, וואָס האָט שוין אויך אַמאָל געטראָפֿן. ער האָט געקוקט מיט זײַנע קלײנע אויגן פֿון אַ רויב-פֿויגל אויף דעם שטענדער פֿון דעם קאָנטראַבאַס, כּדי צו זען, צי דער טיטל אויפֿן נאָטן-העפֿט איז דער אייגענער, ווי דער נאָמען פֿון דער פֿאָרשטעלונג. און אין צוויי מינוט אַרום, נאָכדעם ווי ער האָט עס געזען, האָט ער שוין אַהין ווידער געקוקט אומרויִק, צי האָט ער נישט געהאַט קיין טעות... דער קאַפּעלמייסטער האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט. ער איז זיכער קראַנק... אונטערן פֿאָרהאַנג האָט מען זיך כּסדר באַוועגט, ס'האָט זיך געטראָגן פֿון דאָרטן אַ רעש פֿון קולות און אײַלנדיקע טריט. צי איז דאָרט נישט געשען אַמאָל אַן אומגליק?... נאָר אָט איז ווידער שטיל. דער קאַפּעלמייסטער זיצט שוין אויף זײַן אָרט. דאַכט זיך, אַז אַלץ איז שוין סוף כּל סוף פֿאַרטיק... ער האָט געבּרענט פֿון אומגעדולד; — לסוף דערהערט זיך דער סיגנאַל. דאָס האַרץ נעמט אים האַסטיק קלאַפּן. דער אָרקעסטער שפּילט דעם פֿאָרשפּיל, און אין משך פֿון עטלעכע שעה שווימט קריסטאָף אַרום אין אומענדלעכן גליק, וואָס ווערט פֿאַרשטערט נאָר פֿון דעם איינציקן געדאַנק, אַז באַלד וועט זיך עס ענדיקן.

אינגיכן האָט אַ ניי געשעעניש אין דער מוזיקאַלישער וועלט אויפגערודערט קריסטאָפס נשמה. פראַנץ מאַריאַ האַסלער, דער מחבר פון דער ערשטער אָפּערע, וואָס האָט געמאַכט אויף קריסטאָפן אַזאַ רושם, איז געקומען צו פאָרן. ער האָט געדאַרפט דיריגירן אויף אַ קאָנצערט פון זיינע אייגענע ווערק. דאָס שטעטל האָט געקאָכט ווי אַ קעסל. וועגן אָט דעם יונגן מוזיקער האָט מען אין דייטשלאַנד זיך זייער שטאַרק מתווכח געווען, און אין משך פון פופצן טעג נאָך איידער ער איז געקומען, האָט מען געהאַלטן אין איין רעדן וועגן אים. דער טומל פאַרשטייט זיך איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען ער איז לסוף געקומען. ביי מעלכיאָרן און ביים אַלטן זשאַן-מישעל האָט זיך די טיר אַ גאַנצן טאָג נישט פאַרמאַכט, און אָן אויפהער זענען פריינט אַריין און אַרויס, נאָכפרעגנדיק זיך נייעס אָדער מיטברענגענדיק גוזמאות און סתם באָבע-מעשות וועגן די מאָדנע רגילותן פונם מוזיקער. דאָס קינד האָט זיך צוגעהערט צו די דערציילונגען מיט אַ ליידנשאַפטלעכער אויפמערקזאַמקייט. דער געדאַנק, אַז דער גרויסער מאַן געפינט זיך דאָ, אין זיין שטאָט, אַז ער אָטעמט מיט דער זעלבער לופט, אַז ער טרעט איבערן זעלבן ברוק, אָט דער געדאַנק האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ צושטאַנד פון שטומער התפעלות. איצט האָט ער געלעבט מיט דער איינער האָפנונג אים צו זען.

האַסלער איז פאַרפאָרן אין פאַלאַץ, ווּהין דער גרויספירשט האָט אים גאַסטפריינטלעך איינגעלאַדן. ער איז די גאַנצע צייט אין ערגעץ נישט אַרויסגעגאַנגען, אַחוץ אין טעאַטער אויף די פראָבעס, ווּהין מ'האָט קריסטאָפן נישט אַריינגעלאָזן, און מחמת פוילקייט פלעג ער שטענדיק פאָרן הין און צוריק אין דעם פירשטס קאַרעטע. קריסטאָף האָט דעריבער געהאַט גאַנץ ווייניק אויסזיכטן אים צו טרעפן; בלויז איין איינציק מאָל האָט זיך אים איינגעגעבן צו כאַפּן אַ קוק טיף אין דער קאַרעטע, בעת זי איז פאַרבייגעפאָרן, אויף זיין פעלץ, — כאָטש ער פלעג לאַנגע שעהן אָפּוואַרטן אויף דער גאַס, שטויסנדיק זיך מיט די עלנבויגנס אויף רעכטס, אויף לינקס, פאָרנט און הינטן, כדי זיך דורכצושלאָגן דורכן גרויסן עולם נייגעריקע און פאַרבלייבן שטיין אין דער ערשטער רייע. ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער פלעג אָפּשטיין האַלבע טעג פאַר די פענסטער פון פאַלאַץ, אויף וועלכע, מ'האָט בעזאָגט, אַז זיי געהערן צום מייסטערס צימער. אָבער מער ווי די לאָדנס האָט ער נישט געזען. ווייל האַסלער פלעג אויפשטיין שפּעט,

און די פֿענסטער זענען פֿאַרבליבן פֿאַרמאַכֿט כֿמעט אַ גאַנצן פֿרימאָרגן. דעריבער טאַקע האָבן באַהאַוונטע מענטשן דערציילט, אַז האַסלער פֿאַר־טראַכֿט נישט דעם טאָג און ער לעבט אין אייביקער נאַכֿט.

לסוף איז קריסטאָפֿן באַשערט געווען צו זען פֿון דער נאָענט דעם העלד. ס׳איז געווען אין טאָג פֿונם קאָנצערט. די גאַנצע שטאָט איז געקומען. דער גרויספֿירשט און זיינע הויף־לייט האָבן פֿאַרנומען די גרויסע פֿירשטלעכֿע לאָזשע, באַפּוצט מיט אַ קרוין, וואָס צוויי דיקע כּרובֿים מיט רונדיקע פּיסלעך האָבן געהאַלטן אין דער לופֿטן. דאָס טעאַטער האָט אויסגעזען יום־טובֿדיק. די בינע איז באַצירט געווען מיט דעמבּ־צווייגן און בליענדיקע לאָרבער. אַלע מוזיקאַנטן, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען אין שטאָט, האָבן געהאַלטן פֿאַר אַ כּבֿוד צו באַטייליקן זיך אין אָרקעסטער. מעלכֿיאָר האָט פֿאַרנומען זיין אָרט, און זשאַן מישעל האָט דיריגירט מיט די כֿאָרן.

ווען האַסלער האָט זיך באַוויזן אויף דער בינע, האָט זיך פֿון אַלע זייטן אויפֿגעהויבן אַ שטורעם פֿון אַפּלאָדיסמענטן, און די דאַמען האָבן זיך אויפֿגעשטעלט פֿון די ערטער, אים בעסער צו זען. קריסטאָף האָט אים געפֿרעסן מיט די אויגן. האַסלער האָט געהאַט אַ יונג שיין פּנים, אָבער שוין אַ ביסל געקנייטשט און פֿאַרמאַטערט. די האָר אויף זיינע שלייפֿן זענען געווען אויסגעקראָכֿן, און אַ פֿריצייטיקער פּליך האָט געגלאַנצט צווישן זיינע בלאָנדע, געקרייזלטע האָר. זיינע בלויע אויגן האָבן אומזיכֿער אַרומגעבלאָנדזשעט. ער האָט געהאַט קליינע בלאָנדע וואָנסעלעך און אויסדרוקספֿולע ליפּן, וואָס זענען זעלטן געווען אין באַוועגונג. אומרויִקע ליפּן, וואָס האָבן אָן אויפֿהער געצוקט אין טויזנטער אומבאַמערקטע באַוועגונגען. ער איז געווען הויך, אָבער איינגעבויגן, נישט מחמת שעמעוודיקייט, נאָר פּשוט צוליבֿ מידקייט אָדער לאַנגווייליקייט. ער האָט דיריגירט מיט אַ קאַפּריזער לייכֿטקייט, וויגנדיק זיך מיטן גאַנצן מגושמדיקן גוף, און איבערגעוואָרפֿן זיך, פּונקט ווי זיין מוזיק, פֿון רויִקע, ווייך־לאַשטשענדיקע זשעסטן אין האַסטיק מיאוסע באַוועגונגען. מ׳האָט געזען, אַז עס איז שרעקלעך נערוועזיש, און אַז זיין מוזיק שפּיגלט ער אָפּ אויסגעצייכֿנט. אָט דאָס צאַפּלדיקע און קאַפּריזע לעבן האָט זיך טיף איינגעקריצט אין דעם שטענדיקאַפּאַטישן אָרקעסטער. קריסטאָף האָט שווער געאָטעמט; כֿאָטש ער האָט מורא געהאַט צו ציען אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט, האָט ער דאָך נישט געקאָנט איינזיצן אויף אַן אָרט; ער האָט זיך געדרייט, אַלע

ווײַלע זיך אויפגעהויבן פון אָרט. די מוזיק האָט געדרעדט צו אים מיט אַזאַ אומגעריכטער מיטרײַסנדיקער שפּראַך, אַז נישט ווײַלנדיק האָט ער געוואָרפן מיטן קאָפּ, מיט די הענט און פיס, צום גרויסן פאַריבל פון זײַנע שכנים, וואָס האָבן זיך, ווי נור אײנער האָט געקאָנט, באַשיצט פון זײַנע אָנפאַלן. אגב, איז דאָס גאַנצע פּובליקום געווען באַגײַסטערט און מיטגעריסן, — נישט אַזוי פון האַסלערס ווערק, ווי פון זײַן גרויסן שם און דערפאָלג. לסוף איז אויסגעבראָכן אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטן און אויסגעשרײען, וואָס די טרומייטן פון אָרקעסטער האָבן, לויט דעם דײַטשן מנהג, באַגלײט מיט זײערע טריומף־קולות, כדי צו באַגריסן דעם זיגער. קריסטאָף האָט געציטערט פון שטאָלץ, גלײַך דער גאַנצער כבוד וואָלט געווען פונזײַנעטוועגן. ער האָט זיך געפרײט צו זען אויף האַסלערס פּנים אַ קינדערשע שמחה. דאַמען האָבן געוואָרפן בלו־מען, מענער האָבן געפּאָכעט מיט זײערע היטלען, און דער גאַנצער עולם האָט געשטראָמט צו דער בינע. יעדערער האָט געוואָלט דריקן דעם מײַסטער די האַנט. קריסטאָף האָט געזען, ווי אײנע אַ באַגײַ־סטערטע פרוי האָט מיט ענטוזיאַזם צוגעטראָגן זײַן האַנט צו אירע ליפּן, און אַ צווײטע האָט צוגעכאַפּט דאָס טאַשן־טיכל, וואָס האַסלער האָט געהאַט איבערגעלאָזן אויף זײַן שטענדער. ער האָט אויך געוואָלט צו־גײן נעענטער צו דער בינע, הגם ער האָט אַלײן נישט געוווּסט פאַר־וואָס; ווען ער וואָלט אין דעם מאָמענט זיך געפונען נאָענט צו האַס־לערן, וואָלט ער אויף זיכער אַנטלאָפן פאַר אויפרעגונג און שרעק. און דאָך האָט ער זיך געשטויסן ווילד מיטן קאָפּ, ווי אַ באָק, אין די קלײדער און פיס, וואָס האָבן אים אָפּגעטײלט פון האַסלערן, — ער איז געווען צו קלײן. ס׳האָט זיך אים נישט אײַנגעגעבן דורכצושפּאַרן.

צום גליק איז דער זײדע צוגעקומען צו אים, בעת מ׳איז אַרויס פונם קאָנצערט, מיטצונעמען אים אויף אַ סערענאַדע, וואָס מ׳האָט אײַנגעאָרדנט לכבוד האַסלערן. ס׳איז געווען נאַכט, מען האָט אָנגע־צונדן שטורקאַצן. אַלע מיטגלידער פון אָרקעסטער זענען דאָרט געווען. מ׳האָט געהאַלטן אין אײן שמועסן וועגן דעם פּראַכטיקן ווערק, וואָס מ׳האָט הײַנט געהערט. זײ זענען צוגעקומען צום פּאַלאַץ און אָן אַ טומל זיך אַוועקגעשטעלט אונטער די פענסטער פון קינסטלער. מ׳האָט די אַלע הכנות געמאַכט אין דער שטיל, הגם ס׳איז פאַר קײנעם קײן סוד נישט געווען, און האַסלער האָט פּונקט ווי אַנדערע געוווּסט, וואָס מ׳האָט דאָ געפּלאַנעוועט. אין דער הערלעכער שײנקײט פון דער נאַכט

האָבן זיי אָנגעהויבן צו שפּילן באַוווּסטע פראַגמענטן פון האַסלערן. ער האָט זיך באַוויזן אין פענסטער צוזאַמען מיטן פירשט, און מ׳האָט זיי מקבל-פּנים געווען מיט הילכיקע אויסגעשרייען. ביידע האָבן באַגריסט דעם עולם. „ס׳איז אַרויסגעקומען אַ באַדינער און אין פירשטס נאָמען איינגעלאַדן די מוזיקער אין פּאַלאַץ. זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך זאַלן, וואָס זייערע ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט בילדער פון נאַקעטע מענער מיט פּאַנצערס, וואָס זענען רויט-ברוין געווען און געהאַט אַ העלדיש אויסזען. דער הימל איז באַדעקט געווען מיט געדיכטע וואָלקנס, ענלעך צו שוואָמען. עס זענען דאָרט אויך געווען מענער און פרויען פון מירמלשטיין מיט בלעכענע פּאַרטוכער. — זיי האָבן ווייך געטראָטן איבער די טעפּיכער, אַז מ׳האָט קוים געהערט זייערע טריט און לסוף זענען זיי אַריין אין אַ זאַל, ווו ס׳איז געווען ליכטיק ווי בייטאָג, און ווו די טישן זענען געווען געדעקט און אָנגעשטעלט מיט אַלערליי געטראַנקען און כּל טוב.

דאָרט איז געווען דער גרויספירשט, אָבער קריסטאָף האָט אים נישט געזען: ער האָט כּסדר געקוקט אויף האַסלערן. האַסלער איז אַרויסגעגאַנגען מקבּל פּנים זיין די מוזיקער און האָט זיי געדאַנקט; ער האָט געזוכט ווערטער, זיך פּאַרפּלאָנטערט אין אַ זאַץ און זיך געראַטעוועט מיט אַ לצנישן וויץ, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ שטאַרק געלעכטער. מ׳האָט זיך געזעצט צום טיש. האַסלער האָט איינגעלאַדן צו זיך פיר אָדער פינף קינסטלער, דער עיקר האָט ער אויסגעטיילט קריסטאָפס זיידן און אים געזאָגט עטלעכע לויב-ווערטער: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זשאַן-מישעל איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן זיינע ווערק, און געזאָגט, אַז אָפט פלעג ער הערן רעדן וועגן אים פון זיינעם אַ פריינט, זשאַן מישעלס אַ געוועזענעם תּלמיד. דער אַלטער האָט זיך געשמאָלצן פאַר נחת, און געדאַנקט אים אָן אַ שיעור. ער האָט אַזוי פיל איבערגעטריבן האַסלערס שבחים, אַז נישט געקוקט אויף זיין גרויסער באַוווּנדערונג פאַרן מייסטער, האָט זיך דער קליינער דאָך געפילט פאַרשעמט. פונדעסטוועגן האָבן האַסלערן, משמעות, גאָרנישט געוווּנדערט די גוזמאדיקע לויב-געזאַנגען און ער האָט זיי אָנגענומען פאַר ליב און נאַטירלעך. לסוף האָט דער זיידע זיך אינגאַנצן פאַרלוירן אין זיין רעדע, ער האָט אַ צי געטון קריסטאָפן פאַרן הענטל און אים פאָרגעשטעלט פאַר האַסלערן. האַסלער האָט אַ שמייכל געטון צו קריסטאָפן, און אים אַ גלעט געטון

נאַכלעסיק איבערן קעפּ; דערהערנדיק אָבער, אַז דער קליינער האָט ליב זיין מוזיק און אַז איידער האַסלער איז געקומען, איז ער פון אומ-געדולד לאַנגע נעכט נישט געשלאָפן, האָט ער אים גענומען אין די אָרעמס און פריינטלעך אים אויסגעפרעגט. קריסטאָף, רויט פון גליק און שטום פון אויפרעגונג, האָט נישט געהאַט קיין מוט צו קוקן אים אין די אויגן. האַסלער האָט אים אָנגענומען פאַרן קין און אויפגעהויבן אים דעם קאָפּ. קריסטאָף האָט זיך אָנגעטון אַ כוח, אַ קוק געטון אויף אים און זיך צעלאַכט, ווען ער האָט דערזען, אַז האַסלערס אויגן זע-נען גוטע און לאַכנדיקע. ער האָט זיך געפילט אַזוי גליקלעך, אַזוי וווּנדערלעך-גליקלעך אין די אָרעמס פון זיין טייערן, גרויסן מאַן, אַז ער האָט זיך אַזש צעוויינט. האַסלערן האָט טיף גערירט די דאָזיקע נאַיווע ליבע, ער איז געוואָרן נאָך האַרציקער, אַרומגענומען קריסטאָפן און גערעדט צו אים מיט אַ מוטערלעכער צערטלעכקייט, אַריינגע-וואָרפן בשעת-מעשה לצנותדיקע ווערטלעך, געקיצלט אים, כדי אים לאַכנדיק צו מאַכן. קריסטאָף האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער אינמיטן וויינען. ער איז באַלד געוואָרן מיט האַסלערן זייער היימיש און אָן שום פאַרלעגנהייט אים געענטפערט אויף זיינע פראַגן. ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיך, וועגן זיינע קליינע פּלע-נער, — גלייך ער און האַסלער וואָלטן געווען אַלטע גוטע פריינט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער וויל ווערן אַזאַ מוזיקער ווי האַסלער, שאַפן שיינע זאַכן, ווי ער, און ווערן אַ גרויסער מענטש. קריסטאָף, וואָס איז שטענדיק געווען אַ שעמעוודיקער, האָט גערעדט איצט מיט אַ פולשטענדיק צוטרוי; ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער רעדט, געווען אין אַ צושטאַנד פון באַגייסטערטער התפעלות. האַסלער האָט געלאַכט פון זיין פּלוידעריי און אים געזאָגט:

— אַז דו וועסט זיין אַ גרויסער און וועסט ווערן אַ גוטער מו-זיקער, זאָלסטו קומען צו מיר אין בערלין. איך וועל פאַר דיר עפּעס טון.

קריסטאָף איז געווען אַנטציקט און נישט געקאָנט ענטפערן. האַסלער האָט זיך גערייצט מיט אים:

— דו ווילסט נישט?

קריסטאָף האָט געשאָקלט ענערגיש מיטן קאָפּ, אַ פינף זעקס מאָל, אויף יאָ.

— נו, איז אָפּגעמאַכט?

קריסטאָף האָט ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— גיב-זשע מיר כאָטש אַ קוש!

קריסטאָף האָט פאַרוואָרפן זיינע הענט אַרום האַסלערס האַלז און אים אַרומגענומען מיט אַלע כּוחות.

— דו, מחבל, מאַכסט מיך אײנגאַנצן נאַס! לאָז-אָפּ! וויש בעסער אָפּ דאָס נעזל!

האַסלער האָט געלאַכט און אַליין אים אָפּגעווישט די נאָז. דער קליינער איז געווען פאַרשעמט און גליקלעך. האַסלער האָט אים אַראָפּגעלאָזן אויף דר'ערד, אָנגענומען אים פאַר דער האַנט, צוגעפירט צום טיש, אָנגעשטאָפּט אים פולע קעשענעס מיט נאַשוואַרג און אָפּגעלאָזן אים מיט די ווערטער:

— זיי געזונט! געדענק, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט.

קריסטאָף איז געשווימען אין אַ ים פון גליק. די גאַנצע וועלט האָט פאַר אים איצט נישט עקסיסטירט. ער האָט זיך שפּעטער גאָרניט געקאָנט דערמאָנען, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען אין יענעם אָוונט; ער האָט מיט ליבשאַפט נאָכגעקוקט יעדע ענדערונג אויף האַסלערס פּנים, יעדע באַוועגונג זיינע. איין וואָרט נאָר איז אים שטאַרק אַריין אין קאָפּ. האַסלער האָט געהאַלטן אַ טאָסט, און זיין פּנים איז פּלוצלינג פאַרקרימט געוואָרן. ער האָט געזאָגט:

— אין אַזעלכע פריידיקע טעג לאָמיר נישט פאַרגעסן אין אונזערע שונאים. נישט זיי האָבן מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר זענען נישט צעטרעטן געוואָרן, און נישט מיר זענען בכח זיי אומצוברענגען... און דעריבער הויב איך אויף מיין כּוס, און טרינק לכבוד דעם, וואָס עס זענען פאַראַן מענטשן, פאַר וועמעס געזונט... מיר טרינקען נישט!

דער גאַנצער עולם האָט אַפּלאָדירט און געלאַכט פון דעם אייגנאַרטיקן טאָסט; האַסלער האָט מיטגעלאַכט און געווינען ווידער זיין אויפגעלעגטע שטימונג. אָבער קריסטאָפן איז געוואָרן נישט היימלעך. הגם ער האָט זיך נישט דערוועגט צו משפּטן די מעשׂים פון זיין העלד, האָט אים געקרענקט, וואָס יענער טראַכט וועגן מיאוסע זאַכן אין אַ צייט, ווען ער דאַרף וועגן דעם נישט טראַכטן, אין אַן אָוונט, ווען אַלע פּנימער און געדאַנקען דאַרפן שיינען פאַר פרייד. אָבער דער איינדרוק איז געווען אַ פאַרנעפּלטער; ער איז תּיכּף אָפּגעווישט געוואָרן דורך דער שפּע פון פרייד און דורך אַ ביסל שאַמפּאַניער, וואָס ער האָט אַ זופּ געטון פון זיידנס כּוס.

אויפן וועג אַהיים האָט דער אַלטער נישט אויפגעהערט רעדן

צו זיך אַליין: די שבחים, וואָס ער האָט געהערט פון האַסלערן, האָבן אים אַרויסגעבראַכט פון די כּלים; ער האָט געטענהט, אַז האַסלער איז אַ גאון, וואָס טרעפט זיך איינמאָל אין הונדערט יאָר.

קריסטאָף האָט געשוויגן, פאַרזיגלענדיק אין האַרצן זיין פאַר־שכּורטע ליבע: ער האָט אים געקושט, ער האָט אים געהאַלטן אין זיינע אָרעמס! ווי גוט ער איז! ווי גרויס ער איז!

— אַך, — האָט ער געטראַכט אין בעטל, אַרומנעמענדיק ליידנ־שאַפטלעך די קישן, — איך וויל שטאַרבן, שטאַרבן פאַר אים!

דער שטראַלנדיקער קאָמעט, וואָס האָט זיך אויף איין אָוונט באַ־וויזן אויפן הימל פון קליינעם שטעטל, האָט געהאַט אויף קריסטאָפס נשמה אַ שטאַרקן און אַנטשיידנדיקן איינפלוס. אין זיינע גאַנצע קינ־דעריאָרן איז עס געוועזן דער ליכטיקער מאָמענט, צו וועלכן דעם קינדס אויגן האָבן אָן אויפהער געקוקט, און אַ דאַנק דעם האָט דאָס קליין, זעקסיעריק מענטשעלע באַשלאָסן זיך נעמען צו פאַרפאַסן מוזיק. אין דער אמתן האָט ער שוין לאַנג געהאַט פאַרפאַסט שטיקלעך־מוזיק, אַליין נישט וויסנדיק דערפון. ער האָט נישט געוואַרט מיטן קאָמפּאָ־נירן, ביז ער האָט זיך דערוויסט, אַז ער קאָמפּאָנירט.

אַלץ איז מוזיק פאַר אַ מוזיקאַלישער נשמה. אַלץ, וואָס וויברירט, רירט זיך, באַוועגט זיך און צאַפּלט, — די זוניקע זומער־טעג, די נעכט מיט די וואָיענדיקע ווינטן, דאָס פליסנדיקע ליכט, דאָס שימערן פון די שטערן, דער שטורם, דער געזאַנג פון די פייגל, דאָס זשומען פון די פליגן, דער גערויש פון דיביימער, שטימען געליבטע אָדער גע־האַסטע, דאָס היימישע קנאַקן פון פייער, דאָס סקריפּען פון דער טיר, דאָס בלוט, וואָס פולסירט אין די אָדערן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, — אַלץ, וואָס עקסיסטירט — איז מוזיק: מ׳דאַרף זי נאָר דער־הערן. די מוזיק פון גאָר דער וועלט האָט אָפּגעקלונגען אין קריסטאָפן. אַלץ וואָס ער האָט געזען און געהערט, האָט זיך איבערגעשמאָלצן אין מוזיק. ער איז געווען ווי אַ זשומענדיקער בינשטאָק. אָבער קיינער האָט עס נישט באַמערקט, און ווינציקער פון אַלעמען — ער אַליין.

אַזוי פלעג ער ווי דער שטייגער פון קינדער, אונטערזינגען אָן

אויפהער אין יעדער שעה פון טאָג; וואָס ער זאָל בעת מעשה נישט טון; ווען ער פלעג שפּאַצירן אין גאַס, שפּרינגענדיק אויף איין פוס; אָדער ווען ער פלעג ליגן ביים זיידן אויף דער ערד, מיטן קאָפּ צווישן די הענט, פאַרטיפט אין אַ בילדער-בוך; אָדער ווען ער פלעג בעתן אָנפאַלן פון בין-השמשות זיצן אויף זיין קליין בענקעלע אינם טונקעלסטן ווינקל פון דער קיך, אַ פאַרחלומטער, נישט טראַכטנדיק דערביי וועגן גאָרנישט, — שטענדיק האָט מען געהערט דאָס איינטאָניקע מורמלען פון זיין קליין טרומייטערל, וואָס ער האָט נאָכגעמאַכט מיט אַ פאַרמאַכטן מויל, אָנגעבלאָזענע באַקן אָדער שפּילנדיקע ליפּן. דאָס פלעג דויערן גאַנצע שעהן, און ער איז גאָרנישט מיד געוואָרן, זיין מאַמע האָט קיין שום אַכט אויף דעם נישט געלעגט, אָדער זי פלעג אַמאָל פלוצלינג זיך אָנבייזערן אויף אים.

נאָר אָפטמאָל, ווען ס'איז אים נמאס געוואָרן אָט דער פאַרשלאָפענער צושטאַנד, פלעג ער דערפילן אַ באַדערפעניש אַ רודער צו טון און אָנמאַכן אַ טומל. דעמאָלט פלעג ער אויסטראַכטן נגונים און זיך צעזינגען אויפן גאַנצן קול. פאַר יעדן באַזונדערן צופאַל פון זיין לעבן פלעג ער צוטראַכטן אַ באַזונדערן נגון. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן נגון אין דער פרי ביים פליעסקען אין אַ שיסל וואַסער, ווי אַ קליין קאַטשקעלע. ער האָט אויך געהאַט אַ נגון, בעת ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן שטול פאַר דעם פּיאַנינאָ, פאַר אָט דעם פאַרהאַס׳ן אינסטרומענט, — און אַן אַנדערן ניגון, ווען ער פלעג אַראָפּגיין פון דאָרטן (דער לעצטער ניגון איז געווען אָן אַן ערך פריילעכער פון יענעם). ער האָט געהאַט אַ ניגון פאַר יענעם מאָמענט, ווען די מאַמע פלעג אים דערלאַנגען דאָס עסן צום טיש: — ער איז דעמאָלט פאָרויס געגאַנגען, בלאָזנדיק אַ מאַרש אין טרומייט. — ער פלעג זיך אַליין אויפשפּילן טריומף-מאַרשן, גייענדיק פייערלעך פון דער עסשטוב אין שלאָף-צימער. לכבוד דעם פלעג ער אָפטמאָל אָרגאַניזירן אַ מאַרש מיט זיינע צוויי קליינע ברידער: אַלע דריי פלעגן גיין ערנסט, טריט ביי טריט, איינער נאָכן אַנדערן, יעדערער מיט זיין מאַרש. אָבער קריסטאָף פלעג דעם שענסטן מאַרש פאַר זיך איבערלאָזן, אַזוי איז געווען זיין יושר. יעדערער פון די נגונים איז געווען שטרענג באַשטימט פאַר אַ באַזונדערער געלעגנהייט, און קריסטאָפן איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו פאַרטוישן זיי. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט זיך זיכער טועה געווען, ער אָבער האָט געקאָנט אונטער-

שיידן אַלע ניואַנסן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט.

איינמאָל איז ער אַרומגעלאָפן ביים זיידן איבער דער שטוב, צוקלאַפּנדיק מיטן קנאַפּל צום טאַקט; מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ אויף הינטן, מיטן בויך פאָרויס האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין שטוב אָן אַ סוף, ביז דער קאָפּ האָט אים אַזש גענומען שווינדלען, און געזונגען דערביי איינע פון זיינע קאָמפּאָזיציעס. דער זיידע האָט זיך געגאָלט די באָרד, האָט ער איבערגעריסן זיין אַרבעט און מיט אַן אָנגעזייפט פּנים, האָט ער אויף אים אַ קוק געטון און געפרעגט:

— וואָס זינגסטו דאָרטן, קליינער?

קריסטאָף האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט.

— זינג איבער נאָכאַמאָל! — האָט געזאָגט זשאַן־מישעל.

קריסטאָף האָט געפּרוווט, אָבער נישט געקאָנט זיך דערמאָנען יענעם ניגון. שטאָלץ, וואָס דער זיידע לעגט אַכט אויף זיין זינגען, האָט ער אים געוואָלט איבעראַשן מיט זיין שטים; ער האָט איבערגעזונגען אַ גרויסע אַריע פון אַן אָפּערע; אָבער נישט דאָס האָט געמיינט דער אַלטער. זשאַן־מישעל האָט מער נישט גערעדט, ער האָט זיך געמאַכט, ווי דער קליינער גייט אים גאָרנישט אָן. דאָך האָט ער געלאָזט האַלב אָפן די טיר פונם צימער, בעת דער קליינער האָט זיך דאָרט איינער אַליין געשפּילט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט קריסטאָף, אַרומגערינגלט מיט אַ קרייז שטולן, געמומען אויסשפּילן אַ מוזיקאַלישע קאָמעדיע, וואָס ער האָט געשאַפן פון די שטיקלעך, וואָס ער האָט געדענקט פון טעאַטער; גאָר ערנסט האָט ער אויסגעפירט אַ מענועט, פּונקט ווי ער האָט עס געזען, דערביי געזינגען צום טאַקט און זיך פאַרנייגט פאַר בעטהאָווענס פּאָרטרעט, וואָס איז געהאָנגען איבערן טיש. אויסדרייענדיק זיך אינם פּירועט־טאַנץ, האָט ער דערזען דורכן שפּאַלט פון טיר דעם קאָפּ פון זיידן, וואָס קוקט זיך צו צו זיין שפּיל. ער האָט געמיינט, אַז דער אַלטער מאַכט חוזק פון אים, און ער איז פאַרשעמט געבליבן; ער איז באַלד צוגעלאָפן צום פענסטער און צוגעדריקט דאָס פּנים צו דער שויב, ווי ער וואָלט געווען פאַרנומען מיט זייער אַ טשיקאַווער זאַך. דער אַלטער האָט גאָרנישט געזאָגט: ער איז צוגעגאַנגען און אים אַ קוש געטון. קריסטאָף האָט דערקענט, אַז דער זיידע איז צופרידן. זיין קינדערשע אייגנליבע האָט אים דערוועגט צו דערגיין, וואָס דאָס באַטייט; ער האָט געגוי גאָר נישט געוווסט, וואָס אַזוינס דעם

זיידן איז איצט אַזוי געפעלן, דער טאַלענט פון אַ דראַמאַטישן קינ־סטלער, אַ מוזיקער, אַ זינגער אָדער אַ טענצער. ער איז געניגט גע־ווען צו גלויבן, אַז עס איז דאָס לעצטע, ווייל ער האָט שטאַרק גע־האַלטן פון זיין טאַנצן.

אין אַ וואָך אַרום — ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן די גאַנצע מעשה, האָט אים דער זיידע מיט אַ געהיימניספולער מינע געזאָגט, אַז ער האָט אים עפּעס צו ווייזן. ער האָט אויפגעעפנט דאָס דעקל פון זיין שרייב־טיש, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ נאָטן־העפט. אַוועקגעלעגט עס אויף דער פּיאַנינאָ און געהייסן אים שפּילן. שטאַרק פאַראינטערע־סירט, האָט קריסטאָף קוים איבערגעלייענט די נאָטן. דאָס העפט איז געווען פאַרשריבן מיטן זיידנס גרויסער האַנטשריפט, וואָס איז דאָס־מאָל געווען באַזונדערס געצירקלט. די קעפּלעך באַפּוצט מיט קריינד־לעך און צייכנס. — אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אַלטער, וואָס איז געזעסן נעבן קריסטאָפן און געמישט די בלעטער, אים געפרעגט, וועמעס מוזיק דאָס איז. קריסטאָף איז שטאַרק פאַרטון געווען אין זיין שפּילן, כּדי בעסער צו פאַרשטיין די מוזיק, האָט ער געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט.

— קוק זיך גוט צו! דערקענסט נישט?

יאָ, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער דערקענט עס; ער האָט אָבער נישט געוווּסט, ווו ער האָט עס געהערט... דער זיידע האָט גע־לאַכט:

— דערמאָן זיך!

קריסטאָף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איך ווייס נישט.

וואָס אַן אמת, — עפּעס איז אים יאָ דורכגעפלויגן אין קאָפּ; ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די ניגונים... אָבער ניין! ער האָט נישט געהאַט קיין מוט... ער האָט זיי נישט געוואָלט דערקענען:

— זיידע, איך ווייס נישט!

ער איז רויט געוואָרן.

— אוי, נאַרעלע, דערקענסט גאָרנישט, אַז דאָס זענען דיינע אייגענע מעלאָדיעס?

איצט איז ער שוין געווען זיכער! אָבער ווען ער האָט דער־הערט די ווערטער, האָט אים דאָס האַרץ האַסטיק גענומען קלאַפּן:

— אָ, זיידע!...

דער אַלטער האָט געשטראַלט פאַר פרייד און אים דערקלערט וואָס דאָס העפט באַדייט:

—זעסט: אַ ר י ע. ס׳איז דאָס, וואָס דו האָסט געזונגען דינסטיק, ווען דו ביסט געלעגן אויסגעצויגן אויף דר׳ערד. — מ אַ ר ש. ס׳איז דאָס, וואָס כ׳האָב דיר געהייסן איבערזינגען יענע וואָך, און דו האָסט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען. — מ ע נ ו ע ט. ס׳איז דאָס, וואָס דו האָסט געטאַנצט פאַר מיין שטול... טו אַ קוק.

אויפן שער-בלאַט איז געווען אָנגעשריבן מיט וווּנדער-שיינע גאָטישע אותיות:

די פ ר י י ד פ ו ן ד ע ר ק י נ ד ה י י ט: אַ ר י ע ס מ ע נ ו ע ט ן, וואַ ל ס ן א ו ן מ אַ ר ש ן—ע ר ש ט ע ר ב אַ נ ד, פ ו ן ז ש אַ ן ק ר י ס ט אָ ף ק ר אַ פ ט.

קריסטאָף איז געווען איבעראַשט צו זען זיין נאָמען, דאָס שיינע קעפל, דאָס דיקע העפט, זיין ווערק!... ער האָט נישט אויפגעהערט צו שטאַמלען:

— אָ, זיידע! זיידע!

דער אַלטער האָט אים צוגעדריקט צו זיך. קריסטאָף האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפן אַלטנס קני און באַהאַלטן זיין קאָפּ אין זשאַנמישעלס ברוסט. ער איז געווען רויט פון גליק. דער אַלטער נאָך מער גליקלעך פון אים, האָט געענטפערט מיט אַ כלומרשט גלייכגילטיקן טאָן; ער האָט געפילט, אַז אָט צעוויינט ער זיך פון גערירטקייט.

— נאַטירלעך, האָב איך צוגעשריבן די באַגלייטונג און די האַרמאָניע, וואָס גיט צו דעם כאַראַקטער פון אַ מעלאָדיע. און חוץ דעם... (ער האָט אַ הוסט געטון) און אַ חוץ דעם האָב איך אויך צוגעגעבן אַ ט ר י אָ צום מאָנועט, ווייל... ווייל אַזוי איז מען זיך נוהג... און חוץ דעם... סוף-כל-סוף, מיין איך, איז עס נישט שלעכט.

ער האָט עס דורכגעשפילט. — קריסטאָף איז געווען זייער שטאָלץ מיטצואַרבעטן מיט זיין זיידן:

—אָבער, אויב אַזוי, זיידע, דאַרף דאָך דיין נאָמען אויך דאָ שטיין.

— נישט כדאי! ס׳איז נישט כדאי, אַז אַנדערע, אויסער דיר, זאָלן עס וויסן... — נאָר. . — (דאָ האָט זיין שטים גענומען ציטערן) — נאָר שפּעטער, אַמאָל, ווען איך וועל שוין מער נישט זיין, וועסטו זיך דערמאָנען אָן דיין אַלטן זיידן, נישט אמת? וועסט אים נישט פאַרגעסן?

דער אָרעמער אַלטיטשקער האָט אים נישט אַלץ דערציילט: ער האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם אומשולדיקן נסיון אַריינצופירן איינע פון זיינע אומגליקלעכע מעלאָדיעס אין זיין אייניקלס ווערק, וואָס וועלן אים — דאָס האָט ער פאָרגעפילט — איבערלעבן; אָבער דער פאַרלאַנג צו באַטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן מכלומרשטן רום פון זיין אייניקל, איז געווען אַ באַשיידענער און אַ טיף-רירנדיקער. ער האָט זיך באַגנוגט אַריינצוגעבן אַנאָנים אַ קליינעם טייל פון זיינע געדאַנקען, כדי צו לאָזן נאָך זיך אַ זכר. — קריסטאָף איז געווען זייער גערירט און באַדעקט זיין פנים מיט קושן. דער אַלטער, וואָס האָט זיך אַלץ מער נאָכגעגעבן זיין אייגענער ווייכקייט, האָט אים געקושט אין די האָר.

— נישט אמת. דו וועסט עס געדענקען? אַמאָל, ווען דו וועסט ווערן אַ גוטער מוזיקער, אַ גרויסער קינסטלער, וואָס פאַרשאַפט כבוד זיין פאַמיליע, זיין קונסט און זיין פאָטערלאַנד, ווען דו וועסט זיין באַרימט, וועסטו דאָך געדענקען, אַז דאָס האָט דיין אַלטער זיידע דער ערשטער אַנטפּלעקט, און פאָרויסגעזאָגט דיר, וואָס פון דיר וועט ווערן?

טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן, הערנדיק זיינע אייגענע ווערטער. ער האָט אָבער נישט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן באַמערקן די סימנים פון זיין שוואַכקייט. ער האָט אָנגעהויבן צו הוסטן, אַרויסגעצויגן אויף זיך אַ בייזן אויסדרוק, אָפּגעשיקט דעם קליינעם אַהיים און באַהאַלטן דעם כתב-יד, ווי אַן אבן-טוב.

קריסטאָף איז אַהיימגעקומען שיכור פון גליק. די שטיינער האָבן אַרום אים געטאַנצט. אָבער דער קבלת-פנים, וואָס טאַטע-מאַמע האָבן אים געמאַכט, האָט אים אַ ביסל אויסגענילטערט פון זיין שיכרות. ער האָט זיי, פאַרשטייט זיך, תיכף געגומען דערציילן די גדולות פון זיינע מוזיקאַלישע דערגרייכונגען. זיי אָבער האָבן זיך צעשריען אויף אים. די מוטער האָט חוזק געמאַכט. מעלכיאָר האָט געזאָגט, אַז דער אַלטער איז אַ חסר-דעה און ער וואָלט בעסער געדאַרפט זאָרגן וועגן זיך אַליין, איידער צו פאַרדרייען דעם קליינעם דעם קאָפּ מיט אַזעלכע איינגרע-

רעניש'ן. דערוויל, נישקשה, מעג זיך קריסטאָף אַרויסשלאָגן פון קאָפּ
אָט די נאַרישקייטן און אַזוי גוט זיין זיך אַוועקזעצן — וואָרום עס
איז שוין צייט — ביי דער פּיאַנינאָ און אָפּשפּילן אַזוי אַ פיר שעה
זיינע איבונגען. זאָל ער זיך, קודם-כּל אויסלערנען שפּילן, ווי ס'דאַרף
צו זיין; צו קאָמפּאָנירן וועט ער נאָך צייט האָבן. אויב ער וועט כּלל
נישט האָבן עפּעס בעסערס צו טון.

אין דער אמתן האָט מעלכיאָר מיט די דאָזיקע גערעכטע ווער-
טער בכלל נישט געוואָלט — ווי מ'האָט עס געקאָנט מיינען — צו
פאַרהיטן דאָס קינד פון געפערלעכער איינרעדעניש און פּריצייטיקער
גאווה. ער האָט טאַקע באַלד באַוויזן דעם היפּוך. נאָר אַזוי ווי ער
האָט זיין גאַנץ לעבן נישט באַוויזן אויסצודריקן אין זיין מוזיק קיין
איינציקן געדאַנק און אויך נישט געשפּירט קיין פאַרלאַנג דערצו, איז
ער, אין דער נאַרישער קליין-קעפּלדיקייט פון אַ ווירטואָז, געניגט גע-
ווען צו באַטראַכטן דאָס שאַפן מוזיק, פאַר אַ טפל זאַך, אַ זאַך פון
צווייטער מדרגה, וואָס ערשט דער שפּילער גיט צו אַ ריכטיקן ווערט.
ער איז, אמת, נישט געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק צום ענטוזיאַזם,
וואָס אַזעלכע קינסטלער ווי האַסלער רופן אַרויס. ער האָט פאַר אַזוינע
ביי‌פאַלן, ווי בכלל פאַר יעדן דערפאָלג, געהאַט גרויס דרך ארץ, גע-
מישט מיט אַ ביסל פאַרדרוס, ווי אָט די שבחים וואָלט מען ביי אים
פאַרזענלעך צוגענומען. אָבער פון דערפאַרונג האָט ער געוווסט, אַז
דער דערפאָלג פון גרויסע ווירטואָזן איז טיילמאָל גאָרנישט קלענער,
און דערפאַר וואָס מ'דערגרייכט עס פּערזענלעך, איז עס נאָך טייערער
און ברענגט גוטע רעזולטאַטן. ער האָט כּלומרשט געהאַט דעם גרעסטן
רעספּעקט פאַרן טאַלענט פון די מוזיקאַלישע גאונים; אָבער בשעת-
מעשה פלעגט ער הנאה האָבן צו דערציילן וועגן זיי לעכערלעכע אַנעק-
דאָטן, וואָס האָבן געוואָרפן אַ טונקעלן ליכט אויף זייער אינטעליגענץ
און לעבנסשטייגער. אויף דער העכסטער מדרגה פון קונסט האָט ער
אַוועקגעשטעלט דעם ווירטואָז, ווייל — פלעגט ער זאָגן — ער איז
געגליכן צו דער צונג, וואָס איז דער איידלסטער טייל פון קערפּער.
וואָס וואָלט, למשל, אויפגעטון דער געדאַנק אָן דעם וואָרט? וואָס
וואָלט געווען מוזיק אָן דעם שפּילער?

וואָס מ'זאָל נישט זאָגן מכוח די מאָטיוון פון זיין דרוש, האָט
מעלכיאָרס מוסר דאָך געהאָלפן קריסטאָפן צוריקצוגעווינען זיין שכל-
הישר, וואָס דעם אַלטנס שבחים האָבן אים צעדרייט. ער האָט כמעט

נישט דערגרייכט זיין ציל. קריסטאָף האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז זיין זיידע איז פיל מער בר־דעת פון זיין פֿאָטער, און אויב ער האָט זיך פֿאָרט, אָן אַ ווידערשטאַנד, אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנינאָ, איז עס נישט געווען דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך אונטערגעגעבן זיין פֿאָטערס באַפֿעל, נאָר ווייל בעת זיינע פֿינגער האָבן אויף אַ מעכאַנישן אופן אַרומגעטאַנצט איבער די קלאַווישן, האָט ער זיך בעסער געקאָנט אַראָפּלאָזן אין תהום פון זיינע חלומות און זעונגען, אַזוי ווי ער האָט ליב געהאַט. בעת ער האָט געמאַכט זיינע איבונגען, וואָס האָבן גאָר קיין סוף נישט געהאַט, האָט ער פֿאַרנומען די שטים, וואָס רופט אין זיין האַרץ מיט גאווה: „איך בין אַ קאָמפּאָזיטאָר, איך בין אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר!”

פון דאַן אָן, פילנדיק זיך שוין פֿאַר אַ קאָמפּאָזיטאָר, האָט ער אָנגעהויבן צו קאָמפּאָנירן. נאָך איידער ער האָט געקאָנט רעכט אויפֿשרייבן אַ צורת־אות, האָט ער זיך שוין גענומען אָנצושמירן פּערטל־און אַכטל נאָטן אויפֿן פּאַפּיר, וואָס ער פֿלעג אַרויסרייסן פון רעכנבונג־ביכל. נאָר וויפֿל ער האָט זיך נישט געמאַטערט צו דערגיין וואָס־אַזוינס ער טראַכט אָנצושרייבן, האָט זיך עס אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס ער פֿלעג אינגאַנצן פֿאַרלירן דעם רעיון, און קוים געדענקען, אַז ער האָט עפּעס געוואָלט טראַכטן. פֿונדעסטוועגן האָט ער מיט גרויס עקשנות נישט אויפֿגעהערט צו פֿאַרפֿאַסן מוזיקאַלישע פֿראַזן; און אַזוי ווי ער איז פון דער נאַטור געווען מוזיקאַליש, פֿלעג זיך עס אים מער־ווייניקער איינגעבן, הגם עס האָט נישט געהאַט קיין שום ווערט. יעדעס מאָל האָט ער זיינע שאַפֿונגען מיטן געפֿיל פון נצחון אַוועקגעטראָגן דעם זיידן, וועלכער פֿלעג וויינען פון שמחה — איצט אויף דער עלטער איז ער גאָר געוואָרן אַ קלאָג־מוטער — און געפּסקנט, אַז זיי זענען אויסגעצייכנט.

מיט אַזאַ מין מבינות האָט מען אים זייער לייכט געקאָנט קאַליע מאַכן. אָבער, צום גליק, האָט אים געראַטעוועט זיין פּשוטער פֿאַרשטאַנד, ווען ס'איז נאָך צו הילף געקומען די השפּעה מצד אַ מענטשן, וואָס האָט זיך, אגב, קיינמאָל נישט פֿאַרמאָסטן עמעצן משפּיע צו זיין, און אויף וועלכן די וועלט האָט באין־אופן נישט געקוקט ווי אויף אַ קלאָרן מענטשן. — דאָס איז געווען לואיזעס ברודער.

פּונקט ווי זי, איז ער געווען קליין, מאָגער און אַ ביסל איינגעבויגן. מ'האָט קיינמאָל געננוי נישט געוווּסט ווי אַלט ער איז: אין

דער אמתן איז ער נישט געווען עלטער פון אַ יאָר פערציק, אָבער מען וואָלט אים זייער לײַכט געקאָנט געבן פֿינעציק יאָר און מער. ער האָט געהאַט אַ קליין, צעקנייטשט, רויטלעך פּנים, מיט גוטע, בלויע אויגן, גאַנץ בלאַסע, ווי אַ ביסל־פֿאַרוועלקטע פֿאַרגעס־מיך־נישט. אַז ער האָט אויסגעטון דאָס היטל, — וואָס האָט זייער זעלטן געטראָפֿן, מחמת מורא, ער זאָל זיך נישט צוקילן, — פֿלעג זיך אָפּדעקן אַ רונדער, גאַנץ־נאַקעטער פֿליכעוואַטער שאַרבן, וואָס האָט שטאַרק געווײַלט קריסטאָפֿן מיט זײַנע ברידער. זיי זענען גאָרנישט מיד געוואָרן אים אויסצופרעגן, ווו ער האָט אַהינגעטון זײַנע האָר, און אונטערגעהעצט דורך מעלכיאָרס גראָבע וויצן, פֿלעגן זיי אים דראָען צו שלאָגן מיט דער רוט איבערן קאָפּ. ער אַליין פֿלעג דער ערשטער לאַכן דערפֿון, און געדולדיק לאָזן טון מיט זיך אַלץ, וואָס ס'האָט זיך זיי געגלוסט. ער איז געווען אַ דאָרף־גייער, אייביק אַרומגעוואַנדערט איבער די ישובֿים, מיט אַ גרויסן פּאַק פֿון כּל־טובֿ: קאָלאָניאַל־סחורות, שרײַב־געצייג, נאַשערייען, נאָז־טיכלעך, קראַוואַטן, שיך, קעסטלעך מיט קאָנסערוון, לידער־ביכלעך און כּלערליי רפֿואות. מען האָט אים שוין פֿיל מאָל געפּרוווט באַזעצן אויף אַן אָרט, געקויפֿט פֿאַר אים אַ שטיקל פֿלאַץ, אַ קרעמל, אַ שניט־געשעפֿט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אײַנזיצן. אין מיטן נאַכט פֿלעג ער אויפֿשטיין, אַוועקלייגן דעם שליסל פֿאַר דער טיר, אַרויפֿגעלייגט דעם פּאַק איבער די פּלייצעס, זיך ווידער אַוועקגעלאָזט וואַנדערן. לאַנגע חדשים איז ער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַרײַן. פּלוצלינג פֿלעג ער זיך באַווײַזן: אין איינעם אַן אָוונט פֿלעג זיך עמעץ פּאָרקען ביים אַרײַנגאַנג. ס'עפֿנט זיך אויף די טיר און עס באַווײַזט זיך דער קליינער פֿליכעוואַטער קאָפּ, צוליב העפֿלעכקייט וועגן אָן אַ היטל, מיט די גוטע אויגן און שעמעוודיקן שמייכל. ער זאָגט: „אַ גוטן אָוונט דעם גאַנצן עולם״, ווישט אָפּ פֿאָרזיכטיק די שיך, איידער ער גייט אַרײַן, גיט אָפּ שלום, אָנהויבנדיק פֿון עלטסטן, און פֿאַררוקט זיך ענוותדיק אין באַשיידנסטן ווינקל פֿונם צימער. דאָרט פֿלעג ער פֿאַרויכערן זײַן לולקע, אײַנבויגן דעם רוקן און רויק וואַרטן ביז דער האָגל פֿון וויצן וועט אויפֿהערן. ביידע קראַפֿטס, דער זיידע מיטן פֿאָטער, האָבן געפֿילט צו אים אַ חוזק־פֿאַראַכטונג. דער דאָזיקער הויקער האָט אין זייערע אויגן אויסגעזען לעכערלעך. דערצו איז זייער אײַנגליבע געטראָפֿן געווען דורך דעם שפֿלען מצבֿ פֿון דעם וואַנדערנדיקן הענדלער. זיי האָבן עס אים געגעבן צו פֿילן, אָבער ער

האָט זיך געמאַכט, ווי ער באַמערקט עס נישט און אַרויסגעוויזן צו זיי אַ טיפן דרך-ארץ, וואָס האָט זיי אַראָפּגעשלאָגן פון טראָפּ. דער עיקר דעם אַלטן, וואָס איז געווען זייער עמפּפינדלעך צום אופן, ווי מ׳באַציט זיך צו אים. זיי האָבן זיך דעריבער באַגנוגט מיט גראָבע וויצן אויף זיין חשבון, וואָס האָבן נישט איינמאָל רויט געמאַכט לואיזעס פּנים. זי איז געווינט געווען אָן קיין שום טענות צו בויגן זיך פאַר דער דערהויבנקייט פון די קראַפּטס און איז נישט מסופק געווען, אַז געזעלט זענען דער מאַן און שווער; אָבער זי האָט האַרציק ליב געהאַט איר ברודער, און דער ברודער ווידער האָט געפילט צו איר אַ שטומע אַנטציקונג. זיי זענען געווען די איינציקע פאַרבליבענע פון דער גאַנצער משפחה, ביידע עניוותדיקע, דערשלאָגן און צעבראָכן פונם לעבן; אַ בונד פון שטומען מיטלייד און בשותפותדיקן, פאַרבאָרגענעם פיין האָט זיי פאַרייניקט אין אַ טרויעריקער ליבע. צווישן די געזונטע, טומלדיקע ברוטאַלע קראַפּטס, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן צו לעבן, און טאַקע פריילעך צו לעבן, האָבן זיך די צוויי שוואַכע גוטמוטיקע ברואים, — וואָס האָבן זיך געפונען, אַזוי צו זאָגן, מחוץ אָדער אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פון לעבן, — קעגנזייטיק פאַרשטאַנען און איינער אויף דעם צווייטן האָט רחמנות געהאַט, קיינמאָל אפילו נישט רעדנדיק דערפון.

מיט אַן אכזריותדיקן קינדערשן לייכטזין איז קריסטאָף נישט אָפּגעשטאַנען פון דעם פּאָטערס און זיידנס ביטול צום קליינעם הענדלער. ער האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבער אים, ווי איבער אַ קאָמישן שפּיל-צייג; ער האָט אָפּגעלאַכט פון אים און דערגאַנגען אים די יאָרן מיט נאַרישע שפּיצלעך, וואָס יענער פלעג איבערטראָגן מיט אַ זעלטענער רויקייט. פונדעסטוועגן האָט אים קריסטאָף ליב געהאַט, אַליין נישט וויסנדיק דערפון. אַגב, האָט ער אים ליב געהאַט ווי אַ געהאָרכזאַם שפּילכל, וואָס מ׳קאָן דערמיט מאַכן וואָס מען וויל. ער האָט אים אויך ליב געהאַט דערפאַר, וואָס ער פלעג קיינמאָל נישט קומען מיט קיין ליידיקע הענט: אַ נאַשוואַרג, אַ בילדל אָדער אַ שיין שפּילכל. דער טאָג, ווען דאָס קליין מענטשעלע פלעג קומען צוריק פון זיין וועג, איז געווען פאַר די קינדער אַ יום-טוב, ווייל ער האָט זיי שטענדיק געמאַכט סורפּריזן. ווי אָרעם ער איז נישט געווען, האָט ער דאָך געפונען געזונג מיטלען צו ברענגען יעדן איינציקן אַ מתנה, און קיינמאָל האָט ער נישט פאַרגעסן וועגן אַ געבורטסטאָג אין דער פאַמיליע.

צו יעדן פֿאַמיליען-יום-טובֿ פֿלעג ער קומען פּינקטלעך; ער פֿלעג אַרויסציִען פֿון זײַן טאַש עפּעס אַ פֿײַנע מתּנה, שטענדיק צוגעקליבן מיט גרויס ליבשאַפֿט. מ׳האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו זײַנע געשאַנקען, אַז מ׳האָט אים אפֿילו נישט געדאַנקט: ס׳איז געווען גאַנץ נאַטירלעך און ס׳האָט אויסגעזען, אַז דער פֿאַרגעניגן, וואָס ער פֿלעג פֿאַרשאַפֿן, איז פֿאַר אים אַליין געווען אַ גענוגנדיקער שׂכר. נאָר קריסטאָף, וואָס פֿלעג בײַנאַכֿט שלעכֿט שלאָפֿן און אַרויפֿברענגען אויפֿן זכּרון די געשעענישן פֿונם טאָג, האָט אָפֿטמאָל געטראַכֿט, אַז זײַן פֿעטער איז זייער אַ גוטער; ער פֿלעג דעמאָלט אַדורכֿגענומען ווערן מיט טיפֿע דאַנקבאַרקייט-געפֿילן צום דאָזיקן אָרעמען מענטשן; ער פֿלעג זיי אָבער קיינמאָל נישט אַרויסווײַזן, ווײַל בײַטאָג האָט ער נאָר געטראַכֿט, ווי חוזק צו מאַכֿן פֿון אים. ער איז נאָך, אגבֿ, געווען צו קליין אָפּצושאַצן דעם אמתן ווערט פֿון גוטסקייט: אין דער קינדערשער השגה איז גוט און נאַריש כּמעט איינס און דאָס זעלבע, און דער פֿעטער גאָטפֿריד איז געווען — אַזוי האָט זיך געדאַכֿט — אַ לעבעדיקער באַווײַז דערצו.

איינמאָל אין אָוונט, ווען מעלכֿיאָר האָט געגעסן מיטאָג אין שטאָט, און לואיזע האָט געלעגט די צוויי קליינע שלאָפֿן, איז גאָטפֿריד, וואָס איז געבליבן איינער אַליין אינם צימער אויפֿן אונטערשטן שטאָק, אַרויסגעגאַנגען פֿון שטובֿ און זיך געזעצט עטלעכֿע טריט ווײַטער, בײַם ברעג פֿון טײַך. קריסטאָף האָט פֿון לאַנגווײַליקייט וועגן, זיך נאָכֿגעשלעפּט נאָך אים, און ווי געוויינטלעך, נישט אויפֿגעהערט צו רײַצן זיך מיט אים, ווי מיט אַ הינטל, ביז ער איז לסוף פֿאַרמאַטערט געוואָרן און זיך אויסגעצויגן אויפֿן גראָז בײַ זײַנע פֿיס. ליגנדיק אויפֿן בויך, האָט קריסטאָף זיך אײַנגעגראָבן מיט דער נאָז אינם גראָז. ווען ער האָט זיך באַרויקט פֿון געלעכֿטער, האָט ער אָנגעהויבן זוכֿן אַ נײַע המצאה, און געפֿינענדיק זי, האָט ער אויסגעשריִען און דערבײַ זיך געקײַקלט פֿון געלעכֿטער, נאָך אַלץ אײַנגעגראָבן דאָס פּנים אין גראָז. קיינער האָט אים אָבער נישט געענטפֿערט. אַ פֿאַרוווּנדערטער פֿון דער שטילקייט, האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, און געוואָלט איבערחזרן זײַן חכמה. זײַן בליק האָט אָנגעטראָפֿן גאָטפֿרידס פּנים, באַלויכֿטן פֿון די לעצטע שטראַלן פֿונם טאָג, וואָס איז אויסגעגאַנגען אין גאָלדענע נעפּלען. דאָס וואָרט אָבער איז אים געבליבן שטעקן אין האַלז. גאָטפֿריד האָט געשמייכלט מיט האַלב-פֿאַרמאַכֿטע

אויגן און מיט אַביסל אָן אָפענעם מויל, און זיין ליידנדיק פּנים איז געווען ערנסט און אומעטיק. קריסטאָף האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן זיינע עלנבויגנס און געטומען אים באַטראַכטן. ס'איז געוואָרן נאַכט; גאָט־פּרי׳ס פּנים איז מטושטש געוואָרן. אַ שטילקייט האָט געהערשט. קריסטאָף איז אויך פול געוואָרן מיט יענע מיסטעריעזע עמפּינדונגען, וואָס האָבן אַרומגעשוועבט אויף גאָטפרידס פּנים. ער איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ מין פאַרחושטקייט. די גאַנצע ערד איז פאַרהילט געוואָרן אין חושך; דער הימל איז געווען באַלויכטן: עס זענען געבוירן געוואָרן שטערן. די קליינע פאַליעס ביים טייך האָבן געפּליעסקעט ביים ברעג. דאָס קינד האָט זיך ווי פאַרגעסן; ער האָט געקייט, אַליין נישט זעענדיק וואָס, קליינע גראָז־שטענגלעך. נישט ווייט פון אים האָט אַ גריל גע־גרילט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז קריסטאָף וועט איינשלאָפן. פּלוצלינג, אין דער פינסטערניש, האָט גאָטפריד אָנגעהויבן זינגען. ער האָט גע־זונגען מיט אַ שוואַכער, טיפער שטים, גלייך ווי זי וואָלט אַרויס פון טיפן האַרצן; אַ צוואַנציק טריט ווייטער האָט מען אים שוין נישט געקאָנט הערן. די שטים אָבער האָט פאַרמאָגט אַ רירנדיקע האַרציקייט; מ'האָט געקאָנט זאָגן, אַז גאָטפריד טראַכט אויפן קול און מ'קאָן דורך אָט דער מוזיק, ווי דורך קלאָר וואַסער, לייענען ביז דו טיפעניש פון זיין האַרצן. קיינמאָל אין זיין לעבן האָט נאָך קריסטאָף נישט גע־הערט מ'זאָל אַזוי זינגען, און קיינמאָל האָט ער נישט געהערט אַזאַ ליד. פּאַמעלעך, איינפאַך, קינדעריש איז דאָס ליד געגאַנגען מיט שווע־רע טריט, אומעטיק, אַביסל איינטאָניק, גאָרנישט געאיילט זיך,—מיט לאַנגע הפסקות, — און שפּעטער ווידער אַרויף אויפן וועג, נישט גע־זאָרגט, צי וועט עס אָנקומען בשלום. און לסוף פאַרשווונדן אין דער נאַכט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז עס קומט פון ערגעץ ווייט און אַז עס גייט אַוועק גאָט ווייסט וווהין. זיין קלאָרקייט איז געווען פול מיט אומרו, און אונטער זיין מכלומרשטער שלוה איז געשלאָפן אַ בענק־שאַפט פון הונדערטער יאָרן. קריסטאָף האָט נישט געאָטעמט, ער האָט נישט געהאַט קיין מוט זיך אַ ריר צו טון, ער איז פאַרגליווערט גע־וואָרן פון גערירטקייט. ווען גאָטפריד האָט געענדיקט, האָט זיך קרי־סטאָף צוגעשאַרט צו אים און מיט אַ פאַרשטיקטער שטים געפרעגט:

— פעטער!..

גאָטפריד האָט נישט געענטפערט.

— פעטער, — האָט איבערגעחזרט דאָס קינד, און געלייגט זיינע הענט און קין אויף גאָטפרידס קני.
גאָטפרידס האַרציקע שטים האָט זיך אָפּגערופן:
— קינד מיינס...
— וואָס איז דאָס, פעטער! זאָג! וואָס האָסטו געזונגען?
— איך ווייס נישט.
— זאָג, וואָס איז דאָס?
— איך ווייס נישט, ס׳איז אַ ליד.
— ס׳איז דיינס אַ ליד?
— ניין, נישט מיינס! ווי פאַלט עס דיר איין!.. ס׳איז אַן אַלט ליד.
— ווער האָט עס פאַרפאַסט?
— מ׳ווייסט נישט...
— ווען?
— מ׳ווייס נישט...
— ווען דו ביסט געווען אַ קליינער?
— איידער איך בין געקומען אויף דער וועלט, איידער ס׳איז געבוירן געוואָרן מיין טאַטע און מיין טאַטנס טאַטע און מיין זיידנס טאַטע... עס איז שטענדיק געווען.
— מאָדנע, קיינער האָט מיר וועגן דעם קיינמאָל נישט דער־ציילט.
ער האָט נאָכגעטראַכט אַ ווײַלע:
— פעטער, דו קענסט נאָך אַזעלכע לידער?
— יאָ.
— זינג נאָך אַ ליד, ווילסט?
— צו וואָס זינגען נאָך אַ ליד? איין ליד איז אויך גענוג. מ׳זינגט, ווען מ׳האָט אַ שטאַרקן חשק צו זינגען, ווען מ׳מוז זינגען. מ׳דאַרף נישט זינגען גלאַט צוליב פאַרווײַלונג.
— אָבער פאָרט, ווען מען פאַרפאַסט מוזיק?
— דאָס איז נישט קיין מוזיק.
דער קליינער האָט זיך פאַרקלערט. ער האָט עס נישט גוט תּופס געווען. דאָך האָט ער נישט געבעטן קיין דערקלערונגען: ס׳איז אמת, ס׳איז נישט געווען קיין מוזיק, נישט אַזאַ מוזיק ווי אַנדערע, ער האָט ווידער אָנגעהויבן:

— פעטער, דו האָסט שוין אַמאָל פאַרפאַסט?
— וואָס פאַרפאַסט?
— לידער!
— לידער! אָ, ווי קאָן איך דען עס פאַרפאַסן? דאָס פאַרפאַסט מען נישט.

דאָס קינד איז צוגעשטאַנען מיט זיין געוויינלעכער לאָגיק:

— אָבער, פעטער, דאָס איז דאָך פאָרט ווען־עס־איז פאַרפאַסט געוואָרן!

גאָטפריד האָט עקשנותדיק געטרייסלט מיטן קאָפּ:

— דאָס איז שטענדיק געווען.

דאָס קינד האָט אָנגעהויבן פונדאָסניי:

— אָבער, פעטער, צי קאָן מען דען נישט שאַפן אַנדערע לידער, נייע?

— צוּוואָס זאָל מען עס טון? עס זענען דאָ לידער אויף אַלץ. אויף דער צייט, ווען ביסט אומעטיק און אויף דער צייט, ווען ביסט פריילעך; ווען דו ביסט פאַרמאַטערט און ווען דו טראַכסט וועגן דיין ווייטער היים; עס איז דאָ לידער פאַר אַזעלכע מאָמענטן, ווען דו ביסט זיך אַליין מבזה, ווי אַ וואָרעם, ווייל ביסט באַגאַנגען אַ שווערן חטא; און פאַראַן לידער פאַר אַזאַ צייט, ווען דו האָסט חשק צו וויינען, ווייל מענטשן האָבן דיר געטון אַן עוולה; און ווען דיין האַרץ איז פול מיט פרייד, ווייל עס איז אַזוי שיין אויף דער וועלט, און ווייל דו זעסט דעם הימל פון גאָט, וואָס איז שטענדיק גוט און שמייכלט תמיד מיט ליבשאַפט... עס זענען דאָ לידער פאַר אַלץ, פאַר אַלץ. צוּוואָס זאָל איך פאַרפאַסן נייע?

— כּדי צו ווערן אַ גרויסער מענטש! — האָט געענטפערט דער קליינער, איינגעזאַפּט אונטער דער ווירקונג פון זיין זיידנס תּורה און זיינע נאַיווע חלומות!

גאָטפריד האָט זיך שטיל צעלאַכט. קריסטאָף האָט מיט פאַרדרוס געפרעגט:

— וואָס לאַכסטו?

גאָטפריד האָט געענטפערט:

— אָ, איך בין דאָך גאָרנישט.

און גלעטנדיק דאָס קינד איבערן קאָפּ, האָט ער געפרעגט:

— הייסט עס, דו ווילסט ווערן אַ גרויסער מענטש?

— יאָ, — האָט קריסטאָף מיט שטאָלץ געענטפערט.
ער האָט גערעכנט, אַז גאָטפרידן וועט עס שטאַרק געפעלן.
אָבער גאָטפריד האָט געענטפערט:
— צו וואָס דאַרפסטו דאָס?
קריסטאָף איז צוטומלט געוואָרן. ער האָט אַ קלער געטון און געזאָגט:
— כּדי צו פאַרפאַסן שיינע מוזיק.
גאָטפריד האָט זיך ווידער צעלאַכט און געזאָגט:
— דו ווילסט שאַפן לידער, כּדי צו ווערן אַ גרויסער מענטש, און דו ווילסט ווערן אַ גרויסער מענטש, כּדי צו פאַרפאַסן לידער: דו ביסט ווי יענער הונט, וואָס יאָגט זיך נאָך זיין אייגענעם ווידל.
קריסטאָף האָט זיך געפילט באַליידיקט. אין אַן אַנדער צייט וואָלט ער עס זיכער נישט פאַרטראָגן, אַז דער פעטער, וואָס פון אים פלעגט ער שטענדיק אָפּלאַכן, זאָל איצט גאָר חוזק מאַכן פון אים. און אַחוץ דעם איז אים גאָר קיינמאָל אויפן רעיון נישט אַרויף, אַז אָט דער גאָטפריד איז אַזאַ קלוגער מענטש, ער קאָן אים גובר זיין אין אַ שכל־זאַך. ער האָט געזוכט אַ ראיה צו זיינע רייד אָדער אַזוי עפּעס אַן עזותדיקן ענטפער און נישט געפונען. גאָטפריד האָט ווייטער גערעדט:
— אפילו דו זאָלסט ווערן גרעסער ווי קאָבלענץ, וועסטו אויך קיינמאָל נישט באַשאַפן קיין איין לייד.
קריסטאָף האָט זיך איינגעשפּאַרט:
— און אַז איך וועל וועלן!..
— וואָס מער דו ווילסט, אַלץ ווייניקער וועסטו קענען. כּדי צו קאָנען שאַפן, דאַרפסטו זיין אַזוי ווי זיי. הער זיך איין...
פון הינטער די פעלדער האָט זיך אויפגעהויבן אַ קיילעכדיקע, ליכטיקע לבנה. אַ זילבער־נעפּל האָט געשוועבט איבער דער ערד און איבער די שפּיגלענדיקע וואַסערן. די זשאַבעס האָבן געקוואָקעט, און פון די לאָנקעס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס מעלאָדישע געזאַנג פון די פראָשן. דער ציטריקער געשריי פון די גרילן האָט, דאַכט זיך, אָפּגעענטפערט דעם שימער פון די שטערן. שטיל האָט דער ווינט גערוישט אין די אָלכע־צווייגן. איבער די בערגלעך אויף יענער זייט טייך האָט זיך געוויקלט דאָס צאַרטע געזאַנג פון אַ נאַכטיגאַל.
— צו וואָס דאַרפסטו נאָך זינגען? — האָט גאָטפריד אָפּגעזיפצט

נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן. מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן, צי האָט ער עס גערעדט צו זיך אַליין, אָדער צו קריסטאָפן. — צי זינגען זיי נישט בעסער, ווי אַלץ, וואָס דו וואָלסט געקאָנט שאַפן?

קריסטאָף האָט אויך פריער נישט איינמאָל געהערט דעם גערויש פון דער נאַכט. אָבער קיינמאָל האָט ער אים נישט פאַנומען אַזוי ווי איצט. באמת: צו וואָס דאַרף מען זינגען? ער האָט געפילט, ווי זיין האַרץ ווערט פול מיט צערטלעכקייט און אומעט, ער וואָלט צוגעדריקט צו זיך די לאָנקעס, דעם טייך, דעם הימל, די טייערע שטערן. ער איז אָנגעטרונקען געוואָרן מיט ליבשאַפט צום פעטער גאָטפריד, וואָס האָט אים איצט אויסגעוויזן פאַר דעם בעסטן, קלוגסטן און שענסטן פון אַלעמען. ער האָט געטראַכט, ווי אומגערעכט ער האָט אים פריער געמשפט און אויך געטראַכט, אַז דער פעטער איז דערפאַר אומעטיק, ווייל קריסטאָף באַציט זיך צו אים שלעכט. ער איז געווען פול מיט חרטה. ער האָט געפילט אַ פאַרלאַנג אויסצושרייען צו אים: „פעטער, זייט נישט מער אומעטיק! כ׳וועל מער נישט זיין שלעכט! זייט מיר מוחל, כ׳האָב דיך ליב!" ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מוט. פלוצלינג האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אין גאָטפרידס אָרעמס, הגם די ווערטער האָבן נישט געוואָלט אַראָפּ פון זיינע ליפּן; ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „איך האָב דיך זייער ליב" און ליידנשאַפטלעך אים געקושט. איבעראַשט און גערירט האָט גאָטפריד געפרעגט: „וואָס איז? וואָס איז?" און אים אויך געקושט. שפּעטער האָט ער זיך אויפגעהויבן, אָנגענומען קריסטאָפן פאַר דער האַנט און געזאָגט: „מ׳באַדאַרף גיין אַהיים". קריסטאָף איז געגאַנגען און געווען אומעטיק, וואָס דער פעטער האָט אים נישט פאַרשטאַנען. אָבער ווען זיי זענען צוגעקומען נענטער צו דער שטוב, האָט אים גאָטפריד געזאָגט: „אויב דו ווילסט, וועלן מיר אַלע מאָל אין אָוונט גיין הערן גאָטס מוזיק, און איך וועל דיר זינגען אַנדערע לידער." און ווען קריסטאָף האָט אים געקושט פאַרן שלאָפן-גיין מיט אַ האַרץ, וואָס איז פול געווען מיט דאַנקבאַרקייט, האָט ער געזען, אַז דער פעטער האָט אים פאַרשטאַנען.

פון דעמאָלט אָן פלעגן זיי ביידע אָפט גיין שפּאַצירן אין אָוונט. זיי זענען געגאַנגען לענגאויס דעם טייך אָדער איבער פעלדער און נישט גערעדט צווישן זיך. גאָטפריד האָט גערויכערט זיין ליולקע, און קריסטאָף פלעג אים האַלטן פאַר דער האַנט מחמת מורא פאַר דער פינסטערניש. זיי פלעגן זיך זעצן אויפן גראָז, און אין אַ ווייל

אַרום פֿלעג גאָטפֿריד אָנהויבן צו דערציילן וועגן שטערן און וואָלקנס; ער האָט אים געלערנט ווי אונטערצושיידן די הויכקייט פֿון דער ערד, פֿון לופֿט און פֿון וואַסער, די קולות פֿון דער נאַטור, די געשרייען און דעם רעש פֿון דער קלענער פֿליענדיקער, קריכנדיקער, שפּרינגענ־דיקער אָדער שווימענדיקער וועלט, וואָס פֿילט אָן דעם חושך, און די אָנזאָגנדיקע סימנים פֿון רעגן אָדער שיינעם וועטער, און די אומענד־לעכע צאָל קלעזמער פֿון דער נאַכט־סימפֿאָניע. אָפֿטמאָל פֿלעג גאָט־פֿריד זינגען פֿריילעכע אָדער אומעטיקע ניגונים, אָבער תּמיד פֿונם זעלבן מין, און שטענדיק איז קריסטאָף געווען טיף גערירט, בעת ער האָט זיי געהערט. קיינמאָל האָט גאָטפֿריד מער ווי איין ליד אַן אָוונט נישט געזונגען, און קריסטאָף האָט באַמערקט, אַז ער זינגט נישט גערן, ווען מ׳בעט אים; מ׳האָט געדאַרפֿט וואַרטן, דער פֿאַרלאַנג צו זינגען זאָל קומען פֿון זיך אַליין. אָפֿטמאָל האָט מען שווייגנדיק באַ־דאַרפֿט לאַנג וואַרטן און ווען קריסטאָף האָט געטראַכט: „אָט! ער וועט שוין היינטיקן אָוונט אוודאי נישט זינגען”... פֿלעג גאָטפֿריד גראָד פּועלן ביי זיך און אָנגעהויבן אַ ליד.

איינמאָל אין אָוונט, ווען גאָטפֿריד האָט פֿעסט באַשלאָסן נישט צו זינגען, איז קריסטאָפֿן איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק צו ווייזן דעם פֿעטער איינע פֿון זיינע קאָמפּאָזיציעס, וואָס האָבן אים פֿאַרשאַפֿט אַזוי פֿיל מי און שטאָלץ. ער האָט אים געוואָלט ווייזן, וואָס פֿאַר אַ קינסטלער ער איז. גאָטפֿריד האָט אים רויק אויסגעהערט און שפּעטער אַ זאָג געטון:

— ווי מיאוס דאָס איז, מיין אָרעמער קריסטאָף!

קריסטאָף האָט זיך אַזוי פֿאַרלוירן, אַז ער האָט נישט געפֿונען וואָס צו ענטפֿערן. גאָטפֿריד האָט ווידער אָנגעהויבן מיט מיטגעפֿיל.

— צו וואָס האָסטו עס פֿאַרפֿאַסט? ס׳איז אַזוי מיאוס! קיינער האָט דאָך דיך נישט געצוווּנגען דערצו.

קריסטאָף האָט זיך געוועדט, רויט פֿון צאָרן:

— דער זיידע זאָגט, אַז מיין מוזיק איז אויסגעצייכנט — האָט ער אויסגעשריען.

— אַך! — האָט געענטפֿערט גאָטפֿריד, נישט ווערנדיק נתפּעל. — ער איז געוויס גערעכט. ר׳איז אַ געלערנטער מאַן. ער איז אַ מבֿין אויף מוזיק. איך פֿאַרשטיי גאָרנישט.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— אָבער איך געפין, אַז ס'איז זייער מיאוס.

ער האָט רויק אַ קוק געטון אויף קריסטאָפן און דערזען זיין בייז פּנים; ער האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— האָסט אפשר פאַרפּאַסט נאָך אַנדערע ניגונים? אפשר וועלן מיר יענע בעסער געפעלן ווערן.

קריסטאָף האָט געגלויבט, אַז די נייע לידער וועלן פאַרבעסערן דעם שלעכטן איינדרוק, און ער האָט זיי אַלע איבערגעזונגען. גאָט-פריד האָט גאָרנישט גערעדט; ער האָט אויסגעהערט ביזן סוף. שפּע-טער האָט ער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט מיט טיפער איבערצייגונג:

— דאָס איז נאָך מיאוסער.

קריסטאָף האָט פאַרביסן די ליפּן, און זיין קין האָט געציטערט ער האָט געהאַט חשק צו וויינען. גאָטפריד האָט עקשנותדיק איבער-געחזרט, ווי ער וואָלט אַליין אויך איבערראַשט געווען:

— ווי מיאוס דאָס איז!

קריסטאָף האָט אויסגעשריען מיט אַ וויינענדיקער שטים:

— אָבער דאָך, פאַרוואָס האַלסטו, אַז זיי זענען מיאוס?

גאָטפריד האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט זיינע גוטמוטיקע אויגן:

— פאַרוואָס?... דאָס ווייס איך נישט... וואַרט נאָר... ס'איז מיאוס, ראשית, ווייל ס'איז נאַריש, עס זאָגט גאָרנישט... אָט איז עס. בעת דו האָסט עס געשריבן, האָסטו גאָרנישט געהאַט, וואָס צו זאָגן. צו וואָס זשע האָסטו עס אָנגעשריבן?

— איך ווייס נישט — האָט קריסטאָף געענטפערט מיט אַ פאַר-וויינט קול. — כ'האָב געוואָלט אָנשרייבן אַ שיינע זאַך.

— זעסטו שוין! דו האָסט געשריבן, כּדי צו שרייבן. דו האָסט געשריבן, כּדי צו ווערן אַ גרויסער מוזיקער און כּדי שטאַרק צו גע-פעלן. ביסט געווען שטאָלץ, האָסט געזאָגט אַ ליגן — ביסטו באַשטראָפט געוואָרן... דאָס איז עס! מ'ווערט שטענדיק באַשטראָפט, אויב מ'איז שטאָלץ אָדער אַז מ'נאַרט אָפּ אין מוזיק. די מוזיק וויל זיין באַשיידן און ערלעך. וואָרום אויב נישט, וואָס זשע איז זי? אַ בזיון, אַ לע-סטערונג קעגן דעם האַר פון דער וועלט, וואָס האָט אונז מזכּה געווען מיטן שיינעם געזאַנג, כּדי מיר זאָלן אויסדריקן אמתע און ערלעכע זאַכן.

ער האָט באַמערקט קריסטאָפס צער און געוואָלט אים אַ קוש טון. אָבער דער קליינער האָט זיך אַרויסגעריסן מיט כּעס; אַ לאַנגע צייט איז ער געווען אויף אים אש־להבה. ער האָט געהאַסט גאָטפרידן.— אָבער אימזיסט האָט ער זיך כּסדר געחזרט: „ער איז אַ בהמה! ער ווייסט גאָרנישט, גאָרנישט! דער זיידע, וואָס איז אָן אַן ערך קלוגער, געפינט, אַז מיין מוזיק איז זייער שיין”; אין דער טיפעניש פון זיין האַרצן האָט ער גוט געוווּסט, אַז גערעכט איז דער פעטער, און גאָט־פרידס ווערטער האָבן זיך אין אים איינגעקריצט: ער האָט זיך גע־שעמט, וואָס ער איז געווען אַ ליגנער.

און דערפאַר, נישט געקוקט אויף זיין באַהאַלטענעם כּעס, פלעג ער שטענדיק טראַכטן וועגן דעם פעטער דאַמאָלס, בעת ער האָט גע־שריבן מוזיק, און אָפטמאָל האָט ער צעריסן דאָס אָנגעשריבענע פאַר טרפה טראַכטנדיק, וואָס וואָלט אויף דעם געזאָגט גאָטפריד. ווען ער האָט ווען־עס־איז געפּועלט ביי זיך אָנצושרייבן אַ זאַך, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז ס'איז נישט אינגאַנצן אויפריכטיק, האָט ער עס שטענדיק באַהאַלטן פאַרן פעטער; ער האָט ממש געציטערט פאַר זיין מיינונג, און איז געווען גליקלעך, ווען גאָטפריד האָט אויסגעהערט זיינס אַ זאַך און געזאָגט מיט פשטות „דאָס איז נישט מיאוס... ס'געפעלט מיר...”

אָפטמאָל, כּדי זיך נוקם צו זיין, פלעג אים קריסטאָף אָפּטון אַ שפּיצל און אונטעררוקן אים מוזיק פון גרויסע קינסטלער, ווי זיינס אַן אייגן ווערק, און ער האָט געיובלט, ווען גאָטפריד האָט איינגעפּו־נען אַז זיי זענען מיאוס. גאָטפרידן אָבער פלעג עס נישט אַרן. ער האָט גוטמוטיק געלאַכט און זיך צוגעקוקט, ווי קריסטאָף פּאַטשט מיט די הענט און שפּרינגט אַרום אים פאַר פרייד; ער פלעג שטענדיק איבערחזרן זיין טענה: „אפשר איז עס שיין אָנגעשריבן, אָבער עס זאָגט גאָרנישט”. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט זיין אויף די קליינע קאָנצערטן, וואָס מ'פלעג איינאָרדנען אין שטוב. ווי גוט אַ שטיק זאָל נישט זיין, האָט ער געגענעצט, און זיין פּנים איז געוואָרן טעמפּ פון לאַנגווייליקייט. סוף־כּל־סוף פלעג ער זיך נישט קאָנען איינהאַלטן און שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. ער פלעג זאָגן:

— זעסט, קינד מיינס, דאָס אַלץ וואָס דו שרייבסט אין שטוב, איז נישט קיין מוזיק. מוזיק אין שטוב איז — ווי זון אין אַ צימער. די מוזיק איז אין דרויסן, ווען דו אָטעמסט אין זיך גאָטס ליבע, פרישע לופט.

ער פלעג שטענדיק רעדן וועגן גאָט, ער איז געווען זייער פרום, להיפוך צו די ביידע קראַפּטס, צום טאַטן און זון, וואָס מען האָט זיי ביי לייטן געהאַלטן פאַר פרייזיניקע, הגם זיי האָבן שטענדיק מקפּיד געווען, נישט צו עסן פרייטיק קיין פליייש.

פלוצלינג — קיינער האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס — האָט מעל-כיאָר געביטן זיין באַציונג. ער האָט נישט נאָר מסכּים געווען מיטן אַלטן, אַז ס׳איז כּדאַי צו פאַרשרייבן קריסטאָפס מוזיקאַלישע איינפאַלן, נאָר — צו דער גרויסער שטוינונג פונם קינד, איז ער נאָך אָפּגעזעסן לאַנגע אָוונטן און צוויי-דריי מאָל איבערגעשריבן דעם כּתב-יד. אויף אַלע פראַגן, וואָס מ׳האָט אים געשטעלט וועגן דעם, האָט ער געענטפערט מיט אַ וויכטיקער מינע: „מען וועט זען“... אָדער ער האָט זיך גאָר געריבן די הענט, בּשעת-מעשה געלאַכט און געצופּט אויף קאַטאָוועס קריסטאָפן די האָר אָדער געפּאַטשט אים פון הינטן מיט אַ הילכיקן געלעכטער. קריסטאָף האָט נישט ליב געהאַט אָט די גוט-פרײַנטשאַפט, ער האָט אָבער באַמערקט, אַז דעם טאַטן טוט עס הנאה און נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס.

שפּעטער זענען צווישן מעלכיאָרן און דעם זיידן פאָרגעקומען געהיימע באַראַטונגען. אין איינעם אַן אָוונט האָט זיך קריסטאָף, צו זיין גרויס פאַרוווּנדערונג, דערוווּסט, אַז ער, קריסטאָף, האָט געווידמעט זיין הויכקייט, דעם גרויספירשט לעאָפּאָלד, „די פרייד פון די קינדער-יאָרן.“ מעלכיאָר האָט פריער אויסגעפאָרשט, ווי דער פירשט וועט עס אויפנעמען, און דער פירשט מיט זיין גנאָד האָט באַוויליקט אָנצונעמען די מתּנה. דעמאָלט האָט מעלכיאָר טריומפירנדיק דערקלערט, אַז מען באַדאַרף נישט פאַרלירן קיין איין רגע און, ערשטנס, שיקן צום פירשט אַן אָפיציעלע בקשה, צווייטנס, דרוקן דאָס ווערק, און דריטנס — איינאָרדנען אַ קאָנצערט און לאָזן הערן דער וועלט די מוזיק.

מעלכיאָר און זשאַן-מישעל האָבן זיך נאָך לאַנג מיישב געווען. אין משך פון צוויי-דריי אָוונטן האָבן זיי זיך געטומלט אַרום אָט דעם ענין. ס׳איז שטרענג פאַרווערט געווען אַריינצוקומען זיי צו שטערן.

מעלכֿיאָר האָט געשריבן און געמעקט, געמעקט און געשריבן. דער אַלטער האָט גערעדט אויפֿן קול, ווי ער וואָלט געלייענט לידער. נישט איינמאָל איז איינער געלעגן אין די האָר פֿונם אַנדערן און געקלאַפּט מיט די פֿויסטן אין טיש, ווען ס'איז געווען שווער צו געפֿינען אַ פּאַסיקן אויסדרוק.

שפּעטער האָט מען אַריינגערופֿן קריסטאָפֿן, אַוועקגעזעצט אים בײַם טיש און אים אַריינגעשטעקט אַ פֿעדער צווישן די פֿינגער; דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעשטעלט רעכֿטס און דער זיידע — לינקס, און דער אַלטער האָט אָנגעהויבן דיקטירן. קריסטאָף האָט נישט פֿאַרשטאַנען אַ וואָרט, ראשית איז ער נאָך נישט געווען אַזאַ גרויסער בקי אין הלכֿות-שרייבן, צווייטנס, האָט אים מעלכֿיאָר די גאַנצע צייט אַריינגעשריען אין אויער אַריין. אַחוץ דעם האָט דער זיידע דעקלאַמירט אַזוי פּאַטעטיש, אַז קריסטאָף איז צעטומלט געוואָרן פֿון זײַנע רייד און לחלוטין נישט געהערט וואָס ער רעדט. דער אַלטער איז נישט ווייניקער געווען נתפּעל ווי ער. ער האָט נישט געקאָנט אײַנזיצן אויף אַן אָרט, געגאַנגען איבערן צימער הין און צוריק און בשעת-מעשה — ער האָט עס אַליין נישט געפֿילט — פֿאַרטײַטשט די דיקטירטע מליצות מיט משוגעדיקע זשעסטן און האַוואַיעס; אַלע ווײַלע איז ער שטיין געבליבן איבער קריסטאָפֿן און אַריינגעקוקט אין זײַן שרײַבן, און צווישן די צוויי גרויסע קעפּ, וואָס זענען געווען איבערגעבויגן איבער אים, האָט קריסטאָף געציטערט, ווי אַ פֿיש אין וואַסער, אַרויסגעשטעקט די צונג און נישט געקאָנט אײַנהאַלטן די פֿעדער; פֿון שרעק זענען אים די אויגן אַרויסגעקראָכֿן, כּסדר האָט ער געמאַכֿט איבעריקע שטריכֿן אָדער גאָר פֿאַרשמירט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבן; מעלכֿיאָר האָט זיך געבייזערט און זשאַן-מישעל האָט געברומט — בלית ברירה האָט מען געמוזט אַלעמאָל אָנהויבן פֿונדאָסנײַ. אָבער ווען מ'איז שוין מיט מזל צוגעקומען צום סוף, איז אויפֿן רייַנעם פּאַפּיר געפֿאַלן אַ טינט-פֿלעק: — מ'האָט דעם ייִנגל גוט אָנגעריסן פֿאַר די אויערן, און ער האָט זיך צעוויינט; מ'האָט אים אָבער פֿאַרווערט צו וויינען, ער זאָל חלילה נישט פֿאַרפֿלעקן דאָס פּאַפּיר, און מ'האָט ווידער אָנגעהויבן דיקטירן פֿון אָנהויב אָן; קריסטאָף האָט געמיינט, אַז עס וועט שוין מסתמא אַזוי דויערן זײַן גאַנץ לעבן.

לסוף איז מען דאָך אָנגעקומען בשלום, און זשאַן מישעל, אָנגעשפּאַרט אָן אויוון, האָט מיט אַ שטים, וואָס האָט געציטערט פֿון הנאה,

געלייענט דאָס ווערק, און מעלכיאָר האָט דערווייל זיך אויסגעצויגן אין זיין שטול, געקוקט אויפן סופיט און געשאָקלט מיטן קין, ווי אַ פיינשמעקער און זיך געקוויקט מיטן פיינעם נוסח פון אָט דעם בריוו:

„הויך-ווירדיקער, העכסט-דערהויבענער,
גנעדיקער האַר!

זינט דעם פערטן יאָר פון מיין לעבן איז די מוזיק געוואָרן די ערשטע פון מיינע קינדערשע באַשעפטיקונגען. גלייך ווי איך בין געפאַנגען געוואָרן אין דער נעץ פון דער נאָבעלער מוזע, וואָס האָט דערוועקט אין מיין האַרצן די איידלסטע האַרמאָניעס, האָב איך זי ליב געקראָגן, און אויך זי האָט מיר, פון איר זייט, אָפּגעצאָלט מיט ליבע. איצט ענדיק איך דאָס זעקסטע יאָר פון מיין לעבן, און פון אַ געוויסער צייט אָן שעפּטשעט מיר אַלץ אָפּטער די מוזע אין די מינוטן פון מיין באַגייסטערונג אין אויער אַריין: „מוטיקער! מוטיקער! ברענג אַרויס דאָס געזאַנג פון דיין האַרץ אויפן פּאַפּיר!" — „זעקס יאָר! — האָב איך אָבער געטראַכט — און ווי זאָל איך זיך דערוועגן דאָס צו טון? וואָס וועלן דערויף זאָגן די מבינים פון קונסט?" כ'האָב זיך געקווענקלט, כ'האָב געציטערט. אָבער מיין מוזע פאַרלאַנגט עס... און איך האָב געטון איר ווילן. כ'האָב אָנגעשריבן.

און איצט, צי זאָל איך,

אָ, דערהויבענע הויכקייט!

צי זאָל איך האָבן דעם מוט צו לעגן צו די פיס פון דיין טראָן די ערשטע פּרוכט פון מיין יוגנטלעכער אַרבעט?... צי זאָל איך האָבן די העזה צו האָפן, אַז דו וועסט באַוויליקן מיט דיין גנאָד צו לאָזן פאַלן דערויף דיין פּאָטערלעכן בליק?...

אָ, געוויס! ווייל די וויסנשאַפט און קונסט האָבן פון אייביק אָן אין דיר געפונען זייער גרעסטע אונטערשטיצונג און דעם גרויסמוטיקן באַשיצער, און ווייל יעדער טאַלענט בליט אויף אונטער די פליגל פון דיין הייליקער שוץ.

פול מיט דעם דאָזיקן טיפן און פעסטן גלויבן, האָב איך דעם מוט דערלאַנגען דיר מיינע יינגלשע פּרוון. נעם זיי אָן ווי אַ ריינעם קרבן פון מיין פאַרערונג, און משפט זיי מיט חסד.

אָ גנעדיקע הויכקייט!
און באַווייליק צו וואַרפן דיין בליק אויף זיי און אויף
זייער יונגן מחבר, וואָס קניט פאַר דיר מיט טיפסטער עניוות!
דער איבערגעגעבנסטער דינער פון זיין העכסטער
גנעדיקייט, פון זיין דערהויבנקייט און חסד,
דיין געהאָרכזאַמסטער קנעכט
זשאַן-קריסטאָף קראַפט"

קריסטאָף האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַ וואָרט: ער איז גליקלעך געווען, וואָס ער איז פון דעם פּטור געוואָרן, און מורא האָבנדיק, מ'זאָל אים נישט הייסן ווידעראַמאָל צושרייבן פון דאָס ניי, איז ער אַנטלאָפן אין פעלד. ער האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף פון דעם, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעשריבן, און די גאַנצע מעשה איז אים אָנגעגאַנגען ווי פאַראַיאָריקער שניי. אָבער דער אַלטער, נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט לייענען, האָט עס איבערגעקייט נאָכאַמאָל, כדי ווידער צו שעפּן נחת, און ווען ער האָט געענדיקט האָט ער מיט מעלכיאָרן באַשלאָסן, אַז ס'איז פלאי-פלאים, ממש אַ מייסטער-שטיק. די זעלבע מיינונג האָט געהאַט אויך דער גרויספירשט גופא, ווען מ'האָט דערלאַנגט דעם בריוו צוזאַמען מיטן אָפּשריפט פונם מוזיקאַלישן ווערק. ער איז געווען אַזוי גנעדיק צו דערקלערן, אַז סיי דאָס ערשטע, און סיי דאָס צווייטע זענען געשריבן אין פיינסטן סטיל. ער האָט דערלויבט איינצואָרדנען דעם קאָנצערט, באַפוילן צו געבן אין מעלכיאָרס רשות דעם זאַל פון דער מוזיק-אַקאַדעמיע און אויך באַוויליקט צו פאַרזיכערן, אַז ער וועט לאָזן זיך פאָרשטעלן דעם יונגן קינסטלער אינם טאָג פון זיין אויפטריט.

מעלכיאָר האָט זיך גענומען איינצואָרדנען וואָס-גיכער דעם קאָנצערט. ער האָט זיך פאַרזיכערט מיט דער אונטערשטיצונג פונם הויף-מוזיקער-פאַריין; דער דערפאָלג פון זיינע ערשטע שריט האָט פונאַנדערגעפלאַקערט אין אים די תאווה צו כבוד, און ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אין אַ גרויסאַרטיקער אויסגאַבע „די פרייד פון די קינדער-יאָרן". לכתחילה האָט ער, אמת, געוואָלט לאָזן אויסגראַווירן אויפן שער-בלאַט דעם פאָרטרעט פון קריסטאָפן ביים פּיאַנינאָ צוזאַמען מיט אים, מיט מעלכיאָרן, וואָס האָט געזאָלט האַלטן די פידל אין האַנט. ער האָט זיך אָבער געמוזט דערפון אָפּזאָגן, נישט, חלילה, צוליב געלט — מעלכיאָר האט זיך נישט אפּגעשטעלט פאַר די גרעסטע הוצאות —

נאָר ווייל די צייט איז געווען צו קורץ. ער האָט זיך געמוזט צו־פרידן־שטעלן מיט אַן אַלעגאָרישער קאָמפּאָזיציע, וואָס האָט פאָרגע־שטעלט אַ וויגל, אַ טרומייט, אַ פּויק, אַ הילצערן פערדל און אין מיטן — אַ לירע, וואָס פון איר האָבן זיך געגאָסן זון־שטראַלן. דאָס קעפּל, צו־זאַמען מיט אַ לאַנגער ווידמונג, אין וועלכער דעם פירשטס נאָמען איז געווען אויסגעשריבן מיט גאָר גרויסע אותיות, האָט געגעבן צו וויסן, אַז „דער הער זשאַן־קריסטאָף איז אַלט זעקס יאָר". — ער איז שוין, אמת, אַלט געווען זיבן מיט אַ האַלבן. — די צייכענונג אויפן ווערק האָט געקאָסט אַ סך געלט; כדי צו באַצאָלן דערפאַר האָט דער אַלטער געמוזט פאַרקויפן אַן אַלטן קאַסטן, אַן יקר־המציאות פון אַכצנטן יאָרהונדערט, מיט געשניצטע פיגורן. ער האָט זיך מיט אים ביזאַהער בשום־אופן נישט געוואָלט שיידן, נישט געקוקט אויף די אָפטע פאָר־שלאָגן פון וואָרמסער אַנטיקוואַר. אָבער מעלכיאָר איז געווען זיכער, אַז דאָס אַבאָנענטן־געלט וועט דעקן די הוצאה און ס'וועט נאָך בלייבן ריווח.

אַן אַנדער זאַך איז אים אָנגעגאַנגען: ווי זאָל קריסטאָף זיין אָנגעטון אויפן קאָנצערט? מען האָט זיך וועגן דעם מיישב געווען אויף אַ פאַמיליען־באַראַטונג. מעלכיאָרן האָט זיך געוואָלט, אַז קריסטאָף זאָל אויפטרעטן אין אַ קורץ־קליידעלע מיט הוילע קני, ווי אַ קינד פון אַ יאָר פיר. אָבער קריסטאָף איז געווען צו גרויס פאַר זיינע יאָרן, און די גאַנצע שטאָט האָט אים געקענט: מ'האָט, בכן, נישט געקענט האָפן, אַז עמעצער וועט זיך לאָזן נאַרן. מעלכיאָרן איז דעמאָלט איינגעפאַלן אַ גרויסאַרטיקער געדאַנק. ער האָט באַשלאָסן מען זאָל אים אָנטון אַ פראַק מיט אַ ווייסן שניפּס. בחינם האט די גוטע לואיזע פּראָטעסטירט, וואס מ'וויל איר יינגל נעבעך מאַכן לעכערלעך, מעלכיאר האט דווקא געהאַלטן, אַז אַזאַ אומגעריכטע דערשיינונג וועט ביים עולם שטאַרק נושא־חן זיין. כך הוה, דער שניידער איז געקומען נעמען קריסטאָפן אַ מאָס אויפן אַנצוג פאַר דעם קליינן מענטשעלע. מ'האָט אים אויך געמוזט באַזארגן מיט פיינע וועש און לאַקירטע שיך, און דאָס אַלץ האט געקאסט אַ מטמון מיט געלט. קריסטאף האט זיך געפילט שלעכט אין דער נייער הלבשה, כדי אים צוצוגעוווינען, האט מען אים גע־הייסן אַ סך מאָל איבערחזרן זיינע ווערק אין דעם נייעם אַנצוג, אין משך פון אַ גאַנצן חודש האט ער נישט פאַרלאָזט דעם שטול ביים פּיאַנינא. מ'האָט מיט אים אויך איינגעחזרט, ווי ער דאַרף זיך פאַר־

נויגן, ער האָט פּשוט נישט געהאַט קיין פרייע מינוט. ער איז אויפ־געבראַכט געווען, אָבער זיך נישט דערוועגט קעגנצושטעלן, ער האָט געמיינט, אַז ער גייט דאָ אויפטון מי־יודע וואָס פאַר אַן אויפטו. ער איז געווען שטאָלץ און בשעת מעשה געכאַפּט אַ ציטער. אגב, האָט מען אים אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, טאָמער פאַרקילט ער זיך, חלילה; מ׳האָט אים געוויקלט דעם האַלז אין טיכער, מ׳האָט געטריקנט זיינע שיך, טאָמער זענען זיי נאַס, און ביים עסן האָט מען אים דערלאַנגט דעם בעסטן חלק.

און איז אָנגעקומען דער גרויסער טאָג. דער שערער איז געקו־מען און איבערגענומען די השגחה איבער זיין טואַלעט; ער האָט פריזירט קריסטאָפס האָר, וואָס האָבן געשטעלט אַן עקשנותדיקן ווי־דערשטאַנד, און נישט גערוט, ביז וואַנען פון קריסטאָפס האָר איז גע־וואָרן ווי שעפּסן־וואָל. די גאַנצע משפחה האָט דורכגעשפּאַצירט פאַר קריסטאָפן, און אַלע האָבן מודה געווען, אַז ער זעט אויס גרויסאַרטיק. מעלכיאָר האָט זיך אַרומגעדרייט און פון אַלע זייטן אים אַרומגעקוקט, ער האָט זיך אַ פּאַטש געטון אין שטערן און געבראַכט צו טראָגן אַ ריזיקע בלום און פאַרשטעקט אים אין לאַץ. נאָר איין לואיזע, ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אויס־געשריען מיט עגמת נפש, אַז ער זעט אויס ווי אַ מאַלפּע: דאָס האָט קריסטאָפן שטאַרק געקרענקט. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, צי דאַרף ער זיך פרייען אָדער שעמען מיט זיין אַנצוג. אינסטינקטיוו האָט ער זיך געפילט דערנידעריקט. נאָך מער האָט ער עס געפילט בעתן קאָנצערט: דאָס דאָזיקע געפיל, וואָס איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים אַ גאַנצן טאָג, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן...

דער קאָנצערט האָט זיך שוין באַדאַרפט אָנהויבן. אַ האַלבער זאַל איז געווען ליידיק. דער גרויספירשט איז נישט געקומען. איינער פון די העפלעכע און גוט־אינפאָרמירטע פריינט, פון יענעס מין מענטשן וואָס מ׳טרעפט אָפט, האָט נישט פאַרזאַמט צו ברענגען די ידיעה, אַז אין פּאַלאַץ קומט איצט פאָר אַ מלוכה־באַראַטונג, און אַז דער גרויס־פירשט וועט נישט קומען: ער ווייסט עס, ער דערציילט עס פון אַ זי־

כּערן מקור. אַ פֿאַרצווייפֿלטער איז מעלכיאָר אַרומגעלאָפֿן הין און צוריק און אַרויסגעקוקט דורכן פֿענסטער. דער אַלטער זשאַן-מישעל איז אויך געווען פֿאַרהאַוועט, אָבער מער מיטן אייניקל: ער האָט אים פֿאַרשאָטן מיט עצות. קריסטאָף איז אויך צעהיצט געוואָרן, פּונקט ווי זיי; וועגן זיין שפּילן איז ער געווען רויק, אָבער דער געדאַנק, אַז ער וועט זיך דאַרפֿן פֿאַרנייגן פֿאַרן עולם, האָט אים געשראָקן, און וואָס מער ער האָט דערפֿון געטראַכט, אַלץ מער האָט זיך געשטאַרקט זיין פּחד.

סוף-כּל-סוף האָט מען גענדאַרפֿט אָנהויבן: דער עולם איז אומגעדולדיק געוואָרן. דער אָרקעסטער פֿונם הויף-מוזיקער-פֿאַריין האָט אָנגעהויבן מיט דער „אוווערטורע פֿון קאָריאָלאַן". קריסטאָף האָט נישט געקענט נישט קאָריאָלאַנען, נישט בעטהאָווענען; אויב ער האָט געהערט ווען-עס-איז שטיקלעך פֿון זייער מוזיק, האָט ער נישט געוווסט, וועמענס זיי זענען; ס'איז אים קיינמאָל נישט אָנגעגאַנגען דער נאָמען פֿון די ווערק, וואָס ער האָט געהערט; ער פֿלעג זיי אָנרופֿן מיט נעמען, וואָס ער האָט אַליין אויסגעטראַכט, און אפֿילו פֿאַרפּאַסט צו זייער אינהאַלט קליינע מעשׂות אָדער נאַטור-בילדער; ער האָט זיי ס'רוב איינגעטיילט אין דריי מינים: פֿייער, ערד און וואַסער, מיט טויזנטער פֿאַרשידענע ניואַנסן. מאָצאַרט האָט געהערט צום מין וואַסער: אַ לאָנקע ביים ברעג טייכל, אַ דורכזיכטיקער נעפּל, וואָס שוועבט איבערן וואַסער, אַ קליינער פֿרילינג-רעגן אָדער גאָר אַ רעגנבויגן. בעטהאָווען איז געווען פֿייער. אַמאָל — אַ שׂרפֿה מיט ריזיקע פֿלאַמען און געדיכטע רויך-וואָלקנס; אַמאָל ווידער — אַ ברענענדיקער וואַלד, אַן אָנגעלאָדענער, שרעקלעכער וואָלקן, וואָס שפּריצט מיט בליצן, און אַן אַנדערש מאָל — אַ ברייטער הימל פֿול מיט צאַנקענדיקע פֿייערלעך, צווישן וועלכע מ'זעט, מיט האַרץ-קלאַפּעניש, אַ שטערן, וואָס טיילט זיך אָפּ און גייט אויס שטיל אין דער שיינער אלול-נאַכט. אויך דאָסמאָל האָט אים ווי אַ שׂרפֿה אַרומגענומען דאָס מעכטיקע פֿייער פֿון אָט דער העלדישער נשמה. אַלץ איבעריקע איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. און ווי האָט אים איצט געקאָנט אָנגיין דאָס איבעריקע: דער צעטומלטער מעלכיאָר, דער נידערגעשלאָגענער זשאַן-מישעל, דער גאַנצער באַשעפֿטיקטער עולם, דאָס פּובליקום, דער גרויספֿירשט — וואָס פֿאַר אַ מחותּן איז דער קליינער קריסטאָף געווען מיט אָט די אַלע מענטשן? וואָס פֿאַר אַ שייכות האָבן זיי מיט אים? ער האָט זיך איצט איבערגעגעבן אין רשות פֿון אַ מעכטיקן ווילן, וואָס האָט אים מיטגעריסן מיט זיך

און פֿאַרוועקגעטראָגן. ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך אים מיט אַ פֿאַרהאַקטן אָטעם, מיט טרערן אין די אויגן, מיט אָפּגענומענע פֿיס, און אַ שוידער איז אים אַדורך איבערן גאַנצן לייב; זיין בלוט האָט האַסטיק געקלאַפּט, ער האָט געציטערט מיט אַלע אברים... באַהאַלטנדיק זיך הינטער די קוליסן, האָט ער זיך אַזוי צוגעהערט מיט אַן אָנגעשטרענגט אויער; פּלוצלינג האָט זיך אים עפּעס אָפּגעריסן אין האַרצן, דער אָרקעסטער האָט אינמיטן איבערגעריסן דאָס שפּילן, און נאָך אַ קליינער הפסקה אַ הילך געטון מיט די טרומייטן און פּויקן אַ מיליטערישן מאַרש פֿונם באַקאַנטן, פֿייערלעכן נוסח. דער איבערגאַנג פֿון איין מין מוזיק צום צווייטן איז געווען אַזוי געוואַלדיק, אַז קריסטאָף האָט געקריצט מיט די ציין און געטופּעט מיט די פֿיס פֿאַר כּעס, אויסשטרעקנדיק די פֿויסטן צו דער וואַנט. מעלכיאָר אָבער איז געווען אויסער זיך פֿאַר גליק: דער פֿירשט איז אַריינגעקומען אין זאַל, און דער אָרקעסטער האָט אים מקבל-פּנים געווען מיטן נאַציאָנאַלן הימן. זשאַנמישעל האָט מיט אַ ציטערדיקער שטים געגעבן זיין אייניקל די לעצטע עצות.

מען האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן די מוזיקאַלישע איינלייטונג און דאָסמאָל דערשפּילט זי ביזן סוף. איצט איז געקומען די צייט פֿאַר קריסטאָפֿן. מעלכיאָר האָט אַזוי קונציק צוזאַמענגעשטעלט דעם פּראָגראַם, אַז אין דער זעלבער צייט האָט ער באַדאַרפֿט באַווייזן דער וועלט די ווירטואָזיטעט אי פֿונם זון, אי פֿונם פֿאָטער: זיי האָבן, הייסט עס, געדאַרפֿט שפּילן צוזאַמען אויפֿן פּיאַנינאָ און פֿידל מאָצאַרטס אַ סאָנאַטע. כּדי אַרויסצורופֿן אַ שטאַרקערן רושם, האָט מען אָפּגעמאַכט, אַז פֿריער זאָל קריסטאָף אויפֿטרעטן איינער אַליין. מ'האָט אים צוגעפֿירט ביז צו דער סצענע, אָנגעוויזן אים אויף דער פּיאַנינאָ, וואָס איז געשטאַנען פֿאָרנט, און צום לעצטן מאָל געגעבן אים צו פֿאַרשטיין, וואָס ער האָט צו טון און אַרויסגעשטופּט אים פֿון הינטער די קוליטן.

לכתחילה האָט ער זיך גאָרנישט געשראָקן, זייענדיק שוין פֿון אַ לענגערער צייט צוגעוויינט צו די טעאַטער-זאַלן; אָבער ווען ער האָט זיך דערזען איינער אַליין אויף דער בינע, אונטער די בליקן פֿון הונדערטער אויגן, איז אים פּלוצלינג באַפֿאַלן אַזאַ פּחד, אַז ער האָט אינסטינקטיוו געמאַכט אַ באַוועגונג אויף צוריק, און זיך אויסגעדרייט צו די קוליסן, כּדי צו אַנטלויפֿן: ער האָט אָבער דאָרטן באַמערקט דעם טאַטן, וואָס האט געמאַכט צו אים מיט די הענט, און אים אָנגע-

קוקט מיט אויגן פון אַ גזלן. האָט ער געמוזט גיין ווייטער. אגב, האָט מען אים שוין געהאַט באַמערקט פון זאַל. וואָס נעענטער ער איז צו־געקומען, האָט זיך אין זאַל אויפגעהויבן אַ געמורמל פון נייגיר, וואָס איז באַלד אַריבער אין אַ געלעכטער, פון מינוט צו מינוט אַלץ שטאַר־קער. מעלכיאָר האָט זיך נישט טועה געווען: דעם קליינעמס הלבשה האָט אַרויסגערופן אַ עפעקט, וואָס מ׳האָט געקאָנט נאָר ערוואַרטן. דער זאַל האָט זיך געקייקלט פון געלעכטער, בעת מ׳האָט דערזען דעם קליינעם מיט די לאַנגע האָר, מיטן ציגיינער־פנימל, וואָס האָט זיך מיט צרות און שרעק קוים געשלעפּט אינם אָוונט־קאָסטיום פון אַן אמתן דזשענטלמען. מ׳האָט זיך אויפגעשטעלט פון די ערטער, אים בעסער אָנצוקוקן; דעם זאַל האָט באַהערשט אַן אמתע פריילעכקייט, אָן קיין סימן פון בייזוויליקייט, וואָס האָט אָבער געקאָנט צעטומלען אפילו דעם געניטסטן ווירטואָז. קריסטאָף האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן פונם טומל, פון די בליקן און פון לאָרנעטן, וואָס זענען אויף אים אָנגע־שטעלט געווען, און געהאַט נאָר איין געדאַנק אין קאָפּ: וואָס גע־שווינדער צוצוקומען צום פּיאַנינאָ, וואָס האָט איצט אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווי אַן אינזל אין מיטן ים. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נישט געקוקט בשעת־מעשה נישט אויף רעכטס, נישט אויף לינקס, האָט ער געשפּרייזט מיט שנעלע טריט לענג־אויס דער ראַמפּע, און אַרויס־קומענדיק לסוף אויפן מיט פון דער סצענע, האָט ער אַ שטאָט צו פאַרנויגן זיך פאַרן עולם, ווי ס׳איז געווען אָפּגעשמועסט, זיך גאָר אויסגעדרייט מיטן רוקן און זיך געלאָזט גלייך צום פּיאַנינאָ. דער שטול איז אָבער געווען צו הויך און ער האָט נישט געקאָנט אַרויפ־קריכן אויף אים אָן דעם טאַטנס הילף; נאָר אָנשטאָט צו וואַרטן, האָט ער, פון גרויס צעמישטקייט, אָנגעהויבן אַליין קריכן אויף די קני. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס געלעכטער. אָבער אַצינד איז שוין קריסטאָף געווען געראַטעוועט: ביי דעם אינסטרומענט האָט ער פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט.

לסוף איז אַרויסגעקומען מעלכיאָר; אַ דאַנק דער גוטער שטימונג פון עולם, איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גענוג־וואַרעמע אַפּלאָדיס־מענטן. די סאָנאַטע האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס קליין מענטשעלע האָט געשפּילט מיט אַ פעסטער זיכערקייט, דאָס מויל צוזאַמענגעפּרעסט פון אויפמערקזאַמקייט, די אויגן געווענדט צו די קלאַווישן, בעת זיינע קליינע פיסלעך זענען אַראָפּגעהאָנגען פון דעם שטול. וואָס ווייטער די

גאָטן האָבן זיך פונאַנדערגעוויקלט, האָט ער זיך געפילט אַלץ זיכערער; ער האָט זיך געפונען צווישן גוטע פריינט, וועלכע ער האָט גוט געקענט. אַ געמורמל פון אָנערקענונג איז דערגאַנגען צו אים; אַ כוואַליע פון שטאָלצער צופרידנקייט האָט אים אַ שלאָג געטון אין קאָפּ; ער האָט געטראַכט, אַז דער גאַנצער עולם זיצט און שווייגט, כדי צו הערן זיין מוזיק און זיך צו באַגייסטערן. אָבער ווי נאָר ער האָט געענדיקט, איז אים ווידער באַפאַלן דער פחד, און די אַפּלאָדיסמענטן און די אויסגעשרייען האָבן אים פאַרשאַפט מער חרפה, ווי פאַרגעניגן. די חרפה האָט זיך פאַרטאָפּלט, ווען מעלכיאָר, האַלטנדיק אים פאַר דער האַנט, איז צוגעגאַנגען מיט אים צום ברעג פון דער ראַמפּע און אים געהייסן זיך פאַרנויגן פאַרן עולם. ער האָט געפאָלגט און זיך געבייגט זייער טיף, מיט אַ לעכערלעכער אומגעלומפּערטקייט; ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט, געוואָרן רויט פון דעם, וואָס ער האָט געטון, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ לעכערלעכע מיאוסע זאַך.

מ׳האָט אים ווידער אַוועקגעזעצט צום פּיאַנינאָ, און ער האָט געשפּילט „די פרייד פון די קינדער־יאָרן“. אַ ווילדע התלהבות האָט אַרומגעכאַפּט דעם עולם. נאָך יעדן שטיקל האָט מען אויסגעשריען מיט התפּעלות; מ׳האָט פאַרלאַנגט ער זאָל שפּילן נאָך אַמאָל; ער איז געווען שטאָלץ מיט זיין דערפאָלג, אָבער אין דער אייגענער צייט — כמעט באַליידיקט געוועזן פון די אַרויספאָדערונגען, וואָס האָבן אים אויסגעוויזן ווי באַפעלן. לסוף האָט דער גאַנצער זאַל זיך אויפגעשטעלט אים צו באַגריסן; דער גרויספירשט אַליין האָט געגעבן דעם צייכן צו אַפּלאָדירן. אָבער ווי נאָר קריסטאָף האָט זיך געפונען איינער אַליין אויף דער סצענע, האָט ער מורא געקראָגן זיך אַ ריר צו טון פון זיין שטול. די אַפּלאָדיסמענטן זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. רויט פון חרפה האָט ער אַלץ נידעריקער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און אָפּגעקערט דאָס פּנים נישט צו קוקן אויפן זאַל. לסוף איז געקומען מעלכיאָר; ער האָט אים גענומען אויף די הענט און געהייסן אים שיקן צום עולם אַ לופט-קוש: ער האָט אים אָנגעוויזן אויף דער לאָזשע פונם גרויספירשט. קריסטאָף האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. מעלכיאָר האָט אים אָנגעכאַפּט שטאַרקער פאַרן אָרעם און אים שטילערהייט געדראָט מיט קלעפּ. ערשט דעמאָלט האָט קריסטאָף געמאַכט אַ פּאַסיוון זשעסט, און נישט געקוקט דערביי אויף קיינעם; ער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן און אַלץ געהאַלטן אָפּגעקערט דעם קאָפּ; ער האָט

זיך געפילט אומגליקלעך: ס'האָט אים עפּעס ווי געטון, און ער האָט
נישט געוווּסט פאַרוואָס; ס'האָט אים וויי געטון זיין אייגנליבע, ער
האָט נישט ליב געהאַט די אַלע מענטשן, וואָס זענען דאָ געווען. זיי
האָבן אים, אמת, אַפּלאָדירט. אָבער ער קאָן זיי נישט מוחל זיין, וואָס
זיי האָבן פון אים אָפּגעלעכט און זיך געוויילט מיט זיין בזיון; ער
קאָן זיי נישט מוחל זיין, וואָס זיי זעען אים איצט אין דעם לעבער-
לעבן צושטאַנד, ווי ער הענגט אין דער לופטן און שיקט קושן. ס'האָט
אים כמעט אויפגעבראַכט זייער אַפּלאָדירן. און ווען מעלכיאָר האָט אים
לסוף אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, איז ער גלייך אַנטלאָפן הינטער די
קוליסן. איין דאַמע האָט אים צוגעוואָרפן, בעת ער איז פאַרבייגעלאָפן,
אַ בוקעט מיט פיילכלעך, וואָס האָט אים געטראָפן גלייך אין פנים
אַריין. אַ בהלה איז אים באַפאַלן, און ער האָט גענומען מיט אַלע
כוחות לויפן, איבערקערנדיק אַ שטול, וואָס איז אים געשטאַנען אין
וועג. וואָס גיכער ער איז געלאָפן, אַלץ מער האָט מען געלאַכט, און
וואָס מער מען האָט געלאַכט, אַלץ גיכער איז ער געלאָפן.

לסוף איז ער אָנגעקומען בשלום צום אַרויסגאַנג פון דער בינע,
ווו עס זענען געשטאַנען נייגעריקע מענטשן און אים אָנגעקוקט; ער
האָט מיטן קאָפּ פאַרויס זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג און זיך באַהאַלטן
אין אַ ווינקל פון פאָדערהויז. דער זיידע איז געווען מלא-שמחה און
אים באַשאָטן מיט ברכות. די מוזיקאַנטן פונם אָרקעסטער האָבן זיך
געהאַלטן די זייטן פון געלעכטער און געוווּנשן גליק דעם קליינעם.
ער האָט נישט געוואָלט קוקן אויף זיי און געבן זיי די האַנט. מעל-
כיאָר האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם צו די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס
האָבן נאָך אַלץ געדויערט און געוואָלט דווקא אַרויסשלעפּן קריסטאָפן
באַכאַמאָל אויף דער בינע. אָבער דאָס קינד האָט זיך עקשנותדיק גע-
ווערט, אנגעכאַפּט דעם זיידן פאַרן ראָק און געדריגעט מיט די פיס
אַלע מענטשן, וואָס האבן זיך צו אים דערנענטערט. דער סוף איז
געווען, אַז ער האָט זיך צעוויינט און מ'האָט אים געמוזט לאָזן צו רו.

גראָד אין דער מינוט איז אַריינגעקומען אַן אָפיציר מעלדן, אַז
דער גרויספירשט פאַרבעט די קינסטלער אין זיין לאָזשע. אָבער ווי
קאָן מען באַווייזן דאָס קינד מיט אַזאַ צורה? מעלכיאָר האָט געשאָלטן
מיר רוגזה, אָבער זיין כעס האָט נאָר אַרויסגערופן אַ שטאַרקערן גע-
וויין ביי קריסטאָפן. כדי אַ סוף צו מאַכן צום מבול פון זיינע טרערן,
האָט אים דער זיידע צוגעזאָגט אַ פונט שאָקאָלאַד, אויב ער וועט

אויפהערן צו וויינען, און קריסטאָף, בטבע אַ נאַשער, האָט זיך באַרויקט איינגעשלונגען די טרערן און זיך געלאָזט פירן; אָבער פריער האָט מען אים געמוזט פייערלעך שווערן, אַז מ'וועט אים נישט אָפּטון קיין שפּיצל און אַרויספירן אויף דער בינע.

אינם זאַל פון דער פירשטלעכער לאָזשע האָט מען אים פאָרגע־שטעלט פאַר אַ מאַן אין אַ ראָק, מיט אַ פּנים פון אַ הונט, מיט פאַר־שפּיצטע וואָנסן און מיט אַ קורצער, שפּיציקער באָרד; אַ קליינער, רויטער און אַ דיקלעכער מאַן האָט זיך געווענדעט צום אים מיט אַ היימישער גוט ברודערשאַפט, אַ קניפּ געטון אים אין בעקל מיט זיינע פעטע הענט און אויסגערופן: „Mozart redivivus" (מאָצאַרט איז אויפגעשטאַנען תּחית־המתים!) ס'איז געווען דער גרויספירשט. — שפּע־טער איז ער אַריבער אין די הענט פון דער גרויספירשטין, צו איר טאָכטער און צו זייער סוויטע. נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט געהאַט דעם מוט אויפצוהויבן די אויגן, איז אים שפּעטער פאַרבליבן אין זכּרון פון דעם גאַנצן גלענצענדן עולם נאָר אַ בינטל קליידער און אוניפאָרמען, וואָס ער האָט געזען פון גאַרטל ביז די פיס. זיצנדיק אויפן שויס פון דער יונגער פּרינצעסין, האָט ער נישט געהאַט קיין מוט זיך אַ ריר צו טון און צו אָטעמען. זי האָט אים געשטעלט פראַגן, אויף וועלכע מעלכיאָר האָט געענטפערט מיט אַן אונטערטעניקער שטים און מיט חניפה־רייד. אָבער זי האָט גאָרנישט געהערט, וואָס מעלכיאָר רעדט, און זיך געררייצט מיטן יינגל. ער האָט געפילט, ווי ער ווערט פון מינוט צו מינוט אַלץ רויטער, און מיינענדיק, אַז אַלע באַמערקן זיין רויטקייט, האָט ער זיך געוואָלט פאַרענטפערן און זיך אָפּגערופן מיט אַ טיפן זיפץ:

— איך בין רויט, ס'איז מיר הייס.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן געלעכטער ביי דעם יונגן פריילין. אָבער קריסטאָף האָט אויף איר קיין פאַריבל נישט געהאַט, ווי אויפן עולם, ווייל איר לאַכן האָט אים הנאה געטון; זי האָט אים אַ קוש געטון — דאָס האָט אים אויך נישט פאַרדראָסן.

אין דעם מאָמענט האָט ער באַמערקט אינם קאָרידאָר ביים אַריינגאַנג פון דער לאָזשע, דעם זיידן, ווי ער שטייט צעשטראַלט פון פרייד און פאַרשעמט; ער האָט מסתּמא אויך חשק געהאַט זיך באַווייזן און אַריינצושטעלן אַ וואָרט, ער האָט אָבער קיין העזה נישט געהאַט, ווייל קיינער האָט זיך צו אים מיט קיין וואָרט נישט געווענדט; ער

האָט פון ווייטן געקליבן נחת פון זיין אייניקלס גדולה. קריסטאָפן האָט פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט אַ שטאַרקע צערטלעכקייט צום זיידן; ער האָט דערפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו טון געדרעכטיקייט מיטן אָרעמען אַלטן, מ׳זאָל אָפּשאַצן זיין ווערט. ער איז געוואָרן רעדעוודיק; ער האָט זיך איבערגעבויגן צום אויער פון זיין גייער פריינדין און איר איינגערוימט:

— איך וויל אייך אויסזאָגן אַ סוד!

זי האָט געלאַכט און געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ סוד?

— איר געדענקט דעם שיינעם טריאָ אין מענועט און דעם מענועט, וואָס איך האָב געשפּילט?... איר געדענקט עס גוט?... — (ער האָט עס שטיל אונטערגעזונגען) — ...דאָס איז עס! דאָס האָט אָנגעשריבן דער זיידע. נישט איך. די איבעריקע ווערק זענען אַלע מיינע. אָבער די זאַך איז די שענסטע פון אַלע. זי איז דעם זיידנס. דער זיידע וויל נישט, מ׳זאָל עס וויסן. איר וועט עס דאָך נישט דערציילן קיינעם? — (ער האָט אָנגעוויזן אויפן זיידן) — אָט איז דער זיידע. איך האָב אים זייער ליב. ער איז זייער גוט צו מיר.

די פּרינצעסין האָט זיך הויך צעלאַכט, זי האָט געשריען, אַז ער איז אַ טייער קינד, באַדעקט אים מיט קושן און צו דער גרויסער איבעראַשונג פון קריסטאָפן און פון זיין זיידן האָט זי אַלעמען דערציילט די מעשה. אַלע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט, און דער גרויספירשט האָט געווונשן גליק דעם אַלטן, וואָס איז צעמישט געוואָרן און אימזיסט זיך געפּרוווט צו פאַרענטפערן און געשטאַמלט ווי אַ פאַרמשפּטער. אָבער קריסטאָף האָט שוין מער צום מיידל קיין וואָרט נישט גערעדט; נישט געקוקט אויף אַלע אירע שטיפערייען, איז ער געבליבן שטום און גלייכגילטיק: ער האָט זי מבזה געווען אין זיין האַרצן, וואָס זי האָט נישט געהאַלטן וואָרט. די מיינונג, וואָס ער האָט געהאַט וועגן פירשטן, האָט געליטן אַ שטאַרקן קלאַפּ צוליב אָט דעם פאַראַט. ער איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט, אַז ער האָט מער נישט געהערט, וואָס מ׳האָט גערעדט, און אַפילו נישט די ווערטער פונם פירשט, וואָס האָט לאַכנדיק באַשטימט אים פאַר זיין שטענדיקן פּיאַניסט, פאַר זיין „הויפמוזיקער”.

קריסטאָף איז אַרויס צוזאַמען מיט זיינע אייגענע, און איז באַגלייט געוואָרן פון די קאָרידאָרן ביז דער גאַס פון אַ המון מענטשן, וואָס האָבן אים געלויבט און געקושט צו זיין גרויס ערגערניש: ער

האָט נישט ליב געהאַט, אַז מ'קושט אים און נישט געלאָזט באַלעבאַ־טעווען איבער זיך אָן זיין דערלויבעניש.

לסוף זענען זיי אָנגעקומען אַהיים, און ווי נאָר מ'האָט פאַרמאַכט די טיר, האָט אים מעלכיאָר אָנגערופן „קליינער אידיאָט", פאַרוואָס ער האָט דערציילט, אַז דער טריאָ איז נישט זיינער. דאָס קינד אָבער האָט געוווסט, אַז עס האָט ריכטיק געהאַנדלט און אַז עס פאַרדינט, מ'זאָל אים דערפאַר לויבן און נישט זידלען, — און עס האָט געענט־פערט מיט עזות. אַ צעקאָכטער האָט מעלכיאָר געזאָגט, אַז ער וואָלט אים די ביינער צעקלאַפּט, ער האָט אָבער גוט געשפּילט אויפן קאָנ־צערט און אַליין איבערגעפּירט דעם גאַנצן עפעקט פונם קאָנצערט מיט זיין נאַרישקייט. קריסטאָף האָט פאַרמאָגט אַ טיף געפיל פאַר יושר: ער איז אַוועק אַן אָנגעבלאָזענער אין אַ ווינקל; ער האָט צו אַלעמען געפילט אַ פאַראַכטונג: צום טאַטן, צו דער פּרינצעסין, צו דער גאַנצער וועלט. ס'האָט אים אויך געקרענקט, וואָס די שכנים קו־מען ווינשן זיינע עלטערן און פרייען זיך מיט זיי, ווי זיי וואָלטן געשפּילט זיינע זאַכן און ער וואָלט געווען נאָר זייערער אַ חפץ.

דערווייל האָט אַ דינער פונם פּאַלאַץ געבראַכט פונם פירשט אַ שיינעם, גאָלדענעם זייגער, און פון דער יונגער פּרינצעסין — אַ שאַכטל מיט אויסגעצייכנטן שאָקאָלאַד. ביידע זאַכן האָבן פאַרשאַפט קריסטאָפן גרויס נחת־רוח; ער האָט אַליין נישט געוווסט מיט וואָס זיך מערער צו פרייען; ער איז אָבער געווען אין אַזאַ שלעכטער שטימונג, אַז ער האָט זיך געמאַכט גלייכגילטיק, זיך ווייטער געבלאָזן, וואַרפנדיק פון דער זייט אַ בליק אויף דעם נאַשוואַרג און געשלאָגן זיך מיט דער דעה, צי איז רעכט אָנצונעמען מתנות פון אַ מענטשן, וואָס האָט אים פאַראַטן. ער איז שוין געווען גרייט צו גיין אויף גע־וויסע הנחות, נאָר אָט האָט זיך זיין טאַטן פאַרגלוסט, ער זאָל גלייך צוגיין צום שרייבטיש און אָנשרייבן אַ דאַנק־בריוו, וואָס ער, מעלכיאָר, וועט אים דיקטירן. דאָס איז שוין געווען צופיל! צי דאָס איז געווען צוליב דער אויפרעגונג פונם גאַנצן טאָג, צי פון אינסטינקטיווער חרפה אָנצוהויבן, אויף מעלכיאָרס באַפעל, דעם בריוו מיט די ווערטער:

„דער קליינער קנעכט און מוזיקער פון אייער הויכקייט"... ווי עס זאָל נישט זיין, — ער האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, און מ'האָט פון אים מער גאָרנישט געקאָנט אַרויסבעקומען. דער דינער האָט מיט אַ חוזק־שמייכעל געוואַרט. מעלכיאָר האָט אַליין געמוזט אָנ־

שרייבען דעם בריוו, און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, קריסטאָפן נישט אַראָפּ גלאַטיק. כּדי צו פאַרגרעסערן דעם אומגליק, איז צו די צרות דער זייגער נאָך אַרויסגעפאַלן פון קינדס הענטלעך און זיך צעבראָכן אויף פּיצלעך. אַ האָגל פון זידל־ווערטער האָט זיך אויף אים אַ שאָט געטון. מעלכיאָר האָט געשריען, אַז ער וועט נישט באַקומען קיין דעסערט. קריסטאָף האָט געענטפערט, אַז דאָס מיינט ער טאַקע, כּדי אים צו באַשטראָפן, האָט זיך לואיזע אָפּגערופן, אַז זי נעמט ביי אים צו דאָס זיסוואַרג. קריסטאָף איז אַרויס פון די כּלים און געשריען, אַז זי האָט קיין רעכט נישט דערצו, אַז דאָס שאַכטעלע איז זיינס און מער קיינעמס נישט — קיינער האָט קיין רעכט נישט ביי אים דאָס אַוועקצורויבן! ער האָט געכאַפּט אַ פּאַטש, איז אַריין אין אַ ווילדן צאָרן און, אַרויסרייסנדיק דאָס שאַכטל פון דער מאַמעס הענט, האָט ער עס אַ וואָרף געטון אויף דער ערד און צעטראָטן מיט די פיס. מ׳האָט אים אָנגעשמיסן, אַריינגעטראָגן אים אין זיין צימער, אויסגעטון און אַריינגעלעגט אין בעט.

אין אָוונט האָט ער געהערט, ווי די עלטערן עסן צוזאַמען מיט זייערע פריינד דעם גרויסאַרטיקן מיטאָג, וואָס איז, לכּבוד דעם קאָנצערט, געווען צוגעגרייט נאָך פון פאַראַכטאָגן. ליגנדיק אין בעט איז ער פון פאַרדרוס שיר פון דער הויט נישט אַרויסגעשפּרונגען צוליב דער אומגערעכטיקייט. מ׳האָט דאָרט געלאַכט אויפן קול און זיך געקלאַפּט אין די גלעזער. פאַר די געסט האָט מען געזאָגט, אַז דער קליינער איז פאַרמאַטערט; קיינעם האָט עס נישט געאַרט. נאָך דער סעודה אָבער, ווען די געסט האָבן אָנגעהויבן זיך פונאַנדערגיין האָט קריסטאָף דערהערט שווערע טריט, וואָס האָבן זיך געשלעפּט צו זיין צימער; דער אַלטער זשאַן־מישעל האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער זיין בעט, אים האַרציק אַ קוש געטאָן און געזאָגט דערביי: „מיין אוצער, קליינער קריסטאָף!...“ און גלייך, ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט, איז ער, נישט רעדנדיק מער קיין וואָרט, שטיל אַרויס און אַריינגעשטעקט אים אין האַנט אַ ביסל נאַשוואַרג, וואָס ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע.

קריסטאָפן האָט עס הנאה געטון. ער איז אָבער געווען אַזוי פאַרמאַטערט פון די טאָג־איבערלעבונגען, אַז ער האָט אפילו קיין כּח נישט געהאַט זיך צוצורירן צו די גוטע זאַכן, וואָס דער זיידע האָט

אים געבראַכט. ער איז געווען צעבראָכן פון מידקייט און באַלד איינגעשלאָפן.

ער איז געשלאָפן אומרויק. ער האָט זיך אַלע ווײַלע אַ וואָרף געטון, ווי אַ עלעקטרישער שטראָם וואָלט אים אויפגעטרייסלט. אַ ווילדע מוזיק האָט אים געשראָקן אין חלום. אין מיטן דער נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. בעטהאָווענס אוווערטור, וואָס ער האָט געהערט בעתן קאָנצערט, האָט אים געקלונגען אין די אויערן. זי האָט אָנגעפילט דאָס צימער מיט איר גליענדיקן אָטעם. ער האָט זיך אויפגעהויבן אין בעט און זיך געריבן די אויגן, צי שלאָפט ער נישט. ניין. ער שלאָפט נישט. ער האָט זי דערקענט, ער האָט דערקענט אָט די צאָרנדיקע קולות, די פאַרצווייפלטע אויסגעשרייען; ער האָט דערהערט דאָס פּולסירן פונם מעכטיקן האַרץ, וואָס וואַרפט זיך אין ברוסט-שייד, דאָס ברויזנדיקע בלוט; ער האָט דערפילט אויף זיין פנים אַ ווילדן שטורם-ווינט, וואָס שמייסט און שליידערט און וואָס ווערט פּלוצלינג ווידער איינגעשטילט, איינגעהאַלטן דורכן ווילן פון אַ העלדישן ריז. די גיגאַנטישע נשמה פון בעטהאָווען האָט זיך איבערגעגאָסן אין אים, זיך פונאַנדערגעצויגן אין זיינע גלידער, אין זיין נשמה און געמאַכט זיי ריזיק גרויס. ער האָט זיך געלאָזט איבער דער וועלט. ער איז אַ באַרג, און די שטורעמס רייסן זיך אויף אים, שטורעמס פון שגעון!... שטורעמס פון יסורים!... אַך ס׳אַראַ ווייטיק... אָבער עס מאַכט נישט אויס! ער פילט זיך אַזוי שטאַרק!... ליידן! ליידן, וואָס מער!... אַך, ווי גוט עס איז צו זיין שטאַרק! ווי גוט עס איז צו ליידן, ווען מ׳איז שטאַרק!...

ער האָט זיך צעלאַכט. זיין געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען אין דער שטילקייט פון נאַכט. זיין טאַטע האָט זיך אויפגעכאַפּט און אויסגעשריען:

— ווער איז?

די מאַמע האָט געפּליסטערט:

— שאַ! דאָס חלומט זיך דעם קינד!

זיי זענען אַלע דריי אַנטשוויגן געוואָרן. אַלץ איז שטיל געוואָרן אַרום זיי. די מוזיק איז פאַרשוווּנדן, מ׳האָט נישט מער געהערט, ווי דאָס גלייכמעסיקע אָטעמען פון די מענטשן, וואָס זע-

ען געשלאָפן אין צימער, חברים פון נויט, געשמידט פונם גורל, זייט בײַ זייט, אינם זעלביקן צעבראָכענעם שיפל, וואָס אַ מעכטיקע קראַפט האָט געשליידערט אָן אויפהער און אַוועקגעטראָגן אין דער נאָכט.

ראָמען ראָלאַן

# זשאַן קריסטאָף

## פרימאָרגן

צווייטער באַנד

פון פראַנצויזיש

אהרן מארק

קאָאָפּעראַטיוו „ביכער" ווארשע 1929

עס זענען אַריבער דריי יאָר. באַלד ווערט שוין קריסטאָפן עלף יאָר. עס ציט זיך אַלץ ווייטער זיין מוזיקאַלישע דערציונג. ער לערנט מוזיק-האַרמאָניע ביי פלאָריאַן האָלצער, דעם אָרגאַניסט אין דער קירך פונם הייליקן מאַרטען, — דעם זיידנס אַ פריינט, זייער אַ געלערנטער מאַן. ער לערנט קריסטאָפן, אַז דווקא די אַקאָרדן, וואָס ער האָט צום שטאַרקסטן ליב, און דווקא די האַרמאָניעס, וועלכע גלעטן אַזוי מילד זיין האַרץ און אויער — וואָס ווען ער הערט זיי, לויפט-דורך אַ לייכטער שוידער איבער זיין חוט-השדרה — אַז דווקא זיי זענען מיאוס און פאַרבאָטן. ווען ער פרעגט, פאַרוואָס מ׳טאָר זיי נישט שפילן, באַקומט ער שטענדיק איינעם און דעם זעלבן ענטפער: די כללים פאַרווערן עס. אָבער אַזוי ווי ער וואַרפט זיך קיינמאָל נישט אונטער אַ פרעמדער מיינונג, באַקומט ער גראָד יענע מוזיק אַלץ שטאַרקער ליב, וואָס מער מ׳פאַרווערט אים. ער האָט די גרעסטע הנאה, ווען ער געפינט אַמאָל אַזעלכע ביישפילן ביי די גרויסע מוזיקער, וואָס געפעלן אַלעמען, און ער ברענגט זיי דעם זיידן אָדער דעם לערער. אויף דעם ענטפערט דער זיידע, אַז ביי די גדולים איז עס טאַקע וווּנדערשיין, ממש פלאי פלאים, און אַז אַ בעטהאָווען אָדער אַ באַך, למשל, האָט זיך עס געמעגט דערלויבן. דער לערער ווידער, ווייניקער נאָכגיביק, ווערט בייז און ענטפערט מיט רוגזה, אַז דאָס זענען גאָרנישט די בעסטע ווערק זייערע.

קריסטאָף האָט אַ פרייען איינטריט אויף די קאָנצערטן און אין טעאַטער; ביסלעכווייז לערנט ער זיך אויס שפילן אויף אַלע אינסטרומענטן. אין פידל-שפיל ווייזט ער אַרויס אַ באַזונדערע פעיקייט, און דעם טאַטן איז איינגעפאַלן דער געדאַנק צו געבן אים אַן אָרט אינם

אָרקעסטער. ער צייכנט זיך אויס מיט זיין שפּילן, אַז אין עטלעכע חדשים אַרום ווערט ער אָפיציעל באַשטימט פאַרן צווייטן פידלער אינם הויף־מוזיק־פאַריין. אָט אַזוי הויבט ער אָן צו פאַרדינען — און ס'איז גראָד נישט פריצייטיק, ווייל מיט פּרנסה אין שטוב ווערט אַלץ ערגער און ערגער. מעלכיאָר שיכּורט אַלץ מער, און דער זיידע ווערט עובר־בטל.

קריסטאָף פאַרשטייט זיך גוט אויף דעם טרויעריקן מצב; ער באַקומט אַן ערנסט און פאַרדאגהט פּנים פון אַ קליינעם מאַן. ער דערפילט ערלעך זיין פליכט, הגם זי גייט אים ווייניק־וואָס אָן; אין אָוונט, ווען ער זיצט אין אָרקעסטער, ווערט ער שלעפעריק, ווייל ס'איז שפּעט און לאַנגווייליק. דאָס טעאַטער רעדט שוין מער נישט צו אים מיט דער באַגייסטערונג פון אַמאָל, ווען ער איז געווען קליין. ווען ער איז געווען קליין, — מיט אַ יאָר פיר צוריק, — איז דער העכסטער טרוים זיינער געווען זוכה צו זיין פאַרנעמען דאָס אָרט, וווּ ער זיצט היינט. איצט אָבער האָט ער כּמעט נישט ליב קיין איין זאַך נישט, וואָס מ'הייסט אים שפּילן. ער האָט נאָך דעם מוט נישט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן די געשפּילטע ווערק — אין האַרצן אָבער געפינט ער, אַז זיי האָבן קיין טעם נישט; און אַז מען שפּילט שוין יאָ אַמאָל, על־פּי צופאַל, עטלעכע שיינע זאַכן, איז ער זייער נישט צופרידן, וואָס מ'שפּילט זיי מיט אַזאַ קאַלטער גלייכגילטיקייט: אַפילו די ווערק, וואָס זענען אים שטאַרק צום האַרצן, ווערן סוף־כּל־סוף ענלעך צו זיינע שכנים, די חברים פון אָרקעסטער. זיי, די חברים זיינע, ווי־נאָר דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ און זיי ווערן פאַרטיק מיט זייער בלאָזן אָדער גרימפּלען, ווישן זיי זיך מיט אַ שמייכל אָפּ דעם שווייס און דערציילן זיך בשעת־מעשה גאַנץ רויק מעשהלעך, גלייך ווי ס'וואָלט זיך איצט געענדיקט אַ לעקציע פון גימנאַסטיק. ער האָט אויך ווידער געזען זיין אַמאָליקע „ליבע", די בלאָנדע זינגערין מיט די באָרוועסע פיס; ער טרעפט זי גאַנץ אָפט, בעת די הפסקות, אין רעסטאָראַן. זי ווייסט, אַז ער איז אין איר פאַרליבט און זי קושט אים זייער גערן, אָבער ער פילט נישט אין דעם קיין שום הנאה: עס עקלט אים פון איר שמינקע, פון איר ריח, פון אירע גרויסע אָרעמס און פון איר פרעסן; איצט האָט ער זי פיינט.

דער גרויספירשט האָט נישט פאַרגעסן אָן זיין שטענדיקן פּיאַניסט: דאָס הייסט נישט, אַז מ'האָט אים פּינקטלעך געצאָלט דעם באַ-

שיידענעם געהאַלט, וואָס דער פירשט האָט באַשטימט, — אדרבא, ער איז שטענדיק מאָנען, — נאָר פון צייט צו צייט באַקומט קריסטאָף אַ באַפעל צו קומען אין שלאָס. דאָס קומט פאָר דעמאָלט, ווען ס׳זענען דאָרט איינגעלאַדן חשובע געסט אָדער — פשוט, ווען זייער הויכקייט פאַלט איין אַ קאַפּריז צו הערן זיין שפילן. דאָס קומט אויס כמעט שטענדיק אין אָוונט, אין אַזעלכע שעהן, ווען קריסטאָף וויל בלייבן אַליין מיט זיך. ער מוז אַלץ איבערלאָזן און געשווינד אַהינלויפן. טיילמאָל הייסט מען אים וואַרטן אין פאָדערצימער, ווייל דער מאָלצייט איז נאָך נישט געענדיקט. די שטוב-דינער, געוווינט אים אָפּט צו זען, שמועסן מיט אים גוטברודעריש. שפּעטער פירט מען אים אַריין אין אַ זאַל, וואָס גלאַנצט פון ליכט און שפּיגלען, ווו שטייפע פאַרשוינען קוקן אים אָן מיט אַ בטולדיקער נייגעריקייט. ער מוז דורכגיין דאָס גאַנצע צימער, וואָס איז אָנגעשמירט מיט וואַקס, און קושט זייערע הויכקייטן די הענט; וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ אומגעשיקטער האָט ער זיך געהאַלטן — ער האָט זיך געפילט לעכערלעך, און זיין שטאָלץ האָט דערביי שטאַרק געליטן.

לסוף זעצט ער זיך ביים פּיאַנינאָ און מוז שפּילן פאַר די טפּשים: — אַזוי האָבן זיי ביי אים אויסגעזען. — צייטנווייז האָט אים בעתן שפּילן די גלייכגילטיקייט פון דער סביבה אַזוי דערדריקט, אַז ס׳איז ביי אים רעכט געווען איבערצורייסן אינמיטן. ס׳האָט אים געפעלט לופט, עפּעס האָט אים געשטיקט, און ער איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ תהום. ווען ער האָט געענדיקט, האָבן אים אַלע צוגעווונשן, באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן און פאָרגעשטעלט אים איינער פאַרן אַנדערן. בעת מעשה אָבער האָט ער געטראַכט אין האַרצן, אַז זיי קוקן אויף אים, ווי אויף אַ באַזונדער מין חיה, וואָס געהערט צו דעם פירשטס מענאַזשעריע, און אַז די שבחים באַציען זיך גיכער צום באַלעבאָס, איידער צו אים. ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט און געוואָרן קרענקלעך עמפּפינדלעך, ער האָט דערפון זייער פיל געליטן, בפרט, ווען ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אַרויסצווייזן עס. ער האָט איינגעזען אַ באַליידיקונג פאַר זיך אין די סאַמע איינפאַכסטע האַנדלונגען: אויב עמעץ האָט געלאַכט אין אַ ווינקל פון זאַל, האָט ער געמיינט, אַז דאָס לאַכט מען פון אים; און ער האָט נישט געוווסט, צי לאַכט מען עס פון זיינע תנועות אָדער פון זיין אַנצוג — אָדער גאָר פון זיין פנים, הענט, פיס. אַלץ האָט אים דערנידעריקט:

ער איז געווען געקרענקט, ווען מ׳האָט צו אים נישט גערעדט. און געווען געקרענקט, ווען מ׳האָט צו אים יאָ גערעדט; באַליידיקט, ווען מ׳האָט אים געגעבן צוקערלעך, ווי אַ קליין קינד, און באַזונדערס באַליידיקט, ווען דער גרויספּירשט האָט אים מיט אַ פּריצישער גאווה אָפּגעשיקט אַהיים, אַריינשטעקנדיק אים אין האַנט אַ גילדערנע מטבע. ער האָט זיך געפילט אומגליקלעך, וואָס ער איז אָרעם און וואָס מ׳קוקט אויף אים ווי אויף אַ קבצן. איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען ער איז געגאַנגען אַהיים, האָט אים דאָס באַקומענע געלט אַזוי געדריקט, אַז ער האָט עס אויפן וועג אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער אַריין. תיכּף אָבער נאָכדעם איז ער גרייט געווען אויסצושטיין אַלערליי בזיונות, אַבי נאָר צוריק צו באַקומען דאָס געלט: ווייל אין שטוב איז מען געווען שולדיק דעם קצב פאַר אַ סך חדשים.

זיינע עלטערן איז גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, וויפיל יסורים עס ליידט זיין באַליידיקטער שטאָלץ. זיי זענען געווען גליקלעך, וואָס דער פירשט ווייזט אים אַרויס אַזוי פיל גנאָד. די גוטע לואיזע האָט זיך פאַר איר יינגל נישט געקאָנט פאָרשטעלן קיין שענערע זאַך אין דער וועלט, ווי די דאָזיקע אָוונטן אין שלאָס, אין דער גרויסאַרטיקער געזעלשאַפט. פאַר מעלכיאָרן איז עס געווען אַן ענין שטענדיק זיך צו באַרימען פאַר זיינע פריינד. אָבער גליקלעכער פון אַלע איז געווען דער זיידע. ער האָט זיך, אמת, געגרויסט מיט זיין ליבע צו אומאָפּהענגיקייט, מיט זיין שטאָלץ און פאַראַכטונג צו די מיוחסים; אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט ער געהאַט אַ נאַיוון יראת-הכבוד פאַר געלט, פאַר מאַכט, רום און כלערליי געזעלשאַפטלעכע פּריווילעגיעס; און זיין שטאָלץ איז געווען אין לשער, ווען ער האָט געזען, ווי זיין אייניקל האָט די זכיה צו שטיין נאָענט צו די פּריצים; ער איז געווען אויפן זיבעטן הימל, גלייך ווי דער כבוד וואָלט געפאַלן אויך אויף אים, און הגם ער האָט זיך באַמיט זיין גלייכגילטיק, האָט דאָך זיין פּנים געשטראַלט פאַר נחת-רוח. אין די אָוונטן, ווען קריסטאָף איז אַוועק אין שלאָס, האָט דער אַלטער זשאַן-מישעל שטענדיק געפונען אַן אויסרייד צו בלייבן ביי לואיזען. ער האָט געוואַרט מיט אַ קינדערשן אומגעדולד ביז זיין אייניקל וועט קומען צוריק; און ווען קריסטאָף איז געקומען, האָט דער אַלטער, מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט, אויסגעפרעגט ביי אים סתם אין דער וועלט אַריין, אַ שטייגער:

— נו, ווי איז געגאַנגען דער היינטיקער אָוונט?

אָדער מיט אַ צערטלעכן שמייכל, ווי:

— אָט איז אונזער קליינער קריסטאָף, ער וועט אונז באַלד דער־ציילן עפּעס נייעס.

אָדער ער האָט געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, און געחנפהט אים בשעת־מעשה:

— ברוך הבא, אונזער יונגער אַדלמאַן!

אָבער קריסטאָף האָט שטענדיק, ביז און פאַרמאַטערט, געענט־פערט טרוקן: „גוטן אָוונט" און זיך געזעצט אָנגעבלאָזן אין אַ ווינקל. דער אַלטער פלעג דעמאָלט צושטיין מיט קלאָרע פראַגן, דאָס יינגל אָבער האָט נאָר געענטפערט יאָ אָדער ניין. ביני־לבינו האָבן זיך אויך די איבעריקע אַריינגעמישט און אויסגעפרעגט אים וועגן פאַרשידענע פּרטים: קריסטאָף איז אַלץ מער געוואָרן אָנגעבלאָזן, מ'האָט אים פּשוט געדאַרפט שלעפּן ביי דער צונג אַזוי לאַנג, ביז דער אַלטער זשאַן־מישעל פלעג ווערן אָנגעצינדן און מלא חמה — און לסוף אַ זאָג געטון אים אַ האַרב וואָרט. קריסטאָף האָט אָפּגעענטפערט מיט ווייניק דרך־ארץ, און דער סוף איז געווען, אַז עס איז שטענדיק געקומען צו אַ גרויסער מחלוקת, דער אַלטער פלעג אַוועקגיין און פאַרהאַקט נאָך זיך האַסטיק די טיר. אָט אַזוי האָט קריסטאָף פאַרשטערט די שמחה ביי די אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין זיין שלעכטע שטימונג. זיי זענען נישט געווען שולדיק, וואָס זיי האָבן געהאַט נשמות פון משרתים, און זיי איז גאָר גישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז עס קאָן געמאָלט זיין אַנדערש.

קריסטאָף האָט זיך דעריבער פאַרשלאָסן אין זיך. נישט טראַכטנ־דיק קיין שלעכטס וועגן זיינע אייגענע, האָט ער דאָך געפילט, אַז אַ טיפער תהום טיילט אים אָפּ פון זיי. ער האָט געוויס איבערגעטריבן; און נישט געקוקט אויף די חלוקי־דעות צווישן זיי, קאָן מען דאָך אָנ־נעמען, אַז זיי וואָלטן אים יאָ פאַרשטאַנען, ווען ער וואָלט געקאָנט רעדן מיט זיי אינטים, אָפנהאַרציק. אָבער יעדערער ווייסט עס, אַז ס'איז נישטאָ קיין שווערערע זאַך אין דער וועלט, ווי די אַבסאָלוטע אָפנהאַרציקייט צווישן קינדער און עלטערן, אפילו ווען זיי האָבן זיך ליב גאָר שטאַרק; פון איין זייט לאָזט נישט דער יראת־הכבוד צו די עלטערן רעדן מיט זיי אינגאַנצן אָפנהאַרציק; פון דער צווייטער זייט ווידער — זענען די עלטערן אָפּט מגזם, ווען זיי האַלטן זיך העכער פאַרן קינד צוליב זייערע יאָרן און דערפאַרונג, און דאָס שטערט זיי

צו קוקן מיטן נויטיקן ערנסט אויף די געפילן פונם קינד, וואָס זענען אָפּטמאָל פונקט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי די געפילן פון די דערוואַקסע־נע, און דערצו נאָך כמעט שטענדיק פרילעכער.

די געזעלשאַפט, וואָס קריסטאָף האָט געזען אין דער היים און די שמועסן, וואָס ער האָט געהערט, האָבן אים נאָך מער דערווייטערט פון דער פאַמיליע.

עס קומען אָפט צוגיין מעלכיאָרס גוטע פריינד, ס׳רוב שפּילער פונם אָרקעסטער, טרינקער און אַלטע בחורים; נישט קיין שלעכטע מענטשן, נאָר וווּלגאַרע; די גאַנצע שטוב טרייסלט זיך פון זייער געלעכטער און טריט. זיי האָבן ליב די מוזיק, אָבער זיי רעדן וועגן איר מיט פאַרדריסלעכער טפשות. די ווילדע גראָבקייט פון זייער התפעלות פאַרווונדעט טיף די צניעותדיקע געפילן פונם קינד. ווען זיי לויבן אַ ווערק, וואָס ער האָט ליב, האָט ער דאָס געפיל, ווי זיי וואָלטן אים פערזענלעך באַליידיקט. ער ווערט בלאַס און אָנגעבלאָזן, קאַלט ווי אייז און מאַכט זיך, ווי די גאַנצע מוזיק וואָלט אים לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען; ער איז גרייט דעמאָלט צו האַסן זי, ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט. מעלכיאָר זאָגט אויף אים:

— אָט דער פרא-אדם האָט גאָר קיין האַרץ נישט. ער פילט בכלל נישט. באמת, איך ווייס נישט, אין וועמען ער איז געראָטן.

אָפּטמאָל זינגען זיי צוזאַמען יענע דייטשע פאָלקס-לידער אויף פיר שטימען, — ווי פיר פיס, — וואָס זענען שטענדיק ענלעך איינס צום אַנדערן און שלעפּן זיך שווער מיט אַן אָנגעבלאָזענער פייערלעכ־קייט אין פלאַכע האַרמאָניע. קריסטאָף אַנטלויפט דעמאָלט אין ווייטסטן חדר און שילט די ווענט.

דער זיידע האָט אויך זיינע גוטע פריינד: דעם אָרגאַניסט, טאַ־פּעצירער, זייגערמאַכער, קאָנטראַבאַס, אַלטע פּלוידערזעק, וואָס זענען שטענדיק מעלה־גרה די זעלבע וויצן און לאָזן זיך אַריין אין אָן אַ סוף לאַנגע וויכּוחים מכּח קונסט, פּאָליטיק אָדער יחוס פון די לאַנד־משפחות. ס׳איז זיי, אייגנטלעך, וויי ניק־וואָס אָנגעגאַנגען דער אָדער יענער ענין, וואָס מ׳האָט אַרומגעשמועסט; זיי זענען פשוט געווען גליקלעך, וואָס זיי האָבן געקאָנט פלוידערן און געפינען צו וועמען צו ריידן.

וואָס שייך לואיזען — האָבן זי אָפט באַזוכט די שכנות, וואָס פלעגן אַריינקומען איבערגעבן איר אַלע רכילות פון אַרום; אַמאָל אין

אַ יובל פלעג אויך אַריינקומען אַ „באַרמהאַרציקע דאַמע״ מיטן אויס־רייד, אַז זי איז געקומען זיך דערוויסן ווי עס גייט לואיזען און „באַ אַ געלעגנהייט״ דינגען זי איינצואָרדנען באַ זיך אַ מאָלצייט, און דערביי נעמען זיך דאָס רעכט אַכטונג צו געבן איבער דער רע־ליגיעזער דערציִונג פון די קינדער.

קריסטאָף איז קיינעם פון די אַלע איינגייער נישט געווען אַזאַ דם־שונא, ווי זיין פעטער טעאָדאָר, דעם זיידנס אַ שטיפזון, פון זיין ערשטער פרוי, די באָבע קלאַרע. ער איז געווען אַ שותּף צו אַ גרויסן האַנדלס־הויז, וואָס האָט געפירט געשעפטן אין אַפריקע און אין וויַיטן מזרח. טעאָדאָר איז געווען פון יענעם נייעם טיפּ דייטשן, וואָס האָבן ליב חוזק צו מאַכן פון דעם אַלטן ראַסע־אידעאַליזם. פאַרשיכּורט פון זייער נצחון, מאַכן זיי פּאַר זייער אָפּגאָט דעם כּוח און הצלחה וואָס באַווייזט בּלומרשט, אַז זיי קוקן אויף דעם לעבן אַנ־דערש ווי די אַלטע. אָבער אַזוי־ווי ס׳איז זייער שווער מיטאַמאָל צו ענדערן דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלק, וואָס שאַפט זיך אין משך פון דורות, — פלעג דעריבער דער אָג עשטויסענער אידעאַליזם זיך אומקערן צוריק און אַנטפּלעקן זיך אַלע מינוט אין אַן אַנדער דער־שיינונג: אין רעדן, באַוועגונגען, מנהגים, אין די ציטאַטן פון געטהען ביי יעדער געלעגנהייט, ביי דער מינדסטער געשעעניש אין שטוב־לעבן. ס׳איז געווען אַ משונהדיקער מיש־מאַש פון געוויסן און גשמיות, אַ משונהדיקע אָנשטרענגונג צונויפצושמעלצן די יושרדיקע מידות פון דער אַלטער דייטשער קליינבירגערלעכקייט מיטן ציניזם פון די נייע געשעפטס־רויבער — אַ געמיש, וואָס האָט געהאַט אַ גאָנ־ריח פון אַ געצוג־עקלדיקער צביעות; דאָס האָט כּלומרשט געזאָלט כּשרן דעם כּוח פון פויסט, די געלט־תּאווה און די דייטשע אינטערעסן, און געשטרעבט צו מאַכן פון זיי דעם סימבאָל פון יעדן רעכט, אמת און גערעכטיקייט.

קריסטאָפס יושר־געפיל איז געווען טיף פאַרוווּנדעט. ער האָט נישט געקאָנט אורטיילן, צי איז זיין פעטער גערעכט אָדער נישט; ער האָט אים אָבער פיינט געהאַט און געפילט אין אים אַ שונא. אויך דער זיידע האָט דעם פעטער נישט מער ליב געהאַט ווי ער און שטענדיק זיך אַרויסגעזאָגט קעגן זיינע מיינונגען; דעם זיידנס טענות אָבער זענען בעתן וויכּוח באַלד צעקלאַפּט געוואָרן דורך טעאָדאָרס באַרעדעוודיקייט; טעאָדאָר פלעג דערצו מאַכן חוזק פון דעם אַלטנס

איידעלער תמימות. דער סוף איז געווען: זשאַן-מישעל האָט זיך אָנ-
געהויבן צו שעמען מיט זיין גוטהאַרציקייט, און כּדי צו באַווייזן, אַז
ער איז גאָרנישט אַזוי אָפּגעשטאַנען, ווי מען מיינט, האָט ער גע-
פּרוּווט רעדן אַזוי ווי טעאָדאָר; עס האָט אָבער געקלונגען פֿאַלש אין
זיין מויל און ער איז אַליין פֿאַרשעמט געבליבן. נאָר וואָס ער זאָל
נישט האָבן געטראַכט אין האַרצן, האָט ער דאָך געהאַט פֿאַר טעאָדאָרן
גרויס דרך-ארץ. דער אַלטער האָט געכאַפּט התפּעלות פֿון זיין פּראַק-
טישער געשיקטקייט; ער האָט אים נאָך מער מקנא געווען דערפֿאַר,
ווייל ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער אַליין איז דערצו נישט פֿעיק. ער
האָט געטרוימט, אַז איינער פֿון זיינע אייניקלעך זאָל דערגרייכן צו
אַזאַ מדרגה. דאָס איז אויך געווען דער ווונש פֿון מעלכיאָרן, וואָס
האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז דער יונגערער זון, רודאָלף, זאָל גיין אין
זיין פֿעטערס שריט. דערפֿאַר האָבן אַלע אין שטוב געהנפֿנט דעם
רייכן קרוב, פֿון וועלכן מ׳האָט דערוואַרט טובֿות. יענער ווידער, זעענ-
דיק ווי אָנגעלעגט ער איז דאָ, האָט זיך גענומען האַלטן מעשה-באַלע-
באָס; זיך אומעטום אַריינגעמישט, געזאָגט אַ דעה און נישט באַהאַלטן
זיין שטאַרקע פֿאַראַכטונג צו קונסט און קינסטלער; נאָכמער: ער האָט
בולט אַרויסגעוויזן, אַז ס׳טוט אים הנאה צו באַליידיקן און דערנידע-
ריקן זיינע מוזיקאַלישע קרובֿים; ער האָט זיך געחכמהט אויף זייער
חשבון מיט גראָבע וויצן, און זיי אַליין, אין זייער געפֿאַלנקייט, האָבן
מיטגעלאַכט.

דער עיקר איז קריסטאָף געווען דער ציל פֿאַר דעם פֿעטערס
קאַטאָוועסן; ער איז אָבער נישט געווען אַזוי געדולדיק. ער האָט גע-
שוויגן און — אַ בייזער — פֿאַרביסן די ציין. יענעם האָט הנאה גע-
טון קריסטאָפֿס איינגעהאַלטענער צאָרן. איינמאָל אָבער, בעת זיי זענען
געזעסן ביים טיש, האָט טעאָדאָר געחוזקט פֿון אים שוין איבער דער
מאָס; קריסטאָף איז אַרויס פֿון די כּלים און אים אַ שפּיי געטון אין
פּנים אַריין. ס׳איז געווען אַן אומדערהערטער סקאַנדאַל און אַ מורא-
דיקער בזיון. דער פֿעטער איז געבליבן זיצן שטום פֿון איבעראַשונג,
אָבער באַלד האָט זיך אַ שאָט געטון אַ מבול פֿון ווערטער און זלזולים.
ווי אַ פֿאַרשטיינערטער איז קריסטאָף געזעסן אויף זיין שטול, פֿאַר-
גליווערט פֿון שרעק פֿאַר זיין אייגענעם אויפֿטו און גאָרנישט געפֿילט
די קלעפּ, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף אים פֿון אַלע זייטן; נאָר ווען
מ׳האָט אים געוואָלט צווינגען צו שטעלן זיך אויף די קני פֿאַר׳ן פֿע-

טער, האָט ער זיך צעבונטעוועט, אַ שטויס געטון די מאַמע און גע-מאַכט פּליטה. ער איז אָן אויפהער געלאָפן, נישט אָפּגעשטעלט זיך אפילו אין פעלד, ביז דער אָטעם איז אים פאַרהאַקט געוואָרן פון לויפן, הינטער זיך האָט ער געהערט שטימען, וואָס האָבן אים פון ווייטן געריפן. ער האָט ביי זיך אַליין געפרעגט, צי איז נישט כדאי צו וואַרפן זיך אין טייך אַריין, אויב ער איז נישט ביכולת צו דער-טרינקען זיין שונא. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער אַרומגעבלאָנדזעט איבער די פעלדער. ערשט באַגינען האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר פונם זיידנס הויז. דער אַלטער איז זייער אומרויק געווען פון קריסטאָפס אַנטלויפן, — ער האָט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעטון — און נישט גע-קאָנט ביי זיך פועלן צו בייזערן זיך אויפן אייניקל. ער האָט אים אָפּגעפירט אַהיים, דאָרט האָט מען זיך געהיט מיט אַ וואָרט קעגן קריסטאָפן, ווייל מ׳האָט געזען, אַז ער איז אומגעוויינלעך צערודערט; מען האָט אים, אגב, געשאַנעוועט, ווייל דעם זעלבן אָוונט האָט ער געדאַרפט שפּילן אינם שלאָס. מעלכיאָר אָבער איז אים וואָכנלאַנג דער-גאַנגען די יאָרן, — רעדנדיק כלומרשט נישט צו אים, נאָר גלאַט אין דער וועלט אַריין, — וועגן דעם, ווי מ׳לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט פאַר אומדאַנקבאַרע ברואים, וואָס זענען עס נישט ווערט, צו ווייזן זיי אַ ביישפּיל פון ריינעם לעבן און שיינע מידות. ווען פעטער טעאָדאָר האָט באַגעגנט קריסטאָפן אין גאַס, פלעג ער שטענדיק אָפּדרייען דעם קאָפּ און פאַרשטאָפּן די נאָז, כדי דערמיט אַרויסצווייזן אים אַלע סימנים פון טיפער פאַראַכטונג.

אַזוי ווי אין שטוב האָט מען אַרויסגעוויזן צו אים אַ קנאַפּע סימפּאַטיע, פלעג קריסטאָף בלייבן אין דערהיים וואָס ווייניקער. ער האָט שטאַרק געליטן פונם יאָך, וואָס מ׳האָט אויף אים אַרויפגעלייגט; פאַר צופיל זאַכן און צופיל מענטשן האָט מען אים געצוווּנגען צו האָבן דרך-ארץ, און נישט דערלויבט דערביי צו פרעגן פאַרוואָס; און קריסטאָף האָט בטבע פיינט געהאַט דעם בלינדן דרך-ארץ. וואָס מער מ׳האָט אים געוואָלט איינהאַלטן אין צוימען און מאַכן פון אים אַ ליי-טישן דייטשן קליינבירגער, אַלץ שטאַרקער האָט ער געוואָלט זיך באַ-פרייען דערפון. די גרעסטע הנאה האָט ער געהאַט, ווען ער האָט נאָך די שטייפע, לאַנגווייליקע קאָנצערטן אינם אָרקעסטער אָדער אין שלאָס זיך געקאָנט אַ קייקל טון איבערן גראָז ווי אַ יונג פערדל אָדער זיך אַראָפּגליטשן באַרג-אַראָפּ פון אַ באַגראָזטן בערגל (אין זיינע נייע הויזן),

אָדער גאָר צו וואַרפן זיך אין שטיינער מיט די שכֿנישע גאַס־יונגען. אויב ער האָט עס געטון זעלטן, איז עס נישט צוליב מורא פֿאַר קלעפּ אָדער געשרייען אין שטוב, נאָר פּשוט, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין חברים: ס׳איז אים נישט געלונגען זיך צו באַפֿריינדן נעענטער מיט אַנדערע קינדער. די גאַסן־ייִנגלעך האָבן אויך נישט ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט אים, ער פֿלעג אָננעמען דאָס שפּיל צו ערנסט און געטיילט צו שטאַרקע קלעפּ. ביסלעכווייז האָט ער זיך צוגעוויינט צו זיין אָפּגעזונדערט פֿון די קינדער אין זיין עלטער, — ער האָט זיך געשעמט, וואָס ער איז נישט איבעריק פֿלינק און האָט דעם מוט נישט צו שפּילן זיך מיט זיי. ער האָט זיך געמאַכט, ווי דאָס גאַנצע שפּיל וואָלט אים לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען, און בשעת־מעשה אויסגעקוקט, אַז חברה זאָל אים צורופֿן. אָבער קיינער האָט אים נישט גערופֿן, און ער האָט זיך געמוזט אָפּטראָגן אַ געקרענקטער, מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט.

זיין גאַנצע טרייסט איז געווען אַרומצושלעפּן זיך מיטן פֿעטער גאָטפֿריד, ווען ער איז געווען אין שטאָט. קריסטאָף האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אים און זייער ליב געהאַט זיין פֿרייען, אומאָפּהענגיקן גייסט, איצט האָט ער ערשט ריכטיק פֿאַרשטאַנען, סאַראַ פֿאַרגעניגן גאָטפֿריד האָט געהאַט אַרומצווואַנדלען איבער פֿאַרשידענע וועגן, נישט זיין צוגעבונדן צו קיין שום אָרט! אָפֿטמאָל פֿלעגן זיי אָוונטצייט גיין צוזאַמען איבער פֿעלדער, אָן אַ ציל, ווו די אויגן האָבן געטראָגן; און אַזוי־ווי גאָטפֿריד פֿלעג שטענדיק פֿאַרגעסן, ווי שפּעט עס איז, זענען זיי אָפֿט געקומען נאָך האַלבער נאַכט אַהיים און געכאַפּט אַ פּסק. זיי האָבן ליב געהאַט אַרויסצושאַרן זיך ביינאַכט שטילערהייט פֿון שטוב, בעת אַלע זענען געשלאָפֿן. גאָטפֿריד האָט געוווסט, אַז ס׳איז נישט רעכט אַזוי, אָבער קריסטאָף פֿלעג צו אים שטאַרק צושטיין, און גאָטפֿריד גופֿא האָט זיך אויך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פֿון דעם פֿאַרגעניגן. נאָך האַלבער נאַכט פֿלעג ער צוקומען פֿאַרן הויז און אַ פֿייף טון. קריסטאָף איז געלעגן אין די קליידער. ער פֿלעג זיך אַרויסגליטשן פֿון בעט, מיט די שיך אין די הענט, און איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, מיט דער געשיקטקייט פֿון אַ ווילדן מענטשן, צוגעקראָכן צום פֿענסטער פֿון קיך, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום וועג. ער פֿלעג אַרויפֿקריכן אויפֿן טיש, און גאָטפֿריד האָט אים פֿון דרויסן אַרויפֿגע-

בומען אויף זיינע אַקסלען. זיי פלעגן זיך אָפּטראָגן, ביידע גליקלעך ווי חדר-ייִנגלעך.

אָפּטמאָל זענען זיי פריער געגאַנגען אויפזוכן ירמיהן דעם פי־שער, גאָטפרידס אַ ידיד; זיי האָבן געכאַפּט פיש אויף זיין שיפל, אונטער דער לבנה-שיין. דאָס וואַסער, וואָס האָט געטריפט פון די רודערס, האָט געקלונגען ווי לייכטע האַרפן-קלאַנגען, ווי כראָמאַטישע טענער. אַ מילך-נעפּל האָט ציטערנדיק זיך באַוועגט אויף דער אויבער־פלאַך פונם טייך. די שטערנס האָבן געפינקלט. די הענער האָבן זיך איבערגעשמועסט אויף ביידע זייטן טייך, און אָפּטמאָל האָט מען גע־הערט פון דער הימלישער טיפקייט, די טרעלן פון די לערכן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, פאַרפירט פון דער העלער לבנה־שיין. מ׳האָט געשוויגן. גאָטפריד האָט שטיל געזונגען אַ ליד. ירמיה האָט דערציילט משונהדיקע מעשות וועגן דעם לעבן פון בעלי-חיים: זיי האָבן אויסגעזען נאָך געהיימניספולער, ער האָט גערעדט וועגן זיי קורץ און מיט פאַרשידענע רמזים. די לבנה האָט זיך באַהאַלטן הינ־טער די וועלדער. מען איז געשווומען לענגאויס דער טונקעלער קייט פון די בערג. די פינסטערניש פונם הימל און וואַסער האָט זיך צו־בויפגעגאָסן. דאָס וואַסער איז געווען אָן איין קנייטש. אַלע גערוישן זענען אויסגעגאַנגען. דאָס שיפל האָט זיך געשלייכט אין דער נאַכט. האָט עס זיך געטראָגן? איז עס טאַקע געשווימען? און אפשר איז עס געשטאַנען אויף איין אָרט?... די וואַסער-גראָזן האָבן זיך געבויגן אין די זייטן, ווי דער שאָרך פון זייד. מ׳איז צוגעפאָרן צום ברעג אָן אַ גערויש, אַרויסגעשטיגן און זיך געלאָזט גיין צו-פוס. ס׳האָט שוין אפילו געטראָפן, אַז מ׳איז צוריקגעקומען ערשט באַגינען. זיי זענען געגאַנגען לענג-אויס דעם טייך, וואַסער-אַראָפּ. מחנות קעניג-פישעלעך, גרין ווי תבואה-זאַנגען, אָדער בלוי ווי איידל-שטיינער, האָבן אַרויסגע־טויכט אין די ערשטע שטראַלן פונם טאָג; געווימלט, ווי די שלאַנגען אַרום דעם קאָפּ פון דער מעדוזע, און גיריק זיך געוואָרפן אויף די ברויט-קרישלעך, וואָס מ׳האָט זיי צוגעוואָרפן; געשווומען אַרום דעם ברויט, אַראָפּגעזונקען צוזאַמען מיט אים, געקרייזט אין ספּיראַלן און באַלד נעלם געוואָרן, פלוצלינג, ווי אַ ליכט-שטראַל. דער טייך האָט זיך געטוישט אין ראָזע און פיאָלעט-רעפלעקסן. איינע נאָך די אַנדערע האָבן זיך די פייגל אויפגעכאַפּט. מ׳איז געגאַנגען געשווינד אַהיים, און מיט דער זעלבער פאָרזיכטיקייט, ווי ביים אַרויסגיין, האָט זיך קרי־

סטאָף אַריינגעגליטשט אין צימער, — ווו די לופט איז געווען שטיקנ־
דיק — און געלייגט זיך אין בעט; זיין קערפּער איז פריש געווען
פונם פעלד־דופט, און ער פלעג באַלד איינשלאָפן.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה, און קיינער וואָלט עס קיינמאָל נישט
באַמערקט, ווען נישט זיין יונגערער ברודער ערנעסט, וואָס האָט גע־
מסרט קריסטאָפן פאַר זיינע נאַכט־שפּאַצירן; פון דעמאָלט אָן האָט מען
אים פאַרווערט צו טון עס און שטאַרק אים נאָכגעקוקט. און דאָך האָט
זיך אים נישט איינמאָל איינגעגעבן אַרויסצוגנבענען זיך ביינאַכט פון
שטוב; די געזעלשאַפט פונם קליינעם דאָרף־גייער און זיינע פריינט
איז געווען ביי אים העכער פון אַלץ. זיינע אייגענע האָט עס פאַר־
דראָסן. מעלכיאָר האָט געזאָגט, אַז קריסטאָף איז אַ פּויער־יונג. זשאַן־
מישעל איז געווען אייפערזיכטיק, וואָס קריסטאָף האָט ליב גאָטפרידן;
ס'איז אַ פּחיתת־הכבוד — האָט ער אים געמוסרט — צו פאַרברענגען
מיט אַזאַ פּראָסטער חברה, בעת ער האָט דעם זכות זיין נאָענט צו
די העכסטע קרייזן און צו באַדינען דעם פירשט. מ'האָט אויסגעפונען,
אַז קריסטאָפן פעלט לחלוטין דאָס געפיל פון אייגענער חשיבות.

כאָטש דער דלות איז אַלץ געוואַקסן צוזאַמען מיט מעלכיאָרס
שכרות און ליידיקגייעריי, — פונדעסטוועגן איז נאָך די לאַגע געווען
צו דערטראָגן, כל־זמן ס'האָט געלעבט זשאַן מישעל. ער איז געווען
דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אויף מעלכיאָרן אַ שטיקל השפּעה,
און אין אַ געוויסער מאָס פלעג אים געראָטן אָפּצוהאַלטן מעלכיאָרן
פון שיכורן. דערצו איז דעם טאַטנס זכות בייגעשטאַנען דעם שיכור און
מעשים זיינע ביי דער עפנטלעכקייט, וואָס האָט געהאַט פאַר זשאַן־
מישעלן גרויס דרך־ארץ. ועל־כולם פלעג דער אַלטער אָפט קומען זיי
צו הילף מיט אַ געלט־שטיצע. אויסער דער באַשיידענער שכירות, וואָס
ער האָט באַקומען אַלס געוועזענער קאַפּעלמייסטער, פלעג אים אָפטמאָל
אַריינפאַלן קליינגעלט פאַר אַ לעקציע אָדער פאַר פאַריכטן אַ קלאַוויר.
דעם גרעסטן טייל פון זיינע רווחים פלעג ער איבערגעבן דער שנור.
ער האָט צוגעזען איר מאַטערניש, הגם, זי האָט מיט אַלע כוחות זיך
באַמיט צו באַהאַלטן עס פון אים. לואיזען האָט געקרענקט, ווען זי־

האָט געזען, ווי ער זאָגט זיך אָפּ צוליב זיי פון אַ סך זאַכן. ס'איז געווען פון אַלטן אַ גרויסער קרבן, ער איז שטענדיק געווינט געווען צו לעבן בהרחבה און צו מאַכן גרויסע אויסגאַבן. אָבער אויך אָט־די קרבנות האָבן אָפּטמאָל נישט געקלעקט, און כּדי צו דעקן אַ נויטיקן חוב, האָט זשאַן־מישעל געמוזט בשתּיקה פאַרקויפן אַ שטוב־זאַך, אַ בוך אָדער עפּעס אַן אַנטיק, וואָס איז אים זייער טייער געווען. מעלכיאָר האָט זיך געכאַפּט, אַז דער טאַטע גיט לואיזען מתּנות. הינטער־אַרום, אַז ער זאָל נישט וויסן, און גאַנץ־אָפט פלעג ער עס קעגן איר ווילן צונעמען פאַר זיך. ווען דער אַלטער האָט זיך דערוווּסט — נישט דורך לואיזען, וואָס פלעג אין זיך דערשטיקן דעם צער, נאָר פון אַן אייניקל, — איז ער שטאַרק אין כּעס געוואָרן, און צווישן די צוויי מענער האָט זיך צעפלאַקערט אַ שטאַרק מחלוקת, וואָס האָט אַלעמען אויפגערודערט. זיי זענען ביידע געווען אויסערגעוויינלעך היציק, און עס איז געקומען צו האַרבע ווערטער און זידלערייַ; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט האַלט שוין ביי קלעפּ. אָבער אין סאַמע ברען האָט מעלכיאָרן איינגעהאַלטן זיין יראת־הכּבוד צום טאַטן, און ווי שיכּור ער זאָל בשעת־מעשה נישט זיין, פלעג ער דאָך בויגן דעם קאָפּ אונטערן האָגל פון באַליידיקונגען און זידל־ווערטער, וואָס דער טאַטע האָט אויסגעלאָזט צו אים. אָבער דאָך פלעג ער ווידער אויסקוקן אויף דער נאָענטסטער געלעגנהייט אָנצוהויבן אַלץ פון דאָס ניי; און זשאַן־מישעל האָט מיט צער און שרעק געטראַכט וועגן זיין צוקונפט.

— קינדער, מיינע אָרעמע — פלעג ער זאָגן צו לואיזען, — וואָס וועט פון אייך ווערן, ווען איך וועל מער נישט זיין!...

— צום גליק — פלעג ער צוגעבן, גלעטנדיק קריסטאָפן — האַלט איך זיך נאָך ווי־עס־איז אויף די פיס, ביז אָט ד ע ר וועט אייך אַרויסציען פונם זומפּ.

ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט אין חשבון: ער איז געווען ביים סוף פון זיין וועג. קיינער האָט זיך אויף דעם נישט געריכט. שוין אין די אַכציקער, האָט ער נאָך אַלץ געהאַט אַלע האָר, אַ ווייסן קאָפּ, אָבער ערטערווייז נאָך גרוי, און אַ געדיכטע באָרד מיט ווי־נישט־ווו פאַרבליבענע שוואַרצע האָר. ס'איז אים מער נישט געבליבן אין מויל ווי אַ צענדליק ציין, אָבער ער האָט נאָך זייער גוט געקייט. ס'איז געווען אַ מחיה צו זען אים ביים עסן. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן אַפּעטיט, און, הגם, ער האָט געמוסרט מעלכיאָרן פאַר זיין

שיכּרות, האָט ער דאָך נישט פֿײַנט געהאַט אַ כּוסה. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו ווייסן מאָזעל-ווײַן. נאָר שייך זאָגן: ווײַן, ביר, עפּל-ווײַן — ער האָט נישט פֿאַרשעמט קיין שום משקה, וואָס דער אויבערשטער האָט מיט זײַן גנאָד באַשאַפֿן. ער איז אָבער נישט געווען אַזוי לײַכטזיניק צו פֿאַרלירן דעם שׂכל-הישר אין פֿלעשל און געוווּסט אַ מאָס. אמת, די דאָזיקע מאָס איז געווען אַ גאַנץ-היפּשע, און אַ שוואַכער קאָפּ וואָלט בלי-ספֿק דערטרונקען געוואָרן אין איר. ער האָט זיך נאָך זייער גוט געהאַלטן אויף די פֿיס, געהאַט אַ גוטע ראיה, שטענדיק עפּעס געטון און קיינמאָל נישט געפֿילט קיין מידקייט. זעקס פֿאַרטאָג איז ער שוין אויפֿגעשטאַנען און מיט גרויס זאָרג געמאַכט זײַן טואַלעט: ער האָט שטאַרק מדקדק געווען אינם אָנטון זיך און געזאָרגט אויסצוזען אָנשטענדיק צווישן לײַטן. ער האָט אײַנער אַליין געלעבט אין שטוב, אַלץ אַליין געטון און נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן, ווען די שנור האָט זיך אַרײַנגעמישט אין זײַנע עסקים; ער האָט אַליין אויסגעקערט דאָס צימער, אויפֿגעקאָכט קאַווע, צוגענייט אַ קנעפּל, צוגעקלאַפּט אַ טשוועקל, געפּרעסט, פֿאַריכט; און אַזוי אַרומגייענדיק מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל הין און צוריק איבערן שטוב, געזונגען אָן אויפֿהער מיט אַ היכליקן באַס, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו לאָזן הערן און באַגלייט זײַנע ניגונים מיט זשעסטן פֿון אָפּערע. — ערשט שפּעטער פֿלעג ער אַרויס פֿון שטוב און זיך געלאָזט גיין, אָן אונטערשיד, צי איז דער וועטער געווען גוט אָדער שלעכט. ער איז געגאַנגען וועגן זײַנע עסקים, און נישט פֿאַרגעסן קיין אײנעם נישט; זעלטן אָבער איז ער געווען פּינקטלעך. מ'האָט אים געקאָנט טרעפֿן אין אַלע ווינקעלעך פֿון שטאָט, דאָ האָט ער געשמועסט מיט אַ באַקאַנטן, דאָרט געפּלוידערט מיט אַ שכנה, וואָס איר פּנים איז אים געפֿעלן געוואָרן; ער האָט ליב געהאַט יונגע מיידלעך און אַלטע פֿרײַנט. ער האָט שטענדיק פֿאַרשפּעטיקט און קיינמאָל נישט געוווּסט גענוי, וויפֿל דער זייגער איז. פֿונדעסטוועגן האָט ער די מיטאָג-שעה קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן: געגעסן האָט ער מיטאָג, ווו ס'איז אויסגעקומען צו זײַן, זיך אַליין פֿאַרבעטן צו עמעצן פֿון די באַקאַנטע. אַהיים איז ער געגאַנגען ערשט שפּעט אין אָוונט, שוין טאַקע בײַנאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט לאַנג פֿאַרבראַכט מיט זײַנע אייניקלעך. ער האָט זיך געלייגט אין בעט און פֿאַרן צומאַכן די אויגן איבערגעלייענט אַ בלעטל פֿון זײַן אַלטער ביבל; בײַנאַכט — ער האָט קיינמאָל מער ווי אַ שעה אָדער

צווי נאָכאַנאַנד נישט געקאָנט שלאָפֿן, — איז ער אַראָפּגעגאַנגען, גע-
זומען איינעם פון די אַלטע ביכער, וואָס ער האָט ביי פֿאַרשידענע
געלעגנהייטן איינגעקויפט: געשיכטע, טעאָלאָגיע, ליטעראַטור אָדער
וויסנשאַפט. ער האָט איבערגעלייענט עטלעכע זייטן, ווו ס'האָט זיך
אויפגעמישט; עס האָט אים אי אינטערעסירט, אי געלאַנגווייליקט; ער
האָט עס נישט איבעריק פֿאַרשטאַנען, אָבער דאָך נישט דורכגעלאָזט
קיין איין וואָרט, אַזוי לאַנג ביז... ער איז ווידער איינגעשלאָפֿן, זונטיק
איז ער געגאַנגען אין קירך, שפּאַצירט מיט די קינדער און געשפּילט
אין באָל. — ער איז קיינמאָל נישט געווען קראַנק, אויסער דעם ווײַ-
טיק, וואָס ער האָט געפּילט אין די פֿינגער פֿון די פֿיס; ער פֿלעג
דאַן שעלטן זיך ביינאַכט, בעת ער האָט געלייענט די ביבל. מען האָט
געמיינט, אַז ער וועט אַזוי אָפּלעבן גאַנצע הונדערט יאָר, און ער
גופא האָט נישט געזען קיין שום סיבה, פֿאַרוואָס ער זאָל נישט לעבן
מער; ווען מ'האָט אים אַמאָל געזאָגט, אַז ער וועט שטאַרבן מסתמא
צו הונדערט יאָר, האָט ער, ווי יענער געוויסער זקן, געטראַכט, אַז
מ'טאָר נישט שטעלן קיין גרענעצן פֿאַר די חסדים פֿונם רבונו-של-עולם,
אַז ער עלטערט זיך אָבער באמת, האָט מען געקאָנט זען בלויז דער-
פֿון, וואָס די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן עפּעטער טרערן און וואָס ער
איז פֿון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ אויפגערעגטער. ביי דער מינדסטער
קלייניקייט איז ער געוואָרן אומגעדולדיק און אַרויס פֿון די כּלים.
זיין רויט פּנים און קורצער האַלז זענען אָנגעלאָפֿן מיט בלוט און
געוואָרן רויט ווי פֿייער. אין אָנפֿאַל פֿון צאָרן האָט ער געשטאַמלט
און זיך פֿאַרהאַקט, ס'האָט אים פֿאַרפּעלט אָטעם. דער פֿאַמיליען-דאָק-
טאָר, זייער אַן אַלטער גוטער פֿריינד, האָט אים געוואָרנט, ער זאָל
זיך איינהאַלטן פֿון צווי זאַכן: פֿון כּעס און פֿונם אַפּעטיט. אָבער
פֿאַרעקשנט, ווי בכלל אַלטע לייט, האָט ער זיך געוואָלט ווייזן פֿאַר
אַ בריה, נאָך מער אומפֿאָרזיכטיק געוואָרן און געחוזקט פֿון רפֿואות
און דאָקטוירים. ער האָט גענומען אַרויסווייזן גרויס פֿאַראַכטונג דעם
טויט און נישט געשפּאָרט קיין ווערטער איינצושמועסן דער וועלט,
אַז ער האָט פֿאַרן טויט קיין מורא נישט.

ס'איז געווען זייער אַ הייסער זומער-טאָג. ער האָט געמאַכט אַ
שטאַרקע כּוסה, געהאַט אין גאַס אַ הייסן וויכוח, אַוועק אַהיים און
גענומען אַרבעטן אין גאָרטן. ער האָט ליב געהאַט צו גראָבן בייטן.
מיט אַ הוילן קאָפּ אויף דער ברענענדיקער זון, נאָך אַלץ אויפגערעגט

פונס וויכוח, האָט ער געגראָבן מיט כעס. קריסטאָף איז געזעסן אין שאָטן מיט אַ בוך אין האַנט; ער האָט אָבער כמעט נישט געלייענט: ער האָט געטרוימט. איינשלעפערנדיק האָט אַ גריל געגרילצט. מעכאַניש האָט קריסטאָף נאָכגעקוקט דעם זיידנס באַוועגונגען. דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן; איינגעבויגן האָט ער געריסן ווילדע גראָזן. פלוצלינג האָט קריסטאָף געזען, ווי ער גלייכט זיך אויס, טוט אַ מאַך אין דער לופטן מיט די הענט און טוט אַ פאַל, ווי אַ שטיק האָלץ, מיטן פּנים צו דר׳ערד. אין ערשטן אויגנבליק האָט זיך קריסטאָפן געוואָלט לאַכן. שפּעטער אָבער האָט ער געזען, אַז דער אַלטער רירט זיך נישט פון אָרט. ער האָט אים גענומען רופן, צוגעלאָפן צו אים און אָנגעהויבן אים טרייסלען מיט אַלע כוחות. ער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט זיך געשטעלט אויף די קני און געפּרוווט מיט ביידע הענט אונטערהויבן דעם גרויסן קאָפּ, וואָס איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ. דער קאָפּ איז געווען זייער שווער. קריסטאָף האָט אַזוי געציטערט, אַז מיט גרויס מי האָט ער אים גערירט פון אָרט. ווען אָבער ער האָט דערזען די פאַרשטאַרטע, ווייסע, פאַרבלוטיקטע אויגן, איז ער פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק. ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם קאָפּ פון די הענט, און פון האַרצן האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שרעקלע-כער געשריי. ער האָט זיך אויפגעהויבן, און אינגאַנצן אַדורכגענומען פונם שוידער איז ער אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס. ער האָט געשריען און געוויינט: אַ מענטש איז דורכגעגאַנגען אויפן וועג און אים אָפּגע-שטעלט. קריסטאָף האָט נישט געקאָנט רעדן; ער האָט אָנגעוויזן אויף דער שטוב; דער מענטש איז אַריין און קריסטאָף נאָך אים. נאָך מענטשן האָבן דערהערט זיינע געוואַלדן און אַרויסגעקומען פון די שכנותדיקע שטיבער. באַלד איז דער גאָרטן פול געוואָרן מיט מענטשן. מ׳האָט געטרעטן איבער די בלומען, געבויגן זיך איבערן אַלטן און געדעדט אַלע צוזאַמען. צוויי־דריי מענטשן האָבן אים אויפגעהויבן פון דער ערד, קריסטאָף איז געבליבן ביים גאָרטן־טירל; ער איז געשטאַ-נען אויסגעדרייט צו דער וואַנט און באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט; ער האָט מורא געהאַט אַ קוק צו טון; און ווען דער עולם איז פאַרבייגעגאַנגען נאָענט נעבן אים, האָט ער דורך די שפּאַלטן צווישן די פינגער דערזען דעם גרויסן גוף פונם זיידן, וואָס האָט אַראָפּגע-האָנגען אָן לעבן: איין אָרעם האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד; דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן קני פונם טרעגער, האָט זיך ביי יעדן טריט

געשאָקלט אַהין און צוריק; דאָס פּנים איז געווען געשוואָלן, באַדעקט מיט בלאָטע, פֿאַרבלוטיקט, דאָס מויל איז געווען אָפֿן, און די אויגן האָבן אויסגעזען שרעקלעך. קריסטאָף האָט ווידער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און גענומען לויפֿן. ער איז געלאָפֿן אָן אויפֿהער ביז דער מאַמעס שטוב. גלייך ווי עמעץ וואָלט אים נאָכגעיאָגט. ער האָט זיך האַסטיק מיט מוראדיקע געוואַלדן אַריינגעריסן אין קיך. לואיזע האָט גערייניקט גרינוואַרג. ער איז איר געפֿאַלן אויפֿן האַלז, אַרומגענומען זי פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און געזוכט ביי איר הילף. ער האָט געשלוכצט, און זיין פּנים האָט קאָנוולסיוו געציטערט, ער האָט נישט געקאָנט רעדן. אָבער פֿון ערשטן וואָרט האָט זי גלייך פֿאַרשטאַנען. זי איז בלאַס געוואָרן, אַלץ, וואָס זי האָט געהאַלטן, איז איר אַרויסגעפֿאַלן פֿון האַנט און נישט רעדנדיק קיין וואָרט, איז זי אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב.

קריסטאָף איז געבליבן איינער אַליין, ער האָט זיך צוגעדריקט צום אַלמער; ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו וויינען. זיינע ברידער האָבן זיך געשפּילט. ס'איז אים נישט געווען קלאָר, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען, ער האָט נישט געטראַכט וועגן זיידן, ער האָט געטראַכט וועגן די שרעקלעכע בילדער, וואָס ער האָט אָקאָרשט געזען און זיך געשראָקן, טאָמער צווינגט מען אים ווידער אַהין צו גיין, ווידער זיי אָנקוקן.

און ווירקלעך, אין אָוונט, בעת די קינדער האָבן שוין געהאַט איבערגעקערט די שטוב, זיך גענוג אָנגעשטיפֿט און זיך אָנגעהויבן קלאָגן, אַז ס'איז זיי לאַנגווייליק און אַז זיי זענען הונגעריק, — איז לואיזע געקומען צולויפֿן, זיי גענומען פֿאַר די הענט און אַוועקגעפֿירט צום זיידן. זי איז געגאַנגען זייער שנעל. ערנעסט און רודאָלף האָבן אָנגעהויבן אויף זייער שטייגער צו בורטשען; לואיזע אָבער האָט אויף זיי אַ געשריי געטון, זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. אַן אינסטינקטיווער פּחד איז זיי באַפֿאַלן; ווען זיי זענען אַריין אין שטוב, האָבן זיי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ס'איז נאָך נישט געווען נאַכט, די לעצטע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון האָבן אָנגעצונדן מאָדנע פֿייערן אין שטוב, אויפֿן הענטל פֿון טיר, אויפֿן שפּיגל, אויף דעם פֿידל, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט אין ערשטן האַלב-פֿינסטערן צימער. אָבער אין אַלטנס חדר האָט געברענט אַ ליכט. ביי זיין צאַנקענדיקן פֿלאַם, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט דער גוססער שיין פֿונם טאָג, האָט דער חושך פֿון צימער אויסגעזען שווערער, דערדריקנדיקער. ביים

פּענסטער איז געזעסן מעלכיאָר און הויך געוויינט. דער דאָקטאָר איז געווען איבערגעבויגן איבער דעם בעט און פאַרשטעלט דעם אַלטן, וואָס איז דאָרטן געלעגן. קריסטאָפס האַרץ האָט געקלאַפּט, גלייך ווי אָט־אָט וואָלט עס צעפּלאַצט. לואיזע האָט געהייסן די קינדער זיך שטעלן אויף די קני ביים זיידנס בעט. קריסטאָף האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח און אַ קוק געטון. נאָך דער סצענע, וואָס ער האָט געזען ביי־טאָג, האָט ער זיך גערייכט צו דערזען עפּעס שרעקלעכס, אָבער נאָכן ערשטן אויגנבליק האָט ער דערפילט אַ דערלייכטערונג. דער זיידע איז געלעגן אומבאַוועגלעך, ווי ער וואָלט געשלאָפן. אַ ווײַלע האָט זיך דעם קינד געדאַכט, אַז דער זיידע איז געזונט געוואָרן. אָבער ווען ער האָט דערהערט זיין שווערן אָטעם, ווען ער האָט צוגעקוקט זיך נענ־טער און דערזען זיין געשוואָלן פּנים, וואָס פונם פאַלן איז פאַרבליבן אויף אים אַ ברייטער בלויער פלעק; ווען ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער מאַן, וואָס ליגט דאָ, האַלט ביים שטאַרבן, — איז אים אַ שוידער אַדורך; און בעת ער האָט נאָכגעזאָגט נאָך לואיזען דאָס געבעט, דער זיידע זאָל געזונט ווערן, — האָט ער תּפילה געטון אין האַרצן, אַז אויב דער זיידע קאָן נישט געזונט ווערן, זאָל ער בעסער שוין שטאַרבן. ער האָט מורא געהאַט פאַר דאָס, וואָס דאַרף ערשט קומען.

פון בייטאָג אָן, זינט ער איז געפאַלן, איז דער אַלטער געלעגן באַוווּסטלאָז. ביים זינען איז ער געווען בלויז איין אויגנבליק, וואָס האָט געדויערט גענוג לאַנג, כּדי דער אַלטער זאָל קלאָר פאַרשטיין זיין לאַגע, — דאָס איז געווען שרעקלעך. דער גלח איז געשטאַנען איבער אים און געזאָגט ווידוי. מ'האָט אונטערגעהויבן דעם אַלטן אויף זיין קישן; ער האָט שווער אויפגעעפנט די אויגן און ס'האָט זיך גע־דאַכט, אַז זיי פאָלגן אים קוים; ער האָט הילכיק געאָטעמט, געקוקט אויף די פּנימער, אויף די ליכט, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס דאָ טוט זיך; ער האָט פּלוצלינג אויפגעעפנט דאָס מויל; אַן אומבאַשרייבלעכער גרויל האָט זיך געמאָלט אויף זיין פּנים.

— הייסט עס... — האָט ער געשטאַמלט — הייסט עס, אַז איך שטאַרב?

דער שוידערלעכער טאָן פון זיין שטים האָט צעריסן קריסטאָפס האַרץ; עס איז געבליבן איינגעקריצט אין זכּרון אויף אייביק. דער אַלטער האָט מער נישט גערעדט, ער האָט געוויינט, ווי אַ קינד. שפּעטער איז ער ווידער געפאַלן אין חלשות; זיין אָטעם איז געוואָרן

נאָך שווערער; ער האָט געקרעכצט, געמאַכט מיט די הענט; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער ראַנגלט זיך מיטן טויט. כמעט אָן באַוווסטזיין האָט ער איין מאָל פּלוצלינג אויסגערופן:

— מאַמע!

אוי, דער שוידערלעכער איינדרוק, דאָס שטאַמלען פונם אַלטן מאַן, וואָס האָט פון שרעק גערופן זיין מאַמע, ווי קריסטאָף פלעג עס טון, — זיין מאַמע, וואָס ער האָט וועגן איר קיין איין מאָל אין זיין לעבן נישט גערעדט און צו וועלכער ער ווענדט זיך איצט אינסטינקטיוו, אין זיין שטאַרקסטער שרעק, ווי צו דער העכסטער און אומנוצלעכער הילף!... אַ ווײַלע האָט זיך געדאַכט, אַז ער באַרויקט זיך; ס׳האָט נאָך געטליעט אין אים אַ פונק פון באַוווסטזיין. זיינע פאַרשטאַרטע אויגן, וואָס דער שוואַרצאַפּל איז אין זיי אַרומגעשוווּמען אָן אַ ציל, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף קריסטאָפן, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק. זיי האָבן אַ בלישטש געטון. דער אַלטער האָט זיך אָנגעשטרענגט אַ שמייכל צו טון און עפּעס צו זאָגן. לואיזע האָט אָנגענומען קריסטאָפן און צוגעפירט אים נעענטער צום בעט. זשאַן-מישעל האָט באַוועגט מיט די ליפּן און געוואָלט אים אַ גלעט טון מיט דער האַנט איבערן קאָפּ. אָבער באַלד איז ער פאַרגליווערט געוואָרן. איצט איז געקומען דער סוף.

מ׳האָט אַרויסגעשיקט די קינדער אין צווייטן צימער; ס׳איז אָבער געווען צופיל וואָס צו טון, אַז מ׳זאָל זיך קאָנען מיט זיי פאַרנעמען. געצויגן דורכן כוח פון שרעק, האָט קריסטאָף געזען דורך דער שפּאַרע פון דער האַלב-אָפענער טיר דאָס טראַגישע געזיכט, וואָס איז געלעגן אויף דעם קישן, שוידערלעך פאַרקרימט אין די אָרעמס פון טויט, וואָס האָבן אים געשטיקט דעם האַלז... אָט דאָס פּנים, וואָס איז איינגעפאַלן פון מינוט צו מינוט,... אָט דער איבערגאַנג פון אַ לעבעדיקער באַשעפעניש אין תּוהו אַריין, וואָס האָט אים, דאַכט זיך, געשלונגען און געזויגן ווי אַ פּלומפּ, וואָס ציט-אויס דאָס וואַסער... דאָס עקלדיקע כאָרכלען, דער מעכאַנישער אָטעם, וואָס איז ענלעך צו די בלעזלעך אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער, די לעצטע אָטעם-צוגן פון אַ גוף, וואָס האַלט זיך מיט אַלע כּוחות אָן לעבן, בעת די נשמה איז שוין מער נישטאָ. — שפּעטער האָט זיך דער קאָפּ אַראָפּגעגליטשט אין דער זייט פון קישן. און אַלץ איז אַנטשוויגן געוואָרן.

ערשט שפּעטער, צווישן יאָמער, תּפילות און צערודערונג, וואָס

דער טויט האָט אַרויסגערופן, האָט לואיזע באַמערקט קריסטאָפן, ווי ער איז געשטאַנען טויט-בלאַס, מיט אַ ברייט-צעעפנט מויל און פאַר-גליווערטע אויגן און האָט קאָנווולסיוו געדריקט דאָס הענטל פון טיר. זי איז צוגעלאָפן צו אים. ער האָט געחלשט אין אירע אָרעמס. זי האָט אים אַרויסגעטראָגן. ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. אין בעט איז ער ווידער געקומען צו זיך, געשריען פון שרעק, ווען מ'האָט אים אויף אַ ווײַלע געלאָזט אַליין, און איז ווידער געפאַלן אין חלשות. אַ גאַנצע נאַכט און דעם גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג האָט אים געוואָרפן אין היץ. לסוף האָט ער זיך באַרויקט, און די צווייטע נאַכט איז ער פאַר-זונקען געוואָרן אין אַ טיפן שלאָף, וואָס האָט געדויערט ביזן צווייטן בייטאָג. ס'האָט זיך אים געדאַכט, ווי מ'גייט אַרום איבערן צימער און ווי די מאַמע האָט זיך איבערגעבויגן איבער זיין בעט און אים אַ קוש געטון; ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט פון ווייטן אַ זיסן גלאָקן-קלאַנג. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין חשק זיך אַ רודער צו טון; ער איז געווען ווי אין חלום.

ווען ער האָט ווידער אויפגעעפנט די אויגן, איז דער פעטער גאָטפריד געזעסן צופוסנס אויף זיין בעט. קריסטאָף איז געווען צע-בראָכן און גאָרנישט נישט געדענקט. שפעטער האָט ער זיך אַלץ דער-מאָנט און זיך צעוויינט. גאָטפריד האָט זיך אויפגעהויבן און אים אַ קוש געטון.

— נו וואָס, קליינער, וואָס? — האָט ער צערטלעך געזאָגט.

— אַך, פעטער, פעטער! — האָט דאָס קינד געקלאָגט און זיך געטוליעט צו אים.

— וויין, — האָט געזאָגט גאָטפריד, — וויין!

ער האָט זיך אויך צעוויינט.

ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, האָט קריסטאָף אויסגעווישט די אויגן און אַ קוק געטון אויף גאָטפרידן. גאָטפריד האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל אים עפּעס פרעגן.

— ניין, — האָט ער געזאָגט, צולעגנדיק דעם פינגער צו זיין מויל. — מ'דאַרף נישט רעדן. וויינען איז גוט. רעדן איז שלעכט.

דאָס קינד איז צוגעשטאַנען.

— ס'וועט גאָרנישט העלפן.

— אָבער איין זאַך, נישט מער ווי איין זאַך;...

— וואָס!

קריסטאָף האָט זיך געקווענקלט:

— אַך, פּעטער, — האָט ער געפרעגט — ווו איז ער איצט?

גאָטפריד האָט געענטפערט:

— ער איז איצט מיטן אויבערשטן, קינד מיינס.

אָבער נישט דאָס האָט קריסטאָף געפרעגט:

— ניין, דו פאַרשטייסט נישט, ווו איז ע ר איצט, ע ר?

(ער האָט געוואָלט זאָגן: דער גוף).

ער האָט ווייטער גערעדט, און זיין שטים האָט געציטערט:

— איז ע ר נאָך אַלץ אין שטוב?

— מ׳האָט דעם טייערן מענטשן באַגראָבן אין דער פרי, — האָט געזאָגט גאָטפריד. — האָסט נישט געהערט די גלאָקן?

קריסטאָפן איז לייכטער געוואָרן. שפּעטער, ווען ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז ער וועט שוין מער קיינמאָל נישט זען זיין טייערן זיידן, האָט ער זיך ווידער ביטער צעוויינט.

— מיין קליין, אָרעם קעצעלע! — האָט גאָטפריד גערעדט און געקוקט אויף אים מיט רחמנות.

קריסטאָף האָט געוואַרט, גאָטפריד זאָל אים טרייסטן; אָבער גאָטפריד האָט אפילו נישט געפּרווט, ער האָט גוט געוווּסט, אַז ס׳וועט גאָרנישט העלפן.

— פעטער גאָטפריד, — האָט געפרעגט דאָס קינד, — און דו, דו האָסט גאָר נישט מורא פאַר דעם?

(וואָס וואָלט קריסטאָף געגעבן, אַז גאָטפריד זאָל נישט מורא האָבן און אים אויך אויסלערנען דעם סוד!)

אָבער גאָטפריד איז אונטערגעשפּרונגען:

— שאַ! — האָט ער געזאָגט מיט אַ געענדערטער שטים...

— און ווי קאָן מען נישט מורא האָבן? — האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אַרום אָנגערופן. — נאָר וואָס זאָל מען טון? אַזוי איז עס. מען מוז זיך אונטערגעבן.

קריסטאָף האָט פאַרביטערט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— מען מוז זיך אונטערגעבן, קינד מיינס, — האָט איבערגעחזרט גאָטפריד. — ע ר, וואָס זיצט אויבן, האָט אַזוי גוזר געווען, מען מוז אָננעמען פאַר ליב ז יי ן רצון.

— איך האָב אים פיינט; — האָט קריסטאָף אויסגעשריען מיט פאַרביטערונג און אויפגעהויבן אַ פויסט צום הימל.

אַ דערשראָקענער, האָט אים גאָטפריד געהייסן שווייגן. קריסטאָף האָט זיך אַליין אויך דערשראָקן פאַר די אייגענע רייד, און צוזאַמען מיט גאָטפרידן גענומען תּפילה-טון. אָבער זיין האַרץ האָט געשטורעמט, און בעת ער האָט נאָכגעזאָגט ווערטער פון הכנעה און יאוש, האָט ער טיף אין האַרצן געפילט אַ שרעק און אַ ליידנשאַפטלעכן פּראָטעסט קעגן דער מוראדיקער זאַך און קעגן אָט דעם געהיימניספולן וועזן, וואָס האָט אים באַשאַפן.

טעג און רעגנדיקע נעכט ציען זיך איבערן פריש-צעגראָבענעם שטיקל ערד, וווּ ס'ליגט טיף, פון אַלעמען פאַרלאָזן, דער אָרעמער, אַלטער זשאַן-מישעל. בעת-מעשה האָט מעלכיאָר אָן אַ שיעור געוויינט, געשריִען און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ. אָבער אַ וואָך איז נאָך נישט אַריבער, און קריסטאָף האָט אים שוין געהערט לאַכן פונם גאַנצן האַרצן. ווען מ'האָט אים דערמאָנט דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם, האָט זיך זיין פּנים אויסגעצויגן און פאַרחושכט געוואָרן; אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער שוין ווידער גערעדט און לעבעדיק זיך באַוועגט. זיין צער איז געווען אויפריכטיק, נאָר בטבע האָט ער נישט געקאָנט לאַנג בלייבן אין אַ טרויעריקן צושטאַנד.

די פּאַסיווע לואיזע האָט מיט הכנעה איבערגעטראָגן דאָס אומגליק, פּונקט ווי זי פלעג אָננעמען פאַר ליב אַלע יסורים. צו אירע טאָג-טעגלעכע תּפילות איז צוגעקומען נאָך איינע; זי פלעג פּינקטלעך גיין אויפן בית-הקברות און געזאָרגט פאַרן קבר, גלייך ווי עס וואָלט געווען אַ טייל פון איר באַלעבאַטישקייט.

אַ באַזונדער רירנדיקע אויפמערקזאַמקייט האָט געשענקט גאָטפריד דעם שטיקל ערד, וווּ דער אַלטער איז געשלאָפן זיין אייביקן שלאָף. ווי נאָר ער איז געקומען אין שטאָט, פלעג ער אים שטענדיק ברענגען עפּעס לזכּרון: אַ קרייץ, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט, אָדער עטלעכע בלומען, וואָס זשאַן-מישעל האָט ליב געהאַט. ווי נאָר ס'איז אים אויסגעקומען צו זיין אַ פּאָר שעה אין שטאָט, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרפעלט דאָרט צו זיין, — און געטון האָט ער עס באַהאַלטענערהייט.

לואיזע האָט אָפטמאָל מיטגענומען קריסטאָפן אויפן בית-עולם.

קריסטאָף האָט געפילט אַן אָפּשטויסנדיקן עקל צו דער דאָזיקער פּע־טער ערד, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ גענאַרערישער באַצירונג פון בלומען און בוימער, און צו דעם שווערן ריח, וואָס האָט גע־שוועבט אין דער לופטן, געמישט מיטן אָטעם פון די שעפּטשענדיקע ציפּריסן. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מוט אַרויסצוווייזן זיין עקל, ער אַליין האָט געהאַט צו זיך טענות, אַז דאָס איז פּחדנות און פאַרשווערכונג. ער פילט זיך זייער אומגליקלעך. דעם זיידנס טויט הערט אים נישט אויף צו פּאַרפּאָלגן. ער האָט שוין לאַנג געוווּסט, וואָס אַזוינס איז טויט, געטראַכט וועגן אים און מורא געהאַט פאַר דעם. אָבער קיינמאָל האָט ער זיך נאָך נישט געהאַט געטראָפן מיט אים פּנים אל פּנים; ווער עס זעט צום ערשטן מאָל דעם טויט, דער דער־וויסט זיך, אַז ביז איצט האָט ער נאָך גאָרנישט געוווּסט נישט וועגן טויט, נישט וועגן לעבן. אַלץ ווערט צעשמעטערט מיט איין קלאַפּ; דער גאַנצער מענטשלעכער שכל קאָן דאָ גאָרנישט נישט העלפן. דער מענטש גלויבט, אַז ער לעבט, ער מיינט, אַז ער האָט שוין אַ ביסל דערפאַרונג אין לעבן, — און פּלוצלינג דערזעט ער, אַז ער האָט גאָר־נישט געוווּסט, אַז ער האָט נאָך ביז איצט גאָרנישט נישט געזען, אַז ער איז געווען פאַרהילט מיט אַ שלייער פון אילוזיעס, וואָס זיין גייסט האָט פאַר זיך אַליין אויסגעוועבט, כדי צו פאַרמאַכן די אויגן פאַרן שרעקלעכן אויסזען פון דער ווירקלעכקייט. ס'איז נישטאָ קיין שום שייכות צווישן דער אידעע פון ליידן און לעבעדיקן מענטש, וואָס בלוטיקט און פייניקט זיך. נישטאָ קיין שום שייכות צווישן דעם גע־דאַנק פון טויט און די קאָנווולסן פון גוף און נשמה, וואָס ראַנגלט זיך — און שטאַרבט. די גאַנצע מענטשלעכע שפּראַך, די גאַנצע מענטש־לעכע חכמה איז נאָר אַ שפּיל פון אויטאָמאַטן אין פאַרגלייך מיטן טונקעלן גלאַנץ פון דער ווירקלעכקייט, — אין פאַרגלייך מיט די עלנטע באַשעפעניש פון שטויב און בלוט, וועלכע מאַכן אומזיסטע, פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען זיך אָנצוהאַלטן מיט אַלע כוחות אָן לעבן, וואָס פוילט פון מינוט צו מינוט.

טאָג און נאַכט האָט קריסטאָף געטראַכט וועגן דעם. דאָס בילד פון דער גסיסה האָט אים פאַרפּאָלגט; ער האָט געהערט דאָס שרעק־לעכע כאָרכלען. נאַכט נאָך נאַכט, וואָס עס זאָל מיט אים נישט געשען, האָט ער געזען דעם זיידן. די גאַנצע נאַטור האָט זיך געענדערט; זי האָט אויסגעזען, ווי אונטער אַ נעפּל פון אייז. אַרום אים, אין יעדן

ווינקל, ווו ער האָט זיך נאָר אַ קער געטון, אומעטום האָט ער געפילט דעם פאַרניכטנדיקן אָטעם פון דער בלינדער, אַלמעכטיקער חיה; ער האָט געפילט איבער זיך די פויסט פון יענער קראַפט, וואָס האָט געקאָנט מאַכן פון אים אַ תל — און קיינער קומט נישט צו הילף. דער גע־דאַנק אָבער האָט אים נישט דערשטיקט, נאָר דערוועקט אין אים צאָרן און האַס. ער האָט נישט געפילט אין האַרצן די מינדסטע הכנעה. מיט אַ געבויגענעם קאָפּ האָט ער מלחמה געהאַלטן קעגן דער נויטווענדי־קייט; ס'איז גאָרנישט, וואָס ער האָט זיך געבראָכן האַלז און נאַקן און געקומען צו דער דערפאַרונג, אַז יענער צד איז שטאַרקער פון אים — ער האָט זיך אָן אויפהער געבונטעוועט קעגן די יסורים. פון יענער צייט אָן איז זיין לעבן געוואָרן אַ שטענדיקע מלחמה מיט דער אכזריות פונם גורל, מיט וועלכער ער האָט נישט געקאָנט לעבן בשלום.

אָט דער גייסטיקער געראַנגל האָט נאָך געדויערט, און נייע צרות פון לעבן האָבן אָפּגעווענדט קריסטאָפן אין אַן אַנדער זייט. דער חורבן פון דער פאַמיליע, וואָס נאָר איין זשאַן־מישעל האָט אים איינ־געהאַלטן, איז איצט געקומען מיט איילנדיקע טריט. צוזאַמען מיטן אַלטן האָבן די קראַפטס פאַרלוירן די שטאַרקסטע שטיצע, און דער דלות האָט זיך אַריינגעקליבן אין זייער שטוב.

מעלכיאָר האָט בידים צוגעהאָלפן דעם חורבן. אָנשטאָט צו אַר־בעטן מער ווי פריער, האָט ער איצט, — בעת ער איז פּטור געוואָרן פון דער איינציקער השגחה, וואָס האָט אים צוריקגעהאַלטן, — איינ־גאַנצן זיך איבערגעגעבן זיין תאווה. כמעט יעדע נאַכט פלעג ער קו־מען שיכור און נישט מיטגעברענגט מיט זיך קיין גראָשן אויף חיונה. אגב, האָט ער ביסלעכווייז אָנגעוווירן אַלע זיינע לעקציעס. איינמאָל איז ער געקומען צו אַ שילערין שיכור ווי לוט: דער פּועל־יוצא פונם סקאַנדאַל איז געווען, אַז מ'האָט פאַר אים פאַרהאַקט אַלע טירן אין שטאָט. אין אָרקעסטער האָט מען אים פאַרטראָגן נאָר אין זיין טאַטנס זכות; אָבער לואיזע האָט געציטערט, אַז מ'וועט אים ווען־עס־איז, נאָך אַ סקאַנדאַל, אויך פון דאָרט משלח זיין. מ'האָט עס אים שוין טאַקע געגעבן ערנסט אָנצוהערן, ווען ער האָט אָנגעהויבן קומען צו

פֿאָרשטעלונגען צום סוף פֿון לעצטן אַקט. אַ צוויי־דריי מאָל האָט ער אײַנגאַנצן פֿאַרגעסן צו קומען. און צו וואָס איז ער דען נישט געווען מסוגל אין די מינוטן פֿון נאַרישער אויפֿרעגונג, ווען ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט אַ באַזונדערע הנאה צו רעדן און צו טון די גרעסטע נאַרישקייטן? האָט ער זיך דען נישט אײַנגעשפּאַרט אַ געוויסן אָוונט, אַז מ׳זאָל אויסהערן זײַן גרויסן קאָנצערט אין מיטן אַן אַקט פֿון „וואַלקיריען", מ׳האָט אים קוים מיט צרות אָפּגעהאַלטן דערפֿון. ס׳האָט אויך געטראָפֿן, אַז ער האָט זיך בעת דער פֿאָרשטעלונג אומגעריכט צעלאַכט, אונטערן אײַנדרוק פֿון משונהדיקע דמיונות, וואָס האָבן געפֿלאַטערט אויף דער בינע אָדער אין זײַן מוח. די שכנים האָבן געמאַכט פֿון אים חוזק, און פֿיל האָט מען אים מוחל געווען צוליב זײַן לעכערלעכקייט. אָבער אָט דאָס מוחל־זײַן איז געווען ערגער, ווי די סאַמע האַרבסטע שטראָף, און קריסטאָף האָט זיך געוואָלט באַגראָבן פֿאַר חרפּה.

קריסטאָף איז איצט געווען דער ערשטער פֿידלער אין אָרקעסטער. ער האָט זיך באַמיט אַכטונג צו געבן אויפֿז ייִן טאַטן, צו פֿאַרטרעטן אים, בעת ס׳איז געווען נויטיק, און אים אײַנצונעמען, ווען מעלכיאָר איז געווען אין געוויסע טעג געניגט צו השתּפּכות־הנפֿש. דאָס איז נישט געווען אַזוי לײַכט; גלײַכער איז געווען צו לאָזן אים אײַנגאַנצן צו־רו; ווען דער שיכּור האָט געפֿילט, אַז מ׳קוקט אויף אים, האָט ער געמאַכט משונהדיקע האַוואַיעס אָדער גאָר האַלטן אַ דרשה. קריסטאָף פֿלעג זיך אויסדרייען, כּדי נישט צו קוקן אויפֿן טאַטנס משוגעת; ער האָט געפּרווט זיך פֿאַרטיפֿן אין זײַן אַרבעט, אָבער קעגן זײַן ווילן האָט ער געהערט מעלכיאָרס פֿלוידערן און דעם געלעכטער פֿון די שכנים. זײַנע אויגן זענען אָנגעלאָפֿן מיט טרערן. די שפּילער, ווױלע מענטשן, האָבן עס באַמערקט און געהאַט רחמנות אויף אים! זיי האָבן זיך אײַנגעהאַלטן פֿונם געלעכטער און אויסגעמיטן צו רעדן וועגן מעלכיאָרן, ווען קריסטאָף איז געווען דערבײַ. קריסטאָף האָט געפֿילט זייער מיטלייד. ער האָט גוט געוווּסט, אַז ווי נאָר ער גייט אַרויס, הייבט זיך ווידער אָן די ליצנות און אַז מעלכיאָר איז געוואָרן אַ שם־דבר אין דער גאַנצער שטאָט. ס׳איז גאָר קיין מיטל נישט געווען אים אײַנצוהאַלטן, און דאָס האָט קריסטאָפֿן שטאַרק וויי־געטון. נאָכן שפּילן האָט ער געשלעפּט דעם טאַטן אַהיים; ער האָט אים אונטערגעהאַלטן מיטן אָרעם, אויסגעהערט זײַן פֿלוידערן און זיך באַמיט,

קיינער זאָל נישט באַמערקן זיינע וואַקלדיקע טריט. אָבער וועמען האָט ער געקאָנט נאַרן? נישט געקוקט אויף זיין מי, האָט זיך אים זעלטן ווען איינגעגעבן צו ברענגען מעלכיאָרן בשלום אַהיים. ווי נאָר זיי זענען צוגעקומען צום עק גאַס, פלעג מעלכיאָר דערקלערן, אַז ער מוז זיך תיכף־ומיד טרעפן מכח אַ וויכטיקן ענין מיט זיינע פריינד, און קיין שום טענות האָבן אים נישט אָפגעהאַלטן פון אַוועקגיין. ס'איז שווין געווען אַ סך קליגער אים נישט צו שטערן, אויב קריסטאָף האָט נישט געוואָלט אויסשטיין אַ סצענע פון פאָטערלעכע קללות, וואָס האָבן צוגעצויגן אַלע שכנים צו די פענסטער.

די גאַנצע הכנסה פון שטוב האָט ער צעטרענצלט. מעלכיאָר האָט נישט נאָר זיין אייגן געלט פאַרטרונקען. ער האָט פאַרטרונקען אויך דאָס, וואָס דאָס ווייב און דער זון האָבן מיט גרויס מאַטערניש פאַרדינט. לואיזע האָט געוויינט; איר מאַן אָבער האָט איר אויף אַ גראָבן אופן דערמאָנט, אַז די שטוב געהער נישט צו איר און אַז ער האָט זי גענומען אָן אַ גראָשן געלט. — האָט זי נישט געהאַט קיין העזה אים צו שטערן. קריסטאָף האָט זיך געוואָלט אַנטקעגנשטעלן, — האָט אים מעלכיאָר גוט אויסגעזידלט און אַרויסגעריסן דאָס געלט פון האַנט. קריסטאָף איז דאַן אַלט געווען צוועלף—דרייצן יאָר; ער איז געווען קרעפטיק געבויט און זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אויף מעלכיאָרס ווילדע מעשים; ער האָט נאָך אָבער מורא געהאַט זיך קעגנצושטעלן, און כדי אויסצומיידן נייע באַליידיקונגען, פלעג ער אים לאָזן צונעמען דאָס געלט. דער איינציקער אויסוועג פאַר לואיזען און קריסטאָפן איז געווען — באַהאַלטן זייער פאַרדינסט. מעלכיאָר אָבער האָט געהאַט אַ באַזונדערן חוש אַרויסצוגראָבן פון אונטער דער ערד דאָס באַהאַלטענע, בעת זיי זענען נישט געווען אין דערהיים.

אָבער אינגיכן האָט אים אויך דאָס נישט געקלעקט. מעלכיאָר האָט אָנגעהויבן אויספאַרקויפן די זאַכן, וואָס זענען געבליבן בירושה נאָך זיין טאַטן. קריסטאָף האָט מיט גרויס האַרץ־ווייטיק צוגעזען, ווי עס פאַרשווינדן די טייערע אָנדענק־חפצים: די ביכער, דאָס בעט, דאָס מעבל, אפילו די פאָרטרעטן פון די מוזיקער. ער האָט אָבער נישט געטאָרט רעדן קיין וואָרט. איינמאָל נאָר, ווען מעלכיאָר איז געשטרויכלט געוואָרן אָן דעם זיידנס אַלטן פיאַנינאָ און צעקלאַפּט זיך די קני און דערביי אָנגעהויבן צו שעלטן פון כעס און געזאָגט, אַז מ'קאָן זיך אין שטוב קיין ריר נישט טון און אַז מ'דאַרף אויסראָמען פון שטוב דאָס

גאַנצע אַלטוואַרג, — דאַן איז קריסטאָף אַרויס פון די כלים. ס'איז טאַקע אמת, די ענגשאַפט אין די צימערן מיטן אָנגעשטעלטן זיידנס מעבל איז געווען זייער שטאַרק, נאָך דעם ווי מ'האָט פאַרקויפט זיין שטוב, — יענע טייערע שטוב, וווּ קריסטאָף האָט פאַרבראַכט די בעסטע צייטן פון זיינע קינדער-יאָרן. ס'איז אויך אמת, אַז דער אַלטער ראָיאַל איז געווען אַ שברי-כלי, געהאַט אַ הייזעריקן קלאַנג, און קריסטאָף האָט אים שוין אַ לאַנגע צייט נישט באַנוצט, ער האָט געשפּילט אויף אַ שיינער, נייער פּיאַנינאָ, אַ מתנה פונם פירשט! אָבער דער אַלטער אינסטרומענט, וואָס האָט שוין צו גאָרנישט נישט געטויגט, איז געווען פאַר קריסטאָפן דער בעסטער פריינט, וואָס האָט אויפגעעפנט פאַר אים די אומענדלעכע וועלט פון מוזיק! אָט די געלע, פונם לאַנגן נוצן אָפּגעריבענע ביינדלעך, האָבן אים אַנטפּלעקט דאָס קעניגרייך פון קלאַנגען מיט אירע געזעצן; ס'איז געווען דעם זיידנס אַ ווערק; דער זיידע האָט לאַנגע חדשים פאַרבראַכט ביים פאַריכטן אים פאַר זיין אייניקל, און דעריבער איז ער געווען אים זייער טייער, — ס'איז געווען אַ הייליקע זאַך. דעריבער האָט קריסטאָף געטענהט, אַז מ'האָט נישט דאָס רעכט עס צו פאַרקויפן. מעלכיאָר האָט אים געהייסן שווייגן. קריסטאָף האָט נאָך העכער גענומען שרייען, אַז דער ראָיאַל געהער צו אים און אַז ער פאַרווערט אים אָנצורירן. ער האָט זיך געריכט אויף אַ מיאוסן פסק! מעלכיאָר אָבער האָט נאָר אַ קוק געטון אויף אים בייז — און געשוויגן.

צומאָרגנס האָט קריסטאָף פאַרגעסן די גאַנצע מעשה. ער איז געקומען אַהיים פאַרמאַטערט, אָבער גאַנץ גוט געשטימט. ער האָט אָנגעטראָפן די כיטרע בליקן פון זיינע ברידער. זיי האָבן זיך געמאַכט, ווי זיי וואָלטן שטאַרק פאַרטון געווען אינם לייענען, אָבער זיי האָבן געוואָרפן אויף אים בליקן און נאָכגעקוקט אַלע זיינע באַוועגונגען, פאַרטיפנדיק זיך כלומרשט אין בוך, ווען ער האָט אויף זיי אַ קוק געטון. ער האָט נישט געצווייפלט, אַז זיי האָבן אים אָפּגעטון אַ שפּיצל; אָבער ער איז שוין דערמיט געוווינט געווען און איז נישט נתפעל געוואָרן; ער האָט, ווי שטענדיק, גערעכנט זיי אָנקלאַפּן די ביינער, ווי נאָר ס'וועט קלאָר ווערן פאַר אים, וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט זיך דעריבער נישט געאיילט חוקר ודורש צו זיין און דערווייל גענומען שמועסן מיטן טאַטן, וואָס איז געזעסן אין ווינקל ביים פייער, און אים אויסגעפרעגט מיט אַ (געמאַכטן, אגב) אינטערעס, — אַ זאַך, וואָס האָט שוין

לאַנג נישט געטראָפֿן, — ווי ס'איז היינטיקן טאָג געגאַנגען. בעת ער האָט גערעדט, האָט קריסטאָף באַמערקט, ווי מעלכיאָר קוקט זיך איבער פֿון דער זייט, מיט דעם קליינוואַרג. דאָס האַרץ איז אים איינגעפֿאַלן. ער איז אַריינגעלאָפֿן אין צווייטן צימער... דאָס אָרט פֿון קלאַוויר איז געוועזן ליידיק! ער האָט אַ געשריי געטון פֿון ווייטיק. ער האָט געהערט פֿון צווייטן צימער דעם געשטיקטן געלעכטער פֿון זיינע ברידער. דאָס גאַנצע בלוט האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים. ער האָט זיך אַ לאָז געטון צו זיי און אַ געשריי געטון:

— מיין פּיאַנינאָ!

מעלכיאָר האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטון אַזוי תמימותדיק און פֿאַרחידושט, אַז די קינדער האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן פֿון געלעכטער. ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט איינהאַלטן פֿון לאַכן, זעענדיק קריסטאָפֿס נעבעכדיקן אויסזען, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געלאַכט אין-דער-שטיל. קריסטאָף האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט באַהערשן. ווי אַ משוגענער האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויפֿן טאַטן. מעלכיאָר, אויסגעצויגן אין פֿאָטער-שטול, האָט נישט באַוויזן זיך צו פֿאַרטיידיקן. קריסטאָף האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַלז און געשריען:

— גנבֿ!

ס'האָט געדויערט איין אויגנבליק. מעלכיאָר האָט זיך אַ טרייסל געטון און אַ וואָרף געטון קריסטאָפֿן, וועלכער האָט זיך פֿאַרביסן געראַנגלט. דעם קינדס קאָפּ האָט זיך אַ קלאַפּ געטון אינם אייזן פֿון אויוון. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט אויף די קני, מיט אַן אויפֿגעלאָפֿענעם שטערן, און נישט אויפֿגעהערט צו שרייען מיט אַ געשטיקטער שטים:

— בימט אַ גנבֿ! אַ גנבֿ, האָסט מיך און דער מאַמע באַגנבֿעט!... אַ גנבֿ, האָסט פֿאַרקויפֿט דעם זיידן פֿאַר געלט!

מעלכיאָר האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אויפֿגעהויבן זיין פֿויסט איבער קריסטאָפֿס קאָפּ. דאָס קינד האָט אים אָנגעקוקט אָן אַ סימן פֿון שרעק, מיט אויגן פֿול שנאה, און געציטערט פֿון צאָרן. פֿלוצלינג האָט אויך מעלכיאָר אָנגעהויבן צו ציטערן. ער האָט זיך געזעצט און פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט. די צוויי קינדער האָבן געמאַכט פּליטה און געשריען אויפֿן קול. נאָכן שטורעם איז שטיל געוואָרן. מעלכיאָר האָט געשטאַמלט אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער. צוגעדריקט צו

דער וואַנט, האָט קריסטאָף נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג, גע־קריצט מיט די ציין און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. מעלכיאָר האָט אָנגעהויבן זיך אַליין באַשולדיקן:

— אַ גנב בין איך! כ׳שטעל בדלות מיין פאַמיליע, מיינע קינ־דער פאַראַכטן מיך. בעסער וואָלט איך געשטאָרבן!

ווען ער האָט אויפגעהערט צו קלאָגן, האָט אים קריסטאָף האַרב געפרעגט, נישט רירנדיק מיט קיין אבר:

— ווו איז מיין פּיאַנינאָ?

— ביי וואָרמסערן. — האָט געענטפערט מעלכיאָר, נישט דער־וועגנדיק זיך אויפצוהויבן די אויגן.

קריסטאָף האָט געמאַכט אַ טריט פאָרויס און אַ זאָג געטון:

— דאָס געלט!

אַ צעמישטער, האָט מעלכיאָר אַרויסגענומען דאָס געלט פון טאַש און דערלאַנגט דעם זון. קריסטאָף האָט זיך געלאָזט צו דער טיר. מעלכיאָר האָט אים אַ רוף געטון:

— קריסטאָף!

קריסטאָף איז געבליבן שטיין. מעלכיאָר האָט ווידער אָנגעהויבן מיט אַ ציטערדיקער שטים:

— מיין קליינער קריסטאָף!... פאַראַכט מיך נישט!

קריסטאָף האָט זיך אַ וואָרף געטון אים אויפן האַלז און גע־וויינט:

— פּאַפּאַ, מיין טייערער פּאַפּאַ! איך פאַראַכט דיך נישט! איך בין אַזוי אומגליקלעך!

זיי האָבן זיך ביידע אויפן קול צעוויינט. מעלכיאָר האָט גע־קלאָגט:

— ס׳איז נישט מיין שולד. איך בין נאָך נישט קיין אויסוואורף. נישט אמת, קריסטאָף? אדרבה, זאָג, איך בין נאָך נישט קיין אויס־וואורף?

ער האָט צוגעזאָגט מער נישט צו טרינקען. קריסטאָף האָט מיט צווייפל געשאָקלט מיטן קאָפּ, און מעלכיאָר האָט זיך מודה געווען, אַז ווען ער האָט נאָר געלט אין האַנט, קאָן ער זיך נישט איינהאַלטן. קריסטאָף האָט נאָכגעטראַכט און געזאָגט:

— ווייסט וואָס, פּאַפּאַ, מ׳וואָלט געדאַרפט...

ער איז געבליבן שטיין.

— וואָס אַזוינס?
— איך שעם זיך...
— פאַר וועמען? — האט מעלכיאר נאַאיוו געפרעגט.
— פאַר דיר.
מעלכיאר האט זיך פאַרקרימט און געזאגט:
— ס'מאַכט נישט אויס.

קריסטאָף האט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מ'וואָלט געדאַרפט די גאַנצע הכנסה פון דער פאַמיליע, צוזאַמען מיט מעלכיאָרס געהאַלט אָנטרויען אַן אַנדערן, וואָס זאָל געבן מעלכיאָרן יעדן טאָג, אָדער יעדע וואָך, וויפל ער דאַרף פאַר זיך. מעלכיאָר איז געווען שטאַרק בידערגעשלאָגן, — ער איז נישט געווען גאָר ניכטער, — ער האָט מסכים געווען און דערקלערט, אַז ער וועט תיכף-ומיד אָנשרייבן אַ בריוו צום גרויספירשט, זיין געהאַלט זאָל מען אויסצאָלן קריסטאָפן. קריסטאָף האָט זיך אָפּגעזאָגט, רויט ווערנדיק פונם טאַטנס בזיון. אָבער מעלכיאָר, געטריבן פונם ווילן אַ קרבן צו ברענגען, האָט זיך איינגע-עקשנט אָנצושרייבן דעם בריוו. ער איז אַליין געווען גערירט פון זיין גרויסמוטיקע האַנדלונג. קריסטאָף האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דעם בריוו, און לואיזע, וואָס איז נאָר-וואָס געהאַט אַריינגעקומען און זיך דערוווסט וועגן גאַנצן ענין, האָט דערקלערט, אַז זי וועט ליבער גיין איבער די הייזער, איידער צו דערפירן איר מאַן צו אַזאַ בזיון. זי האָט צוגעגעבן, אַז זי האָט צו אים צוטרוי און אַז זי איז זיכער, אַז ער וועט בעסער ווערן צוליב די, וואָס ער האָט ליב, און צוליב זיך אַליין. דער סוף איז געווען: אַלע זענען געוואָרן גערירט, און מעל-כיאָרס בריוו, אַ פאַרגעסענער אויפן טיש, איז אַראָפּגעפאַלן אונטערן אַלמער, ווו ער איז געבליבן ליגן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט אים לואיזע געפונען, בעת זי האָט פאַרקערט די שטוב, און אַזוי-ווי זי איז געווען זייער אומגליק-לעך צוליב מעלכיארס נייע ווילדקייטן, — ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן זיין נדר, — האט זי דעם בריוו נישט צעריסן, נאר ערגעץ ווו באַ-האַלטן. עטלעכע חדשים האט זי אים געהיט, און שטענדיק אפּגעשטויסן פון זיך דעם געדאַנק מיט אים זיך צו באַנוצן, הגם זי האט געהאַט פונם מאַן געברענטע צרות. נאר איינמאל, ווען זי האט געזען, ווי מעלכיאר שלאגט, ווי שטענדיק, קריסטאפן מכות-רצח, האט זי עס מער נישט געקאנט אויסהאַלטן; און בלייבנדיק אַליין מיטן וויינענדיק

יינגל, האט זי אַרויסגענומען דעם בריוו, דערלאַנגט קריסטאָפן און געזאגט:

— גיי!

קריסטאָף האָט זיך געקווענקט; ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז קיין אַנדערער אויסוועג איז נישטאָ, אויב ער וויל ראַטעווען פון אַ פולשטענדיקן חורבן דאָס לעצטע ביסל, וואָס איז זיי געבליבן. ער איז אַוועק אין שלאָס. דער וועג, צוואַנציק מינוט גאַנג, האָט זיך דאָס מאָל געשלעפּט אַ גאַנצע שעה. די חרפה פון זיין שליחות האָט אים דערשלאָגן. זיין שטאָלץ, וואָס איז זיך צעוואַקסן אין די לעצטע יאָרן פון זיין איינזאַמקייט, האָט בלוטיק געליטן פונם געדאַנק, אַז ער גייט אויפדעקן פאַר דער וועלט זיין טאַטנס שאַנד. ס'איז געווען אַ מאָדנע, אָבער נאַטירלעכע נישט-אויסגעהאַלטנקייט: ער האָט זייער גוט געוווסט, אַז אָט-די שאַנד איז אַלעמען באַקאַנט, — און דאָך האָט ער זיך באַמיט מיט אַלע כוחות זי צו פאַרדעקן און צו מאַכן זיך, אַז ער באַמערקט זי גאָרנישט. ער וואָלט זיך בעסער געלאָזט צערייסן אויף שטיקער, איידער דאָס מודה צו זיין. איצט גייט ער אַהין אַליין, מיטן אייגענעם ווילן!... צוואַנציק מאָל האָט ער געוואָלט זיך צוריק אומקערן; און שוין נאָענט צום שלאָס, האָט ער צוויי-דריי מאָל צוריקגעצויגן זיך צו דער שטאָט. אָבער נישט ער איז דאָ געווען דער עיקר. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער מאַמע, וועגן זיינע ברידער. אויב דער פאָטער האָט זיי פאַרלאָזן, אויב ער האָט זיי פאַראַטן, מוז ער, דער עלטסטער זון, פאַרנעמען זיין אָרט און קומען זיי צו הילף. ס'איז נישטאָ וואָס צו קווענקלען זיך, נישטאָ מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטן, — ער האָט געמוזט אויסטרינקען דעם כוס פון חרפה. ער איז אַריין אין שלאָס. אויף די טרעפּ איז ער גרייט געווען ווידער צו אַנטלויפן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ טרעפּל. עטלעכע מינוט איז ער געבליבן זיצן אויף דר'ערד, מיט אַ האַנט אויף דער קליאַמקע פון דער טיר, ביז עמעצער איז אָנגעגאַנגען און ער האָט שוין געמוזט אַריינגיין.

אין דער קאַנצעלאַריע האָבן אים אַלע געקענט. ער האָט געבעטן, אַז ער וויל רעדן מיט זיין עקסעלענץ, דעם פאַרוואַלטער פון די טעאַטערן, באַראָן פאָן האַמער-לאַנגבאַך. אַ יונגער, דיקער באַאַמטער, מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ און מיט אַ רויט פּנים, האָט אים פריינדלעך געגעבן די האַנט און אָנגעהויבן מיט אים שמועסן וועגן דער לעצטער אָפּערע, וואָס מ'האָט ביי זיי געשפּילט. קריסטאָף האָט איבערגעחזרט

זיין ביטע. דער באַאַמטער האָט געענטפערט, אַז זיין עקסעלענץ איז גראָד אין דער מינוט פאַרנומען, נאָר אויב קריסטאָף האָט צו אים אַ שריפטלעכע בקשה, זאָל ער זי איבערלאָזן צווישן די איבעריקע פאַפּירן, וואָס ער וועט באַלד אַוועקטראָגן צו חתמענען. קריסטאָף האָט אים דערלאַנגט דעם בריוו. דער באַאַמטער האָט עס גיך איבערגעלייענט און אַרויסגעלאָזן אַ פאַרוווּנדערטן געשריי:

— אַך, באמת! — האָט ער פריילעך געזאָגט — דאָס הייסט אַ גוטער איינפאַל! ער האָט עס שוין לאַנג געדאַרפט טון! צייט ער לעבט, האָט ער נאָך אַזאַ גוטע זאַך נישט אָפּגעטון. אַך, דער אַלטער שיכור! ווי האָט ער זיך, צום טייוול, באַשלאָסן אויף אַזאַ שריט?

ער איז געבליבן שטיין. קריסטאָף האָט אים אַרויסגעריסן דאָס פּאַפּיר פון האַנט און געשריען, בלייך פון כּעס:

— איך פאַרווער אייך!... איך פאַרווער אייך מיך צו באַליידיקן!

דער באַאַמטער איז געווען פאַרחידושט.

— אָבער, טייערער קריסטאָף, — האָט ער געפּרוּווט רעדן — ווער קלערט דיך צו באַליידיקן? כ'האָב נאָר געזאָגט דאָס, וואָס די גאַנצע וועלט טראַכט. און דו אַליין טראַכסט עס אויך.

— ניין! — האָט קריסטאָף געשריען מיט כּעס.

— וואָס? דו טראַכסט עס נישט? דו טראַכסט נישט, אַז ער טרינקט?

— ס'איז נישט אמת! — האָט קריסטאָף געענטפערט.

ער האָט געטופּעט מיט די פיס.

דער באַאַמטער האָט געהויבן מיט די פּלייצעס:

— אויב אַזוי, צו וואָסזשע האָט ער אָנגעשריבן דעם בריוו?

— ווייל... — האָט געזאָגט קריסטאָף — (ער האָט נישט געוווּסט וואָס ווייטער צו זאָגן) — ווייל, ווען איך קום יעדן חודש אָפּנעמען מיין געהאַלט, איז באַקוועמער איך זאָל גלייכצייטיק אָפּנעמען אויך דעם טאַטנס שכירות. ס'איז איבעריק, מיר זאָלן זיך ביידע מטריח זיין... מיין טאַטע איז זייער שטאַרק פאַרנומען.

ער איז רויט געוואָרן פון דער זינלאָזער דערקלערונג. דער באַאַמטער האָט אים אָנגעקוקט מיט איראָניע געמישט מיט רחמנות. דרייענדיק דאָס פּאַפּיר אין די הענט, האָט קריסטאָף געמאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגיין. יענער האָט זיך אויפגעהויבן און אים אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— וואַרט-צו אַ ווײַלע, — האָט ער געזאָגט — איך װעל גײן דורכפֿירן דעם ענין.

ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין דירעקטאָרס קאַבינעט. קריסטאָף האָט געוואַרט אונטער די בליקן פֿון די איבעריקע באַאַמטער. ער האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס ער טוט; נישט וואָס ער וועט טון און נישט וואָס ער דאַרף טון. ער האָט געוואָלט אַנטלויפֿן, אײדער מ'וועט אים ברענגען דעם ענטפֿער; אין ער האָט עס שוין געוואָלט טון, און די טיר האָט זיך אויפֿגעעפֿנט:

— זײַן עקסעלענץ איז מסכּים דיך אויפֿצונעמען. — האָט אים געזאָגט זײַן „בעל-טובֿה”, דער באַאַמטער.

קריסטאָף האָט געמוזט אַרײַנגײן.

זײַן עקסעלענץ, באַראָן פֿאָן האַמער-לאַנגבאַך, אַ קלײנער, זויבע-רער זקן, מיט באַקן-בערד און וואָנסן, און ראַזירטער באָרד, האָט אַ קוק געטון אויף קריסטאָפֿן איבער די גאָלדענע ברילן און בשעת-מעשה נישט איבערגעריסן זײַן שרײַבן; ער האָט מיט דער מינדסטער באַ-וועגונג נישט געענטפֿערט אויף קריסטאָפֿס צעמישטער באַגריסונג.

— נו, — האָט ער געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום — וואָס פֿאַר-לאַנגט איר, הער קראַפֿט?...

— עקסעלענץ, — האָט קריסטאָף גיך געענטפֿערט — איך בעט מיר מוחל צו זײַן. כ'האָב זיך מיישבֿ געווען. איך פֿאַרלאַנג איצט גאָר-נישט.

דער אַלטער האָט נישט פֿאַרלאַנגט קײן שום דערקלערונג וועגן דער אומגעריכטער חרטה. ער האָט אויפֿמערקזאַמער אָנגעקוקט קרי-סטאָפֿן, אַ הוסט געטון און זיך אָנגערופֿן:

— אפֿשר וועט איר זײַן אַזוי גוט, הער קראַפֿט, מיר געבן דעם בריוו, וואָס איר האַלט אין האַנט?

קריסטאָף האָט באַמערקט, אַז דער דירעקטאָר קוקט אויף דעם פּאַפּיר, וואָס ער האָט נאָך אַלץ, נישט ווילנדיק, געדרייט אין זײַן האַנט.

— ס'איז נישט נויטיק, עקסעלענץ, — האָט ער געשטאַמלט — ס'איז איצט נישט נויטיק.

— זײַט אַזוי גוט און גיט עס מיר, — האָט געענטפֿערט שטיל דער אַלטער, גלײַך ווי ער וואָלט נישט געהערט זײַנע רײד.

קריסטאָף האָט מעכאַניש דערלאַנגט דעם שעף דעם בריוו; ער

האָט זיך אָבער פּלוצלינג צערעדט און פאַרכלינעט אין אַ שטראָם פון אומקלאָרע ווערטער; ער האָט געהאַלטן אויסגעצויגן די האַנט צוריק-צונעמען דעם בריוו. זיין עקסעלענץ האָט פּאָרזיכטיק אויפגעעפנט דעם פּאַפּיר, איבערגעלייענט, אַ קוק געטון אויף קריסטאָפן, געלאָזט אים אַ ווײַלע רעדן און תּיכּף איבערגעריסן; ער האָט געזאָגט מיט אַ כיט-רען גלאַנץ אין די אויגן:

— גוט, הער קראַפט. די בקשה איז אָנגענומען. איך בין מסכּים.

ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, — אַ סימן, אַז דער שמועס איז געענדיקט, — און זיך ווידער פאַרטיפט אין זיין שרייבן.

קריסטאָף איז אַרויסגעגאַנגען אַ צעטומלטער.

— האָט נישט קיין פּאַריבל, קריסטאָף! — האָט אים פריינדלעך געזאָגט דער באַאַמטער, ווען דאָס ייִנגל איז דורכגעגאַנגען די קאַנצע-לאַריע. קריסטאָף האָט זיך געלאָזט פון אים אַ דריק טון די האַנט, נישט דערוועגנדיק זיך דערבײַי אויפצוהויבן די אויגן.

ער איז ווידער געווען אין דרויסן, פאַרן שלאָס. ער איז געווען ווי פאַרגליווערט פון חרפּה. אַלץ, וואָס מ'האָט צו אים גערעדט, איז אים איצט געקומען אויפן זינען; ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פילט אַ באַליידיקנדיקע איראָניע אינם רחמנות פון די לייט, וואָס האָבן אים געשעצט און באַדויערט. ער איז געקומען אַהיים, געענטפערט עטלעכע בייזע ווערטער אויף לואיזעס פראַגן, גלייך ווי ער וואָלט געטראָגן אויף איר דעם כּעס צוליב דער גאַנצער מעשה. דאָס געוויסן האָט אים געמאַטערט, ווען ער האָט אַ טראַכט געטון וועגן פאָטער. ער האָט געוואָלט פאַר אים זיך אין אַלץ מודה זיין און בעטן פאַרגעבונג. מעל-כיאָר איז נישט געווען אין שטוב. קריסטאָף האָט ביז שפּעט אין דער נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. וואָס-מער ער האָט וועגן דעם גע-טראַכט, אַלץ מער האָט אים געפּלאָגט דאָס געוויסן: ער האָט איצט דעם טאַטן פאַרגעטערט; ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער טאַטע איז שוואַך, גוטמוטיק, אומגליקלעך און פאַראַטן פון זיינע אייגענע. ווען ער האָט דערהערט זיינע טריט אויף די טרעפּ, איז ער אַרויס-געשפּרונגען פון בעט און זיך געוואָרפן אין זיינע אָרעמס. אָבער מעל-כיאָר איז געקומען אַהיים שטאַרק שיכּור און קריסטאָף האָט נישט גע-האַט דעם מוט צוצוגיין צו אים נעענטער; ער האָט זיך צוריק געלעגט און אַליין ביטער געלאַכט פון זיינע אילוזיעס.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען מעלכיאָר האָט זיך דערוווסט פון

דער גאַנצער געשיכטע, איז אים באַפאַלן אַ ווילדער צאָרן; נישט געקוקט אויף קריסטאָפס בקשות, איז ער דאָך אַוועק אין שלאָס מאַכן אַ סקאַנדאַל. ער איז אָבער פון דאָרט צוריקגעקומען זייער דערשלאָגן און נישט דערציילט קיין וואָרט וועגן דעם, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. מ׳האָט אים דאָרטן זייער שלעכט אויפגענומען, מ׳האָט קודם-כל דערקלערט, ער זאָל רעדן העפלעכער, און אים געוואָרנט, אַז מ׳צאָלט אים געהאַלט נאָר אינעם זכות פון זיין זון און אַז אויב מ׳וועט זיך דערוויסן וועגן דעם מינדסטן סקאַנדאַל פון זיין זייט, וועט מען אים אינגאַנצן משלח זיין. קריסטאָף איז געווען זייער פאַרחידושט און ס׳איז אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן, ווען ער האָט געזען, אַז זיין פאָטער געוויינט זיך אַלץ מערער צו צו זיין לאַגע; מעלכיאָר האָט זיך אפילו גערימט, אַז ער האָט זיך דער ערשטער אַרויסגערופן צו ברענגען דעם דאָזיקן ק ר ב ן.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט מעלכיאָרן צו קלאָגן זיך אין גאַס, אַז זיין ווייב און קינדער באַגזלענען אים, אַז ער האָט פאַר זיי מקריב געווען זיין גאַנץ לעבן, און איצט רייסן זיי אים אַרויס דעם ביסן פון מויל. ער האָט זיך באַמיט אַרויסצוציען פון קריסטאָפן עפעס געלט מיט פאַרשידענע תחבולות און כלערליי כיטרע שפיצלעך, וואָס האָבן נישט איין מאָל אַרויסגערופן ביי קריסטאָפן געלעכטער, כאָטש ס׳איז געווען אָך-און-וויי צו אַזאַ לאַכן. אַזוי-ווי אָבער קריסטאָף האט זיך געהאַלטן פעסט, האט אים מעלכיאר אויפגעהערט צו מאַטערן. ער האט געפילט עפעס אַ מאדנעם שרעק פאַר די שטרענגע אויגן פון דעם פערצניעריקן יינגל, וואס איז געווארן זיין ריכטער. שטילערהייט האָט ער זיך נוקם געווען דורך מיאוסע גענג. ער איז געקומען אין אַ שענק, געטרונקען און זיך געלאָזט ווויל גיין — און שפעטער נישט געצאָלט, זאָגנדיק, אַז זיין זון וועט שוין באַצאָלן זיינע חובות. קריסטאָף האָט נישט פראָטעסטירט, כדי נישט אָנצומאַכן קיין גרעסערן סקאַנדאַל, און אין הסכם מיט לואיזען זיך געמאַטערט באַצאָלן מעלכיאָרס חובות. — לסוף, זינט מ׳האָט אים אויפגעהערט צו צאָלן זיין געהאַלט, האָט מעלכיאָר אַלץ מער פאַרלוירן דעם אינטערעס צו דער שטעלע אין אָרקעסטער; ער האָט אַזוי אָפט אָנגעהויבן דורכלאָזן די פאָרשטעלונגען אין טעאַטער, אַז — נישט געקוקט אויף קריסטאָפס אַלע בקשות — האָט מען אים סוף-כל-סוף געוויזן די טיר. דאָס יינגל איז איצט גע-

בליבן דער איינציקער שפייזער פון זיין טאַטן, ברידער און פון דער גאַנצער שטוב.

אָט אַזוי איז קריסטאָף געוואָרן צו פערצן יאָר דער קאָפּ פון דער פאַמיליע.

ער האָט מוטיק אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם שווערן עול. זיין שטאָלץ האָט אים נישט געלאָזט אויסקוקן אויף פרעמדע הילף. ער האָט געשוואוירן זיך אַליין אַן עצה געבן. ער האָט גענוג געליטן אין די קינדער־יאָרן, צוזעענדיק, ווי זיין מאַמע נעמט אָן נדבות, — נאָך מער: ווי זי יאָגט זיך נאָך זיי; ס'איז געווען אַן ענין פון שטענדיקע וויכוחים, ווען די גוטע פרוי האָט געבראַכט אַהיים אַ מתנה פון עמעצן פון אירע בעלי־טובות. זי האָט נישט געזען אין דעם קיין שום בייז און זיך געפרייט, וואָס זי האָט געקאָנט, אַ דאַנק דער שטיצע, צו העלפן קריסטאָפן אַ ביסל אין זיין מאַטעריעל און צוגעבן נאָך אַ מאכל צו דעם מאָגערן עסן. אָבער קריסטאָף איז אין אַזעלכע פאַלן געווען בייז; ער האָט אַ גאַנצן אָוונט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט; אָפּגעזאָגט, אָן אַ שום דערקלערונג, אָנצורירן דאָס עסן, וואָס זי האָט געבראַכט. לואיזען האָט עס געקרענקט; זי איז פּשוט צוגעשטאַנען צו איר זון, ער זאָל עסן: ער אָבער האָט ווידער אָפּגעזאָגט; לסוף האָט זי פאַרלוירן די געדולד און אים געזאָגט אַ פּאָר שאַרפע ווערטער; ער האָט האַרב אפגעענטפערט, אַ ווארף געטון דאס סערוועטל אויפן טיש און אַרויס. דער טאַטע האט געהויבן מיט די אַקסלען און גע־רופן אים קונצנמאַכער. די ברידער האבן פון אים חוזק געמאַכט און אויפגעגעסן זיין חלק.

פונדעסטוועגן האט ער געמוזט געפינען מיטלען צום לעבן. זיין געהאַלט אין ארקעסטער האט נישט געקלעקט. ער האט אנגעהויבן געבן לעקציעס. זיין ווירטואָז־טאַלאַנט, זיין גוטער נאמען אין שטאט און דער עיקר — דעם פירשטס שוץ האבן אים געשאַפן אַ גרויסע צאָל לעקציעס אין דער העכערער געזעלשאַפט. יעדן אינדערפרי, פון ניין אַ זייגער אן, האט ער געלערנט שפּילן מיידלעך, וואס זענען אפט געווען עלטער פון אים; זיי האבן אים געשראקן מיט זייער קאקעטירן

און דעם טויט געמאַכט מיט זייער שלעכטן שפּילן. זיי זענען געווע אין מוזיק אינגאַנצן טעמפּ, נאָר פֿאַרמאָגט, מער אָדער ווינציקער, אַ חוש פֿאַר חוזק, און זייערע חוזק-בליקן האָבן קיינמאָל נישט אַדורכ-געלאָזט די אומגעשיקטקייט פֿון קריסטאָפס מינדסטער באַוועגונג. ס'איז געווען פֿאַר אים אַן אמתע מאַטערניש. זיצנדיק נאָענט נעבן זיי, אויפֿן ברעג שטול, רויט און פֿאַרשעמט, אויפֿגעבראַכט פֿון כּעס, האָט ער זיך נישט דערוועגט אַ ריר צו טון פֿון אָרט און איינגעהאַלטן זיך מיט אַלע כּוחות נישט צו רעדן קיין נאַרישקייטן; ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר זיין אייגענער שטים, זיך באַמיט אָנצונעמען אַ שטרענגן אויסזען, געפֿילט בשעת-מעשה, אַז מ'קוקט אויף אים פֿון אַ זייט, זיך אינגאַנצן פֿאַרלוירן, נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין קלאַנג פֿון האַלז, זיך געפּלאָנטערט מיט די דערקלערונגען, מורא געהאַט נישט צו ווערן לעכערלעך, לסוף געוואָרן טאַקע לעכערלעך און אין כּעס — און אַרויסגעבראַכט באַליידיקנדיקע ווערטער. זיינע שילערינס האָבן געקאָנט זייער לייכט זיך נוקם זיין; זיי האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט, אים אָנגעקוקט מיט אַ באַזונדערן מין בליק אָדער גע-שטעלט אים די פּשוטסטע פֿראַגן, ביז ער איז רויט געוואָרן איבער די אויערן; אָדער געבעטן ביי אים אַ געפֿעליקייט, — למשל, אַ זאַך, וואָס זיי האָבן פֿאַרגעסן אויפֿן שטול, — און דאָס איז געווען פֿאַר אים דער שרעקלעכסטער נסיון, ער האָט געמוזט דורכגיין דאָס גאַנצע צימער אונטער זייערע בייזוויליקע בליקן, וואָס האָבן אָן רחמנות נאָכ-געקוקט די אומגעשיקטקייט פֿון זיין גיין, זיינע נישט-פֿלינקע פֿיס, שטייפֿע אָרעמס און זיין קערפּער, וואָס האָט זיך געקאָרטשעט פֿון גרויס צעטומלטקייט.

פֿון די לעקציעס האָט ער געמוזט לויפֿן אויף דער רעפּעטיציע אין טעאַטער. אָפֿטמאָל האָט ער נישט געהאַט קיין צייט אפֿילו צו פֿרישטיקן און מיטגעבראַכט מיט זיך אין טאַש אַ שטיקל ברויט מיט וואורשט, וואָס ער האָט געגעסן בעת דער הפסקה. ער האט טיילמאָל פֿאַרטראַטן דעם מוזיק-דירעקטאָר טאָביאַס פּייפֿער, וואָס האט זיך מיט אים אינטערעסירט און געלערנט, לאָזנדיק אים פֿון צייט צו צייט בעת די רעפּעטיציעס פֿון אָרקעסטער דיריזשירן אויף זיין אָרט. ער האָט אויך געמוזט זאָרגן פֿאַר זיין ווייטערדיקער מוזיקאַלישער אויסבילדונג. עטלעכע מוזיק-לעקציעס האָבן אים פֿאַרנומען דעם גאַנצן טאָג, ביז דער שעה, ווען ער האָט געדאַרפֿט גיין אויף דער פֿאָרשטעלונג. גאַנץ

אָפּט האָט ער געמוזט גיין אין אָוונט, נאָך דער פאָרשטעלונג, אין שלאָס, ווו מ'האָט געוואָלט הערן זיין שפּילן. דאָרטן האָט ער געשפּילט אַ שעה אָדער צוויי. די פּרינצעסין האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן מבין אויף מוזיק; זי האָט ליב געהאַט מוזיק, אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן גוטער און שלעכטער. זי האָט צונויפגעשטעלט פאַר קריסטאָפן משונהדיקע פּראָגראַמען, ווו פלאַכע ראַפּסאָדיעס זענען געווען געמישט מיט אמתע קונסט-ווערק. אָבער דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָט זי געהאַט, ווען קריסטאָף האט אַליין אימפּראָוויזירט, און זי האָט אים אויפגעגעבן טעמעס פון האַרצרייסנדיקער סענטימענטאַלקייט.

קריסטאָף פלעג פון דאָרטן אַרויס נאָך האַלבער נאַכט, פאַרמאַטערט, מיט ברענענדיקע הענט, מיט קאָפּ-ווייטיק און מיט אַ ליידיקן מאָגן. ער האָט געשוויצט, און אין דרויסן איז געפאַלן אַ שניי, אָדער אַ פאַרגליווערטער נעפּל איז געהאָנגען אין דער לופטן. ער האָט נאָך געהאַט דורכצוגיין מער ווי אַ האַלבע שטאָט ביז דער היים; ער איז געגאַנגען צו-פוס, קלאַפּנדיק אַ צאָן אָן אַ צאָן; ס'האָט זיך אים געוואָלט אי ש'אָפן, אי וויינען! דערצו האָט ער זיך געמוזט היטן נישט צו פאַרפלעקן, חלילה, מיט בלאָטע זיין איינציקן יום-טובדיקן אַנצוג.

ער האָט זיך ווידער געפונען ביי זיך אין צימער, ווו עס זענען געשלאָפן אויך זיינע ברידער; קיינמאָל איז אים דאָס לעבן נישט געווען אַזוי נמאס, און זיין פאַרצווייפלונג איז נישט געווען אַזוי גרויס, קיינמאָל האט אים דאָס געפיל פון איינזאַמקייט נישט געדריקט אַזוי שטאַרק, — ווי אין יענע מינוטן, ווען ער האָט, אין דער ענגער, שטיקנדיקער לופט, געקאָנט זיך לסוף, באַפרייען פון זיין שווערן, ביטערן עול. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אפילו זיך אויסצוטון — צום גליק, — ווען ער האָט נאָר געלייגט דעם קאָפּ אויפן קישן, פלעג אים באַפאַלן אַ שווערער שלאָף, וואָס האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אָן די צרות.

אבער שוין באַגינען אין זומער — און נאָך גאָר פאַרטאג אין ווינטער — האט ער געמוזט אויפשטיין. ער האָט געוואָלט אַרבעטן פאַר זיך. ס'איז געווען די איינציקע פרייע צייט, וואָס ער האט געהאַט: צווישן פינף און אַכט דעם זייגער אין דער פרי. אויך אַ טייל פון די פרימאָרגן-שעהן האָט ער געמוזט אַוועקגעבן אויף באַשטעלטע אַרבעטן, ווייל דער כבוד פון אַ הויף-מוזיקער און פון דעם פירשטס ליבלינג

האָט אים געצוווּנגען צו שאַפן אָפּיציעלע קאָמפּאָזיציעס צו אַלערליי פייערונגען אין הויף.

אָט אַזוי איז זיין לעבן פאַרסמט געוואָרן ביזן סאַמע סוף. אפילו זיינע חלומות זענען נישט געווען אינגאַנצן פריי. נאָר ווי דער שטייגער איז, האָט דער צוואַנג פון דרויסן נאָך דרייסטער געמאַכט זיינע חלומות. ווען קיין שום זאַך בינדט נישט דעם מענטשנס האַנדלונג, ווען ער טרעפט נישט אָן קיין מכשול, איז אויך שוואַכער די קראַפט, וואָס באַוועגט דעם גייסט. וואָס ענגער ס׳איז געווארן אַרום אים די תּפיסה פון דאגות און לאַנגווייליקער די אַרבעט, אַלץ מער האָט זיך זיין אויפגעשטורעמט האַרץ געפילט פריי פון אַלע קייטן. ווען ער וואָלט געלעבט אָן שום שטערונגען, וואָלט ער בלי-ספק געוואָרן אַ שפילצייג פונם לעבן. נישט האָבנדיק מער ווי איין אָדער צוויי פרייע שעה אַ טאָג, האָט זיין גאַנצע קראַפט אַריינגעשטראָמט אין דער דאָזיקער קורצער צייט, ווי אַ וואַסער-שטראָם צווישן די פעלזן. ס׳איז אַ גוטע דיסציפלין פאַר דער קונסט צו צוימען די כּוחות אין ענגע גרענעצן. אין דעם זין, קאָן מען זאָגן, איז די נויט אַ לערער נישט נאָר פונם געדאַנק, נאָר אויך פונם סטיל; זי לערנט אויס דעם גייסט, גלייך ווי דעם גוף, צו זיין שפּאָרזאַם. ווען די צייט איז קורץ און די ווערטער זענען געציילטע, איז נישטאָ ווען צו רעדן אַ סך און מ׳געוויינט זיך איין צו טראַכטן נאָר וועגן דעם, וואָס איז וויכטיק. אָט אַזוי לעבט דער מענטש דאָפּלט, בעת ער האָט קוים צייט צו לעבן.

דאס איז אויך געשען מיט קריסטאָפן. אונטער דעם יאָך האָט ער באַקומען דאָס באַוווּסטזיין פונם ווערט פון זיין פרייהייט, און ער האט נישט צעזייט די טייערע מינוטן אויף אומנוצלעכע מעשים און פוסטע רייד. זיין נאַטירלעכע נטיה צו שרייבן באַריכות און צעגאָסן, מיט אַלע קאַפּריזן פון אַן אויפריכטיקן, אבער נישט-געקליבענעם, נישט-דורכגעטראַכטן געדאַנק, — זיין דאָזיקע נטיה האָט געפונען איר תּיקון אין דער נויטווענדיקייט אין דער קורצסטער צייט צו טראַכטן און צו טון וואָס מערער. קיין זאַך האָט נישט געהאַט אַזאַ גרויסע השפּעה אויף זיין קינסטלערישער און מאָראַלישער אַנטוויקלונג: — נישט די

לעקציעס פון זיינע לערער, נישט דער ביישפּיל פון די קונסט-ווערק גופא. אין יענע יאָרן, ווען דער כאַראַקטער בילדט זיך אויס, האָט ער זיך איינגעוויינט צו באַטראַכטן די מוזיק ווי אַ קלאָרע שפּראַך, וואָס יעדער טאָן אירער האָט אַ באַזונדערן זין; און צוזאַמען מיט דעם האָט ער פיינט געהאַט יענע מוזיקער, וואָס רעדן אַ סך, כּדי נישט צו זאָגן גאָרנישט.

אמת, די קאָמפּאָזיציעס, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבן, האָבן ווייט נישט אויסגעדריקט זיין אינערלעכן מהות אינגאַנצן, פּשוט דערפאַר, ווייל ער אַליין האָט זיך נאָך נישט געקענט גאַנץ גרינדלעך. ער האָט זיך אַליין געזוכט אינם גרויסן הויפן דערוואָרבענע געפילן, וואָס די דערציִונג וואַרפט-אָן יעדן קינד און וועלכע ווערן זיין צווייטע נאַטור. מיט אַ פאַרנעפּלטן חוש האָט ער געפילט זיין אמתן גייסטיקן מהות, ווייל ער האָט נאָך נישט געהאַט דורכגעלעבט די ליידנשאַפטן פון דער יוגנט, וואָס רייסן אַראָפּ פון דער פּערזענלעכקייט די געבאָרגטע קליידער, פּונקט ווי דער דונער רייניקט-אָפּ דעם הימל פון די וואָלקנס, וואָס הילן אים איין. טונקעלע און שטאַרקע פאָרגעפילן האָבן זיך אין אים צונויפגעמישט מיט די פרעמדע עמפּפינדונגען, פון וועלכע ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען. אָט די שקרים האָבן אים ווײ געטון. ער איז געווען פאַרצווייפלט, צוזעענדיק, אויף וויפל דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, שטייט נידעריקער פון דעם, וואָס ער טראַכט. מיט פאַרביטערונג האָט ער געצווייפלט אין זיך, אָבער נישט געקאָנט זיך איבערגעבן דער דאָזיקער נאַרישער פאַרצווייפלונג; ער האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח צו מאַכן בעסער, אָנצושרייבן עפּעס אַ גרויס ווערק. אָבער שטענדיק האָט ער געליטן אַ דורכפאַל. נאָך אַ קורצער ווײלע פון אילוזיע בעתן שרייבן, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, טויג אויף כּפּרות, האָט ער צעריסן אָדער פאַרברענט דאָס אָנגעשריבענע. צו זיין גרויסער חרפּה האָט ער נאָך געמוזט אָפּהיטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, גראָד די סאַמע מיטלמעסיקסטע, — זיינע אָפיציעלע ווערק; דער קאָנצערט „דער קעניגלעכער אָדלער”, אָנגעשריבן לכּבוד דעם פּירשטס געבורטסטאָג, און די קאַנטאַטע „די חתונה פון פּאַלאַס”, לכּבוד דער חתונה פון דער פּרינצעסין אַדעלאַידאַ, — ביידע ווערק, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט זייער גרויסע הוצאות, אין אַ פּראַכט-אויסגאַבע, כּדי צו פאַראייביקן זיין נאַרישקייט פאַר די קינפטיקע דורות. ער האָט ממש געוויינט פון בזיון.

יאָרן פֿון פֿיבער! אָן רו, אָן מנוחה. נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל אים אָפּרייסן פֿון דער פֿאַריאָגטער אַרבעט. קיין שום פֿאַרווײַלונג, קיין שום פֿרײַנד. ווי האָט געקאָנט אַנדערש זײַן? נאָכמיטאָג, בעת אַנדערע קינדער שפּילן זיך, זיצט דער קליינער קריסטאָף מיט אַ געקנייטשטן פּנים אויפֿמערקזאַמקייט שטערן, אינם פֿאַרשטויבטן, שלעכט-באַלויכטענעם טעאַטער-זאַל. און אין אָוונט, בעת אַנדערע קינדער שלאָפֿן, זיצט ער נאָך אַלץ אויף זײַן שטול און פֿאַלט אויפֿן פּנים.

קיין שום אינטימקייט צווישן אים מיט די ברידער. דער יונגערער, ערנעסט, איז אַלט געווען צוועלף יאָר: ער איז געווען אַ פּוסטער ייִנגל, אַ פֿאַרדאָרבענער און אַ מחוצף, פֿאַרבראַכט גאַנצע טעג מיט עטלעכע גאַסן-ייִנגלעך פֿון זײַן מין און אין זייער געזעלשאַפֿט זיך אויסגעלערנט נישט נאָר קלאָגעדיקע זיטן, נאָר אויך מיאוסע שטיק, וואָס דער נאַיִווער קריסטאָף האָט וועגן זיי די מינדסטע השגה נישט געהאַט און אין איינעם אַ טאָג געעפֿנט אויף זיי די אויגן מיט שרעק. דער צווייטער, רודאָלף, דעם פֿעטער טעאָדאָרס ליבלינג, האָט זיך געשניטן אויף אַ סוחר. ער איז געווען געזעצטער און רויקער. אָבער זייער כּיטרע; ער האָט זיך געהאַלטן העכער פֿאַר קריסטאָפֿן און נישט צוגעלאָזט קריסטאָפֿס אויטאָריטעט אין שטוב, הגם ער האָט געהאַלטן פֿאַר גאַנץ נאַטירלעך צו עסן זײַן ברויט. ער האָט געירשנט טעאָדאָרס און מעלכיאָרס שנאה צו אים און איבערגעקייט זייערע לעכערלעכע רכילותן. קיין איינער פֿון די ביידע ברידער האָט נישט ליב געהאַט קיין מוזיק, און רודאָלף האָט געהאַט אַ הנאה אַרויסצווײַזן זײַן פֿאַראַכטונג צו איר, פּונקט ווי דער פֿעטער, וועלכן ער האָט אויסגעצייכנט אַלץ נאָכגעטון. ביידע חברה-לײַט, וועלכע האָבן נישט פֿאַרטראָגן קריסטאָפֿס השגחה און מוסר, — קריסטאָף האָט זיך ערנסט באַצויגן צו דער ראָלע פֿון אַ פֿאַמיליע-פֿאָטער, — האָבן זיך געפּרוווט בונטעווען; אָבער קריסטאָף האָט געהאַט געזונטע פֿויסטן און געוווּסט, אַז ער איז גערעכט: ער האָט טאַקע געצווונגען די יונגערע ברידער צו טון זײַן ווילן. פֿונדעסטוועגן האָבן זיי געטון דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט. אויסגענוצט זײַן לײַכטגלויביקייט, אים אונטערגעשטעלט אַ פֿיסל, ער האָט זיך דערבײַ אַלעמאָל אויסגעגליטשט; זיי האָבן בײַ אים אויסגענאַרט געלט, געזאָגט אומפֿאַרשעמטע ליגנס און שפּעטער הינטער זײַנע פּלייצעס אים אויסגעלאַכט. דער גוטער קריסטאָף האָט זיך געלאָזט נאַרן; ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט זײַן געליבט, אַז איין צערטלעך

וואָרט איז געווען גענוג צו שטילן זיין צאָרן, ער האָט זיי אַלץ מוחל געווען פאַר אַ ביסעלע ליבע. אָבער זיין גלויבן איז געווען שרעקלעך אונטערגעבראָכן, ווען ער האָט געהערט, ווי זיי לאַכן אויס זיין נאַיוויטעט תיכף נאָך אַ סצענע פון חניפהדיקע קושן, וועלכע האָבן אים גערירט ביז טרערן: אָט דאָס האָבן זיי טאַקע אויסגענוצט, כדי אויסצונאַרן פון אים דעם גאָלדענעם זייגער, אַ מתנה פונעם פירשט, וואָס זיי האָבן שוין לאַנג געחלשט צו האָבן. ער האָט זיי פיינט געהאַט — און דאָך זיך ווייטער געלאָזט אָפנאַרן, צוליב זיין טיפער נייגונג צו גלויבן און ליבן. ער האָט עס געוווסט, געהאַט אפילו טענות צו זיך אַליין און מכבד געווען די ברידער מיט קלעפ, ווען ער האָט אויפגעדעקט, איין מאָל צווישן טויזנט פאַלן, אַז זיי טרייבן קאַטאָוועס. אָבער באַלד נאָך דעם האָט ער זיך ווידער געלאָזט כאַפן אין דער ערשטער נעץ, וואָס זיי האָבן אויף אים פאַרוואָרפן.

נאָך ביטערערע יסורים איז אים באַשערט געווען צו האָבן. פון זיינע שכנים, די פאַך־קאָלעגן, האָט ער זיך דערוווסט, אַז זיין טאַטע רעדט אויף אים לשון־הרע. נאָכדעם, ווי ער האָט זיך לאַנג געהאַט באַרימט מיט זיין זונס הצלחה, האָט מעלכיאָר באַקומען אַ מיאוסע שוואַכקייט: קנאה. ער האָט געהאַלטן אין זוכן אַ מעגליכקייט צו דערנידעריקן קריסטאָפן. ס'איז געווען נאַריש ביז טרערן. מ'האָט פון פאַראַכטונג נאָר געקאָנט הויבן מיט די פלייצעס; ס'איז נישט געווען אַפילו אויף וועמען צו זיין בייז, ווייל מעלכיאָר האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס ער טוט; געווען פאַרביטערט פון זיין ירידה. קריסטאָף האָט געשוויגן; ער האָט מורא געהאַט צו רעדן אַ וואָרט, כדי ס'זאָל נישט קומען צו קיין האַרבע רייד; אָבער זיין האַרץ איז געווען צעבראָכן.

ווי טרויעריק ער איז געווען בעתן אָוונט־ברויט, ווען אַלע אין פאַמיליע־קרייז האָבן געגעסן אַרום לאָמפ, אויף אַ ברודיקן טישטוך, צווישן רייד אָן אַ טעם און אַ קינבאַקן־געראויש פון די דאָזיקע ברואים, וואָס ער האָט פאַראַכטעט, באַדויערט — און דאָך ליב געהאַט! נאָר צווישן אים און זיין מוטיקער מאַמע איז געווען אַ בונד פון קעגנזייטיקער ליבע. פונקט ווי ער, האָט זיך אויך לואיזע אָנגעמאַטערט אַ גאַנצן טאָג, אָבער אין אָוונט איז זי געווען אויסגעלאָשן, אַ וואָרט נישט גערעדט און איינגעשלאָפן באַלד נאָכן עסן אויף איר שטול, בעתן צערעווען זאָקן. אגב, איז זי געווען אַזאַ גוטע נשמה, אַז מ'האָט

ניש‍ט געפילט קיין [illegible]. אונטערשיד אין איר ליבע צום מאַן און צו די דריי זין; זי האָט זיי אַלעמען אין אַ גלייכער מאָס ליב געהאַט. קריסטאָף האָט דעריבער נישט געפונען אין איר דעם פאַרטרויטן פריינד, וועלכן ער האָט אַזוי נויטיק געדאַרפט.

ער האָט זיך דערפאַר פאַרשלאָסן אין זיך. ער האָט גאַנצע טעג געשוויגן, טוענדיק זיין איינטאָניקע, שווערע אַרבעט מיט אַ מין געשטיקטן כעס. אַזאַ מצב איז געווען געפערלעך פאַר אַ קינד אינם איבערגאַנגס-עלטער, ווען דער אָרגאַניזם ווערט עמפּפינדלעכער און איז מסוגל אויפצונעמען אַלערליי שלעכטס, וואָס מאַכן פון אים אַ תל און זענען אויך אַ סכנה פאַר זיין גאַנץ לעבן. קריסטאָפס געזונט האָט שטאַרק געליטן. ער האָט געירשנט פון זיינע עלטערן אַ פיינעם קערפּער־בוי, אַ געזונטן גוף אָן אַ שום פּגימה. אָבער דווקא דער געזונטער גוף האָט פאַרגרעסערט זיינע יסורים, בעת די אומגעוויינלעכע אַרבעט און דאגות האָבן אויפגעעפנט אַ שפּאַרע, דורך וועלכע דער ווייטיק האָט געקאָנט פריי אַריינגיין. פון די פריסטע קינדער־יאָרן האָט זיך ביי אים באַוויזן אַ נערוון־צעשרויפונג. נאָך אַלס קליין קינד פלעג ער אָפּט חלשן, באַקומען קאָנוולסיע אָדער ברעכן, ווען עפּעס האָט אים געקרענקט. צווישן דעם זיבעטן און אַכטן יאָר פון זיין לעבן, אין דער צייט פון זיינע קאָנצערט-דעביוטן, איז זיין שלאָף שוין געווען אומרויק; ער האָט גערעדט, געשריען, געלאַכט און גע־וויינט פון שלאָף; און די דאָזיקע קרענקלעכע נטיה האָט זיך אַלע-מאָל אָפּגערופן, ווען ער האָט געאַרבעט איבער די כוחות. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן ליידן אויף שרעקלעכן קאָפּ-ווייטיק, אַמאָל אינם אינטערשטן טייל און אין די זייטן פון שאַרבן, און אַמאָל ווידער האָט ער געפילט ווי בלייערנע רייפן אַרום זיין קאָפּ. אויך די אויגן האָבן אים ווי געטון: צייטנווייז האָט ער געפילט אַזאַ ווייטיק, גלייך ווי שפּיזן וואָלטן אים געשטאָכן אין די אויגן; אָדער ס'איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן, ער האָט נישט געקאָנט לייענען און געמוזט איבעררייסן אויף עטלעכע מינוט. פון נישט דערעסן און פון עסן נישט אין דער צייט איז אים קאַליע געוואָרן זיין געזונטער מאָגן. ס'האָט אים געפּייניגט אַ ווייטיק אין בויך אָדער גאָר שלשול. אָבער קיין זאַך האָט אים נישט אָנגעטון אַזעלכע יסורים, ווי דאָס האַרץ: ס'האָט גע־קלאַפּט מיט אַ משוגענעם טעמפּאָ; אַמאָל האָט עס האַסטיק געהילכט אין דער ברוסט, און מ'האָט געקאָנט גלויבן, אַז אָט-אָט ווערט עס

צעפלאַצט, — און אַמאָל ווידער האָט עס קוים געקלאַפּט, און ס'האָט
זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט דער פּולס אינגאַנצן אויפהערן צו שלאָגן.
ביינאַכט איז דעם קינדס טעמפּעראַטור שרעקלעך געשפּרונגען; פון
גרויסער היץ איז זי פּלוצלינג, אָן אַ בהדרגהדיקן איבערגאַנג, אַריבער
אין אַ צושטאַנד פון בלוטאָרעמקייט. ער האָט געברענט, געציטערט פון
קעלט, אַנגסטן האָבן געשלאָגן אין אים, זיין האַלז האָט זיך געוואָרגן
גלייך אַ קיילעכיקע מאַסע אין גאָרגל וואָלט אים נישט געלאָזט אָטע-
מען. — די פאַנטאַזיע האָט אים, נאַטירלעך, געפּייניקט: ער האָט נישט
געהאַט דעם מוט צו דערציילן זיינע אייגענע וועגן אַלץ, וואָס ער
האָט אָן אויפהער געפילט; אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט אַלץ צו
באַטראַכטן מיט אַן אויפמערקזאַמקייט, וואָס האָט פאַרשטאַרקט זיינע
יסורים און אָנגעטון אים פרישע ווייטיקן. ער האָט זיך איינגערעדט
אַלערליי מחלות, וואָס ער האָט נאָר געוווסט; געגלויבט, אַז ער האַלט
ביים בלינד ווערן, און אַזוי-ווי ס'האָט אים נישט איין מאָל, בעתן גיין,
געשווינדלט אין קאָפּ, האָט ער מורא געהאַט, טאָמער טוט ער אַ פאַל
פּלוצלינג אין גאַס. — שטענדיק האָט אים פאַרפאָלגט, געמאַטערט,
אָן אויפהער געפּייניקט דער שרעקלעכער פּחד, טאָמער בלייבט ער
שטיין אין מיטן וועג, טאָמער שטאַרבט ער פאַר דער צייט. אוי! אויב
ער מוז שוין שטאַרבן, — איז לפּחות נישט איצט, פאַרן נצחון!...

דער נצחון... אָט דער פעסטער גלויבן, וואָס ברענט אין אים
אָן אויפהער, הגם ער ווייסט נישט אַליין פאַרוואָס; וואָס האַלט אים
אונטער, אויף זיין וועג, איבער אַלע צרות פון לעבן, מאַטערניש און
שטיקנדיקע בלאָטע! אַ פאַרנעפּלט, שטאַרק באַוווסטזיין פון דעם, וואָס
ער וועט ווערן שפּעטער — און וואָס ער איז שוין!... און וואָס איז
ער באמת? אַ קראַנק, נערוועיש קינד, וואָס שפּילט פידל אינם אָרקע-
סטער און שרייבט מיטלמעסיקע „קאָנצערטן”; — ניין, פיל מער, ווי
אַזאַ קינד. דאָס איז נאָר זיין לבוש, זיין היינטיקער פּרצוף. ס'איז
אָבער נישט זיין אינערלעכער מהות. נישטאָ קיין שום שייכות צווישן
זיין טיף וועזן מיטן היינטיקן אויסזען פון זיין פּנים און געדאַנק. ער
ווייסט עס אַליין. ווען ער זעט זיך אין שפּיגל דערקענט ער זיך אַליין
נישט. אָט-דאָס רויטע, ברייטע פּנים, אָט די בולטע ברעמען, אָט די
קליינע, טיפע אויגן, דאָס קורצע נעזל, וואס איז פאַרענדיקט דיק מיט
די צעעפנטע נאָזלעכער, די מגושמדיקע באַקן און אָנגעבלאָזן מויל, —
אָט די גאַנצע מיאוסע, וולגאַרע מאַסקע איז אים גופא פרעמד. ער

דערקענט זיך אפילו נישט אין זיינע אייגענע ווערק. ער משפט זיך שווער, ער ווייסט גוט די נישטיקייט פון דעם, וואָס ער טוט און וואָס ער איז אין דעם אויגנבליק. און פונדעסטוועגן איז ער זיכער אין דעם, וואָס וועט זיין און וואָס ער וועט אויפטון. ער האָט אַליין טענות צו זיך צוליב אָט דעם בטחון, ווי ס'וואָלט געוואָרן אַ ליגן פון זיין פוסטער גאווה, מיט הנאה איז ער זיך מבזה, מיט פאַרביטערונג איז ער זיך מבטל, כּדי זיך אַזוי-אַרום צו באַשטראָפן. אָבער דער בטחון בלייבט, און קיין זאַך קאָן אים נישט אומברענגען. וואָס ער זאָל נישט טון, וואָס ער זאָל נישט טראַכטן, — האָט אים קיין איינער פון זיינע געדאַנקען, פון זיינע האַנדלונגען, פון זיינע ווערק, נישט כּולל געווען אין זיך, נישט אויסגעדריקט זיין „איך". ער ווייסט עס, און אַ פרעמד געפיל דערוועקט זיך אין אים, אַז דער רעכטער עיקר, זיין גאַנצער איצטיקער תּמצית — איז נישט דער, וואָס וועט זיין מאָרגן... עס וועט זיין!... עס ברענט אין אים אַ פייער פון גלויבן, ער ווערט פאַרשיכּורט פונם דאָזיקן גלאַנץ! אַך! זאָל אים נאָר דער היינט נישט אָפּהאַלטן אין וועג! זאָל ער נאָר נישט נכשל ווערן און נישט אַרייַנפאַלן אין איינער פון די נעצן, וואָס דער היינט הערט נישט אויף אויסצושפּרייטן אונטער זיינע פיס!

אָט אַזוי קערעוועט ער זיין שיפל דורכן שטראָם פון די טעג, נישט אָפּווענדנדיק די אויגן נישט אויף רעכטס, נישט אויף לינקס, אומבאַוועגלעך און פעסט ביים רודער, מיט אָנגעשטרענגטן בליק, געצילט צו יענעם פונקט, צום לעצטן וועג, צום ענדציל, וועלכן ער זעט, צי אינם אָרקעסטער, צווישן די פלאַפּלענדיקע שפּילער, צי ביים טיש, צווישן די בני-בית, צי אין שלאָס, ביים שפּילן, נישט וויסנדיק אַליין וואָס, צי פאַרווילן די פירשטלעכע פּופּעס, — אומעטום לעבט ער באמת נאָר אין דער פאַרשלייערטער צוקונפט, אין דער דאָזיקער צוקונפט, וואָס איין איינציקער אַטאָם קאָן חרוב מאַכן; — נאָר וואָס מאַכט עס אויס, — אויב דאָס איז עס יענץ לאַנד, אין וועלכן ער לעבט!

ער זיצט איינער אַליין ביי זיין אַלטן קלאַוויר, אין זיין בוידעם.

שטיבל, די נאַכט פאַלט-צו. דער שטאַרבנדיקער שימער פון טאָג גלימשט זיך איבערן נאָטן-העפט. ער שטרענגט אָן די אויגן צו לייענען ביים לעצטן טראָפּן שיין. די צערטלעכקייט פון די גרויסע אויסגעלאָשענע הערצער, וואָס רעדט צו אים פון די שטומע בלעטער, דרינגט מיט ליבשאַפט אַדורך זיין נשמה. זיינע אויגן ווערן פול מיט טרערן. עס דאַכט זיך אים, עמעצער אַ טייערער שטייט הינטער אים, מיטן אָטעם גלעט ער אים די באַקן און מיט די אָרעמס וויל ער אים אַרומנעמען דעם האַלז. ער ציטערט אויף און קערט זיך אום. ער פילט, ער ווייסט, אַז ער איז נישט אַליין. אַ ליבנדיקע און געליבטע נשמה איז דאָ פאַראַן, ביי זיין זייט, ער קרעכצט, וואָס ער קאָן זי נישט כאַפּן. און דאָך — דער דאָזיקער שאָטן פון פאַרביטערונג, געמישט מיט זיין באַגייסטע-רונג, פאַרמאָגט אויך אַ פאַרבאָרגענעם תענוג. דער טרויער גופא לייכט. ער טראַכט וועגן די הייס-געליבטע לערער, די פאַרשווונדענע גאונים, וואָס זייערע נשמות לעבן-אויף אין דער מוזיק, אין וועלכער ס'איז מגולגל געוואָרן זייער לעבן. דאָס האַרץ ווערט פול מיט ליבע; ער טראַכט וועגן דעם איבערמענטשלעכן גליק, וואָס איז זיי צוגעפאַלן, אָט די באַרימטע פריינט זיינע, וואָס דער רעפלעקס פון זייער גליק גליט נאָך אַזוי שטאַרק. ער טרוימט צו ווערן ווי זיי, צו שטראַלן מיט אַזאַ ליבע ווי די, וואָס זייערע עטלעכע פאַרלוירענע שטראַלן באַלויכטן זיין עלנט מיט אַ געטלעכן שמייכל. אַליין אויך אַ גאָט זיין, זיין אַ קוואַל פון פרייד, ווערן אַ זון פון לעבן!...

אוי! ווען ער וועט זיך אַמאָל אויסגלייכן מיט די, וועלכע ער האָט ליב; ווען ער וועט דערגרייכן דאָס שטראַלנדיקע גליק, וואָס ער איז מקנא, — און דעמאָלט וועט ער דערזען, אַז ס'איז געווען אַן אָפּגענאַרטער חלום...

איינמאָל אין אַ זונטיק האָט דער מוזיק־דירעקטאָר איינגעלאַדן קריסטאָפֿן אויף מיטאָג אין זיין קליינער זומער־וווינונג, וואָס טאָביאַס פּייפֿער האָט געהאַט אַ שעה רייזע פֿון שטאָט. קריסטאָף איז געפֿאָרן מיט אַ דאַמפּער אויפֿן ריין. אויפֿן דעק האָט ער זיך געזעצט נעבן אַ יונג יינגל אין זיינע יאָרן, וואָס האָט מיט יראת הכּבֿוד אים געמאַכט אַ פּלאַץ. קריסטאָף האָט אויף דעם נישט געלעגט קיין אַכט. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום, פֿילנדיק, אַז זיין שכן לאָזט פֿון אים קיין אויג נישט אַראָפּ, האָט ער אים גענומען אָנקוקן. ער איז געווען בלאָנד, געהאַט ראָזע, פֿולע באַקן, פֿיין פֿאַרקעמטע האָר אויף אַ זייט און אַ שאָטן פֿון וואָנסן אויף דער אויבערשטער ליפּ; זיין פּנים איז געווען גוטמוטיק ווי ביי אַ גרויס קינד, הגם ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו האַלטן זיך מעשה־דזשענטלמען; ער איז געווען אָנגעטון מיט פּרעטענציעזער פּינקטלעכקייט: אַן אַנצוג פֿון פֿלאַנעל מיט העלע הענטשקעס, ווייסע פּאַנטאָפֿל און מיט אַ העל־בלויען האַלז־טוך, און אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קליין שטעקעלע. ער האָט געקוקט אויף קריסטאָפֿן פֿון דער זייט, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, מיט אַ שטייפֿן האַלז ווי ביי אַ הון, און ווען קריסטאָף האָט אויף אים אַ קוק געטון, איז ער געוואָרן רויט איבער די אויערן, אַרויסגעצויגן אַ צייטונג פֿון טאַש און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געווען זייער פֿאַרטיפֿט אין דער צייטונג. אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער אַ הויב געטון קריסטאָפֿס הוט, וואָס איז געהאַט אַראָפּגעפֿאַלן. פֿאַרחידושט פֿון זיין העפֿלעכקייט, האָט קריסטאָף ווידער אַ קוק געטון אויפֿן יינגל, וועלכער איז ווידער רויט געוואָרן; ער האָט אים מיט אַ טרוקן וואָרט געדאַנקט, ער האָט נישט ליב געהאַט די חניפֿותדיקע העפֿלעכקייט און בכלל פֿיינט געהאַט

ווען מ׳האָט זיך געפּאַרקעט אַרום אים. פונדעסטוועגן האָט עס אים אַ ביסל הנאה געטון.

ער האָט באַלד אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם; די לאַנד־שאַפט האָט אים פאַרכאַפּט. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון שטאָט; דערפאַר האָט ער זיך איצט זייער געפרייט מיט דער פרישער לופט, וואָס האָט געבלאָזן אים איבערן פּנים, מיט די גרויסע וואַסער־פלאַכן און מיט די בילדער פון די ברעגעס, וואָס האָבן זיך כסדר געביטן: גרויע, פלאַכע ברעג־פעלזן, ווערבע־קוסטעס, וואָס האָבן זיך ביז אַ העלפט געטובלט אין וואַסער, שטעט, געקרווינטע מיט גאָטישע טורעמס און פאַבריק־קוימענס מיטן שוואַרצן רויך, העלע ווייִנגערטענער און לעגענדאַרע פעלזן־שטיינער. און אַזוי ווי ער האָט אויפן קול אויסגעדריקט זיין התפעלות, האָט זיין שכן, פאַרשעמט און מיט אַ געשטיקטער שטים, דערציילט עטלעכע היסטאָרישע פּרטים וועגן די חורבות, וואָס זענען אַדורך פאַר זיי, וועלכע מ׳האָט דאָ נישט לאַנג אָפּגעפרישט און וואָס זענען געוואָרן באַדעקט מיט אַאיר. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. קריסטאָף האָט זיך פאַראינטערעסירט און אים עפּעס געפרעגט. יענער האָט גלייך געענטפערט, גליקלעך, וואָס ער קאָן אַרויסווייזן זיין בקיאות; און נאָך יעדן זאַץ האָט ער זיך געווענדט צו קריסטאָפן מיט די ווערטער: „הער הויף־פידלער".

— איר קענט מיך, הייסט עס? — האָט קריסטאָף געפרעגט.

— אָ, יאָ! — האָט געענטפערט דאָס ייִנגל מיט אַ טאָן פון נאַיווער פאַרערונג, וואָס האָט פאַרשאַפט פאַרגעניגן קריסטאָפס פוסטער גאווה.

זיי האָבן זיך צערעדט. דאָס יונג בחורל האָט פיל מאָל געזען קריסטאָפן אויף די קאָנצערטן; דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט וועגן אים, האָט גערייצט זיין פאַנטאַזיע. ער האָט עס נישט געזאָגט קריסטאָפן בפירוש; אָבער קריסטאָף האָט עס געפילט, און ס׳האָט אים זייער אָנגענעם געווען און פאַרחידושט. ער איז נישט געוווינט גע־ווען, מ׳זאָל רעדן צו אים מיט אַ גערירטן יראת־הכבוד. ער האָט ווייטער אויסגעפרעגט זיין שכן וועגן דער געשיכטע פון דער געגנט, וואָס זיי זענען פאַרבייגעפאָרן; יענער האָט געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצו־ווייזן אַלע זיינע — אגב, נאָך גאָר פרישע, — ידיעות, און קריסטאָף האָט באַוואונדערט זיין חכמה. אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי

אַן אויסרייד זיך צו באַקענען, — דאָס איז זיי, דער עיקר, אָנגעגאַנגען. תּחילת האָבן זיי נישט געהאַט דעם מוט צוצוגיין גלייך צום ענין. זיי האָבן זיך געדרייט הין און צוריק מיט זייטיקע פּראַזן. לסוף האָבן זיי זיך אָנטשלאָסן, און קריסטאָף האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין נייער פריינד הייסט „הער אָטאָ דינער" און איז אַ זון פון אַ רייכן סוחר אין שטאָט. ס'האָט זיך, נאַטירלעך, אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן אַלגעמיינע באַקאַנטע. און ביסלעכווייז האָט זיך ביי זיי אויפגעבונדן די צונג, און זיי האָבן גערעדט מיט התלהבות. דער דאַמפּער איז דערווייל צוגעקומען צו דער שטאָט, וווּ קריסטאָף האָט געדאַרפט אַראָפּשטייגן. אָטאָ איז אויך אַראָפּ צוזאַמען מיט אים. אָט דער צופאַל האָט אויסגעזען זייער מערקווירדיק אין זייערע אויגן, און קריסטאָף האָט אים פאָרגעלעגט צו מאַכן צוזאַמען אַ שפּאַציר ביז מיטאָג-צייט. זיי האָבן זיך געלאָזט איבער פעלדער. קריסטאָף האָט פריינדלעך גענומען אָטאָן אונטערן אָרעם און אים דערציילט זיינע פּלענער, גלייך ווי ער וואָלט אים געקענט מי־יודע ווי לאַנג. ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געניויטיקט אין דער געזעלשאַפט פון קינדער אין זיין עלטער, אַז ער האָט געפילט אָן אַ שיר פרייד צו זיין צוזאַמען מיטן יונגן בחורל, וואָס איז געווען גוט דערצויגן, געבילדעט און געווונען זיין סימפּאַטיע.

די צייט איז געלאָפן און קריסטאָף האָט עס אפילו נישט באַמערקט. דינער, שטאָלץ פונם צוטרוי, וואָס ס'שענקט אים דער יונגער מוזיקער, האָט נישט געהאַט קיין העזה צו באַמערקן, אַז ס'איז שוין אים צייט צו גיין אויף מיטאָג. לסוף האָט ער אָבער געהאַלטן פאַר זיין חוב אים צו דערמאָנען; אָבער קריסטאָף, שטאַרק פאַרנומען מיט קריכן אויף אַ בערגל צווישן די בוימער, האָט געענטפערט, אַז קודם־כּל מוז ער צוקומען צום שפּיץ; און ווען זיי זענען שוין געווען אויבן, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז, גלייך ווי ער וואָלט גאָר אין זינען נישט געהאַט צוריקצוגיין, נאָר פאַרברענגען דאָ דעם גאַנצן טאָג. אין אַ פערטל שעה אַרום, זעענדיק, אַז ער האָט נישט בדעה זיך אַ ריר צו טון, האָט אים דינער נאָכאַמאָל שעמעוודיק אַ פרעג געטון: און אייער מיטאָג?

אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, מיט די הענט אונטערן קאָפּ, האָט קריסטאָף שטיל געענטפערט:

— פּשוּ!

דערנאָך האָט ער אַ קוק געטון אויף אָטאָן, דערזען זיין פאַר־לעגנהייט און זיך צעלאַכט:

— דאָ איז זייער גוט, — האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין.— איך גיי נישט. זאָלן זיי וואַרטן!

ער האָט זיך אַ ביסל אונטערגעהויבן

— זײַר זענט פאַרנומען? ניין, נישט אמת? ווייסט איר, וואָס מיר וועלן טון? מיר וועלן גיין צוזאַמען עסן מיטאָג. איך ווייס דאָ אַ רעסטאָראַן.

דינער האָט, אמת, געהאַט אַ סך צו דערווידערן, — נישט דער־פאַר, ווייל עמעצער האָט אויף אים געוואַרט, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט בטבע נישט געקאָנט אָננעמען פּלוצלינג א באַשלוס: ער האָט גע־לעבט מיט אַ סדר און געמוזט יעדע זאַך באַצייטנס צוגרייטן. אָבער קריסטאָפס פראַגע איז געשטעלט געווען אין אַזאַ טאָן, וואָס איז פּשוט שווער געווען אָפּצוזאָגן. ער האָט זיך דעריבער געלאָזט מיטציען, און זיי האָבן ווידער געשמועסט.

אין רעסטאָראַן איז זייער התלהבות אַ ביסל אָפּגעקילט געוואָרן. זיי זענען ביידע געווען פאַרנומען מיטן האַרבן ענין, ווער פון זיי זאָל דעם צווייטן מכבד זיין מיט מיטאָג, און יעדערער האָט שטילער־הייט געהאַלטן, אַז אים קומט דער דאָזיקער כבוד: דינער, ווייל ער איז דער רייכערער, און קריסטאָף, ווייל ער איז דער אָרעמערער. זיי האָבן נישט געמאַכט די מינדסטע אָנצוהערעניש, נאָר דינער האָט זיך באַמיט צו כשרן זיין רעכט, רעדנדיק מעשה־באַלעבאָס, און באַשטעלט די מאכלים. קריסטאָף האָט פאַרשטאַנען זיין כוונה און איבערגעיאָגט זיין חבר, הייסנדיק געבן אַנדערע, נאָך טייערערע; ער האָט אים גע־וואָלט ווייזן, אַז ער קאָן זיך אויך אַן עצה געבן נישט ערגער, ווי אַנדערע. און ווען דינער האָט געמאַכט אַ נייעם פּרווו און גענומען זיך דעם זכות אויסצוקלייבן די מינים וויין, האָט קריסטאָף אויף אים שטרענג אַ קוק געטון און געהייסן ברענגען אַ פלאַש פון די סאַמע טייערסטע וויינען, וואָס דער רעסטאָראַן האָט נאָר פאַרמאָגט.

זיצנדיק ביים רייך־געדעקטן טיש, האָבן זיי זיך אַ ביסל דער־שראָקן. זיי האָבן נישט געפונען וועגן וואָס צו רעדן, און געגעסן פאָרזיכטיק, ביידע פאַרשעמט און מיט געבונדענע באַוועגונגען. זיי האָבן זיך פּלוצלינג אַרומגעזען, אַז אייגנטלעך זענען זיי זיך פרעמד, און אָנגעהויבן צו קוקן אויף זיך מיט חשד. אומזיסט האָבן זיי זיך אָנגע־

שטרענגט צו פאַרבינדן אַ שמועס; ס'האָט זיך נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. די ערשטע האַלבע שעה איז געווען שרעקלעך לאַנגווייליק. צום גליק האָט דער מאָלצייט געטון זיינס, אוןביידע בעלשמחהס האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף זיך מיט מער צוטרוי. דער עיקר איז געוואָרן אויפגעלעגט קריסטאָף, וואָס איז נישט געוווינט געווען צו אַזעלכע סעודות; ער איז געוואָרן באַרעדעוודיק. ער האָט דערציילט וועגן די צרות פון זיין לעבן, און אָטאָ, באַפרייט פון זיין צוריקגעהאַלטנקייט, האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז אויך נישט איבעריק גליקלעך. ער איז שוואַך און שעמעוודיק, און זיינע חברים נוצן עס אויס, מאַכן פון אים חוזק און קאָנען אים נישט מוחל זיין, וואָס אים געפעלן נישט זייערע פּראָסטע זיטן; זיי טוען אים אָפּ אַלערליי שפּיצלעך. — קריסטאָף האָט צונויפגעדריקט די פויסטן און געזאָגט, אַז קיין גוטס וועט דערפון נישט אַרויסקומען, אויב זיי וועלן פּרווון זיך טשעפּען מיט אָטאָן אין זיין קעגנוואַרט. — אָטאָ האָט זיך אויך באַקלאָגט, אַז זיינע אייגענע פאַרשטייען אים נישט. קריסטאָפן איז גוט באַקאַנט געווען דאָס דאָזיקע אומגליק; זיי האָבן זיך ביידע געקלאָגט אויף זייער שותפותדיקן שלימזל. דינערס עלטערן האָבן געוואָלט מאַכן פון אים אַ סוחר, דעם יורש פון טאַטן. אָבער ער האָט געוואָלט ווערן אַ פּאָעט. ער וועט זיין אַ פּאָעט, אויב אפילו ער זאָל מוזן אַנטלויפן פון דער היים, ווי שילער, און לעבן אין נויט! (אגב, האָט ער געדאַרפט אַמאָל ירשענען דעם טאַטנס פאַרמעגן, וואָס איז נישט געווען זייער קליין). ער האָט מודה געווען, רויט ווערנדיק, אַז ער האָט שוין געשריבן לידער וועגן דעם טרויער פון זיין לעבן, נאָר נישט געקאָנט פועלן ביי זיך זיי איבערצולייענען, הגם קריסטאָף איז שטאַרק צוגעשטאַנען. פונדעסטוועגן האָט ער סוף-כל-סוף ציטירט צוויי אָדער דריי לידער, שטאַמלענדיק פון אויפרעגונג. קריסטאָף האָט געהאַלטן, אַז זיי זענען אויסגעצייכנט. זיי האָבן זיך פאַרציילט זייערע פּלענער: אין יאָרן אַרום וועלן זיי אַרבעטן צוזאַמען; זיי וועלן שרייבן דראַמעס, לידער-זאַמלונגען. זיי האָבן זיך שטום באַוווּנדערט. אָטאָן האָט אימפּאָנירט, אויסער קריסטאָפס מוזיקאַלישער נאָמען, אויך זיין כוח און מוטיקע האַלטונג. און קריסטאָף איז נתפּעל געוואָרן פון אָטאָס עלעגאַנץ, פון זיין פיינער באַנעמונג, — אַלץ איז רעלאַטיוו אויף דער וועלט, — און פון אָטאָס רייכע ידיעות, די ידיעות, וואָס האָבן אים להלוטין געפעלט און וואָס ער האָט אַזוי נויטיק געדאַרפט.

מיד פון דער סעודה, מיט די עלנבויגנס אויפן טיש, האָבן זיי אַזוי געשמועסט און זיך צוגעהערט איינער צום אַנדערנס רייד מיט פּייכטע אויגן פון גערירטקייט. ס'איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג, שוין צייט געווען צו גיין. אָטאָ האָט נאָך דאָס לעצטע מאָל געפּרווט אַ כאַפּ טון די רעכנונג; אָבער קריסטאָף האָט אים צוגעשמידט צום אָרט מיט זיין בייזן בליק, וואָס האָט ביי אים אָפּגענומען דעם חשק זיך אַנטקעגנצושטעלן. קריסטאָפן האָט באַאומרויקט נאָר איין זאַך: מאָמער פאַרלאַנגט מען פון אים מערער, ווי ער פאַרמאָגט; ער וואָלט אָפּגעגעבן זיין זייגער און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, אַבי נישט צו דאַרפן אָנקומען צו אָטאָן. ס'איז אָבער דערצו נישט געקומען; ער איז צופרידן געבליבן, וואָס ער האָט אויסגעגעבן אויפן מיטאָג כמעט דעם גאַנצן מאָנאַטלעכן געהאַלט.

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען פונם בערגל. דער שימער פון בין-השמשות האָט זיך אָנגעהויבן ציען איבערן סאָסנע-וואַלד; די ביימער-שפּיצן האָבן נאָך געשוועבט אין דעם ראָזן ליכט; זיי האָבן זיך שווער געשאָקלט, ווי דער צעוויגטער וואַסער-רויש; אינם טעפּיך פון פּיאָלע-טע נאָדלען זענען פאַרשלונגען געוואָרן זייערע טריט. ביידע האָבן זיי געשוויגן. קריסטאָף האָט געפילט, אַז זיין האַרץ איז פול מיט אַ פרעמד, זיס געפיל; ער איז געווען גליקלעך, געוואָלט רעדן, אָבער אַ פּחד האָט אים צוזאַמענגעדריקט. ער איז געבליבן אַ ווײַלע שטיין, און אָטאָ האָט דאָס זעלבע געטון. אַלץ אַרום האָט געשוויגן. פליגן האָבן געזשומעט זייער הויך אינם זון-שטראַל. אַ טרוקענע צווייג איז אַראָפּגעפאַלן אויף דר'ערד. קריסטאָף האָט אָנגעכאַפּט אָטאָס האַנט און געפרעגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים:

— ווילסטו זיין מיין פריינד?

אָטאָ האָט געשטאַמלט:

— יאָ.

זיי האָבן זיך געדריקט די הענט; זייערע הערצער האָבן גע-צאַפּלט. זיי האָבן קוים געהאַט דעם מוט זיך אָנצוקוקן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי זיך ווידער געלאָזט אין וועג. זיי זענען געווען עטלעכע טריט ווייט איינער פונם צווייטן און גאָרנישט ניט גערײדט ביזן סוף פונם וואַלד: זיי האָבן מורא געהאַט פאַר זיך אַליין און פאַר זייער געהיימניספולער איבערעגונג; זיי זענען געגאַנגען זייער גיך און מער זיך נישט פאַרהאַלטן, ביז זיי זענען אַרויס פון

די בוימער-שאָטנס. דאָרט ערשט האָבן זיי זיך באַרויקט און דערלאַנגט זיך די הענט. זיי זענען באַגייסטערט געוואָרן פון דער העלער נאַכט און גערעדט אָפּגעהאַקטע ווערטער.

אינם דאַמפּער, זיצנדיק פון פאָרנט אינם באַלויכטענעם שאָטן האָבן זיי געפּרווט רעדן וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, אָבער זיי האָבן אַליין נישט געהערט, וואָס זיי האָבן גערעדט; זיי האָבן זיך געבאָדן אין אַ גליקלעכער מידקייט. נישט געפילט קיין נויטווענדיקייט — נישט צו רעדן, נישט צו געבן זיך די הענט, אפילו נישט אָנצוקוקן זיך; זיי זענען געווען נאָענט איינער דעם אַנדערן.

ווען זיי זענען געקומען נאָענט צו דער היים האָבן זיי אָפּגע־שמועסט זיך צו טרעפן דעם קינפטיקן זונטיק. קריסטאָף האָט צוגע־פירט אָטאָן ביז צו זיין טיר. ביי דער שיין פון די גאַז-לאַמטערן האָבן זיי שעמעוודיק געשמייכלט און געשטאַמלט אַ גערירטן „אַדיע”. נאָכן צעשיידן זיך, איז זיי לייכטער געוואָרן — אַזוי האָט זיי אויסגעמאַטערט די אויפרעגונג, אין וועלכער זיי האָבן דורכגעלעבט עטלעכע שעה, און די אָנשטרענגונג, וואָס ס'האָט זיי געקאָסט יעדעס וואָרט, אַרויסגעבראַכט אין דער אַרומיקער שטילקייט.

איינער אַליין איז קריסטאָף געגאַנגען אַהיים אין דער נאַכט. זיין האַרץ האָט געזונגען שירה: „איך האָב אַ פריינד! איך האָב אַ פריינד! ער האָט גאָרנישט נישט געהערט. ער האָט נישט געטראַכט וועגן קיין שום אַנדערער זאַך.

באַלד נאָכן אַריינקומען אין שטוב, איז ער געפאַלן פון מידקייט און איינגעשלאָפן. אָבער אַ צוויי-דריי מאָל אין דער נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, ווי עפּעס אַן עקשנותדיקער געדאַנק וואָלט אים פאַרפאָלגט. ער האָט איבערגעחזרט: „איך האָב אַ פריינד!” — און תיכּף ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן.

צומאָרגנס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס'איז געווען נאָר אַ חלום. כּדי צו זיין זיכער, אַז ס'איז טאַקע באמת פאָרגעקומען, האָט ער זיך גענומען דערמאָנען די קלענסטע פּרטים פונם פאַרגאַנגענעם טאָג. ער איז געווען פאַרזונקען אין אָט די מחשבות אפילו בעת זיינע

לעקציעס; ער איז אויך געווען צערודערט נאָכמיטאָג, בעת דער רעפּעטיציע פונם אָרקעסטער, און אַרויסגייענדיק, האָט ער קוים געדענקט, וואָס ער האָט געשפּילט.

אַז ער איז געקומען אַהיים האָט ער דאָרט געפונען אַ בריוו. ס'איז געווען איבעריק צו פרעגן, פון וואַנען ער איז. ער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין צימער — און גענומען לייענען. דער בריוו איז געווען געשריבן אויף העל־בלויען פּאַפּיר, מיט אַ ריינעם, לאַנגן און זיכערן כּתב און מיט זייער פיינע דריידלעך:

— „טייערער הער קריסטאָף, — זאָל איך זיך דערוועגן צו זאָגן: זייער געערטער פריינד?

איך טראַכט זייער פיל וועגן אונזער נעכטיקן שפּאַציר און איך דאַנק אייך אָן אַ שיר פאַר אייער גוטסקייט צו מיר. איך בין אייך אַזוי דאַנקבאַר פאַר אַלץ, וואָס איר האָט געטון, פאַר אייערע גוטע רייד און פאַר דעם פיינעם שפּאַציר און פאַרן גרויסאַרטיקן מיטאָג! איך האָב בלויז צער פון דעם, וואָס איר האָט אויסגעגעבן אַזוי פיל געלט אויפן מיטאָג. וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקער טאָג! נישט אמת, אַז עפּעס אַ ווונדערלעכע קראַפט האָט אונז צונויפגעבראַכט? מיר דוכט, אַז דער גורל אַליין האָט אונז געוואָלט פאַרבינדן. ווי גליקלעך איך בין, וואָס איך וועל אייך זונטיק ווידער זען! איך האָף, אַז איר האָט נישט געהאַט קיין שום עגמת־נפש, וואָס איר זענט נישט געקומען צום הער הויף־מוזיק־דירעקטאָר אויף מיטאָג. איך וואָלט געהאַט זייער פיל פאַרדרוס, ווען איר זאָלט האָבן צער צוליב מיר!

איך בין אויף אייביק, טייערסטער הער קריסטאָף, אייער איבערגעגעבנסטער דינער און פריינד

אָטאָ דינער

פּ. ס. — איך בעט אייך, קומט נישט זונטיק צו מיר אין שטוב מיך נעמען; אויב אייך איז ניחא, וואָלט גלייכער געווען, מיר זאָלן זיך טרעפן אין שלאָס־גאָרטן."

קריסטאָף האָט געלייענט דעם בריוו מיט טרערן אין די אויגן; ער האָט אים געקושט, אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער און געשפּרונגען אין זיין בעט. שפּעטער איז ער צוגעלאָפן צום טיש און געכאַפּט אַ פּעדער, תּיכּף ומיד צו ענטפערן. ער האָט נישט געקאָנט וואַרטן קיין רגע. אָבער נישט געוווינט צו שרייבן, האָט ער נישט געוווּסט ווי אַזוי אויסצודריקן דאָס, וואָס ס'האָט איבערפולט זיין האַרץ; ער האָט

צעריסן מיט דער פעדער דאָס פּאַפּיר און אויסגעשמירט די פינגער
מיט טינט; פון אומגעדולד האָט ער געטופּעט מיט די פיס. סוף-כּל-סוף,
נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעשטעקט די צונג און קאַליע געמאַכט
פינף-זעקס בייגעלעך פּאַפּיר, איז אים געלונגען אָנצושרייבן מיט צע-
דרייטע אותיות, צעוואָרפן אויף פאַרשידענע זייטן, און מיט גראָבע
אָרטאָגראַפישע גרייזן:

„נשמה מיינע! ווי פאַלט עס דיר איין צו רעדן וועגן דאַנקבאַר-
קייט, בעת איך האָב דיך ליב? האָב איך דיר דען נעכטן נישט גע-
זאָגט, ווי טרויעריק און איינזאַם איך בין געווען, איידער כ'האָב דיך
דערקענט? דיין פריינדשאַפט איז פאַר מיר טייערער, ווי אַלץ אין דער
וועלט. נעכטן בין איך געווען גליקלעך, גליקלעך! ס'איז דאָס ערשטע
מאָל אין מיין לעבן. איך וויין פון פרייד, לייענענדיק דיין בריוו. יאָ,
צווייפל נישט, מיין ליבסטער, אַז דאָס האָט דער גורל אונז דערנענ-
טערט; ער וויל, מיר זאָלן זיין פריינד, כּדי אויפצוטון גרויסע זאַכן.
פריינד! וואָס פאַר אַ דערהויבן וואָרט! זאָל עס טאַקע מעגלעך זיין,
אַז איך האָב שוין ענדלעך אַ פריינד? אָ, דו וועסט מיך קיינמאָל נישט
פאַרלאָזן, נישט אמת? דו וועסט מיר בלייבן טריי? אייביק! אייביק!..
ווי שיין עס וועט זיין, צוזאַמען צו שאַפן, צוזאַמען צו וואַקסן! איך
וועל שאַפן מיינע מוזיקאַלישע איינפאַלן, די אַלע משונהדיקע זאַכן,
וואָס ראַנגלען זיך אין מיין קאָפּ, און דו — דיין אינטעליגענץ און
דיין גרויס וויסן! וואָס דו ווייסט אַלץ! כ'האָב נאָך קיינמאָל נישט
געזען אַזאַ געלערנטן מענטשן, ווי דו. פאַראַן מאָמענטן, ווען איך בין
אומרויק: מיר דאַכט, איך בין נישט ווערט דיין פריינדשאַפט. דו ביסט
אַזוי איידל, אַזאַ מושלם, און איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר, וואָס דו
האָסט ליב אַזאַ גראָבן נפש ווי איך!... אָבער ניין! איך זאָג, מ'דאַרף
נישט רעדן וועגן קיין דאַנקבאַרקייט. אין פריינדשאַפט זענען נישטאָ
נישט קיין בעלי-חובות, נישט קיין בעלי-טובות. קיין טובות וואָלט איך
נישט אָנגענומען! מיר זענען ביידע גלייך, אויב מיר האָבן זיך ליב.
איך גיי-אויס פון בענקשאַפט דיך צו זען! איך וועל נישט קומען אָפּ-
געמען דיך פון שטוב, אויב דו פאַרלאַנגסט עס נישט, — הגם, דעם
אמת זאָגנדיק, פאַרשטיי איך נישט די אַלע פּאָרזיכטיקייטן; — אָבער
דו ביסט דער קלוגערער און מסתמא ביסטו גערעכט...

נאָך איין וואָרט! רעד מער קיינמאָל נישט וועגן געלט. איך האָב
פיינט געלט: דאָס וואָרט און די זאַך גופא. איך בין נישט רייך, אָבער

איך האָב נאָך שטענדיק געגוג געלט מכבד צו זיין מיין פריינד; און ס׳איז מיין גרעסטע פרייד אָפּצוגעבן אים אַלץ, וואָס איך האָב. וואָלסטו דען נישט געטון דאָס אייגענע? און אויב איך זאָל דאַרפן, וואָלסטו מיר דען נישט אַוועקגעגעבן דיין גאַנץ פאַרמעגן? — אָבער דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען! כ׳האָב גוטע פּויסטן און אַ גוטן קאָפּ, און כ׳וועל שטענדיק פאַרדינען דאָס ברויט, וואָס איך עס. — ביז זונטיק! — גאָט מיינער! אַ גאַנצע וואָך דיך נישט צו זען! און ערשט מיט צוויי טעג צוריק האָב איך דיך נאָך נישט געקענט! ווי האָב איך געקאָנט לעבן אַזוי לאַנג אָן דיר?

מיין דירעקטאָר, דער טאַקט-קלאַפּער, האָט געפּרוּווט זיך בייזערן אויף מיר. נאָר נעם זיך נישט צום האַרצן מער ווי איך! וואָס גייען מיך אָן פרעמדע מענטשן? איך פאַראַכט אַלץ, וואָס זיי טראַכטן איצט און וואָס זיי וועלן טראַכטן וועגן מיר. קיינער גייט מיך נישט אָן, אויסער דו. האָב מיך שטאַרק ליב, נשמה מיינע, האָב מיך ליב אַזוי, ווי איך האָב דיך ליב! איך קאָן דיר גאָרנישט זאָגן, ווי ליב איך האָב דיך. איך בין דיינער, דיינער, פון קאָפּ ביז די פיס. דיינער אויף אייביק

קריסטאָף."

קריסטאָף איז אַ גאַנצע וואָך אויסגעגאַנגען פון אומגעדולד. ער איז געגאַנגען אַהין און צוריק, אָנגעלעגט וועג כדי פאַרבייגיין דעם אָרט, וווּ אָטאָ האָט געוווינט. ער האָט זיך אפילו נישט געריכט אים צו זען; ס׳איז פאַר אים גענוג געווען אַ קוק צו טון אויף זיין הויז, כדי צו ווערן בלייך און רויט פון אויפרעגונג. דאָנערשטיק האָט ער זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און געשיקט אים אַ בריוו, נאָך מער באַגייסטערט, ווי דער ערשטער. אָטאָ האָט געענטפערט זייער סענטימענטאַל.

דער זונטיק איז סוף-כל-סוף געקומען, און אָטאָ איז געווען פּינקטלעך, אָבער שוין מיט אַ גאַנצער שעה פריער איז קריסטאָף געפייניקט געווען פון אומגעדולד, וואַרטנדיק און שפּאַצירנדיק הין און צוריק. ער האָט אָנגעהויבן האָבן יסורים, וואָס יענער קומט נישט. ער האָט געציטערט, טאָמער איז אָטאָ קראַנק געוואָרן; אַז ער זאָל נישט האַלטן וואָרט, — איז אים נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן אפילו קיין איין רגע. ער האָט שטיל איבערגעחזרט: „גאָט מיינער! מאַך, ער זאָל קומען!" ער האָט מיט זיין שטעקל געקלאַפּט אין די קליינע שטיינ-

דלעך פון דער אַלעע און געמאַכט זיך אַ סימן, אַז אויב ער וועט דריי מאָל נישט טרעפן, הייסט עס, אַז אָטאָ קומט נישט, און אויב ער וועט יאָ טרעפן, וועט אָטאָ באַלד אָנקומען. און כאָטש ער האָט געצילט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, און כאָטש צו טרעפן אין ציל איז, אגב, געווען זייער לייכט, דאָך האָט ער דריי מאָל נישט געטראָפן. — און אָט האָט ער דערזען אָטאָן, ווי ער גייט מיט פאַמעלעכע און געמאָסטענע טריט: אָטאָ האָט זיך שטענדיק געהאַלטן אין געוויסע ראַמען, אפילו דעמאָלט, ווען ער איז געווען זייער געריהרט. קריסטאָף איז אים געלאָפן אַנטקעגן און מיט אַ פאַרשטיקטער שטים געזאָגט: גוטמאָרגן. אָטאָ האָט געענטפערט: גוטמאָרגן! און מער האָבן זיי נישט געפונען וועגן-וואָס צו רעדן, העכסטנס, אַז דער וועטער איז זייער שיין און אַז עס איז ערשט פינף אָדער צען מינוט נאָך צען. ווייל דער שלאָס-זייגער פאַרשפעטיקט זיך אַלעמאָל.

זיי זענען אַוועק צום וואָקזאַל און געפאָרן מיטן צוג צו אַ נאָענטע סטאַציע, ווו די שטאָט-איינוווינער פלעגן אַרויספאָרן אויף שפּאַצירן. אויפן וועג איז זיי אויסגעקומען צו רעדן אפשר אַ צענדליק ווערטער. זיי האָבן געפּרוווט צו פאַרבייטן די רייד מיט פיל-זאָגנדיקע בליקן, — אָבער אויך דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. זיי האָבן געוואָלט איבערגעבן איינער דעם צווייטן, וואָסערע פריינד זיי זענען זיך, אָבער זייערע אויגן האָבן גאָרנישט נישט געזאָגט און זיי האָבן געשפּילט אַ קאָמעדיע. קריסטאָף האָט עס מיט ווייטיק באַמערקט. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס זאָל ער נישט קאָנען אויסדריקן — און אפילו פילן — דאָס אַלץ, וואָס האָט מיט אַ שעה צוריק פאַרפולט זיין האַרץ. אָטאָ האָט זיך נישט אָפּגעגעבן אַזאַ קלאָרן חשבון וועגן דעם. ער איז געווען ווינציקער אויפריכטיק און אין זיך גופא האָט ער אַריינגעקוקט זייער פאָרזיכטיק; אָבער אויך ער האָט זיך געפילט פונקט אַזוי אָפּגענאַרט. דער אמת איז,ביידע קינדער האָבן אין משך פון די אַכט טאָג פון זייער צעשיידונג פונאַנדערגעבלאָזן זייערע געפילן אַזוי הויך, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך זיך אויפצוהאַלטן אויף דער מדרגה אין דער ווירקלעכקייט גופא; און ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, איז זייער ערשט געפיל געווען אַנטוישונג: זיי האָבן זיך געמוזט אַראָפּלאָזן צו דער ווירקלעכקייט. אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אָפן מודה צו זיין אין דעם.

דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער געגנט

און נישט געקאָנט זיך אָפּשאָקלען פון דער שווערער לאַנגווייליקייט וואָס האָט זיי געדריקט. עס איז געווען גראָד אַ יום-טוב-טאָג, די רעסטאָראַנען און וועלדער זענען פול געווען מיט מחנות שפּאַצירנדיקע—קליינבירגערלעכע פאַמיליעס, וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ סך טומל און אומעטום געגעסן. דאָס האָט נאָך געפּטרט זייער שטימונג; אויף די דאָזיקע נעבעכדיקע מענטשן האָבן זיי אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע שולד, פאַרוואָס זיי קאָנען נישט צוריקגעפינען די פרייע איינזאַמקייט פון זייער ערשטן שפּאַציר. פונדעסטוועגן האָבן זיי געשמועסט צווישן זיך און אָנגעטון זיך אַ כוח צו געפינען וועגן וואָס צו רעדן: זיי האָבן מורא געהאַט זיך אַליין עפענען די אויגן, אַז אין תוך גענומען האָבן זיי נישט איינער דעם אַנדערן וואָס צו זאָגן. אָטאָ האָט אויסגעליידיקט די תורה, וואָס ער האָט געלערנט אין שולע. קריסטאָף ווידער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין טעכנישע דערקלערונגען פון מוזיקאַלישע ווערק און פידל-שפּילן. זיי האָבן איינער דעם צווייטן געלאַנגווייליקט. זיי האָבן זיך אַליין גענודעט מיט דער אייגענער פּלוידעריי. און פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו רעדן און מורא געהאַט אויף איין רגע איבערצורייסן; ווייל דעמאָלט וואָלט זיך געעפנט צווישן זיי אַ תהום פון שווייגן, וואָס וואָלט זיי פאַרגליווערט. אָטאָן האָט זיך געוואָלט וויינען, און קריסטאָף איז געווען גרייט צו לאָזן אים אַליין און צו מאַכן וואָס גיכער פּליטה, אַזוי שטאַרק האָט ער זיך געשעמט און געלאַנגווייליקט.

אַ שעה ערשט פאַרן אַהיימפאָרן האָבן זיי זיך צעוואַרעמט. טיף אין וואַלד האָט זיך צעבילט אַ הונט; ער האָט זיך אַליין געלאָזט אויף געיעג. קריסטאָף האָט פאָרגעלעגט צו באַהאַלטן זיך אין די קוסטעס, אפשר וועלן זיי באַמערקן די געיאָגטע חיה. זיי זענען אַריינגעקראָכן אין דער געדיכטעניש פון וואַלד. דער הונט האָט זיך דערנענטערט און דערווייטערט, דערווייטערט און דערנענטערט. זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען אויף רעכטס, אויף לינקס, געגאַנגען פאָרויס און געקומען צוריק אויף זייער אָרט. דאָס בילן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער; דער הונט האָט זיך געשטיקט פון אומגעדולד אין זיין בלוט-דורשטיקן געשריי; ער איז צוגעלאָפן נאָענט צו זיי. קריסטאָף און אָטאָ זענען געלעגן אויף די טרוקענע צווייגן אויף אַ שפּור פון אַ פוס-טריט, געוואַרט און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דאָס בילן איז אַנטשוויגן געוואָרן; דער הונט האָט אָנגעוואָרן דעם שפּור; נאָך איין מאָל האָט מען גע-

הערט זיין בילן פון דער ווייטן, און באַלד האָט זיך די שטילקייט ווידער אַראָפגעלאָזט איבערן וואַלד. קיין שום גערויש: נאָר דאָס געהיימניספולע זשומען פון מיליאָנען ברואים, רמשים און ווערים, וואָס נאָגן אָן אויפהער און זויגן-אויס דעם וואַלד, — דער רעגלמעסיקער אָטעם פון טויט, וואָס שטעלט זיך קיינמאָל נישט אָפ. די קינדער האָבן זיך צוגעהערט און נישט גערירט מיט קיין אבר. גראָד אין דעם אויגנבליק, ווען זיי האָבן זיך אַנטוישט אויפגעהויבן און געוואָלט זאָגן: „אַ סוף — ער וועט שוין נישט קומען”, — איז אַ קליינער האָז אַרויסגעשפרונגען פון די קוסטעס; ער האָט זיך אַ לאָז געטון גלייך אויף זיי: זיי האָבן אים ביידע אין דער זעלבער צייט דערזען און אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון פרייד. דער האָז האָט זיך אַ הויב געטון פון אָרט און אַ שפרונג געטון אָן אַ זייט; זיי האָבן געזען, ווי ער ווערט פאַרזונקען צווישן די בוימער, מיטן קאָפ אַראָפ; נאָך אים האָט זיך נאָכגעטראָגן דער גערויש פון די בלעטער און איז פאַרשווונדן געוואָרן, ווי אַ קנייטש אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער. כאָטש ס'האָט זיי פאַרדראָסן, וואָס זיי האָבן אַ געשריי געטון, האָט זיי דאָך די גאַנצע מעשה שטאַרק הנאה געטון. זיי האָבן זיך געקייקלט פון געלעכטער, דערמאָנענדיק זיך יענעם צעשראָקענעם שפרונג פונם האָז, און קריסטאָף האָט אים זייער לעכערלעך נאָכגעמאַכט. אויך אָטאָ האָט אים געפרווט נאָכמאַכן. שפעטער האָבן זיי זיך געיאָגט איינער נאָכן אַנדערן. אָטאָ איז געווען דער האָז און קריסטאָף — דער הונט. זיי זענען געלאָפן איבער וועלדער און לאָנקעס, געשפרונגען איבער פלויטן און גריבער. אַ פויער האָט זיי געשאָלטן, ווייל זיי זענען אַרויף אויף אַ תבואה-פעלד; אָבער זיי האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק און ווייטער געלאָפן. קריסטאָף האָט נאָכגעמאַכט דאָס הייזעריקע בילן פונם הונט אַזוי קונציק, אַז אָטאָ האָט געוויינט פון געלעכטער. לסוף האָבן זיי זיך אַרונטערגעגליטשט פון אַ בערגל, שרייענדיק ווי משוגעים. און ווען זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח אַרויסצולאָזן דעם מינדסטן קלאַנג פון האַלז, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט און זיך אָנגעקוקט מיט לאַכעדיקע אויגן. איצט זענען זיי באמת געווען אינגאַנצן גליקלעך און צופרידן מיט זיך. ס'איז געווען דערפאַר, ווייל זיי האָבן מער נישט געפרווט צו שפילן די ראָלע פון העלדישע פריינד; זיי זענען פשוט געווען דאָס, וואָס אין דער ווירקלעכקייט: צוויי קינדער.

צוריקוועגס זענען זיי געגאַנגען געאָרעמט און געזונגען לידלעך

אָן אַ שום טעם און זין. פונדעסטוועגן, בעת זיי זענען צוגעקומען נאָענט צו דער שטאָט, האָט זיך זיי ווידער פאַרגלוסט אַרויפצוציען אויף זיך די פריערדיקע ראָלע, און אויפן לעצטן בוים פונם וואַלד האָבן זיי אויסגעקריצט די געצירקלטע ראשי־תיבותן פון זייערע נעמען. אָבער די גוטע שטימונג האָט גובר געווען זייער סענטימענטאַלקייט, און פאָרנדיק מיט דער באַן אַהיים האָבן זיי יעדעס מאָל, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער. זיי האָבן זיך צעשיידט, זיכער, אַז זיי האָבן פאַרבראַכט אַ „קאָלאָסאַל אַנטציקנדיקן" טאָג; און די דאָזיקע זיכערקייט איז פעסטער געוואָרן, ווען זיי זענען ווידער געבליבן אַליין.

זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער אַרבעט און ווידער זיך גע־צומען צו זייער ווערק, וואָס האָט געפאָדערט געדולד און חכמה, — ווי די אַרבעט פון די בינען, ווייל זיי האָבן געמוזט פון אָפגעהאַקטע שטיקלעך מיטלמעסיקע זכרונות שאַפן אַ גרויסאַרטיק בילד פון זיך אַליין און פון זייער פריינדשאַפט. נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אַ גאַנצע וואָך פאַרגעטערט, האָבן זיי זיך ווידער געזען זונטיק; און נישט גע־קוקט אויף דער סתירה צווישן דער ווירקלעכקייט און זייערע טרוימען, האָבן זיי זיך פונדעסטוועגן איינגעוויינט נישט צו באַמערקן עס און צו ענדערן די ווירקלעכקייט לויט זייער פאַרלאַנג.

זיי האָבן שטאָלצירט מיט זייער פריינדשאַפט. די סתירות פון זייערע נאַטורן האָט זיי נאָך מער דערנענטערט. קריסטאָף האָט נישט געקענט קיין שענערן מענטש אין דער וועלט ווי אָטאָ. זיינע איידעלע הענט, זיינע שיינע האָר, זיין פרישע הויט פון פנים, זיין שעמעוודיק רעדן, די העפלעכקייט פון זיינע מידות און די פינקטלעכקייט אין אָנטון זיך, — דאָס אַלץ האָט קריסטאָפן אַנטציקט. אָטאָן ווידער האָט מיטגעריסן קריסטאָפס שפע פון כוחות און פרייהייט. איינגעוויינט, דורך דער ירושה פון דורות, צו פילן אַ יראת־הכבוד צו יעדער אויטאָריטעט, האָט ער געפילט אַ פרייד געמישט מיט שרעק, צו פאַרברענגען מיט אַ חבר, וואָס איז בטבע אַן עקשן און פילט נישט קיין שום הכנעה פאַר אַלע פעסטגעשטעלטע כללים. אַ לייכטער ציטער פון תענוגלעכן

שרעק פלעגט דורכלויפן זיין לייב, ווען ער האָט געהערט, ווי קריסטאָף רייסט אַרונטער אַלע באַרימטע מענער אין שטאָט און ווי ער קרימט נאָך אפילו דעם גרויספירשט בכבודו ובעצמו. קריסטאָף האָט באַמערקט דעם רושם, וואָס ער מאַכט דערמיט אויף זיין פריינד און זיך באַמיט נאָך מער חוזק צו מאַכן; ווי אַן אַלטער רעוואָלוציאָנער האָט ער אויפגעטרייסלט אַלע געזעלשאַפטלעכע מנהגים און די מלוכה-געזעצן. דערשראָקן און אַנטציקט האָט אָטאָ זיך צוגעהערט; ער האָט געפּרוווט מסכים צו זיין, אָבער דערביי זיך גוט אַרומגעקוקט, צי עמעצער הערט נישט אונטער.

בעת זייערע שותּפותדיקע שפּאַצירן האָט קריסטאָף קיינמאָל נישט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט אַריבערצושפּרינגען איבער אַ פּלויט אין פעלד גראָד דעמאָלט, ווען ער האָט געזען אַן אויפשריפט, אַז ס'איז פאַרווערט; אָדער אָפּצורייסן פּירות איבער די פאַרקאַנטעס פון די פּרי-וואַטע סעדער. אָטאָ האָט געציטערט, מ'זאָל זיי, חלילה, נישט כאַפּן, אָבער די דאָזיקע אויפרעגונג האָט אים פאַרשאַפט אַ באַזונדערן תּענוג; און אין אָוונט, ווען ער איז געגאַנגען אַהיים, האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ העלד. אין שרעק האָט ער געכאַפּט התפּעלות פון קריסטאָפן. זיין הכנעה-אינסטינקט האָט געפונען דעם תּיקון אין דער פריינדשאַפט, וואָס האָט אים אונטערגעוואָרפן דעם ווילן פונם צווייטן. קריסטאָף האָט אים קיינמאָל נישט מטריח געווען, ער זאָל אַליין עפּעס באַשליסן: ער האָט אַלץ אַליין באַשלאָסן, באַשטימט דעם סדר פונם טאָג, באַ-שטימט אפילו דעם סדר פונם לעבן, אַנטוויקלענדיק פאַר אָטאָס צו-קונפט, פונקט ווי פאַר זיין אייגענער, פּלענער און נישט דערלאָזט קיין שום וויכּוחים. אָטאָ האָט מסכּים געווען, אָפּטמאָל אַ ביסל זיך געוווּנדערט, ווען ער האָט געזען, ווי קריסטאָף באַלעבאַטעוועט מיט זיין פאַרמעגן, וואָס האָט געזאָלט אין יאָרן אַרום פאַרנוצט ווערן אויף אַ טעאַטער לויט קריסטאָפס געשמאַק. דערשראָקן פונם פריינדס באַפעלנ-דיקן טאָן, האָט ער זיך אָבער נישט אַנטקעגנגעשטעלט; קריסטאָפס פּלאַן האָט אים סוף-כל-סוף איבערצייגט, אַז דאָס געלט, וואָס דער הער קאָמערץ-ראַט אָסקאַר-דינער האָט צונויפגעקליבן, קאָן בשום אופן איי-דעלער נישט פאַרנוצט ווערן. קריסטאָפן איז קיינמאָל אויפן רעיון נישט אַרויף, אַז ער פאַרגוואַלטיקט אָטאָס ווילן. ער איז געווען בטבע אַ דעספּאָט און זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז זיין פריינד, קאָן וועלן אַנדערש, ווי ער. ווען אָטאָ וואָלט אויסגעדריקט אַן אַנדער באַגער,

וואָלט ער בלי־ספק מבטל געמאַכט זיינע אייגענע פאַרלאַנגען. קריסטאָף וואָלט פאַר אים מקריב געווען אַלץ אין דער וועלט. אין אים האָט געבערענט דער חשק זיך מוסר נפש צו זיין פאַרן פריינד. ער האָט ליידנשאַפטלעך אָפּגעוואַרט די געלעגנהייט צו שטעלן פאַר דער פריינדשאַפט דאָס לעבן אין קאָן. בעת די שפּאַצירן האָט ער געהאָפט אָנצוטרעפן ווען־עס־איז אויף אַ סכנה, כדי זיך אַ וואָרף צו טון קעגן איר. ער וואָלט מיט פרייד געשטאָרבן פאַר אָטאָן. וואַרטנדיק, האָט ער אַכטונג געגעבן אויף אים מיט אַ זאָרגפולן אומרו, דערלאַנגט אים אַ האַנט ווי אַ קליין מיידעלע בעת אַ שלעכטן וועג, מורא געהאַט ער זאָל, חלילה, נישט מיד ווערן, ס׳זאָל אים נישט זיין צו הייס, ס׳זאָל אים נישט זיין צו קאַלט; ער האָט אויסגעטון זיין רעקל און אים אַרויפגעוואָרפן אויף אָטאָס אַקסלען, בעת זיי זענען געזעסן אונטער אַ בוים; בעת זיי זענען געגאַנגען, האָט ער אים געטראָגן זיין מאַנטל; ער וואָלט אים אַליין אויך געטראָגן. ווי אַ פאַרליבטער, האָט ער אים געקוקט אין די אויגן אַריין. און דעם אמת זאָגנדיק, איז ער טאַקע געווען פאַרליבט.

ער האָט עס נישט געוווסט, ער האָט נאָך בכלל נישט געוווסט, וואָס אַזוינס איז ליבע, אָבער צייטנווייז, ווען זיי זענען געווען צוזאַמען, פלעגן זיי מאָדנע צעטומלט ווערן, — פונקט ווי דעמאָלט, אין דעם ערשטן טאָג פון זייער פריינדשאַפט, אינם סאָסנע־וואַלד; — פלעקן האָבן זיך באַוויזן אויף זיין פנים, די באַקן זענען אים רויט געוואָרן. ער האָט זיך געשראָקן. מיט עפּעס אַן אינסטינקטיוון הסכם האָבן זיך ביידע קינדער מיט שרעק אַרויסגעגליטשט איינער פונם אַנדערן, אַנטלאָפן, געגאַנגען אין וועג איינער הינטערן אַנדערן; זיי האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי זענען פאַרנומען מיט זוכן יאַגידעס אין די קוסטעס; און זיי האָבן אַליין נישט געוווסט, וואָס אייגנטלעך באַאומרויקט זיי.

דער עיקר האָבן די געפילן געפלאַקערט אין זייערע בריוו. דאָ איז נישטאָ די געפאַר: די ווירקלעכקייט זאָל זיי אָפּלייקענען; און קיין שום זאַך האָט נישט געקאָנט בינדן אָדער שרעקן זייערע טרוימען. איצט האָבן זיי געשריבן צו זיך צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך, אין אַ סטיל פון ליידנשאַפטלעכן ליריזם. ס׳איז זיי שווער געווען צו רעדן וועגן רעאַלע געשעענישן. זיי האָבן באַהאַנדלט שווערע פּראָבלעמען אין אַ געהיימען, רמזימדיקן טאָן, וואָס איז אַריבער פלוצלינג — אָן אַ שום איבערגאַנג — פון באַגייסטערונג צו יאוש. זיי האָבן זיך גע־

רופן „מיין אוצר, מיין האָפנונג, מיין ליבסטער, מיין איך". זיי האָבן אָן רחמנות געמאַכט אַ תּל פונם וואָרט: „נשמה". זיי האָבן געשילדערט אין טראַגישע פאַרבן דעם אומעט פון זייער גורל און זיך געקלאָגט, וואָס זיי וואַרפן אָן דעם פריינד זייער אייגענעם צער.

— ס'טוט מיר וויי, — האָט געשריבן קריסטאָף — וואָס איך פאַרשאַף דיר יסורים מיט מיינע ליידן. איך קאָן נישט איבערטראָגן דעם געדאַנק, אַז דו ליידסט: מ׳דאַרף עס נישט, איך וויל עס נישט. (ער האָט אונטערגעשטראָכן די ווערטער מיט אַזאַ כּוח, אַז ער האָט צעריסן דאָס פּאַפּיר). אויב דו ליידסט, ווי-אַזוי וועל איך געפינען כּוח צו לעבן? איך וועל קיינמאָל נישט זיין גליקלעך אָן דיר. אָך, זיי גליקלעך! אַלע צרות נעם איך גערן אויף זיך! טראַכט וועגן מיר! האָב מיך ליב! איך דאַרף אַזוי שטאַרק, מ׳זאָל מיך ליב האָבן. עס בלאָזט אויף מיר פון דיין ליבע אַ וואַרעמקייט. ווען דו זאָלסט וויסן, ווי איך ציטער פון קעלט! עס ווערט ווינטער, און אַ שניידנדיקער ווינט בלאָזט אין מיין האַרצן. איך קוש דיין נשמה.

— מיין געמיט קושט דיינעם — שרייבט אָטאָ.

— איך נעם דיין קאָפּ אין מיינע הענט, — ענטפערט קריסטאָף — און דאָס, וואָס איך טו נישט און וועל קיינמאָל נישט טון מיט מיינע ליפּן, דאָס טו איך פון טיפן האַרצן: איך קוש דיך אַזוי שטאַרק, ווי כ׳האָב דיך ליב. און איצט גיי מעסט אויס מיין ליבע!

אָטאָ האָט זיך געמאַכט ווי ער וואָלט געצווייפלט:

— האָסטו מיך טאַקע אַזוי ליב, ווי איך דיך?

— אוי, גאָט! — האָט געשריען קריסטאָף — נישט אַזוי, נאָר צען מאָל, הונדערט מאָל, טויזנט מאָל שטאַרקער! וואָס! צי פילסטו עס נישט? וואָס ווילסטו זאָל איך טון צו רירן דיין האַרץ?

— ווי שיין עס איז אונזער פריינדשאַפט! — האָט אָטאָ געזיפצט — איז שוין ווען עס איז אין דער געשיכטע געווען אַזוינס? זי איז זיס און פריש ווי אַ טייך. הלוואַי זאָל זי קיינמאָל נישט אויפהערן! און אויב דו וועסט מיך אויפהערן צו ליבן?

— ווי נאַריש דו ביסט, ליבסטער, — פלעגט ענטפערן קריסטאָף — זיי מוחל, אָבער דיין שרעק און ספק באַליידיקן מיך. ווי קאָנסטו גאָר פרעגן, צי איך וועל דיך אַמאָל אויפהערן ליב צו האָבן! לעבן איז פאַר מיר — ליבן. אפילו דער טויט וועט נישט קאָנען אומברענגען מיין ליבע. אפילו דו אַליין וועסט נישט קאָנען, אויב דו וועסט וועלן

זי חרוב מאַכן, אויב דו וועסט מיך פאַרראַטן, אויב דו וועסט מיר צעברעכן דאָס האַרץ, וועל איך שטאַרבן, בענטשנדיק די ליבע, וואָס דו האָסט אין מיר דערוועקט. הער־זשע אויף, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, צו זיין אומרויק און טו מיר נישט אָן קיין צער מיט דיין ווייכהאַרציקער שרעק!

אָבער אין אַ וואָך אַרום האָט ער צו אים געשריבן:

— שוין גאַנצע דריי טעג, ווי דו האָסט קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט פון דיין מויל, איך ציטער. האָסטו מיך פאַרגעסן? מיין בלוט ווערט פאַרגליווערט, בעת איך טראַכט עס... יאָ! אָן צווייפל... כ'האָב שוין לאַנג באַמערקט דיין קאַלטקייט צו מיר. דו האָסט מיך מער נישט ליב! דו ווילסט מיך פאַרלאָזן!... הער אויס! אויב דו וועסט מיך פאַרגעסן, אויב דו וועסט מיך ווען־עס־איז פאַרראַטן, וועל איך דיך דערהרגענען ווי אַ הונט!

— דו באַליידיקסט מיך, מיין טייערינקער, — האָט זיך באַקלאָגט אָטאָ — דו פייניקסט מיך ביז טרערן. איך פאַרדין עס נישט. אָבער דו קאָנסט זיך אַלץ דערלויבן. דו האָסט אויף מיר אַזעלכע רעכט, אַז אויב דו וועסט מיר אפילו צעברעכן דאָס האַרץ, וועט נאָך אַ לעצטער פונק בלייבן לעבן, כדי דיך שטענדיק ליב צו האָבן!

— גאָט אין הימל! — האָט געשריען קריסטאָף — צוליב מיר האָט מיין פריינד געוויינט!... זידל מיך! שלאָג מיך! טרעט מיך מיט די פיס! איך בין קיין מענטש נישט! איך בין נישט ווערט דיין ליבע!

זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערן אופן צו שרייבן די אַדרעסן אויף זייערע בריוו, צו לעגן די פּאָסט־מאַרקע קאַפּויר, קרום, ביים עק קאָנווערט, אונטן, אויף רעכטס, כדי צו מאַכן אַן אונטערשיד צווישן זייערע בריוו און די, וואָס זיי שרייבן צו אַנדערע. אָט די יינגלשע סודות האָבן געהאַט פאַר זיי דעם צויבער פון זיסע ליבע־געהיימניסן.

איינמאָל, גייענדיק פון אַ לעקציע, האָט קריסטאָף אין אַ שכנותדיקער גאַס באַמערקט אָטאָן אין דער געזעלשאַפט פון נאָך עפּעס אַ יינגל אין זיינע יאָרן. ביידע האָבן זיי געלאַכט און פריינדלעך געשמועסט. קריסטאָף איז געוואָרן בלייך און נאָכגעיאָגט זיי מיט די

אויגן, ביז זיי זענען פֿאַרשווּנדן געוואָרן אין עק גאַס. זיי האָבן אים נישט באַמערקט. ער איז געגאַנגען אַהיים. ס׳איז געווען, ווי אַ וואָלקן וואָלט פֿאַרצויגן די זון. אַלץ איז פֿאַרחושכט געוואָרן.

ווען זיי האָבן זיך דעם נאָענטסטן זונטיק ווידער געטראָפֿן, האָט קריסטאָף תּחילת גאָרנישט נישט גערעדט. נאָר נאָך אַ האַלבער שעה שפּאַצירן, האָט ער זיך אָנגערופֿן מיט אַן אויפֿגערעגטער שטים:

— כ׳האָב דיך געזען מיטוואָך אויף דער קרייצגאַס.

— אַ! — האָט געענטפֿערט אָטאָ.

און איז רויט געוואָרן.

קריסטאָף האָט גערעדט ווייטער:

— דו ביסט נישט געווען אַליין.

— ניין. — האָט געזאָגט אָטאָ — איך בין געווען מיט נאָך עמעצן.

קריסטאָף האָט אַראָפּגעשלונגען זיין שפּייעכץ און געפֿרעגט מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט:

— ווער איז עס?

— מיין קוזין פֿראַנץ.

— אַהאַ! — האָט געזאָגט קריסטאָף.

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— דו האָסט מיר וועגן אים קיינמאָל נישט דערציילט.

— ער וווינט אין ריינבאַך.

— דו זעסט אים אָפֿט?

— ער קומט אַמאָל אַהער.

— און דו, דו קומסט צו אים אויך?

— אַמאָל.

— אַהאַ! — האָט קריסטאָף איבערגעחזרט.

אָטאָן האָט זיך זייער געוואָלט אַרויספֿירן דעם שמועס אויף אַן אַנדער ענין, ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ פֿויגעלע, וואָס האָט מיטן שנאָבל געקלאַפּט אין אַ בוים. זיי האָבן גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש. אין צען מינוט אַרום האָט זיך קריסטאָף פּלוצלינג ווידער אָנגערופֿן:

— איר פֿילט זיך ביידע נאָענט איינער צום צווייטן?

— מיט וועמען? — האָט געפֿרעגט אָטאָ.

(ער האָט זייער גוט געוווּסט צו וועמען.)

— מיט דיין קוזין.

— יאָ. וואָס איז?

— סתם אַזוי.

אָטאָ האָט נישט איבעריק ליב געהאַט די־ך קוזין, וואָס פּלעגט אים מאַכן דעם טויט מיט זיינע מיאוסע שפּיצלעך. אָבער אַ באַזונדערס בייזוויליקער אינסטינקט האָט אים געטריבן צוצוגעבן, אין אַ ווײַלע אַרום:

— ער איז זייער אַ ווילער.

— ווער? — האָט געפרעגט קריסטאָף.

(ער ה,ט גאַנץ גוט געוווּסט ווער.)

— פראַנץ.

אָטאָ האָט דערוואַרט פון קריסטאָפן אַ תּשובֿה, אָבער יענער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק: ער האָט זיך געשניטן פון אַ נוס־צווייג אַ רוט. אָטאָ האָט איבערגעחזרט:

— ער איז אינטערעסאַנט. שטענדיק ווייסט ער מעשׂות.

קריסטאָף האָט געהויבן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער נפש צו מיר?

און ווען אָטאָ האָט מיט פאַרדרוס געוואָלט ווייטער רעדן, האָט ער אים האַסטיק איבערגעריסן די רייד און אים געוויזן אַ ציל, ביז וואַנען זיך נאָכצויאָגן.

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג האָבן זיי מער דעם ענין נישט באַרירט, נאָר זייערע באַציונגען זענען געוואָרן קאַלט, און זיי האָבן אַרויסגעוויזן איינער דעם צווייטן אַן איבערגעטריבענע העפלעכקייט, וואָס האָט ביי זיי קיינמאָל קיין אָרט נישט געהאַט, דערהויפּט מצד קריסטאָפן. די ווערטער זענען אים געבליבן שטיין אין האַלדז. לסוף האָט ער מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, און אינמיטן וועג האָט ער זיך פּלוצלינג אומגעקערט צו אָטאָן, וואָס איז געגאַנגען אַ פינף טריט הינטער אים, אָנגעכאַפּט אים האַסטיק פאַר די הענט און מיט איין מאָל אַ שאָט געטון:

— הער נאָר, אָטאָ! איך וויל נישט דו זאָלסט זיין אַזוי היימיש מיט פראַנצן, ווייל... ווייל דו ביסט מיין פריינד; און איך וויל נישט, דו זאָלסט ליב האָבן וועמען עס איז מער, ווי מיך! איך וויל נישט! זעסט דאָך אַליין, דו ביסט פאַר מיר אַלץ. דו טאָרסט עס נישט... דו דאַרפסט עס נישט... אויב איך וועל דיך פאַרלירן, בלייבט מיר נאָר צו שטאַרבן. איך ווייס נישט, וואָס איך וועל טון. איך וועל זיך אַ

מעשה אָנטון. איך וועל דיך דערהרגענען. ניין. זײ מוחל!...

טרערן האָבן אים פֿאַרגאָסן די אויגן.

אָטאָ איז גערירט און דערשראָקן געווען פֿון דער אויפֿריכטיקייט, וואָס ער האָט געפֿילט אין זײַן חברס ווייטיק, וועלכער האָט אים געדראָט, ער האָט גענומען שווערן, אַז ער האָט נישט ליב און וועט קיינמאָל נישט ליב האָבן קיינעם, אויסער קריסטאָפֿן. אַז פֿראַנץ איז אים גלײַכגילטיק און אַז ער וועט אים מער נישט זען, אויב קריסטאָף פֿאַרלאַנגט עס. קריסטאָף האָט ווי געטרונקען זײַנע ווערטער, זײַן האַרץ האָט אויפֿגעלעבט. ער האָט געלאַכט און האַסטיק געאָטעמט. מיט אַ רירנדיק האַרץ האָט ער געדאַנקט אָטאָן. ער האָט זיך געשעמט, וואָס ער האָט אים געמאַכט אַזאַ סצענע; אָבער אַ גרויסע משא איז פֿון אים אַראָפּ. שטייענדיק איינער קעגן אַנדערן, האָבן זײ זיך ביידע אומבאַוועגלעך אָנגעקוקט און געהאַלטן זיך פֿאַר די הענט; זײ זענען געווען זייער גליקלעך און נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך. זײ זענען געגאַנגען שווייגנדיק; דערנאָך האָבן זײ זיך ווידער צערעדט און צוריק פֿריילעך געוואָרן: זײ האָבן זיך געפֿילט נאָענט, ווי נאָך קיינמאָל נישט.

דאָס איז אָבער נישט געווען די לעצטע סצענע פֿון אָט דעם מין. איצט, ווען אָטאָ האָט געפֿילט זײַן מאַכט איבער קריסטאָפֿן, האָט ער עס כּסדר אויסגענוצט; ער האָט שוין געוווּסט, וווּ ס׳געפֿינט זיך דעם חברס אָנגעווייטיקט אָרט, און געהאַט אַ שטאַרקן חשק אַרויפֿצולייגן דאָרט דעם פֿינגער. נישט דערפֿאַר, ווײַל אים האָט הנאה געטון קריסטאָפֿס כּעס, — להיפּוך, ער האָט זיך דעמאָלט אַ ביסל געשראָקן. נאָר ער האָט געפּרוּווט זײַן כּוח, אָנטוענדיק קריסטאָפֿן יסורים. ער איז נישט געווען שלעכט: אַ נשמה פֿון אַ מיידל האָט ער געהאַט.

און דערפֿאַר, נישט געקוקט אויף זײַנע הבטחות, האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו באַווײַזן זיך מיט פֿראַנצן אונטערן אָרעם אָדער מיט וועלכן-עס-איז אַנדערן חבר; זײ האָבן צוזאַמען געמאַכט אַ גרויסן טומל און געלאַכט מיט אַ געקינצלטן געלעכטער. ווען קריסטאָף האָט געהאַט צו אים טענות, האָט ער געלאַכט, און ס׳האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ער נעמט זיך גאָרנישט — ווי ביז איצט — צום האַרצן; זעענדיק ווי עס בייטן זיך קריסטאָפֿס אויגן און ווי זײַנע ליפּן ציטערן פֿון כּעס, האָט ער ערשט דעמאָלט אַ באַאומרויִקטער אויך געענדערט דעם טאָן, און צוגעזאָגט, אַז מער וועט עס נישט פֿאָרקומען. אָבער באַלד

צומאָרגנס האָט ער ווידער געטון דאָס אייגענע. קריסטאָף האָט געשריבן צו אים פאַרביטערטע בריוו, ווי ער האָט אים גערופן:

— מנוול! איך וויל מער דיין נאָמען נישט הערן! איך וויל דיך נישט קענען. זאָל דיך דער טייוול נעמען, דיך און אַלע כּלבֿים פון דיין מין!

אָבער ס׳איז גענוג געווען איין וויינענדיק וואָרט פון אָטאָן, אָדער צו באַקומען פון אים צוגעשיקט, אַ בלום, וואָס האָט סימבאָליזירט זיין אייביקע טרייקייט, — אַז קריסטאָף זאָל צעשמאָלצן ווערן פון חרטה און אַזוי שרייבן:

— מלאך מיינער! איך בין אַ משוגענער. פאַרגעס מיין נאַרישקייט. דו ביסט דער בעסטער צווישן מענטשן. דיין קלענסטער פינגער איז בעסער, ווי דער גאַנצער נאַרישער קריסטאָף. דו פאַרמאָגסט אין זיך אוצרות פון קלוגער, איידעלער צערטלעכקייט. טיט טרערן קוש איך דיין בלום. זי ליגט דאָ, אויף מיין האַרצן. איך שנייד זי איין אין מיין לייב מיט די קלעפּ פון מיין פויסט. איך וואָלט וועלן, ס׳זאָל זיך גיסן מיין בלוט, כּדי איך זאָל שטאַרקער פילן, ווי גרויס ס׳איז דיין גוטסקייט און ווי מיאוס ס׳איז מיין נאַרישקייט!...

פונדעסטוועגן האָבן זיי אָנגעהויבן צו ווערן אַ לאַסט איינער פאַרן צווייטן. ס׳איז אַ טעות צו מיינען, אַז קליינע מחלוקתן פאַרשטאַרקן די פריינדשאַפט. קריסטאָף האָט געטראָגן אַ כּעס אויף אָטאָן פאַר די עוולות, וואָס ער איז באַגאַנגען צוליב זיין שולד. ער האָט געפּרוווט האָבן טענות צו זיך אַליין, זיך באַשולדיקט אין דעספּאָטיזם. זיין ריינע, ליידנשאַפטלעכע נאַטור, וואָס האָט צום ערשטן מאָל דערפילט דעם טעם פון ליבע, האָט זיך איינגאַנצן איבערגעגעבן אָטאָן און פאַרלאַנגט, מ׳זאָל זיך אים אויך איינגאַנצן איבערגעבן. ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין שותּפות און חלוקה אין פריינדשאַפט. גרייט מקרבֿ צו זיין אַלץ פאַר זיין פריינד, האָט ער געהאַלטן פאַר ריכטיק, אפילו פאַר נויטיק, אַז דער פריינד זאָל זיך אויך פאַר אים מקריבֿ זיין. ער האָט אָבער אָנגעהויבן צו פילן, אַז די וועלט איז נישט באַשאַפן לויטן מוסטער פון זיין שטאַרקן כאַראַקטער, און אַז ער פאַרלאַנגט אַזעלכע זאַכן, וואָס מ׳איז נישט בכּוח אים צו געבן. ער האָט דעריבער געזען צו באַהערשן זיך. ער האָט זיך אַליין שווער באַשולדיקט, זיך באַטראַכט ווי אַן עגאָיסט, וואָס האָט נישט קיין רעכט צו פאַרכאַפּן די ליבע פון זיין פריינד. ער האָט זיך פּשוט אָנגעטון אַ כּוח צו לאָזן אָטאָן איינ-

גאַנצן פריי, ווי שטאַרק עס זאָל אים נישט ווײ טון. כדי זיך אַלײן צו דערנידעריקן, האט ער זיך געצוווּנגען אָנצוזאָגן אָטאָן, ער זאָל נישט פאַרלאָזן אינגאַנצן פראַנצן; ער האט דיך אַלײן אײנגערעדט, אַז ער איז זײער צופרידן צו זען, ווי זײן פרײנד פאַרברענגט גוט אין אַן אַנדער געזעלשאַפט, אויסער אים. נאָר ווען אָטאָ, וואָס איז גאָר קײן נאַר נישט געווען, האָט אים בײזוויליק געפאָלגט, האָט קריסטאָף זיך נישט געקאָנט אײנהאַלטן, געמאַכט פאַר אים אַ זויערע מינע, און פלוצלינג ווידער אַרויס פון די כלים.

פונדעסטוועגן האָט ער אָטאָן מוחל געווען, וואָס ער שטעלט די אַנדערע פרײנד העכער פון אים; אָבער וואָס ער האָט אים נישט גע־קאָנט שענקען, — איז געווען זײן ליגן־זאָגן. אָטאָ איז נישט געווען קײן פאַלשער און קײן צבועק: ס'איז אים בטבע שווער געווען צו זאָגן דעם אמת, פונקט ווי דעם שטאַמלער איז שווער אַרויסצורעדן קלאָר אַ וואָרט; דאָס, וואָס ער פלעגט רעדן, איז קײנמאָל נישט געווען נישט גאָר אמת און נישט גאָר פאַלש; צי פון אַ מין פחדנות, צי פון דער אומזיכערקײט אין די אײגענע געפילן, — ווי עס זאָל נישט זײן, האָט ער זעלטן־ווען גערעדט קלאָרע דיבורים; זײנע תשובות זענען געווען פילדײטיק; און בכלל האָט ער ליב געהאַט רמזים און סודות, וואָס האָבן קריסטאָפן אויפגעבראַכט; ווען מ'האָט אים געכאַפּט בײ אַ ליגן, האָט ער אַנשטאָט זיך מודה צו זײן — געלײקנט שטײן און בײן און דערצײלט מעשות, וואָס נישט־געשטויגן נישט־געפלויגן. אײנמאָל איז קריסטאָף געוואָרן אויסער זיך און אים אויסגעפּאַטשט. ער האָט גע־רעכנט, אַז ס'איז שוין אַ סוף צו זײער פרײנדשאַפט, און אַז אָטאָ וועט אים שוין קײנמאָל נישט מוחל זײן. אָבער נאָכדעם, ווי ער האָט זיך עטלעכע שעה געבלאָזן, איז אָטאָ צו אים צוריק געקומען, ווי קײנ־מאָל גאָרנישט. ער האָט נישט געפילט קײן כעס צו קריסטאָפן פאַר זײן רשעות; אפשר האָט עס אים אפילו הנאה געטון. עס האָט אים פאַר־דראָסן, וואָס קריסטאָף לאָזט זיך נאַרן און הערט זיך צו מיט אַן אָפן מויל צו זײנע אַלע שקרים; ער האָט אים אין האַרצן אַ ביסל מבזה געווען און געהאַלטן זיך גופא העכער פון אים. קריסטאָף ווידער, פון זײן זײט, איז בײז געווען אויף אָטאָן, פאַרוואָס ער נעמט צו זײנע קלעפּ און זײן מוסר אָן קײן שום ווידערשטאַנד.

זײ האָבן זיך שוין מער נישט געקוקט אין די אויגן, ווי פריער אין די ערשטע טעג. זײערע בײדנס חסרונות זענען איצט אַרויסגע־

שווימען אויף דער ליכטיקער שיין. אָטאָ האָט שוין מער נישט געפּור־
נען אַזאַ חן אין קריסטאָפס פרייען האַלטן זיך. קריסטאָף איז אים
געווען אַ לאַסט בעת די שפּאַצירן. ער האָט זיך לגמרי נישט געפירט
מעשה־מענטש, געמאַכט זיך באַקוועם, אויפגעקנעפּלט זיין וועסט, אַנט־
בלויזט דעם האַלז, פאַרקאַשערט די אַרבל פונם העמד, אַרויפגעזעצט
זיין הוט אויפן שפּיץ שטעקן און געווען אַ פרייער פויגל. גייענדיק
האָט ער געמאַכט מיט די הענט, געפייפט, געזונגען אויפן קול; ער
איז געווען רויט, פאַרשוויצט און פאַרשטויבט; ער האָט אויסגעזען ווי
אַ פּויער, וואָס גייט פונם יאַריד. דער אַריסטאָקראַטישער אָטאָ האָט
געציטערט, מ'זאָל אים, חלילה, נישט טרעפן אין זיין געזעלשאַפט.
ווען ער האָט באַמערקט אויפן וועג אַ וואָגן, האָט ער געזען צו בלייבן
הינטערשטעליק אַ צען טריט און געמאַכט זיך, ווי ער גייט שפּאַצירן
איינער אַליין.

נישט ווייניקער האָט אים קריסטאָף פאַרשוואַרצט דאָס פּנים,
ווען ער האָט זיך גענומען פונאַנדער רעדן אין רעסטאָראַן, אָדער
אין וואַגאָן אויפן וועג אַהיים. ער האָט געשמועסט אויפן קול, גע־
רעדט אַלץ, וואָס איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין, באַהאַנדלט אָטאָן
מיט אַן אויפרעגנדיקער היימישקייט, אַרויסגעזאָגט מיינונגען, אָן
שום צערעמאָניעס, וועגן באַקאַנטע מענטשן אָדער גאָר וועגן דעם
אויסזען פון די, וואָס זענען געזעסן נאָענט צו אים; אַמאָל האָט ער
זיך גאָר אַריינגעלאָזט אין אינטימע פּרטים וועגן זיין געזונט אָדער
וועגן זיין היים. אָטאָ האָט אומזיסט געוווּנקען מיט די אויגן און גע־
געבן אים דערשראָקענע צייכנס: ס'האָט זיך געדאַכט, אַז קריסטאָף
באַמערקט זיי גאָר נישט און ער פילט נישט קיין בושה, ווי ער וואָלט
געווען איינער אַליין. אָטאָ האָט באַמערקט דעם שמייכל אויף די שכנימס
פּנימער: ער האָט זיך געוואָלט באַגראָבן פון חרפּה. ער האָט געפונען,
אַז קריסטאָף איז גראָב, און נישט פאַרשטאַנען, ווי האָט ער עס גע־
קאָנט כאַפּן פון אים התפּעלות.

ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס קריסטאָף האָט נישט אויפגע־
הערט צו באַציען זיך מיט דער זעלבער לייכטקייט צו אַלערליי פּלויטן,
צוימען, ווענט, דורך וועלכע ס'איז פאַרווערט געווען אַדורכצוגיין אונ־
טער אַ שווערער שטראָף, צו כלערליי „פאַרבאָטן", — בקיצור, צו דעם
אַלעמען, וואָס וויל באַגרענעצן די פרייהייט און פאַרזיכערן דאָס פאַר־
הייליקטע אייגנטום. אָטאָ איז שטענדיק געווען אין איין שרעק, און

זיינע טענות האָבן גאָרנישט געהאָלפן: קריסטאָף האָט נאָך ערגערס געטון, אַבי אים צו רייצן.

אַמאָל האָט קריסטאָף שפּאַצירט אין אַ פּריוואַטן וואַלד, ווי ביי זיין טאַטן אין ווייַנגאָרטן. אָטאָ איז אים נאָכגעגאַנגען. הגם דער וואַלד איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּלויט, וואָס איז געווען פאַרלייגט מיט שטיקלעך גלאָז, (און אפשר גראָד דערפאַר) האָט קריסטאָף אים אַריבערגעקלעטערט און זיך גלייך געטראָפן פּנים־אל־פּנים מיט אַ וועכטער, וואָס האָט זיך שטאַרק גענומען זידלען; ער האָט זיי פאַרהאַלטן און געשריען, אַז ער וועט זיי איבערגעבן דעם געריכט. לסוף האָט ער זיי אויפן סאַמע מיאוסטן אופן אַרויסגעוואָרפן. בשעת מעשה האָט זיך אָטאָ געהאַלטן נישט איבעריק מוטיק: ער האָט געמיינט, אַז ער זיצט שוין אין תּפיסה, געקלאָגט און דערביי נאַריש דערקלערט, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק, ער איז אַהין אַריין נישט ווילנדיק און נאָר נאָכגעגאַנגען קריסטאָפן, נישט ווייסנדיק אפילו, וווּהין ער גייט. ווען מ'האָט זיי באַפרייט, האָט ער אָנשטאָט צו פרייען זיך — גענומען האָבן שווערע טענות צו זיין באַגלייטער; ער האָט זיך געקלאָגט, אַז קריסטאָף קאָמפּראָמיטירט אים. יענער האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט ביטול און אים אָנגערופן „פּחדן". זיי האָבן זיך דורכגעווערטלט. אָטאָ האָט חשק געהאַט אָוועקגיין פון קריסטאָפן, ער האָט אָבער נישט געוווּסט, ווי צו גיין אַהיים איינער אַליין און געמוזט דעריבער נאָכגיין; זיי האָבן זיך געמאַכט אָבער ווי זיי וואָלטן איינער דעם צווייטן נישט באַמערקט.

ס'האָט געהאַלטן ערב אַ שטורעם. פון גרויס כּעס האָבן זיי עס תּחילת גאָרנישט באַמערקט. דאָס צעגליטע פעלד איז פול געווען מיט געררויש פון פאַרשידענע פליגעלעך. פּ'וצלינג איז אַלץ אַנטשוויגן געוואָרן. זיי האָבן באַמערקט אָט די שטילקייט ערשט אין עטלעכע מינוט אַרום: ס'האָט זיי געקלונגען אין די אויערן. זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן: דער הימל איז געווען פאַרחושכט; שווערע, ריזיקע, גרויע וואָלקנס האָבן אים פאַרצויגן; זיי זענען אָנגעקומען פון אַלע זייטן, ווי אַ רייטער־גאַלאָפּ. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי ציען זיך פון אַ פאַרבאָרגענעם פּונקט, און גלייך ווי אַ תּהום וואָלט זיי גערופן צו זיך. אָטאָ איז געווען אין איין שרעק, ער האָט קיין מוט נישט געהאַט איבערצוגעבן זיין מורא קריסטאָפן; און יענער ווידער האָט געהאַט דערפון אַ בייזע הנאה און זיך געמאַכט נישט זעענדיק. זיי האָבן

זיך דאָך דערנענטערט, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. זיי זענען געווען אַליין אין פעלד. קיין ווינטעלע האָט נישט געבלאָזן. אַ פּיבערדיקער צאַפּל האָט פון מאָל צו מאָל אַ טרייסל געטון די בלעטלעך פון די בוימער. פלוצלינג האָט אַ שטורם-ווינט אַ הייב געטון דעם שטויב, גענומען בויגן די בוימער צו דר׳ערד און זיי ווילד געשמיסן. און ווידער איז צוגעפאַלן די שטילקייט, נאָך טיפער ווי פריער. אָטאָ האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח און מיט אַ ציטערנדיקער שטים געזאָגט:

— ס׳איז אַ שטורעם. מ׳דאַרף גיין אַהיים.

קריסטאָף האָט געענטפערט:

— לאָמיר גיין.

ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. אַ פאַרבלענדנדיק, שאַרף ליכט האָט אַ בליץ געטון, דער הימל האָט געשטורעמט, דער וואָלקן-געוועלב האָט געדונערט. אין איין אויגנבליק זענען זיי אַרומגעכאַפּט געוואָרן פונם שטורעם, אַרומגעהילט מיט בליצן, פאַרטויבט פון די דונערן, דורכגעווייקט פון קאָפּ ביז די פיס. זיי האָבן זיך געפונען אויף אַ פלאַכן פעלד, העכער אַ האַלבע שעה גאַנג צו אַ ישוב. אינם וואַסער-געווימל, אינם טויטן ליכט האָבן זיך גערויטלט ריזיקע בליץ-פייערן. זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אָבער זייערע קליידער זענען פונם רעגן צוזאַמענגעקלעפּט געוואָרן און געשטערט זיי צו גיין, זייערע שיך האָבן זיך געווייקט אין וואַסער, ס׳האָט פון זיי אינגאַנצן גערונען. זיי האָבן קוים געאָטעמט. אָטאָן האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, און ער איז געווען ווילד פון צאָרן; ער האָט גערעדט צו קריסטאָפן האַרבע באַליידיקנדיקע ווערטער; ער האָט געוואָלט בלייבן שטיין און געטענהט, אַז ס׳איז אַ סכּנה ווייטער צו גיין; ער האָט געדראָט, אַז ער וועט זיך זעצן אויפן וועג, אַז ער וועט זיך לייגן אויף דר׳ערד, צווישן די צעאַקערטע פעלדער. קריסטאָף האָט קיין האַלבן וואָרט נישט געענטפערט: ער איז ווייטער געגאַנגען, פאַרבלענדט פונם ווינט, רעגן און בליצן, פאַרטויבט פונם רעש, און אויך אַ ביסל צעשראָקן; ער האָט זיך אָבער געהיט מודה צו זיין, אַז ער שרעקט זיך.

און פלוצלינג האָט זיך אַלץ געענדיקט. דער שטורעם איז אַריבער פונקט אַזוי גיך, ווי ער איז געקומען. אָבער בײדע זענען זיי געווען אין אַ קלאָגעדיקן מצב. באמת איז קריסטאָף אַלע מאָל געווען צושויבערט, אַזוי אַז אַ ביסל אומאָרדענונג איז אויף אים כּמעט נישט קענטיק געווען. אָטאָ אָבער, אַזאַ אָפּגעהיטער, וואָס האָט אַזוי מדקדק

געווען אויף זיין אַנטון, האָט אויסגעזען זייער נעבעכדיק; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז מ׳האָט אים אין די קליידער אָפּגעטובלט אין וואַסער; און ווען קריסטאָף האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און דערזען, סאַראַ צורה ער האָט, האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער. אָטאָ איז געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז ער האָט אפילו קיין כּוח נישט געהאַט אין כּעס צו זיין. קריסטאָף האָט רחמנות געקראָגן אויף אים און פריילעך מיט אים גערעדט. אָטאָ האָט אים געענטפערט מיט אַ בייזן בליק. קריסטאָף האָט אים אַריינגעפירט אין אַ פּויערשן הויף. זיי האָבן זיך געטריקנט ביי אַ גרויסן פייער און געטרונקען הייסן ווייַן. קריסטאָף האָט געהאַלטן, אַז די גאַנצע מעשה איז געווען זייער אינטערעסאַנט. אָבער אָטאָן האָט אויך דאָס נישט געשמעקט און ביזן סוף שפּאַציר איז ער געגאַנגען בייז און שווייגנדיק. זיי זענען געקו-מען אַהיים ברוגזע און זיך צעגאַנגען, נישט געבנדיק זיך אפילו די הענט.

נאָך אָט דער גאַנצער מעשה האָבן זיי זיך נישט געזען העכער אַ וואָך צייט. זיי האָבן ביידע אין האַרצן האַרב געמשפּט איינער דעם צווייטן. זיי האָבן זיך אַליין באַשטראָפט און דורכגעלאָזט, אויף אַזאַ אופן, דעם זונטיק-שפּאַציר; אָבער זיי האָבן זיך אַזוי געלאַנגווייליקט, אַז דער כּעס איז זיי אַריבער. ווי שטענדיק האָט קריסטאָף געמאַכט די ערשטע שריט, אָטאָ האָט באַוויליקט מסכּים צו זיין און זיי זענען געוואָרן חבר.

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע מחלוקתן, האָבן זיי זיך נישט געקאָנט באַגיין איינער אָן דעם צווייטן. ביידע האָבן זיי געהאַט חסרונות, ביידע זענען זיי געווען עגאָיסטן. אבער דער דאזיקער עגאיזם איז געווען גאַנץ תּמימותדיק, זיי האבן נישט געקענט די חשבונות פון די עלטערע, וואס זייער עגאָיזם איז מיאוס; זייער אייגנליבע איז געווען אָן אומבאַוווסטע: זי האט אפילו פאַרמאגט אין זיך אַ געוויסן חן און נישט געשטערט זיי זיך אויפריכטיק ליב צו האבן. זיי האבן אַזוי געוואלט ליב האבן איינער דעם צווייטן און מקריב זיין זיך! דער קליינער אטא האט געוויינט אין קישן אַריין, דערציילנדיק זיך מעשות פון אַ ראָמאַנטישן מסירת-נפש, ווו ער איז אַליין געווען דער העלד; ער האט אויסגעטראַכט פּאַטעטישע געשעענישן, ווו ער איז געווען שטאַרק, מוטיק, געוואַגט און האט באַשיצט קריסטאפן, וועלכער, ווי ס׳האט זיך אים געדאַכט, איז פון אים באַגייסטערט געווען. אויך קרי-

סטאָף האָט נישט געזען און נישט געהערט קיין איין שיינע אָדער מערקווירדיקע זאַך, ער זאָל בשעת-מעשה נישט טראַכטן: „ווען אָטאָ וואָלט געווען דערביי!‟ ער האָט פאַרבונדן זיין פריינדס בילד מיט זיין גאַנץ לעבן; און דאָס דאָזיקע בילד האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן און באַקומען אַזאַ באַחנט אויסזען, אַז הגם קריסטאָף האָט געוווסט, ווי אַנדערש עס איז אין דער ווירקלעכקייט, האָט עס אים פונדעסטוועגן פאַרשיכורט. אייניקע פון אָטאָס ווערטער האָט ער לאַנג געדענקט און צוגעגעבן זיי אַ באַזונדערן חן ציטערנדיק דערביי פון התפעלות. זיי האָבן ביידע נאָכגעמאַכט איינער דעם צווייטן. אָטאָ האָט ווי אַ מאַלפּע באָכגעקרימט קריסטאָפס באַוועגונגען, געענג און כתב. קריסטאָף איז געווען אויפגעבראַכט אויף דעם שאָטן, וואָס חזרט איבער יעדעס וואָרט זיינס און גיט אים איבער זיינע געדאַנקען, ווי אייגענע. ער האָט אָבער נישט באַמערקט, אַז אויך ער איז באַאיינפלוסט פון אָטאָן, אַז ער מאַכט נאָך זיין אָנטון זיך, זיין גאַנג און דעם אויסדרוק פון באַשטימטע ווערטער. ס'איז געווען אַ מין כישוף. זיי זענען געווען דורכגעדרונגען איינער מיטן אַנדערן, זייערע הערצער זענען פאַרגאָסן געווען מיט צערטלעכקייט. זי האָט געשטראָמט פון אַלע זייטן, ווי אַ קוואַל; יעדערער פון זיי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער פריינד איז די סיבה דערפון. זיי האָבן נישט געוווסט, אַז דאָס איז געווען די דערוואַכונג פון זייער יוגנט.

קריסטאָף האָט צו אַלעמען געהאַט אַ צוטרוי און ער האָט געלאָזט זיינע פאַפּירן אַרומוואַלגערן זיך. פונדעסטוועגן האָט אים אַן אינסטינקטיווע שעמעוודיקייט געטריבן צו באַהאַלטן די אָפּשריפטן פון די בריוו, וואָס ער פלעגט שמירן צו אָטאָן, און אויך יענעמס ענטפערן. ער האָט זיי נישט געהאַלטן אונטערן שליסל, נאָר אַוועקגעלייגט צווישן די בלעטער פון זיינס אַ מוזיק־העפט, וווּ ער האָט געגלויבט, אַז קיינער וועט זיי נישט גיין זוכן. ער האָט נישט גענומען אין באַטראַכט די רשעות פון זיינע ברידער.

פון אַ געוויסער צייט אָבער האָט ער באַמערקט, אַז בעת זיי דערזעען אים, לאַכן זיי און סודען זיך: זיי פלעגן איינרוימען איי-

נער דעם צווייטן אין אויער אַריין שטיקער פון אַ שמועס, וואָס האָט בייביידן אַרויסגערופן אַ שטאַרק געלעכטער. קריסטאָפן האָט זיך נישט איינגעגעבן צו כאַפּן, וואָס זיי רעדן. אגב האָט ער זיך שוין לאַנג געהאַלטן ביי אַ באַזונדערער טאַקטיק בנוגע די ברידער און אַרויסגעוויזן אַ גלייכגילטיקייט צו אַלץ, וואָס זיי האָבן גערעדט אָדער געטון. עטלעכע ווערטער האָבן אים אָבער אָפּגעשטעלט; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער דערקענט זיי. באַלד האָט ער שוין נישט געצווייפלט, אַז די ברידער לייענען זיינע בריוו. נאָר ווען ער איז צוגעשטאַנען צו ערנעסטן און רודאָלפן, וואָס האָבן מיט אַ חוזק גערופן זיך „נשמה מיינע״, האָט ער פון זיי גאָרנישט געקאָנט אַרויסקריגן. די חברה האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי ווייסן נישט, וואָס ער וויל, און געטענהט, אַז זיי האָבן דאָס רעכט צו רופן זיך, ווי זיי געפעלט. קריסטאָף האָט געפונען זיינע בריוו אויפן אָרט און זיי צוריק בעלאָזט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער געכאַפּט ערנעסטן ביי דער האַנט: דער קליינער אויסוואורף האָט גענישטערט אינם שיפלאָד פון דעם קאַמאָד, וו לואיזע האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן דאָס געלט. קריסטאָף האָט אים האַסטיק גענומען טרייסלען און אויסגענוצט די געלעגנהייט אויסצולאָזן אויף זיין קאָפּ אַלץ, וואָס איז אים געלעגן אויפן האַרצן; ער האָט אויסגערעכנט אין נישט קיין איבעריק-העפלעכע ווערטער, ערנעסטס חטאים, וואָס זייער צעטל איז געווען גאַנץ גרויס. ערנעסט האָט שלעכט אויפגענומען דעם גאַנצן מוסר; ער האָט מיט חוצפה געענטפערט, אַז קריסטאָף קאָן צו אים קיין שום טענות נישט האָבן, און האָט געלאָזט פאַלן צווייטייטיקע ווערטער וועגן דער פריינדשאַפט פון זיין ברודער מיט אָטאָן. קריסטאָף האָט נישט פאַרשטאַנען; נאָר ווען ער האָט דערהערט, אַז מ׳נעמט אַריין אויך אָטאָן אין קאָן, האָט ער געהייסן ערנעסטן רעדן קלאָרע דיבורים. דער קליינער האָט געלאַכט, נאָר שפּעטער, ווען ער האָט דערזען, אַז קריסטאָף איז געוואָרן בלייך פאַר כעס, האָט ער זיך דערשראָקן און מער קיין וואָרט נישט געוואָלט רעדן. קריסטאָף האָט פאַרשטאַנען, אַז מער וועט ער פון אים גאָר נישט אַרויסקריגן; ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, הויבנדיק מיט די אַקסלען, און אַרויסגעוויזן אַ טיפע פאַראַכטונג צו ערנעסטן. אַן אויפגערעגטער האָט יענער ווידער אָנגעהויבן מיט עזות; ער האָט גענומען דערגיין די יאָרן דעם ברודער און

אויפגעלייגט פאַר אים אַ מענה־לשון וועגן מיאוסע זאַכן, אײנע ערגער ווי די אַנדערע. קריסטאָף האָט זיך מיט אַלע כּחות איינגעהאַלטן נישט אַרויסצופּלאַצן. נאָר ווען ער האָט לסוף פאַרשטאַנען, איז ער רויט גע־וואָרן און איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול. ערנעסט האָט נישט באַוויזן אַ געשריי צו טון. קריסטאָף האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף אים, געקייקלט זיך מיט אים איבערן צימער און געקלאַפּט אים דעם קאָפּ אָן דר׳ערד. אויף די שרעקלעכע געוואַלדן פונם קרבן, זענען געקומען צולויפן לואיזע, מעלכיאָר און די גאַנצע שטוב. מ׳האָט אַרויסגעריסן ערנעסטן אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד. קריסטאָף האָט אים נישט גע־וואָלט אָפּלאָזן: מ׳האָט געמוזט אָנקומען צו קלעפּ. מ׳האָט אים גערופן ווילדע חיה; און באמת האָט ער טאַקע אַזוי אויסגעזען. די אויגן זענען אים אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ, ער האָט געקריצט מיט די ציין און אַלץ געטראַכט ווידער צו וואַרפן זיך אויף ערנעסטן; ווען מ׳האָט אים געפרעגט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, איז ער געוואָרן נאָך ווילדער און געשריגן, אַז ער וועט אים דערהרגענען. אויך ערנעסט האָט נישט געוואָלט רעדן.

קריסטאָף האָט נישט געקאָנט נישט עסן, נישט שלאָפן. ער האָט געציטערט און געוויינט אין זיין בעט. ער האָט געליטן נישט נאָר צוליב אָטאָן אַליין. אַ גאַנצע איבערקערעניש איז פאָרגעקומען אין אים. ערנעסט האָט זיך גאָר נישט געריכט, וויפל יסורים ער האָט אָנגעטון זיין ברודער. קריסטאָפס האַרץ איז געווען אינגאַנצן ריין; ער האָט זיך אפילו נישט פאָרגעשטעלט דעם שמוץ פון לעבן און ביסלעכווייז האָט ער זי מיט שרעק אויפגעדעקט. צו פּופצן יאָר, האָבנדיק פולע פריי־הייט און שטאַרקע חושים, איז ער געווען נאָך מאָדנע תּמימותדיק. ס׳האָט אים באַשיצט זיין נאַטירלעכע ריינקייט און דאָס, וואָס ער האָט אָן אויפהער געאַרבעט. די ווערטער פון זיין ברודער האָבן געעפנט פאַר אים אַ תהום. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ מיאוסקייט, און איצט, ווען דער דאָזיקער געדאַנק האָט זיך אין אים דערוועקט, איז די גאַנצע פרייד ליב צו האָבן און געליבט צו זיין פאַרשטערט געוואָרן. נישט נאָר זיין פריינדשאַפט צו אָטאָן, נאָר בכלל יעדע פריינדשאַפט איז אים געוואָרן פאַרסמט.

נאָך ערגער איז געוואָרן די לאַגע, ווען עטלעכע שפּאָטישע אָנ־צוהערענישן האָבן אים אַרויפגעבראַכט אויפן רעיון, — אפשר נישט אינגאַנצן ריכטיק, — אַז ער מיט אָטאָן זענען געוואָרן דער ציל פון

ביזוחיליקן נייגיר אינם קלײנעם שטעטל; דער עיקר האָט ער זיך זועגן דעם דערוווסט, ווען מעלכיאָר האָט, אין אַ צייט אַרום, געהאַט צו אים טענות צוליב זיינע שפּאַצירן מיט אָטאָן. ס׳קאָן זיין, אַז מעלכיאָר האָט נישט געזען אין דעם קיין בייז; אָבער קריסטאָף, וואָס האָט שוין געהאַט אַ התראה, האָט געזען אַ חשד אין יעדן וואָרט; ער איז כמעט גענייגט געווען צו גלויבן, אַז ער באַגייט טאַקע דערמיט אַ שווערן חטא. אין דער אייגענער צייט האָט אויך אָטאָ דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס.

זיי האָבן נאָך געפּרוווט זיך צו טרעפן געהיים. אָבער ס׳איז שוין געווען אוממעגלעך צו געווינען צוריק די האַרציקייט פון זייערע פריערדיקע באַציונגען. די וואַרעמקייט פון זייערע שמועסן איז צעשטערט געוואָרן. אָט די צוויי קינדער, וואָס האָבן זיך ליב געהאַט מיט אַזאַ מילדער צערטלעכקייט, אַז זיי האָבן נישט געהאַט די העזה צו געבן זיך אַ ברודערלעכן קוש און האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט קיין גרעסער גליק אין זייער לעבן, ווי נאָר זיך צו זען, אויסצוהערן איינער דעם צווייטן, צו פאַרטרויען זיך זייערע חלומות, — האָבן זיך געפילט פאַרשמוצט דורכן חשד פון נישט פאַרגינערישע הערצער. ס׳איז געקומען צו דעם, אַז זיי האָבן געזען אַ חטא אין די סאַמע אומשולדיקסטע האַנדלונגען; זיי האָבן זיך געוויטלט, זיי האָבן געהאַט שלעכטע געדאַנקען. זייערע באַציונגען זענען געוואָרן אומדערטרעגלעך.

נישט איבעררעדנדיק וועגן דעם קיין וואָרט, האָבן זיי אָנגעהויבן אַלץ זעלטענער צו באַגעגענען זיך. זיי האָבן געפּרוווט זיך איבערשרייבן, אָבער געהיט זיך מיט יעדן אויסדרוק. זייערע בריוו זענען געוואָרן קאַלט און אָן טעם. זיי זענען אַראָפּ פון מוט. כדי איבערצורייסן דעם בריוו-אויסטויש, האָט קריסטאָף געפונען פאַר אַן אויסרייד זיין אַרבעט, און אָטאָ — זיינע לימודים. אינגיכן איז אָטאָ אַוועקגעפאָרן אין אוניווערסיטעט, און די פריינדשאַפט, וואָס האָט עטלעכע חדשים באַלויכטן זייער לעבן, איז פאַרלאָשן געוואָרן.

און אַ נייע ליבע, וואָס די ערשטע פריינדשאַפט איז געווען בלויז איר אָנזאָגער, האָט אויפגעפלאַקערט אין קריסטאָפס האַרצן און פאַרטונקלט יעדע אַנדערע שיין.

אַ פיר אָדער פינף חדשים פאַר אָט די געשעענישן, איז מאַדאַם יאָזעפאַ פאָן קעריך, די יונגע אַלמנה פונם מלוכה־ראַט סטעפאַן פאָן קעריך, אַוועק פון בערלין, ווו זי האָט ביז דאַן געוווינט מיט איר מאַן, כדי זיך צו באַזעצן מיט איר טאָכטער אין דער קליינער שטאָט ביים ריין, אין איר געבורטס־אָרט. זי האָט דאָרט געהאַט אַן אַלט פאַמיליע־הויז, מיט אַ גרויסן גאָרטן, אייגנטלעך אַ פאַרק, וואָס האָט זיך געצויגן באַרג־אַראָפּ, לענג־אויס אַ בערגל, ביזן טייך, נישט ווייט פון קריסטאָפס שטוב. פון זיין בוידעם־שטיבל האָט קריסטאָף געזען די שווערע צווייגן פון די ביימער, וואָס זענען אַראָפּגעהאַנגען איבער דער מויער און דעם הויכן שפּיץ פונם רויטן דאַך און מיט מאָך־באַדעקטע ציגל. אַ קליין, שמאָל געסטל, ווו מ'האָט קוים געקאָנט דורכגיין, האָט זיך געצויגן רעכטס, לענג־אויס דעם פאַרק; פון דאַנען, אַרויפקלעטערנדיק אויף אַ שטיין, האָט מען געקאָנט אַראָפּקוקן פון געמויערטן פאַרקאַן. קריסטאָף האָט עס טאַקע אַלעמאָל געטון. ער האָט געזען די אַלעען, וואָס זענען באַוואַקסן מיט גראָז, די בייטן, וואָס זענען געווען ענלעך צו ווילדע סטעפּעס, די ביימער, וואָס האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן און זיך געראַנגלט אָן אַ סדר, און דעם ווייסן פראָנט פון הויז, מיט די אייביק פאַרמאַכטע לאָדנס. איין מאָל אָדער צוויי אין יאָר פלעגט אַ גערטנער אַרומגיין איבערן גאַנצן גאָרטן און אויסלופטערן די שטוב. אָבער באַלד האָט די נאַטור ווידער איבערגענומען די הערשאַפט איבערן גאָרטן, און אַלץ האָט זיך אומגעקערט צו דער פריערדיקער שטילקייט.

אָט די שטילקייט האָט געמאַכט אויף קריסטאָפן אַ טיפן רושם. ער האָט אָפט אַרויפגעקלעטערט אין דער שטיל אויף זיין אָבסערוויר-

פונקט; מיט דער צייט, ווען ער איז גרעסער געוואָרן, האָבן ביסלעכווייז, פריער זיינע אויגן, דערנאָך די נאָז, שפעטער דאָס מויל דערגרייכט צו דער הויך פון דער מויער; איצט האָט ער געקאָנט אַריבער־ייגן איבער דעם פאַרקאַן די הענט, אויפהויבנדיק זיך אויף די שפיץ פינגער. הגם ס׳איז נישט געווען באַקוועם, איז ער אַזוי געבליבן שטיין, מיטן קין אָנגעשפאַרט אָן פאַרקאַן, זיך צוגעהערט און געקוקט, בעת דער אָוונט האָט צעגאָסן אויף די בייטן ליבע גאָלדערנע שטראַלן, וואָס האָבן אָנגעצונדן בלוילעכע רעפלעקסן אין שאָטן פון די סאָסנעבוימער. ער פלעגט אַזוי פאַרגעסן וועגן זיך, ביז פון גאַס האָבן זיך געלאָזט הערן טריט. ביינאַכט האָבן שמעקעדיקע ריחות געשוועבט אַרום גאָרטן: אין פרילינג — מאַי־גלעקעלעך, אין זומער — אַקאַציע, טויטע בלעטער — אין האַרבסט. ווען קריסטאָף פלעגט קומען אין אָוונט אַהיים פונם שלאָס, איז ווי מיד ער זאָל נישט זיין, פלעגט ער בלייבן שטיין פאַר דער טיר און איינגעזאַפט אין זיך די געשמאַקע ריחות; ס׳איז אים זייער שווער געווען אַריינצוגיין אין ענגן צימער. ער האָט זיך אויך אָפטמאָל געשפילט — אין יענער צייט, ווען ער פלעגט זיך שפילן, — אויפן קליינעם, מיט גראָז־באַוואַקסענעם פלאַץ, ביים אַריינגאַנג אין הויז פון די קעריכס. פון ביידע זייטן טיר זענען געשטאַנען הויכע הונדערט־יאָריקע קאַשטאַן־בוימער; דער זיידע פלעגט אַמאָל קומען, זיך צוזעצן אונטער זיי, געצויגן די לולקע, און די פירות האָבן געדינט די קינדער פאַר קוילן און שפילצייג.

אין איינעם אַ טאָג, גייענדיק דורך דעם געסל, איז ער ווי אַלעמאָל אַרויפגעקראָכן אויפן שטיין. ער האָט געטראַכט וועגן עפעס אַנדערש און צעמישט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט שוין געוואָלט אַראָפגיין, און אָט האָט ער פלוצלינג דערפילט עפעס אַן אומגעוויינלעכע זאַך. ער האָט אַ קוק געטון צום הויז; די פענסטער זענען געווען אָפן; די זון האָט זיך אַריינגעריסן אינעווייניק; הגם מ׳האָט קיין מענטש נישט געזען, האָט דאָך די אַלטע דירה געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפט פון איר פופצניאָריקן שלאָף און אַז זי פרייט זיך מיט דער דערוואַכונג. קריסטאָף איז אַ צעטומלטער אַוועק אַהיים.

ביים טיש האָט זיין טאַטע גערעדט וועגן דעם, וואָס אַלע אין דער געגנט האָבן דאַן געשמועסט, וועגן דעם קומען פון מאַדאַם פאָן קעריך און איר טאָכטער, מיט אָן אַ שיעור פעק. דאָס אָרט פון די קאַשטאַן־בוימער איז פול געוואָרן מיט גאַסן־ייִנגלעך, וואָס זענען גע-

קומען זען, ווי מ'פּאַקט־אויס די זאַכן פֿון די וואָגנס. קריסטאָף, שטאַרק פֿאַרנומען מיט די נייעס, וואָס איז אינם ענגן קרייז פֿון זיין לעבן געווען אַ וויכטיק געשעעניש, האָט זיך געטון זיין אַרבעט און געפּרוווט, — לויט די גוזמאדיקע, ווי שטענדיק, ידיעות, וואָס דער טאַטע האָט איבערגעגעבן, — פֿאָרצושטעלן זיך די מענטשן פֿונם פֿאַרכּישופֿטן הויז. שפּעטער האָט אים זיין אַרבעט אינגאַנצן אַריינגעצויגן און ער האָט פֿאַרגעסן די גאַנצע מעשה; ערשט אין אָוונט, ווען ער איז געגאַנגען אַהיים, איז אים אַלץ אַרויף אויפֿן זכרון; אַ נייגעריקייט האָט אים געטריבן אויף זיין אָבסערוואַטיר־פּונקט, צו זען וואָס עס טוט זיך דאָרט אינעווייניק. ער האָט קיין זאַך נישט באַמערקט, אויסער די רויִקע אַלעען, ווו די אומבאַוועגלעכע בוימער זענען, דאַכט זיך, געשלאָפֿן אין די לעצטע שטראַלן פֿון דער זון. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער אינגאַנצן פֿאַרגעסן די סיבה פֿון זיין נייגעריקייט און זיך איבערגעגעבן דעם תענוג פֿון דער שטילקייט. אָט דאָס משונהדיקע אָרט, — ער איז געשטאַנען, האַלטנדיק דאָס גלייכגעוויכט, אויפֿן שפּיץ פֿונם שטיין, — איז געווען דאָס אויסדערוויילטע אָרט פֿון זיינע חלומות. ביים אַרויסגאַנג, אינם שאָטן פֿונם שמאָלן, מיאוסן געסל, האָבן די באַלויכטענע גאָרטנס געהאַט אַ באַזונדערן פֿאַרכּישופֿטן גלאַנץ. זיין גייסט האָט פֿריי אומגעשפּאַצירט אין די האַרמאָנישע ווייטקייטן; ניגונים האָבן זיך פֿאַרשפּרייט; זיי האָבן אים איינגעשלעפֿערט און אינגאַנצן פֿאַרזונקען, האָט ער פֿאַרגעסן די צייט, די זאַכן, כדי נישט אָנצוווערן דעם מינדסטן קלאַנג פֿון זיין האַרצן.

אָט אַזוי מיט אָפֿענע אויגן און מויל האָט ער געטרוימט, ער וואָלט נישט געקאָנט זאָגן, ווי לאַנג ער האָט געחלומט; ווייל ער האָט גאַרנישט נישט געזען. פּלוצלינג איז ער פֿאַרציטערט געוואָרן. אַנטקעגן אים, ביים סוף פֿון דער אַלעע, זענען געשטאַנען צוויי פֿרויען־פֿיגורן און אים אָנגעקוקט. איינע — אַ יונגע דאַמע אין שוואַרצן, מיט פֿיינע נישט־רעגלמעסיקע שטריכן, מיט אַש־בלאָנדע האָר, הויך, עלעגאַנט, מיט אַ געוויסער אָפּגעלאָזנקייט אין דער פּאָזע פֿון קאָפּ, — האָט אים אָנגעקוקט מיט פֿריינדלעכע, לאַכנדיקע אויגן. די צווייטע — אַ מיידל פֿון אַ יאָר פֿופֿצן, אויך אין טרויער, — האָט געהאַט דעם אויסדרוק פֿון אַ קינד, וואָס אַ שטאַרקער געלעכטער איז עס באַפֿאַלן; זי איז געשטאַנען אַ ביסל הינטער דער מוטער, וואָס נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט איר געגעבן אַ סימן צו שווייגן. דאָס מיידל האָט

פאַרדעקט מיט ביידע הענט דאָס מויל, גלייך ווי ס'וואָלט איר אָנגע־קומען מיט צרות זיך איינצוהאַלטן פון געלעכטער. זי איז געווען אַ קליינע, מיט אַ פריש, ווייס, ראָז, קיילעכדיק פּנימל; זי האָט געהאַט אַ קליין, אַ ביסל־דיקלעך נעזל, אַ קליין גראָבלעך מיילכל, אַ קליינעם, קיילעכדיקן קין, פיינע ברעמען, קלאָרע אויגן און אַ ים מיט האָר, פאַרפלאָכטן אין צעפּ און אויסגעלעגט ווי אַ קראַנץ אַרום איר קאָפּ. אָפּדעקנדיק אַ רונדע האַלז און אַ ווייסן, גלאַטן שטערן: — אַ מין פּנימל פון קראַנאַכן.

קריסטאָף איז איבערראַשט געווען פון אָט דער דערשיינונג. אָנ־שטאָט צו מאַכן פּליטה, איז ער געבליבן שטיין, צוגעשמידט צום אָרט. ווי נאָר ער האָט דערזען, אַז די דאַמע, מיטן פריינדלעכן חוזק־געלעכטערל, האָט געמאַכט עטלעכע שריט צו אים, האָט ער זיך אַ ריס געטון און אַראָפּגעשפרונגען — אייגנטלעך אַראָפּגעקייקלט — אין געסל, נאָכשלעפנדיק מיט זיך אַ שטיק ליים פון וואַנט. ער האָט גע־הערט די פריינדלעכע שטים, וואָס האָט אים היימיש גערופן: „קליי־נער!" און אַ שטאַרקן, קינדערשן געלעכטער, אַ קלאָרן און פליסנדיקן, ווי די שטים פון אַ פייגעלע. ער האָט זיך געפונען אין געסל, אויף די קני און הענט; און נאָך אַ רגע פון צעטראָגנקייט, האָט ער געמאַכט פיס אַזוי גיך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, טאָמער יאָגט מען אים נאָך. ער איז געווען פאַרשעמט, און דאָס געפיל פון חרפּה האָט אים ווידער אַרומגעכאַפּט, ווען ער איז געווען איינער אַליין אין זיין צי־מער. פון דעמאָלט אָן האָט ער נישט געהאַט דעם מוט דורכצוגיין דאָס געסל, צוליב משונהדיקער שרעק, טאָמער וואַרט מען אים דאָרטן אָפּ. ווען ער האָט געמוזט פאַרבייגיין זייער הויז, האָט ער זיך גע־שאַרט ביי דער וואַנט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געלאָפן, נישט גע־קוקט אויף הינטן. אין דער זעלבער צייט האָט ער נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן די צוויי געשטאַלטן, וואָס ער האָט געזען; אויסטועגדיק די שיך, מ'זאָל אים נישט דערהערן, איז ער אַרויף אויפן בוידעם, און געקוקט דורכן דאַך־פענסטערל אויף דער זייט פון די קעריכס הויז און גאָרטן, הגם ער האָט גוט געוווסט, אַז ס'איז אוממעגלעך צו זען אַן אַנדערע זאַך, אויסער די בוימער־שפּיצן און די דאַך־קוימענס.

אין אַ חודש אַרום האָט ער אויף איינעם פון די וועכנטלעכע קאָנצערטן פונם הויף־מוזיק־פאַריין געשפּילט אַן אייגענע קאָמפּאָזיציע פאַר קלאַוויר און אָרקעסטער. ער איז שוין געהאַט צוגעקומען צום

מיט פון דעם לעצטן טייל, ווי ער האָט צופעליק באַמערקט אַנטקעגנ־איבער אין דער לאָזשע די מאַדאַם און טאָכטער קעריך, וואָס האָבן אים אָנגעקוקט. ס׳איז געווען פאַר אים אַזוי אומגעריכט, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן און כמעט אַדורכגעלאָזט צו ענטפערן דעם אָרקעסטער. ער האָט ווייטער מעכאַניש געשפּילט ביזן סוף פונם קאָנצערט. נאָכן קאָנצערט האָט ער געזען, הגם ער האָט אויסגעמיטן צו קוקן אין זייער זייט, אַז מאַדאַם און פרייליין קעריך אַפּלאָדירן אַ ביסל צופיל, ווי זיי וואָלטן געוואָלט, ער זאָל עס באַמערקן. ער האָט גיך פאַרלאָזן די בינע. ווען ער איז אַרויס פון טעאַטער, האָט ער הינטער עטלעכע רייען מענטשן, באַמערקט אין קאָרידאָר די מאַדאַם קעריך, וואָס האָט ווייזט־אויס, אויף אים געוואַרט. ס׳איז געווען אוממעגלעך, ער זאָל זי נישט באַמערקן — פונדעסטוועגן האָט ער זיך געמאַכט נישט־זעענדיק; דורכשלאָגנדיק זיך אַ וועג, איז ער געשווינט אַרויס דורך דער הינ־טער־טיר. שפּעטער האָט ער חרטה געהאַט, ס׳איז אים געווען קלאָר, אַז פרוי קעריך באַציט זיך צו אים גינסטיק. ער האָט אָבער געוווסט, אַז אויב ס׳וועט זיך טרעפן נאָכאַמאָל, וועט ער ווידער טון דאָס איי־גענע. ער האָט פּשוט מורא געהאַט צו טרעפן זי אין גאַס. ווען ער האָט פון ווייטן געזען אַ געשטאַלט, וואָס איז געווען ענלעך צו איר, איז ער אַוועק אויף אַן אַנדערן וועג.

אָבער זי איז געקומען צו אים. זי איז אים געקומען זוכן אין זיין אייגענער היים.

אַ געוויסן טאָג, ווען ער איז געקומען אַהיים אויף מיטאָג, האָט אים לואיזע מיט שטאָלץ דערציילט, אַז אַ משרת אין אַ ליוורייע האָט אים געבראַכט אַ בריוו, און זי האָט אים דערלאַנגט אַ גרויסן קאָנווערט אין אַ שוואַרץ רעמל, ווו אויף דער צווייטער זייט איז געווען אויס־געקריצט דער הערב פון דער משפחה קעריך. קריסטאָף האָט אויפ־געעפנט דעם בריוו, ציטערנדיק איבערצולייענען דאָס, — וואָס ער האָט טאַקע איבערגעלייענט:

„פרוי יאָזעפאַ פאָן קעריך לאַדט איין דעם הער הויף־מוזיקער קריסטאָף קראַפט צו זיך אויף טיי, היינט האַלב זעקס דעם זייגער“.

— כ׳וועל נישט גיין — האָט קריסטאָף דערקלערט.

— וואָס! — האָט געשריען לואיזע. — איך זאָג, דו וועסט יאָ גיין.

קריסטאָף האָט געמאַכט איר אַ סצענע. ער האָט זיך געבייזערט, וואָס זי מישט זיך אַריין אין זאַכן, וואָס האָבן צו איר קיין שייכות נישט.

— דער דינער האָט געוואַרט אויף תשובה. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז דו ביסט פריי היינט. האָסט דאָך טאַקע צייט אין דער שעה.

הגם קריסטאָף איז געווען בייז און געשווירן, אַז ער וועט נישט גיין, האָט ער שוין איצט זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען. ווען ס׳איז געקומען די באַשטימטע צייט, האָט ער אָן אָנגעבלאָזענער זיך גענומען גרייטן; אין האַרצן איז ער דווקא צופרידן געווען, וואָס דער צופאַל האָט מבטל געמאַכט זיין שלעכטן ווילן.

מאַדאַם קעריך האָט גלייך דערקענט אינם פּיאַניסט דעם קליינעם פּ״א־אדם, וואָס זיין צעשויבערטער קאָפּ האָט זיך איר באַוויזן פון הינטער דער מויער דעם ערשטן טאָג פון זייער קומען. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אים ביי די שכנים; און דאָס, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט וועגן קריסטאָפס פאַמיליע, וועגן זייער שווער לעבן און קריסטאָפס מוטיקייט, האָט דערוועקט אין איר אַ אינטערעס צו אים און אַ נייגיר מיט אים צו רעדן.

אָנגעטון אין אַ משונהדיקן מלבוש, אין וועלכן ער האָט אויסגע־זען, ווי אַ דאָרפישער פּאַסטאָר, איז קריסטאָף אַריין אין שטוב, כמעט אויס־מענטש פון שרעק. ער האָט זיך איינגעשמועסט, אַז די דאַמען קעריך האָבן נישט באַוויזן צו באַמערקן זיינע שטריכן, דאַן, דעם ערשטן טאָג, ווען זיי האָבן אים געזען. דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר, ווו דער טעפּיך האָט איינגעשלונגען דעם רויש פון זיינע טריט, האָט אים אַ דינער אַריינגעפירט אין אַ צימער, וואָס זיין גלעזערנע טיר האָט גע־פירט אין גאָרטן. יענעם טאָג איז געגאַנגען אַ קליינער, קאַלטער רעגן; אַ מחיהדיק פייער האָט געברענט אין קאַמין. ביים פענסטער, דורך וועלכן מ׳האָט געזען די סילועטן פון די דורכגענעצטע ביימער אינם נעפּל, זענען געזעסן ביידע פרויען. בעת קריסטאָף איז אַריינגעקומען, האָט מאַדאַם קעריך געהאַלטן אויפן שויס אַ האַנט־אַרבעט, און די טאָכטער — אַ בוך, פון וועלכן זי האָט פאָרגעלייענט. ווען זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך אַדורכגעוואָרפן מיט אַ כיטרען בליק.

— זיי דערקענען מיך — האָט קריסטאָף מיט שרעק געטראַכט.
ער האָט נישט אויפגעהערט אומגעשיקט צו פֿאַרנייגן זיך.
מאַדאַם קעריך האָט פֿריילעך געלאַכט און אויסגעשטרעקט אים די האַנט.
— גוטמאָרגן, טייערער שכן, — האָט זי געזאָגט. — איך בין צופֿרידן אייך צו זען. זינט כ'האָב אייך געהערט אויפֿן קאָנצערט, האָב איך אייך געוואָלט אויסדריקן אַ דאַנק פֿאַר דעם פֿאַרגעניגן, וואָס איר האָט מיר פֿאַרשאַפֿט. און אַזוי ווי דאָס איינציקע מיטל אייך צו זען איז געווען איינצולאַדן אייך, דעריבער האָף איך, איר וועט מיר מוחל זיין, וואָס כ'האָב זיך מיט אים באַנוצט.
אין די דאָזיקע העפֿלעכע און באַנאַלע ווערטער איז געווען אַזוי פֿיל האַרציקייט, — הגם אויך אַ ביסעלע באַהאַלטענע איראָניע, — אַז קריסטאָף האָט זיך תּיכּף באַרויקט.
זיי דערקענען מיך נישט, — האָט ער געטראַכט און פֿריי אָפּגעאָטעמט.
מאַדאַם קעריך האָט פֿאָרגעשטעלט איר טאָכטער. זי האָט פֿאַרמאַכט דאָס בוך און נייגעריק באַטראַכט קריסטאָפֿן.
— מיין טאָכטער, מינא, — האָט זי געזאָגט, — וואָס האָט אייך זייער שטאַרק געוואָלט זען.
— אָבער, מאַמאַ, — האָט מינאַ געענטפֿערט — מיר זעען זיך דאָך נישט צום ערשטן מאָל.
און זי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.
— זיי האָבן מיך דערקענט, — האָט קריסטאָף מיט פֿאַרדרוס געטראַכט.
— ס'איז אמת, — האָט מאַדאַם קעריך געזאָגט, מיטלאַכנדיק, — איר האָט אונדז דאָך באַזוכט דעם ערשטן טאָג פֿון אונדזער קומען.
ביי די ווערטער האָט זיך דאָס מיידל נאָך מער צעלאַכט, און קריסטאָף האָט באַקומען אַזאַ נעבעכדיק אויסזען, אַז ווען זי האָט אויף אים אַ קוק געטון, האָט זי נאָך שטאַרקער גענומען לאַכן. ס'איז געווען אַ ווילדער געלעכטער: זי האָט ממש געוויינט. מאַדאַם קעריך האָט זי געוואָלט באַרויקן, אָבער זי האָט זיך אַליין אויך נישט געקאָנט איינהאַלטן פֿון לאַכן, און קריסטאָף, הגם ער האָט זיך פֿאַרשעמט, האָט זיך אויך אָנגעשטעקט. זייער גוטע שטימונג איז געווען מיטרייסנדיק, — ס'איז אוממעגלעך געווען צו באַליידיקן זיך. קריסטאָף

אָבער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, ווען מינאַ האָט אים, נאָכן באַ-רויקן זיך, געפרעגט, וואָס האָט ער דאָרטן געטון ביי זיי אויף דער מויער. ס׳האָט זי געוויילט זיין צערודערונג, און אַ פאַרלוירענער האָט ער געשטאַמלט. מאַדאַם קעריך איז אים געקומען צו הילף און אי-בערגעריסן דעם שמועס, הייסנדיק דערלאַנגען טיי.

זי האָט אים אויסגעפרעגט פּרטים פון זיין לעבן. אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ געפילט שלעכט. ער האָט נישט געוווּסט, ווי צו זיצן, ווי צו האַלטן דאָס גלאָז טיי, וואָס האָט זיך אים אָט-אָט אַרויס-געגליטשט פון האַנט; יעדעס מאָל, וואָס מ׳האָט אים פאָרגעלעגט וואַ-סער, מילך, צוקער אָדער אַ קיכל, האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב גלייך אויפשטיין און דאַנקען מיט טיפער פאַרנייגונג; ער האָט זיך געפילט ענג אין זיין אַנצוג, אין זיין קראַגן און האַלזטוך, ווי אין אַ פאַנצער; ער האָט נישט געהאַט קיין מוט און נישט געקאָנט זיך רירן נישט אויף רעכטס, נישט אויף לינקס, צעטומלט מיט אָן אַ שיר פראַגן, וואָס מאַדאַם קעריך האָט אים געשטעלט, און געבונדן מיט איר פריינדלעכער באַנעמונג און מיט מינאַס בליקן, וועלכע ער האָט געפילט אויף זיין פּנים, הענט, באַוועגונגען, מלבושים. זיי האָבן געוואָלט קומען אים צו הילף און דערמיט אים נאָך מער צעמישט: מאַדאַם קעריך מיטן מבול פון אירע ווערטער, מינאַ — מיט די קאָ-קעטישע בליקן, וואָס זי האָט אויף אים אינסטינקטיוו געוואָרפן, כדי זיך צו ווייזן.

לסוף האָבן זיי זיך מיאש געווען אַרויסצוקריגן פון אים מער, ווי באַגריסונגען און אָפּגעהאַקטע ווערטער; און מאַדאַם פאָן קעריך, וואָס די גאַנצע צייט האָט זי געהאַט די טרחה אונטערצוהאַלטן דעם שמועס, האָט אים אַ פאַרמאַטערטע געבעטן, ער זאָל צוגיין צום קלאַ-וויר. ער איז איצט געווען מער צוטראָגן, ווי בעת אַ קאָנצערט פאַר אַ גרויסן עולם: ער האָט געשפּילט מאָצאַרטס אַן „אַדאַדזשיאָ". אָבער דווקא די שעמעוודיקייט, די צעטראָגנקייט, וואָס ער האָט געפילט אין דער קעגנוואַרט פון די צוויי פרויען, דאָס אמת האַרציקע געפיל, וואָס האָט אָנגעפילט זיין ברוסט און געמאַכט אים גלייכצייטיק גליקלעך און אומגליקלעך, — זענען געווען ווי צוגעפּאַסט צו דער צאַרטקייט און יוגנטלעכער צניעות פון דער מוזיק און צוגעגעבן איר אַ פרילינגס-חן. מאַדאַם קעריך איז געווען גערירט; זי האָט עס אויסגעדריקט אין איבערגעטריבענע שבחים, ווי ס׳איז דער שטייגער ביי מענטשן פון

דער העכערער געזעלשאַפט; זי איז אָבער געווען נישט ווינציקער אויפריכטיק, און אפילו די גוזמא פון אירע שבחים איז געווען ליב, ווייל זי איז געקומען פון אַ פריינדלעך מויל. די כיטרע מינאַ האָט געשוויגן, זי האָט פאַרחידושט געקוקט אויפן ייִנגל, וואָס איז אַזוי נאַריש אין זיינע רייד, אבער פאַרמאָגט אַזעלכע רעדעוודיקע פינגער. קריסטאָף האָט געפילט זייער סימפּאַטיע און ער האָט זיך געשטאַרקט. ער האָט ווייטער געשפּילט; שפּעטער, האַלב אויסדרייענדיק זיך צו מינאַן, האָט ער פאַרשעמט געזאָגט מיט אַ פאַרלעגנהייטס-שמייכל:

— אָט דאָס האָב איך דעמאָלט אויף דער מויער געטון:

ער האָט געשפּילט אַ קליינע זאַך, ווו ער האָטווירקלעך אַנט-וויקלט די מוזיקאַלישע אידעען, וואָס זענען אים איינגעפאַלן אויף זיין באַליבטן אָרט, בעת ער האָט געקוקט אויפן גאָרטן; אמת — נישט אין יענעם אָוונט, ווען ער האָט געזען מינאַ און די מאַדאַם קעריך, — (ער האָט זיך דווקא געוואָלט איינרעדן, אַז ד ע מ א ָ ל ט, צוליב עפּעס טונקעלע טעמים, וואָס נאָר זיין האַרץ האָט געוווּסט) — נאָר מיט אַ סך אָוונטן פריער; און מ׳האָט געקאָנט געפינען אין דער שטילער האַרמאָניע פונם andante con moto דעם קלאָרן אויסדרוק פונם פויגל-געזאַנג און דאָס מאַיעסטעטישע דרימלען פון די גרויסע בוימער אינם פרידן פון דער פאַרגייענדיקער זון.

ביידע פרויען האָבן זיך איינגעהערט מיט התפּעלות. ווען ער האָט געענדיקט, איז מאַדאַם קעריך אויפגעשטאַנען, אָנגעכאַפּט אים פאַר די הענט מיט איר געוויינלעכער לעבעדיקייט און אים הייס געדאַנקט. מינאַ האָט געפּאַטשט אין די הענט, געשריען, אַז ס׳איז „וווּנדערבאַר" און אַז זי וועט אים צושטעלן אַ לייטער צו דער מויער, כדי ס׳זאָל אים באַקוועמער זיין צו אַרבעטן, אַבי נאָר ער זאָל שאַפן נאָך אַזעלכע „גרויסאַרטיקע" ווערק. מאַדאַם קעריך האָט געזאָגט קריסטאָפן, ער זאָל נישט הערן מינאַס פּלוידעריי; זי האָט אים געבעטן — אַזוי ווי ער האָט ליב דעם גאָרטן, — ער זאָל דאָרט אַריינקומען ווען ער וויל נאָר; און זי האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט אַ ברירה נישט צו קומען אפילו זיי באַגריסן, אויב ס׳איז אים נישט באַקוועם.

— איר האָט אַ ברירה נישט צו קומען אונז צו באַגריסן, — האָט מינאַ געפונען פאַר נויטיק איבערצוחזרן. — נאָר אויב איר וועט נישט קומען, — היט אייך די ביינער!

זי האָט אויפגעהויבן אַ דראָענדיקן פינגער.

מינאַ האָט גאָר נישט געהאַט אַזאַ שטאַרקן חשק, אַז קריסטאָף זאָל זיי באַזוכן, אויך נישט פאַרלאַנגט, ער זאָל זיך באַציִען צו זיי לויט אַלע כּללים פון דער העפלעכקייט; נאָר ס׳האָט איר פּשוט הנאה געטון צו זאָגן עפּעס, וואָס זאָל אים רייצן, אַזוי האָט איר אונטערגע־זאָגט איר אינסטינקט.

קריסטאָף איז רויט געוואָרן פון פרייד. מאַדאַם קעריך האָט אים גערירט מיט דעם טאַקט, מיט וועלכן זי האָט גערעדט וועגן זיין מאַ־מע און זיידן, וואָס זי האָט אַמאָל געקענט. די וואַרימע האַרציקייט פון די צוויי פרויען האָט אים אַדורכגענומען; אין האַרצן האָט ער נאָך איבערגעטריבן אָט די לייכטע גוטסקייט, אָט די וועלטלעכע פריינד־לעכקייט, וואָס קומט אָן אַזוי לייכט, — ווייל ער האָט געוואָלט גלויבן אין איר טיפקייט. ער האָט אָנגעהויבן אויסדערציילן זיינע פלענער, זיינע צרות, מיט אַ נאַיוון צוטרוי. ער האָט נישט באַמערקט, ווי ס׳איז אַריבער אַ שעה, און ער איז אויפגעשפּרונגען פאַרחידושט, ווען אַ דינער איז געקומען אָנזאָגן, אַז ס׳איז געגרייט דער טיש. אָבער זיין פאַרלעגנהייט איז באַלד אַריבער אין גליק, ווען פרוי קעריך האָט אים איינגעלאַדן, בלייבן מיט זיי עסן, ווי גוטע פריינד, וואָס זיי ווילן ווערן און וואָס זיי זענען שוין. מ׳האָט אים געגעבן אַן אָרט צווישן דער מאַמע און דער טאָכטער, און באַם טיש האָט ער אַרויסגעוויזן ווינ־ציקער פעיקייטן, ווי באַם פּיאַנינאָ. אָט דער טייל פון זיין דערציונג איז געווען שטאַרק פאַרלאָזט; ער איז געווען גענייגט צו גלויבן, אַז ביים טיש איז דער עיקר עסן און טרינקען, און אַז דער אופן פון עסן איז כּמעט נישט וויכטיק. די גוט־דערצויגענע מינא האָט געקוקט אויף אים אָנגעבלאָזן און מיט פּאַרדרוס.

זיי האָבן גערעכנט, אַז גלייך נאָכן עסן וועט ער אַוועקגיין, אָבער ער איז זיי נאָכגעגאַנגען אין קליינעם זאַל אַריין, זיך אַוועקגע־זעצט מיט זיי און גאָרנישט געהאַט בדעה אַוועקצוגיין. מינא האָט זיך איינגעהאַלטן פון געגעצן און געמאַכט צייכנס צו דער מוטער, ער האָט עס נישט באמערקט, ער איז געווען שיכּור פון זיין גליק און געגלויבט, אַז אַלע זענען אַזוי גליקלעך ווי ער, — בפרט וואָס מינא קוקנדיק אויף אים, האָט נישט אויפגעהערט, פון געוווינהייט וועגן צו שפּילן מיט די אויגן, — און לסוף, אַזוי ווי ער איז שוין גע־זעסן, — האָט ער נישט געוווּסט פּשוט, ווי אויפצושטיין און געזעג־גענען זיך. ער וואָלט געבליבן אַ גאַנצע נאַכט, ווען מאַדאַם פאָן קע־

ריך וואָלט אים נישט משלה געווען אָן קונצן, אָבער גאַנץ ליבנס־ווירדיק.

ער איז אַוועקגעגאַנגען און מיטגענומען מיט זיך די גלענצנדיקע שיין פון מאַדאַם קעריכס ברוינע און מינאַס בלויע אויגן; ער האָט געפילט אויף זיין האַנט די פיינע באַרירונג פון די איידעלע, ווי בלו־מען זיסע, פינגער, און אַ צאַרטער ריח, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געשפירט, האָט אים אַרומגעהילט, פאַרשיכורט און כמעט גע־בראַכט צו חלשות.

אין צוויי טעג אַרום, ווי ס'איז געווען אָפּגעשמועסט, איז ער ווידער געקומען, צו געבן מינאַן אַ לעקציע פון מוזיק. פון דעם מאָ־מענט אָן איז ער אונטער דעם אויסרייד געקומען רעגלמעסיק צוויי מאָל אַ וואָך, אין דער פרי; און גאַנץ אָפט איז ער געקומען אויך אין אָוונט צו שפּילן און צו שמועסן.

מאַדאַם קעריך האָט אים גערן אויפגענומען. זי איז געווען אַ קלוגע, גוטע פרוי. זי איז אַלט געווען פינף און דרייסיק יאָר, ווען דער מאַן איז איר געשטאָרבן; און הגם זי איז נאָך געווען יונג מיטן קערפּער און נשמה, דאָך האָט זי אַנטשלאָסן זיך אָפּגעזאָגט פונם לעבן, ווי זי איז געווען אַריינגעצויגן פון איר חתונה אָן. ס'קאָן זיין, אַז דאָס אָפּזונדערן זיך איז איר אָנגעקומען גאַנץ לייכט, ווייל זי האָט שוין געהאַט זייער פיל אַדורכגעלעבט און מיט איר געזונטן שכל האָט זי געטראַכט, אַז מ'קאָן נישט דורכמאַכן אין דער זעלבער צייט די פאַרגאַנגנהייט און די קעגנוואַרט. זי איז געווען צוגעבונדן צום אָנ־דענק פון איר מאַן, נישט דערפאַר, ווייל זי האָט ווען־עס־איז אין זייער צוזאַמענלעבן געפילט צו אים אַ סימן פון ליבע: פאַר איר איז געווען גענוג די האַרציקע פריינדשאַפט; זי האָט געהאַט פרידלעך־רויקע חושים און אַ געטרייע נאַטור.

זי האָט זיך אינגאַנצן מקריב געווען דער דערציונג פון איר טאָכטער; אָבער דיזעלבע מעסיקייט, וואָס זי האָט פאַרמאָגט אין איר ליבע, האָט זי אויך פאַרהיט פון דער איבעריקער התפעלות און קרענק־לעכקייט פון מוטערס, ווען דאָס קינד איז דאָס איינציקע באַשעפעניש.

אויף וועלכן די מוטער טראָגט אַריבער אירע אייפערזיכטיקע פאַרלאַנגען צו ליבן און צו ווערן געליבט. זי האָט ליב געהאַט די טאָכטער, אָבער באַצויגן זיך צו איר מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד און נישט דורכגעלאָזט קיין איינעם פון אירע חסרונות, פונקט ווי זי האָט זיך נישט געפרווט נאַרן מיט זיך אַליין. זי איז שאַרפזיניק און קלוג, געהאַט אַ דורכדרינגלעכן בליק, וואָס האָט פונם ערשטן קוק אויפגעדעקט יעדנס שוואַכקייטן און לעכערלעכקייט; זי האָט געפונען אין דעם אַ גרויסן פאַרגעניגן, אָן קיין סימן פון בייזוויליקייט; זי איז געווען פונקט אַזוי שטיפעריש, ווי מילד, און אָפלאַכנדיק פון מענטשן, האָט זי אויך ליב געהאַט צו טון זיי טובות.

דער קליינער קריסטאָף איז געווען אַ גוטער שטאָף פאַר איר גוטסקייט און קריטישן גייסט. אין די ערשטע טעג פון איר באַזעצן זיך אינם קליינעם שטעטל, ווו איר גרויסער טרויער האָט זי אָפגעזונדערט פון דער געזעלשאַפט, איז קריסטאָף געווען פאַר איר אַ מין פאַרוויילונג, פריער פון אַלץ — מיט זיין טאַלאַנט. זי האָט ליב געהאַט מוזיק, הגם זי אַליין איז נישט געווען מוזיקאַליש; זי האָט אין איר געפונען אַ פיזישן און מאָראַלישן תענוג, ווו דער געדאַנק איז פויל פאַרזונקען אין אַ זיסער מעלאַנכאָליע. זיצנדיק ביים קאַמין, — בעת קריסטאָף האָט געשפילט — מיט אַן אַרבעט אין האַנט, מיט אַ פוסטן שמייכל, האָט זי אין דער שטיל געפילט אַ שטומען פאַרגעניגן אינם מעכאַנישן אַרומלויפן פון זיינע פינגער און אין די אומבאַשטימטע באַוועגונגען פון אירע חלומות, וואָס האָבן געשוועבט צווישן די טרויעריקע און זיסע בילדער פון דער פאַרגאַנגנהייט.

אָבער נאָך מער, ווי די מוזיק, האָט זי אינטערעסירט דער מוזיקער גופא. זי איז געווען גענוג קלוג צו פילן קריסטאָפס זעלטענעם טאַלאַנט, הגם זי איז נישט געווען מסוגל אָפצושאַצן זיין אמתע אָריגינאַליטעט. זי האָט מיט נייגיר און הנאה זיך צוגעקוקט, ווי עס דערוועקט זיך אין אים יענער געהיימניספולער פלאַם, וואָס ברענט אין אים. זי האָט גיך דערקענט זיינע מאָראַלישע אייגנשאַפטן, זיין יושר, זיין מוט, דעם מין סטאָאיציזם, וואָס איז אַזוי רירנדיק ביי אַ קינד. פונדעסטוועגן האָט זי געקוקט אויף אים מיט דער געוויינלעכער דורכדרינגלעכקייט פון אירע שאַרפע, חוזקדיקע אויגן. ס'האָט זי געוויילט זיין אומגעשיקטקייט, זיין אויסערלעכע העסלעכקייט, זיינע אַלע קליינע לעכערלעכקייטן; זי האָט זיך צו אים באַצויגן נישט אינגאַנצן ערנסט,

זי האָט זיך בכלל נישט באַצויגן צו קיין זאַך ערנסט. קריסטאָפס משונהדיקע איינפאַלן, זיין לײדנשאַפט, זיין פאַנטאַסטישע שטימונג האָבן איר, אגב, געהייסן גלויבן, אַז ער איז נישט אינגאַנצן ביים קלאָרן זינען; זי האָט געזען אין אים איינעם פון די קראַפטס, וואָס זענען געווען מוטיקע מענטשן און גוטע מוזיקער, אָבער אַ ביסל נישט מיט אַלעמען.

אָט די לייכטע איראָניע האָט קריסטאָף נישט באַמערקט; ער האָט נאָר געפילט דער פרוי קעריכס גוטסקייט. ער איז אַזוי נישט געוווינט געווען, מ׳זאָל זיין צו אים גוט! הגם זיין שטעלע אין שלאָס האָט אים געשאַפן אַ טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט דער העכערער וועלט, איז דער אָרעמער קריסטאָף ווייטער געבליבן אַ פּרא־אדם, אָן בילדונג און דערציִונג, דער עגאָיזם פונם הויף האָט זיך מיט אים פאַרנומען נאָר אויף אויסנוצן זיין טאַלאַנט, און נישט געזוכט אים מיט עפּעס באַהילפיק צו זיין. ער איז געקומען אין שלאָס, געזעצט זיך ביים פּיאַנינאָ, געשפּילט און אַוועקגעגאַנגען — און קיינער האָט זיך נישט געגעבן קיין מי ווען־עס־איז מיט אים אַ שמועס צו טון, אויסער עפּעס אַ באַנאַלן, צעשטרייטן קאָמפּלימענט. זינט דער זיידע איז געשטאָרבן, איז נאָך קיינעם נישט, נישט אין שטוב, נישט אין גאַס, איינגעפאַלן דער מינדסטער געדאַנק צו לערנען, ווי ער דאַרף זיך פירן און ווערן אַ מענטש. ער האָט געליטן פון זיין עם־ארצות און פון זיינע גראָבע זיטן. ער האָט זיך אַליין געמאַטערט אויסצו־פיינען זיך, אָבער ס׳איז אים נישט געלונגען. ביכער, שמועסן, גוטע ביישפּילן — אַלץ האָט אים געפעלט. ער האָט שטאַרק געוואָלט אויס־גיסן זיין האַרץ פאַר אַ פריינד, אָבער נישט געקאָנט ביי זיך פועלן. אפילו מיט אָטאָן האָט ער נישט געהאַט קיין מוט וועגן דעם צו רעדן. ווייל אָטאָ פלעגט דעמאָלט אָננעמען אַ טאָן פון באַליידיקנדיקער גאַווה, וואָס האָט אים געברענט, ווי אָנגעגליט אייזן.

און אָט מיט מאַדאַם קעריך איז אַלץ צוגעגאַנגען לייכט. פון זיך אַליין, ס׳איז נישט נויטיק געווען זי צו בעטן, — (וויפל שטאָלץ דאָס וואָלט קריסטאָפן געקאָסט!) האָט זי אים מילד אָנגעוויזן, וואָס ער דאַרף נישט טון, געלערנט, וואָס ער דאַרף יאָ טון, געגעבן אים עצות וועגן זיינע מלבושים, ווי צו עסן, גיין, רעדן; זי האָט נישט מוותר געווען אויף קיין איין חסרון אין זיין הנהגה, געשמאַק און רעדן; און ס׳איז אוממעגלעך געווען זיך צו באַליידיקן, אַזוי לייכט

און פֿאָרזיכטיק איז געווען איר האַנט און אַזוי האָט זי געשווינט דעם קינדס קרענקלעכע אייגנליבע. זי האָט זיך פֿאַרנומען אויך מיט זיין ליטעראַרישער אויסבילדונג, נישט אַרויסווייזנדיק אפילו, אַז זי טוט עס; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז גאָרנישט פֿאַרחידושט פֿון זיין משונהדיקער עם־הארצות; אָבער זי האָט נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט צו פֿאַריכטן זיינע גרייזן, פשוט און רויק, גלייך ווי ס'וואָלט געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז קריסטאָף זאָל זיך טועה זיין; און אָנשטאָט צו מאַטערן אים מיט פּעדאַנטישע לעקציעס, האָט זי צוגעטראַכט אַ באַשעפטיקונג פֿאַר זייערע באַגעגענישן אין אָוונט, אַז מינאַ אָדער ער גופא זאָלן פֿאָרלייענען שיינע בלעטלעך געשיכטע אָדער עפּעס פֿון די דייטשע און פרעמדע דיכטער. זי האָט אים באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד, אָבער מיט עפּעס אַ מין אַפּוטרופּסות און היימישקייט, וואָס ער האָט נישט באַמערקט. זי האָט זיך אפילו פֿאַרנומען מיט זיין אָנטון, האָט אויפגעפרישט זיינע קליידער, אויסגעשטריקט אים אַ וואָלענעם האַלז־טיכל, געגעבן אים אַלס מתנה קליינע טואַלעט־זאַכן — און אַלץ מיט אַזאַ איידלקייט, אַז ער האָט זיך נישט געפֿילט באַליידיקט פֿון איר אויפמערקזאַמקייט און געשענקען, בקיצור, זי האָט זיך באַצויגן צו אים כמעט מיט מוטערלעכער זאָרג, וואָס יעדע גוטע פרוי פֿילט אינסטינקטיוו צו יעדן קינד, וועלכן מ'טרויט איר אָן, — און ס'איז דערביי גאָרנישט נויטיק, זי זאָל אים ליב האָבן. אָבער קריסטאָף האָט געגלויבט, אַז אָט די גאַנצע צערטלעכקייט באַציט זיך ספּעציעל צו אים, און ער איז איר געווען טיף דאַנקבאַר: פּלוצלונג פֿלעגט ער זיך ליידנשאַפֿטלעך צעגיסן אין געפילן, וואָס האָבן ביי מאַדאַם קעריך אויסגעזען אַ ביסל לעכערלעך, אָבער איר אויך הנאה פֿאַרשאַפֿט.

מיט מינאַן זענען די באַציונגען געווען גאַנץ אַנדערע. ווען קריסטאָף האָט זי בעת דער ערשטער לעקציע, נאָך אַלץ שיכור מיט די נעכטיקע זכרונות, דערזען, איז ער געווען שטאַרק פֿאַרחידושט, געפֿינענדיק אַ מיידעלע אינגאַנצן אַן אַנדערע, ווי די, וואָס ער האָט געזען מיט עטלעכע שעה צוריק. זי האָט זיך אויף אים כמעט נישט אומגעקוקט, נישט געהערט, וואָס ער רעדט; און ווען זי האָט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן, האָט ער אַרויסגעלייענט פֿון זיי אַזאַ פֿאַרגליווערטע קאַלטקייט, אַז ס'האָט פשוט אויפגערעגט. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך געמאַטערט צו דערגיין, מיט וואָס האָט ער זי־

געקאָנט באַליידיקן ער האָט זי גאָר אייגנטלעך נישט באַליידיקט, און מינאַס געפילן זענען הײַנט נישט געווען בעסער און נישט ערגער ווי נעכטן: סײַ הײַנט און סײַ נעכטן איז זי געווען צו אים לחלוטין גלײַכגילטיק. אויב זי האָט אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט אַ שמייכל, איז עס געשען צוליב דער אינסטינקטיוועה קאָקעטישקייט פון אַ קליין מיידל, וואָס ווייסט זיך, אויספרוווּנדיק די מאַכט פון אירע אויגן אויפן ערשטן בעסטן, מעג עס זײַן אפילו אַ הונט, וואָס קומט איר אַנטקעגן אין איר לאַנגווײַליקייט. אָבער באַלד צומאָרגנס האָט דער דאָזיקער לייטער נצחון נישט געהאַט פאַר איר קיין שום אינטערעס. זי האָט אַרויסגעגעבן אויף קריסטאָפן זײַעו אַ שווערן אורטייל; אַז ער איז אַ מיאוס, שלעכט דערצויגן יינגל, וואָס קאָן גוט שפּילן פּיאַנינאָ, וואָס האָט אָבער גראָבע הענט, האַלט מיאוס דעם גאָפּל ביים טיש און עסט פיש מיט אַ מעסער. ער האָט דערפאַר אויסגעזען אין אירע אויגן ווייניק אינטערעסאַנט. זי האָט מיט חשק זיך געלערנט ביי אים מוזיק; דאָס איז אמת; זי איז אפילו גרייט געווען צו ווײַלן זיך מיט אים, ווײַל זי האָט אין דעם מאָמענט קיין אַנדערן חבר נישט געהאַט און ווײַל, — נישט געקוקט אויף איר אָנשטעל, אַז זי איז שוין נישט קיין קינד, — האָט זי דאָך געפילט אַ ווילדן פאַרלאַנג צו פאַרשווענדן דעם איבערפלוס פון פרײַלעכקייט, וואָס איז — פּונקט ווי ביי איר מוטער — געוואָרן נאָך שטאַרקער צוליבן פרישן אָנגעוואָרפענעם טרויער. אָבער קריסטאָף איז פאַר איר געווען נישט מער, ווי אַ שטוב-חיה; און אויב ס׳האָט נאָך איצט געטראָפן אַמאָל, אין די טעג פון בייזער קאַלטקייט, אַז זי האָט אויף אים געקוקט מיט זיסע אויגן, איז עס געווען נישט-ווילנדיק, ווײַל זי האָט געטראַכט פון עפּעס אַנדערש — אָדער פּשוט, כּדי נישט צו פאַרגעסן די „מלאכה״. קריסטאָפס האַרץ האָט געצאַפּלט, ווען זי האָט אים אַזוי אָנגעקוקט. און זי האָט עס קוים באַמערקט: זי האָט זיך אַליין דערציילט מעשׂות. דאָס יונגע מיידל איז געווען אין יענעם עלטער, ווען מ׳צערטלט די חושים מיט זיסע, גלעטנדיקע טרוימען. זי האָט אָן אויפהער געטראַכט וועגן ליבע מיט גרויס אינטערעס און נײַגיר, וואָס איז געווען אומשולדיק נאָר צוליב איר אומוויסנקייט. אַלס אַ גוט-דערצויגן פרײַלין׳ האָט זי זיך פאָרגעשטעלט די ליבע נאָר אין דער געשטאַלט פון חתונה-האָבן. דאָס אויסזען פון איר אידעאַל איז ווײַט געווען נישט פעסט. דאָ האָט זי געטרוימט חתונה צו האָבן מיט אַן אָפיציר, דאָ ווידער

מיט אַ העכערן, בעסערן מין דיכטער, אַלאַ שילער. איין פּלאַן האָט צעשטערט דעם צווייטן, און יעדן נייעם פּלאַן האָט זי אָנגענומען מיטן זעלבן ערנסט און דער זעלבער איבערצייגונג. סוף־כּל־סוף זענען זיי אַלע געווען גרייט אָפּצוטרעטן דעם וועג דער שטאַרקערער ווירקלעכקייט. עס איז מערקווירדיק זיך צוצוקוקן, מיט וואָסער לייכטקייט די יונגע ראָמאַנטישע מיידלעך פאַרגעסן זייערע טרוימען, ווען עס באַווייזט זיך זיי אַ ווינציקער אידעאַלע, אָבער מער זיכערע אויסזיכט.

דערווייל איז די סענטימענטאַלע מינאַ מיט אַלע אירע חלומות געווען רויק און קאַלט. נישט געקוקט אויף איר אַריסטאָקראַטישן נאָמען און אויף איר שטאָלץ מיטן יחוסדיקן וואָרט „פאָן”, האָט זי געהאַט אַ נשמה פון אַ קליינער דייטשער באַלעבאָסטע, אינם גאָלדענעם עלטער פון דער יוגנט.

קריסטאָף האָט, נאַטירלעך, לגמרי נישט פאַרשטאַנען דעם קאָמפּליצירטן, — מער קאָמפּליצירט לפנים, איידער אין דער ווירקלעכקייט, — מעכאַניזם פונם פרויען־האַרץ. ס'האָט אים אָפּט געבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט די האַלטונג פון זיינע פריינדינס; אָבער ער איז געווען אַזוי גליקלעך מיט זיין ליבע צו זיי, אַז ער האָט זיי מוחל געווען אַלץ, וואָס האָט אים באַאומרויקט און פאַרדראָסן אַביסל, אַבי זיך נאָר איינצורעדן, אַז זיי האָבן אים ליב אַזוי שטאַרק, ווי ער האָט זיי ליב. איין צערטלעך וואָרט אָדער בליק האָט אים אַריינגעבראַכט אין התפּעלות. ס'האָט אים טיילמאָל אַזוי גערירט, אַז ער האָט זיך שיר נישט צעוויינט.

זיצנדיק באַם טיש, אינם קליינעם, שטילן זאַל, נישט ווייט פון מאַדאַם קעריך, וואָס האָט גענייט באַם ליכט פון לאָמפּ... — (מינאַ האָט געלייענט באַם צווייטן עק טיש, זיי האָבן צווישן זיך נישט געשמועסט; דורך דער האַלב־אָפענער טיר פונם גאָרטן האָט מען געזען דעם אַלעען־זאַמד, וואָס האָט געגלאַנצט אין דעם לבנה־שיין; אַ לייכטער געמורמל האָט זיך געטראָגן פון די בוימער שפּיצן...) — האָט ער געפילט, ווי זיין האַרץ רוישט פון גליק. פּלוצלינג, אָן אַ שום סיבה, איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט, געוואָרפן זיך אויף די קני פאַר

מאַדאַם קעריך, אַ כאַפּ געטון איר האַנט, — אַלץ איינס, צי האָט זי געהאַלטן אַ נאָדל אָדער נישט, — און באַדעקט זי יט קושן, און כלי־פּענדיק, צוגעלעגט צום מויל, צו די באַקן און אויגן. מינאַ האָט אויפגעהויבן די אויגן פון איר בוך און געהויבן ליכט די אַקסלען מיט אַ קרומער מינע. מאַדאַם קעריך האָט לאַכנדיק געקוקט אויף אים, אויף אָט דעם גרויסן ייִנגל, וואָס איז געלעגן באַ אירע פיס, זי האָט אים געגלעט מיט דער פרייער האַנט איבערן קאָפּ זאָגנדיק דערביי מיט איר שיינער, צאַרטער, איראָנישע שטים:

— נו, וואָס, מיין גרויס נאַרעלע, נו, וואָס! וואָס איז מיט דיר?

אָ, די זיסקייט פון איר שטים, פון דעם פרידן, פון דער שטילקייט, פון דער דאָזיקער איידעלער אַטמאָספער, אָן געשרייען, אָן געפילדער, אָן גראָבקייט, פון אָט דעם אָאַזיס אינמיטן דעם וויסטן לעבן און דערצו דאָס הערלישע ליכט, וואָס באַגילדט מיט זיינע רעפלעקסן די זאַכן און באַשעפענישן — פון דער פאַרפישופטער וועלט, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן ביים פאָרלייענען די געטלעכע דיכטער — געטע, שילער, שעקספּיר, — שטראָמען פון קראַפט, פון ווייטיק און — ליבע...

מינאַ האָט געלייענט, איר קאָפּ איז געווען געבויגן איבערן בוך, איר פּנים — לייכט פאַררויטלט פון התפּעלות, מיט איר פרישער, אַביסל אָנגעשטרענגטער שטים, וואָס האָט געהאַט אַן ערנסטן טאָן, בעת זי האָט אַרויסגערעדט דעם נאָמען פון אַ גבור אָדער אַ מלך. טיילמאָל האָט די מאַדאַם קעריך אַליין גענומען דאָס בוך אין האַנט און צוגעגעבן די טראַגישע געשעענישן דעם גייסטיקן חן און צאַרטקייט פון איר אייגענער נשמה; אָבער ס׳רוב האָט זי זיך צוגעהערט, אויסגעצויגן אין איר ווייכן שטול, אייביק מיט דער האַנט־אַרבעט אויפן שויס, און זיך איבערגעשמייכלט מיטן אייגענעם געדאַנק: — שטענדיק האָט זי זיך אַליין געזען אין אַלע ווערק.

אויך קריסטאָף האָט געפּרוּווט לייענען, אָבער געמוזט זיך אָפּזאָגן דערפון: ער האָט געשטאַמלט, געפּלאָנטערט די ווערטער, דורכגעלאָזט די פּונקטאַציע, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער הויבט נישט אָן צו פאַרשטיין; ער איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן ביי די רירנדיקע ערטער, פילנדיק, אַז אָט־אָט צעוויינט ער זיך. דעמאָלט פלעגט ער בייז אַ וואָרף טון דאָס בוך אויפן טיש, און דיביידע פריינדינס האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער... ווי־

ליב ער האָט זיי געהאַט; ער האָט שטענדיק מיטגעטראָגן זייער בילד מיט זיך און דאָס בילד האָט זיך צונויפגעשמאָלצן מיט די געשטאַלטן פון שעקספּיר און געטע. ער האָט נישט געקאָנט פונאַנדערשיידן צווישן זיי. אַ גוט וואָרט פון אַ דיכטער, וואָס האָט אויפגעוועקט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה אַ ליידנשאַפטלעכן צאַפּל, איז ביי אים געווען אומבאַדינגט ענג פאַרבונדן מיטן טייערן מויל, וואָס עס האָט אים צום ערשטן מאָל געלאָזט הערן. אפילו אין צוואַנציק יאָר אַרום האָט ער נישט געקאָנט לייענען אָדער זען ווי מ׳שפּילט „עגמאָנט" אָדער „ראָ-מעאָ", ווו ביי געוויסע פּערזען זאָלן אים נישט קומען אויפן רעיון די זכרונות פון יענע שטילע אָוונטן, פון יענע גליק-חלומות, און אויך די געליבטע פּנימער פון מאַדאַם קעריך און מינאַ.

גאַנצע שעהן האָט ער געהאַלטן אין איין קוקן אויף זיי: אין אָוונט, בעת זיי האָבן געלייענט, — ביינאַכט, בעת ער האָט געחלומט אינם בעט מיט אָפענע אויגן, אויף דער וואָר, — בייטאָג, בעת ער האָט געטרוימט ביי זיין מוזיק-שטענדער, שפּילנדיק מעכאַניש מיט האַלב-געשלאָסענע וויעס. ער האָט צוביידן געפילט אַן אומשולדיקע צאַרטקייט, און נישט וויסנדיק בכלל פון ליבע, האָט ער געגלויבט, אַז ער איז פאַרליבט. נאָר ער האָט נישט געוווסט גענוי אין וועמען, אין דער מוטער צי אין דער טאָכטער. ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה און נישט געוווסט, וועמען אויסצוקלויבן. נאָר אַזוי-ווי ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אויסקלויבן סוף-כל-סוף מוז ער, איז אים קלאָר גע-וואָרן, אַז ער איז גיכער געניגט צו דער מאַדאַם פאָן קעריך. נאָכ-דעם ווי ער האָט זיך אַנטשלאָסן, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט זי טאַקי באמת ליב. ער האָט ליב געהאַט אירע קלוגע אויגן, דעם צעטראָגענעם שמייכל פון איר האַלב-אָפן מויל, מיט די, אויף אַ זייט פאַרקעמטע, שיינע, ווייכע האָר, איר הייזעריקלעכע שטים מיטן הוסטל, אירע מוטערלעכע הענט, די עלעגאַנץ פון אירע באַוועגונגען און איר פאַרבאָרגענע נשמה. ער האָט געציטערט פון גליק, בעת ער איז גע-זעסן נעבן איר און זי האָט אים גוטמוטיק געגעבן צו פאַרשטיין אַן אָרט אינם בוך, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען. זי האָט אָנגעשפּאַרט איר האַנט אויף קריסטאָפס אַקסל; ער האָט געפילט די וואַרעמקייט פון אירע פינגער, איר אָטעם אויף זיין באַק און דעם זיסן ריח פון איר קערפּער; ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַנטציקונג, נישט געטראַכט מער וועגן בוך און גאָרנישט נישט

נישט פאַרשטאַנען. זי האָט עס באַמערקט און געהייסן אים איבערחזרן דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט; ער האָט געשוויגן; זי האָט זיך לאַכנדיק געבייזערט און אים צוגעקוועטשט די נאָז צום בוך זאָגנדיק, אַז ער וועט שוין אויף אייביק בלייבן אַן אייזל. ער האָט דערויף געענטפערט, אַז ס'איז אים אַלצאיינס, אַבי ער זאָל זיין איר אייזל און אַבי זי זאָל אים קיינמאָל נישט אָפּשטויסן פון זיך. זי האָט זיך כלומרשט געוועקלט; שפּעטער האָט זי געזאָגט, אַז כאָטש ער איז אַ קליינער, מיאוסער אייזל און זייער אַ נאַרישער, איז זי פונדעסטוועגן מסכים ער זאָל בלייבן ביי איר, — און ס'קאָן זיין, אַז זי האָט אים אפילו ליב — און הגם ער טויג צו גאָרנישט, איז ער דאָך אַ ווויל ייִנגל. זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט, און ער איז געשוווּמען אין אַ ים פון פרייד.

זינט ס'איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט ליב די מאַדאַם פאָן קעריך, האָט קריסטאָף זיך דערווייטערט פון מינאַן. ס'האָט אים אָנגע־הויבן אויפצורעגן איר שטאָלצע קאַלטקייט, און אַזוי ווי ס'איז אים אָפּט אויסגעקומען זי צו זען, איז ער געוואָרן פרייער אין זיינע באַ־וועגונגען און נישט באַהאַלטן פאַר איר זיין גלייכגילטיקייט. זי האָט ליב געהאַט אים אויפצורעגן, און ער האָט גראָב געענטפערט. זיי האָבן זיך שטענדיק שטאַרק געווערטלט, וואָס האָט ביי מאַדאַם קעריך אַרויס־גערופן אַ געלעכטער. קריסטאָף איז נישט געבליבן דער זיגער אין דעם דאָזיקן וואָרט־קאַמף און איז אָפּטמאָל זייער אויפגעבראַכט אַוועק־געגאַנגען; ער האָט געגלויבט, אַז ער האָט פיינט מינאַן און זיך איינ־גערעדט, אַז ער קומט נאָר צוליב דער מאַדאַם קעריך.

ער האָט ווייטער געלערנט מיט איר מוזיק. צוויי מאָל אַ וואָך, פון ניין ביז צען אין דער פרי, האָט ער אַכטונג געגעבן אויף אירע גאַמען און איבונגען. דאָס צימער, ווו זיי זענען געזעסן, איז געווען מינאַס לערן־צימער. ס'איז געווען אַ מערקווירדיק אַרבעטס־צימער, וואָס האָט טריי און לעכערלעך אָפּגעשפּיגלט דעם משונהדיקן תוהו־ובוהו פונם קליינעם פרויען־מוח.

אויפן טיש — קליינע פיגורלעך פון קעץ־מוזיקאַנטן, — אַ גאַנצער

אָרקעסטער, — ווו איין קאַץ האָט געשפּילט פידל, אַ צווייטע — וויאָלאָנטשעל; אַ קליין טאַשן־שפּיגעלע, טואַלעט־מכשירים, שרייב־געצייג אויסגעצייכנט אויסגעשטעלט אין אַ סדר. אויף דער עטאַזשערקע — קליינע ביוסטן פון מוזיקער: בעטהאָווען מיטן געקנייטשטן שטערן, וואַגנער מיט זיין בערעט־היטעלע און אַפּאָלאָ פון בעלוועדער. אויפן קאַמין נעבן אַ פראָש, וואָס האָט געדרייווערט אַ לולקע פון וואַסערגראָז, — אַ פּאַפּירענער פעכער, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעמאָלט דאָס טעאַטער פון ביירוט. אין דער ביבליאָטעק, אויף צוויי פּאָלעצעס, עטלעכע ביכער: ליבקע, מאָמסען, שילער, ד ע ר, וואָס האָט ק יי ן משפחה נ י ש ט, זשיל ווערן, מאָנטיין. אויף די ווענט — גרויסע פּאָטאָגראַפיעס פון דער סעקסטינער יונגפרוי און בילדער פון הערקאָמער; זיי זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט בלויע און גרינע בענדער. דאָ איז אויך געווען אַ בילד פון אַ שווייצאַרישן האָטעל, אין אַ ראַם פון באַזילבערטע שטעכלקעס, און דער עיקר זענען דאָ אומעטום געווען אָנגעוואָרפן, אין אַלע ווינקעלעך פונם צימער, פּאָטאָגראַפיעס פון אָפּיצירן, טענאָרן, קאַפּעלמייסטערס, פריינדינס, — אַלע מיט אויפשריפטן, כמעט אַלע מיט פערזן אָדער לפּחות מיט אַזוינס, וואָס אין דייטשלאַנד ווערט עס אָנגערופן פערזן. אין מיטן צימער, אויף אַ זייל פון מירמלשטיין, האָט גערוט דער ביוסט פון בערדיקן בראַמס; און איבערן קלאַוויר אויפן שפּיץ פון אַ שנירל האָבן זיך געבאָמבלט צוויי פּליושמאַלפּעס און מתנות פון קאָטיליאָן.

מינאַ פלעגט אַלעמאָל אַריינקומען שפּעט, מיט אויגן פאַרקלעפּטע פון שלאָף און אַן אָנגעבלאָזענע; זי האָט קוים דערלאַנגט קריסטאָפן די האַנט, געזאָגט אַ קאַלטן „גוטמאָרגן" און אַ שווייגנדיקע, ערנסט און שטאָלץ זיך געזעצט ביים קלאַוויר. ווען זי איז געווען אַליין, האָט זי ליב געהאַט צו שפּילן די גאַמען אָן אַ סוף, זי האָט דאַן געקאָנט בלייבן ווייטער אינם פוילן, האַלב־פאַרשלאָפענעם צושטאַנד און אין אירע טרוימען. אָבער קריסטאָף האָט זי געצוווּנגען צוצולעגן קאָפּ צו די שווערע איבונגען: דערפאַר, כּדי זיך נוקם צו זיין, האָט זי זיך באַמיט צו שפּילן וואָס ערגער. זי איז געווען גענוג מוזיקאַליש, נאָר נישט ליב געהאַט די מוזיק, — ווי פיל דייטשקעס. און, פונקט ווי זיי, האָט זי געטראַכט, אַז מ׳דאַרף זי ליב האָבן; און דערפאַר האָט זי זיך געלערנט מיט גענוג התמדה, אויסער עטלעכע פאַלן פון טייוולשער בייזוויליקייט, ייען זי האָט געוואָלט אָנטון דעם לערער אַ צולהכעיס.

זי איז אים טאַקע דערגאַנגען די יאָרן מיט דער אייז־קאַלטער גלייכ־גילטיקייט, מיט וועלכער זי האָט זיך געלערנט. צום ערגסטן איז געווען, וואָס זי האָט געמיינט, אַז אין די אויסדרוקספולע ערטער באַדאַרף מען אַריינלעגן „נשמה״: זי פלעגט ווערן סענטימענטאַל און באמת גאָרנישט געפילט.

דער קליינער קריסטאָף איז געזעסן נעבן איר און איז נישט געווען זייער העפלעך. ער האָט איר קיינמאָל נישט געמאַכט קיין קאָמפּלימענטן: ער איז געווען ווייט דערפון. זי האָט דערפאַר געטראָגן אויף אים אַ כּעס און נישט דורכגעלאָזט קיין איין באַמערקונג זיינע אָן אַ תּשובה. זי האָט זיך געשפּאַרט מיט אים איבער זיינע רייד; ווען זי האָט אַ טעות געהאַט, האָט זי זיך איינגעעקשנט און געטענהט, אַז זי שפּילט ריכטיק, וואָס ס'שטייט געשריבן. ער איז געוואָרן בייז, און זיי האָבן נישט אויפגעהערט זיך אויסצוטוישן מיט בייסנדיקע און חוצפּהדיקע ווערטער. די אויגן אַראָפּגעלאָזט אויף די קלאַווישן, האָט זי נישט אויפגעהערט צו אָבסערווירן קריסטאָפן און הנאה געהאַט פון זיין כּעס. כּדי צו פאַרטרייבן די לאַנגוויייליקייט, האָט זי אויסגעפונען כּלערליי נאַרישע שפּיצלעך, כּדי איבערצערייסן די לעקציע און אַרויסצוברענגען קריסטאָפן פון די כּלים. זי האָט כּלומרשט געחלשט, כּדי אויסצוזען אינטערעסאַנטער; זי פלעגט זיך שטאַרק צעהוסטן אָדער פּלוצים האָט זי באַדאַרפט איבערצוגעבן זייער אַ וויכטיקע זאַך דער דינסט. קריסטאָף האָט געוווּסט, אַז עס איז אַ קאָמעדיע; און מינאַ האָט געוווּסט, אַז קריסטאָף ווייסט עס גאַנץ גוט, און דאָך האָט עס זי געווײלט: ווייל קריסטאָף האָט זיך נישט דערוועגט איר צו זאָגן, וואָס ער טראַכט וועגן איר.

אין איינעם אַ טאָג, ווען זי האָט, ווי שטענדיק, געמאַכט אירע שטיק, דאָס מויל באַהאַלטן אין טיכל, גלייך ווי דער הוסט וואָלט זי געשטיקט, אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט זי געוואָרפן פון דער זייט אַן אויגל אויפן אויפגעבראַכטן קריסטאָף, — איז איר איינגעפאַלן אַ פיינע המצאה אַראָפּצולאָזן אויף דר'ערד דאָס טיכל, כּדי צו צווינגען קריסטאָפן עס אויפצוהויבן: ער האָט עס געטון מיט זייער אַ קנאַפּן חשק. זי האָט אים אָפּגעדאַנקט מיט אַ „מערסי״ פון אַ גראַנדדאַמע, און דאָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ שטאַרקן צאָרן.

זי האָט זיך געטראַכט, אַז דער שפּיל איז זייער אַ פיינער און ס'איז כּדאי עס איבערצוחזרן. צומאָרגנס האָט זי עס געטון נאָכאַמאָל.

קריסטאָף האָט זיך נישט גערירט פון אָרט; ער האָט געבּרענט פון כּעס. זי האָט אַ ווײַלע געוואַרט אומגעדולדיק אונשפּעטער געזאָגט מיט אַ פאָר-וווּרף:

— אפשר וועט איר זײַן אַזוי גוט אויפצוהויבן מיר דאָס טי-כעלע?

קריסטאָף האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט אײַנהאַלטן.

— איך בּין נישט בּײַ אײַך קיין משרת! — האָט ער גראָב גע-שריען — הויבּט עס אַליין אויף!

מינאַ איז פאַרציטערט געוואָרן. זי איז פּלוצלינג אויפגעשטאַנען פון איר בּענקל, וואָס איז בּשעת מעשה אומגעפאַלן:

—אָ, דאָס איז שוין צופיל,—האָט זי געזאָגט און אַ קלאַפּ געטון בּייז אין קלאַוויר. זי איז אַרויס זייער צוקאָכט.

קריסטאָף האָט געוואַרט. זי איז נישט צוריקגעקומען. ס׳איז אים געווען פּשוט אַ חרפה, וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט: ער האָט גע-פילט, אַז ער האָט זיך אויפגעפירט, ווי אַ גראָבער־יונג. הייסט עס—אַ סוף. זי האָט געמאַכט חוזק פון אים מיט צופיל חוצפה! ער האָט מורא געהאַט, אַז מינאַ זאָל זיך נישט קלאָגן פאַר איר מוטער און אַז ער זאָל אויף אייבּיק נישט פאַרלירן מאַדאַם קעריכס גוטסקייט. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון, ער האָט חרטה געהאַט אויף זײַן גראָבקייט, אָבער בּשום אופן וואָלט ער נישט מסכּים געווען זי אי-בּערצובּעטן.

צומאָרגנס, פאַרווּנדיק זײַן מזל, איז ער ווידער געקומען, הגם ער האָט געקלערט, אַז מינאַ וועט זיך נישט וועלן מער לערנען. אָבער מינאַ, וואָס איז געווען צו שטאָלץ צו גיין זיך קלאָגן פאַר עמעצן, מינאַ, וואָס איר געוויסן איז, אַגב, נישט געווען אינגאַנצן ריין, האָט זיך בּאַוויזן, נאָכדעם ווי זי האָט אים געלאָזט וואַרטן פינף מינוט מער ווי געוויינלעך; זי האָט זיך געזעצט בּאַם קלאַוויר אַן אויסגעגלייכטע און אַ שטאָלצע, נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, גלייך ווי קריסטאָף וואָלט פאַר איר לחלוטין נישט עקזיסטירט. פונדעסטוועגן האָט זי געלערנט בּאַ אים און אויך ווייטער געקומען לעקציעס. זי האָט גוט געוווּסט, אַז קריסטאָף איז אַ מבין אויף מוזיק און אַז זי דאַרף זיך אויסלערנען גוט שפּילן פּיאַנינאָ, אויב זי וויל זײַן — דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זײַן: אַ פרײַלין מיט יחוס און מיט אַ פײַנער דערציִונג.

אָבער ווי לאַנגווייליק ס׳איז איר געווען! — ווי לאַנגווייליק ס׳איז
זיי ביידן געווען!

אין איינעם אַ פערוואָלקנטן מערץ־פרימאָרגן, ווען קליינע שניי־
פליטערלעך זענען ווי פעדערן אַרומגעפלויגן אין דער פאַרנעפּלטער
לופט, זענען זיי געזעסן אין לערן־צימער. ס׳איז געווען אַ טונקעלער
טאָג. מינאַ האָט, לויט איר שטייגער, זיך געשפּאַרט פאַר דעם פאַלשן
טאָן, וואָס זי האָט גענומען, און געטענהט, אַז „אַזוי שטייט אָנגע־
שריבן". כאָטש ער האָט אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז זי זאָגט אַ ליגן,
האָט ער זיך דאָך אַריבערגעבויגן איבערן העפט, כדי אַ קוק צו טון
ווי ס׳איז באמת אָנגעשריבן. זי האָט געהאַלטן איר האַנט אויפן
שטענדער און נישט צוגענומען זי פון דאָרט. ער האָט געהאַלטן זיין
מויל נאָענט פון איר האַנט. ער האָט געפּרוּווט לייענען, אָבער ס׳האָט
זיך נישט איינגעגעבן; ער האָט געקוקט אויף אַן אַנדער זאַך, — אויף
אָט דער איידעלער, דורכזיכטיקער זאַך, וואָס האָט אויסגעזען ווי
שפּראָצונגען פון אַ בלום. פּלוצלינג, — (ער האָט נישט געוווּסט, וואָס
ס׳איז אים דורכגעפלויגן דורכן קאָפּ), האָט ער מיט אַלע כוחות צו־
געדריקט זיינע ליפּן צו איר הענטל.

זיי זענען ביידע געווען שטאַרק איבעררעאַשט. ער האָט זיך אַ
וואָרף געטון צוריק, זי האָט צוריקגעצויגן איר האַנט, — זיי זענען
ביידע רויט געוואָרן. זיי האָבן נישט איבערגערעדט קיין וואָרט, זיי
האָבן זיך נישט אָנגעקוקט. נאָך אַ ווײַלע פון צעטומלטן שווייגן, האָט
זי ווידער גענומען שפּילן; איר ברוסט האָט זיך לייכט געהויבן, ווי
עפּעס וואָלט זי געדריקט; זי האָט גענומען איין פאַלשן טאָן נאָכן
צווייטן. ער האָט עס נישט באַמערקט: ער איז געווען פּונקט אַזוי
צעמישט, ווי זי; זיינע שלייפן האָבן געקלאַפּט, ער האָט נישט גע־
הערט, נישט געוווּסט, וואָס זי שפּילט און כדי איבערצורייסן די שטיל־
קייט האָט ער גענומען מיט אַ געשטיקטער שטים מאַכן באַמערקונגען
סתם אין דער וועלט אַריין. ער האָט געטראַכט, אַז איצט איז ער
שוין לחלוטין אַ פאַרלוירענער אין מינאַס אויגן. ער איז געווען אי־
בעררעאַשט פון זיין האַנדלונג, ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט מיאוס

און גראָב געהאַנדלט. די שעה פון דער לעקציע איז אַריבער, ער איז אַוועקגעגאַנגען און קיין קוק נישט געטון אויף מינאַן; ער האָט אפילו פאַרגעסן מיט איר זיך צו געזעגענען. זי איז נישט געווען אויף אים ברוגז. איר איז שוין איצט נישט איינגעפאַלן צו טראַכֿטן, אַז קריסטאָף איז שלעכט דערצויגן; אויב זי האָט געמאַכֿט אַזוי פיל גרייזן בעת איר שפילן, איז עס דערפאַר, ווייל זי האָט אים נישט אויפגעהערט צו אָבסערווירן פון דער זייט מיט אַ פאַרחידושטער און — צום ערשטן מאָל — סימפאַטישער נייגעריקייט.

ווען זי איז געבליבן אַליין, האָט זי אָנשטאָט אויפצוזוכֿן די מאַמע, ווי שטענדיק, פאַרמאַכֿט זיך אין איר צימער און נאָכֿגעטראַכֿט די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכֿע געשעעניש. זי האָט זיך געזעצט פאַרן שפיגל. ס'האָט זיך איר געדאַכֿט, אַז אירע אויגן זענען צאַרט און גלאַנצן. טראַכֿטנדיק אַזוי אָנגעשטרענגט, האָט זי געביסן לייכֿט איר ליפ. און ווען זי האָט באַטראַכֿט מיט הנאה איר שיין געזיכֿט, האָט זי זיך ווידער דערמאָנט די סצענע, געוואָרן רויט און געשמייכֿלט. ביים טיש איז זי געווען אויפגעלעגט און רירעוודיק. אויך שפעטער האָט זי נישט געוואָלט אַרויסגיין און געבליבן אַ גאַנצן נאָכֿמיטאָג אין זאַל; זי האָט געהאַלטן אַן אַרבעט אין האַנט און געמאַכֿט אפשר צען שטעך, וואָס האָבן אויך נישט געטויגט; אָבער נישט וויכֿטיק! אינם ווינקל פון צימער, אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער מוטער, האָט זי געלאַכֿט; אָבער באַהערשט פלוצליגג פון אַ פאַרלאַנג אויסצוגיסן איר האַרץ, האָט זי גענומען שפרינגען איבערן צימער, זינגענדיק אויפן קול. מאַדאַם קעריך האָט זיך דערשראָקן און געזאָגט, אַז זי איז חסר־דעה. מינאַ האָט זיך געוואָרפן איר אויפן האַלז, און קייקלענדיק זיך פון געלעכֿטער, געקושט זי ביז צום דערשטיקן.

אין אָוונט, ווען זי איז צוריק אַריין אין איר צימער, איז זי נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסן, איידער זי איז געגאַנגען שלאָפן. זי האָט אַלץ געקוקט אין שפיגל, געגישטערט אין זכרון און גאָרנישט נישט אויסגעטראַכֿט, ווייל אַ גאַנצן טאָג האָט זי געטראַכֿט נאָר וועגן דעם. זי האָט זיך פאַמעלעך אויסגעטון; אַלע ווײַלע געבליבן זיצן אויפן בעט און באַמיט צו דערמאָנען קריסטאָפס געזיכֿט. אַן אַנדערער קריסטאָף האָט זיך באַוויזן אין איר דמיון; ס'האָט זיך איר איצט געדאַכֿט, אַז ער איז נישט אַזוי מיאוס. זי האָט זיך געלייגט און אויסגעלאָשן דאָס ליכֿט. אין צען מינוט אַרום איז די סצענע פון פרימאָרגן ווידער איר געקו-

מען אויפֿן זינען, און זי האָט זיך הויך צעלאַכט. איר מוטער האָט זיך שטיל אויפגעהויבן און געעפנט די טיר גלויבנדיק, אַז כאָטש ס'איז איר פאַרוועלט, לייענט זי אין בעט. זי האָט געפונען מינאַ ליגט שטיל אין בעט, מיט גרויסע צעעפנטע אויגן, אין דער האַלב-טונקל-קייט פון דעם נאַכט-לאָמפּ.

— וואָס איז דיר, — האָט זי געפרעגט — וואָס ביסטו אַזוי פריילעך?

— גאָרנישט, — האָט מינאַ ערנסט געענטפערט — איך טראַכט.

— ביסט מסתמא גליקלעך צו ווילן זיך אַזוי אין דיין אייגענער געזעלשאַפט. אָבער איצט דאַרף מען שלאָפן.

— יאָ, מאַמאַ, — האָט מסכים געווען מינאַ.

און אין זיך האָט זי געבורטשעט:

— אָבער גיי שוין אַמאָל! גיי שוין!

ביז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, און זי האָט ווייטער געקאָנט וועבן אירע חלומות. זי איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ זיסער פאַר-גליווערטקייט. שוין נאָענט פאַר אַנטשלאָפן ווערן, איז זי אונטערגע-שפּרונגען פון פרייד:

— ער האָט מיך ליב... סאַר אַ גליק! ווי פיין דאָס איז פון אים, וואָס ער האָט מיך ליב!... ווי ליב איך האָב אים!

זי האָט אַרומגענומען איר קישן און איז באַלד איינגעשלאָפן.

ווען ביידע קינדער האָבן זיך דערנאָך צום ערשטן מאָל ווידער געפונען צוזאַמען, איז קריסטאָף געווען פאַרחידושט פון מינאַס ליבנס-ווירדיקייט. זי האָט אים געזאָגט „גוטמאָרגן” און מיט זייער אַ ווייכער שטים געפרעגט, ווי עס גייט אים; זי האָט זיך געזעצט ביים קלאַ-וויר מיט אַ קלוגן, באַשיידענעם געזיכט, און געוואָרן נאָכגיביק — ממש ווי אַ מלאך. זי האָט שוין איצט מער נישט געהאַט די קאַפּריזן פון אַ שלעכטער שילערין, נאָר אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו קריסטאָפס באַמערקונגען, אַנערקענט, אַז ער איז גערעכט, אַפילו אַליין דערשראָקן אויסגעשריען, בעת זי האָט זיך טועה געווען, און זיך באַמיט צו פאַריכטן. קריסטאָף האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין:

אין אַזאַ קורצער צייט האָט זי געמאַכט איבערראַשנדיקע פּאָרשריטן. נישט נאָר וואָס זי האָט בעסער געשפּילט, נאָר אויך ליב געקראָגן די מוזיק. ווי ווייט ער איז געווען פון חניפה, האָט ער איר דאָך געמוזט מאַכן אַ קאָמפּלימענט. זי האָט זיך פאַרויטלט פון הנאה און אים געדאַנקט מיט אַ בליק, וואָס איז געווען פייכט פון דאַנקבאַרקייט. זי האָט זיך איצט באַמיט אויסצוזען שענער צוליב אים; זי האָט זיך באַפּוצט מיט בענדער פון פיינע קאָלירן, געשמייכלט צו קריסטאָפן און געקוקט אויף אים מיט פאַרבענקטע אויגן, וואָס זענען אים נישט געפעלן געוואָרן און האָבן אים אויפגעבראַכט, אָבער אויך גערירט ביז דער טיף פון זיין האַרצן. איצט האָט זי געזוכט כלערליי תחבולות מיט אים צו שמועסן; אָבער אירע רייד זענען שוין מער נישט געווען קינדעריש: זי האָט גערעדט ערנסט און ציטירט אַ ביסל פּעדאַנטיש און פּרעטענציעז פאַרשידענע דיכטער. ער האָט כמעט נישט געענטפערט; ס'איז אים געווען קשה: אָט די נייע מינע, וועלכע ער האָט ביז אַהער נישט געקענט, האָט אים פאַרחידושט און באַאומרויקט.

זי האָט אים אָן אויפהער אָנגעקוקט. זי האָט געוואַרט... אויף וואָס?... צי האָט זי עס אַליין געוווסט גענוי?... זי האָט געוואַרט, ער זאָל ווידער אָנהויבן. — ער האָט זיך געהיט, זייענדיק זיכער, אַז ער האָט דעמאָלט געהאַנדלט ווי אַ גראָבער יונג; ס'האָט זיך אפילו געקאָנט דאַכטן, אַז ער טראַכט בכלל נישט וועגן דעם. זי האָט זיך אויפגערעגט, און איינמאָל, ווען ער איז שטיל געזעסן אין אַ געעריקער ווייטקייט פון די קליינע, געפערלעכע הענטלעך, איז זי געוואָרן שטאַרק אומגעדולדיק: מיט אַ שנעלער באַוועגונג, וואָס האָט איר נישט בעגעבן קיין צייט זיך צו באַקלערן, האָט זי צוגעדריקט איר האַנט צו זיינע ליפּן. ער איז געוואָרן איבערראַשט, דערנאָך — בייז און פאַרשעמט. פונדעסטוועגן האָט ער זי געקושט זייער ליידנשאַפטלעך. אָט די נאַיווע חוצפה האָט אים געקרענקט; ס'האָט געהאַלטן דערביי אַז ער האָט געוואָלט אַנטלויפן און זי איבערלאָזן.

אָבער ער האָט עס נישט געקאָנט. ער איז געווען געפאַנגען. אַ מישמאַש פון געדאַנקען האָט געווימלט אין זיין קאָפּ: ער האָט זיך נישט געקאָנט פונאַנדערקלייבן. ווי נעפּלען, וואָס הויבן זיך איבער אַ טאָל, זענען זיי אַרויפגעשטיגן פון דער טיפעניש פון זיין האַרצן. ער איז מיטגעגאַנגען בלינד אינם דאָזיקן ליבע-נעפּל; און וואָס ער זאָל נישט טון, האָט ער זיך כסדר אַרומגעדרייט אַרום אַ טונקעלן, עקשנות-

דיקן געדאַנק, עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג, אַ געפערלעכן און פאַרפירערישן, ווי דער פלאַם, וואָס פאַרפירט די פליגעלעך. ס'איז געווען אַן אומגעריכטער אויפבּרויז פון די בלינדע נאַטור-כּוחות.

זיי זענען דורכגעגאַנגען אַ פעריאָד פון דערוואַרטונג. זיי האָבן זיך ביידע אָבסערווירט, געבענקט און מורא געהאַט איינער פאַרן צווייטן. זיי זענען געווען אומרויק. פונדעסטוועגן האָבן נישט אויפגעהערט זייערע קליינע ספקות־סכסוכים און ברוגזן; ס'איז שוין אָבער נישט געווען צווישן זיי יענע היימישקייט; זיי האָבן ביידע געשוויגן. יעדערער איז געווען פאַרנומען מיט זיך, בויענדיק אין דער שטיל זיין אייגענע ליבע.

ס'איז מערקווירדיק: די ליבע האָט אָפּט אַ פאַרקערטע ווירקונג. פונם מאָמענט אָן, ווען קריסטאָף האָט זיך דערוווּסט, אַז ער האָט ליב מינאַן, האָט ער גלייכצייטיק אויסגעפונען, אַז ער האָט זי פון אַלע מאָל אָן ליב געהאַט. אין משך פון דריי חדשים האָבן זיי זיך כּמעט יעדן טאָג געזען, און ס'איז זיי לחלוטין קיינמאָל נישט איינגעפאַלן זיך חושד צו זיין אין ליבע. נאָר אין דעם מאָמענט, ווי ער האָט זי היינט ליב געקראָגן, איז פאַר אים געוואָרן נויטיק צו טראַכטן, אַז ער האָט זי ליב פון אייביק אָן.

ס'איז געווען פאַר אים ממש אַ דערקוויקונג צו דערוויסן זיך סוף-כּל-סוף, וועמען ער האָט ליב. ער האָט אַזוי לאַנג ליב געהאַט, נישט וויסנדיק וועמען! ס'איז אים פּשוט לייכטער געוואָרן, פונקט ווי אַ קראַנקן, וואָס ליידט אויף אַ וויכטיקער, נישט אויפגעקלערטער, ווייטיקדיקער קראַנקהייט — און זי ווערט אים פּלוצלינג קלאָר דורך איין שאַרפן ווייטיק, וואָס איז קאָנצענטרירט אין איין אָרט. קיין זאַך מאַטערט נישט אַזוי, ווי ליבע אָן אַ געוויסן אָביעקט: זי פרעסט אויף און זויגט אויס די כּוחות, ווי פיבער. אָבער אַ ליידנשאַפט, וואָס מ'קאָן, האַלט דעם גייסט אין אַ געוויסער אָנשטרענגונג; דאָס מאַטערט אויס, — מ'ווייסט אָבער, לפּחות, פאַרוואָס. ס'איז אַלץ בעסער, ווי ליידן אָן אַ געוויסער סיבה.

הגם מינאַ האָט געגעבן קריסטאָפן גענוג סיבות צו גלויבן, אַז ער איז נישט פאַר איר גלייכגילטיק, פונדעסטוועגן האָט ער נישט אויפגעהערט צו מאַטערן זיך און געטראַכט, אַז זי פאַראַכט אים. אויך פריער האָבן זיי נישט געהאַט קיין גענויע השגה וועגן זיך, נאָר קיינמאָל איז ביי זיי די השגה נישט געווען אַזוי פאַרפלאָנטערט און פאַלש, ווי איצט; ס'איז געווען אַ לאַנגע קייט פון משונהדיקע פאַרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך בשום-אופן נישט געקאָנט צונויפגיסן אין איין האַרמאָניש בילד, זיי האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן פון איין עקסטרעם צום צווייטן, געזען איינער אין דעם אַנדערן אַזעלכע חסרונות און מעלות, וואָס זיי האָבן לחלוטין נישט געהאַט: מעלות, בעת זיי זענען געווען דערווייטערט איינער פון צווייטן; חסרונות — בעת זיי זענען געווען צוזאַמען. איןביידע פאַלן האָבן זיי זיך טועה געווען.

זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס זיי פאַרלאַנגען אַליין. ביי קריסטאָפן האָט זיין ליבע אָנגענומען די פאָרם פון יענער מעכטיקער, אַבסאָלוטער דורשט צו צערטלעכקייט, וואָס פאָדערט אַ באַפרידיקונג, וואָס ברענט אין אים פון די קינדער-יאָרן אָן, וועלכע ער האָט געפאָדערט פון אַנדערע און געוואָלט אָנוואַרפן זייטיקע מענטשן מיט גוטן אָדער מיט געוואַלד. צייטנווייז איז צו אָט דעם דעספאָטישן פאַרלאַנג מקריב צו זיין זיך און אַנדערע, — ס'קאָן זיין, אַז קודם-כל אַנדערע, — צוגעקומען דער אויסברוך פון אַ ברוטאַלן, טונקעלן פאַרלאַנג, וואָס האָט אים געשווינדלט אין קאָפּ און וואָס ער האָט אים נישט פאַרשטאַנען. מינאַ איז געווען נייגעריק און גליקלעך צו האָבן אַ ראָמאַן, זי האָט זיך אָנגעשטרענגט אַרויסצוציען וואָס מער פאַרגעניגן פאַר איר אייגנליבע און סענטימענטאַלקייט; זי האָט זיך מיטן גאַנצן האַרצן געגנאַרט מיט אירע געפילן. אַ גרויסער טייל פון זייער ליבע האָט געשטאַמט פון די מעשה-ביכלעך. זיי האָבן נאָכאַמאָל דורכגעלעבט די ראָמאַנען, וואָס זיי האָבן געלייענט, און געזען אין זיך געפילן, וואָס זיי האָבן באמת לחלוטין נישט געפילט.

אָבער ס'איז געקומען אַ מאָמענט, ווען אָט די קליינע שקרים און דער קליינלעכער עגאָיזם זענען פאַרשוווּנדן פאַר דאָס געטלעכע ליכט פון דער ליבע. איין טאָג, איין שעה, עטלעכע אייביקע רגעס... און ס'איז געקומען אַזוי אומגעריכט!...

אין איינעם אַן אָוונט האָבן זיי ביידע צוגעשמועסט. די טונקלקייט איז צוגעפאַלן אין זאַל. זייער שמועס איז געוואָרן אָנגענעם און ערנסט. זיי האָבן גערעדט וועגן דער אומענדלעכקייט, וועגן לעבן און טויט. ס'איז געווען אַ צו ברייטע ראַם פאַר זייערע קליינע געפילן. מינאַ האָט זיך באַקלאָגט אויף איר איינזאַמקייט. דאָס האָט, נאַטירלעך, אַרויסגערופן קריסטאָפס תשובה, אַז זי איז נישט אַזוי איינזאַם, ווי זי מיינט.

— ניין, — האָט זי געזאָגט און געשאָקלט מיט איר קליינעם קאָפּ — דאָס זענען נאָר ווערטער, יעדער לעבט פאַר זיך, קיינער אינטערעסירט זיך נישט מיט דיר, קיינער האָט דיך נישט ליב.

שטיל.

— און איך? — האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן קריסטאָף, בלייך פון אויפרעגונג.

די קליינע האָט זיך מיט אימפּעט אַ הויב געטון פון אָרט און אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט.

ס'האָט זיך אַן עפן געטון די טיר. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטון צוריק אויף זייערע ערטער. ס'איז אַריינגעקומען מאַדאַם קעריך. קריסטאָף האָט זיך פאַרטיפט אין אַ בוך, וואָס ער האָט געהאַלטן מיטן קאָפּ אַראָפּ. מינאַ, געבויגן איבער איר האַנט-אַרבעט, האָט זיך אַריינגעשטאָכן די נאָדל אין פינגער.

דעם גאַנצן אָוונט זענען זיי מער אַליין נישט געווען און זיי האָבן פּשוט מורא געהאַט דערפאַר. מאַדאַם קעריך האָט זיך אויפגעהויבן אַריינצוברענגען עפּעס אַ זאַך פון צווייטן צימער, — האָט זיך מינאַ, וואָס איז שטענדיק געווען ווינציקער געפעליק, צוגעאיילט אַריינצוברענגען עס; און קריסטאָף האָט אויסגענוצט, וואָס זי איז נישט געווען, און איז אַוועקגעגאַנגען אָן אַ „גוטע נאַכט".

צומאָרגנס האָבן זיי זיך ווידער געזען; זיי זענען אויסגעגאַנגען פון געדולד אַריינצוכאַפּן אַן אָפּגעהאַקטן שמועס. ס'האָט זיך זיי אָבער נישט איינגעגעבן. די אומשטענדן זענען גראָד געווען גינסטיקע. זיי זענען געגאַנגען שפּאַצירן מיט מאַדאַם קעריך און געהאַט צען גע-

לעגנהייטן צו שמועסן באַקוועם. אָבער קריסטאָף האָט נישט געקאָנט רעדן און איז געווען אַזוי אומגליקלעך, אַז ער האָט זיך אין וועג געהאַלטן וואָס ווייטער פון מינאַן. יענע האָט זיך געמאַכט, אַז זי באַמערקט נישט זיין אומהעפלעכקייט; אָבער זי איז זייער בייז גע־ווען און זי האָט עס אים אַרויסגעוויזן. ווען קריסטאָף האָט זיך לסוף אָנגעטון אַ כּוח און אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער, האָט זי זיך כּלומרשט גלייכגילטיק צוגעהערט: ער האָט פאַרלוירן דעם מוט און קוים מיט צרות געענדיקט דעם אָנגעהויבענעם זאַץ. דער שפּאַציר האָט זיך געענדיקט. די צייט איז אַריבער. און ער האָט געהאַט פאַרדרוס, וואָס ער האָט זי נישט אויסגענוצט.

ס׳איז אַריבער אַ וואָך. זיי האָבן געגלויבט, אַז זיי נאַרן זיך ביידע אין זייערע קעגנזייטיקע געפילן. זיי זענען נישט געווען זיכער, צי די סצענע פון יענעם אָוונט איז נישט געווען קיין חלום. מינאַ האָט געטראָגן אַ כּעס אויף קריסטאָפן, קריסטאָף האָט מורא געהאַט זי צו טרעפן איינע אַליין. זיי זענען געוואָרן צו זיך קעלטער, ווי שטענדיק.

נאָר אָט איז געקומען אַ טאָג. — אַ גאַנצן פרימאָרגן און אַ טייל נאָכמיטאָג האָט נישט אויפגעהערט צו רעגענען. זיי זענען געבליבן פאַרשפּאַרט אין שטוב, נישט גערעדט צווישן זיך, געלייענט, געגענעצט, געקוקט אין פענסטער; ס׳איז זיי געווען לאַנגווייליק, און זיי זענען געווען אָנגעבלאָזן. אַרום פיר אַ זייגער האָט זיך דער הימל אויסגע־לייטערט. זיי זענען אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן. זיי האָבן זיך אָנגעלענט אָן דער טעראַסע, און באַטראַכט אונטן די בייטן, וואָס האָבן זיך גע־צויגן באַרג־אַראָפּ צום טייך. פון דער ערד האָט זיך געהויבן אַ פּאַרע, אַ פייכטער נעפּל איז געשטיגן צום הימל; קליינע וואַסער־טראָפּנס האָבן געגלאַנצט אין גראָז; דער ריח פון דער דורכגעווייקטער ערד האָט זיך צונויפגעמישט מיט די בשמים־ריחות פון די בלומען; אַרום זיי האָט געזשומט אַ באַגילדעטע מחנה בינען. זיי זענען געזעסן זייער נאָענט און נישט געקוקט איינער אויפן אַנדערן; זיי האָבן זיך נישט דערוועגט איבערצורייסן די שטילקייט. אַ בין איז געקומען צופליען, אָנגעקלאַמערט זיך אומגעשיקט אָן אַ בינטל גליצין, וואָס איז געוואָרן שווער פון רעגן, און אַ שאָקל געטון אויף מינאַן אַ וואַסער־פאַל. זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט, און תּיכּף דערפילט, אַז זיי זענען שוין

נישט ברוגז, אַז זיי זענען ווידער גוטע פריינד. פונדעסטוועגן האָבן זיי איינער אויפן צווייטן נישט געקוקט.

פלוצלינג, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט זי אים אָנגע־כאַפּט פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קומט!

לויפנדיק, האָט זי אים מיטגעשלעפּט צום קליינעם לאַבירינט, אין מיטן וועלדל, וואָס זיינע שטעגלעך זענען געווען אַרומגערינגלט מיט בוקסבוימער. זיי זענען אַרויפגעקראָכן אויפן בערגל, געגליטשט זיך איבער דער נאַסער ערד, און די נאַסע בוימער האָבן אַראָפּגעלאָזן אויף זיי זייערע צווייגן. אויפן שפּיץ בערגל איז זי געבליבן שטיין, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

— וואַרט... וואַרט... — האָט זי געשעפּטשעט אָטעמענדיק שווער.

ער האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט אַ קוק געטון אויף אים פון דער זייט: שווער־אָטעמענדיק האָט זי געלאַכט מיט אַ האַלב־אָפענעם מויל; איר הענטל איז געווען איינגעקלאַמערט אין קריסטאָפס האַנט. זיי האָבן געפילט, ווי דאָס בלוט קלאַפּט אונטער זייערע צונויפגעפרע־סטע הענט און ציטערנדיקע פינגער. אַרום איז שטיל געווען. די העלע בוימער־שפּיצן פלאַטערן אויף דער זון; אַ קליין רעגנדל טריפט פון די בלעטער מיט אַ זילבער־קלאַנג; און אויבן, אונטערן הימל, טראָגן זיך די הילכיקע געשרייען פון שוואַלבן.

זי האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ: ס׳איז געווען ווי אַ בליץ. זי האָט פאַרוואָרפן די הענט אויף זיין האַלז, ער האָט זיך גע־וואָרפן אין אירע אָרעמס.

— מינאַ! מינאַ! מיין טייערע!...

— איך האָב דיך ליב, קריסטאָף! כ׳האָב דיך ליב!

זיי האָבן זיך געזעצט אויף אַ נאַסער הילצערנער באַנק. זיי זע־נען געווען פול מיט ליבע, מיט אַ זיסער, טיפער, נאַרישער ליבע. אַלץ אַרום איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, אויס עגאָיזם, אויס פוסטע גאווה, אויס הינטער־געדאַנקען. אַלע נשמה־שאָטנס זענען אָפּגערוימט געוואָרן דורכן ליבע־אָטעם. „ליבן, ליבן״ — האָבן גערעדט זייערע לאַכנדיקע,

פון טרערן פייכטע אויגן. אָט דאָס קאַלטע, קאָקעטישע מיידל, אָט דאָס גאווהדיק ייִנגל, זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פונם פאַרלאַנג זיך מקריב צו זיין, זיך איבערצוגעבן, צו שטאַרבן איינס פאַרן צווייטן. זיי האָבן זיך איצט נישט דערקענט, זיי זענען נישט געווען די זעלבע; אַלץ איז געוואָרן אַנדערש: זייער האַרץ, זייערע שטריכן, זייערע אויגן האָבן געשטראַלט מיט אַ רירנדיקער גוטסקייט און צערטלעכקייט-מינוטן פון ריינקייט, פון פאַרגעסונג, פון אַבסאָלוטער איבערגעבנקייט, וואָס וועלן שוין קיינמאָל אין לעבן זיך צוריק נישט אומקערן.

נאָך אַ הילדער שטאַמלעריי, נאָך ליידנשאַפטלעכע הבטחות צו געהערן איינער צום צווייטן אויף אייביק, נאָך טרוימען און קושן און ווערטער אָן אַ שום זין, האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שפּעט, האָבן זיי זיך געלאָזט צוריק אַהיים, לויפנדיק און האַלטנדיק זיך פאַר די הענט, שיר-שיר נישט פאַלנדיק אין די שמאָלע אַלעען; זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן די בוימער, אָבער גאָרנישט נישט געפילט, בלינד און שיכּור פון ליבע.

ווען זיי האָבן זיך צעשיידט, איז ער נישט געגאַנגען גלייך אַהיים: ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן. ער איז אַרויס פון שטאָט און געלאָזט זיך איבער פעלדער; ער האָט שפּאַצירט אין דער נאַכט, וווּ די אויגן האָבן אים געטראָגן. די לופט איז געווען פריש, דאָס פעלד טונקל און פאַרלאָזט. אַ סאָווע האָט גרילצנדיק געשריען. ער איז געגאַנגען ווי אַ נאַכט-וואַנדלער. ער איז אַרויף אויפן בערגל צווישן די ויינשטאָקן. אין טאָל האָבן געפינקלט די קליינע פייערלעך פון שטאָט, און אויפן טונקעלן הימל — די שטערן. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטיין ביים וועג-ראַנד — און פּלוצלינג אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, פאַרוואָס. ער איז געווען צו-גליקלעך; טרויער און פרייד האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין גליק: די דאַנקבאַרקייט פאַר זיין גליק, דאָס רחמנות צו די, וואָס זענען אומגליקלעך, דאָס מעלאַנכאָליש, זיס געפיל, אַז אַלץ איז פאַר איבערגייענדיק און נישטיק, און אויך די פאַרשיכּורונג מיטן לעבן. פון פרייד האָט ער געוויינט און איז אַזוי אין מיטן וויינען אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין כמעט געטאָגט. די ווייסע נעפּלען האָבן זיך געצויגן איבערן טייך און איינגעהילט די שטאָט, וווּ מינאַ איז געשלאָפן, צעבראָכן פון מידקייט, מיט אַ האַרץ — באַלויכטן פון אַ גליקלעכן שמייכל.

גלײך צומאָרגנס האָט זײ װידער אָפּגעגליקט זיך צו טרעפן אין גאָרטן און װידער זיך זאָגן, אַז זײ האָבן זיך ליב; אָבער איצט איז עס שױן נישט געװען די געטלעכע אומשולד פון נעכטן. זי האָט אַביסל געשפּילט די ראָלע פון אַ פּאַרליבטער, און ער, הגם אױפריכטיקער, האָט אױך געשפּילט די ראָלע. זײ האָבן געשמועסט, װי זײער לעבן װעט אױסזען. ער האָט זיך באַקלאָגט אױף זײן דלות, אױף זײן נידעריקן מצב. זי האָט גערעדט גרױסמוטיק, און די ברײטהאַרציקײט האָט איר הנאָה געטון. זי האָט געזאָגט, אַז צו געלט איז זי גלײכגילטיק. ס'איז געװען אמת: זי האָט נישט געװוּסט, װאָס געלט איז, נישט װיסנדיק, װאָס אַזױנס דאָס איז אָרעמקײט. ער האָט איר צוגעזאָגט צו װערן אַ גרױסער קינסטלער; זי האָט געפונען, אַז ס'איז אינטערעסאַנט און שײן, װי אין אַ ראָמאַן. זי האָט געהאַלטן פאַר איר חוב צו פירן זיך װי אַן אמתע פּאַרליבטע; געלײענט פּאָעזיע און געװאָרן סענטימענטאַל. ער האָט זיך דערפון אָנגעשטעקט, גענומען זיך פוצן — און געװאָרן לעכערלעך; מדקדק געװען אין אָנטון זיך — און געװאָרן פּרעטענציז. מאַדאַם קעריך האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ געלעכטער און געפרעגט בײַ זיך, װאָס אַזױנס האָט אים געקאָנט מאַכן אַזױ נאַריש.

אָבער זײ האָבן געהאַט אױך מינוטן פון אמתער פּאָעזיע, װאָס האָבן אױפגעשײנט פּלוצלינג אינמיטן גרױען טאָג, װי אַ זונענשטראַל, װעלכער רײסט זיך דורך די נעפּלען. אָפט איז עס געװען אַ בליק, אַ באַװעגונג, אַ װאָרט, װאָס האָט גאָרנישט ניט באַטײט און דאָך אָפּגעטובלט זײ אין גליק. דאָס איז געװען אָפט אַ „זײ־געזונט״ אין אָװנט, אױף די שװאַך־באַלױכטענע טרעפּ; די אױגן האָבן זיך געזוכט און געפונען זיך אין דער האַלב־פינסטערניש; די הענט, האָבן זיך אָנגערירט און געציטערט; ס'האָט געציטערט די שטים, — אָט די אַלע קלײניקײטן זענען אַרױפגעשװומען אױפן זכרון בײנאַכט, בעת זײ זענען געשלאָפן אַזױ לײכט, אַז דער קלונג פונם זײגער יעדע שעה האָט זײ אױפגעװעקט, און זײער האַרץ האָט געזונגען: „ער האָט מיך ליב״, װי דאָס מורמלען פון אַ טײך

זיי האָבן איצט געפונען חן אין יעדער זאַך. דער פרילינג האָט געשמייכלט מיט אַ ווונדערבאַרער זיסקייט. דער הימל האָט געשיינט, די לופט איז געווען צערטלעך — און זיי האָבן עס פריער גאָרנישט געוווּסט. די גאַנצע שטאָט, די רויטע דעכער, די אַלטע מויערן, די שלעכט ברוקירטע גאַסן — אַלץ האָט איצט געהאַט אַ באַזונדערן חן, וואָס האָט קריסטאָפן געריירט. ביינאַכט, ווען אַלץ אַרום איז געשלאָפן, האָט זיך מינאַ אויפגעהויבן פון בעט און פאַרשלאָפן און פיבערדיק זיך געזעצט ביים פענסטער. און אין די נאָכמיטאָגס, ווען ער איז נישט געקומען, האָט זי געטרוימט, זיצנדיק אין וויג-שטול, מיט אַ בוך אויף די קני, מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן, דרימלענדיק אין אַ גליקלע-כער מידקייט, בעת דער גוף און די נשמה האָבן געשוועבט אין דער פרילינג-לופט. זי האָט איצט שעהנלאַנג פאַרבראַכט ביים קלאַוויר, שפּילנ-דיק אָן אויפהער, מיט אַ געדולד, וואָס האָט אַנדערע דערעסן, אַקאָרדן און גאַמעס, וואָס האָבן זי בלייך און קאַלט געמאַכט פון אויפרעגונג. זי האָט געוויינט הערנדיק שומאַנס מוזיק. זי האָט געפילט אַ רחמנות און גוטסקייט צו אַלעמען; אויך ער איז געווען פונקט ווי זי. זיי האָבן שטילערהייט געגעבן נדבות אָרעמעלייט, וואָס זיי האָבן געטראָפן, און בשעת-מעשה איבערגעקוקט זיך מיט אַ בליק פון קעגנזייטיקער הסכמה: זיי זענען געווען גליקלעך צו זיין אַזוי גוט.

אין דער אמתן אָבער זענען זיי גוט געווען נאָר ביי געוויסע געלעגנהייטן, מינאַ האָט פּלוצלינג דערפילט, ווי טרויעריק עס איז דאָס באַשיידענע, מסירות-נפשדיקע לעבן פון דער אַלטער פרידאַ, וואָס דינט ביי זיי אין הויז זינט דער מוטערס קינדער-יאָרן, און זי האָט זיך תיכף געוואָרפן אויף איר האַלז, צום גרויסן דערשטוינען פון דער גוטער אַלטיטשקער, וואָס איז געווען פאַרנומען אין קיך מיט פאַריכטן וועש. נאָר דאָס האָט איר נישט געשטערט אין צוויי שעה אַרום מאַכן איר אַ האַרבן אויסרייד, פאַרוואָס פרידאַ איז נישט אַריינ-געקומען גלייך ווי זי האָט אַ קלונג געטון מיטן גלעקל. און קריסטאָף, וואָס האָט געברענט מיט אַ ליבע צו אַלע מיני מענטשן און אויסגעע-מיטן דעם וועג, כדי נישט צו צעטרעטן, חלילה, אַ ווערימל, איז גע-ווען לחלוטין גלייכגילטיק צו זיין אייגענער פאַמיליע. דורך אַ מערק-ווירדיקער רעאַקציע איז ער געוואָרן אַלץ קעלטער און טרוקענער צו זיינע אייגענע, וואָס מער האַרציקייט ער האָט אַרויסגעוויזן צו אַלע אַנדערע מענטשן, — ער האָט קוים געטראַכט וועגן זיין פאַמיליע,

גערעדט וועגן זיי ביז און אויסגעמיטן זיי צו זען. די סיבה פֿון זייער ביידנס גוטסקייט איז געווען דער איבערפֿלוס פֿון צערטלעכקייט, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט די ברעגן — און דער ערשטער-בעסטער צופֿעליקער פֿאַרבייגייער האָט פֿון איר גענאָסן. חוץ די דאָזיקע אויסברוכן, זענען זיי אָבער געווען גרעסערע עגאָיסטן, ווי שטענדיק, ווייל זייער גייסט האָט זיך פֿאַרקליבן אין איין איינציקער מחשבה, וואָס אַלץ האָט זיך אַרום איר געדרייט.

וואָס פֿאַר אַן אָרט האָט פֿאַרנומען אין קריסטאָפֿס לעבן די געשטאַלט פֿונם מיידל! ס'אַראַ שטאַרק געפֿיל ער האָט איבערגעלעבט, בעת ער האָט זי געזוכט אין גאָרטן און באַמערקט פֿון ווייטן איר ווייס קלייד; ווען ער איז געזעסן אין טעאַטער, עטלעכע טריט פֿון זייערע נאָך פֿרייע ערטער און דערהערט, ווי ס'עפֿנט זיך די טיר און ווי ס'לאַכט אַריין די שטים, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט; אָדער ווען ער האָט אין אַ זייטיקן שמועס פֿון פֿרעמדע מענטשן דערהערט דעם טייערן נאָמען פֿאָן „קעריך"! ער פֿלעגט ווייס און רויט ווערן; עטלעכע מינוט האָט ער גאָרנישט נישט געזען און נישט געהערט. און באַלד נאָכדעם האָט אַ שטראָם בלוט זיך צעגאָסן איבער זיין קערפּער, אַ שטראָם פֿון פֿאַרבאָרגענע כּוחות.

די קליינע, נאַיווע, ליידנשאַפֿטלעכע דייטשקע פֿלעגט אויסטראַכטן משונהדיקע שפּילן. זי האָט אַוועקגעלעגט איר רינגל אויף אַ קופּע מעל און איינער נאָכן צווייטן האָבן זיי געדאַרפֿט מיט די ציין אָננעמען דאָס רינגל, נישט ווייס-מאַכנדיק די נאָז. אָדער זי האָט דורכגעצויגן אַ פֿאָדים דורך אַ קיכעלע און ביידע האָבן אַריינגענומען די שפּיצן פֿון פֿאָדים אין מויל; ס'איז געגאַנגען אין דעם, אַז קייענדיק דעם פֿאָדים האָבן זיי וואָס-גיכער באַדאַרפֿט איינבייסן דאָס קיכעלע. זייערע פּנימער האָבן זיך דערנענטערט, זייערע אָטעמס צונויפֿגעמישט, זייערע ליפּן זיך אָנגערירט, זיי האָבן געלאַכט מיט אַ געמאַכטן געלעכטער און די הענט זענען זיי געוואָרן קאַלט ווי אייז. קריסטאָף האָט געהאַט חשק צו בייסן, אָנצוטון זיך אַ ווייטיק, — נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך געוואָרפֿן צוריק; זי האָט נישט אויפֿגעהערט צו לאַכן מיט אַ געצוווּנגענעם געלעכטער. זיי האָבן זיך איינער פֿון אַנדערן אָפּגעקערט און געמאַכט זיך גלייכגילטיק קוקנדיק פֿון דער זייט.

די אויפֿרעגנדיקע שפּילן האָבן זיי געצויגן און באַאומרויקט; זיי האָבן עס געזוכט און עס אויסגעמיטן. קריסטאָף האָט פֿאַר דעם

מורא געהאַט און ער האָט שוין בעסער געוואָלט די קעגנוואָרט פון מאַדאַם קעריך אָדער פון עמעצן אַן אַנדערן, וואָס איז זיי געווען צו־לאַסט. אייגנטלעך איז קיינעמס קעגנוואַרט נישט געווען בכוח איבער־צורייסן דעם שמועס פון זייערע פאַרליבטע הערצער; די שטערונגען האָבן נאָך שטאַרקער און זיסער געמאַכט אָט דעם שמועס. דעמאָלט האָט אַלץ געהאַט אַן אומגעהויערן ווערט: אַ וואָרט, אַ מאַך מיט די ליפּן, אַ בליק איז געווען גענוג, אַז אונטערן באַנאַלן שלייער פון זייער וואָכעדיק לעבן זאָל זיך אַנטפּלעקן דער רייכער, פרישער אוצר פון זייער אינערלעכקייט. נאָר ז י י האָבן אים געקאָנט זען: אַזוי האָבן זיי לפּחות געגלויבט און געלאַכט, גליקלעך פון די געמיינזאַמע סודות. ווען מ׳הערט זיך צו צו זייערע ווערטער, וואָלט מען באַמערקט בלויז אַ סאַלאָן־שמועס וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, בעת פאַר זיי איז עס גע־ווען דאָס אייביקע ליבע־ליד. זיי האָבן געלייענט די מינדסטע פאַר־שווינדנדיקע שטריכן פון זייער פּנים און שטים, ווי פון אַן אָפן בוך; זיי וואָלטן עס פּונקט אַזוי גוט געקאָנט לייענען מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווייל ס׳איז גענוג געווען פאַר יעדן פון זיי איינצוהערן זיך צום איי־גענעם האַרצן, כדי צו דערהערן דאָרט דעם אָפּקלאַנג פונם געליבטנס האַרץ. זיי זענען געווען פול, איבער די גרענעצן פון דער נשמה, מיטן צוטרוי צום לעבן, צו זייער גליק, צו זיך אַליין. זייערע האָפ־נונגען האָבן נישט געהאַט קיין צוימען. זיי האָבן ליב געהאַט, געווען געליבט, גליקלעך, אָן אַ שום שאָטן, אָן אַ שום צווייפל, אָן שרעק פאַר דער צוקונפט. אָ, וווּנדערלעכע לויטערקייט פון די פרילינג־טעג! קיין איין וואָלקן אויפן הימל! אַ גלויבן, וואָס איז אַזוי שטאַרק, אַז קיין זאַך אין דער וועלט קאָן אים נישט פאַרשווענכן. אַ פרייד, וואָס איז אַזוי פול, אַז קיין זאַך אין דער וועלט קאָן עס נישט אויסשעפּן. צי לעבן זיי? צי טרוימען זיי? געוויס, זיי טרוימען. נישטאָ קיין שום שייכות צווישן דעם לעבן און זייערע חלומות. קיין זאַך נישט — אין דער פאַרכישופטער שעה זענען זיי אַליין אויך בלויז אַ חלום: זייער לעבן ווערט בטל אינם אָטעם פון דער ליבע.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און מאַדאַם קעריך איז דערגאַנ־

געזן זייער קליינעם סוד; זיי האָבן געגלויבט, אַז ער איז טיף פאַרבאָרגן, נאָר באמת איז עס זיי נישט געראָטן. זינט די מוטער איז אומגעריכט אַריינגעקומען, בעת מינאַ האָט גערעדט מיט קריסטאָפן נעענטער, ווי עס פּאַסט, און צעטומלט און אומגעלומפּערט האָבן זיי אָפּגעטראָטן גיך, ווען די טיר האָט זיך געעפנט, — זינט דעמאָלט האָט מינאַ געהאַט אַ חשד, אַז איר מאַמע ווייסט עפּעס. מאַדאַם קעריך האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק. דאָס האָט מינאַן כמעט פאַרדראָסן. זי האָט געוואָלט מלחמה האַלטן מיט דער מוטער: ס'וואָלט געווען ראָמאַנטישער.

די מוטער אָבער האָט זיך געהיט צו געבן איר אַ געלעגנהייט דערצו; זי איז געווען צו קלוג צו ווערן אומרויק אָדער צו מאַכן איר ווענן דעם אַ באַמערקונג. נאָר מיט מינאַן האָט זי גערעדט וועגן קריסטאָפן איראָניש און אָן רחמנות חוזק געמאַכט פון זיינע לעכערלעכע מידות; זי האָט אין אַ פּאָר ווערטער געמאַכט פון אים אַ תל. זי האָט עס געטון אָן אַ שום כוונה, נאָר מיטן חוש, מיט דער נאַטירלעכער פאַלשקייט פון אַ גוטער פרוי, וואָס פאַרטיידיקט איר אייגנס. ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס מינאַ האָט זיך געווערט, געבלאָזן זיך, גערעדט עזותדיק און אָפּגעלייקנט די ריכטיקייט פון אירע רייד: זיי זענען פּאָרט געווען ריכטיק, און מאַדאַם קעריך האָט געהאַט אַ גרויזאַמע פעיקייט צו טרעפן אין פּינטל אַריין. קריסטאָפס גראָבע שטיוול, זיינע מיאוסע מלבושים, זיין שלעכט-גערייניקטער הוט, קליינשטעטלדיקער לשון, דער לעכערלעכער אופן פון זיינע באַגריסונגען, זיינע הוילבאַרע אויסגעשרייען — זי האָט קיין זאַך נישט דורכגעלאָזן, וואָס זאָל קאָנען טרעפן מינאַס אייגנליבע: ס'איז געווען אַן איינפאַכע באַמערקונג, אַרויסגערעדט סתם אין דער וועלט אַריין; קיינמאָל האָט עס נישט אָנגענומען די פאָרם פון אַ פאָרוואורף; און ווען מינאַ איז געוואָרן בייז און געוואָלט ענטפערן, האָט מאַדאַם קעריך גענומען רעדן מיט אַן אומשולדיקן טאָן וועגן אַן אַנדערן ענין. אָבער די פייל איז געבליבן שטעקן אין האַרץ, און מינאַ איז געווען געטראָפן.

זי האָט אָנגעהויבן קוקן אויף קריסטאָפן מיט אַ ווינציקער צערטלעכן בליק. ער האָט עס מיט אַן אומקלאָרן חוש דערפילט און אומרויק געפרעגט:

— פאַרוואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?

זי האָט געענטפערט:

— גאָרנישט.

נאָר אין אַ ווײַלע אַרום, ווען ער איז פריילעך געוואָרן, האָט זי אים בייז פאָרגעוואָרפן, וואָס ער לאַכט אַזוי הילכיק. ער איז גע־וואָרן צעמיישט; ס׳איז אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז ער דאַרף זיך איינהאַלטן פאַר איר, בעת ער לאַכט: די גאַנצע פרייד זיינע איז צ׳שטערט געוואָרן. אָדער ווען ער האָט גערעדט און אויסגעגאָסן פאַר איר זיין האַרץ, פלעגט זי אַ צעשטרייטע אים איבעררייסן מיט דער טענה, אלמאַי ער היט נישט אָפּ זיינע מלבושים, אָדער זי פלעגט אים עקשנותדיק און פעדאַנטיש פאַריכטן זיינע פראָסטע אויס־דרוקן. ער האָט פאַרלוירן דעם חשק צו רעדן און טיילמאָל געוואָרן גראָב. שפּעטער האָט ער זיך איינגערעדט, אַז אירע רייד, וואָס רעגן אים אויף, זענען אַ סימן פון איר אינטערעס צו אים, און אויך זי האָט זיך איינגערעדט דאָס זעלבע. ער האָט געפּרוּווט הכנעהדיק אויסהערן און נאָכגעבן. אָבער זי איז נישט געווען צופרידן דער־מיט, — ווייל ס׳פלעגט זיך אים נישט איינגעבן.

אָבער זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט, — נישט ער, נישט מינאַ, — צו באַמערקן דעם שינוי, וואָס איז אין איר פאָרגעקומען. ס׳איז אָנגעקומען דער פסח און מינאַ האָט געדאַרפט צוזאַמען מיט דער מוטער צופאָרן צו די קרובים, נישט ווייט פון ווייאַר.

די לעצטע וואָך פאַר זייער צעשיידונג איז ווידער געקומען די אינטימקייט פון די ערשטע טעג. אויסער עטלעכע ברוגז־מינוטן, איז מינאַ געווען האַרציקער, ווי ווען־עס־איז. ערב איר אָפּפאָר האָבן זיי שפּאַצירט אַ לענגערע צייט אין גאָרטן; זי האָט סודותפול געפירט קריסטאָפן טיף אין אַ געדיכטן אָרט און אים אָנגעהאָנגען אויפן האַלז אַ פאַרפומירט בייטעלע, וווּ ס׳איז געלעגן אַ לאָק פון אירע האָר; זיי האָבן זיך ווידער געשוווירן אייביקע טרייהייט, צוגעזאָגט יעדן טאָג צו שרייבן און אויסגעקליבן אַ שטערן אויפן הימל, אויף וועלכן זיי זאָלן ביידע קוקן יעדן אָוונט אין דער זעלבער שעה.

דער פאַטאַלער טאָג איז געקומען. צען מאָל, אין משך פון דער נאַכט, האָט ער זיך געפרעגט: „ווו וועט זי זיין מאָרגן?״ און איצט האָט ער געטראַכט: „היינט איז עס. היינט אינדערפרי איז זי נאָך דאָ, אָבער אין אָוונט...״ ער איז אַוועק צו איר נאָך פאַר אַכט. זי איז נאָך נישט געהאַט אויפגעשטאַנען. ער האָט געפּרוּווט שפּאַצירן איבערן

גאָרטן און נישט געקאָנט, ער האָט זיך אומגעקערט צו זייער הויז. די קאָרידאָרן זענען געווען פול מיט קאַסטנס און פעק; ער האָט זיך געזעצט אין ווינקל פון צימער, צוגעהערט זיך צום רעש פון דער טיר, צום סקריפען פון דיל, און דערקענט די טריט, וואָס זענען היין און צוריק אַרומגעגאַנגען אויפן אויבערשטן גאָרן. מאַדאַם קעריך איז פאַרבייגעגאַנגען און דערזעענדיק אים, לייכט אַ שמייכל געטון און שפּאָטיש געזאָגט: „גוט מאָרגן”. לסוף האָט זיך באַוויזן מינאַ; זי איז געווען בלייך און געהאַט געשוואָלענע אויגן; די נאַכט איז זי נישט געשלאָפן מער פון אים. זי האָט געגעבן באַפעלן די דינער מיט אַ וויכטיקער מינע; זי האָט דערלאַנגט קריסטאָפן די האַנט און בשעת-מעשה נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט דער אַלטער פרידאַ. זי איז שוין געווען פאַרטיק צום פאָרן. מאַדאַם קעריך איז אַריינגעקומען. זיי האָבן ביידע געשמועסט וועגן אַ שאַכטל פון אַ הוט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז מינאַ באַמערקט לחלוטין נישט קריסטאָפן, וואָס איז געזעסן ביים קלאַוויר אַ פאַרגעסענער און אומגליקלעכער. זי איז צוזאַמען מיט דער מוטער אַרויסגעגאַנגען און באַלד צוריקגעקומען; פון דער שוועל האָט זי נאָך גערעדט עפּעס צו מאַדאַם קעריך. זי האָט פאַרמאַכט די טיר. זיי זענען געבליבן אַליין. זי איז צוגעלאָפן צו אים, אָנגעכאַפּט אים פאַר דער האַנט און אַריינגעשלעפּט אין צווייטן צימער, וווּ די פאָרהאַנגען זענען געווען אַראָפּגעלאָזן. דעמאָלט האָט זי האַסטיק צוגעדריקט איר פּנים צו קריסטאָפס און אים גענומען ווילד קושן מיט אַלע כּוחות. זי האָט אים וויינענדיק געפרעגט:

— זאָגסט מיר צו, זאָגסט מיר צו, אַז דו וועסט מיך אייביק ליב האָבן?

זיי האָבן זיך שטיל צעכליפּעט און קאָנוולסיוו זיך אָנגעשטרענגט, מ'זאָל זיי נישט דערהערן. ס'האָבן זיך דערנענטערט טריט, און זיי האָבן זיך איינער פון אַנדערן אָפּגערוקט. מינאַ האָט אויסגעווישט די אויגן און ווידער גענומען רעדן צו די באַדינער מיט אַ געמאַכטער רויִקייט; איר שטים אָבער האָט געציטערט.

ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צוצוגנבענען איר טיכעלע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן, איר קליין טיכעלע, וואָס איז געווען אויסגעשמירט, צעקנייטשט און נאַס פון טרערן.

ער האָט באַגלייט זיינע פריינדינס אין זייער קאַרעטע צום באַן. זיצנדיק איינס קעגן אַנדערן, האָבן די קינדער קוים געהאַט די העזה

זיך אָנצוקוקן — פון מורא זיי זאָלן זיך נישט צעווייגען. זייערע הענט האָבן זיך באַהאַלטענערהייט געזוכט און געדריקט זיך ביז ווייטיק. מאַדאַם קעריך האָט זיי גוטמוטיק און כיטרע באַטראַכט און זיך גע־מאַכט, אַז זיך באַמערקט גאָרנישט.

לסוף האָט אויסגעקלונגען די שעה. קריסטאָף איז געשטאַנען ביי דער טיר פון וואַגאָן, און ווען דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט, האָט ער גענומען נאָכלויפן ביי דער זייט פונם וואַגאָן, נישט געקוקט פאַר זיך, אָנגעשטויסן זיך אָן די באַאַמטע, מיט די אויגן אָנ־געהאָנגען אָן מינאַ, ביז דער צוג האָט אים איבערגעיאָגט. ער איז אַלץ געלאָפן, ביז ער האָט שוין מער גאָרנישט נישט געזען. דעמאָלט איז ער געבליבן שטיין אָן אָטעם; ער האָט זיך ווידער געפונען אויפן וואָקזאַל, צווישן גלייכגילטיקע מענטשן. ער איז געגאַנגען אַהיים, ווו ער האָט — צום גליק — קיינעם נישט געטראָפן, און אַ גאַנצן פרי־מאָרגן געוויינט.

צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער דערפילט די יסורים פון צעשיידונג, די אומדערטרעגלעכע מאַטערניש פון פאַרליבטע הער־צער. די וועלט איז געוואָרן פוסט, דאָס לעבן איז געוואָרן פוסט, אַלץ איז געוואָרן פוסט. שווער ממש צו אָטעמען: אַ טויט־שווערע אַנגסט, אַ משא איבער די מענטשלעכע כוחות. באַזונדערס, ווען עס בלייבן אַרום דיר ממשותדיקע שפורן פון דער געליבטערס פאַרשווינדן; ווען די זאַכן, וואָס רינגלען דיך אַרום, דערמאָנען כסדר אָן איר! ווען דו בלייבסט אין דער זעלבער היימישער סביבה, ווו איר האָט צוזאַמען פאַרבראַכט; ווען דו מאַטערסט זיך אויפצולעבן אויפן זעלבן אָרט דאָס פאַרשווונדענע גליק. דו פילסט דעמאָלט, ווי אַ תהום וואָלט זיך גע־עפנט אונטער דיינע טריט: דו בויגסט זיך אַראָפּ צום תהום, עס שווינדלט דיר אין קאָפּ, דיר דאַכט זיך, אַז דו פאַלסט — און פאַלסט אַראָפּ. דו גלויבסט, אַז דער טויט שטייט פאַר דיר פּנים־אל־פּנים. און ס׳איז אמת: די צעשיידונג איז איינע פון זיינע געשטאַלטן. דו זעסט, ווי פאַר דיינע אויגן פאַרשווינדט דאָס טייערסטע, וואָס דיין האַרץ

פאַרמאָגט: דאָס לעבן ווערט אַנטרונען, עס בלייבט נאָר אַ שוואַרצער חלל — גאָרנישט.

קריסטאָף האָט באַזוכט אַלע אים טייערע ערטער, כּדי אָנצוטון זיך נאָך מער יסורים. מאַדאַם קעריך האָט אים איבערגעלאָזט דעם שליסל פונם גאָרטן, ער זאָל קאָנען דאָרט שפּאַצירן, בעת זיי וועלן נישט זיין, דעם זעלבן טאָג איז ער ווידער געקומען אין גאָרטן; ער האָט געמיינט, אַז ער וועט דערשטיקט ווערן פון ווייטיק. גייענדיק אַהין האָט ער געהאָפט צו געפינען דאָרט עפּעס אַ שפּור פון דער, וואָס איז אָפּגעפאָרן; ער האָט געפונען נאָך מער, ווי ער האָט זיך געריכט — איר בילד האָט אַרומגעשוועבט איבער אַלע ביימער; ער האָט גוט געוווּסט, אַז זי וועט זיך נישט באַווייזן; אָבער ער האָט זיך אַליין גענומען איינרעדן, אַז ער וועט אויפזוכן די שפּורן פון זיינע ליבע-זכרונות: דאָס וועגל צום לאַבירינט, די טעראַסע, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט גליצינען. די באַנק אינם וועלדל; עקשנותדיק האָט ער זיך געפּייניקט און אַלץ איבערגעחזרט: „מיט אַכט טעג צוריק... מיט דריי טעג צוריק... נעכטן, ס'איז געווען דאָ, נעכטן איז זי דאָ געווען... אפילו היינט אין דער פרי...” ער האָט אַזוי פאַרמאַטערט דאָס האַרץ מיט אָט די געדאַנקען, אַז ער איז געבליבן שטיין און געפילט, ווי די כּוחות גייען אים אויס. — צוזאַמען מיטן טרויער האָט ער אויך געפילט אַ כּעס צו זיך אַליין פאַר דער גאַנצער, אומזיסט-פאַרלוירענער, שיינער צייט, וואָס ער האָט נישט אויסגענוצט. אַזוי פיל רגעס, אַזוי פיל שעהן, ווען ער האָט געקאָנט שעפּן פונם אומענדלעכן גליק זי צו זען, אַריינצואָטעמען אין זיך, צו קוויקן זיך מיט איר! און ער האָט עס נישט אָפּגעשאַצט; ער האָט געלאָזט די צייט גיין און נישט אויסגענוצט יעדע איינע פון די פיל קליינע מינוטן! און איצט — איצט איז שוין צו שפּעט... פאַרפאַלן! פאַרפאַלן!

ער איז געגאַנגען אַהיים. צו זיינע אייגענע האָט ער איצט געפילט אַ שנאה. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זייערע פּנימער, זייערע באַוועגונגען, זייערע נאַרישע שמועסן, די זעלבע, וואָס נעכטן, די זעלבע, וואָס אין די פריערדיקע טעג, בעת זי איז נאָך דאָ געווען. זיי האָבן ווייטער געפירט זייער וואָכעדיק לעבן, גלייך ווי האַרט נעבן זיי וואָלט נישט פאָרגעקומען אַזאַ גרויס אומגליק. אויך די שטאָט האָט גאָרנישט געפילט. די מענטשן זענען געגאַנגען צו זייערע עסקים לאַכנדיק, טומלענדיק, פאַרדאַגהט; די גרילן האָבן געגרילצט, דער הימל

האָט געשטראַלט. ער האָט זיי אַלעמען פיינט געהאַט, ס'האָט אים גע־פייניקט אַלעמענס עגאָיזם. אָבער ער גופא איז געווען מער עגאָיסט ווי די גאַנצע וועלט. קיין זאַך האָט פאַר אים קיין ווערט נישט גע־האַט. ס'איז אין אים נישט געבליבן קיין סימן פון גוטסקייט. ער האָט מער קיינעם נישט ליב געהאַט.

קלאָגעדיק זענען געווען זיינע טעג. זיינע עסקים האָבן אים אויטאָמאַטיש אַריינגעצויגן, ער האָט אָבער פאַרלוירן דעם מוט צו לעבן.

אין איינעם אַן אָוונט איז ער שווייגנדיק און דערשלאָגן געזעסן מיט זיין בני-בית ביים טיש; דער בריוו-טרעגער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און דערלאַנגט אים אַ בריוו. זיין האַרץ האָט אים תיכף גע־זאָגט, פון וואַנען דער בריוו איז, איידער ער האָט נאָך געזען דעם כתב. פיר פּאָר אויגן, איינגעגעסן אין אים מיט אַן אומבאַשיידענער נייגיר, האָבן געוואַרט, ער זאָל איבערלייענען דעם בריוו; זיי האָבן אַלע געהאָפט, אַז באַלד וועט קומען עפּעס, וואָס וועט איבעררייסן זייער טאָג-טעגלעכע לאַנגווייליקייט. נאָר ער האָט אַוועקגעלעגט דעם בריוו ביי דער זייט פון טעלער און זיך אָנגעטון אַ כוח נישט צו עפענען אים; ער האָט זיך געמאַכט גלייכגילטיק, ווי ער וואָלט לכתחילה געוווּסט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אָבער זיינע נייגעריקע ברידער האָבן אים נישט געגלויבט און ווייטער פאַרשנדיק אים אָנגעקוקט: אָט אַזוי האָט ער זיך געפּייניקט ביז ער האָט געענדיקט עסן. דעמאָלט האָט ער זיך באַפרייט און זיך פאַרשפאַרט ביי זיך אין צימער. זיין האַרץ האָט אַזוי האַסטיק געקלאַפּט, אַז עפענענדיק דעם בריוו האָט ער אים שיר נישט צעריסן. ער האָט געציטערט פאַרן בריוו, וואָס ער גייט לייענען; אָבער ווי נאָר ער האָט דורכגעוואָרפן די ערשטע ווער־טער, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ פרייד.

דאָס זענען געווען עטלעכע זייער רירנדיקע שורות. מינאַ האָט צו אים געשריבן באַהאַלטענערהייט. זי האָט אים גערופן: „טייערער קריסטאָפל ייִן", דערציילט אים, אַז זי האָט זייער פיל געוויינט; אַז זי האָט יעדן אָוונט געקוקט אויפן שטערן; אַז זי איז אין פראַנקפורט, און אַז פראַנקפורט איז אַ גרויסאַרטיקע שטאָט מיט וווּנדערבאַרע גע־וועלבן, נאָר זי לעגט אויף קיין זאַך קיין אַכט נישט, ווייל זי טראַכט נאָר וועגן אים. זי האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט איר געשוווירן צו בלייבן טריי און נישט צו טרעפן זיך מיט קיינעם, כל-זמן זי איז

נישטאָ, כּדי צו טראַכטן נאָר וועגן איר. זי וויל, אַז ער זאָל אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס זי איז נישטאָ, שטאַרק אַרבעטן, כּדי ער זאָל ווערן באַרימט און במילא זי אויך. זי האָט געענדיקט מיט דער פראַגע, צי ער געדענקט יענעם קליינעם זאַל, ווו זיי האָבן זיך געזעגנט אין טאָג פון צעשיידונג; און זי האָט אים געבעטן, ער זאָל אַהין נאָכאַמאָל אַריבערגיין; זי, פון איר זייט, זאָגט אים צו אויך צו זיין אין יענעם זאַל מיטן געדאַנק, צו זאָגן אים אויפן זעלבן אופן „אַדיע". זי האָט אונטערגעחתמעט: „אייביק דיינע! אייביק!"... און צוגעגעבן אַ פּאָסט-סקריפּטום, ווו זי האָט אים געהייסן קויפן אַ שטרויענעם הוט אָנשטאָט זיין מיאוסן פילץ-הוט, — „אַלע עלעגאַנטע מענטשן טראָגן עס דאָ: — אַ גראָב-געפלאָכטענעם שטרוי-הוט מיט אַ ברייטן, בלויען באַנד".

קריסטאָף האָט פיר מאָל איבערגעלייענט דעם בריוו, איידער ער האָט אים ווי ס'דאַרף צו זיין פאַרשטאַנען. ער איז געווען באַרוישט און נישט געווען בכּוח צו זיין גליקלעך; ער האָט זיך פלוצלינג דערפילט אַזוי מיד, אַז ער האָט זיך געלעגט, לייענענדיק דעם בריוו אָן אַ שיר מאָל און קושנדיק אים יעדע ווײַלע. ער האָט אים באַהאַלטן אונטער זיין קישן און מיט דער האַנט געטאַפּט אָן אויפהער, צי ער איז דאָרט פאַראַן. אַ גליק וואָס ס'איז שווער אויסצודריקן אין ווערטער, האָט אים אַרומגעכאַפּט, ער איז אַזוי אין איין אָטעם אָפּגעשלאָפן ביזן אַנדערן טאָג.

דאָס לעבן איז אים געוואָרן לייכטער. מינאַס טרייע געדאַנקען האָבן געשוועבט אַרום אים. ער האָט זיך געזעצט צו ענטפערן איר, אָבער נישט געטאָרט שרייבן צו איר פריי און געמוזט באַהאַלטן, וואָס ער פילט; ס'איז געווען פאַרדראָסיק און שווער. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרהוילן זיין ליבע אונטער די ווערטער פון צערעמאָניאַלע העפלעכקייט, וואָס האָט אים שטענדיק געמאַכט לעכערלעך.

אָפּגעשיקט דעם בריוו, האָט ער גענומען וואַרטן אויף מינאַס תשובה און איצט געלעבט נאָר מיט אָט דער דערוואַרטונג. כּדי זיך צו באַהערשן, האָט ער געפּרוווט שפּאַצירן, לייענען. אָבער געטראַכט האָט ער נאָר וועגן מינאַן, און עקשנותדיק איבערגעחזרט איר נאָמען, ווי איינער, וואָס איז באַהערשט פון אַ מאַניע; ער האָט געפילט צו דעם או־נאָמען אַ געצנדינערישע ליבע; ווּהין ער איז געגאַנגען, האָט ער אים געטומ געטראָגן אין טאַש לעסינגס אַ באַנד ווערק, ווייל דאָרט האָט זיך געפונען דער נאָמען „מינאַ"; יעדן טאָג, גייענדיק פון טעאַטער, האָט

ער בכיוון אָנגעלעגט וועג, כּדי פאַרבייצוגיין אַ געוועלב, וואָס אויף
זיין שילד זענען געווען אויסגעשריבן די פיר געליבטע אותיות.

ער האָט זיך באַשולדיקט אין ליידיק-גייעריי, בעת זי האָט אים
שטרענג אָנגעזאָגט פיל צו אַרבעטן, כּדי צו ווערן באַרימט. די תמי-
מותדיקע גאַווה פון אָט-דער בקשה האָט אים ממש גערירט, ס'איז אַ
סימן פון איר צוטרוי. כּדי אַנטקעגנצוקומען איר ווילן, האָט ער באַ-
שלאָסן אָנצושרייבן אַ ווערק, וואָס זאָל זיין נישט נאָר איר געווידמעט,
נאָר אַפילו געהייליקט. ער האָט איצט סיי-ווי-סיי קיין אַנדערע אַרבעט
נישט געקאָנט טון. ווי-נאָר ס'איז אים איינגעפאַלן דער דאָזיקער גע-
דאַנק, האָבן גענומען שטראָמען די מוזיקאַלישע איינפאַלן. עס איז גע-
ווען, ווי אַ וואַסער-שטראָם, וואָס האָט זיך חדשים לאַנג געזאַמלט אין
אַ רעזערוווּאַר און מיטאַמאָל זיך אַדורכגעריסן, פאַרפלייצנדיק אַלע צוי-
מען אַרום. גאַנצע טעג איז ער נישט אַרויס פון צימער. לואיזע האָט
אים געשטעלט דאָס עסן פאַר דער טיר: אפילו איר האָט ער פאַר-
ווערט אַריינצוגיין.

ער האָט פאַרפאַסט אַ קווינטעט פאַר קלאַרנעט און סטרונע-אינ-
סטרומענטן. דער ערשטער טייל איז געווען אַ פּאָעמע פון יוגנטלעכער
האָפנונג און באַגער, — די לעצטע, אַ ליבע-שפּאַס, ווו ס'האָט זיך
אויסגעדריקט קריסטאָפס כּמעט ווילדער הומאָר. אָבער דאָס גאַנצע
ווערק איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָר צוליב דעם צווייטן שטיק: די
לאַרגעטאָ, ווו קריסטאָף האָט געשילדערט אַ יונגע, פייערדיקע נשמה,
ס'האָט געזאָלט זיין מינאַס פּאָרטרעט. קיינער וואָלט עס נישט געכאַפּט,
זי אַליין אויך זיכער נישט; דער עיקר אָבער, ער האָט זי דאָרט
דערקענט; ער האָט געפילט אַ ציטער פון הנאה, בעת ער האָט געהאַט
די אילוזיע, אַז ער האָט באַהערשט די נשמה פון זיין געליבטער. קיין
אַרבעט איז אים נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט און נישט געמאַכט אים
אַזוי גליקלעך: ס'איז געווען אַן אויסגאַנג פאַר דער שפע פון ליבע,
וואָס האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט, זינט זיי האָבן זיך צעשיידט; און
אין דער זעלבער צייט — די זאָרג פאַר דעם קונסט-ווערק, די נויטיקע
אָנשטרענגונג צו באַהערשן און אויסגיסן די ליידנשאַפט אין אַ שיינער,
קלאָרער פאָרם, — האָבן אים אומגעקערט די גייסטיקע געזונטקייט,
דאָס גלייכגעוויכט פון אַלע זיינע כּוחות, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַ
פיזישע הנאה. ס'איז דער העכסטער תענוג, פון וועלכן עס ווייסט
דער שאַפנדיקער קינסטלער: בעת ער שאַפט, באַפרייט ער זיך לחלוטין

פון דער שקלאַפערייַ פון באַגער און ווייטיק; ער ווערט זייער מייַסטער; און אַלץ, וואָס פאַרשאַפט אים פאַרגעניגן און טוט אים אָן יסורים, — זעט אויס אין זיינע אויגן, ווי דער פרייער שפּיל פון זיין ווילן. אָבער צו קורץ זענען אָט די רגעס: באַלד געפינט מען זיך ווידער אין נאָך שווערערע קייטן פון דער ווירקלעכקייט.

כל-זמן קריסטאָף איז געווען פאַרנומען מיט דער אַרבעט, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן, אַז מינאַ איז נישטאָ: ער האָט געלעבט מיט איר. מינאַ איז מער נישט געווען ווייט פון אים, זי איז איינגאַנצן געווען אין אים. נאָר ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך ווידער דערפילט איינזאַם, פיל איינזאַמער ווי פריער, מידער און אויסגעשעפּטער; ער האָט זיך דערמאָנט, אַז שוין צוויי וואָכן ווי ער האָט געשריבן צו מינאַן — און נאָך אַלץ נישט באַקומען קיין תשובה.

ער האָט איר אָנגעשריבן נאָכאַמאָל; און דאָס מאָל האָט ער זיך שוין נישט געהיט אַזוי צו פאַרבאָרגן זיינע געפילן, ווי אין ערשטן בריוו. ער האָט פאָרגעוואָרפן מינאַן אין אַ שפּאַס, — ער האָט אַליין אין דעם נישט געגלויבט — אַז זי האָט אים פאַרגעסן. ער האָט זיך געבייזערט, וואָס זי איז פויל, און געשריבן צערטלעכע שטעכווערטלעך. ער האָט גערעדט געהיימניספול וועגן זיין אַרבעט, כדי צו רייצן איר נייגיר און צו מאַכן איר אַן איבערראַשונג, ווען זי וועט קומען. ער האָט געניוי באַשריבן זיין געקויפטן הוט, און דערציילט, אַז כדי צו פאָלגן די באַפעלן פון זיין קליינער דעספּאָטין, — ווייל ער האָט אין בריוו אויסגעמיטן אַלערליי טענות — גייט ער נישט אַרויס פון שטוב מיטן תירוץ, אַז ער איז קראַנק, אַבי נאָר פטור צו זיין פון פאַרשידענע באַגעגענישן. ער האָט נישט צוגעגעבן, אַז זיינע באַציונגען מיטן פירשט זענען קעלטער געוואָרן, ווייל פון גרויס קנאה האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו גיין איינמאָל אין אַן אָוונט אין שלאָס, בעת מ'האָט אים אַהין איינגעלאַדן. דער גאַנצער בריוו איז געווען אַ פרייליכער און פול מיט קליינע סודות, וואָס זענען טייער די פאַרליבטע הערצער: ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז נאָר מינאַ האָט צו זיי דעם שליסל, און געהאַלטן זיך פאַר זייער אַ געשיקטן, ווייל ער האָט אומעטום אָנשטאָט דאָס וואָרט „ליבע" געשריבן: פריינדשאַפט.

אַז ער האָט אָנגעשריבן דעם בריוו, האָט ער אַ קורצע צייט געפילט אַ דערלייכטערונג: ערשטנס, ווייל דער בריוו האָט אים גע-

געבן די אילוזיע, אַז ער שמועסט מיט איר; און דער עיקר ער האָט נישט געצווייפלט, אַז איצט וועט מינאַ ענטפערן. דערפאַר האָט ער געדולדיק געוואַרט גאַנצע דריי טעג, וואָס ער האָט באַוויליקט צו געבן דער פּאָסט אויף איבערגעבן זיין בריוו צו מינאַן און אויף צו ברענגען אַ תּשובה. נאָר ווען דער פערטער טאָג איז אַריבער, איז אים ווידער מיאוס געוואָרן דאָס לעבן. ער האָט שוין מער נישט געהאַט קיין כּוח, נישט קיין אינטערעס צו אַנדערע זאַכן, אויסער צו דער שעה, ווען ס׳קומט די פּאָסט. דעמאָלט האָט ער געציטערט פון אומגעדולד. ער איז געוואָרן אַבערגלויביק און אין די מינדסטע סמנים — אינם קנאַקן פון פייער אָדער אין אַ צופעליק וואָרט — געפונען די פאַרזיכערונג, אַז ס׳וועט אָנקומען אַ בריוו. איז אָבער אַריבער די שעה, איז ער ווידער געוואָרן אויסער זיך, אויס אַרבעט, אויס שפּאַציר; דער איינציקער ציל פון זיין לעבן איז — וואַרטן אויפן בריוו-טרעגער; זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער געפּטרט אויף אָנצוטון זיך אַ כּוח און וואַרטן. ווען אָבער ס׳איז געקומען דער אָוונט און ס׳איז שוין נישט געווען מער קיין האָפנונג, אַז ס׳זאָל נאָך אין דעם טאָג קומען אַ בריוו, איז ער געווען איינגאַנצן צעבראָכן: ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט בשום אופן דאָס נישט איבערטראָגן ביז מאָרגן; און ער איז געבליבן זיצן שעהנלאַנג ביי זיין טיש, נישט רעדנדיק, נישט טראַכטנדיק, קיין כּוח נישט געהאַט צו לעגן זיך שלאָפן, ביז ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צום בעט און אָפּגעשלאָפן אַ שווערן שלאָף, פול מיט נאַרישע חלומות. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז די נאַכט וועט זיך קיינמאָל גאָר נישט ענדיקן.

אָט-די שטענדיקע דערוואַרטונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לאַנגע פיזישע עינויים, אין אַן אמתער קראַנקהייט. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז קריסטאָף האָט גענומען חושד זיין זיין טאַטן, זיינע ברידער און אפילו דעם בריוו-טרעגער, אַז זיי האָבן באַקומען אַ בריוו און באַהאַלטן אים. די דאגות האָבן אים דערשלאָגן ביזן סוף, אין מינאַס טרייהייט האָט ער קיין איין רגע נישט געצווייפלט. אויב זי האָט אים נישט געשריבן, הייסט עס, אַז זי איז קראַנק, אַז זי האַלט ביים שטאַרבן — און אפשר שוין געשטאָרבן. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דער פעדער און אָנגעשריבן אַ דריטן בריוו, עטלעכע האַרצרייסנדיקע שורות, ווו ער האָט זיך שוין דאָסמאָל נישט געהיט צו באַהאַלטן — נישט זיינע געפילן, נישט זיין שלעכטע אָרטאָגראַפיע. ער האָט זיך

געאײלט צו דער פּאָסט, געשריבן און געמעקט, איבערגעקערט אַ זײט און באַפּלעקט זי מיט טינט, בײם פאַרמאַכן דעם בריװ פאַרשמוצט דעם קאָנװערט — נישט װיכטיק! ער האָט נישט געקאָנט װאַרטן ביז דער צװײטער פּאָסט. ער איז געלאָפן אױף דער פּאָסט אַרײנצװאַרפן דעם בריװ און געװאַרט אין אַ טויטלעכער אַנגסט. די צװײטע נאַכט האָט זיך אים געחלומט מינאַ, װי זי ליגט קראַנק און רופט אים; ער האָט זיך אױפגעהױבן און געלאָזט זיך גײן צו־פוס, זי אױפצוזוכן. אָבער װוּ? װוּ װעט ער זי געפינען?

אױפן פערטן טאָג איז געקומען לסוף אַ בריװ פון מינאַן, — אַ האַלבע זײט — קאַלט און אומצופרידן. מינאַ האָט געשריבן, אַז די פאַרשטײט נישט, װאָס עס האָט אין אים דערװעקט אַזעלכע נאַריִשע פאָרגעפילן. זי פילט זיך גוט, האָט נישט קײן צײט צו שרײבן. זי בעט אים, ער זאָל זיך נאָכאַמאָל אַזױ נישט אױפרעגן און בכלל זאָל ער אױפהערן איר צו שרײבן.

קריסטאָף האָט זיך געפילט צעטראָגן. ער האָט נישט געצװײפלט אין מינאַס אױפריכטיקײט. ער האָט זיך אַלײן באַשולדיקט; געטראַכט, אַז מינאַ איז גערעכט, װאָס זי איז בײז אױף זײנע אומפאָרזיכטיקע, נאַרישע בריװ. ער האָט זיך אַלײן באַטראַכט פאַר אַ שוטה, ער האָט זיך געקלאַפּט מיט די פױסטן אין קאָפּ. אָבער ס׳האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן: סוף־כּל־סוף האָט ער דערפילט, אַז מינאַ האָט אים נישט ליב אַזױ, װי ער זי.

די װײטערדיקע טעג זענען געװען אַזױ טרױעריק, אַז ס׳לאָזט זיך גאָר נישט באַשרײבן. מען קאָן נישט באַשרײבן דעם גאָרנישט. איצט, בעת ער האָט פאַרלױרן די אײנציקע זאַך, װאָס האָט אים פאַרבונדן מיטן לעבן, — מינאַס בריװ, — האָט קריסטאָף געלעבט מעכאַניש; און די אײנציקע זאַך אין זײן לעבן, װאָס האָט אים אינטערעסירט אין אָװנט, בעת ער האָט זיך געלעגט שלאָפן, — איז געװען, װאָס ער האָט, װי אַ שול־ייִנגל, געמעקט יעדן אָװנט אױף זײן לוח אײנעם פון די פיל טעג, װאָס האָבן אים געשײדט פונם טאָג, װאָס מינאַ דאַרף צוריקקומען.

די צייט, ווען זיי האָבן געזאָלט צוריקקומען, איז שוין לאַנג אַריבער. זיי האָבן געדאַרפט קומען מיט אַ וואָך צוריק. קריסטאָפס שטילער צער איז אַריבער אין אַ פיבערדיקער אויפרעגונג. מינאַ האָט אים געהאַט צוגעזאָגט פאַר איר אָפּפאָרן, אַז זי וועט אים געבן צו וויסן וועגן טאָג און שעה פון זייער קומען. ער האָט געוואַרט פון מינוט צו מינוט צו גיין זיי באַגעגענען און זיך פאַרלוירן אין פאַרשידענע השערות, וועגן די סיבות פון זייער פאַרשפּעטיקן.

אין איינעם אַן אָוונט איז אַ שכן, דעם זיידנס אַ ידיד, דער טאַפּעצירער פישער, אַריינגעקומען צו פאַררויכערן אַ ליולקע און אַ שמועס טון מיט מעלכיאָרן, ווי געוויינלעך נאָך מיטאָג. קריסטאָף, אויפגעגעסן פון דערוואַרטונג, האָט שוין געוואָלט אַרויפגיין צו זיך אין צימער, נאָכדעם ווי ער האָט אומזיסט אויסגעקוקט דעם בריוו-טרעגער. פּלוצלינג דערהערט ער אַ וואָרט, וואָס האָט איט אויפגעטרייסלט. פישער האָט דערציילט, אַז ער דאַרף גיין מאָרגן גאַנץ פרי צו די קעריכס, אויפהענגען בײַ זיי די פאָרהאַנגען. קריסטאָף האָט געפרעגט פאַרחידושט:

— זענען זיי שוין, הייסט עס, צוריקגעקומען?

— לַך, דו ווייסט עס בעסער, ווי איך, — האָט געענטפערט דער אַלטער פישער מיט שפּאָט — שוין אַ צייט! זיי זענען נאָך געקומען אייערנעכטן.

קריסטאָף האָט שוין מער גאָרנישט געהערט. ער האָט פאַרלאָזן דאָס צימער און געוואָלט אַוועקגיין. זיין מאַמע, וואָס האָט שוין אַ לאַנגע צייט אָן זיין וויסן נאָכגעקוקט זיין האַלטונג, איז אים נאָכגעגאַנגען ביזן קאָרידאָר און געפרעגט דערשראָקן, וווהין ער גייט. ער האָט נישט געענטפערט און איז אַרויס. ער האָט געליטן יסורים.

ער איז געלאָפן צו די קעריכס. ס'איז געווען ניין אין אָוונט. ביידע זענען זיי געזעסן אין זאַל, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיין קומען איז פאַר זיי נישט קיין איבעראַשונג. זיי האָבן אים רויק געענטפערט „גוטן אָוונט". מינאַ האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן, זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט איבערן טיש און געשריבן ווייטער פרעגנדיק אים צעמישט, וואָס הערט זיך נייעס. זי האָט זיך, אגב, נישט אַנטשולדיקט, וואָס זי איז נישט העפלעך, און זיך כלומרשט צוגעהערט צו זיינע רייד; אָבער אינמיטן האָט זי אים איבערגעריסן און עפּעס געפרעגט בײַ דער מאַמע. ער האָט געהאַט צוגעגרייט אַ רירנדיקע רעדע

וועגן אַלץ, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין משך פון דער צייט, ווען זיי זענען נישט געווען, — נאָר ער האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט עטלעכע ווערטער און נישט געהאַט דעם מוט צו רעדן ווייטער: ס'האָט געקלונגען פאַלש.

ווען מינאַ האָט געענדיקט צו שרייבן דעם בריוו, האָט זי גענומען אַ האַנט־אַרבעט, זיך געזעצט עטלעכע טריט ווייטער פון אים און גענומען אים דערציילן וועגן זייער רייזע. זי האָט דערציילט וועגן די גוטע וואָכן, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט, וועגן די רייט־שפּאַצירן, וועגן לעבן אין שלאָס, וועגן דער אינטערעסאַנטער געזעלשאַפט; זי האָט זיך ביסלעכווייז באַגייסטערט און דערמאָנט פאַרשידענע געשעענישן און מענטשן, וואָס קריסטאָף האָט זיי נישט געקענט, און וואָס האָבן ביי דער מוטער און ביי איר אַרויסגערופן אַ שמייכל. קריסטאָף האָט זיך געפילט פרעמד אין דער גאַנצער געשיכטע, נישט געוווּסט, ווי ער דאַרף זיך האַלטן און אין אַ פאַרלעגנהייט געשמייכלט. ער האָט נישט אָפּגעריסן די אויגן פון מינאַס פנים און געבעטלט ביי איר אַ נדבה — אַ בליק. אָבער ווען זי האָט אויף אים אַ קוק געטון, — זי האָט עס איצט געטון זעלטן און געווענדט זיך מער צו דער מאַמע, ווי צו אים, — זענען אירע אויגן און שטים געווען פריינדלעך — און גלייכגילטיק. צי האָט זי זיך געהיט פאַר דער מאַמע, אָדער ער האָט זי שלעכט פאַרשטאַנען? ער וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט מיט איר רעדן אונטער פיר אויגן, אָבער מאַדאַם קעריך האָט זיי אויף קיין איין רגע נישט געלאָזט אַליין. ער האָט געפּרוּווט אַרויספירן דעם שמועס אויף זיינע אייגענע פערזענלעכע ענינים, דערציילט וועגן זיינע אַרבעטן און פּלענער, — און געהאַט אַן אומקלאָר געפיל, אַז מינאַ גליטשט זיך פון אים אַרויס; מיטן אינסטינקט האָט ער געפּרוּווט דערגיין, צי אינטערעסירט זי זיך מיט אים. באמת, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט זיך צו מיט קאָפּ צו זיינע רייד; זי האָט איבערגעריסן זיין דערציילונג מיט פיינע באַמערקונגען, וואָס זענען, אגב, נישט שטענדיק געווען צו דער זאַך, אָבער אַרויסגעזאָגט מיט אַ זייער פאַראינטערעסירטן טאָן. נאָר אין דעם אויגנבליק, ווען, גערירט מיט איר וואַרעמען געלעכטער, האָט ער ווידער געגומען האָפן, האָט ער געזען, ווי מינאַ הויבט־אויף די האַנט צום מויל און געגעצט. ער האָט אינמיטן איבערגעריסן. זי האָט זיך געכאַפּט און פריינדלעך איבערגעבעטן מיטן אויסרייד, אַז זי איז מיד. ער איז אויפגעשטאַנען רעכנענדיק,

אַז מ׳וועט אים פאַרהאַלטן; מ׳האָט אים אָבער גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט פאַרצויגן דאָס געזעגענען זיך און געוואַרט, מ׳זאָל אים איינלאַדן אויף מאָרגן — ס׳איז אויך נישט געשען. ער האָט געמוזט גיין. מינאַ האָט אים נישט באַגלייט. זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט, — אַ קאַל-טע האַנט, וואָס איז גלייכגילטיק געלעגן אין זיינער; ער האָט זיך געזעגנט מיט איר אין מיטן זאַל.

ער איז אַוועק אַהיים מיט אַ שרעק אין האַרצן. פון יענער מינאַ מיט צוויי חדשים צוריק, פון זיין טייערער מינאַ איז נישט געבליבן קיין זכר. וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען? וואָס איז מיט איר געשען? פאַר אַן אָרעם ייִנגל, וואָס האָט זיך נאָך נישט דערוווּסט, אַז קיין זאַך האָט קיין קיום נישט, אַז אַלץ מוז פאַרשווינדן ווערן, אַז אַלץ פאַר-גייט און גייט-אויף אין יעדער לעבעדיקער נשמה (ס׳רוב איז עס נישט קיין פשוטע נשמה, נאָר אַ זאַמלונג פון נשמות, וואָס האַלטן זיך אין איין בייטן, גייען-אויס און פאַרשווינדן יעדע רגע), פאַר אַזאַ ייִנגל איז שווער געווען צו גלויבן אין אָט דעם גרויזאַמען אמת. ער האָט אָפּגעשטויסן פון זיך די שרעקעדיקע מחשבה און געפּרוּווט זיך איינ-רעדן, אַז ער האָט באַמערקט שלעכט און אַז מינאַ איז אַלץ די זעל-בע. ער האָט באַשלאָסן אַריבערצוגיין צו איר דעם צווייטן טאָג און וואָס ס׳זאָל נישט זיין — וועט ער רעדן מיט איר.

ער איז נישט געשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געציילט, איי-נעם נאָכן אַנדערן, יעדן קלונג פונם זייגער. גאַנץ פרי האָט ער זיך שוין אַרומגעדרייט פאַרן הויז פון די קעריכס, און איז אַהין אַריין, ווי נאָר מ׳האָט אים אַריינגעלאָזן. אָנשטאָט מינאַן האָט ער געטראָפן מאַדאַם קעריך. לעבעדיק און פלייסיק איז זי פאַרנומען געווען מיט באַגיסן פון אַ קענדל די בלומען-טעפּ אויף דער וועראַנדע. זי האָט שפּאָטיש אויסגעשריען, ווען ער איז אַריין:

— אַך, — האָט זי געזאָגט — דאָס זענט איר!.. איר קומט אין דער ריכטיקער צייט, כ׳האָב טאַקע מיט אייך עפּעס צו רעדן. וואַרט, וואַרט...

זי איז אַרויס אויף אַ ווילע, אַוועקגעשטעלט דאָס קענדל, אָפּ-געווישט די הענט און באַלד צוריקגעקומען; זי האָט געשמייכלט, צו-פרידנדיק, ווי קריסטאָף איז צעטומלט: ער האָט געפילט, אַז עס קומט אויף אים אַן אומגליק.

— לאָמיר אַריין אין גאָרטן, — האָט זי זיך אָנגערופן — דאָרט איז רויקער.

ער איז איר נאָכגעגאַנגען אין גאָרטן, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט זיין ליבע. זי האָט נישט געאיילט צו רעדן, ס׳האָט איר הנאה געטון קריסטאָפס פאַרלעגנהייט.

— לאָמיר זיך דאָ זעצן, האָט זי לסוף געזאָגט.

זיי זענען געזעסן אויף יענער באַנק, וווּ מינאַ האָט אים דערלאַנגט אירע ליפּן ערב זייער צעשיידונג.

— איך רעכן, איר ווייסט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, — האָט מאַדאַם קעריך געזאָגט; זי האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַן ערנסטע מינע, כּדי צו פאַרשטאַרקן זיין צעמישונג. — איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלויבט, קריסטאָף. כ׳האָב אייך געהאַלטן פאַר אַן ערנסט ייִנגל. כ׳האָב געהאַט צו אייך דעם פולן צוטרוי און כ׳וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז איר וועט עס שלעכט אויסנוצן צו פאַרדרייען מיין טאָכטער דעם קאָפּ. זי איז געווען אונטער אייער השגחה. איר האָט זי געדאַרפט שוינען. איר האָט געדאַרפט מיך און זיך אַליין שוינען.

ס׳איז געווען אַ לייכטע איראָניע אין איר טאָן; מאַדאַם קעריך האָט באמת נישט געלעגט קיין שום אַכט אויף דער קינדערשער ליבע; אָבער קריסטאָף האָט עס נישט געפילט, און אירע ווערטער, וואָס ער האָט, ווי אַלץ, אָנגענומען טראַגיש, האָבן אים טיף געטראָפן:

— אָבער, מאַדאַם... אָבער, מאַדאַם... — האָט ער געשטאַמלט מיט טרערן אין די אויגן — איך האָב קיינמאָל אייער צוטרוי שלעכט נישט אויסגענוצט... גלויבט עס נישט, איך בעט אייך... איך בין נישט קיין פאַלשער מענטש, איך שווער אייך!... כ׳האָב ליב פריילין מינאַ, כ׳האָב זי ליב פון טיפן האַרצן און כ׳וויל מיט איר חתונה האָבן.

מאַדאַם קעריך האָט געשמייכלט.

— ניין, מיין אָרעם ייִנגל, — האָט זי געזאָגט פריינדלעך, אָבער אַזוי גאַוואַהדיק, אַז קריסטאָף האָט זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן — ניין, ס׳איז אוממעגלעך. ס׳איז אַ קינדער־שפּיל.

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? — האָט ער געפרעגט.

ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, נישט געגלויבט, אַז זי רעדט עס ערנסט; איר מילדע שטים האָט אים אפילו באַרויקט. זי האָט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען און געענטפערט:

— אַזוי איז עס!

ער איז צו איר צוגעשטאַנען. מיט אַ לייכטער איראָניע, — זי האָט זיך צו דער גאַנצער מעשה נישט באַצויגן ערנסט) — האָט זי אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער באַזיצט נישט קיין שום פאַרמעגן, און אַז מינאַ האָט אַן אַנדערן געשמאַק. ער האָט זיך געוועהרט; געזאָגט, אַז ס׳מאַכט נישט אויס, אַז ער וועט ווערן רייך, באַרימט, אַז ער וועט האָבן כבוד, געלט און אַלץ, וואָס מינאַ וועט פאַרלאַנגען. מאַדאַם קעריך האָט, ווייזט אויס, אין דעם געצווייפלט; ס׳האָט זי געוויילט זיין גלויבן אין זיך, און זי האָט בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט נישט נאָכגעגעבן.

— ניין, קריסטאָף, — האָט זי געענטפערט אַנטשלאָסן — ניין, נישט כדאי זיך צו שפּאַרן, ס׳איז אוממעגלעך. עס האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן געלט. אַזוי פיל זאַכן שטייען אין וועג!... דער אונטער־שיד פון שטאַנד...

ס׳איז געוועזן איבעריק מער צו רעדן. ווי אַ שפּיז האָט עס אים דורכגעשטאָכן ביזן מאַרך פון די ביינער. ס׳האָבן זיך אים געעפנט די אויגן. ער האָט דערזען די איראָניע אין איר פריינדלעכן שמייכל, די קאַלטקייט פון איר ליבעסווירדיקן בליק; ער האָט פּלוצלינג באַגריפן אַלץ, וואָס עס טיילט אים אָפּ פון אָט דער דאַמע, וואָס ער האָט ליב געהאַט מיט דער ליבע פון אַ זון און וואָס האָט אים, דאַכט זיך, ווי אַ מוטער באַהאַנדלט; ער האָט איצט דערפילט, וויפל אויס־גערעכנטע אפּוטרופּסות און גאווה עס איז געווען אין איר פריינדשאַפט. ער האָט זיך אויפגעהויבן טויט-בלאַס. מאַדאַם קעריך האָט ווייטער גע־רעדט מיט איר גלעטנדיקער שטים; אָבער ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען; ער האָט שוין נישט געהערט די מוזיק פון אירע ווייכע ווערטער, אונטער יעדן וואָרט אירן האָט ער געפילט די טרוקנקייט פון איר עגאָאיסטישער נשמה, ער האָט נישט געקאָנט ענטפערן קיין וואָרט, און איז אַרויס. אַלץ אַרום אים האָט געטאַנצט.

ער איז געקומען אַהיים, זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט אין אַ קאָנוווּלסיע פון צאָרן און צעטראָטענעם שטאָלץ, ווי אין די קינ־דער־יאָרן. ער האָט געביסן זיין קישן, פאַרשטאָפּט זיך מיט אַ טיכל דאָס מויל, מ׳זאָל אים נישט הערן שרייען. ער האָט פיינט באַקומען מאַדאַם קעריך, ער האָט געהאַסט מינאַן. ער האָט געפילט צו זיי אַ ווילדע פאַראַכטונג. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער גייט אַראָפּ פון זינען. ער האָט געציטערט פון חרפה און כעס. ער האָט איר געמוזט

ענטפערן, און תיכף־ומיד. ער וואָלט געשטאָרבן, ווען ער זאָל זיך נישט נוקם זיין.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגעשריבן אַ האַרבן, נאַרישן בריוו:

„מאַדאַם!

איך ווייס נישט, צי האָט איר זיך באמת אין מיר, ווי איר טענהט, אָפּגענאַרט, אָבער איינס ווייס איך, איך האָב זיך אין אייך שרעקלעך גענאַרט. כ'האָב געמיינט, אַז איר זענט מיר פריינד. איר האָט עס אַליין געזאָגט. איר האָט זיך פאַר אַזעלכע פאַרשטעלט, און איך האָב אייך ליב געהאַט מער ווי מיין לעבן. איצט זע איך, אַז ס'איז אַלץ געווען אַ ליגן, און אַז אייער פריינדשאַפט צו מיר איז געווען אַ שווינדל: איר האָט מיך אויסגענוצט, איר האָט זיך געשפּילט מיט מיר, איך האָב אייך געוויילט אין אייער לאַנגווייליקייט, כ'האָב פאַר אייך געשפּילט, — אַ משרת בין איך ביי אייך געווען. אָבער אייערער משרת בין איך נישט! איך בין קיינעמס משרת נישט!

איר האָט מיר אכזריותדיק געגעבן צו פילן, אַז איך האָב נישט דאָס רעכט ליב צו האָבן אייער טאָכטער. קיין זאַך קאָן נישט שטערן מיין האַרץ צו ליבן, ווען עס וויל; און הגם איך בין נישט פון אייער שטאַנד, בין איך פונקט אַזוי איידל, ווי איר. נאָר דאָס האַרץ מאַכט דעם מענטשן פאַר אַן אַדלמאַן; אויב איך בין נישט קיין פירשט, האָב איך אָבער מער ווירדע, ווי די פירשטן. אַ דינער צי אַ פירשט—אַלץ איינס—קוים באַליידיקט ער מיך, פיל איך צו אים אַ פאַראַכטונג איך פאַראַכט, פונקט ווי בלאָטע, יעדן איינעם, וואָס מאַכט זיך פאַר אַן אַדלמאַן און פאַרמאָגט נישט די מילדקייט פון דער נשמה.

אַדיע! איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איר האָט מיך אָפּגענאַרט. איך האַס אייך.

דער, וואָס האָט ליב, אייך אויף צו להכעיס, און וואָס וועט ליב האָבן ביזן טויט פריילין מינאַ, ווייל זי געהער צו אים, און קיין זאַך אין דער וועלט קאָן זי ביי אים נישט אַוועקרויבן."

ווי־נאָר ער האָט אַריינגעוואָרפן דעם בריוו אין בריוו־קעסטל, האָט ער זיך תיכף דערשראָקן פאַר דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטון. ער האָט געפּרוווט נישט טראַכטן וועגן דעם; אָבער באַשטימטע זאַצן זענען אים כסדר אַרויפגעשווומען אויפן זכרון; ער האָט זיך באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס טראַכטנדיק, ווי מאַדאַם קעריך וועט לייענען זיינע גראָבקייטן.

אין ערשטן אויגנבליק האָט אים דער יאוש צוגעגעבן מוט; אָבער צומאָרגנס האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער איינציקער פועל-יוצא פון זיין בריוו וועט זיין: די ענטגילטיקע צעשיידונג מיט מינאַן — און דאָס וואָלט געווען פאַר אים דאָס גרעסטע אומגליק. ער האָט נאָך געהאָפט, אַז מאַדאַם קעריך, וועלכע האָט געקענט זיין האַסטיקע נאַטור, וועט עס נישט נעמען ערנסט, אַז זי וועט אים נאָר אָנזידלען און — ווער ווייסט — אפשר זיין גערירט פון זיין אויפריכטיקער ליידנשאַפט. ער האָט געוואַרט אויף איין וואָרט אירס, כדי זיך צו וואַרפן איר צו די פיס. ער האָט געוואַרט פינף טעג. לסוף איז אָנגעקומען אַ בריוו מיט פאָלגנדיקן נוסח:

„טייערער הער

אַזוי-ווי, לויט אייער מיינונג, איז פאָרגעקומען צווישן אונז אַ מיספאַרשטייעניש, וועט זיין צום קלוגסטן מער אונזערע באַציונגען נישט אויפצוהאַלטן. איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט מוחל געווען, ווען איך וואַרף אייך אָן אויף ווייטער באַציונגען, וואָס פאַרשאַפן אייך צער. איך האָף, עס וועלן אייך נישט פעלן אין לעבן פיל אַנדערע פריינד, וואָס וועלן אייך אָפּשאַצן, ווי איר פאַרלאַנגט. איך צווייפל נישט אין אייער צוקונפט און וועל פון וויטן נאָכקוקן מיט סימפּאַטיע אייער ערפאָלג אין דער מוזיקאַלישער קאַריערע. מיט גרוס

יאָזעפאַ פאָן קעריך.

די ביטערסטע מוסר-רייד וואָלטן נישט געווען אַזוי אכזריותדיק. קריסטאָף האָט געזען, אַז ער איז אַ פאַרלוירענער. מ'קאָן ענטפערן איינעם, וואָס באַשולדיקט אייך אומגערעכט. אָבער וואָס קאָן מען טון קעגן דער קאַלטקייט פון דער גלייכגילטיקער העפלעכקייט? ער איז געווען משוגע. ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט שוין מער נישט זען מינאַן, אַז ער וועט זי שוין קיינמאָל מער נישט זען, — און נישט געקאָנט איבערטראָגן. ער האָט געפילט, אַז די גאַנצע גאווה פון דער וועלט זענען גאָר נישט ווערט קעגן אַ קליין ביסעלע ליבע. ער האָט פאַרגעסן אָן זיין כבוד-געפיל און אָנגעשריבן נייע בריוו, ווו ער האָט זיי געבעטן פאַרגעבונג. אָבער אויך די בריוו זענען געווען נישט ווייניקער נאַריש, ווי דער ערשטער, וואָס ער האָט געשריבן מיט גאַל. מ'האָט אים נישט געענטפערט. — און ס'איז געווען נאָך אַלעמען.

ער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. ער האָט זיך געוואָלט אַ מעשה אָנטון. פשוט אַ מעשה אָנטון. יעדנפאַלס האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער וויל עס טון. ס׳האָבן זיך דערוועקט אין אים מערדערישע, רציחהדיקע פאַרלאַנגען, מ׳קאָן זיך גאָר נישט פאָרשטעלן דעם פאַראָקסיזם פון ליבע און האַס, וואָס פרעסט־אויף טיילמאָל די קינדערשע הערצער. ס׳איז געווען דער שרעקלעכסטער איבערברוך אין זיינע קינדער־יאָרן. ס׳איז שוין געווען נאָך זיין קינדהייט. ער האָט פאַרהאַרטעוועט זיין ווילן, אָבער שיר נישט צעבראָכן געוואָרן אויף אייביק.

ער האָט מער נישט געקאָנט לעבן. אָנגעשפאַרט אָן פענסטער, האָט ער שעהנלאַנג אַרויסגעקוקט צום שלעכט־געפלאַסטערטן הויף און אַזוי פאַרזונקען געבליבן; ער האָט געטראַכט, ווי אין די קינדער־יאָרן, אַז ס׳איז דאָ אַ מיטל פטור צו ווערן פון די עינויים, ווען דאָס לעבן ווערט שווער צו פאַרטראָגן. די רפואה איז געווען קלאָר, געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, תיכף ומיד... תיכף? ווער ווייסט?... אפשר נאָך לאַנגע שעהן — דורות — פון מוראדיקע יסורים!... נאָר אַזוי טיף איז געווען זיין יאוש, אַז ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אינם תהום פון אַזעלכע געדאַנקען.

לואיזע האָט געזען, ווי ער ליידט. זי האָט נישט געקאָנט גענוי דערגיין, וואָס אין אים קומט פאָר; נאָר איר אינסטינקט האָט זי געוואָרנט, אַז עס דראָט אַ סכנה. זי האָט געפרוווט דערנענטערן זיך צום זון, דערוויסן זיך זיינע צרות, כדי אים צו טרייסטן. אָבער די אָרעמע פרוי האָט פאַרלוירן די רגילות אינטים צו רעדן מיט קריסטאָפן; זינט לאַנגע יאָרן האָט ער זיך פאַרשלאָסן אין זיינע אייגענע מחשבות, און זי איז געווען צופיל פאַרנומען מיט די מאַטעריעלע זאָרגן פונם לעבן — און נישט געהאַט קיין צייט נאָכצופאָלגן קריסטאָפס דאגות. איצט האָט זי אים געוואָלט קומען צו הילף און נישט געוווסט ווי אַזוי. זי האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום אים, ווי אַ נשמה אין כף־הקלע, געוואָלט געפינען ווערטער, וואָס זאָלן לינדערן זיין צער, — און נישט געהאַט דעם מוט צו רעדן, מורא האָבנדיק אים נישט אויפצורעגן. נישט געקוקט אויף אַלע פאָרזיכטיקייטן, האָט זי אים דאָך

איפגערעגט מיט אירע באַוועגונגען. מיט איר ביי־זיין גופא; זי איז נישט געווען איבעריק געשיקט, און ער איז נישט געווען איבעריק געדולדיק. פונדעסטוועגן האָט ער זי ליב געהאַט, זיי האָבן זיך ביידע ליב געהאַט. אָבער ס׳איז גענוג אַ קלייניקייט, אַז צוויי מענטשן, וואָס ליבן און שעצן זיך פון טיפן האַרצן, זאָלן זיך צעשיידן! אַן איבע־ריק וואָרט, אַן אומגעלומפּערטע באַוועגונג, אַ פּינטל מיט די אויגן אָדער אַ דריי מיט דער נאָז, דער אופן פון עסן, גיין אָדער לאַכן, אַ פּיזישער מכשיל, וואָס מ׳קאָן נישט דערגיין זיין סיבה... מ׳רעדט זיך איין בשעת־מעשה, אַז ס׳איז גאָרנישט, — און באמת איז עס אַ גאַנצע וועלט. נישט איין מאָל טרעפט, אַז אַ מוטער און אַ זון, אַ ברודער מיט אַ ברודער, אַ פריינד מיט אַ פריינד זאָלן זיך בלייבן איינער דעם אַנדערן פרעמד אויף אייביק, נישט געקוקט אויף זייער נאָענטקייט.

קריסטאָף האָט, הייסט עס, נישט געפונען אין דער מאַמעס צערטלעכקייט קיין שטיצע אינם איבערברוך, וואָס ער האָט דורכגע־מאַכט. אגב, וואָס פאַר אַ ווערט האָט די ליבע פון די נאָענטע קעגן דעם עגאָיזם פון דער ליידנשאַפט, וואָס איז פאַרטון נאָר מיט זיך אַליין?

איינמאָל ביינאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן און ער איז גע־בליבן זיצן ביים טיש, נישט רירנדיק זיך פון אָרט, פאַרטיפט אין זיינע געפערלעכע געדאַנקען, — האָט זיך דערהערט אַ טומל פון דעם אייביק־שטילן געסל, און אַ קלאַפּ אין טיר האָט אים אויפגעוועקט פון זיין פאַרגליווערטקייט. מ׳האָט געהערט אַ געמורמל פון אומקלאָרע שטימען, ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער פאָטער איז נאָך נישט געקומען דעם אָוונט אַהיים, און געטראַכט מיט כעס, אַז מ׳וועט אים באַלד ברענגען אַ שיכורן, ווי פאָריקע וואָך, ווען מ׳האָט אים גע־פונען ליגן אינמיטן גאַס. מעלכיאָרן האָט איצט קיין שום זאַך נישט אָפּגעהאַלטן; ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער תאווה זיינער, און זיין אַטלעטיש געזונט האָט, אגב, דאַכט זיך, גאָר נישט געליטן פון דער שיכרות און אויסגעלאַסנקייט, וואָס וואָלטן אַ צווייטן מענטשן בלי־ספק געפּטרט. ער האָט געגעסן פאַר פיר, געטרונקען ווי לוט, פאַרבראַכט גאַנצע נעכט אונטערן אייז־קאַלטן רעגן, זיך באַטייליקט אין געשלעגן, געכאַפּט קלעפּ, און צומאָרגנס איז ער ווידער געווען אויף די פיס, מיט זיין רווישנדיקער פריילעכקייט, און פאַרלאַנגט, אַז די גאַנצע וועלט אַרום אים זאָל זיין מלא־שמחה.

לואיזע האָט זיך תיכף אויפגעהויבן און גיך געגאַנגען עפענען

קריסטאָף האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און פאַרשטאָפּט זיך די אויערן, כדי נישט צו הערן מעלכיאָרס שיכּורע שטים און דעם שפּאָטישן מוסר פון די שכנים...

פּלוצלינג האָט אים אַן אומקלאָרער פּחד אַרומגעכאַפּט; ער האָט גענומען, אָן אַ שום סיבה, ציטערן און באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט. און באַלד האָט אים אַ האַרצרייסנדיקער געשריי געצוווּנגען אויפצוהויבן דעם קאָפּ. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דער טיר...

אינמיטן פון אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן זייער שטיל גערעדט אינם טונקעלן קאָרידאָר, וואָס איז געווען באַלויכטן פון דעם צאַנקענדיקן ליכט פון אַ לאַמטערן, איז אויף אַ מיטה געלעגן, ווי מיט יאָרן צוריק דער זיידע, אַן אומבאַוועגלעכער גוף, פון וועלכן ס׳האָט געררונען וואַסער. לואיזע האָט געכליפּעט אויף זיין האַלז. מ׳האָט נאָר-וואָס געפונען מעלכיאָרן אַ דערטרונקענעם אינם טייכל ביי דער מיל.

קריסטאָף האָט אַ געשריי געטון. די גאַנצע אַרומיקע וועלט איז נעלם געוואָרן, אַלע אַנדערע צרות זענען געוואָרן פאַרשוויגן. ער האָט זיך געוואָרפן נעבן לואיזען אויף זיין טאַטנס גוף — און זיי האָבן ביידע צוזאַמען געוויינט.

איז געזעסן ביי מעלכיאָרס בעט און געוואַכט איבער אים און איבער זיין לעצטן שלאָף; מעלכיאָרס פּנים איז איצט געווען ערנסט און פייערלעך; קריסטאָף האָט געפילט, ווי די טונקעלע שטילקייט פון טויט דרינגט אין אים אַריין. זיין קינדערשע ליידנשאַפט איז פאַרשוווּנדן, ווי אַן אומגעריכטער פיבער; דער אייז-קאַלטער אָטעם פון קבר האָט אַלץ אָפּגערוימט. מינאַ, זיין גאווה, זיין ליבע, און ער אַליין... אַך! אויך צרות! אַלץ האָט אויסגעזען קליין קעגן דער ווירקלעכקייט, קעגן אָט דער איינציקער ווירקלעכקייט: טויט! איז כדאי צו ליידן אַזויפיל יסורים, אַזויפיל צו באַגערן, אַזויפיל צו מאַטערן זיך, כדי צו קומען ביז דאַנען?...

ער האָט געקוקט אויף זיין איינגעשלאָפענעם פאָטער, און אַ קינדערשער רחמנות האָט פאַרפולט זיין האַרץ. ער האָט זיך דערמאָנט יעדן אויסדרוק פון זיין גוטסקייט און צאַרטקייט. מיט אַלע זייבע

חסרונות, איז מעלכיאָר נישט געווען קיין שלעכטער מענטש און גע־האַט אין זיך אַ סך גוטס. ער האָט ליב געהאַט זיינע אייגענע. ער איז געווען אַן ערלעכער מאַן. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פון דער אומאָפּהענגיקער אויפריכטיקייט פון די קראַפּטס, וואָס בנוגע מאָראַל און כבוד־געפיל האָבן זיי נישט פאַרטראָגן קיין וואַקלעניש און קיינמאָל נישט דערלאָזט קיין שום פשרות מיט דער עטיק, בעת מענטשן פון דער בעסערער געזעלשאַפט האָבן עס נישט געהאַלטן פאַר קיין חטא. ער איז געווען מוטיק און אין יעדער סכנה גרייט געווען מיט אַ באַזונדערער פרייד צו שטעלן זיין לעבן אין קאָן. אויב ער איז געווען אַ פזרן פאַר זיך אַליין, איז ער עס אויך געווען פאַר אַנדערע; און ער האָט מיט פאַרגעניגן און מיט אַ לייכטקייט אָפּגע־געבן אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, — און אפילו וואָס עס האָט צו אים נישט געהערט, — די אָרעמע לא־יוצלחס, וואָס ער האָט געטראָפן אויף זיין וועג. אַלע מעלות זענען איצט געקומען קריסטאָפן אויפן זכרון: ער האָט זיי אַ ביסל אַליין צוגעטראַכט אָדער מגזם געווען. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט נישט געשעצט, ווי ס׳דאַרף צו זיין, זיין פאָטער. ער האָט זיך באַשולדיקט, וואָס ער האָט אים נישט גענוג ליב געהאַט. איצט האָט ער אים געזען, אַ באַזיגטן פונם לעבן; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט, ווי אָט־די אומגליקלעכע נשמה ווערט מיטגעשלעפּט מיטן שטראָם, אַז זי איז צו שוואַך זיך צו ראַנגלען — און באַוויינט איר לעבן, וואָס איז אַוועק לאיבוד. ער האָט געהערט, ווי זי בעט זיך רחמים מיט אַ קלאָגעדיקער שטים, וואָס האָט אים שוין איינמאָל צעריסן דאָס האַרץ:

— קריסטאָף! פאַראַכט מיך נישט!

ס׳האָט אים געפּייניקט די חרטה. ער האָט זיך געוואָרפן צום בעט און געקושט וויינענדיק דעם טויטנס פנים. ער האָט איבערגע־חזרט, ווי דעמאָלט:

— מיין טייערער פּאַפּאַ, איך פאַראַכט דיך נישט, כ׳האָב דיך ליב! זיי מיר מוחל!

נאָר די יללה האָט נישט אויפגעהערט און זיך ווידער אָפּגערופן מיט אַנגסט:

— פאַראַכט מיך נישט! פאַראַכט מיך נישט!

און פלוצלינג האָט קריסטאָף דערזען זיך אַליין, ווי ער ליגט אויפן טויטנס אָרט; ער האָט געהערט, ווי די ווערטער גייען אַרויס

פון זיין אייגן מויל און געפילט אין זיין האַרצן דעם ביטערן יאוש פון אַן אומנוצלעך לעבן, וואָס איז אַוועק לאיבוד אויף אייביק. און ער האָט געטראַכט מיט שרעק: „אוי! אַלץ, אַלע יסורים, אַלע צרות פון דער וועלט, אַבי נישט צו דערגיין צו אַזאַ מדרגה!"... און ווי נאָענט איז ער דערצו געווען? האָט עס נישט געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל צעבראָכן זיין לעבן, כדי פטור צו ווערן פון די צרות? גלייך ווי אַלע יסורים און אַלע פאַרראַטן וואָלטן געווען בלויז אַ קינדער־שער צער קעגן די עינויים און דעם גרעסטן פאַרברעכן: זיך אַליין צו פאַרראַטן, צו פאַרלירן דעם גלויבן, צו פאַראַכטן זיך אַליין אפילו אין דער שעה פון טויט!

ער האָט דערזען, אַז דאָס לעבן איז אַ מלחמה אָן אויפהער און אָן רחמנות, אין וועלכער דער מענטש, וואָס וויל ראוי זיין צו טראָגן דעם נאָמען מענטש, מוז זיך שטענדיק ראַנגלען קעגן מחנות פאַר־באָרגענע שונאים: די מערדערישע כוחות פון דער נאַטור, די ווילדע באַגערן, די טונקעלע מחשבות, וואָס שטויסן אים פאַררעטעריש צו דערנידעריקן זיך אַליין און צו מאַכן פון זיך אַ תל. ער האָט דער־זען, אַז אָט־אָט פאַלט ער אַריין אין אַ נעץ. ער האָט דערזען, אַז גליק און ליבע זענען נאָר אַ רגע־פאַרבלענדעניש, וואָס וויל פאַנגען זיין האַרץ, באַרויבן אים און פאַרשקלאַפן. און דער קליינער פּופּצן־יעריקער פוריטאַנער האָט דערהערט די שטים פון זיין גאָט:

— גיי, גיי, בלייב קיינמאָל נישט שטיין.

— אָבער ווהין זאָל איך גיין, האַר? אַז וואָס איך זאָל נישט טון, וווּ איך זאָל נישט גיין, — איז דען נישט אייביק דער זעלבער סוף, דער זעלבער תכלית?

— גייט און שטאַרבט, איר, וואָס דאַרפט שטאַרבן! גייט און ליידט, איר, וואָס דאַרפט ליידן! מ'לעבט נישט, צו זיין גליקלעך. מ'לעבט צו דערפילן מיין געזעץ. לייד. שטאַרב. אָבער זיי דאָס, וואָס דו דאַרפסט צו זיין: — זיי אַ מענטש.

ראָמען ראָלאן

# זשאן קריסטאָף

## יוגנט

דריטער באַנד

פון פראנצויזיש
אהרן מאַרק

קאָאָפעראַטיוו „ביכער" וואַרשע 1929

דאָס הויז איז פאַרזונקען געווען אין שטילקייט. זינט דער פֿאָ־
טער איז געשטאָרבן, איז אַלץ, דאַכט זיך, געוואָרן טויט. איצט, ווען
ס׳איז פאַרשטומט געוואָרן מעלכיאָרס הילכיקע שטים, האָט מען פון פרי
ביז נאַכט געהערט בלויז דעם פאַרוויגנדיקן געמורמל פונם טייך.

קריסטאָף האָט זיך עקשנותדיק געוואָרפן צו אַרבעט. מיט שטור־
מען צאָרן האָט ער זיך אַליין גענומען אויפוואַרפן, אַלמאַי ס׳האָט זיך
אים פאַרוואָלט זיין גליקלעך. פאַרגליווערט אין זיין שטאָלץ, האָט ער
גאָרנישט געענטפערט אויף די צערטלעכע טרייסט־ווערטער. נישט
רעדנדיק קיין וואָרט האָט ער געטון זיין טאָג־טעגלעכע אַרבעט און
געגעבן זיינע לעקציעס מיט אַ באַזונדערער פּינקטלעכקייט. זיינע שילע־
רינס, וואָס האָבן געוווסט פון זיין אומגליק, האָט שאָקירט זיין גלייכ־
גילטיקייט. נאָר די עלטערע פון זיי, וועלכע האָבן שוין אַליין אי־
בערגעטראָגן יסורים, האָבן געוווסט, וויפל ליידן עס באַהאַלטן זיך
אין דער געמאַכטער קאַלטקייט פון אַ קינד; און זיי האָבן אויף אים
רחמנות געהאַט. ער איז זיי להלוטין נישט דאַנקבאַר געווען פאַר
זייער האַרציקייט. אפילו די מוזיק האָט אים נישט געבראַכט קיין
שום פאַרלייכטערונג. ער האָט געשפּילט אָן חשק, מער צוליב פליכט.
מ׳וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט געפונען אַן אכזריותדיקע הנאה
נישט צו געניסן מער פון קיין פאַרגעניגנס, זיך אָפּצוזאָגן פון זיי,
זיך אָפּצוזאָגן פון יעדן לעבנס־זין — און דאָך צו לעבן ווייטער.

זיינע ביידע ברידער, וואָס די שטילקייט פון דער אבלדיקער
שטוב האָט זיי געדריקט ווי אַ משא, האָבן זיך צוגעאײַלט און גע־
מאַכט פליטה. רודאָלף איז אַריין אין דעם האַנדלס־הויז פון זיין פעטער
מער טעאָדאָר און ביי אים געוווינט. וואָס שייך ערנעסטן, האָט ער

פריער געפרוווט אַ צוויי־דריי מלאכות, און דערנאָך איז ער געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אויף אַ רהיין־דאַמפּער, וואָס האָט קורסירט צווישן מאַינץ און קעלן; ערנעסט האָט זיך געוויזן אין שטוב, נאָר ווען ער האָט באַדאַרפט האָבן געלט. אָט אַזוי איז קריסטאָף געבליבן איינער אַליין מיט דער מאַמע אין שטוב, וואָס איז איצט געווען פאַר זיי צו גרויס; די נויט און אויך די חובות, וואָס זענען אויפגעשווומען נאָך מעלכיאָרס טויט, האָבן זיי געצוווּנגען, ווי שווער ס׳איז זיי נישט געווען, — צו זוכן אַן אַנדערע דירה, אַן ערגערע און ביליקערע.

זיי האָבן טאַקע געפונען אַ קליין דירהלע, — צוויי אָדער דריי צימערלעך אויפן צווייטן גאָרן אין אַ הויז אויף דער מאַרק־גאַס. די געגנט איז געווען אַ רעשיקע, אין סאַמע צענטער שטאָט, ווייט פונם טייך, ווייט פון די ביימער און פון אַלע ליבע ערטער. מ׳האָט אָבער געמוזט פאָלגן דעם שכל, נישט דעם געפיל; קריסטאָף האָט דאָ געפונען א גוטע געלעגנהייט צו שטילן זיין דורשט נאָך דעם צער און פיין. אגב, איז דער אייגנטימער פונם הויז, דער אַלטער קאַנצעליאַריסט איילער, געווען דעם זיידנס אַ ידיד און געקענט די משפחה; דאָס איז געווען גענוג, אַז לואיזע זאָל מסכים זיין, ווייל זי איז געווען איינזאַם אין איר פוסטער שטוב, און ס׳האָט זי שטאַרק געצויגן צו די, וואָס ביי זיי איז פאַרבליבן דער זכר פון אירע געליבטע.

זיי האָבן זיך געגרייט אַרויסצוציען זיך פון דער דירה. זיי האָבן נאָך לאַנג איינגעזאַפּט אין זיך דעם ביטערן טרויער פון די לעצטע טעג, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין דער אומעטיקער טייערער היים, וועלכע זיי האָבן פאַרלאָזט אויף אייביק. זיי האָבן נישט געהאַט קיין ווילן צו טיילן זיך מיטן ווייטיק; זיי האָבן זיך געשעמט אָדער מורא געהאַט. יעדערער פון זיי האָט בשעת־מעשה געטראַכט, אַז ער דאַרף נישט אַרויסווייזן זיין שוואַכקייט דעם צווייטן. ביים טיש, זיצנדיק זאַלבעצווייט אינם טרויעריקן צימער מיט די האַלב־אַראָפּגעלאָזענע פאָרהאַנגען, האָבן זיי נישט געהאַט דעם מוט אויפצוהויבן די שטים, געשעמט זיך צו עסן און אויסגעמיטן די בליקן, מורא האָבנדיק אַרויסצווייזן זייער אויפרעגונג. באַלד נאָכדעם האָבן זיי זיך צעשיידט. קריסטאָף איז אַוועק צו זיינע עסקים; און ווען נאָר ער האָט געהאַט אַ פרייע מינוט, איז ער צוריקגעקומען, אַריינגעגאַנגען פאַרבאָרגענערהייט אַהיים און אַרויף אויף די שפּיץ פינגער צו זיך אין צימער אָדער אין שפּייז־קאַמער. דעמאָלט פלעגט ער

פאַרמאַכן די טיר, געזעצט זיך אין אַ ווינקל אויף אַן אַלטן קופערט אָדער אויפֿן פענסטער און זיך צוגעהערט צום אומבאַשטימטן גערויש פון דער אַלטער שטוב, וואָס האָט זיך ביי יעדן מינדסטן טריט גע־טרייסלט. ווי די שטוב האָט זיין האַרץ געציטערט. ער האָט געלויערט מיט אַנגסט אויפֿן לייכטסטן שאָרך פון דרויסן אָדער פון אינעווייניק, געהערט דאָס סקריפּען פונם דיל, די אומבאַגרייפלעכע היימישע קולות: ער האָט זיי אַלע געקענט. ער איז געוואָרן באַוווסטלאָז, זיין געדאַנק איז פאַרפלייצט געוואָרן פון די פאַרגאַנגנהייטס־בילדער; פון זיין פאַרגליווערטקייט האָט אים ערשט אַרויסגעריסן דער זייגער פונם הייליקן מאַרטין, וואָס האָט אַ קלונג געטון און דערמאָנט, אַז ס׳איז שוין צייט צו גיין.

פונם אונטערשטן שטאָק זענען צו אים דערגאַנגען לואיזעס טריט, וועלכע האָבן געלאָסן געטראָטן הין און צוריק. שעהנווייז האָט מען גאָרנישט געהערט; די האָט נישט געמאַכט קיין שום גערויש. קריסטאָף האָט אָנגעשטעלט דאָס אויער. ער איז אַראָפּגעלאָפֿן, אַ ביסל אומרויק, ווי שטענדיק נאָך אַ גרויסן אומגליק. ער האָט האַלב געעפֿנט די טיר: לואיזע האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן; זי איז געזעסן פאַר אַ וואַנט־שענקל, צווישן אַ באַרג זאַכן: שמאַטעס, אַלט־וואַרג, איינציקע כלים, אָנדענק־זאַכן, וואָס זי האָט אַרויסגענומען מיטן אויסרייד זיי צו ברענגען אין אָרדענונג. אָבער די כּוחות האָבן זי כּמעט פאַרלאָזן: יעדע זאַך האָט איר אָן עפּעס אַנדערש דערמאָנט; זי האָט די זאַכן געדרייט צווישן די פינגער — און פאַרזונקען גע־וואָרן אין טרוימען; די זאַך האָט זיך איר אַרויסגעגליטשט פון די הענט; זי איז געבליבן שעהנווייז זיצן אָפּגעשוואַכט אויף איר שטול, מיט אַראָפּהענגענדיקע הענט און פאַרזונקען אין אַ פאַרגליווערטן צער.

די אָרעמע לואיזע האָט דאָס רוב פון אירע טעג געלעבט איצט אין דער פאַרגאַנגענהייט, — אין דער טרויעריקער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט איר אַזוי געקאַרגט אַ ביסל פרייד; נאָר זי איז, נעבעך, אַזוי געוווינט געוועזן צוליידן, אַז זי איז דאַנקבאַר געוועזן פאַר די קלענסטע חסדים, און די בלייכע שטראַלן, וואָס האָבן דאָ און דאָרט נעבלישטשעט, האָבן געקלעקט צו באַלויכטן איר לעבן. אַל דאָס בייז וואָס זי איז אויסגעשטאַנען פון מעלכיאָרן איז פאַרגעסן געוואָרן, זי האָט געדענקט בלויז גוטס. די געשיכטע פון איר חתונה איז געוואָרן

דער גרויסער ראָמאַן פון איר לעבן. אויב מעלכיאָר איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן פון אַ קאַפּריז און האָט תּיכּף חרטה געהאַט אויף דער חתונה — איז זי אים דאָך געווען איבערגעגעבן פון טיפן האַרצן; זי האָט גע-גלויבט, אַז ער האָט זי ליב געהאַט, גלייך ווי זי אים, און דעריבער איז ביי איר געבליבן אַ צערטלעכע דאַנקבאַרקייט צו מעלכיאָרן. און דאָס, וואָס ער איז שפּעטער געוואָרן אַן אַנדערער — דאָס האָט זי נישט געוואָלט פאַרשטיין. נישט מסוגל צו זען די ווירקלעכקייט אַזוי ווי זי איז, האָט זי בלויז געוווּסט, אַז זי מוז טראָגן אירע צרות אַזוי ווי זיי זענען, ווי אַ דערשלאָגענע, מוטיקע פרוי, וואָס לעבט זיך איר לעבן און האַלט נישט פאַר נויטיק עס צו פאַרשטיין. דאָס, וואָס זי אַליין האָט נישט געקאָנט אויסטייטשן, האָט זי איבערגעלאָזן פאַר גאָט, ער זאָל עס אויסטייטשן. צוליב אַ מערקווירדיקער פּיעטעט, האָט זי אַרויפגעלעגט אויף גאָט די אחריות פאַר אַלע צרות, וואָס זי איז אויס-געשטאַנען פון מעלכיאָרן און פון אַנדערע, און די מענטשן גופא האָט זי דערמאָנט בלויז צו גוטן. אָט אַזוי האָט איר שווער לעבן נישט געלאָזט אין איר קיין ביטערע זכרונות. זי האָט זיך נאָר געפילט אויס-געשעפּט — זי איז בטבע געווען אַ שוואַכע — דורך די יאָרן פון דלות און מאַטערניש; און איצט, ווען מעלכיאָר איז שוין מער נישט געווען, איצט, ווען די צוויי זין זענען אַוועקגעפלויגן פון דער נעסט, און דער דריטער האָט זיך, דאַכט זיך, אויך געקאָנט באַגיין אָן איר הילף, — האָט זי לחלוטין פאַרלוירן דעם מוט עפּעס צו טון; זי איז געווען מיד, שלעפּעריק, איר ווילן איז געווען פאַרחושט. זי האָט דורכגעמאַכט איינעם פון יענע נעוראַסטענישע קריזיסן, וואָס באַפאַלן אָפט, אינם באַרג-אַראָפּ פונם לעבן, די אַרבעטזאַמע מענטשן, ווען אַן אומגעריכטע צרה נעמט-אָפּ ביי זיי יעדן חשק צו אַרבעטן. זי האָט נישט געהאַט דעם מוט צו ענדיקן דעם זאָק, וואָס זי האָט געשטריקט, צונויפצוקלייבן די זאַכן אין קעסטל, ווו זי האָט געגנישטערט, אָדער זיך אויפצוהויבן צו פאַרמאַכן דאָס פענסטער: זי פלעגט בלייבן זיצן אָן קיין מחשבה, אָן כּוח צו טון עפּעס, — אויסער צו טרוימען. זי האָט גע-וווּסט פון איר שוואַכקייט און געגרויזלט זיך, ווי פון חרפּה; זי האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן עס פון זון, און קריסטאָף, וואָס איז געווען פאַרנומען מיטן עגאָיזם פון זיינע אייגענע צרות, האָט גאָרנישט באַ-מערקט. ביי זיך אין האַרצן האָט ער געוויס זיך טיילמאָל אומגעדול-דיק געבייזערט אויף דער מאַמעס איצטיקער אָפּגעלאָזנקייט אין רעדן

און טון די לייכטסטע זאַך; נאָר ווי גרויס ס׳איז נישט געווען דער חילוק צווישן איר איצטיקן צושטאַנד און דער פריערדיקער אַקטיווי־קייט — האָט ער זיך וועגן דעם נישט געזאָרגט.

נאָר יענעם טאָג האָט ער זיך צום ערשטן מאָל שטאַרק דער־שראָקן, ווען ער האָט אומגעריכט דערזען, ווי זי זיצט צווישן אי־רע שמאַטעס, וואָס זענען צעוואָרפן געווען אויפן פּאַרקעט, אויפגע־וואָרפן אין אַ הויפן ביי אירע פיס, פאַרנומען אירע הענט און פאַר־דעקט אירע קני. דער האַלז איז געווען אויסגעצויגן, דער קאָפּ גע־בויגן פאָרויס, דאָס פּנים צונויפגעקאָרטשעט און פאַרשטאַרט. דערהערנ־דיק זיין אַריינקומען, האָט זי אַ צאַפּל געטון; אַ רויטקייט האָט זיך באַוויזן אויף אירע בלייכע באַקן; מיט אַן אינסטינקטיווער באַוועגונג האָט זי זיך באַמיט צו באַהאַלטן די זאַכן, וואָס זי האָט געהאַט אין האַנט, און געשטאַמלט מיט אַ פאַרלעגנהייט־שמייכל:

— דו זעסט? איך לעג זיי איין...

דאָס בילד פון אָט דער אָרעמער נשמה, וואָס האָט אַרומגעבלאָנ־קעט צווישן די הייליקייטן פון איר פאַרגאַנגענהייט, האָט אים אַ שטאָך געטון אין האַרצן; ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט אַ מיטלייד. פונדעסטוועגן האָט ער בכיוון זיך אָנגערופן מיט אַ בייזן טאָן, כדי זי אַרויסצורייסן פון דער אַפּאַטיע:

— גענוג, מאַמאַ, גענוג, דו דאַרפסט דאָ מער נישט בלייבן צווישן דעם שטויב, אינם פאַרמאַכטן צימער! ס׳וועט דיר פאַרשאָטן. מ׳דאַרף זיך אָפּשאָקלען, מ׳דאַרף מאַכן אַ סוף מיטן צו־טון האָבן מיט די זאַכן.

— יאָ, — האָט זי פאָלגעוודיק געענטפערט.

זי האָט געפרווט אויפצושטעלן זיך, כדי אַריינצולעגן די זאַכן אינם קעסטל. אָבער באַלד האָט זי זיך ווידער געזעצט און מוטלאָז אַרויסגעלאָזן פון האַנט די זאַכן, וואָס זי האָט געהאַלטן.

— אַך! איך קאָן נישט, איך קאָן נישט — האָט זי געקרעכצט — איך וועל קיינמאָל נישט פאַרטיק ווערן דערמיט!

ער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר און געגלעט איר שטערן מיט די הענט.

— וואָס איז דיר, מאַמאַ — האָט ער געזאָגט. — ווילסט, איך זאָל דיר העלפן? דו ביסט קראַנק?

זי האָט נישט געענטפערט. ס׳האָט זי אָנגעכאַפּט אַ מין אינער־לעכער ספּאַזמאַטישער געוויין. ער האָט זי אָנגענומען פאַר די הענט

זיך געשטעלט פאַר איר אויף די קני, כּדי זי בעסער צו זען אין דער האַלב־פינסטערניש פונם חדר.

— מאַמאַ! — האָט ער אומרויִק געראָפן.

לואיזע האָט אָנגעשפּאַרט איר שטערן אָן זיין אַקסל און זיך ביטער צעוויינט.

— קינד מיינס, — האָט זי איבערגעחזרט און זיך צוגעדריקט צו אים — מיין קליינינקער!... דו וועסט מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן? זאָג מיר צו, וועסט מיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן?

זיין האַרץ איז געווען צעבראָכן פון מיטלייד.

— אָבער ניין, מאַמאַ, כ'וועל דיך נישט פאַרלאָזן. וואָס פאַר אַן איינפאַל!

— איך בין אַזוי אומגליקלעך! זיי האָבן מיך אַלע פאַרלאָזן, אַלע...

זי האָט אָנגעוויזן אויף די זאַכן, וואָס זענען געלעגן אַרום איר' און מ'האָט נישט געקאָנט וויסן, צי מיינט זי די זאַכן אָדער די פאַרשטאָרבענע און די זין.

— דו וועסט דאָך בלייבן מיט מיר? וועסט דאָך מיך נישט פאַרלאָזן?... וואָס וועט ווערן מיט מיר, אויב דו וועסט אויך אַוועק?

— איך וועל נישט אַוועקגיין! איך זאָג דיר צו, מיר וועלן בלייבן צוזאַמען. וויין נישט. איך זאָג דיר צו.

זי האָט ווייטער געוויינט און נישט געקאָנט גאָר אויפהערן. ער האָט איר אויסגעווישט די אויגן מיט זיין טיכעלע.

— וואָס איז דיר, טייערע מאַמאַ? דו ליידסט?

— איך ווייס נישט, איך ווייס נישט, וואָס מיר איז.

זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַרויקן זיך און אַ שמייכל צו טון.

— מיר איז שווער זיך צו באַהערשן; צוליב גאָרנישט הויב איך ווידער אָן צו וויינען... אָ, דו זעסט, איך הויב שוין ווידער אָן... זיי מיר מוחל; איך בין אַ נאַר. איך בין אַלט. איך האָב נישט מער קיין כּוח. איך טויג נישט מער צו גאָרנישט. איך וואָלט בעסער געוואָלט באַגראָבן ווערן צוזאַמען מיט דעם אַלעמען...

ער האָט זי צוגעדריקט צום האַרצן, ווי אַ קינד.

— פּייניק זיך נישט, באַרויק זיך, טראַכט נישט מער...

זי האָט זיך ביסלעכווייז באַרויקט.

— ס'אַראַ אומזין, איך שעם זיך... נאָר וואָס איז מיר? וואָס איז מיר פאָרט?

אָט די אַרבעטזאַמע אַלטע האָט נישט געקאָנט תּופס זיין, פאַר־וואָס זענען איר פּלוצלינג אויסגעאַנגגען די כּוחות, און זי האָט זיך געפילט פאַרשעמט ביזן טיפן האַרצן. ער האָט זיך בפיוון געמאַכט, אַז ער באַמערקט עס נישט.

— אַ ביסעלע פאַרמאַטערט, מאַמאַ, — האָט ער געזאָגט, באַמיענ־דיק זיך צו רעדן מיט אַ גלייכגילטיקן טאָן — עס וועט גאָרנישט זיין, וועסט זען...

אָבער אויך ער איז געווען אומרויק. זינט די קינדער־יאָרן איז ער געוווינט געווען צו זען זיין מאַמע שטענדיק אַ מוטיקע, ווי זי נעמט אַלץ אָן פאַר ליב, ווי זי שטעלט זיך שטיל אַנטקעגן אַלע צרות. און די דערשלאָגנקייט האָט אים דערשראָקן.

ער האָט איר געהאָלפן צונויפלעגן די זאַכן, וואָס זענען געווען צעזייט איבער דער ערד. פון צייט צו צייט האָט זי זיך אָן עפּעס אָנגעשטויסן און זיך לענגער פאַרהאַלטן; נאָר ער האָט געלאָזן אַרויס־גענומען די זאַך פון איר האַנט — און זי האָט נישט געווערט.

פון דעם אויגנבליק אָן האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב צו בלייבן מיט איר וואָס מער. אַנשטאָט צו פאַרמאַכן זיך נאָך דער אַר־בעט אין זיין אייגענעם צימער, איז ער געזעסן צוזאַמען מיט איר. ער האָט געפילט, ווי עלנט זי איז און אַז זי איז נישט בכּוח אַרי־בערצוטראָגן די איינזאַמקייט: ס'וואָלט געווען געפערלעך צו לאָזן זי אַליין.

אין אָוונט פלעגט ער זיצן נעבן איר. ביים אָפענעם פענסטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום וועג. די פעלדער זענען ביסלעכווייז אויס־געלאָשן געוואָרן. די מענטשן זענען געקומען צוריק אַהיים. ווייט, אין די שטיבער, האָבן געפינקלט קליינע פייערלעך. זיי האָבן עס שוין טויזנט מאָל געזען. אָבער באַלד וועלן זיי עס שוין נישט זען מער. זיי פלעגן זיך איבערוואַרפן מיט עטלעכע אָפגעהאַקטע ווערטער, גע־מאַכט איינער דעם צווייטן אויפמערקזאַם אויף די מינדסטע, און אפילו

גוט-באַקאַנטע און פּאָרויס-געוווּסטע, געשעעניש פונם אָוונט, מיט אַן
אייביק פרישן אינטערעס. זיי פלעגן אַזוי לאַנג שווייגן; אָדער לואיזע
פלעגט זיך דערמאָנען, כלומרשט אָן אַ שום סיבה, עפּעס אַ פּרט פון
איר פאַרגאַנגענהייט; אַמאָל איז איר געקומען אויפן רעיון אַ געשיכטע,
וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות צו די פריערדיקע רייד. איצט,
ווען זי האָט געפילט ביי דער זייט אַ ליבנדיק האַרץ, האָט זיך איר
אויפגעבונדן די צונג. זי האָט זיך אָנגעטון אַ כוח צו רעדן. ס'איז
איר אָנגעקומען מיט צרות, ווייל זי איז אייביק געווינט געווען זיין
אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, און אירע זין און דעם מאַן האָט זי גע-
האַלטן פאַר צו קלוגע, זיי זאָלן זיך אַריינלאָזן מיט איר אין אַ שמועס;
זי האָט קיינמאָל קיין העזה נישט געהאַט זיך אַריינצומישן אין די
רייד. קריסטאָפס צערטלעכע זאָרגעוודיקייט איז פאַר איר געווען אַ
נייעס, פאַרשאַפט איר פאַרגעניגן, אָבער אויך זי אַריינגעבראַכט אין אַ
פאַרלעגנהייט. זי האָט געזוכט ווערטער; ס'איז איר שווער געווען זיך
אויסצודריקן; אירע פראַגן זענען געווען אָפּגעהאַקט און אומקלאָר.
טיילמאָל האָט זי זיך אַליין געשעמט פאַר אירע רייד, געקוקט אויפן
זון און געבליבן שטיין אינמיטן דערציילן. אָבער ער האָט געדריקט
איר האַנט — און זי האָט זיך באַרויקט. ער איז געווען דורכגעדרונ-
גען מיט ליבע און מיטלייד צו דער דאָזיקער קינדערשער און מו-
טערלעכער נשמה, צו וועלכער ער האָט זיך קינדווייז געטוליעט; איצט
האָט זי געזוכט אַ שוץ ביי אים. און ער האָט געפילט אַ פיינלעכע
הנאה פון איר פלוידעריי, וואָס האָט געהאַט אַן אינטערעס נאָר פאַר
אים אַליין און מער פאַר קיינעם נישט; ער האָט זיך צוגעהערט צו
די גאָרנישט-באַדייטנדיקע זכרונות פון דעם שטענדיק דורכשניטלעכן,
גרויען לעבן, וועלכע האָבן פאַר לואיזען געהאַט אַן אומגעהויערן ווערט.
ער האָט געפרוווט עטלעכע מאָל איבעררייסן; ער האָט מורא געהאַט,
די זכרונות זאָלן זי נישט פאַראומערן, און צוגעשטאַנען צו איר, זי
זאָל זיך גיין לעגן. זי האָט פאַרשטאַנען זיין כוונה און געזאָגט צו
אים מיט דאַנקבאַרע אויגן:
— ניין, איך פאַרזיכער דיך, עס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן; לאָ-
מיר זיצן נאָך אַ ביסל.
זיי פלעגן אַזוי בלייבן זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען
אַלץ אַרום איז שוין געשלאָפן. דערנאָך האָבן זיי זיך געזאָגט אַ „גוטע
נאַכט”; זי האָט געפילט אַ פאַרלייכטערונג, וואָס זי האָט אַראָפּגעוואָרפן

פון זיך אַ טייל פון אירע צרות; און ער האָט געהאַט אַ שווער גע־מיט, וואָס צו זיין פריערדיקער לאַסט זענען צוגעקומען פרישע דאגות.

ס׳איז אָנגעקומען די צייט זיך אַרויסצוציִען פון דער דירה. ערב דעם טאָג זענען זיי געבליבן זיצן אין צימער לענגער, ווי שטענדיק, און נישט אָנגעצונדן קיין לאָמפּ. זיי האָבן נישט גערעדט צווישן זיך. פון צייט צו צייט האָט לואיזע אַ זיפץ געטון: „אַך, גאָט מיינער!״ קריסטאָף האָט זי געפרוווט פאַררעדן מיט פאַרשידענע ווערטער, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו זייער פאַרלאָזן די דירה, — צומאָרגנס האָט עס געזאָלט פאָרקומען — אָבער זי האָט נישט געוואָלט גיין שלאָפן. ער איז מיט גוטע רייד צוגעשטאַנען און געפּועלט, אָבער ווען ער איז אַרויף צו זיך אין צימער, איז ער אַליין נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסן אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער, האָט ער געפרוווט דורכרייסן די טונקלקייט און דערזען צום לעצטן מאָל די באַוועגלעכע נעפּל־שאָטנס פונם טייך, צופוסנס פונם הויז. ער האָט געהערט, ווי דער ווינט בלאָזט צווישן די גרויסע ביימער פון מינאַס גאָרטן. דער הימל איז געווען שוואַרץ. קיין שום דורכגייער אויף דער גאַס. אַ קאַלטער רעגן האָט גענומען פאַלן. די ווע־טער־פענדלעך האָבן מיט אַ טומל זיך געדרייט. אין דער שכנותדיקער שטוב האָט זיך צעוויינט אַ קינד. אין אַ שווערן טרויער איז די נאַכט געלעגן צוגעדריקט צו דער ערד און צו דער נשמה. איינטאָניקע שעהן, גריליצנדיקע האַלבע און פערטל־שעהן, זענען געפאַלן איינע נאָך דער צווייטער אין דער אומעטיקער שטילקייט, וואָס האָט נאָך־מער בולט געמאַכט דעם גערויש פון רעגן איבער די דעכער און ברוק.

ווען קריסטאָף איז לסוף געגאַנגען שלאָפן, האָבן אים ווייט געטון אַלע גלידער; ער האָט דערהערט, ווי ס׳פאַרמאַכט זיך דאָס פענסטער אויפן אונטערשטן גאָרן. און אין בעט האָט ער מיט ווייטיק געטראַכט, ווי אכזריותדיק עס איז, וואָס אָרעמע לייט בינדן זיך צו צו דער פאַרגאַנגענהייט: זיי האָבן נישט דאָס רעכט צו האָבן אַ פאַרגאַנגענהייט, ווי די רייכע; זיי האָבן נישט קיין שטוב און אַפילו קיין ווינקעלע אויף דער ערד, ווו זיי וואָלטן געקאָנט באַשירעמען זייערע זכרונות; — זייער פרייד, זייער זאָרג, אַלע טעג פון זייער לעבן זענען צעזייט אויפן ווינט.

אַ שלאַקס-רעגן האָט געגאָסן, ווען זיי האָבן צומאָרגנס אַריבערגעפירט זייער אָרעם האָב-און-גוטס אין דער נייער דירה. דער אַלטער טאַפּעצירער, פישער, האָט זיי אויסגעבאָרגט זיין וואָגן און פערדל, און איז אַליין געקומען צולייגן אַ האַנט. זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט אַריבערפירן דאָס גאַנצע מעבל, ווייל די דירה, ווו זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן, איז געווען פיל קלענער, ווי די פריערדיקע. קריסטאָף האָט געמוזט צורעדן די מאַמע, זי זאָל איבערלאָזן דאָס אַלטוואַרג, וואָס קאָן זיי מער נישט נוצן. ס'איז אים אַזוי לייכט נישט אָנגעקומען, די קלענסטע זאַך האָט געהאַט פאַר איר אַ ווערט: אַ הינקענדיקן טיש, אַ צעבראָכענעם שטול — זי האָט קיין זאַך נישט געוואָלט איבערלאָזן. אַרויסגעהאָלפן האָט פישערס אויטאָריטעט, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדערע חשיבות אין לואיזעס אויגן, אַ דאַנק זיין אַלטער פריינדשאַפט מיט זשאַן-מישעלן; פישער האָט צו קריסטאָפס רייד צוגעגעבן זיין הילכיקע שטים, און ווי אַ גוטהאַרציקער מענטש, וואָס האָט פאַרשטאַנען לואיזעס צער, האָט ער איר צוגעזאָגט צו נעמען די טייערע שברי-כלים אונטער זיין השגחה, ביז ס'וועט קומען דער טאָג, ווען זי וועט זיי קאָנען נעמען צו זיך. דעמאָלט האָט זי מיט אַ צעבראָכן האַרץ מסכים געווען צו צעשיידן זיך מיט זיי.

ביידע ברידער האָט מען נאָך פריער מודיע געווען וועגן זייער איבערציִען זיך אין דער נייער דירה; אָבער ערנעסט איז דעם לעצטן אָוונט געקומען זאָגן, אַז ער וועט נישט קאָנען זיין דערביי, און רודאָלף האָט זיך מיטאָג-צייט באַוויזן אויף איין אויגנבליק, צוגעקוקט, ווי מ'שלעפּט דאָס מעבל, געגעבן עטלעכע עצות און באַלד זיך אָפּגעטראָגן, ווי אַ שטאַרק באַשעפטיקטער מענטש.

דער צוג האָט זיך געשלעפּט איבער די קויטיקע גאַסן. קריסטאָף האָט געהאַלטן די לייצעס פונם פערד, וואָס האָט זיך געגליטשט אויפן גלאַטן ברוק. לואיזע איז געגאַנגען ביי דער זייט פון איר זון, און באַמיט זיך צו פאַרשטעלן אים פונם רעגן, וואָס איז אָן אויפהער געגאַנגען טרויעריק איז געווען דאָס אַריינקומען אין דער פייכטער דירה. וואָס די בלייכע רעפלעקסן פונם נידעריקן הימל האָבן נאָך פינסטערער

געמאַכט. זיי וואָלטן זיכער נישט בייגעשטאַנען די מוטלאָזיקייט, וואָס האָט זיי באַהערשט, ווען נישט די פריינדלעכקייט פון זייערע שכנים. דער וואָגן איז אַוועקגעפאָרן, און דאָס מעבל איז געבליבן ליגן אין צימער איינס אויפן אַנדערן; די נאַכט איז צוגעפאַלן, און קריסטאָף און לואיזע, וואָס זענען פאַרמאַטערט און צוטומלט געזעסן, ער אויף אַ קופער, זי אויף אַ זאַק, — האָבן דערהערט אַ קליינעם, טרוקענעם הוסט אויף די טרעפּ: מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. ס'איז אַריינגעקומען דער אַלטער איילער. ער האָט העפלעך איבערגעבעטן, וואָס ער שטערט די ליבע שכנים; ער האָט צוגעגעבן, אַז כּדי צו פייערן דעם ערשטן אָוונט פון זייער קומען אַהער אין אַ מזלדיקער שעה, בעט ער זיי צו זיך אויף אָוונט-ברויט צוזאַמען מיט זיין משפּחה, און ער האָפט, אַז זיי וועלן אים נישט אָפּזאָגן. לואיזע, פאַרזונקען אין טרויער, האָט געפּרווט אָפּזאָגן. קריסטאָפן האָט אויך נישט געלאָקט צו טרעפן זיך איצט מיט די שכנים; נאָר דער אַלטער האָט זיך איינגעשפּאַרט, און קריסטאָף איז צוגעשטאַנען צו דער מוטער, זי זאָל מסכּים זיין: ער האָט געמיינט, אַז ס'איז גלייכער, זי זאָל דעם ערשטן אָוונט נישט פאַרברענגען אין דער נייער דירה איינע אַליין מיט אירע געדאַנקען.

זיי זענען אַראָפּ אויפן אונטערשטן שטאָק, וווּ זיי האָבן געטראָפן די גאַנצע משפּחה: דעם אַלטן, זיין טאָכטער, זיין איידעם, פאָגעל און זיינע אייניקלעך, — אַ יינגל און אַ מיידל, כּמעט אין קריסטאָפס עלטער. אַלע האָבן זיך גענומען פאָרקען אַרום זיי, געווונשן גליק, נאָכגעפרעגט זיך, צי זיי זענען אפשר מיד, צי זענען זיי צופרידן פון זייערע צימערן, צי נויטיקן זיי זיך נישט אין עפּעס; געשטעלט זיי צענדליקער פראַגן, וועלכע דער צעטומלטער קריסטאָף האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין; ווייל אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל. מ'האָט דערלאַנגט דאָס עסן, און זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש. אָבער דער טומל האָט אַלץ געדויערט. אַמאַליאַ, איילערס טאָכטער, האָט געהאַלטן פאַר נויטיק גלייך אויסצודערציילן לואיזען וועגן אַלע לאָקאַלע מערקווירדיקייטן, וועגן דער גאַנצער טאָפּאָגראַפיע פון געגנט, די רגילותן און מעלות פונם הויז, די שעה, ווען ס'קומט דער מילכיקער, די שעה, ווען זי שטייט אויף פון שלאָף, די מענטשן, וואָס ברענגען אַהיים שפּייז, און די פּרייזן, וואָס זי צאָלט. זי האָט נישט אויסגעהערט די רייד, ביז זי האָט אַלץ אַרויסגעלעגט. די שלעפעריקע לואיזע האָט זיך באַמיט אַרויסצווייזן, אַז זי איז פאַראינטערעסירט מיט-

אירע רייד; אָבער עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט, האָבן עדות געזאָגט, אַז זי הויבט נישט אָן צו פאַרשטיין קיין וואָרט, זיי האָבן אַרויסגערופן דערקלערונגען פון דאָס ביי צוזאַמען מיט פאַרחידושטע אויסגעשרייען. דער אַלטער קאַנצעלאַריע-באַאַמטער איילער האָט געגעבן קריסטאָפן צו פאַרשטיין די שוועריקייטן פון דער מוזיקאַלישער קאַריערע. קריסטאָפס צווייטע שכנטע, ראָזע, אַמאַליאַס טאָכטער, האָט גערעדט אָן אויפהער, אַזוי געשווינד, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין צייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם: זי איז געבליבן שטיין פאַרסאַפּעט אינמיטן אַ זאַץ, אָבער גלייך אָנגעהויבן ווידער. פאָגעל איז געווען אָנגעבלאָזן און זיך באַקלאָגט אויף די מאכלים. ס'איז געווען אַן ענין פון נייע ליידנשאַפטלעכע וויכּוחים. אַמאַליאַ, איילער, די קליינע — אַלע האָבן איבערגעריסן זייער שמועס, כּדי זיך צו באַטייליקן אינעם וויכּוח; און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ צאַנקעריי אָן אַ סוף וועגן דער פראַגע, צי איז דער מאכל גענוג געזאַלצן אָדער צו ווייניק: זיי האָבן געבראַכט ראַיות איינער פונעם צווייטן; נאַטירלעך, זענען נישט געווען קיין צוויי ענלעכע מיינונגען. יעדער איינער האָט געמאַכט חוזק פון זיין שכנס געשמאַק און געהאַלטן, אַז זיינער איז ריכטיקער און געזונטער. זיי וואָלטן זיך מסתמא אַזוי געשפּאַרט אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך.

נאָר לסוף האָבן זיי אַלע געמאַכט שלום און אַלע צוזאַמען זיך גענומען קלאָגן אויף די שלעכטע צייטן. אין רירנדיקע ווערטער האָבן זיי אויסגעדריקט מיטלייד לואיזען און קריסטאָפן, און שטאַרק גערימט זייער מוטיק האַלטן זיך. מיט אַ באַזונדערער הנאה האָבן זיי דערמאָנט נישט בלויז די אומגליקן פון זייערע שכנים, נאָר אויך די אייגענע און די צרות פון זייער פריינד און באַקאַנטע; און אַלע האָבן מסכּים געווען, אַז די ערלעכע זענען שטענדיק אומגליקלעך און אַז גוטס האָבן נאָר עגאָיסטן און רשעים. זיי זענען געקומען צום אויספיר, אַז דאָס לעבן איז טרויעריק און אַז עס טויג נישט, אַז ס'איז בעסער צו שטאַרבן און אַז ס'איז בלי-ספק אַ גזר פונם אויבערשטן צו לעבן, כּדי זיך צו מאַטערן. אַזוי-ווי אָט די געדאַנקען זענען נאָענט געווען דעם פּעסימיזם, וואָס האָט באַהערשט קריסטאָפן, איז ער געוואָרן גינסטיק געשטימט צו זיינע באַלעבאַטים און נישט באַמערקט זייערע משונהדיקע זייטן.

ווען ער איז אַרויף מיט דער מוטער אין זייער דירה, וואָס איז

געוועזן אין אומאָרדענונג, האָבן זיי זיך געפילט אומעטיק און פאַרמאַטערט, אָבער שוין נישט אַזוי עלנט. קריסטאָף האָט מחמת מידקייט און טומל נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן; ער איז געלעגן מיט אָפּענע אויגן אין דער נאַכט און געהערט, ווי די שווערע וואָגנס טרייסלען-אויף די ווענט און ווי עס כראָפּעט די פאַמיליע אינם אונטערשטן שטאָק. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז אויב ער וועט דאָ נישט זיין גליקלעך, וועט ער לפּחות זיין ווייניקער אומגליקלעך צווישן אָט די אָרנטלעכע, אמת, אַ ביסל לאַנגווייליקע מענטשן, וואָס ליידן די זעלבע יסורים, וואָס ער; זיי פאַרשטייען אים, דאַכט זיך, און ער פאַרשטייט זיי אויך.

אָבער ווען ער איז לסוף אַנטשלאָפן געוואָרן, האָבן אים גאַנץ פרי אויפגעוועקט די האַסטיקע קולות פון זיינע שכנים, וואָס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַרומצורייסן, און דאָס סקריפּען פון דעם פּלומפּ, וואָס אַן אויפגערעגטע האַנט האָט באַוועגט, כדי מיט פולע שטראָמען-וואַסער צו וואַשן דעם הויף און די טרעפּ.

[illegible] איי[illegible] געוועזן [illegible] קליינער, יינגעבויגענער זקן, מיט אומרויקע, טרויעריקע אויגן, מיט אַ רויטן, צעקנייטשטן און צעאַקערטן פּנים, מיט אַ מויל אָן ציין און אַ צעקנאָדערטער באָרד, וועלכע ער האָט אָן אויפהער געצופּט מיט די הענט. ער איז געוועזן זייער אַן אָרנטלעכער מענטש, אַ ביסל בירגערלעך-אָפּגעהיט און טיף מאָראַליש. ער מיט קריסטאָפס זיידן האָבן זיך זייער גוט פאַרשטאַנען. צו אַלע האָבן געפונען, אַז ער איז אפילו ענלעך צום זיידן. און באמת, ער איז געוועזן פונם זעלבן דור און אַ חסיד פון די זעלבע פּרינציפּן; עס האָט אים בלויז געפעלט זשאַן-מישעלס שטאַרקע פיזישע קראַפט, דאָס הייסט, הגם אין ס'רוב ענינים האָט ער נעהאַט די זעלבע מיינונגען, וואָס יענער, איז דאָך געוועזן צווישן זיי אַ טיפער אונטערשיד; ווייל דעם מענטשן שאַפט דער טעמפּעראַמענט, פיל מער ווי די אָנשויונגען; און ווי גרויס עס זאָלן נישט זיין די אונטערשידן, — די ווירקלעכע, ווי אויך די געמאַכטע, — וואָס די אינטעליגענץ שאַפט צווישן מענטשן, באַשטייט אָבער דער גרעסטער חילוק צווישן זיי קודם-כל אין דעם,

וואָס אַ טייל מענטשן זענען געזונט און אַ טייל — נישט. דער אַלטער איילער האָט נישט געהערט צו די ערשטע. ער האָט גערעדט וועגן מאָראַל אַזוי ווי דער זיידע; אָבער זיין מאָראַל איז פּאָרט געווען אַנדערש, ווי דעם זיידנס; זי האָט נישט געהאַט זשאַן-מישעלס געזונטן מאָגן, נישט זיינע לונגען און נישט זיין שטראָמענדיקע קראַפט. סיי ביי אים און סיי ביי זיינע בני-בית איז יעדע זאַך געטון געוואָרן לויט אַ קאַרגן, אויסגערעכנטן פּלאַן. נאָכדעם, ווי ער איז פערציק יאָר געווען אַ באַאַמטער און לסוף אָנגעוווירן די שטעלע, האָט ער אָנגעהויבן ליידן אויף אומעט פון ליידיקגייעריי, וואָס איז אַזוי שווער פאַר די אַלטע לייט, אויב זיי האָבן זיך נישט אָנגעזאַמלט אויף דער עלטער קיין אוצר פון גייסטיקער שפע. אַלע נאַטירלעכע אָדער אויסגעבאָרגטע רגילותן, אַלע געוווינהייטן פון זייער באַרוף, לעגן אויף די דאָזיקע זקנים דעם שטעמפּל פון פּחדנות און טרויער, וואָס רופן זיך אָפּ אין אַ גרויסער מאָס אויף יעדן איינציקן פון זייערע קינדער.

זיין איידעם, פּאָגעל, אַ באַאַמטער אין דער פירשטלעכער קאַנצעלאַריע, איז אַלט געווען פופציק יאָר. ער איז געווען הויך, שטאַרק מיט אַ פּליך אויפן גאַנצן קאָפּ, מיט גאָלדענע ברילן, וואָס זענען געווען צוגעקלעפּט צו זיינע שלייפן און מיט אַ גאַנץ פרישן פּנים. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ קראַנקן און איז בלי-ספק באמת קראַנק געווען. נאַטירלעך, האָט ער נישט פאַרמאָגט אַלע קראַנקהייטן, וואָס ער האָט ביי זיך אַליין געפונען, נאָר די נאַרישקייט פון זיין פאַך האָט אויף אים גייסטיק שלעכט געווירקט, און דאָס זיצנדיקע לעבן פון אַ באַאַמטן האָט אַ תּל געמאַכט פון זיין געזונט. ער איז, אגב, געווען אַ גרויסער מתמיד, אָן קיין שום באַלוינונג; פאַרמאָגט אפילו אַ באַשטימטע קולטור, — נאָר ער איז געווען אַ קרבן פונם זינלאָזן מאָדערנעם לעבן, און ווי פיל באַאַמטע, וואָס זענען צוגעשמידט צו זייערע שרייבטישן, איז ער באַהערשט געוואָרן פונם מרה-שחורה-דעמאָן. ער איז געווען איינער פון יענע אומגליקלעכע, וואָס געטהע רופט זיי אָן „איין טרויעריקער אונגריכישער היפּאָכאָנדריסט”, (אַ טרויעריקער, נישט-גריכישער מרה-שחורהניק) — און אויף וועלכע געטהע האָט רחמנות געהאַט און אויסגעמיטן צו שטיין אין זייערע ד' אמות.

אַמאַליאַ איז נישט געגאַנגען אין זייערע דרכים: נישט אינם פאָטערס און נישט אין איר מאַנס. זי איז געווען אַ געזונטע, טומלענדיקע, טעטיקע פרוי, וואָס איז ווייניק-וואָס נתפּעל געוואָרן פון איר

מאַנס ווײ־קלאָגעניש; זי האָט אים אפילו אָפּטמאָל מיט כּוח אַ טרייסל געטון. אָבער קיין שום קראַפט אין דער וועלט קאָן זיך נישט שטעלן קעגן דעם שטענדיקן צוזאַמענלעבן פֿון צוויי מענטשן; און אויב ביי מאַן־און־ווייב, איז איינער פֿון זיי אַ נעוראַסטעניקער, דאַרף מען פֿאָרויסזען, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועלן זיי עס ביידע ווערן. אומזיסט האָט אַמאַליאַ, צוליב נויטווענדיקייט אָדער פֿון רגילות געבייזערט זיך אויף פֿאָגעלן: אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי נאָך שטאַרקער ווי איר מאַן געזיפֿצט אויף איר פֿינסטערן מזל נעבעך. זי פֿלעגט פּלוצלינג אַריבער גלייך פֿון זידלעריי צו יאָמער, — און מיט דעם אַ קנאַפּע טובה געטון דעם מאַן. להיפּוך: זי האָט נאָך פֿאַרגרעסערט זיין טרויער, מאַכנדיק פֿון אַ וואָרט — אַ קוואָרט. דער סוף איז געווען, אַז נישט נאָר דער אומגליקלעכער פֿאָגעל איז אַריינגעפֿאַלן אין מרה־שחורה און געוואָרן דערשלאָגן, בעת ער האָט געזען ווי זיינע זיפֿצן רופֿן זיך שטאַרק אָפּ אין דעם דאָזיקן עכאָ, נאָר אויך די גאַנצע אַרומיקע סביבה און אפילו זי גופא איז געפֿאַלן ביי זיך. אָן אַ שום סיבה האָט זי אָנגעהויבן צו באַקלאָגן זיך אויף איר געזונט־צושטאַנד און אויפֿן געזונט פֿון איר פֿאָטער, טאָכטער און זון. ס'איז געוואָרן ביי איר אַ מאַניע: וואָס מער זי האָט גערעדט וועגן דעם, אַלץ מער האָט זי אין דעם געגלויבט. דעם מינדסטן ווייטיק האָט זי אָנגענומען טראַגיש, צוליב יעדער קלייניקייט פֿלעגט זי אומרויִק ווערן. נאָך מער: ווען אפילו אַלץ איז געגאַנגען כּשורה, האָט זי דאָך געפּייניקט דער געדאַנק, אַז עמעצער וועט, חלילה, קראַנק ווערן. אָט אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אין שטענדיקע דאגות. אגב, האָבן זיך אַלע געפֿילט גאַנץ גוט, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס שטענדיקע באַקלאָגן זיך האָט גוט געווירקט אויף אַלעמענס געזונט. אַמאַליאַס רירעוודיקייט האָט זיך נישט באַפֿרידיקט דערמיט, וואָס זי איז פֿון פֿרי ביז נאַכט אַרומגעקראָכן איבער דער שטוב, פֿון בוידעם ביזן קעלער: זי האָט באַדאַרפֿט, אַז אויך אַלע זאָלן זיך פֿאָרען אַרום איר; און דערפֿאַר האָט מען אָן אויפֿהער געהערט, ווי מ'רוקט איבער דאָס מעבל, מ'וואַשט די שויבן, מ'רייבט דעם פּאַרקעט, — און — אַ רעש פֿון קולות, טריט, אַ שטענדיקער געפּילדער, אַן אייביקע באַוועגונג.

ביידע קינדער האָבן זיך געפֿילט דערשלאָגן פֿון דער דאָזיקער טומלענדיקער אויטאָריטעט, וואָס האָט ביי אַלעמען צוגענומען זייער פֿרייהייט, און געהאַלטן, ווייזט אויס, גאַנץ נאַטירלעך זיך אונטערצו־

וואַרפן איר מאַכט. דאָס יינגל, לעאָנאַרד, האָט געהאַט אַ שיין פּנימל׳ וואָס האָט גאָרנישט אויסגעדריקט, און זיין באַנעמען זיך איז געווען געמאָסטן און געוואויגן. דאָס טעכטערל, ראָזע, איז געווען אַ בלאָנד מיידל, מיט גאַנץ שיינע, בלויע, זיסע, מילדע אויגן; זי וואָלט גע-מאַכט אַ גוטן איינדרוק, דער עיקר אַ דאַנק איר פרישער, איידעלער הויט און גוטמוטיקן אויסדרוק פון פּנים, ווען נישט די אַ ביסל צו דיקע, קרום-געוואַקסענע נאָז, וואָס האָט זי געמאַכט מיאוס און מגושמ-דיק. זי האָט דערמאָנט אָן האָלביינס מיידל, וואָס געפינט זיך אינם מוזיי אין באַזעל, — די טאָכטער פונם בירגערמייסטער מייער — ווי זי זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, מיט די הענט אויף די קני, מיט די צעשויבערטע האָר, וואָס פאַלן איר אַראָפּ אויף די אַקסלען, און זי זעט אויס, ווי פאַרשעמט צוליב איר מיאוסער נאָז. אָבער ראָזע האָט זיך עס נישט גענומען אַזוי שטאַרק צום האַרצן, און ס׳האָט איר לחלוטין נישט געשטערט צו גאָדערן אַ גאַנצן טאָג. מ׳האָט אָן אויפ-הער געהערט, ווי זי דערציילט מיט איר שניידיקער שטים פאַרשידענע מעשות, — שטענדיק פּאַרסאָפּעט, גלייך ווי זי וואָלט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט אַלץ אַרויסצוזאָגן, שטענדיק אָנגעצונדן און צע-טומלט, הגם מ׳האָט זיך שטענדיק אויף איר געבייזערט. די מאַמע, דער טאַטע און דער זיידע זענען צוליב דעם געווען פּשוט פאַר-צווייפלט, נישט אַזוי ווייל זי האָט שטענדיק גערעדט, נאָר דערפאַר, וואָס דערמיט האָט זי זיי געשטערט צו רעדן. די דאָזיקע אויסגע-צייכנטע, ווילע, אָרנטלעכע און אָפּגעגעבענע מענטשן, — ממש דאָס אויבערשטע פון שטויסל — האָבן פאַרמאָגט אַלע גוטע מידות; נאָר ס׳האָט זיי געפעלט איין מידה, וואָס גיט-צו דעם לעבן דעם זיבעטן חן: די מידה פון שוויגן.

קריסטאָף איז געווען אין אַ געדולדיקן צושטאַנד. די צרות האָבן באַזיגט זיין אויפגערעגטע, היציקע נאַטור. ער איז דערגאַנגען, ווי אכזריותדיק עס איז די גלייכגילטיקייט פון די אויסערלעך-עלעגאַנטע לייט, און אָט די דערפאַרונג האָט אים דערפירט דערצו, אַז ער האָט אָנגעהויבן אָפּצושאַצן דעם ווערט פון די אָרנטלעכע מענטשן, וואָס

פֿאַרמאָגן נישט קיין שום חן און זענען טויט-לאַנגווייליק; זיי פֿאַרמאָגן אָבער דערפֿאַר אַ הויכע פֿאָרשטעלונג וועגן לעבן און זיי מיינען, אַז אַזוי ווי זיי לעבן אָן שום פֿרייד, לעבן זיי אויך אָן שום חסרונות. נאָכדעם ווי ער האָט באַשלאָסן, אַז זיי זענען אויסגעצייכנטע מענטשן און זיי דאַרפֿן אים געפֿעלן ווערן, האָט ער ווי אַן עכטער דייטש, געפּרוווט זיך איינרעדן, אַז זיי געפֿעלן אים באמת. ס'האָט זיך אים אָבער נישט איינגעגעבן: אים האָט געפֿעלט דער דייטשער אידעאַליזם, וואָס קאָן לייכט מוותּר זיין, און וויל נישט זען און זעט טאַקע נישט דאָס, וואָס איז אים נישט צום האַרצן, און האָט מורא, ער זאָל נישט צעשטערן די באַקוועמע רויִקייט פֿון זיינע אָנשויונגען און די שטילקייט פֿון זיין לעבן. להיפּוך: קריסטאָף האָט קיינמאָל נישט געפֿילט אַזוי שטאַרק די חסרונות פֿון מענטשן, ווי דאַן, ווען ער האָט זיי ליב געהאַט, ווען ער האָט זיי געוואָלט ליב האָבן מיטן גאַנצן האַרצן, אָן קיין שום גרענעצן. ס'איז געווען אַ מין אומבאַוווּסטער יושר, אַ שטאַרקער באַגער צום אמת, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט אויף דעם, וואָס איז טייער געווען, געקוקט דורכדרינגלעכער און טיפֿער, ווי אַלעמאָל. דערפֿאַר האָט ער געפֿילט אַן איינגעהאַלטענעם כּעס צו זיינע באַלעבאַטים. יענע האָבן אפֿילו נישט געפּרוווט צו פֿאַרהוילן זייערע פֿעלערן. אָנשטאָט, ווי געווינלעך, צו פֿאַרבאָרגן די חסרונות, האָבן זיי — להיפּוך — אויפֿגעדעקט אַל-דאָס-מיאוסע און אומדערטרעגלעכע, וואָס זיי האָבן פֿאַרמאָגט — און דאָס בעסטע איז געבליבן באַהאַלטן אין זיי גופֿא. אַזוי האָט אויך געטראַכט קריסטאָף; ער האָט זיך באַשולדיקט, אַז ער איז נישט גערעכט, און ער האָט זיך באַמיט ווידער צו געווינען זיינע ערשטע איינדרוקן און אויפֿצודעקן די אויסגעצייכנטע מעלות, וואָס זיי האָבן אַזוי זאָרגעוודיק באַהאַלטן.

ער האָט געפּרוווט פֿאַרפֿירן אַ שמועס מיטן אַלטן יוסטוס אייילער, וואָס האָט זיך קיין בעסערע זאַך, ווי אַ שמועס, נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן. ער האָט געפֿילט צום אַלטן אַ פֿאַרבאָרגענע סימפּאַטיע, ווייל ער האָט געדענקט, אַז דער זיידע האָט אים ליב געהאַט און אים געגלויבט. אָבער דער גוטער זשאַן-מישעל האָט געהאַט אַ גליקלעכע מעלה, וואָס קריסטאָף האָט נישט פֿאַרמאָגט: די אילוזיע, אַז דער אָדער יענער מענטש איז זיינער אַ פֿריינד. קריסטאָף האָט עס גוט פֿאַרשטאַנען. אומזיסט האָט ער געזוכט ביי איילערן זכרונות וועגן זיין זיידן. ס'האָט זיך אים איינגעגעבן בלויז אַרויסצוציען פֿון אים

עפּעס אַ מטושטש כּמעט קאַריקאַטור-בילד פון זשאַן-מישעלן און אָפּגעהאַקטע שטיקער פון אַ שמועס אָן אַ שום פאַרבינדונג. איילערס דערציילונגען האָבן זיך שטענדיק, אָן אויסנאַם, אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

— ווי כ'האָב שוין געזאָגט דיין אָרעמען זיידן...

מער האָט ער קיין זאַך נישט געדענקט. ער האָט בלויז געהערט די ווערטער, וואָס ער האָט אַליין גערעדט.

ס'קאָן זיין, אַז אויך זשאַן-מישעל האָט נישט אויסגעהערט דעם צווייטן. על-פּי-רוב איז די פריינדשאַפט נאָר אַ פּאַרקער פון קעגנזייטיקער הנאה, כּדי צו קאָנען שמועסן מיט יענעם וועגן זיך. אָבער זשאַן-מישעל, ווי תּמימותדיק ער האָט זיך נישט געפרייט מיטן שמועסן גופא, איז ער דאָך לפּחות שטענדיק געווען גרייט צו פאַרשווענדן זיך גופא אויף רעכטס און אויף לינקס. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ; ער האָט יעדן טאָג באַדויערט, וואָס ער איז נישט אַלט קיין פופצן יאָר און ער וועט נישט דערלעבן צו זען די ווונדערלעכע דערפינדונגען פון די נייע דורות, און וועט נישט מיטלעבן מיט זייערע געדאַנקען. ער האָט פאַרמאָגט די טייערסטע מעלה פונם לעבן: דעם אייביק-פרישן נייגיר, וואָס די יאָרן האָבן קיינמאָל נישט פאַרמינערט און וואָס יעדן פרימאָרגן האָט זיך עס באַנייט. ער האָט נישט געהאַט גענוג טאַלענט צו מאַכן דערפון אַ נוצלעכע זאַך, אָבער וויפל טאַלענטירטע מענטשן וואָלטן געמעגט מקנא זיין אָט די אייגנשאַפט! ס'רוב מענטשן שטאַרבן אַוועק צו צוואַנציק אָדער דרייסיק יאָר: נאָך דעם עלטער זענען זיי נישט מער, ווי אַן אָפּקלאַנג פון זיך אַליין, די איבעריקע יאָרן גייען אַריבער אין נאָכמאַכן זיך אַליין, אין איבערחזרן מיט אַ טאָג-טעגלעכן מעכאַנישן, נאָכקרימענדיקן אופן דאָס, וואָס זיי האָבן געזאָגט, געטון, געטראַכט, אָדער ליב געהאַט אין יענער צייט, ווען זיי זענען ג ע וו ע ן.

אַזאַ לאַנגע צייט איז שוין אַריבער, זינט דער אַלטער איילער איז עפּעס ג ע וו ע ן, און אַזוי קליין איז ער דעמאָלט ג ע וו ע ן, אַז דאָס, וואָס איז איצט פון אים געבליבן, איז געווען אָרעם און גענוג לעכערלעך. אויסער זיין אַלטן באַרוף און זיין פאַמיליען-לעבן, האָט ער גאָרנישט נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן. אויף אַלצדינג האָט ער געהאַט פאַרטיקע מיינונגען, וואָס זענען אים פאַרבליבן נאָך פון די יונגע יאָרן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מבין אויף קונסט: אָבער געשעצט האָט ער נאָר די באַרימטע נעמען, וואָס וועגן זיי

פלעגט ער רעדן אין אַ פּאַטעטישן טאָן; פון די איבעריקע פלעגט ער מאַכן אַש און בלאָטע. ווען מ'האָט אים דערציילט וועגן מאָדערנע קינסטלער, האָט ער נישט געוואָלט הערן און בעת־מעשה גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש. ער פלעגט זאָגן, אַז ער האָט ליידנשאַפטלעך ליב מוזיק, און געבעטן קריסטאָפן, ער זאָל אים שפּילן. אָבער ווען קריסטאָף האָט זיך אַ פּאָר מאָל געלאָזט איבעררעדן און גענומען שפּילן, האָט דער אַלטער אָנגעהויבן שמועסן הויך מיט זיין שנור, גלייך ווי די מוזיק וואָלט דערוועקט זיין אינטערעס צו אַלצדינג אין דער וועלט, נאָר נישט צו מוזיק גופא. אַן אויפגערעגטער האָט זיך קריסטאָף אויפגעהויבן אין מיטן שפּילן: קיינער האָט עס נישט באַמערקט. עס זענען געווען נאָר עטלעכע אַריעס, — אַ דריי אָדער פיר — אַ טייל פון זיי שיינע און אַ טייל זייער מיאוסע, וואָס זענען גלייך פאַרהייליקט געווען; אָט די דאָזיקע אַריעס האָבן געהאַט אַ באַזונדערן זכות אויפצוהאַלטן אַ רעלאַטיווע שטילקייט און צו געווינען די אַבסאָלוטע הסכמה. באַלד ביי די ערשטע טענער פלעגט דער אַלטער אַריין אין התפעלות, און די אויגן זענען אים פאַרלאָפן מיט טרערן, נישט אַזוי צוליבן פאַרגעניגן, וואָס ער האָט געפילט בשעת־מעשה, ווי צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט אַמאָליקן תענוג. לסוף זענען די דאָזיקע אַריעס דערעסן געוואָרן קריסטאָפן, הגם טייל פון זיי, ווי בעטהאָווענס „אַדעלאַידאַ", זענען אים געווען זייער טייער: דער אַלטער פלעגט שטענדיק נאָכזינגען די ערשטע טאַקטן און קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו זאָגן, אַז „דאָס הייסט אמתע מוזיק", להבדיל פון „דער גאַנצער פאַרשאָלטענער מאָדערנער מוזיק, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין ניגון". — באמת האָט ער זי גאָר נישט געקענט.

זיין איידעם איז געווען ־מער געבילדעט פון אים און זיך געהאַלטן פאַר אַ קענער פון די קינסטלערישע ריכטונגען; אָבער ס'איז געווען נאָך ערגער: ווייל אַלע זיינע מיינונגען זענען געווען פול מיט ביטול. ער האָט פאַרמאָגט אי געשמאַק, אי אינטעליגענץ, אָבער ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ס'איז כדאי צו באַגייסטערן זיך מיט עמעצן אין זיין דור. ער וואָלט בלי־ספק אויך מבטל געמאַכט מאָצאַרטן און בעטהאָווענען, ווען זיי וואָלטן געלעבט אין זיין צייט; און וואָלט מודה געווען אינם ווערט פון וואַגנערן אָדער ריכאַרד שטרויס, ווען זיי וואָלטן זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ הונדערט יאָר פריער. זיין טרויעריקע נאַטור האָט נישט געקאָנט פועלן

ביי זיך מודה צו זיין, אַז אין איין צייט מיט אים זאָלן לעבן אויך גרויסע מענטשן: אָט דער געדאַנק האָט נישט געפונען קיין חן אין זיינע אויגן. ער איז געווען אַזוי פאַרביטערט מיט זיין פאַרלוירענעם לעבן, אַז ער האָט זיך איינגערעדט, אַז אַלעמענס לעבן אין זיין דור איז אַוועק לאיבוד; אַז אַנדערש קאָן עס נישט זיין, און אַלע, וואָס זאָגן פאַרקערט אָדער שפּאַרן אים איבער, זענען איינס פון די ביידע: טפשים אָדער ליגנער.

דעריבער פלעגט ער רעדן וועגן יעדער נייער באַרימטקייט מיט ביטערע איראָניע, און אַזוי-ווי ער איז נישט געווען קיין נאַר, פלעגט ער שטענדיק ביים ערשטן אויגנבליק אויפדעקן די שוואַכע און לע־כערלעכע זייטן פונם מענטשן. יעדער נייער נאָמען האָט אַרויסגערופן ביי אים אַ חשד; איידער ער האָט נאָך יענעם געקענט, איז ער שוין געווען געניויגט אים צו קריטיקירן, — טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט אים נישט געקענט. אויב ער האָט געפילט אַ סימפּאַטיע צו קריסטאָפן, איז עס געווען דערפאַר, וואָס ער האָט געגלויבט, אַז אָט דאָס מיזאַנ־טראָפּישע קינד געפינט דאָס לעבן מיאוס, פּונקט ווי ער, און פאַרמאָגט נישט, אגב, קיין טאַלענט. קיין שום זאַך אין דער וועלט דערנעענטערן נישט אַזוי די קליינע, ליידנדיקע, אומצופרידענע נשמהלעך צו זיך, ווי דאָס געפיל פון זייער שותפותדיקער אומבאַהאָלפנקייט. און קיין זאַך ווירקט נישט אַזוי גוט אויפן געשמאַק פון געזונט און פון לעבן ביי געזונטע און צום לעבן-באַשאַפענע מענטשן, ווי דער קאָנ־טאַקט מיטן נאַרישן פעסימיזם פון די דורכשניטלעכע און קראַנקע מענטשן, וואָס לייקענען אין פרעמד גליק, ווייל זיי זענען אַליין נישט גליקלעך. קריסטאָף האָט עס דורכגעלעבט. אָט די טרויעריקע געדאַנ־קען זענען דאָך אים, אייגנטלעך, געווען נאָענט צום האַרצן; ס'איז אים אָבער געווען אַ חידוש, וואָס אין פאָגעלס מויל ווערן זיי אים פרעמד: נאָך מער, — זיי ווערן אים דערעסן; זיי שטויסן אים אָפּ פון זיך.

נאָך שטאַרקער האָבן אים אויפגעבראַכט אַמאַליאַס מנהגים. אָט דאָס כשרע ווייבל האָט, אייגנטלעך, גאָרנישט נישט געטון, נאָר מקיים געווען פאָגעלס תורה וועגן דער פליכט. אָט דאָס וואָרט האָט זי גע־האַט אויף דער צונג ביי יעדער געלעגנהייט. זי האָט געאַרבעט אָן אָפּרו און פאַרלאַנגט, אַז אַלע זאָלן אַרבעטן, ווי זי. איר אַרבעט האָט נישט באַדאַרפט ברענגען אַנדערע אָדער זיך אַליין גליק; להיפוך

מ'האָט געקאָנט כמעט זאָגן, אַז זי האָט זיך געשטעלט פאַר אַן עיקר־צוועק צו פאַלן אַלעמען צו לאַסט און צו פאַרביטערן, ווי נאָר מעג־לעך, דאָס לעבן, כּדי עס אַזוי־אַרום צו היילן. קיין זאַך וואָלט נישט געוועזן בכּוח איבערצורייסן איר אויף איין אויגנבליק די הייליקע עבודה פון פירן די באַלעבאַטישקייט, אָט די הייליקסטע אינסטיטוציע, וואָס פאַרנעמט ביי אַזוי פיל פרויען דאָס אָרט פון אַלע אַנדערע מאָ־ראַלישע און געזעלשאַפטלעכע פליכטן. זי וואָלט זיך געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענע אויף אייביק, ווען זי זאָל אין דעם באַשטימטן טאָג און אין דער באַשטימטער שעה נישט אָפּהיטן צו פאַרקערן די שטוב, צו וואַשן די שויבן, אָפּצופּוצן די הענטלעך פון די טירן, אויסצוטרייסלען מיט אַלע כּוחות די דיוואַנען און פונאַנדערצושטעלן די שטולן, טישן אין שענק. זי האָט ווי שטאָלצירט דערמיט. מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן איר ערע. און אגב, צי נישט אויף אַזאַ אופן שטעלן זיך פאָר און פאַרטיידיקן פיל פרויען זייער ערע? די ערע איז ביי זיי ווי אַ שטוב־מעבל, וואָס מ'דאַרף אָפּהיטן, עס זאָל גלאַנצן, ווי אַ מין גוט־געוואַשענער פאַרקעט, וואָס איז קאַלט, האַרט — און גלאַט.

דאָס דערפילן אירע אויפגאַבן האָט נישט געמאַכט די מאַדאַם פאָגעל ליבנסווירדיקער. זי האָט אָפּגעהיט די מינדסטע קלייניקייטן פון דער באַלעבאַטישקייט, גלייך ווי זי וואָלט מקיים געווען גאָטס געבאָט. און זי האָט געחוזקט פון אַלע פרויען, וואָס טוען נישט ווי זי, וואָס רוען בעת דער אַרבעט, וואָס האָבן ליב אין אַ פרייער צייט אַ ביסל הנאה צו האָבן פון לעבן. זי פלעגט זיך אַריינכאַפּן אין לואיזעס צי־מער און שטערן איר, ווען לואיזע האָט זיך אינמיטן דער אַרבעט גע־זעצט טרוימען. לואיזע האָט געזיפצט, אָבער מיט אַ געמאַכטן שמייכל זיך אונטערגעגעבן. צום גליק האָט קריסטאָף דערפון נישט געוווסט: אַמאַליאַ האָט געוואַרט, ביז ער פלעגט אַרויסגיין, כּדי אַריינצוכאַפּן זיך אין זייער דירה; אויף אים פלעגט זי נישט אָנפאַלן, — ער וואָלט עס נישט פאַרטראָגן. ער האָט געפילט צו איר אַן אויפגעפלאַקערטע שנאה. דאָס, וואָס ער האָט איר בשום־אופן נישט געקאָנט מוחל זיין, איז גע־ווען איר ליאַרם. דער רעש איז אים דערגאַנגען די יאָרן. פאַרמאַכט ביי זיך אין צימער, — אַ נידעריק חדרל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום הויף, — פלעגט ער פאַרמאַכן דאָס פענסטער, הגם ס'האָט געפעלט לופט, אַבי נישט צו הערן דעם הו־האַ פונם הויז; עס פלעגט אָבער־

העלפֿן, ווי אַ טויטן באַנקעס. קענן זיין ווילן, האָט ער זיך געשפּאַנט צוגעהערט, מיט אַ צערייצטער אויפֿמערקזאַמקייט, צום מינדסטן גערויש פֿון אונטן; און ווען די שרעקלעכע שטים, וואָס האָט זיך אַדורכגע־ריסן דורך אַלע ווענט, האָט זיך, נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן ווידער אויפֿגעהויבן, — פּלעגט אים אַרומכאַפּן אַ מוראדיקער צאָרן: ער האָט געשריען, געטופּעט מיט די פֿיס און אויסגעלאָזן דורך דער וואַנט אַל די שוואַרצע חלומות צו איר קאָפּ. אינם אַלגעמיינעם טומל האָט מען גאָרנישט ניט באַמערקט: מ׳האָט געמיינט, אַז ער פֿאַרפּאַסט מו־זיק. ער האָט געשיקט דער מאַדאַם פּאַגעל אין טאַטנס טאַטן אַריין. ער האָט נישט געהאַט פֿאַר איר קיין שום דרך־ארץ. אין יענע מינוטן האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וואָלט אי די קלוגשאַפֿט, אי די אָרנטלעכ־קייט, אי אַלע גוטע מידות, — אויב זיי מאַכן אָן אַזאַ ליאַרם — גערן אַוועקגעגעבן פֿאַר דער לייכטזיניקסטער, נאַרישסטער פֿרוי, אַבי זי זאָל קאָנען שווייגן.

די שנאה צום טומל האָט אים דערנענטערט צו לעאָנאַרדן. דער בחור איז געווען דער איינציקער, וואָס צווישן דעם אַלגעמיינעם רעש איז ער געבליבן שטענדיק שטיל און קיינמאָל נישט אויפֿגעהויבן זיין שטים העכער, ווי געוויינלעך. ער האָט זיך אויסגעדריקט אויף אַ קאָ־רעקטן געמאָסטענעם אופֿן, אויסגעקליבן די שענסטע ווערטער און נישט געאיילט זיך. די היציקע אַמאַליאַ האָט קיין געדולד נישט גע־האַט צו וואַרטן אויף זיינע רייד ביזן סוף; אַלע האָבן זיך געבייזערט אויף זיין געלאַסנקייט. אים אָבער האָט עס ווייניק וואָס געאַרט. קיין זאַך האָט נישט געקאָנט ענדערן זיין רויקייט און מיושבדיקע העפֿלעכ־קייט. קריסטאָף האָט געצויגן צו לעאָנאַרדן, בפֿרט ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז לעאָנאַרד גרייט זיך צום פּריסטער־שטאַנד; אָט די ידיעה האָט ממש אָנגעצונדן זיין נייגיר.

קריסטאָף האָט זיך דעמאָלט, בנוגע דעם גלויבן, געפֿונען אין אַ משונהדיקן צושטאַנד: ער האָט אייגנטלעך אַליין נישט געוווּסט, אין וואָס פֿאַר אַ מצב ער געפֿינט זיך. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט אַ טראַכט צו טון וועגן דעם ערנסט. ער האָט געהאַט ווייניק

זויסן, און צופיל האָבן אים פאַרשלונגען די צרות פון לעבן, ער זאָל האָבן צייט צו אַנאַליזירן זיך און אַריינצופירן אַן אָרדנונג אין זיינע אייגענע געדאַנקען. בטבע אַ האַסטיקער, פלעגט ער אַריבער פון איין עקסטרעם צום צווייטן, פון טיפן אינערלעכן גלויבן צו אַבסאָלוטער כפירה, און בשעת-מעשה נישט נאָכגעטראַכט, צי איז ער אין אָרדנונג מיט זיך אָדער נישט. ווען ער איז געווען גליקלעך, האָט ער וועגן גאָט נישט געטראַכט, נאָר געווען גענויגט צו גלויבן אין אים. בעת ער איז געווען אומגליקלעך, האָט ער וועגן אים יאָ געטראַכט, אָבער נישט געגלויבט אין אים: ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אוממעגלעך, אַז אַ גאָט זאָל זיין דער באַשאַפער פון אומגליק און עוולות. אגב, האָבן אים אָט די פראַגן גאַנץ-ווייניק אינטערעסירט. באמת איז ער געווען צו רעליגיעז, ער זאָל קאָנען פיל טראַכטן פון גאָט. ער האָט געלעבט אין גאָט און נישט געהאַט קיין נויטווענדיקייט צו גלויבן אין אים. גלויבן איז גוט פאַר שוואַכע לייט אָדער פאַר אַזעלכע, וואָס זייערע שווערע לעבנס האָבן זיי אָפּגעשוואַכט. זיי בענקען צו גאָט, ווי די זימען צו זון. דער שטאַרבנדיקער האַלט זיך אָן אינם לעבן. אָבער דער, וואָס טראָגט אַליין אין זיך זון און לעבן, צו וואָס זאָל ער זיי גיין זוכן מחוץ פון זיך?

אפשר וואָלט זיך קריסטאָף קיינמאָל נישט באַשעפטיקט מיט די פראַגן, ווען ער זאָל ווינען אַליין. אָבער די פליכטן פונם געזעלשאַפט-לעכן לעבן האָבן אים געצוווּנגען צו ווענדן זיין געדאַנק אויף יענע יינגלשע, צעפלאָסענע פראָבלעמען, וואָס פאַרנעמען אַ צו-גרויס אָרט אויף דער וועלט, און וואָס אויף זיי האָט ער זיך געמוזט אָנשטויסן אויף שריט און טריט. פונקט ווי אַ געזונטער, איידעלער, מיט קראַפט און ליבע שטראָמענדיקער גייסט וואָלט נישט געהאַט קיין טויזנט וויכ-טיקערע זאַכן צו טון, ווי נאָר טראַכטן און נעמען זיך צום האַרצן: צי איז דאָ אַ גאָט אָדער נישט!... ווען עס זאָל זיך האַנדלען בלויז וועגן גלויבן אין גאָט! אָבער מ'דאַרף גלויבן אין איין גאָט פון אַזאַ און אַזאַ גרויס, פון אַ באַשטימטער געשטאַלט, באַשטימטער פאַרב און באַשטימטער ראַסע! דאָס איז קריסטאָפן קיינמאָל אויפן זינען נישט אַרויף. יעזוס האָט כמעט קיין שום אָרט נישט פאַרנומען אין זיינע געדאַנקען. נישט דערפאַר, ווייל ער האָט אים נישט ליב געהאַט: ער האָט אים יאָ ליב געהאַט, בעת ער האָט געטראַכט וועגן אים; אָבער ער האָט קיינמאָל פון אים נישט געטראַכט. ער פלעגט זיך טיילמאָל

אַליין באַשולדיקן, געהאַט אפילו עגמת-נפש; ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אינטערעסירט ער זיך נישט מערער דערמיט. פונדעסטוועגן האָט ער אָפּגעהיט די מצוות; אַלע זיינע אייגענע האָבן אָפּגעהיט; זיין זיידע האָט שטענדיק געלייענט די ביבל; ער אַליין האָט רעגלמעסיק באַזוכט די מעסע-תפילה; ער האָט אפילו געטון דאָרט די גאָטס-דינסט אין אַ געוויסן זין, ווייל ער איז דאָרט געווען אָרגאַניסט; און ער פלעגט דערפילן זיין פליכט מיטן גאַנצן האַרצן. נאָר ווען עמעצער פרעגט אים, ביים אַרויסגאַנג פון דער קירך, וועגן וואָס ער האָט געטראַכט, וואָלט ער שטאַרק צעטומלט געוואָרן. ער האָט גענומען לייענען די הייליקע שריפטן, כדי קלאָר צו מאַכן זיך די געדאַנקען, און ס'האָט אים הנאה געטון, אפילו פאַרשאַפט אמתן פאַרגעניגן; זיי זענען אָבער געווען פונקט, אַזוי שיין און טשעקאַווע, וויפיל אַנדערע ביכלעך, וואָס קיינעם פאַלט נישט איין צו רופן זיי הייליקע. דעם אמת געזאָגט, אויב ער האָט געהאַט אַ געוויסע סימפּאַטיע צו יעזוסן, האָט ער פיל מער ליבשאַפט געפילט צו בעטהאָווענען. און ביי זיין אָרגל אינם קלויסטער פון הייליקן פלאָריאַן, בעת ער האָט אַקאָמפּאַנירט בשעת דער זונטאָגדיקער גאָטס-דינסט, איז ער געווען מער פאַרנומען מיטן אָרגל, ווי מיט דער מעסע, און מער רעליגיעז אין יענע טעג, ווען דער אָרקעסטער האָט געשפּילט באַכן, ווי אין די טעג, ווען ער האָט געשפּילט מענדעלסאָנען. געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס האָבן אים אַריינגעבראַכט אין דערהויבענער התפּעלות. אָבער צי האָט ער איצט ליב געהאַט גאָט אָדער גאָר די מוזיק, — ווי איינער אַן אומפּאָרזיכטיקער פּריסטער האָט אים אַ געוויסן טאָג געזאָגט אין שפּאַס, און נישט געוווּסט בשעת-מעשה, וויפל אויפרודערונג זיין שפּאַס האָט דערוועקט אין קריסטאָפס האַרץ? אַ צווייטער וואָלט זיך אויף דעם נישט אומגעקוקט און וואָלט זיכער נישט געענדערט דעם אופן פון זיין לעבן, — (פאַר וויפל מענטשן איז עס באַקוועם נישט צו וויסן, וואָס זיי טראַכטן!) — קריסטאָף אָבער איז געווען געפּלאָגט פון אַ באַגער צום פּיינלעכן אמת, וואָס האָט ביי יעדער געלעגנהייט דערוועקט אין אים ספקות. און פון יענעם טאָג אָן, זינט דער ספק האָט אים גענומען פּייניקן, איז אוממעגלעך געוואָרן ווען-עס-איז צו באַפרייען זיך פון אים. ער האָט זיך געמאַטערט, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האַנדלט דאָ מיט אַ טאָפּלטער פאַלשקייט. גלויבט ער — אָדער גלויבט ער נישט?... ער האָט נישט פאַרמאָגט די מאַטעריעלע

און גייסטיקע מיטלען, — (מ׳דאַרף באַזיצן וויסן און צייט!) — צו אַנטשיידן די פראַגע. און דאָך האָט מען זי באַדאַפּט אַנטשיידן, אויב ער האָט נישט געוואָלט ווערן גלייכגילטיק אָדער אַ צבועק. ער איז אָבער דערצו נישט מסוגל געווען.

ער האָט גענומען פאָרזיכטיק חוקר ודורש זיין די מענטשן פון זיין סביבה, אַלע האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געווען זיכער אין זיך. קריסטאָף האָט פשוט געברענט פון גייגיר צו דערגיין זייערע געדאַנקען. ס׳האָט זיך אים אָבער נישט איינגעגעבן. מ׳האָט אים קיינמאָל נישט געגעבן קיין קלאָרע תשובה, — שטענדיק מיט הינטערוועגעלעך. טייל מענטשן האָבן אים חושד געווען אין גאווה און אים געזאָגט, אַז וועגן דעם ענין איז מען זיך נישט מתווכח, אַז טויזנטער קליגערע פון אים און בעסערע מענטשן גלויבן אָן שום וויכוחים, און אַז ער דאַרף דעריבער גיין אין זייערע דרכים. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ בייזע מינע, גלייך ער וואָלט אויסן געווען מיט דער פראַגע אָנצוגרייפן זיי פּערזענלעך; אפשר זענען דווקא די לעצטע געווען ווייניקער זיכער אין זייער גלויבן. אַנדערע ווידער האָבן געהויבן מיט די אַקסלען און געזאָגט, לאַכנדיק: „מילא! דאָס וועט דאָך קיינמאָל נישט שאַטן”. און זייער שמייכל האָט געזאָגט: „ס׳איז דאָך באַקוועם אַזוי!...” צו זיי האָט קריסטאָף געפילט אַ שטאַרקע פאַראַכטונג, פון טיפן האַרצן.

ער האָט געפּרוּווט פאַרטרויען זיינע ספקות אַ פּריסטער, אָבער ער האָט באַלד פאַרלוירן דעם מוט נאָכן ערשטן שריט. ער האָט נישט געקאָנט פירן מיט אים קיין ערנסטן וויכוח. הגם דער גייסטלעכער איז געווען זייער ליבנסווירדיק, האָט ער אים געלאָזט אויף אַ העפלעכן אופן פילן, אַז קיין אמתע גלייכקייט צווישן אים מיט קריסטאָפן איז נישטאָ; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דעם פּריסטערס העכערקייט איז באַלד לכתחילה געווען אויסער יעדן ספק, און אַז דער וויכוח האָט נישט געטאָרט אַריבער די גרענעצן, וואָס ער האָט אים אָנגעצייכנט; ער וואָלט עס געהאַלטן פאַר נישט פּאַסיק. ס׳איז געווען אַ פיין, נישט-געפערלעך ווערטער-שפּיל. ווען קריסטאָף האָט אים צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און געשטעלט פראַגן, אויף וועלכע דער חשובער מאַן האָט נישט געוואָלט ענטפערן, האָט יענער אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ מינע פון אַן אפּוטרופּוס און זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ שמייכל, מיט עטלעכע לאַטייניש פּסוקים און מיט דער פאָטערלעכער התראה, ער

זאָל תּפילה טון, תּפילה טון צו גאָט, גאָט זאָל אים באַלויכטן. — קריסטאָף איז אַוועק פון דעם שמועס דערשלאָגן און באַליידיקט פון אָט דעם טאָן פון העפּלעכער פאַרריסנקייט. צי ער איז געווען גערעכט, אָדער אומגערעכט, — ער וואָלט שוין בשום אופן מער נישט געגאַנגען נאָך הילף צו קיין פּריסטער. ער איז מודה, אַז אָט די מענטשן שטייען העכער פון אים מיט זייער שכל און הייליקן טיטל; אָבער בעת אַ וויכוח איז נישט שייך העכער אָדער נידעריקער; דעמאָלט זענען נישטאָ קיין טיטלען, נישט קיין עלטער, נישט קיין נאָמען: קיין זאַך איז נישט וויכטיק, אויסערן אמת, פאַר וועלכן די גאַנצע וועלט איז גלייך.

דעריבער איז ער געווען גליקלעך צו טרעפן אַ יינגל אין זיינע יאָרן, וואָס האָט געגלויבט. ער אַליין האָט דאָך מער נישט פאַרלאַנגט, ווי גלויבן; און ער האָט געהאָפט, אַז לעאָנאַרד וועט אים ברענגען גוטע ראיות. ער האָט געמאַכט די ערשטע שריט דערצו. לעאָנאַרד האָט געענטפערט מיט זיין געוויינלעכער מילדקייט, נאָר אָן התלהבות: ער האָט דערפון נישט געהאַלטן. אַזוי-ווי מ'האָט נישט געקאָנט האָבן קיין לאַנגן שמועס אין שטוב, ווו יעדע ווילע האָט אַמאַליאַ אָדער דער אַלטער איבערגעריסן אין מיטן, — האָט קריסטאָף פאָרגעלעגט גיין שפּאַצירן, אין אָוונט נאָכן עסן. לעאָנאַרד איז געווען צו העפלעך, ער זאָל זיך אָפּזאָגן, הגם ער וואָלט עס מיט פאַרגעניגן געטון; ווייל זיין פוילע נאַטור האָט נישט פאַרטראָגן קיין גאַנג, קיין שמועס, און אַלץ, וואָס פאַרלאַנגט אַן אָנשטרענגונג.

קריסטאָף האָט זיך געשעמט צוטרעטן גלייך צום ענין. נאָך צוויי אָדער דריי פראַגן וועגן זייטיקע זאַכן, האָט ער זיך אומגעריכט און האַסטיק איבערגעוואָרפן אויף דעם ענין, וואָס איז אים געלעגן אויפן האַרצן. ער האָט געפרעגט לעאָנאַרדן, צי וויל ער טאַקע באמת ווערן אַ פּריסטער, און צי טוט ער עס פון אייגענעם ווילן און הנאה. לעאָנאַרד האָט אויף אים אומרויק אַ קוק געטון; נאָר ווען ער האָט געזען, אַז קריסטאָף האָט נישט קיין שום בייזע כוונות, האָט ער זיך באַרויקט:

— יאָ, — האָט ער געענטפערט — ווי קאָן עס אַנדערש זיין?

— אָ, — האָט זיך אָנגערופן קריסטאָף — זענט איר טאַקע גליקלעך?

לעאָנאַרד האָט דערפילט אַ טאָן פון קנאה אין קריסטאָפס שטים.

און ס׳האָט אים שטאַרק הנאה געטון. ער האָט זיך גענומען גאָר אַנ־דערש באַוועגן, איז געוואָרן לעבעדיקער, און זיין פּנים האָט געשיינט.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט — איך בין גליקלעך.

ער האָט געשטראַלט.

— ווי זענט איר געקומען דערצו? — האָט קריסטאָף גע־פרעגט.

לעאָנאַרד האָט פאַרגעלעגט זיך צו זעצן, איידער ער האָט גע־ענטפערט, אויף אַ רויקער באַנק, אין אַ פלאַץ פאַרן קלויסטער פון הייליקן מאַרטין. פון ווייטן האָט מען געזען אַ קליינעם פלאַץ, באַ־פלאַנצט מיט אַקאַציע־בוימער, און נאָך ווייטער די שטאָט, די פעלדער, וואָס האָבן זיך געטובלט אין אָוונט־נעפּל. דער רהיין האָט זיך געצויגן צופוסנס פון בערגל. אַן אַלטער, פאַרלאָזענער בית־עולם, וואָס זיינע קברים האָבן זיך געטונקלט אין אַ ים גראָז, האָט געדרימלט אין דער זייט, הינטער דעם פאַרמאַכטן פלויט.

לעאָנאַרד האָט גענומען רעדן. ער האָט גערעדט, און די אויגן האָבן אים געגלאַנצט פון פאַרגעניגן, ווי גוט עס איז אָפּצוזונדערן זיך פונם לעבן, צו געפינען אַ שוץ, וווּ מ׳איז און מ׳וועט שטענדיק זיין ווי אונטער אַ שאָטן. קריסטאָף, וואָס די פרישע וווּנדן זענען אים נאָך נישט געווען אויסגעהיילט, האָט געפילט אַ ליידנשאַפטלעכן באַגער צו רו און פאַרגעסונג; אָבער צוזאַמען דערמיט האָט זיך ביי אים צונויפגעמישט אַ באַדויערונג. ער האָט געפרעגט מיט אַ קרעכץ:

— דאָך, צי איז אייך נישט שווער זיך אָפּצוזונדערן אינגאַנצן פון לעבן?

— אָ, — האָט יענער שטיל געענטפערט — וואָס איז דאָ פאַ־ראַן צו באַדויערן? איז דען דאָס לעבן נישט טרויעריק און מיאוס?

— עס זענען פאַראַן שיינע זאַכן אויך. — האָט קריסטאָף געזאָגט באַטראַכטנדיק דעם שיינעם אָוונט.

— עס זענען דאָ שיינע זאַכן, אָבער אַ קליין ביסעלע.

— טאַקע אַ ביסעלע, אָבער ס׳איז נאָך פאַר מיר איבער־גענוג.

— נו, ס׳איז אַ פּשוטער חשבון און אַ שכל־זאַך. פון איין זייט — אַ ביסל גוטס און אַ סך שלעכטס; פון דער צווייטער זייט — נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס אויף דער ערד, און דערפאַר — שפּע־טער אַן אומענדלעך גליק: צי דאַרף מען זיך נאָך קווענקלען?

קריסטאָף האָט נישט איבעריק ליב געהאַט די דאָזיקע אַריטמע־טיק. אַזאַ עקאָנאָמיש לעבן האָט זיך אים אויסגעוויזן זייער אָרעם. פונדעסטוועגן האָט ער זיך באַמיט איינצורעדן זיך אַליין, אַז אין דעם שטעקט חכמה.

— הייסט עס, — האָט ער געפרעגט מיט אַ ביסל איראָניע — איז טאַקע נישטאָ קיין סכנה, אויב איר וועט זיך לאָזן אָנרעדן צו אַ ביסל חיי־שעה?

— ס'אַראַן אומזין! ווען דער מענטש ווייסט, אַז דאָס איז נישט מער, ווי איין שעה הנאה — און שפּעטער איז פאַראַן אַ גאַנצע איי־ביקייט!

— זענט איר, הייסט עס, זיכער אין דער דאָזיקער אייביקייט?

— נאַטירלעך.

קריסטאָף האָט אים גענומען אויספרעגן. ער האָט געציטערט פון באַגער און האָפנונג. אָט וועט לעאָנאַרד סוף־כל־סוף ברענגען פעסטע ראיות צו גלויבן! מיט וואָס פאַר אַ התלהבות ער וואָלט זיך אַליין אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט און זיך איבערגעגעבן צו גאָט!

שטאָלץ פון זיין פרעדיקער־ראָלע, איז לעאָנאַרד לכתחילה זיכער געווען, אַז קריסטאָפס ספקות זענען לייכט און נאָר לפנים, און אַז זיי וועלן גלייך פאַרשווינדן פאַר די ערשטע ראיות; ער האָט טאַקע געזוכט הילף אין די הייליקע ספרים, אין עוואַנגעליום, אין נסים און אין דער טראַדיציע. ער האָט אָבער אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם מוט, ווען קריסטאָף, האָט זיך צוגעהערט עטלעכע מינוט, אים איבערגעריסן און געזאָגט, אַז ער ענטפערט אים מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע, און אַז ער, קריסטאָף, פאַרלאַנגט נישט פון אים קיין דרשה וועגן דעם עצם פון זיינע ספקות, נאָר וועגן די מיטלען, ווי אַזוי פון זיי פּטור צו ווערן. לעאָנאַרד האָט פעסטגעשטעלט, אַז קריסטאָף איז פיל קראַנ־קער, ווי ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, און אַז ער האָט זיך איינגעעקשנט צו גלויבן נאָר דאַן, ווען מ'וועט אים ברענגען באַווייזן על־פּי־שכל. פונדעסטוועגן האָט ער געטראַכט, אַז קריסטאָף פאַרשטעלט זיך פאַר אַן אפּיקורוס — (ער האָט זיך פּשוט נישט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז עמעצער זאָל אויפריכטיק זיין אַ פריידענקער) — דעריבער האָט ער אָנגעגורט די לענדן און גערופן צו הילף זיינע שול־ידיעות, וואָס זע־נען אים געווען פריש אין זכרון; ער האָט געבראַכט, אָן קיין שום סדר, אַריות פון זיינע לערערס (נישט, חלילה, פונם אייגענעם שכל) —

מעטאַפיזישע באַווייזן וועגן עקסיסטענץ פון גאָט און וועגן דער אומ־שטערבלעכקייט פון דער נשמה. קריסטאָף איז געזעסן געשפּאַנט, דעם שטערן געקנייטשט פון אָנשטרענגונג; ער האָט זיך שטיל געמאַטערט, פאַרלאַנגט איבערצוחזרן די ווערטער, געפּרוווט מיט אַלע כּוחות אַריינ־צודרינגען אין זיי, צו פאַרטיפן זיך אין זייער אינהאַלט און אויפצו־נעמען זייער זין. נאָר פּלוצלינג האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי; ער האָט געזאָגט, אַז יענער מאַכט חוזק פון אים, אַז אַלץ, וואָס ער רעדט, איז נאָר אַ שפּיל פון שׂכל, שפּיצלעך פון שיין־רעדעריי, וואָס טראַכט אויס ווערטער און וויל איינרעדן דער וועלט, אַז דאָס זענען נישט קיין פּשוטע ווערטער, נאָרווירקלעכע זאַכן. דער געקרענקטער לעאָ־נאַרד האָט זיך פאַררופן אויף דעם פעסטן גלויבן פון די מחברים. קריסטאָף האָט געקנייטשט מיט די אַקסלען און שעלטנדיק בשעת־מעשה אויף וואָס די וועלט שטייט, האָט ער געזאָגט, אַז אויב זיי זענען נישט קיין שווינדלער, זענען זיי פאַרשאָלטענע ליטעראַטן; און ער האָט פאַרלאַנגט אַנדערע באַווייזן.

ווען אַ געפּלעפּטער האָט לעאָנאַרד איינגעזען, אַז קיין שום תּרופה קאָן קריסטאָפן נישט העלפן, האָט ער אויפגעהערט מיט אים זיך צו פאַרנעמען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מ'האָט אים אָנגעזאָגט נישט צו פאַרלירן קיין ,צייט אויף וויכּוחים מיט אומגלויביקע, — דער עיקר, ווען זיי עקשנען זיך איין און ווילן נישט גלויבן. ס'איז דאָ אַ געפאַר, אַז אין אַזעלכע פאַלן קאָן מען זיך אַליין ברענגען צו בייזע מחשבות, און דערביי יענעם קיין נוצן נישט ברענגען. בעסער איז צו לאָזן דעם אומגליקלעכן אויף גאָטס באַראָט; אויב דער גזר איז אַזאַ, וועט אים דער אויבערשטער אַליין אויפקלערן; אויב ווידער נישט, — ווער־זשע האָט די העזה צו טון קעגן גאָטס ווילן? לעאָנאַרד האָט זיך נישט איינגעשפּאַרט צו פירן ווייטער דעם וויכּוח. ער האָט זיך באַפּרידיקט מיט עטלעכע זיסע רייד, אַז ער האָט איצט נישט וואָס צו זאָגן, אַז קיין שום שׂכלדיקע ראיה איז נישט מסוגל אָנצוווייזן דעם וועג, כּל־זמן מ'האַלט בכּיוון פאַרמאַכט די אויגן, און מ'דאַרף מתפּלל זיין און בעטן גאָטס גענאָד: אָן גאָט איז קיין זאַך נישט מעגלעך; כּדי צו גלויבן, דאַרף מען האָבן זיין חסד, מ'דאַרף זוכן דעם רצון.

רצון? — האָט קריסטאָף מיט פאַרביטערונג געטראַכט. הייסט עס, אַז גאָט עקסיסטירט, אויב איך וויל, ער זאָל עקסיסטירן! הייסט עס,

דער טויט עקסיסטירט נישט, ווייל איך וויל לייקענען אין אים!...
אוי!... ווי לייכט ס'איז דאָס לעבן פון יענע מענטשן, וואָס ווילן נישט
זען דעם אמת, וואָס קאָנען אים זען, ווי זייער האַרץ גלוסט, וואָס
קאָנען זיך שפּינען זיסע חלומות און שלאָפן רויק און ווייך! קריסטאָף
איז געווען זיכער, אַז אין אַזאַ בעט וועט ער קיינמאָל נישט שלאָפן...

לעאָנאַרד האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן. ער איז אַריבער
אויף אַן אַנדערע ליבלינגס-טעמע: צו דעם חן פונם נזירות-לעבן; און
אויף אָט דער נישט-געפּערלעכער טעמע האָט ער גערעדט אָן אַ שיעור.
מיט זיין איינטאָניקער שטים, וואָס האָט געציטערט פון הנאה, האָט
ער דערציילט דאָס גליק פון לעבן מיט גאָט, אויסער דער וועלט,
ווייט פונם טומל (ער האָט גערעדט וועגן טומל מיט אַ שטאַרקער
שנאה; ער האָט דעם טומל פיינט געהאַט אַזוי גוט, ווי קריסטאָף),
ווייט פון געוואַלדטאַטן, ווייט פון חוזק און שפּאָט, ווייט פון די
קליינע טאָג-טעגלעכע דאגות, וואָס מ'האָט אויסצושטיין; מ'זיצט אין
אַ וואַרעמער נעסט, זיכער אינם גלויבן, פון וועלכן מ'קוקט פרידלעך
אַראָפּ אויף די צרות פון דער פרעמדער, ווייטער וועלט. הערנדיק, ווי
ער רעדט, האָט קריסטאָף פאַרשטאַנען דעם עגאָיזם פונם דאָזיקן גלויבן.
לעאָנאַרד האָט זיך געכאַפּט און געאיילט צו דערקלערן זיינע ווערטער.
דאָס אָפּגעזונדערטע לעבן איז נישט קיין לעבן פון פוסט-און-פּאַסעווען.
להיפוך: מ'טוט אויף מערער מיט תפילה, ווי מיט מעשים; וואָס וואָלט
געווען די וועלט אָן תפילה? מ'בעט פאַר אַנדערע מענטשן, מ'טוישט
אויס די עברות, מ'טיילט זיך מיט די מצוות, און מ'נעמט זיך אָן פאַר
דער וועלט ביי גאָט.

קריסטאָף האָט זיך שטיל צוגעהערט, און דער כעס איז אין אים
געוואַקסן. ער האָט געפילט, אַז לעאָנאַרדס נזירות איז — פאַלש. ער
איז נישט געווען אויף אַזוי פיל אומגערעכט, ער זאָל די דאָזיקע
צביעות זען ביי אַלע גלויביקע. ער האָט גוט געוווסט, אַז די אָפּ-
געזונדערטקייט פונם לעבן איז ביי אַ קליינער צאָל מענטשן — די
אוממעגלעכקייט צו לעבן, ס'איז אַ שרעקלעכע פאַרצווייפלונג, וואָס
מען בעט אויף זיך דעם טויט; ביי אַ גאָר קליינער צאָל מענטשן
איז דער גלויבן אַ ליידנשאַפטלעכער עקסטאַז. (ווי לאַנג האַלט ער
אָן?)... אָבער ביי ס'רוב מענטשן, איז דען נישט דער גלויבן בעיקר
אַ קאַלטער חשבון פון ברואים, וואָס די רויקייט פון זייער אייגן לעבן
איז זיי טייערער, ווי דאָס גליק פון אַנדערע, טייערער אפילו ווי דער

אמת? און אויב די אויפריכטיקע הערצער ווייסן עס, וויפל צער ליידן זיי, וואָס זייער אידעאַל איז פּראָפאַנירט!...

אַ גליקלעכער, האָט לעאָנאַרד איצט געדרשנט וועגן שיינקייט און האַרמאָניע אין דער וועלט, וועלכע ער זעט פון אויבן, פון זיין געטלעכן הינער-פּלעט: אונטן איז חושך, אומרעכט, צער; אויבן אָבער איז אַלץ קלאָר, ליכטיק, אָרדנונג; די וועלט איז ענלעך צו אַ זייגער-מעכאַניזם. וואָס איז אויסגעצייכנט רעגולירט...

קריסטאָף האָט זיך צוגעהערט מיט אַ האַלבן אויער. ער האָט געפרעגט ביי זיך: „גלויבט ער טאַקע באמת, אָדער צי מיינט ער נאָר, אַז ער גלויבט?" אָבער זיין אייגענער גלויבן, זיין ליידנשאַפטלעכער באַגער צו גלויבן איז נישט געווען צעשטערט. נישט אָט די גייסטיקע דורכשניטלעכקייט און אָרעמע ראיות פון עפּעס אַ נאַרישן לעאָנאַרד זענען בכוח געווען צו פאַרניכטן קריסטאָפס גלויבן...

די נאַכט האָט אַראָפּגעזונקען אויף דער שטאָט. די באַנק, ווו זיי זענען געזעסן, איז איצט געווען איינגעהילט אין חושך; די שטערן האָבן געגלאַנצט, אַ ווייסער נעפּל האָט זיך געצויגן פון טייך, די גרילן האָבן אָנגעמאַכט אַ טומל אונטער די בוימער פון בית-עולם. ס׳האָבן אָנגעהויבן קלינגען די גלאָקן: פריער האָט געקלונגען דער העכסטער פון זיי, איינער אַליין, ווי אַ קלאָגעדיקער פויגל, וואָס ווענדט זיך מיט אַ פראַגע צום הימל; שפּעטער דער צווייטער, — דאָס האָט די נידעריקע טערצע זיך אַריינגעמישט אין די ווײ-קלאָגן; לסוף איז גע-קומען דער שווערסטער גלאָק, די קווינטע, — און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער שיקט זיי אַן ענטפער. די דריי שטימען האָבן זיך צונויפגע-שמאָלצן. צופוסנס פון די טורעמס, האָט עס אויסגעזען, ווי אַ זשומע-ריי פון אַ ריזיקן בינשטאָק. ס׳האָט געציטערט די לופט און דאָס האַרץ. איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, האָט קריסטאָף געטראַכט, ווי אָרעם איז די מוזיק פון די מוזיקער אַנטקעגן דעם דאָזיקן אָקעאַן פון מוזיק, ווו עס רוישן טויזנטער באַשעפענישן: ס׳איז געווען ווי די ווילדע פאַונאַ, די פרייע וועלט פון קלאַנגען, — אַנטקעגן דער קאַטאַלאָגירטער מיטן מענטשלעכן שכל קאַלט-אַרומגעוויקלטער, באַלעבאַטישער וועלט ער האָט זיך פאַרלוירן אין דער קלינגענדיקער אומענדלעכקייט, וואָס ווייסט נישט פון גרענעצן, פון ברעגן...

און ווען דער שטראָמענדיקער געמורמל איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווען די לעצטע צעוויגטע קלאַנגען זענען פאַרשוווּנדן אין דער לופטן,

האָט זיך קריסטאָף אויפגעכאַפּט. אַ דערשראָקענער האָט ער זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך... ער האָט קיין זאַך נישט דערקענט. אַלץ האָט זיך געענדערט אַרום אים, אין אים גופא. ער האָט שוין מער קיין גאָט נישט געהאַט...

דער גלויבן, פּונקט ווי דאָס פאַרלירן אים, קומען ס׳רוב פּלוצלינג, ווי אַן אומגעריכטע אַנטפּלעקונג, ווי אַן אויפלויכטנדיקער שיין. דער שכל האָט דאָ קיין שייכות נישט; און ס׳איז גענוג עפּעס אַ גאָרנישט: אַ וואָרט, אַ שטילקייט, אַ גלאָקן־קלאַנג. מ׳שפּאַצירט, מ׳חלומט, מ׳ריכט זיך אויף קיין זאַך נישט. און פּלוצלינג — ווערט פון אַלץ אַ תּל. מ׳דערזעט זיך צווישן חורבות. מ׳איז אַליין. מ׳גלויבט נישט מער.

אַן איבעררַאַשטער האָט קריסטאָף נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר־וואָס, ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען. ס׳איז געווען, ווי די פאַרצווייפלונג פון אַ טייך אין פרילינג...

לעאָנאַרדס שטים האָט ווייטער געקלונגען מאָנאָטאָנער, ווי די שטים פון אַ גריל. קריסטאָף האָט נישט געהערט. ס׳איז שוין געווען נאַכט. לעאָנאַרד איז געבליבן שטיין. פאַרחידושט פון קריסטאָפס אומבאַוועגלעכקייט און אומרויק צוליב דער שפּעטער שעה, האָט ער פאָר־געלעגט זיין אַהיים. קריסטאָף האָט נישט געענטפערט. לעאָנאַרד האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט; קריסטאָף האָט אַ ציטער געטון און אָנגעקוקט לעאָנאַרדן מיט בלאָנדזענדיקע אויגן.

— קריסטאָף, מ׳דאַרף גיין אַהיים. — האָט לעאָנאַרד געזאָגט.

— גיי צום טייוול! — האָט קריסטאָף אַ געשריי געטון מיט כעס.

— גאָט מיינער! קריסטאָף, וואָס פאַר אַ בייז האָב איך דיר געטון? — האָט געפרעגט דער צעשראָקענער לעאָנאַרד.

קריסטאָף איז געקומען צו זיך.

— יאָ, דו ביסט גערעכט, מיין טייערער, — האָט ער ווייכער געענטפערט — איך ווייס נישט, וואָס איך רעד. גיי מיט גאָט! גיי מיט גאָט!

ער איז געבליבן איינער אַליין. דאָס האַרץ איז אים געווען איבערפולט מיט טרויער.

— אוי, גאָט מיינער! גאָט מיינער! — האָט ער געשריען און פאַרבראָכן די הענט; פאַרצווייפלט האָט ער אויפגעהויבן דעם

קאָפּ צום שוואַרצן הימל. — פאַרוואָס גלויב איך נישט? פאַרוואָס קאָן איך מער נישט גלויבן? וואָס איז מיט מיר געשען?...

ס'איז געווען נישט קיין גלייכע באַציִונג צווישן דעם חורבן פון זיין גלויבן און דעם שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט לעאָנאַרדן: ס'איז געווען קלאָר, אַז נישט דער דאָזיקער שמועס איז געווען די סיבה פונם חורבן, פונקט ווי אַמאַליאַס שרייעוודיקייט און די לעבער-לעכע געגנג פון זיינע באַלעבאַטים זענען נישט געווען די סיבה פון דער אויפטרייסלונג, וואָס איז אין די לעצטע טעג פאָרגעקומען אין זיינע מאָראַלישע איבערצייגונגען. דאָס איז געווען נאָר די אויסערלעכע סיבה. דער שטורעם איז אָבער נישט געקומען פון דרויסן. דער שטו-רעם איז געווען אין אים גופא. ער האָט געפילט, אַז אין זיין האַרצן באַוועגן זיך אומבאַקאַנטע פאַרזעענישן, און ער האָט קיין מוט נישט געהאַט אַריינצודרינגען אין אייגענעם געדאַנק, כּדי צו דערזען זיין אומגליק פּנים-אל-פּנים... זיין אומגליק? איז עס געווען אַן אומגליק? ס'האָט אים באַהערשט עפּעס אַ מאַטקייט, אַ שיכּרות, אַ תּענוגלעכער שרעק. ער האָט שוין נישט געהערט צו זיך. אומזיסט האָט ער גע-פּרוווט אַריינצוקלאַמערן זיך אינם אַמאָליקן סטאָיציזם. אַלץ האָט מיט-אַמאָל אַ קראַך געטון. ער האָט פּלוצלינג געהאַט אַן עמפּפינדונג פון אַ גליִענדיקער, ווילדער, אומענדלעכער וועלט, וואָס האָט פאַרפלייצט איצט גאָט!...

ס'האָט געדויערט נאָר אַן אויגנבליק. אָבער ער האָט פאַרלוירן די גאַנצע גלייכגעוויכט פון זיין אַמאָליקן לעבן.

נאָר אויף איין מיטגליד פון דער משפּחה האָט קריסטאָף קיינ-מאָל נישט געלעגט קיין אַכט: ס'איז געווען די קליינע ראָזע. זי איז נישט געווען שיין, און קריסטאָף, וואָס איז אַליין געווען ווייט נישט קיין שיינער, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסן מקפּיד אויף דער שיינקייט פון אַנדערע. ער האָט פאַרמאָגט די רויקע אכזריות פון דער יוגנט, פאַר וועלכער אַ מיאוסע פרוי עקסיסטירט בכלל נישט, — דער עיקר, אויב זי איז שוין אַריבער יענע יאָרן, ווען זי קען דער-וועקן צערטלעכקייט און אַרויסרופן צו זיך רויקע, געלאַסענע, כּמעט-

רעליגיעזע געפילן. ראָזע איז, אגב, נישט געווען באַשאָנקען מיט קיין שום באַזונדערע מעלות, אָבער קיין נאַר איז זי נישט געווען; דערצו האָט זי פאַרמאָגט ניין מאָס רייד, וואָס האָבן פון זיך פאַרטריבן קרי־סטאָפן. ער האָט זיך נישט געגעבן קיין מי צו דערקענען זי, ער האָט געמיינט, אַז ס'איז נישטאָ אין איר וואָס צו דערקענען; העכסטנס פלעגט ער אויף איר אַ שנעלן קוק טון.

און דאָך איז זי געשטאַנען פיל העכער, ווי אַנדערע יונגע מייד־לעך; לכל־הדעות, העכער, ווי מינאַ, וועלכע ער האָט ליב געהאַט. זי איז געווען אַ ווייל מיידל, נישט קיין קאָקעטישע און אָן פוסטער גאווה; ביז קריסטאָפס קומען האָט זי נישט געוווּסט, אַז זי איז מיאוס אָדער ווייניק זיך גענומען עס צום האַרצן; ווייל קיינעם פון אירע נאָענטע האָט עס נישט געאַרט. אויב דער זיידע אָדער די מאַמע האָבן איר עס אַמאָל אין שפּאַס יאָ געזאָגט, האָט זי געלאַכט דערפון: זי האָט נישט געגלויבט אָדער נישט געלעגט דערויף קיין אַכט; און זיי אוודאי נישט. אַזוי פיל אַנדערע פרויען, אויך אַזוי מיאוס ווי זי, אָדער אפילו נאָך מיאוסער, האָבן געפונען מענער, וואָס האָבן זיי ליב! די דייטשן פאַרמאָגן אַ גליקלעכע מעלה: זיי האָבן פיל פאַרשטענדעניש פאַר פיזישע פעלערן; ווען זיי ווילן, באַמערקן זיי נישט די פעלערן; זיי קאָנען זיי אפילו פאַרדעקן און פאַרשענערן מיט זייער גליקלעכער פאַנטאַזיע; זיי קאָנען אויסגעפינען אומגעריכטע ענלעכקייטן צווישן יעדן פנים מיט די באַרימטסטע שענהייטן. מ'וואָלט לייכט געקאָנט פועלן ביים אַלטן איילער, אַז זיין אייניקל האָט די נאָז פון יונאָ לודאָוויזי. צום גליק איז דער אַלטער געווען שטענדיק צו שטאַרק אָנ־געכמורעט, ער זאָל מאַכן עמעצן קאָמפּלימענטן; און ראָזע, וואָס איז געווען גלייכגילטיק צו דער פאָרם פון איר נאָז, האָט געפונען אַן אויסוועג פאַר איר אייגנליבע אין דעם, וואָס זי האָט דערפולט די פאָרשריפטן פון די באַרימטע פרויען־פליכטן אין דער באַלעבאַטישקייט. אַלץ, וואָס מ'האָט זי אויסגעלערנט, איז געווען ביי איר קודש, ווי די ווערטער פון עוואַנגעליום. אַזוי־ווי זי פלעגט זעלטן אַרויסגיין פון שטוב, האָט זי נישט געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרגלייכן אירע איי־גענע מיט פרעמדע, און דעריבער האָט זי שטאַרק געהאַלטן פון איר טאַטע־מאַמע און געגלויבט אין יעדן וואָרט זייערן. בטבע אַ היציקע, האָט זי געהאַט צוטרוי צו מענטשן און לייכט געקאָנט זיך צופרידנ־שטעלן; זי האָט זיך דאָך באַמיט צוצופּאַסן צו דער אומעטיקער שטי־

מונג פון שטוב און איבערגעחזרט נאָכגעביק די מרה-שחורההדיקע מיינונג, וואָס זי פלעגט הערן. איר האַרץ איז געווען פול מיט מיטלייד, — זי האָט שטענדיק געטראַכט וועגן אַנדערע, באַמיט זיך אָנצוטון זיי אַ נחת-רוח, מיטגעפילט זייערע דאגות, אַנטקעגנגעקומען זייערע פאַרלאַנגען און ליב געהאַט אַלעמען אָן אַ שום געדאַנק פון באַלוינונג. באַטירלעך, האָבן עס די בני-בית אויסגענוצט, הגם זיי זענען געווען גוטע מענטשן און האָבן זי ליב געהאַט: דער מענטש איז שטענדיק געניגט אויסצונוצן די ליבע פון די, וואָס גיבן זיך אים איבער אָן אַ גרענעץ: די שטוב-מענטשן זענען געווען אַזוי צוגעוווינט צו איר גוטסקייט, אַז מ'האָט נישט געפילט צו איר קיין שום דאַנקבאַרקייט; וואָס זי זאָל נישט האָבן געטון, האָט מען פאַרלאַנגט פון איר נאָך מער. דערצו איז זי געווען אומגעשיקט, אומגעלומפּערט און איילדיק; זי האָט געהאַט האַסטיקע, יינגלשע באַוועגונגען, און ס'פלעגן זיך איר אָפט טרעפן אָנפאַלן פון צערטלעכקייט, וואָס פלעגן ברענגען מיט זיך אמתע קאַטאַסטראָפעס: אַ צעבראָכן גלאָז, אַן איבערגעקערטע פלאַש, אַ האַסטיק-פאַרקלאַפּטע טיר, — צוליב דעם איז די גאַנצע שטוב געווען אויף איר אש-להבה. מ'פלעגט זיך בייזערן, און די קליינע פלעגט זיך אַוועקשלייכן אין אַ ווינקל און געוויינט. איר וויינען האָט קיינמאָל לאַנג נישט געדויערט. באַלד איז זי צוריקגעקומען מיט אַ געלעכטער און מיט אירע ניין מאָס רייד אָן אַ סימן פון האַס קעגן וועמען-עס-איז.

קריסטאָפס אָנקומען איז געווען אַ וויכטיק געשעעניש אין איר לעבן. זי האָט אָפט געהערט שמועסן וועגן אים. קריסטאָף האָט פאַרנומען אַן אָרט צווישן די אָנגעזעענע מענטשן פון שטעטל: ער איז געווען אַ מין קליינע לאָקאַלע באַרימטקייט; זיין נאָמען פלעגט אָפט דערמאָנט ווערן אין די שמועסן פון די שטוב-מענטשן, בפרט אין יענער צייט, ווען ס'האָט נאָך געלעבט דער אַלטער זשאַן-מישעל, וואָס איז געווען שטאָלץ מיט זיין אייניקל און האָט פאַר אַלע זיינע באַקאַנטע געלויבט קריסטאָפן ביזן הימל. ראָזע האָט אַ פּאָר מאָל געזען דעם יונגן מוזיקער בעת די קאָנצערטן. ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער ציט זיך צו זיי אַריין, האָט זי געפּאַטשט מיט די הענט פאַר פרייד. מ'האָט זי אָנגעמוסרט, אַז זי האַלט זיך נישט אָנשטענדיק, — איז זי צעטומלט געוואָרן. זי האָט נישט געזען אין דעם קיין שום בייז. אין איר איינטאָניקן לעבן איז אַ נייער שכן געווען אַ וויכטיק גע-

שעעניש. זי האָט מורא געהאַט, טאָמער געפעלט אים נישט די שטוב
און באַמיט זיך די דירה וואָס שענער צו מאַכן. דעם טאָג, ווען זיי
האָבן זיך אַריינגעצויגן, האָט זי אפילו אַרויפגעבראַכט אַ קליין בינטל
בלומען און אַוועקגעשטעלט אויפן קאַמין, ווי זי וואָלט אים דערמיט
אויפגענומען מיט אַ ברוך-הבא. זי גופא האָט אָבער לחלוטין נישט
געזאָרגט וועגן איר אויסזען, און דער ערשטער בליק, וואָס קריסטאָף
האָט אויף איר אַ וואָרף געטון, איז פאַר אים גענוג געווען אָנצונעמען
אַ באַשלוס, אַז זי איז מיאוס און איז געקליידט אָן געשמאַק. זי אָבער
האָט וועגן אים געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, הגם ס'האָבן נישט געפעלט
קיין חסרונות אויך אין זיין אויסזען, ווייל קריסטאָף, וואָס איז גע-
ווען פאַרמאַטערט, פאַרדאגהט און שמוציק, האָט אויסגעזען נאָך מיאוסער
ווי געוויינלעך. אָבער ראָזע, וואָס איז נישט געווען מסוגל צו טראַכטן
וועגן עמעצן שלעכטס, ראָזע, וואָס האָט אין איר זיידן און טאַטע-
מאַמע געזען מוסטערן פון שיינקייט, האָט געזען אין קריסטאָפן אַלץ,
וואָס זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, און געכאַפּט פון אים התפעלות. ווען
ער איז געווען איר שכן ביים טיש, האָט זי זיך אמת געשראָקן, נאָר
צום אומגליק האָט זיך איר מורא אויסגעדריקט אין אַ שטראָם פון
ווערטער, וואָס האָבן מיטאַמאָל אָפּגעטון פון איר קריסטאָפס סימפּאַטיע.
זי האָט עס נישט באַמערקט, און דער ערשטער אָוונט פון זייער באַ-
געגעניש האָט איבערגעלאָזן אין איר האַרצן אַ לויכטנדיקן אָנדענק.
ווען קריסטאָף מיט זיין מוטער זענען אַרויף צו זיך, איז זי געבליבן
איינע אַליין אינם צימער און זיך צוגעהערט צו די טריט פון די
נייע שכנים, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב; דער גע-
רויש האָט אין איר פריילעך אָפּגעקלונגען: ס'האָט זיך איר געדאַכט,
אַז די שטוב האָט אָפּגעלעבט.

צומאָרגנס האָט זי זיך צום ערשטן מאָל אָנגעקוקט מיט אומ-
רויקער אויפמערקזאַמקייט אין שפּיגל; און הגם זי האָט זיך נאָך נישט
אָפּגעגעבן קיין חשבון, ווי גרויס איר אומגליק איז, האָט זי עס אָנ-
געהויבן פאָרצופילן. זי האָט געפּרווּוט געגוי צו באַטראַכטן און אור-
טיילן וועגן אירע שטריכן, איינעם נאָכן אַנדערן; ס'איז איר אָבער
נישט געלונגען. זי האָט געהאַט אומעטיקע פאָרגעפילן. זי האָט טיף
אָפּגעזיפצט און געוואָלט אַ ביסל ענדערן איר הלבשה; זי האָט זיך
נאָר מיאוסער געמאַכט. דערצו איז איר איינגעפאַלן אַ שלימזלדיקער
געדאַנק נאָכצושפּרינגען קריסטאָפן אויף טריט און שריט. אין איר

נאַיוון פֿאַרלאַנג צו זען וואָס־עפּעס אירע נייע פֿריינד און צו קומען זיי מיט עפּעס צו הילף, איז זי יעדע ווײַלע אַרויף און אַראָפּ פֿון די טרעפּ, געבראַכט יעדעס מאָל אַ זאַך, וואָס לואיזע האָט נישט געדאַרפֿט, באַמיט זיך זיי צו העלפֿן, — און דערבײַ שטענדיק געלאַכט, גערעדט, געשריִען. נאָר די אומגעדולדיק־רופֿנדיקע שטים פֿון איר מאַמע פֿלעגט איבעררײַסן איר התפּעלות און באַרעדעוודיקייט. קריסטאָף האָט געמאַכט אַ זויערע מינע: ווען נישט דער גוטער געדאַנק צו האַלטן זיך אין די הענט, וואָלט שוין זײַן אומגעדולד צוואַנציק מאָל געהאַט אַרויסגעפּלאַצט. צוויי טעג האָט ער זיך אײַנגעהאַלטן; אויפֿן דריטן טאָג האָט ער פֿאַרמאַכט די טיר אויפֿן שליסל. ראָזע האָט אָנגעקלאַפּט, אַ רוף געטון, אָבער באַלד פֿאַרשטאַנען, אַוועק צעטומלט און מער נישט צוריקגעקומען. ווען ער האָט זי געטראָפֿן, האָט ער איר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ער איז געווען פֿאַרנומען מיט אַ וויכטיקער אַרבעט, וואָס ער האָט נישט געקאָנט איבעררײַסן. זי האָט זיך הכנעהדיק פֿאַרענטפֿערט. זי האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס וועגן דעם דורכפֿאַל פֿון אירע אומשולדיקע פּרוּוון: זיי זענען געגאַנגען נישט צום ציל, נאָר אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג, זיי האָבן קריסטאָפֿן דערווײַטערט. ער האָט זיך נישט געגעבן קיין מי צו באַהאַלטן זײַן שלעכטע שטימונג; ער האָט זיך נישט צוגעהערט, בעת זי האָט גערעדט, ער האָט נישט פֿאַרהוילן זײַן אומגעדולד. זי האָט געפֿילט, אַז איר פּלוידערײַ רעגט אים אויף, און זי האָט זיך פּשוט אָנגעטון אַ כּוח צו שווײַגן אַ האַלבן אָוונט; אָבער ס'איז נישט געווען פֿאַר אירע כּוחות: פּלוצלינג האָט זי אָנגעהויבן איר „מוזיק" פֿונדאָסניי, און די ווערטער האָבן געשטראָמט האַסטיקער, ווי שטענדיק. קריסטאָף פֿלעגט אַוועק און איבערלאָזן זי אינמיטן אַ זאַץ. זי איז נישט געווען בייז אויף אים. זי איז געווען בייז אויף זיך אַליין, און געטראַכט, אַז זי איז נאַריש, לאַנגווײַליק און לעכערלעך; אַלע אירע חסרונות זענען אין אירע אויגן ריזיק אויסגעוואַקסן; זי האָט זיי געוואָלט גובר זײַן; אָבער דער דורכפֿאַל פֿון די ערשטע פּרוּוון האָבן זי אַראָפּגעשלאָגן פֿון מוט; זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט עס קיינמאָל נישט באַווײַזן, אַז זי האָט דערצו קיין כּוח נישט. פֿונדעסטוועגן האָט זי כּסדר געפּרוּווט פֿונדאָסניי.

זי האָט אָבער געהאַט נאָך חסרונות, קעגן וועלכע מ'האָט גאָר נישט געקאָנט העלפֿן; וואָס האָט זי געקאָנט טון מיט איר מיִאוסקייט?

זי האָט שוין מער אין דעם נישט געצווייפלט. איר אומגליק איז איר אומגעריכט קלאָר געוואָרן, ווען זי האָט אין איינעם אַ טאָג זיך אָנגע־קוקט אין שפּיגל: ס'איז געווען ווי אַ דונער. באַטירלעך. האָט זי אי־בערגעטריבן דאָס אומגליק און איר נאָז האָט זיך איר אויסגעוויזן צען מאָל גרעסער, ווי אין דער ווירקלעכקייט; ס'האָט זיך איר גע־דאַכט, אַז זי פאַרנעמט דאָס גאַנצע פּנים; זי האָט נישט געהאַט קיין העזה צו ווייזן זיך פאַר מענטשן, זי האָט געוואָלט שטאַרבן. אָבער די יוגנט פאַרמאָגט אַזאַ קראַפט פון האָפענונג, אַז די אויסברוכן פון פאַרצווייפלונג דויערן נישט לאַנג; זי האָט זיך איבערגעלעגט, אַז אייגנטלעך האָט זי אַ טעות געהאַט; זי האָט זיך געפּרווט איינרעדן, אַז איר נאָז זעט אויס, ווי אַלע נעזער, און איז געבויט ווי עס באַ־דאַרף צו זיין. זי האָט מיטן אינסטינקט אויסגעפונען, — אגב, זייער אומגעלומפּערט — עטלעכע קינדערשע המצאות: אַ נייען אופן פון פאַרקעמען די האָר, וואָס האָט ווייניקער אָפּגעדעקט דעם שטערן און פאַרשטעלט די דיספּ־אָפּאָרץ פון איר פּנים. ס'איז נישט געווען אין דעם קיין שום קאָקעטישקייט; קיין ליבע-געדאַנק איז איר נאָך אויפן זינען נישט אַרויף, אָבער זי האָט דערפון נישט געוווסט. זי האָט פאַר־לאַנגט נישט מער, ווי אַ קליניקייט; אַ ביסעלע פריינדשאַפט; און אָט דאָס ביסל האָט קריסטאָף, ווייזט אויס, אויך נישט געוואָלט איר שענ־קען. ראָזען האָט זיך געדאַכט, אַז זי וואָלט געווען אויפן זיבעטן הימל, ווען ער זאָל איר ביי אַ באַגעגעניש בלויז זאָגן אַ פריינדלעכן „גוט־מאָרגן" אָדער „גוטאָוונט". אָבער קריסטאָפס בליק איז געווען אַזוי האַרט און שטענדיק אַזוי קאַלט! זי פלעגט פאַרגליווערט ווערן. ער האָט איר קיין אומפריינדלעך וואָרט קיינמאָל נישט געזאָגט; אָבער איר וואָלט ליבער געווען צו הערן שווערע טענות, איידער דאָס אכזריותדיקע שווייגן.

איינמאָל אין אָוונט איז קריסטאָף געזעסן ביים קלאַוויר און געשפּילט. ער האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַן ענגן בוידעם-שטיבל, איבערן העכסטן שטאָק פון הויז, אַבי פּטור צו ווערן פונם טומל. ראָזע האָט זיך צוגעהערט מיט באַגייסטערונג זיצנדיק אונטן. זי האָט ליב געהאַט מוזיק, הגם איר געשמאַק איז געווען פּשוט און נישט אַנ־טוויקלט. כל-זמן די מאַמע איז געזעסן אין שטוב, איז ראָזע געבליבן אין אַ ווינקל פון צימער, געבויגן איבער איר האַנט-אַרבעט, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז פאַרנומען נאָר דערמיט; איר האַרץ אָבער

איז געווען צוגעבונדן צו די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון אויבן, וועלכֿע זי האָט נישט געוואָלט פֿאַרלירן. צום גליק איז אַמאַליאַ באַלד אַרויסגעגאַנגען אַריינצוכאַפּן זיך צו אַ שכֿנה; ראָזע איז אויפֿגעשפּרונגען, אַ וואָרף געטון די אַרבעט און אַרויפֿגעקראָכֿן מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ ביזן שוועל פֿונם בוידעם-שטיבל. זי האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און צוגעלעגט דאָס אויער צו דער טיר. אָט אַזוי איז זי געבליבן זיצן, ביז אַמאַליאַ איז צוריקגעקומען. זי איז דעמאָלט אַראָפּגעגאַנגען אויף די שפּיץ פֿינגער, כּדי נישט אָנצומאַכֿן קיין גערויש; נאָר אַזוי-ווי זי איז געווען אומגעשיקט, און פֿלעגט זיך שטענדיק איילן, איז זי שיר נישט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די טרעפּ; און איינמאָל, ווען זי האָט זיך אַזוי צוגעהערט מיט אַ פֿאָרויסגעבויגענעם קערפּער און מיט דער באַק צוגעדריקט צום לעכֿל פֿון שלאָס, — האָט זי פֿאַרלוירן דאָס גלייכֿגעוויכֿט און אַ קלאַפּ געטון מיטן שטערן אין טיר. זי איז געוואָרן אַזוי צעמישט און דערשראָקן, אַז ס'האָט איר פֿאַרפֿעלט אָטעם. דאָס פּיאַנאָ-שפּיל האָט זיך תּיכּף איבערגעריסן: זי האָט קיין כּוח נישט געהאַט צו אַנטלויפֿן. זי האָט זיך שוין געהאַט אויפֿגעהויבן און די טיר האָט זיך אָן עפֿן געטון. קריסטאָף האָט זי דערזען, אַ וואָרף געטון אויף איר אַ בייזן בליק און שפּעטער אָן איין וואָרט אַ שטויס געטון זי, אַראָפּ מיט די טרעפּ און אַוועק. ער איז געקומען צוריק ערשט צו מיטאָג, נישט געלעגט קיין שום אַכֿט אויף אירע פֿאַרצווייפֿלטע בליקן, וואָס האָבן ממש געבעטן פֿאַרגעבונג, ער האָט געמאַכֿט זיך, ווי זי וואָלט פֿאַר אים בכּלל נישט עקסיסטירט און אין משך פֿון לאַנגע וואָכֿן אויפֿגעהערט אינגאַנצן צו שפּילן. ראָזע האָט אין דער שטיל פֿאַרגאָסן הייסע טרערן; קיינער האָט עס נישט באַמערקט, קיינער האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט. זי האָט הייס געבעטן ביי גאָט... וואָס? דאָס האָט זי אַליין נישט געוווסט. זי האָט געפֿילט אַ שטאַרקן פֿאַרלאַנג אויסצוגיסן פֿאַר עמעצן איר שווער געמיט. זי איז געווען זיכֿער, אַז קריסטאָף האָט זי פֿיינט.

און דאָך האָט זי געהאָפֿט. ס'איז גענוג געווען, קריסטאָף זאָל איר אַרויסווייזן די מינדסטע סימנים פֿון אינטערעס; ער זאָל זיך מאַכֿן הערנדיק אירע רייד; ער זאָל דריקן איר האַנט פֿריינדלעכֿער, ווי תּמיד...

עטלעכֿע אומבאַרעכנטע ווערטער פֿון אירע אייגענע האָבן אין איר פֿאַנטאַזיע דערוועקט נאַרישע חלומות, וואָס האָבן קיין שום זינען נישט געהאַט.

די גאַנצע משפּחה האָט געפּילט צו קריסטאָפן אַ סימפּאַטיע. אָט דער זעכצניאָריקער, ערנסטער און איינזאַמער יינגל, וואָס האָט פאַר־מאָגט אַ טיפע השגה בנוגע צו זיינע פליכטן, האָט דערוועקט אין זיי אַ מין יראת־הכבוד. די אויסברוכן פון שלעכטער שטימונג, זיין עקשנות־דיק שווייגן, דער אָנגעכמורעטער אויסדרוק פון זיין פנים, זיינע האַ־סטיקע באַוועגונגען האָבן אין אַזאַ שטוב ווי ביי די איילערס, נישט אַרויסגערופן קיין שום חידוש. אפילו מאַדאַם פאָגעל, וואָס האָט יעדן קינסטלער געהאַלטן פאַר אַ ליידיקגייער, האָט נישט געהאַט קיין העזה אָנצופאַלן אויף אים און פאַרצוואַרפן,—הגם זי האָט דערצו שטאַרק חשק געהאַט, — אלמאי ער פאַרברענגט גאַנצע שעהן אומבאַוועגלעך אין אָוונט ביים פענסטער פון זיין בוידעם־שטיבל, אָן אַ שטאָך אַרבעט, אַרויסגעבויגן צום הויף ביז שפּעט אין דער נאַכט: זי האָט געוווסט, אַז אַ גאַנצן טאָג מאַטערט ער זיך מיט זיינע לעקציעס; און זי האָט אים געשוינט — פּונקט ווי ס'האָבן אים געשוינט אויך די איבעריקע בני־בית, — צוליב עפּעס אַ באַהאַלטענער כוונה, וואָס קיינער האָט וועגן דעם נישט גערעדט און וואָס יעדער האָט דערפון געוווסט.

ראָזע האָט באַמערקט, אַז ווען זי שמועסט מיט קריסטאָפן, קוקן זיך אירע עלטערן איבער און שושקען זיך אין דער שטיל. תחילת האָט זי אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט. אָבער שפּעטער איז זי געוואָרן נייגעריק און אָנגעצונדן; זי האָט שטאַרק געוואָלט דערגיין, וואָס זיי שמועסן; אָבער זי האָט קיין העזה נישט געהאַט צו דער־פרעגן זיך.

איינמאָל, אין אַן אָוונט איז זי אַרויפגעקראָכן אין גאָרטן אויף אַ באַנק אָפּצובינדן דעם שטריק, וואָס איז געהאָנגען צווישן צוויי בוי־מער צו טריקענען אויף אים וועש; כדי אַראָפּצושפּרינגען אויף דר'ערד, האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אָן קריסטאָפס אַקסל. אין דער רגע האָט זיך איר בליק אָנגעשטויסן אָנם זיידן און טאַטן, וואָס זענען געזעסן, מיט די רוקנס אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט פון הויז רויכערנדיק זייערע ליולקעס. זיי האָבן זיך איבערגעווונקען, און יוסטוס איילער האָט אַ זאָג געטון צו פאָגעלן:

— דאָס וועט זיין אַ פיינער זיווג.

פּאָגעל האָט זיך געכאַפּט, אַז זיין טאָכטער האָט עס דערהערט און אַ שטויס געטון דעם אַלטן; כדי צו פאַרשטעלן זיינע רייד, האָט דער אַלטער זייער געשיקט, — (אַזוי לפּחות האָט ער געמיינט) — הויך אַ ברום געטון „המ! המ!“, וואָס וואָלט געקאָנט צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון צוואַנציק טריט אַרום זיי. קריסטאָף איז געווען אויסגעדרייט מיטן רוקן און האָט גאָרנישט באַמערקט; אָבער ראָזע איז געוואָרן אַזוי איבעראַשט, אַז זי האָט פאַרגעסן דעם שפּרונג און זיך אויסגעגליטשט. זי וואָלט אומגעפאַלן, ווען קריסטאָף האַלט זי נישט אונטער שעלטנדיק אין דער שטיל איר אייביקע אומגעלומפּערטקייט. דער פוס האָט איר זייער וויי געטון, אָבער זי האָט עס נישט אַרויסגעוויזן און קוים וועגן דעם געטראַכט; זי האָט געטראַכט נאָר וועגן דעם, וואָס זי האָט נאָר-וואָס געהערט. זי איז אַריין צו זיך אין צימער; יעדער טריט האָט איר אָנגעטון יסורים, זי האָט זיך אָבער אויסגעגלייכט, קיינער זאָל עס נישט באַמערקן. אַ תּענוגלעכע שיכּרות האָט פאַרגאָסן איר האַרץ. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דעם שטול צופוסנס פון בעט און באַהאַלטן דאָס פּנים אין די קאָלדרעס. איר פּנים האָט געפלאַקערט; די אויגן זענען איר פול געווען מיט טרערן — און זי האָט געלאַכט. זי האָט זיך געשעמט; זי וואָלט זיך באַגראָבן אין דער ערד; זי האָט זיך נישט געקאָנט פונאַנדערקלייבן אין אירע געדאַנקען; די שלייפן האָבן איר געקלאַפּט, דער קנעכל האָט איר געשטאָכן און וויי-געטון, זי איז געווען אין אַ צושטאַנד פון פאַרגליווערטקייט און פיבער. אַ צערודערטע האָט זי געהערט דעם טומל פון דרויסן, די געשרייען פון די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויף דער גאַס; און דעם זיידנס ווערטער האָבן איר אַלץ געקלונגען אין אויער; אַ שווידער איז איר אַדורך איבערן לייב, זי האָט שטיל געלאַכט, געררויטלט זיך און באַהאַלטן דאָס פּנים אין דעם איבערבעט; זי האָט תּפילה-געטון, געדאַנקט גאָט, פאַרלאַנגט, מורא געהאַט, — זי האָט געליבט.

די מאַמע האָט זי אַ רוף געטון. זי האָט געפּרוווט אויפשטיין. ביים ערשטן טריט האָט זי דערפילט אַזאַ אומדערטרעגלעכן ווייטיק, אַז זי האָט שיר נישט געחלשט; ס'האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ. ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט שטאַרבט זי; זי האָט געוואָלט שטאַרבן, — און אין דער זעלבער צייט האָט זי אויך געוואָלט לעבן מיט אַלע כּוחות פון איר וועזן, לעבן פאַר דאָס צוגעזאָגטע גליק. לסוף

איז אַרייַנגעקומען די מאַמע, און באַלד איז די גאַנצע שטוב געגאַנגען כאָראָדאָם. ווי געוויינלעך, האָט מען זיך פריער אָנגעבייזערט, שפּעטער דעם פּוס אַרומגעבונדן און געלעגט זי אין בעט אַרייַן; זי איז פאַר־זונקען געוואָרן אין אַ פאַרגליווערטקייט פון פיזישע יסורים און אי־נערלעכער פרייד. אַ זיסע נאַכט... די מינדסטע פּרטים פון יענעם טייערן אָוונט זענען איר געבליבן היילִיק אין זכרון. זי האָט נישט געטראַכט פון קריסטאָפן, זי האָט אַליין נישט געוווּסט, פון וועמען זי טראַכט. זי איז געווען גליקלעך.

קריסטאָף האָט זיך געהאַלטן פאַר טיילוויז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צופאַל, ער איז געקומען צומאָרגנס מבקר-חולה זיין ראָזען, און צום ערשטן מאָל האָט ער איר לפּנים אַרויסגעוויזן פרייַנדלעכקייט. זי איז געווען דורכגעדרונגען מיט דאַנקבאַרקייט, זי האָט געדאַנקט דעם אומ־גליק. זי וואָלט מסכּים געווען אַ גאַנץ לעבן צו ליידן יסורים, אַבי שטענדיק צו האָבן אַזאַ גליק. — זי האָט געמוזט בלייבן ליגן אַ לענ־גערע צייט אין בעט און נישט רירן זיך פון אָרט; זי האָט פאַר־בראַכט די צייט אין זכרונות, דערמאָנט זיך דעם זיידנס ווערטער און זיך געחקרנט; ווייל ס׳האָט זיך פאַרגנבעט אַ ספק. צי האָט ער געזאָגט:

— דאָס וועט זיין...

אָדער גאָר:

— דאָס וואָלט געווען...?

אָבער צי איז בכלל מעגלעך געווען, אַז ער זאָל זאָגן אַזאַ מין זאַך? — יאָ, ער האָט עס געזאָגט, זי איז געווען זיכער... וואָס! צי האָבן זיי נישט געזען, אַז זי איז מיאוס, און אַז קריסטאָף פאַרטראָגט זי נישט?... ס׳איז אָבער אַזוי גוט געווען צו האָפן! זי האָט לסוף גע־נומען גלויבן, אַז זי האָט זיך מסתּמא טועה געווען; אפשר איז זי גאָרנישט אַזוי מיאוס, ווי זי האָט געמיינט. זי האָט זיך אונטערגעהויבן אויפן שטול, אַ קוק צו טון אין שפּיגל, וואָס איז געהאָנגען אַנטקעגנ־איבער, און זי האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טראַכטן. נאָך אַלעמען, קאָן דאָך איר זיידע און איר טאַטע גיכער האָבן אַ ריכטיקע מיינונג וועגן איר, ווי זי אַליין; מ׳קאָן נישט אַליין אורטיילן וועגן זיך... גאָט! ווען דאָס זאָל זיין אמת!... אויב, צופעליק... אויב, אָן איר וויסן, אויב... אויב זי איז טאַקע שיין!... ס׳קאָן זיין, זי האָט מגזם געווען קריסטאָפס נישט-גינסטיקע געפילן צו איר. אמת, נאָך די כמנים פון פרייַנדשאַפט, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן באַלד נאָכן צופאַל, האָט

דאָס גליַיכגילטיקע ייִנגל איז געהערט צו פֿאַרנעמען זיך מיט איר; ער האָט פֿאַרגעסן אָפּצונעמען אַ גרוס, וואָס זי מאַכט; אָבער ראָזע האָט אים מוחל געווען: ער איז דאָך פֿאַרנומען איבערן קאָפּ מיט אַזוי פֿיל זאַכן! ווי זאָל ער טראַכטן גאָר פֿון איר? מ׳טאָר נישט משפּטן קיין קינסטלער, ווי אַלע אַנדערע מענטשן...

און הגם זי האָט שלום געמאַכט מיט איר גורל, האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו וואַרטן מיט האַרץ-קלאַפּעניש אויף זיין פֿריינדלעך וואָרט, וויפֿל מאָל ער פֿלעגט נישט דורכגיין נעבן איר. איין איינציק וואָרט, איין בליק... איר פֿאַנטאַזיע וואָלט דאָס איבעריקע אַליין צוגעגעבן. דער אָנהויב פֿון יעדער ליבע האָט אַזוי ווייניק פֿאַרלאַנגען! ס׳איז גענוג, אַז מ׳זעט זיך, אַז מ׳רירט זיך אָן פֿאַרבייגייענדיק; אין אַזעלכע מינוטן שפּרודלט אין דער נשמה אַזאַ קראַפֿט פֿון חלומות, אַז זי אַליין, די טרוימען-קראַפֿט, קאָן זיך שאַפֿן איר ליבע; אַ קלייניקייט דערוועקט אין איר התפּעלות, וואָס ווערט זיך שוין מער נישט טרעפֿן שפּעטער, ווען זי באַזיצט דעם אָביעקט פֿון איר באַגער; וואָס מער מען באַפֿרידיקט זי, אַלץ גרעסער זענען אירע פֿאָדערונגען. — קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז ראָזע האָט איצט געלעבט איר לעבן אין אַ ראָמאַן, וואָס זי האָט אויסגעטראַכט מיט אַלע זיינע טיילן: קריסטאָף האָט זי ליב, נאָר האָט נישט דעם מוט אויסצוזאָגן עס מחמת שעמעוודיקייט אָדער צוליב אַן אַנדער ראָמאַן-מעסיקער און ראָמאַנטישער סיבה, אָן קיין שום זין, וואָס איז געפֿעלן געוואָרן דער פֿאַנטאַזיע פֿון אָט דעם קליינעם, סענטימענטאַלן גענזל. אויף דער קאַנווע האָט זי זיך אויסגעטראַכט מעשׂות אָן אַ סוף און אָן קיין שום טעם: זי האָט עס אַליין געוווּסט, אָבער זי האָט עס נישט געוואָלט אַנדערש טראַכטן; זי האָט זיך בכּיוון אָפּגענאַרט אין משך פֿון לאַנגע טעג געבויגן איבער איר האַנט-אַרבעט. זי האָט פֿאַרגעסן צו רעדן: דער גאַנצער שטראָם פֿון ווערטער האָט געריזלט אין איר גופֿא, ווי אַ טייך, וואָס איז פּלוצלינג פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון דער ערד-פֿלאַך. אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿון רייד, פֿון שטומע שמועסן, וואָס קיינער, אויסער איר, האָט נישט געהערט! אָפּטמאָל האָט מען געזען, ווי אירע ליפּן באַוועגן זיך, ווי ביי מענטשן, וואָס מוזן בעתן לייענען אַרויסרעדן אין דער שטיל יעדע זילב, כּדי בעסער צו פֿאַרשטיין.

ווען זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אירע טרוימען, איז זי געווען גליקלעך און טרויעריק. זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אין דער ווירק-

לעבֿקייט איז נישט אַזוי, ווי אין אירע מעשות; אין איר אָבער געבליבן דער אָפּשיין פון גליק, און זי האָט זיך אומגעקערט צום לעבן מיט מער צוטרוי. זי האָט נישט פאַרלוירן די האָפֿנונג צו געווינען קריסטאָפֿן.

נישט אַרויסברענגענדיק עס אויף אירע ליפּן, האָט זי זיך גענומען דורכצופירן איר פּלאַן. מיט דער אינסטינקטיווער זיכערקייט, וואָס יעדעס שטאַרקע געפיל פאַרמאָגט אין זיך, האָט דאָס אומגעשיקטע, נישט-דערפאַרענע מיידל געוווסט, ווי אַרויף גלייך אויפן וועג, וואָס פירט צום האַרצן פון איר פריינד. זי האָט זיך נישט געווענדט דירעקט צו אים. אָבער ווי-נאָר זי איז געקומען צו זיך און פונדאָסניי געקאָנט אַרומדרייען זיך איבער דער שטוב, האָט זי זיך דערנענטערט צו לואיזען. זי האָט אויסגענוצט דעם קלענסטן אויסרייד. זי האָט געפונען טויזנטער קליינינקייטן אַרויסצוווייזן איר אַ געפעליקייט. ווען זי פלעגט גיין ערגעץ האָט זי קיינמאָל נישט פאַרפעלט פאָרצולעגן איר צו טון פאַר איר עפּעס; זי האָט איר איינגעשפּאָרט צו גיין אין מאַרק, צו שמועסן מיט די גאַס-מענטשן; זי האָט איר געבראַכט וואַסער פונם הויף-ברונעם, זי האָט איר אפילו געהאָלפן אין דער באַלעבאַטישקייט, געוואַשן די שויבן, פאַרקערט די שטוב, נישט געקוקט דערויף, וואָס לואיזע האָט פּראָטעסטירט; לואיזע איז געווען פאַרחידושט, וואָס מ'לאָזט זי אַליין נישט אַרבעטן, אָבער זי איז געווען אַזוי שוואַך, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין כּוח זיך צו ווערן, ווען מ'איז איר געקומען העלפן. קריסטאָף איז אַ גאַנצן טאָג נישט געווען אין שטוב. לואיזע האָט זיך געפילט פאַרלאָזן, און די געזעלשאַפט פונם ליבנסווירדיקן און רוישנדיקן מיידל איז איר געווען אָנגענעם. ראָזע פלעגט ביי איר אָפּזיצן גאַנצע טעג. זי פלעגט מיטברענגען מיט זיך איר האַנט-אַרבעט, און זיי פלעגן ביידע זיצן און פּלוידערן. דאָס מיידל האָט דורך אומגעשיקטע רייד געפּרווט אַרויספירן דעם שמועס אויף קריסטאָפֿן. זי איז געווען גליקלעך צו הערן רעדן וועגן אים, צו הערן בלויז זיין נאָמען; די הענט האָבן איר געציטערט, זי האָט אויסגעמיטן אויפצוהייבן די אויגן. לואיזע האָט מיט פאַרגעניגן גערעדט פון איר טייערן קריסטאָף, זי האָט דערציילט וועגן זיינע קינדער-יאָרן פאַרשידענע, נאַרנישט-באַדייטנדיקע און אַ ביסל לעכערלעכע מעשות; אָבער נישט אַזוי האָבן זיי אויסגעזען אין ראָזעס אויגן: ס'איז געווען פאַר איר אַ פרייד און אַ גרויס גליק זיך פאָרצושטעלן קריסטאָפֿן אַלס קליין

קינד, וואָס באַגייט נאַרישקייטן אָדער חכמות, ווי קינדער אין זייַן עלטער; די מוטערלעכע צערטלעכקייט, וואָס געפינט זיך אינם האַרצן פון יעדער פרוי, האָט זיך תּענוגלעך צונויפגעמישט אין איר מיט נאָך אַן אַנדער צערטלעכקייט; זי האָט געלאַכט פון גאַנצן האַרצן, און גע־האַט פייכטע אויגן. לואיזע איז געווען פאַרחידושט פון דער אויפ־מערקזאַמקייט, וואָס ראָזע ווייזט איר אַרויס. זי האָט אָנגעהויבן אומ־קלאָר צו פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר אינם מיידלס האַרץ, נאָר זי האָט עס נישט אַרויסגעוויזן. זי האָט זיך אָבער געפרייט, ווייל אין דער גאַנצער שטוב האָט זי איינע אַליין אָפּגעשאַצט דאָס דאָזיקע האַרץ. אָפטמאָל פלעגט לואיזע בלייבן שטיין אינמיטן רעדן, כּדי אויף איר אַ קוק צו טון. פאַרחידושט פון דער שטילקייט, פלעגט ראָזע אויפהויבן די אויגן פון איר אַרבעט. לואיזע האָט געשמייכלט. ראָזע פלעגט זיך וואַרפן אין די אָרעמס מיט אַ ליידנשאַפטלעכער האַסטיקייט און באַהאַלטן איר פּנים אין לואיזעס שויס. שפּעטער פלעגן זיי זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט און ווייטער שמועסן, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

אין אָוונט, ווען קריסטאָף פלעגט קומען אַהיים, האָט לואיזע, — וואָס איז געווען דאַנקבאַר ראָזען פאַר איר אויפמערקזאַמקייט, און פאַרפאָלגט פונם קליינעם פלאַן, וועלכן ראָזע האָט אויפגעבויט — נישט אויפגעהערט צו לויבן זייער יונגע שכנה. קריסטאָף איז געווען גערירט פון ראָזעס גוטסקייט. ער האָט געזען, וואָס זי טוט זייַן מאַמע, וואָס איר פּנים האָט אָנגעהויבן ליכטיקער ווערן; און ער האָט ראָזען הייס געדאַנקט. ראָזע האָט געשטאַמלט און אַנטלאָפן, צו באַהאַלטן איר אויפ־רעגונג: זי האָט איצט אויסגעזען קריסטאָפן טויזנט מאָל קליגער און סימפּאַטישער, ווי זי וואָלט מיט אים גערעדט. ער האָט שוין מער אויף איר נישט געקוקט מיט אַ פאָראורטייל און נישט באַהאַלטן זייַן איבעררעאַשונג, וואָס ער האָט דערזען אין איר אַזעלכע מעלות, אויף וועלכע ער האָט זיך נישט גערעכט. ראָזע האָט עס באַמערקט; זי האָט געזען, אַז זייַן סימפּאַטיע ווערט שטאַרקער, און געטראַכט, אַז אָט די סימפּאַטיע וועט זיך פאַרוואַנדלען אין ליבע. זי האָט זיך אי־בערגעגעבן אירע טרוימען מער ווי ווען-עס-איז. אינם מאַכט-באַוווסטזיין פון דער יוגנט, האָט זי כּמעט געגלויבט, אַז אַלץ, וואָס מען באַגערט, מיטן גאַנצן האַרצן, מוז סוף-כּל-סוף מקוים ווערן. — און באמת, איז דען איר פאַלאַנג געווען קעגן דעם שׂכל? האָט דען קריסטאָף נישט

באַדאַרפט זיין עמפּינדלעכער, ווי אַן אַנדערער, אויף איר גוטסקייט, אויף איר צערטלעכן באַגער זיך מקריב צו זיין?

אָבער קריסטאָף האָט פון איר נישט געטראַכט. ער האָט זי געשעצט, אָבער זי האָט קיין שום פּלאַץ נישט פאַרנומען אין זיין געדאַנק. ער האָט אין דעם מאָמענט געהאַט ווילדסטיקערע ענינים. קריסטאָף איז מער נישט געווען קריסטאָף. ער האָט זיך אַליין נישט דערקענט מער. אַ מעכטיקע אַרבעט איז אין אים פאָרגעקומען, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אויסצורוימען פון אים אַלץ און אויפצוטרייסלען אים ביז דער טיפעניש פון זיין נשמה.

קריסטאָף האָט געפילט אַ שטאַרקע מידקייט און אומרויקייט. אָן קיין שום סיבה איז ער געווען צעבראָכן; דער קאָפּ איז אים שווער געווען; די אויגן, אויערן און אַלע חושים שיכור און אויפגעברויזט. ס'איז אוממעגלעך געווען צונויפצונעמען די געדאַנקען. אין אויסמאַטערנדיקן פיבער איז דער גייסט געשפּרונגען פון איין זאַך צו דער צווייטער. אינם אומאויפהעריקן פלאַטערן פון בילדער האָט אים געשווינדלט דער קאָפּ. תחילת האָט ער געמיינט, אַז דאָס קומט פון מידקייט און פון אויפרעגונג צוליב די פרילינג-טעג. אָבער דער פרילינג איז אַריבער און דער פיין איז אַלץ געוואַקסן.

ס'איז געווען יענער צושטאַנד, וועלכן די פּאָעטן, וואָס רירן אָן יעדע זאַך מיט אַ צירלעכער האַנט, רופן אָן: אומרו פון די יוגנטיאָרן, צעטומלטקייט פון די כרובים, דערוואַכונג פונם ליבע-באַגער אינם יוגנטלעכן האַרץ און לייב. פונקט ווי מ'וואָלט דעם שרעקלעכן קריזיס פון אַ וועזן, וואָס ווערט חרוב, שטאַרבט אָפּ און לעבט ווידער אויף מיט אַלע זיינע טייל; פונקט ווי מ'וואָלט דעם איבערברוך, ווו אַלץ, דאַכט זיך, ווערט אויפגעגעבן און שטייט ווידער-אויף אין ווייטאָקלעכע און פרייד-פולע קאָנווולסן: דער גלויבן, דער געדאַנק, די האַנדלונג, דאָס אינערלעכע לעבן, — פונקט ווי מ'וואָלט אָט דאָס אַלץ געקאָנט אָנרופן: קינדערשע נאַרישקייטן.

זיין גאַנצער גוף און נשמה האָבן אויפגעברויזט. נישט האָבנדיק קיין כוח זיך צו ראַנגלען, האָט ער זיי באַטראַכט מיט אַ געמיש פון

נייגיר און עקל. ער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס אין אים קומט פאָר. זיין גאַנצע עגסיסטענץ איז צעפאַלן. ער האָט פאַרבראַכט לאַנגע טעג אין אַ מין דריקנדיקער פאַרטויבטקייט. אַרבעט איז געוואָרן פאַר אים אַן אמתע פּיין. ביינאַכט האָט ער געהאַט אַ שווערן, אָפּט-איבערגעריסענעם שלאָף, מיט משוגעדיקע חלומות און אָנפאַלן פון תאוה: אַ נשמה פון אַ חיה איז אין אים מגולגל געוואָרן. צעגליט און געבאָדן אין שווייס, האָט ער געקוקט אויף זיך מיט שרעק; ער האָט געפּרוּווט אָפּטרייסלען זיך פון די אומריינע, וואַנזיניקע געדאַנקען און געפרעגט ביי זיך, צי האַלט ער נישט ביי משוגע ווערן.

אויך דער טאָג האָט אים נישט באַשיצט פון די חיהשע געדאַנקען. ער האָט געפילט, ווי ער קייקלט זיך אַראָפּ אין די תהומות פון דער נשמה: נישטאָ אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן, נישטאָ קיין שום פעסטונג, וווּ זיך צו ראַנגלען קעגן דעם תוהו-ובוהו. דער גאַנצער כּלי-זין, אַלע פעסטונגען, וואָס מיט זייער פּירפאַכיקער מויער האָט ער זיך אַזוי געגרויסט: גאָט, קונסט, שטאָלץ-געפיל און מאָראַלישער גלויבן — אַלץ איז אונטערגעבראָכן און זיך צעברעקלט אַ שטיק נאָך אַ שטיק. ער האָט זיך דערזען אַ נאַקעטן און געבונדענעם, ווי ער ליגט און קאָן זיך אַ ריר נישט טון, ווי אַ פגר, וואָס אויף אים ווימלען ווערים. עס זענען אויך פאָרגעקומען אויסברוכן פון בונט: ווו איז אַהינגעקומען זיין ווילן, וואָס מיט אים האָט ער זיך געגרויסט? אומזיסט האָט ער אים גערופן: ס׳איז געווען פּונקט ווי די אָנשטרענגונגען, וואָס מען מאַכט אין שלאָף, בעת מ׳ווייסט, אַז עס חלומט זיך בלויז און מ׳וויל זיך אויפכאַפּן. עס געלינגט נאָר אַריבערצוקייקלען זיך פון איין א׳ום אין צווייטן אַריין, ווי אַ בליי-מאַסע, און צו פילן נאָך שווערער די קייטן פון דער געפּענטעטער נשמה. לסוף האָט ער איינגעזען, אַז ס׳איז גלייכער נישט צו ראַנגלען זיך. ער האָט זיך איבערגעגעבן דעם צושטאַנד מיט אַן אַפּאַטישן, מוטלאָזן פאַטאַליזם.

ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער רעגלמעסיקער שטראָם פון זיין לעבן איז איבערגעריסן. אָט שווימט ער אַראָפּ אונטער דער ערד, ווו ער ווערט כמעט פאַרשווונדן — און אָט שטראָמט ער ווידער אַרויס מיט אַ שפּרודלדיקער קראַפט. די קייט פון די טעג איז איבערגעריסן געוואָרן. אינמיטן דער גלייכער אויבערפלאַך פון די שעהן האָבן זיך אויפגעעפנט שרעקלעכע תהומות, ווו דער מענטש איז פאַרשלונגען געוואָרן. קריסטאָף האָט זיך צוגעקוקט צום שוי-שפּיל, גלייך ווי ער

וואָלט דאָ געווען אַ ווייטיקער. אַלץ און אַלע — אפילו ער אַליין — זענען אים אויסגעקומען פרעמד. ער איז ווייטער געגאַנגען צו זיינע עסקים, אויטאָמאַטיש געטון די פליכטן; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער מעכאַניזם פון זיין לעבן בלייבט פון מינוט צו מינוט שטיין: די רעדער האָבן זיך צעדרייט. ביים טיש, מיט דער מוטער און די באַלעבאַטים, אין אָרקעסטער, צווישן די מוזיקער און דעם עולם, — פלעגט זיך אים אין מוח פלוצלינג עפענען אַ חלל: ער האָט געקוקט מיט דערשטוינונג אויף די פאַרקרימטע פנימער, וואָס רינגלען אים אַרום; און ער האָט נישט פאַרשטאַנען. ער האָט געפרעגט ביי זיך:

— וואָס פאַר אַ שייכות איז דאָ צווישן אָט די מענטשן און...?

ער האָט נישט געהאַט די העזה צו זאָגן:

— ...און מיר.

ווייל ער האָט נישט געוווסט, צי לעבט ער נאָך אויף דער וועלט. ער האָט גערעדט, נאָר ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיין שטים גייט אַרויס פון אַן אַנדערן גוף. ער האָט זיך באַוועגט — און געזען זיינע באַוועגונגען ווי פון ווייטן, ווי פון הויך, פון אַ טורעם-שפּיץ. מיט אַ בלאָנדזשענדיקן בליק האָט ער אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבערן שטערן. ער איז געווען גרייט אָפּצוטון די משונהדיקסטע זאַכן.

דער עיקר איז עס פאָרגעקומען דעמאָלט, ווען מ׳האָט אויף אים געקוקט פון אַלע זייטן, ווען ער האָט זיך דווקא געדאַרפט מער היטן, ווי שטענדיק. אין די אָוונטן, למשל, ווען מ׳האָט אים פאַרבעטן אין שלאָס, אָדער בעת ער האָט געשפּילט פאַרן עולם. פלוצלינג פלעגט אים אָנכאַפּן אַ מעכטיקער פאַרלאַנג צו מאַכן אַ קרומע מינע, אַ זאָג צו טון עפּעס אַ גרויס נאַרישקייט, צו שטעלן דעם גרויספירשט אַ נאָז אָדער אַ שטויס צו טון מיט דעם פוס אַ חשובע דאַמע אין הינטן. ווען ער האָט איינמאָל אָנגעפירט מיטן אָרקעסטער, האָט ער זיך אַ גאַנצן אָוונט געראַנגלט קעגן דעם ווילן זיך אויסצוטון נאַקעט פאַרן עולם; און ווי-נאָר ער האָט באַשלאָסן גובר צו זיין דעם דאָזיקן ווילן, האָט אים דער געדאַנק נישט אויפגעהערט צו מאַטערן; ער האָט געמוזט אָנשטרענגען אַלע כּוחות, זיך נישט אונטערצוגעבן. ווען ער איז ביי‌געשטאַנען דעם געראַנגל, איז ער געווען נאַס פון שוויס, און אין מוח איז אים פּוסט געווען. ער איז באמת אַראָפּ פון זינען. ווען ער פלעגט נאָר אַ טראַכט טון, אַז די אָדער יענע זאַך דאַרף ער נישט טון, — איז שוין געווען גענוג, די דאָזיקע זאַך זאָל זיך אים אָנוואַרפן

מיט דער גאַנצער אָנגרייפנדיקער עקשנות פון אַ פיקס-אידעע.

אָט אַזוי האָט זיך זיין לעבן געצויגן אין אַ שטענדיקן טויש פון ווילדע כּוחות מיט דעם זינקעניש אַראָפּ אינם חלל. אַ ווילדער ווינט אינם מדבר. פון וואַנען בלאָזט ער? וואָס באַדייט דער שגעון? פון וועלכן תּהום האָבן אַרויסגעטוויכט די פאַרלאַנגען, וואָס האָבן אויס-געקרומט זיינע גלידער און זיין מוח? ער איז געווען ווי אַ בויגן, וואָס איז אָנגעצויגן ביז צו פּלאַצן, — צו וועלכן אומבאַקאַנטן ציל? — און באַלד אַוועקגעוואָרפן, ווי אַ טויט שטיק האָלץ. וועמענס רויב איז ער? ער האָט נישט געהאַט קיין העזה צו פאַרטיפן זיך. ער האָט זיך געפילט באַזיגט, דערנידעריקט, און אויסגעמיטן צו קוקן זיין אייגענער ירידה אין די אויגן אַריין. ער איז געווען שוואַך און שפל. איצט האָט ער פאַרשטאַנען די מענטשן, וואָס ער האָט ביז ערשט פאַראַכטעט: יענע, וואָס ווילן נישט קוקן דעם פיינלעכן אמת אין די אויגן אַריין. אין די שעהן פון פוסטקייט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער צייט, וואָס איז פאַרשוווּנדן, אָן דער פאַרלאָזענער אַרבעט, אָן דער צוקונפט, וואָס וועט אַוועק לאיבוד, — פלעגט ער פאַרגליווערט ווערן פון שרעק. אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן, און זיין פּחדנות האָט געפונען פאַרגעבונג אין דער פאַרצווייפלטער הסכּמה פונם גאָר-נישט. ער האָט געפילט אַ ביטערן תּענוג, וואָס ער גיט זיך איבער דער פוסטקייט, ווי אַ שיפל — די וואַסער-כוואַליעס. צו וואָס ראַנגלען זיך? ס'איז גאָרנישט נישט געווען, קיין שיינס, קיין גוטס, קיין גאָט, קיין לעבן, קיין שום באַשעפעניש פון אַן אַנדער מין. ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס, איז פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן די ערד אונטער זיינע פיס; ס'איז מער נישט געווען קיין זון, קיין לופט, קיין ליכט, אפילו ער אַליין איז אויך מער נישט געווען: ס'איז נישט געווען גאָר-נישט. ער האָט געזונקען אַראָפּ, זיין קאָפּ האָט אים מיטגעשלעפּט מיטן שטערן פאָרויס; ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויפן ברעג פונם תּהום. ער האָט געמיינט, אַז אָט-אָט וועט ער פּלוצלינג, פון אַ דונער געטראָפן, שטאַרבן. ער האָט געמיינט, אַז ער איז שוין אַ געשטאָר-בענער...

קריסטאָף האָט געביטן זיין הויט. קריסטאָף האָט געביטן זיין נשמה, און זעענדיק, ווי עס פאַלט אַראָפּ די אָפּגענוצטע, פאַרוועלקטע נשמה פון זיינע קינדער-יאָרן, האָט ער נישט געוווּסט, אַז עס וואַקסט אים אָן אַ נייע, אַ יונגערע און קרעפטיקערע. פּונקט ווי מ'בייט אין

משך פון לעבן, דעם גוף. אַזוי בייט מען אויך די נשמה, און אָט די דאָזיקע ענדערונג קומט נישט פּאָר שטענדיק פּאַמעלעך, בהדרגה: עס קומט פּאָר אין די שעהן פון איבערברוך, ווען אַלץ באַנייט זיך מיט איין מאָל. דער יונגער מענטש בייט די נשמה. די אַלטע פּאַלט אָפּ און שטאַרבט. אין די שעהן פון אַנגסט מיינט דער מענטש, אַז אָט ענדיקט זיך שוין אַלץ. נאָר אַלץ הויבט זיך ערשט אָן. איין לעבן שטאַרבט אָפּ — אַ צווייט איז שוין געבוירן געוואָרן.

איינמאָל ביינאַכט איז ער געזעסן אַליין אין זיין צימער, אָנגעשפּאַרט אָן טיש,ביים שיין פון אַ ליכט. ער איז געזעסן מיטן רוקן צום פענסטער. ער האָט גאָרנישט געטון. עס פלעגן אים אַזוי טרעפן גאַנצע וואָכן, ווען ער האָט נישט געאַרבעט. אַלץ האָט זיך איבערגעדרייט אין זיין קאָפּ. מיטאַמאָל האָט ער אויף אַלץ גענומען פרעגן קשיות: אויף דער רעליגיע, מאָראַל, קונסט, אויף דאָס גאַנצע לעבן. אין אָט דער דאָזיקער אַלגעמיינער אויפלייזונג פון זיין געדאַנק איז נישט געווען קיין שום סדר און גזעץ; ער האָט זיך געוואָרפן צו ביכער, וואָס ער האָט צופעליק געפונען אין דער מאָדנער ביבליאָטעק פון זיין זיידן אָדער פון פאָגעלן: טעאָלאָגישע, וויסנשאַפטלעכע, פילאָזאָפישע, טיילמאָל איינצעלנע בענדער, אָן אַ סוף; ער האָט קיין זאַך נישט געלערנט און גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען; ער האָט קיין איין בוך נישט איבערגעלייענט ביזן סוף און זיך פאַרלוירן אין מיטן, אין זייטיקע געדאַנקען און אין בלעטערן אָן אַ סוף, וואָס האָט אים נאָר פאַרמאַטערט און פאַרשאַפט אַ שווערן טרויער.

יענעם אָוונט איז ער פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טעמפּער באַטויבונג. אַלץ אין שטוב איז געשלאָפן. זיין פענסטער איז געווען אויפגעמאַכט. קיין ווינטעלע האָט פון הויף נישט געבלאָזן. דיקע וואָלקנס האָבן געשטיקט דעם הימל. ווי אַ מטורף האָט זיך קריסטאָף צוגעקוקט צום ליכט, וואָס האָט זיך געשמעלצט אינם לייכטער. ער האָט זיך נישט געקאָנט לעגן שלאָפן. ער האָט וועגן קיין שום זאַך נישט געטראַכט. ער האָט נאָר געפילט, אַז די פוסטקייט וואַקסט פון מינוט צו מינוט. ער האָט זיך אָנגעטון אַ כוח נישט אַראָפּצוקוקן אין תהום,

וואָס האָט אים געצויגן; און דאָך האָט ער זיך איבערגעבויגן אויף זיין ברעג און פאַרזונקען מיט די אויגן אין דער טיפקייט פון דער נאַכט. אינעם חלל האָט זיך באַוועגט דער כאַאָס; דער חושך האָט גערישט. אַן אַנגסט האָט דורכגענומען זיין האַרץ, אַ שוידער איז אים אַדורך איבערן רוקן, זיין הויט איז אָנגעשוואָלן געוואָרן, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן טיש, נישט אומצופאַלן. ער איז געבליבן אין קאָנוולסיווער דערוואַרטונג פון זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין נאָמען, פון אַ נס, פון אַ גאָט...

פלוצלינג האָט אין הויף, הינטער אים, ווי פון אַ אויפגעעפנטן שפּייכלער, אַ גאָס געטון אַ מבול מיט וואַסער, אַ שווערער, ברייטער, גלייכער רעגן. די פאַרגליווערטע לופט האָט אַ ציטער געטון. די טרוקענע, האַרטע ערד האָט זיך צעקלונגען, ווי אַ גלאָק. און אַ שטאַרקער ריח פון דער גליענדיקער, ווי אַ חיה הייסער ערד, — דער ריח פון בלומען, פרוכט און ליבע-גיריקע לייבער האָט אַרויפגעשטיגן אין אַ ספּאַזמע פון שגעון און תענוג. ווי פאַרכישופט, אויסגעצויגן מיטן גאַנצן וועזן, האָט קריסטאָף אַ ציטער געטון ביזן אינגעווייד. ער האָט געצאַפּלט... דער שלייער איז אַראָפּגעריסן געוואָרן. ס'איז געווען אַ פאַרבלענדעניש. ביי דער שיין פונם בליץ האָט ער דערזען, אין דער טיפעניש פון דער נאַכט האָט ער דערזען, אַז — ער איז אַליין געווען גאָט. גאָט איז געווען אין אים; ער האָט דורכגעבראָכן דעם סופיט פונם צימער, די ווענט פונם הויז; ער האָט צעשמעטערט די גרענעצן פון דער עגסיסטענץ; ער האָט אויסגעפילט דעם הימל, די גאַנצע וועלט און דעם גאָרנישט. די וועלט האָט זיך אַריינגעגאָסן אין אים, ווי אַ וואַסערפאַל. קריסטאָף איז געפאַלן אינעם פחד און עקסטאַז פון דעם דאָזיקן שטורעם; ער איז מיטגעריסן געוואָרן אינעם געווירבל, וואָס האָט אויפגעטרייסלט און אויסגעקלאַפּט, ווי פליעווערס, די געזעצן פון דער נאַטור. ער האָט פאַרלוירן דעם אָטעם, ער איז געווען שיכור פון זיין אַראָפּזינקען אין גאָט... גאָט-תהום! גאָט-חורבן! פלאַמען-שייטער פון דער עגסיסטענץ! הוראַגאַן פונם לעבן! שגעון פון לעבן, — אָן ציל, אָן צוים, אָן שכל, — צוליבן שגעון פונם לעבן גופא!

ווען דער קריזיס איז אַריבער, איז אים באַפאַלן אַ טיפער שלאָף, וואָס אַזאַ האָט ער שוין לאַנגע יאָרן נישט געהאַט. צומאָרגנס, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפט, האָט אים געשווינדלט אין קאָפ; ער איז געווען צעבראָכן, ווי ער וואָלט זיך געווען אָנגעטרונקען. נאָר אין טיף פון זיין האַרצן האָט ער אויפגעהיט אַן אָפגלאַנץ פונם טונקעלן, מעכטיקן ליכט, וואָס האָט אים נעכטן פאַרבלענדט די אויגן. ער האָט עס געפרוווט אויפלעבן אין זיך. אָבער אומזיסט. וואָס-מער ער האָט דאָס ליכט נאָכגעיאָגט, אַלץ מער האָט זיך עס אַרויסגעגליטשט. פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעווענדט זיין גאַנצע ענערגיע אַרויסצוברענגען מיט כוח כאָטש אויף איין רגע יענע דערשיינונג. נאָר אומזיסט איז געווען די מי. דער עקסטאַז האָט זיך נישט אונטערגעוואָרפן דעם באַפעל פון ווילן.

דאָך איז דער אָנפאַל פון מיסטישער שיכרות נישט געווען דאָס איינציקע מאָל אין זיין לעבן; עס האָט זיך איבערגעחזרט אָפטער, אָבער שוין קיינמאָל נישט מיט אַזאַ שטאַרקייט, ווי צום ערשטן מאָל. עס איז פאָרגעקומען שטענדיק דאַן, ווען קריסטאָף האָט זיך דערויף לחלוטין נישט געריכט, אין קורצע רגעס, אַזוי קורץ, אַזוי אומגעריכט, — ס'פלעגט דויערן די צייט פון איין אויגנבליק אָדער פון אַ האַנט-באַוועגונג — אַז די דערשיינונג פלעגט באַלד אַוועק, איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט צו באַטראַכטן, וואָס דאָ איז אַזוינס פאָרגעקומען; און ער פלעגט ביי זיך פרעגן, צי איז עס נישט קיין חלום? נאָכן לייכטנדיקן מעטעאָר, וואָס האָט געברענט אַ גאַנצע נאַכט, זענען עס געווען קליינע בלענד-ליכטלעך, וואָס דאָס אויג האָט קוים געקאָנט אויפכאַפן, בעת זיי האָבן אַרומגעפלאַטערט. נאָר זיי פלעגן זיי איבערחזרן אַלץ אָפטער; לסוף האָבן זיי אַרומגענומען קריסטאָפן מיט אַ קרייז פון אייביקע, פאַרנעפלטע טרוימען, אין וועלכע זיין נשמה איז צעשווומען געוואָרן. אַלץ, וואָס האָט אים אַרויסגעריסן פון די האַלבע דמיונות, האָט אים זייער אויפגערעגט. ס'איז געווען אוממעגלעך צו אַרבעטן, ער האָט שוין מער דערפון נישט געטראַכט. די גאַנצע געזעלשאַפט האָט ער איצט פיינט געקריגן בתכלית השנאה; און מער פון אַלעמען — זיינע אינטימע פריינד און אפילו זיין מאַמע, ווייל זיי האָבן געוואָלט האָבן וואָס-מער רעכט אויף זיין נשמה.

ער האָט פאַרלאָזן די שטוב, איינגעוויינט זיך צו פאַרברענגען גאַנצע טעג אין דרויסן און געקומען אַהיים נאָר שפּעט ביינאַכט. ער-

האָט געזוכט איינזאַמקייט אין די פעלדער, כדי זיך איבערצוגעבן אינ־גאַנצן דער הערשאַפט פון זיינע געדאַנקען. — נאָר ווען ער האָט פאַרבראַכט אויף דער פרייער לופט, האָט זיך די הערשאַפט אָפּגעטון, און די געדאַנקען האָבן פאַרלוירן דעם כאַראַקטער פון דמיונות. זיין התפעלות איז אָבער נישט קלענער געוואָרן: זי איז נאָך געוואָרן שטאַרקער; דאָס איז שוין מער נישט געווען די שיכרות, וואָס איז געפערלעך פאַרן גייסט, ס'איז געווען אַ געזונטע שיכרות פונם גאַנצן מענטשן: פון זיין גוף און גייסט, וואָס זענען געווען איבערפולט מיט קראַפט.

ס'האָט זיך אים ווידער אַנטפּלעקט די וועלט, פונקט ווי ער וואָלט זי קיינמאָל נישט געזען. ס'איז געווען אַ פרישע קינדהייט. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַ מאַגישער שפּרוך רעדט אַרויס די ווערטער: „סעזאַם, עפן זיך!" די נאַטור האָט געשטראַלט פון פרייד. די זון האָט געשיינט. דער הימל איז געווען לויטער, דער טייך האָט זיך דורכזיכטיק געצויגן. די ערד האָט געראויכערט און געאָטעמט מיט תאווה. די געוויקסן, די בוימער, די ווערים, די אומציילקע באַשעפע־נישן זענען געווען ווי פייער־צונגען פון אַ גרויסן לעבנס־פלאַם, וואָס האָט אין קרייזן אַרויפגעשטיגן אין דער לופט. אַלץ האָט געשריען פון פרייד.

און די פרייד איז געווען זיינע. די קראַפט איז געווען זיינע. ער האָט שוין נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן זיך און די איבע־ריקע זאַכן. ביז דעמאָלט, אפילו אין די גליקלעכע טעג פון דער קינדהייט, ווען ער פלעגט קוקן אויף דער נאַטור מיט וואַרעמער, פריי־דיקער בייגיריקייט, האָבן די באַשעפענישן אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווי קליינע, געשלאָסענע וועלטן, שרעקעדיקע און משונהדיקע, וואָס האָבן צו אים קיין שום שייכות נישט און וואָס ער קאָן נישט פאַר־שטיין. ער האָט אפילו געווי נישט געוווסט, צי פילן זיי, צי לעבן זיי! דאָס זענען געווען מאָדנע מעכאַניזמען; און קריסטאָף האָט נישט איין מאָל זיך פאַרגינען מיט דער אומבאַוווסטער אכזריות פון אַ קינד, צערייסן אַן אומגליקלעכע פליג, נישט טראַכטנדיק דערביי, אַז זי לײדט, — כדי צוצוקוקן זיך מיט הנאה, ווי זיי צאַפּלען זיך גראָטעסק אין זיינע פינגער. ס'איז בויטיק געווען, אַז דער פעטער גאָטפריד, וואָס איז שטענדיק געווען אַזוי האַרציק, זאָל אים מיט כעס אַרויסרייסן פון די הענט די אומגליקלעכע פליג, וואָס ער האָט געפייניקט. דער

קליינער האָט תּחילת געפּרוּווט לאַכן; שפּעטער האָט ער זיך צעוויינט, געריירט פונם פעטערס אויפרעגונג: ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז זיין קרבן לעבט טאַקע באמת, אַזוי גוט ווי ער, און אַז ער איז באַגאַנגען אַן עוולה. אָבער אויב ער האָט שפּעטער נישט געטון די לעבעדיקע באַשעפענישן קיין בייז, האָט ער אויך נישט געפילט צו זיי קיין שום ליבשאַפט; ער פלעגט זיי פאַרבייגיין, נישט פרוּוונדיק זיך צו פאַרטיפן, וואָס אַזוינס עס קומט פאָר אין זייער קליינער מאַשין; ער האָט ס'רוב מורא געהאַט דערפון צו טראַכטן; ס'האָט ביי אים אויסגעזען, ווי אַ בייזער חלום. — און אָט איז אים איצטער אַלץ קלאָר געוואָרן, די טונקעלע באַגריפן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פייערליכט.

פאַרזונקען אינעם גראָז, ווו ס'האָבן געווימלט אָן אַ שיר ברואים, אין שאָטן פון די בוימער, וואָס זענען פול געווען מיט פליגן-זשומערייַ, האָט זיך קריסטאָף צוגעקוקט צו דער פיבערדיקער אַרבעט פון די מוראַשקעס, צו די לאַנג-פיסיקע שפינען, וואָס האָבן, דאַכט זיך, געטאַנצט גייענדיק צו די רוישנדיקע היישעריקן, וואָס האָבן געשפּרונגען אין אַ זייט, צו די שווערע, איילי̇קע זשוקעס און צו די נאַקעטע, גלאַטע און ראָזע שלענגעלעך מיט דער עלאַסטישער, ווייס-געשפרענקלטער הויט. אָדער ליגנדיק מיט די הענט אונטערן קאָפּ און פאַרמאַכטע אויגן האָט ער זיך צוגעהערט צום נישט-געזעענעם אָרקעסטער, צו די קרייזן פון די פליגן, וואָס האָבן ווילד אַרומגעווימלט אין אַ זוןשטראַל אַרום די שמעקעדיקע יאָדלעס, צום געהויש פון די קאָמאַרן, צו די אָרגל-טענער פון די שפּרינגערלעך, צו די קלאַנגען פון די ווילדע בינען, וואָס האָבן געקלונגען ווי גלאָקן אויף די בוימער-שפּיצן און צום געטלעכן געמורמל פון די בוימער, וואָס האָבן אָן אויפהער גערוישט; צום מילדן ציטער פונם ווינטל אין די צווייגן, צום צאַרטן שאָרך פון די צעכוואַליעטע גראָזן, ווי אַ ווינט, וואָס רונצלט דעם גלאַטן שטערן פון אַ וואַסער, ווי דער רויש פון אַ לייכטן קלייד און פון פאַרליבטע טריט, וואָס דערנענטערן זיך, גייען פאַרביי און פאַרשווינדן אין דער לופט.

אָט דעם גאַנצן גערויש, די אַלע שטימען האָט ער געהערט אין זיך גופא. פונם קלענסטן ביזן גרעסטן — אין אַלע באַשעפענישן האָט געריזלט אַ שטראָם פון לעבן: אויך ער האָט זיך געטובלט אינעם דאָזיקן שטראָם. און אָטאיז ער געווען איינער פון זיי, בלוט פון זייער בלוט,

ער האָט געהערט דעם ברודערלעכן אָפּקלאַנג פון זייערע פריידן און ליידן; זייער קראַפט האָט זיך צונויפגעשמאָלצן מיט זיינער, ווי אַ טייך, וואָס שלינגט איין טויזנטער קליינע וואַסער-שטראָמלעך. ער איז אַראָפּגעזונקען צו זיי. זיין ברוסט האָט שיר נישט געפּלאַצט אין דער שפע פון שטאַרקער לופט, וואָס האָט דורכגעבראָכן די פענסטער און אַריינגעריסן זיך אינם ענגן הויז פון זיין פאַרטשאַדעט האַרץ. דער שינוי איז געווען צו האַסטיק: נאָך דעם, ווי ער האָט אומעטום געזען פוסטקייט, בעת ער איז געווען פאַרנומען בלויז מיט זיין אייגן לעבן און געפילט, אַז אָט-אָט גליטשט זיך עס אַרויס און צעברעקלט זיך, ווי רעגן-טראָפּנס, — האָט ער פּלוצלינג געפונען אַן עגסיסטענץ אָן אַ סוף און אָן אַ מאָס, דווקא איצט, ווען ער האָט געשטרעבט בטל צו ווערן, כדי ווידער אויפצולעבן אינם וועלטאַל. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער גייט אָקאָרשט אַרויס פון קבר. ער איז תענוג-לעך געשווומען אינם לעבן, וואָס האָט פאַרפלייצט זיינע אייגענע ברעגעס; און מיטגעריסן מיטן שטראָם, האָט ער געמיינט, אַז ער איז פולשטענדיק פריי. ער האָט נישט געוווסט, אַז ער איז וויניקער פריי ווי ווען-עס-איז, אַז קיין שום באַשעפעניש איז נישט פריי, אַז אפילו דאָס געזעץ, וואָס רעגירט איבער גאָרער וועלט, איז אויך נישט פריי, און אַז באַפרייען קאָן — אפשר — נאָר דער טויט.

אָבער דאָס קליין זומערפייגעלע, וואָס גייט אַרויס פון דער שטיקנדיקער שייד, ציט זיך אויס מיט תענוג אין זיין נייער שאָל און עס האָט נישט קיין צייט צו באַטראַכטן די ווענט פון זיין נייער תפיסה.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע קייט פון טעג. טעג גילדערנע און פיבערדיקע, מיסטעריעזע און צויבערפולע, ווי דאַן, ווען ער איז געווען אַ קינד און האָט אויפגעדעקט צום ערשטן מאָל, איינע נאָך דער אַנדערער, פאַרשידענע זאַכן. פון באַגינען ביז אָוונט האָט ער געלעבט אין אַן אייביקן דמיון. ער האָט פאַרלאָזן אַלע זיינע עסקים. דאָס געוויסנהאַפטע יינגל, וואָס האָט אין משך פון יאָרן קיינמאָל, אפילו קראַנקערהייט, נישט פאַרפעלט קיין לעקציע אָדער קיין אָרקע-

סטער-רעפּעטיציע, האָט איצט זייער אָפּט אויסגעזוכט שלעכטע אײַ-
ריידן זיך אַרויסצודרייען פון דער אַרבעט. ער האָט זיך אפילו ניט
אָפּגעהאַלטן פון ליגנס. ער האָט קיין חרטה נישט געהאַט. די יסודות
פונם סטאָישן לעבן, וואָס ביז איצט האָט ער זיך מיט חשק זיי אונ-
טערגעוואָרפן: די מאָראַל, די פליכט, — האָבן איצט אויסגעזען אָן
אמת, אָן באַרעכטיקונג. זייער אייפערדיקער דעספּאָטיזם איז צעשמע-
טערט געוואָרן אין די געזעצן פון דער נאַטור. די געזונטע, שטאַרקע,
פרייע מענטשלעכע נאַטור — אָט איז זי, די העכסטע טוגנד: צום
טייוול מיט אַלעם איבעריקן! ס׳איז געווען וואָס צו לאַכן פון רחמנות,
צוזעענדיק די קליינלעכע כללים פון פּאָרזיכטיקער פּאָליטיק, וואָס די
וועלט האָט באַפּוצט מיטן נאָמען מאָראַל און וואָס אין איר וויל זי
פאַרשפּאַרן דאָס לעבן. נאַרישע ברואים, פּאָלק פון מוראַשקעס! דאָס
לעבן וועט זיי דערווייזן וואָס עס איז. עס וועט נאָר איין טריט טון,
און אַלץ וועט אָפּגערוימט ווערן...

אָנגעשוואָלן פון ענערגיע, האָט קריסטאָף צייטנווייז חשק געהאַט
חרוב צו מאַכן, צעברעכן, פאַרברענען און אַ תל מאַכן דורך בלינדע,
האַסטיקע מעשים, פון דער קראַפט, וואָס האָט אים געשטיקט. די דאָ-
זיקע אָנפאַלן האָבן זיך געווייגלעך געענדיקט מיט אומגעריכטע אויס-
לאָדונגען: ער האָט געוויינט, געוואָרפן זיך אויף דר׳ערד, זי אַרומגע-
נומען, געוואָלט זיך אײַנגראָבן אין איר מיט די ציין, מיט די הענט,
אָנזעטיקן זיך מיט איר, זיך צונויפגיסן אין איר; ער האָט געציטערט
פון פיבער און תאַווה.

איינמאָל אין אָוונט האָט ער שפּאַצירט ביים ראַנד פון אַ וואַלד.
זיינע אויגן זענען געווען שיכור פון ליכט, ס׳האָט אים געשווינדלט
אין קאָפּ; ער איז געווען אין יענעם צושטאַנד פון באַגייסטערונג, ווען
יעדע באַשעפעניש און יעדע זאַך באַקומען אַן אַנדערע צורה. דאָס
צאַרטע אָוונט-ליכט האָט צוגעגעבן דעם זיבעטן חן. פּורפּור און גאָלד-
שטראַלן האָבן געשוועבט צווישן די ביימער. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז
פון די לאָנקעס הויבט זיך אויף אַ פאָספאָר-שיין. דער הימל איז גע-
ווען מחיהדיק און מילד, ווי אויגן. אויפן שכנותדיקן פעלד האָט אַ
מיידל געריסן גראָז. זי האָט געטראָגן אַ קורצע זשופּיצע און אַ העמד,
איר האַלז און אָרעמס זענען געווען אָפן, זי האָט געריסן גראָז און
צונויפגעלעגט אין אַ הויפן. זי האָט געהאַט אַ קורץ נעזל, ברייטע
באַקן, אַ רונדן שטערן און אויף די האָר — אַ טיכל. די פאַרגייענ-

דיקע זון האָט געדריטלט איר שוואַרצע הויט, ווי געברענטע ליים,
וואָס האָט, דאַכט זיך, איינגעשלונגען די לעצטע שטראַלן פֿון טאָג.
זי האָט קריסטאָפֿן געדרייצט. אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוקסנבוים, האָט
ער זיך צוגעקוקט מיט אַ ליידנשאַפֿטלעכער אויפֿמערקזאַמקייט, ווי זי
קומט צו נעענטער צום וואַלד־ראַנד. אַלץ אַרום איז פֿאַרשוווּנדן
געוואָרן. זי האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. איין אויגנבליק האָט
זי אויפֿגעהויבן אויף אים אַ גלייכגילטיקן בליק: ער האָט דערזען אי-
רע בלויע, האַרטע אויגן אינעם אָפּגעברענטן פּנים. זי איז געגאַנגען
ווייטער, ביז זי האָט זיך איינגעבויגן אָפּצורייסן אַ ביסל גראָז; דורך
דעם האַלב־אָפֿענעם העמד האָט ער דערזען אַ בלאָנדן לאָק אויף איר
האַלז און נאַקן. אַ טונקעלער באַגער, וואָס האָט אין אים געברויזט,
האָט מיטאַמאָל אַרויסגעבראָכן. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף איר
פֿון הינטן, אָנגעכאַפּט זי פֿאַרן האַלז און טאַליע, אויסגעדרייט איר
דעם קאָפּ אויף הינטן און צוגעפֿאַלן מיט זיינע ליפּן צו איר האַלב-
אָפֿענעם מויל. ער האָט געקושט אירע טרוקענע, אָנגעשוואָלענע ליפּן,
ער האָט אָנגעטראָפֿן אירע ציין, וואָס האָבן אים מיט כּעס געביסן.
זיינע הענט זענען אַרומגעלאָפֿן איבער אירע קרעפּטיקע אָרעמס, אי-
בער איר דורכגעשוויצטן העמד. זי האָט זיך געוועדט. ער האָט זי
צוגעפּרעסט ענגער צו זיך, ער האָט חשק געהאַט זי צו דערשטיקן.
זי האָט זיך אַרויסגעריסן, געשריען, געשפּיגן, געווישט די ליפּן מיט
דער האַנט און געשאָטן מיט ווילסטע קללות. ער האָט זי אָפּגעלאָזן
און געמאַכט פּליטה דורך די פֿעלדער. זי האָט אים נאָכגעוואָרפֿן שטיי-
נער און אַוועקגעלעגט אַ גאַנצן מענה־לשון מיט מיאוסע זלזולים. ער
איז רויט געוואָרן, נישט אַזוי דערפֿאַר, וואָס זי האָט געקאָנט זאָגן
אָדער טראַכטן וועגן אים, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט אַליין געטראַכט.
דאָס אומבאַוווּסטע און אומגעריכטע פֿון זיין האַנדלונג האָט אים אָנ-
געפֿילט מיט שרעק. וואָס האָט ער געטון? וואָס וועט איצט זיין?
דאָס, וואָס ער האָט פֿון דער גאַנצער מעשה פֿאַרשטאַנען, האָט דער-
וועקט אין אים עקל. און גלייכצייטיק האָט אים דער דאָזיקער עקל
געצויגן. ער האָט זיך געראַנגלט מיט זיך, און נישט געוווּסט, אין
וועלכער זייט ס'איז אַהינגעקומען דער אמתער קריסטאָף. אַ בלינדער
כּוח האָט געהערשט אין אים, אומזיסט איז ער פֿון אים אַנטלאָפֿן: דאָס
איז ער אַנטלאָפֿן פֿון זיך אַליין. וואָס וועט ער מיט אים טון? וואָס
וועט ער טון מיט אים מאָרגן.... אין אַ שעה אַרום.... ווען ער וועט

שוין דורכלויפן די שטיק באַארבעטע ערד און צוקומען צום וועג?.. צי וועט ער נאָר צוקומען? צי וועט ער נישט בלייבן שטיין, כדי צו גיין צוריק און צולויפן צום מיידל? און דאַן?... ער האָט זיך דערמאָנט די פאַרשיכורטע רגע, ווען ער האָט זי געהאַלטן פאַרן האַלז. אַלע מעשים זענען געווען מעגלעך. אַלע מעשים זענען געווען רעכט. אַפילו אַ פאַרברעכן... יאָ, אפילו אַ פאַרברעכן... דער רעש פון זיין האַרץ האָט אים פאַרטויבט. צוקומענדיק צום וועג, איז ער געבליבן שטיין, אָפּצו־כאַפּן דעם אָטעם. דאָס מיידל האָט ווייט, אונטן, גערעדט מיט אַן אַנדער מיידל, וואָס איז געקומען צו לויפן אויף אירע געוואַלדן; זיי האָבן אים נאָכגעקוקט און געלאַכט אויפן קול, מיט די פויסטן אויף די היפטן.

ער איז געגאַנגען אַהיים. ער האָט זיך פאַרשפאַרט ביי זיך אויף לאַנגע טעג, און נישט גערירט זיך פון אָרט. ער איז נישט אַרויסגע־גאַנגען פון שטוב, אפילו אין שטאָט אַריין, אויסער אין נויטיקע פאַלן. ער האָט מיט שרעק אויסגעמיטן יעדע געלעגנהייט אַרויסצוגיין היני־טער זיין טיר אָדער אַרומצושלעפּן זיך אין די פעלדער: ער האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט אויף אים אָנפאַלן יענע משוגעת, וואָס איז אים באַפאַלן, ווי אַ ווינט־שטויס אין אַ שטורעם. ער האָט געגלויבט, אַז די מויערן פון שטאָט וועלן אים באַשיצן. ער האָט געטראַכט בשעת מעשה, אַז פאַרן שונא איז גענוג זיך אַריינצוגליטשן דורך אַ קוים־באַמערקטן שפּאַלט צווישן צוויי פאַרמאַכטע פענסטער־לאָדנס, וואָס איז שמאָל ווי אַ בליק.

אינם פליגל פון הויז, אין דער צווייטער זייט הויף, אויפן אונטערשטן גאָרן, האָט געוווינט מיט איר טעכטערל אַ יונגע צוואַנציקיעריקע פרוי, וואָס איז געוואָרן אַן אלמנה זינט עטלעכע חדשים. פרוי סאַבינע פרייליך איז אויך געווען אַן איינוווינערין אינם הויז פון אַלטן איילער. זי האָט געהאַט אַ געוועלב צו דער גאַס צו, און אויסערדעם — צוויי צימערן אין הויף, מיט דעם רעכט צו באַנוצן זיך מיט אַ קליין פירקאַנטיק גערטנדל, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון איילערס גאָרטן מיט אַ דראָטן-פּלויט, אויף וועלכן ס'האָבן זיך געפלאָכטן טראָסטענעס. מ'האָט זי זעלטן-ווען געזען; דאָס קינד נאָר האָט זיך דאָרט אַליין געשפּילט פון אינדערפרי ביז אָוונט, קריכנדיק אויף דר'ערד; דער גאָרטן איז זיך געוואַקסן אויף גאָטס באַראָט, צום עגמת-נפש פונם אַלטן יוסטוס, וואָס האָט ליב געהאַט ריינע שטעגלעך און בכלל — אַ סדר אין דער נאַטור. ער האָט אפילו געפרוווט צו מאַכן זיין שכנה אייניקע באַמערקונגען, אָבער זי — אַ פּנים, צוליב דעם — האָט אויפגעהערט אינגאַנצן זיך צו ווייזן, און אין גאָרטן — איז בעסער נישט געוואָרן.

פרוי פרייליך האָט געהאַט אַ קרעמל, וואָס האָט געקאָנט געבן שיין פּרנסה, אַ דאַנק דעם, וואָס עס האָט זיך געפונען אויף אַ האַנדלסגאַס, אין סאַמע הארץ פון דער שטאָט; אָבער מיטן געוועלב האָט זי זיך נישט פאַרנומען מער, ווי מיטן גאָרטן. אָנשטאָט צו באַשעפטיקן זיך אַליין מיט דער ווירטשאַפט, ווי ס'האָט געפּאַסט, לויט מאַדאַם פאָגעלס מיינונג, פאַר אַ פרוי, וואָס שעצט זיך, — בפרט, ווען איר לאַגע פאָדערט עס פון איר — האָט זי צוגענומען אַ קליין דינסט-מיידל פון אַ יאָר פופצן, וואָס פלעגט קומען אינדערפרי אויף עטלעכע שעה צו פאַרקערן די צימערן און אַכטונג צו געבן אויפן געוועלב, בעת

י יונגע פרוי פֿלעגט זיך פֿויל אויסציִען אין בעט אָדער זיך אָנטון.
נישט איינמאָל האָט קריסטאָף זי באַמערקט דורך די פֿענסטער ווי זי דרייט זיך אַרום איבערן צימער, באָרוועס, אין איר לאַנגן העמד, אָדער ווי זי זיצט אָפּ שעהנלאַנג פֿאַרן שפּיגל; זי האָט אַזוי ווייניק געזאָרגט וועגן דעם, אַז זי פֿלעגט פֿאַרגעסן צו פֿאַרהענגען די פֿענסטער; און ווען זי פֿלעגט זיך כאַפּן, איז זי געווען אַזוי גלייכגילטיק, אַז זי האָט זיך אפילו נישט מטריח געווען אַראָפּצולאָזן די פֿאָרהאַנגען. קריסטאָף איז געווען שעמעוודיקער פֿון איר און פֿלעגט אַוועקגיין פֿון פֿענסטער, כּדי איר נישט צו שטערן; אָבער דער נסיון איז געווען צו שטאַרק. אַ ביסל פֿאַרויטלט, פֿלעגט ער וואַרפֿן אַ בליק פֿון דער זייט אויף אירע נאַקעטע, אַ ביסל מאָגערע, אָרעמס, וואָס זענען געווען נאָכלאָזיק אויפֿגעהויבן אַרום אירע צעשויבערטע האָר, און אויף אירע הענט, וואָס זענען געלעגן אויפֿן נאַקן; זי פֿלעגט אין אַזאַ פּאָזע זיצן אַזוי לאַנג, ביז די הענט פֿלעגן איר פֿאַרגליווערט ווערן און זי האָט זיי אַראָפּגעלאָזט. קריסטאָף האָט זיך איינגערעדט, אַז ער האָט צופֿעליק באַמערקט אָט דאָס אָנגענעמע בילד און אַז דאָס שטערט נישט זיינע מוזיקאַלישע געדאַנקען; אָבער ס׳האָט אים הנאה געטון און לסוף האָט ער אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן זייער פֿיל צייט, קוקנדיק אויף דער פֿרוי סאַבינע, וועלכע האָט אויך איר צייט פֿאַרלוירן אויף אָנטון זיך. נישט מחמת זי איז געווען קאָקעטיש: זי איז גראָד בטבע געווען אָפּגעלאָזן און נישט געזאָרגט אַזוי קליינלעך פֿאַר איר טואַלעט, ווי אַמאַליאַ אָדער ראָזע. אויב זי איז אייביק געזעסן פֿאַר איר טואַלעט-טישל, האָט זי עס גאָר געטון צוליב פֿוילקייט; נאָך יעדער נאָדל, וואָס זי האָט אַריינגעשטעקט, האָט זי זיך געמוזט אָפּרוען, ווי נאָך אַ שטאַרקער אָנשטרענגונג, און בעת-מעשה האָט זי געמאַכט פֿאַרן שפּיגל טראַגישע גרימאַסן. זי איז אפילו שפּעט ביינאַכט נישט געווען אָנגעטון.
אָפּט פֿלעגט די דינסט אַוועקגיין, איידער סאַבינע איז פֿאַרטיק געוואָרן, און אַ קונה פֿלעגט אָנקלינגען אין דער טיר פֿון געוועלב. זי פֿלעגט אים לאָזן אַזוי קלינגען און רופֿן איין אָדער צוויי מאָל, איידער זי האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון שטול. זי פֿלעגט אַריינקומען מיט אַ שמייכל, נישט איילנדיק זיך, און נישט געכאַפּט אויסזוכן דעם אַרטיקל, וואָס מ׳האָט פֿאַרלאַנגט; — און אויב זי האָט עס באַלד, נאָך דעם ערשטן זוכן, נישט געפֿונען, אָדער כּדי עס צו געפֿינען האָט

מען געמוזט (דאָס פלעגט אויך טרעפן) זיך מטריח זיין און אַ שלעפּ טון, למשל, די לייטער פון איין עק צימער אין צווייטן, — פלעגט זי שטיל ענטפערן, אַז די זאַך איז נישטאָ; און אַזוי ווי זי האָט אויך אויף ווייטער נישט געזאָרגט צו מאַכן אַ שטיקל אָרדנונג אָדער איינצוקויפן די נויטיקע מינים, וואָס מ'האָט געפאָדערט, איז די קונדן נמאס געוואָרן און זיי זענען אַוועק אין אַן אַנדער געוועלב. אגב, אָן קיין שום פאַרדרוס. ס'איז אוממעגלעך געוועזן צו זיין בייז אויף אָט דער חנעוודיקער פרוי, וואָס האָט גערעדט מיט אַ זיסער שטים, אָן פון קיין זאַך נישט נתפעל געוואָרן! צו אַלץ, וואָס עמעצער האָט איר געקאָנט זאָגן, איז זי גלייכגילטיק געוועזן; אַלע האָבן עס געפילט, און ווער ס'האָט זיך אָנגעהויבן צו בייזערן, פלעגט אָנווערן דעם מוט און אויפהערן צו רעדן: זיי פלעגן אַוועקגיין, ענטפערנדיק מיט אַ שמייכל אויף איר רייצנדיק געלעכטער, — אָבער זיי זענען מער נישט צוריקגעקומען. זי אָבער האָט זיך עס נישט גענומען צום האַרצן. זי האָט שטענדיק געשמייכלט.

זי האָט אויסגעזען, ווי אַ פלאָרענטינע פיגור. אויפגעהויבענע גוט געצייכנטע ברעמען, גרויע, האַלב-אָפענע אויגן, אונטערן פאָרהאַנג פון די ברעמען. דאָס אונטערשטע אויג-בייטעלע אַ ביסל אויפגעלאָפן, מיט אַ לייכט-איינגעשניטענעם קנייטש פון אונטן. איר קליין געטאָקט נעזל איז געווען אַרויפגעהויבן אין אַ לייכטן בויגן. אַ צווייטער בויגן האָט אָפגעטיילט די נאָז פון דער אויבערשטער ליפּ, וואָס האָט בולט אַרויסגעשטעקט איבער איר האַלב-אָפן מויל, מיט אַ צוג פון שמייכלענדיקער מידקייט. די אויבערשטע ליפּ איז געווען אַ ביסל דיקלעך; דער אונטערשטער טייל פון פנים רונד, מיטן קינדערשן ערנסט פון פיליפּאָ ליפּיס יונגפרויען. איר הויט איז געווען טונקל, די האָר — העל-ברוין, די לאָקן — אין אומאָרדנונג און די פריזור a la diable זי האָט געהאַט אַ קליינעם קערפּער מיט איידעלע גלידער און פוילע באַוועגונגען. זי איז געווען אָנגעטון אָן שום זאָרג, — אַ זשאַקעט, וואָס איז געווען אויפגעעפנט, ווייל ס'האָבן געפעלט קנעפּלעך, מיאוסע אָפּגעריבענע שיך, בכלל — אַ ביסל שמוציק, — און דאָך האָט זי גערייצט מיט איר יוגנטלעכן חן, צאַרטקייט, אינסטינקטיווער וואַרעמקייט. ווען זי פלעגט אַרויסגיין פאַר דער טיר פון געוועלב צו כאַפּן דעם אָטעם, פלעגן די פאַרבייגייענדיקע יונגעלייט קוקן אויף איר מיט הנאה; און הגם זי האָט אויף זיי קיין אַכט נישט געלייגט, האָט זי עס דאָך באַ-

מערקט. איר בליק האָט דעמאָלט אָנגענומען דעם דאַנקבאַרן, פריידיקן אויסדרוק, ווי די אויגן פון יעדער פרוי, וואָס פילט, אַז מ׳קוקט אויף איר מיט סימפּאַטיע. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי רעדט:

— אַ דאַנק!... נאָך! נאָך! קוקט מיך אָן!...

נאָר ווי שטאַרק ס׳זאָל איר נישט הנאה טון, וואָס זי געפעלט, האָט זי דאָך צוליב פוילקייט קיין אָנשטרענגונג נישט געמאַכט צו געפעלן ווערן.

זי איז געווען די סיבה פון אייביקע סקאַנדאַלן ביי די איילערס און פּאָגעלס. אַלץ אין איר האָט זיי פאַרדראָסן: איר גלייכגילטיקייט, די אומאָרדנונג פון איר שטוב, די אָפּגעלאָזנקייט פון איר קליידונג, איר העפלעכע קאַלטקייט צו זייערע באַמערקונגען, איר אייביקער געלעכטער, די חוצפּהדיקע רויקייט, מיט וועלכער זי האָט אויפגענומען דעם מאַנס טויט, די קראַנקהייט פון איר קינד, די שלעכטע געשעפטן, די גרעסערע און קלענערע דאגות פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געענדערט אירע ליבע רגילותן, איר אייביקע ליידיקגייעריי, — אַלץ האָט זיי פאַרדראָסן; און ערגער פון אַלץ — וואָס נישט געקוקט אויף אַלע אירע חסרונות, געפעלט זי דאָך. מאַדאַם פּאָגעל האָט איר נישט געקאָנט מוחל זיין. מ׳וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז סאַבינע האָט זיך מיט איר אויפפירונג בייזווויליק באַמיט צו זיין אַן איראָנישע אָפּלייקענונג פון די שטאַרקע טראַדיציעס, פון די פעסטע געזעצן, פון דער נאַרישער פליכט, פון דער אַרבעט אָן שום הנאה, פון דער האַנדלונג און טומל, פון די קריגערייען, געוואַלדן, געזונטן פּעסימיזם, וואָס איז געווען דער לעבנס־יסוד פון דער משפחה איילער, ווי פון אַלע אָרנטלעכע מענטשן, און געמאַכט פון זייער לעבן אַ פרייצייטיקן גהינום. אַז אַ פרוי, וואָס טוט נישט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער און לאָזט זיך גאַנצע טעג וווילגיין, זאָל זיך דערלויבן חוזק צו מאַכן מיט אַ חוצפּהדיקער רויקייט, בעת זיי מאַטערן זיך און קומען אָפּ, ווי די פאַרשיקטע, — און אַז די וועלט גיט איר אָפּ נאָך גערעכט — דאָס גייט שוין אַריבער אַלע גרענעצן, דאָס קאָן שוין גאָר דעם אָרנטלעכסטן מענטשן אַראָפּפירן פון וועג!... צום גליק, זענען נאָך דאָ, געלויבט צו גאָט, אויף דער ערד מענטשן מיט געזונטן שכל. מאַדאַם פּאָגעל האָט זיך דערמיט געטרייסט. מ׳האָט אויסגערעדט אויף דער יונגער אלמנה, וואָס אין דער קאָרט, און זי נאָכגעשפּירט דורך די פאָרהאַנגען אויף טריט און שריט. די רכילות זענען געוואָרן

אַן אמתע פרייד פֿאַר דער פֿאַמיליע, בעת זי פֿלעגט זיך צונויפֿזאַמלען אין אָוונט ביים טיש. אַ צעטראָגענער האָט זיך קריסטאָף צוגעהערט. ער איז געוווּנט געווען צו הערן, ווי די פּאָגעלס צענזורירן די אויפֿפירונג פֿון זייערע שכֿנים, און ער האָט שוין אויף דעם מער קיין אַכֿט נישט געלעגט. אגב, האָט ער די פֿרוי סאַבינע נישט געקענט, אויסער איר נאָקן און אירע אַנטבלויזטע אָרעמס, וואָס האָבן אים, וואָס אַן אמת, הנאה פֿאַרשאַפֿט, אָבער נישט דערלויבט אַרויסצוזאָגן וועגן איר קיין ענטגילטיקע מיינונג. דאָך איז ער אין האַרצן גרייט געווען אויף אַ סך זאַכֿן מוותּר צו זיין פֿאַר אירעטוועגן, און אויף צו להכעיס, איז ער איר געווען דאַנקבאַר, דווקא דערפֿאַר, וואָס זי איז נישט געפֿעלן געוואָרן דער מאַדאַם פּאָגעל.

אין אָוונט, נאָכֿן עסן, ווען ס׳פֿלעגט ווערן זייער וואַרעם, האָט מען נישט געקאָנט איינזיצן אין שטיקנדיקן הויף, ווו די זון האָט געברענט אַ גאַנצן נאָכֿמיטאָג. דאָס איינציקע אָרט, ווו מ׳האָט געקאָנט אַ ביסל פֿרייער אָפּאָטעמען, איז געווען אין דער זייט פֿון הויז. איילער און זיין איידעם פֿלעגן אָפּטמאָל אַרויס פֿון שטוב און זיך זעצן צוזאַמען מיט לואיזען אויף דער שוועל פֿון זייער טיר. מאַדאַם פּאָגעל און ראָזע פֿלעגן זיך ווייזן נאָר אויף איין רגע: זיי זענען געווען פֿאַרנומען מיט דער באַלעבאַטישקייט; מאַדאַם פּאָגעל האָט געפֿונען אַן אויסגאַנג פֿאַר איר אייגנליבע צו באַווייזן דער וועלט, אַז זי האָט נישט צייט צו זיצן מיט פֿאַרלעגטע הענט; און זי האָט גערעדט גענוג הויך, מ׳זאָל זי הערן, אַז אָט די אַלע מענטשן, וואָס געפֿינען זיך דאָ און גענעצן פֿאַר דער טיר און טוען נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, שפּילן איר אויף די נערוון. נישט קענענדיק צו איר גרויסן צער — צווינגען זיי צו אַרבעטן, האָט זי זיי לפּחות נישט געוואָלט אָנקוקן און זיך גענומען אַרבעטן מיט פֿאַרביטערונג. ראָזע האָט געהאַלטן פֿאַר איר חוב איר נאָכֿצוטון. איילער און פּאָגעל האָבן אומעטום געפֿונען ווינט-צוגן; זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו פֿאַרקילן און זענען געגאַנגען אַהיים; זיי פֿלעגן זיך לעגן פֿרי שלאָפֿן, זיי וואָלטן פּשוט געווען אומגליקלעך, ווען זיי מאַכֿן דעם מינדסטן שינוי אין זייערע רגילותן. פֿון ביין

אַ זייגער אָן פלעגן שוין בלייבן נאָר קריסטאָף מיט לואיזען. לואיזע האָט פאַרבראַכֿט גאַנצע טעג אין איר צימער און אין אָוונט, ווען קריסטאָף דאָט נאָר געקאָנט, האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב צו פאַרברענגען מיט איר צוזאַמען, כּדי זי זאָל זיך אַ ביסל קרעפטיקן אויף דער פרייער לופט. אַליין וואָלט זי נישט אַרויסגעגאַנגען: דער טומל פון גאַס וואָלט זי געשראָקן. די קינדער האָבן זיך אַרומגעיאָגט מיט שאַרפע געשרייען. אַלע הינט פון געגנט האָבן אָפגעענטפערט מיט אַ בילעריי. מ'האָט געהערט די קלאַנגען פון קלאַוויר, אַ ביסל ווייטער — אַ קלאַרנעט, און אין אַ שכֿנותדיקער גאַס — אַ קאָרנעט — אַ פיסטאָן. די שטימען האָבן זיך דורכֿגעשמועסט. די מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען הין און צוריק גרופעסווייז פאַר זייערע הייזער. לואיזע וואָלט זיך געפילט פאַרלוירן, ווען זי בלייבט איינע אַליין אינם הו-האַ. די קינדער און די הינט פלעגן גיין פריער שלאָפן. די גרופעס פלעגן זיך פונאַנדערגיין. די לופט איז געוואָרן ריינער. ס'איז צוגעפאַלן די שטילקייט. לואיזע האָט דערציילט מיט איר ווייכֿער שטים קורצע מעשות, וואָס זי האָט זיך דערוווסט פון אַמאַליאַן אָדער פון ראָזען. זי האָט נישט געהאַט פאַר זיי קיין גרויסן אינטערעס. נאָר זי האָט נישט געוווסט, פון וואָס צו שמועסן מיט איר זון, און זי האָט געפילט אַ פאַרלאַנג צו דערנענטערן זיך צו אים, צו זאָגן אים עפעס. קריסטאָף האָט עס געפילט און געמאַכֿט זיך, ווי ער וואָלט זיך אינטערעסירט מיט אירע מעשות; אָבער באמת האָט ער נישט געהערט. ער איז אַראָפגעזונקען אין אַ פאַרגליווערטן צושטאַנד און נאָכֿגעטראַכֿט די געשעענישן פונם טאָג.

איינמאָל אין אָוונט, ווען זיי זענען אַזוי געזעסן און די מאַמע האָט גערעדט, — האָט ער געזען, ווי ס'עפנט זיך די טיר פון דער שכֿנותדיקער קראָם. אַ פרויען-געשטאַלט איז שטיל אַרויסגעגאַנגען און זיך געזעצט אין גאַס. עטלעכֿע טריט האָבן זי אָפגעטיילט פון לואיזעס שטול. זי האָט זיך געזעצט אינם טונקעלסטן שאָטן. קריסטאָף האָט נישט געקאָנט זען איר פנים, נאָר ער האָט זי דערקענט. זיין פאַרגליווערטקייט איז פאַרשוווּנדן. די לופט האָט זיך אים אויסגעוויזן זיסער. לואיזע האָט נישט באַמערקט סאַבינעס בייזיין און אַלץ ווייטער מיט אַ האַלבער שטים שטיל געפלוידערט. קריסטאָף האָט זיך איצט בעסער צוגעהערט, ער האָט געפילט אַ פאַרלאַנג זיך אַריינצומישן מיט אַ וואָרט, צו רעדן, צו ווערן געהערט. דער שמאָלער סילועט איז געזעסן אומ-

באַוועגלעך, אַ ביסל מיד, דער פוס דייכט פאַרלעגט איינער אויפן צווייטן, די הענט געפּלאָכטן אויף דער קני. זי האָט געקוקט פאַר זיך, ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט נאָרנישט. לואיזע האָט אָנגעהויבן דרימלען. זי איז אַרויף אין שטוב. קריסטאָף האָט געזאָגט, אַז ער וויל נאָך אַ ביסל בלייבן.

ס'איז געווען פאַר צען אַ זייגער. די גאַס איז שוין געווען ליידיק. די לעצטע שכנים זענען איינער נאָכן צווייטן אַהיימגעגאַנגען. מ'האָט געהערט דעם טומל פון די קראָמען, וואָס האָבן זיך פאַרמאַכט. די באַלויכטענע פענסטער האָבן געווונקען מיט אַן אויג און אויסגעגאַנגען. איינס אָדער צוויי האָבן פאַרשפּעטיקט — און אָט זענען זיי אויך געשטאָרבן. שטיל... זיי זענען געווען אַליין, זיי האָבן אויף זיך נישט געקוקט, זיי האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי ווייסן נישט, ווי נאָענט זיי זיצן איינער נעבן צווייטן. פון די ווייטע פעלדער איז אָנגעקומען דער ריח פון פרישן היי, און פון אַ שכנותדיקן באַלקאָן איז אַראָפּגערונען די דופט פון אַ לעווקאָניע-טאָפּ. די לופט איז געווען אומבאַוועגלעך. דער מילך-וועג האָט זיך געצויגן איבער זייערע קעפּ. רעכטס — דער בלוטנדיקער יופּיטער. איבער אַ קוימען האָבן אַראָפּגעזונקען די רעדער פון דודס וואָגן; אויפן בלייכן, גרינעם הימל האָבן די שטערן געבליט, ווי מאַרגעריטקעס. אין דער קירכע האָט אויסגעקלונגען עלף; די קלאַנגען זענען אין אַלע אַנדערע קירכעס איבערגעחזרט געוואָרן און אָפּגעקלונגען אין די פאַרדעמפּטע טענער פון די וואַנט-זייגערס אָדער פון די הייזעריקע קוקו-פייגל.

זיי האָבן זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון זייער טרוימען און זיך גלייכצייטיק אויפגעהויבן. בעת זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, יעדערער אין זיין זייט, האָבן זיי זיך ביידע באַגריסט מיט די קעפּ אָן רייד. קריסטאָף איז אַרויף צו זיך אין צימער. ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, געזעצט זיך ביים טיש מיטן קאָפּ אויף די הענט און אַזוי געבליבן זיצן אַ לאַנגע צייט אָן קיין שום געדאַנק. דערנאָך האָט ער אָפּגעזיפצט און געלעגט זיך שלאָפן.

צומאָרגנס, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן, האָט ער מעכאַניש זיך דערנענטערט צום פענסטער און אַ קוק געטון פון דער זייט אויף סאַבינעס צימער. אָבער די פאָרהאַנגען זענען געווען אַראָפּגעלאָזן. אַזוי זענען זיי געבליבן דעם גאַנצן פרימאָרגן. אַזוי זענען זיי פון דעמאָלט אָן געבליבן שטענדיק.

דעם צווייטן אָוונט האָט קריסטאָף פֿאָרגעלעגט זיין מאַמע צו גיין ווידער זיך זעצן פֿאַר דער טיר. ס'איז געוואָרן ביי אים אַ געוווינהייט. לואיזען האָט עס געפֿרייט: זי איז געווען אומרויק, זעענדיק אים פֿאַרשפּאַרט אין צימער, באַלד נאָכן עסן, ביי אַ פֿאַרמאַכטן פֿענסטער און אַראָפּגעלאָזענע פֿאָרהאַנגען. — דער קליינער שטומער שאָטן האָט אויך איצט נישט פֿאַרפֿעלט צו קומען און צו פֿאַרנעמען זיין שטענדיקן אָרט. זיי האָבן זיך האַסטיק באַגריסט מיטן קאָפּ, און לואיזע האָט עס נישט באַמערקט. קריסטאָף האָט גערעדט מיט זיין מאַמע. סאַבינע האָט געשמייכלט צו איר טעכטערל, וואָס האָט זיך געשפּילט אויף דער גאַס; אַרום ניין אַ זייגער איז זי געגאַנגען לייגן דאָס קינד שלאָפֿן און שפּעטער צוריקגעקומען אָן אַ שום גערויש. ווען זי האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרזאָמט, האָט קריסטאָף אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַז זי וועט שוין נישט אַרויסקומען. ער האָט אויפֿגעכאַפּט דעם גערויש פֿון שטוב, דעם געלעכטער פֿונם מיידעלע, וואָס האָט נישט געוואָלט איינשלאָפֿן; ער האָט שוין דערקענט דעם שאָרך פֿון סאַבינעס קלייד, נאָך איידער זי האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל פֿון איר געוועלב. דעמאָלט האָט ער אָפּגעקערט די אויגן און געשמועסט מיט דער מאַמע מיט אַ ריר־נדיקער שטים. ער האָט טיילמאָל געהאַט דאָס געפֿיל, אַז סאַבינע קוקט אויף אים. ער האָט געוואָרפֿן פֿון דער זייט לייכט־דורכשוועבנדיקע בליקן. נאָר קיינמאָל האָבן זיך זייערע בליקן נישט געטראָפֿן.

דאָס קינד האָט צווישן זיי געדינט פֿאַר אַ פֿאַרמיטלער. עס איז אַרומגעלאָפֿן איבער דער גאַס מיט אַנדערן קליינוואַרג. זיי האָבן זיך צוזאַמען געוויילט און געררייצט זיך מיט אַ געדולדיקן, גוטמוטיקן הונט, וואָס האָט געדרימלט מיט דער לאַנגער גאָמבע צווישן די לאַפּעס; ער האָט האַלב אויפֿגעעפֿנט אַ רויט אויג און אַרויסגעלאָזן פֿון גאָרגל אַ בייזן ברום; זיי זענען זיך תּיכּף צעלאָפֿן קוויטשענדיק פֿון שרעק און פֿון גליק. דאָס מיידעלע האָט געשריען מיט אַ שאַרף קולכל און געקוקט הינטער זיך, ווי מ'וואָלט זי פֿאַרפֿאָלגט: זי איז צוגעלאָפֿן און אַ וואָרף געטון זיך אויף די קני צו לואיזען, וואָס האָט מילד געשמייכלט. לואיזע האָט אָנגעכאַפּט דאָס קינד און עס אויסגעפֿרעגט; ס'האָט זיך

פֿאַרבונדן אַ שמועס מיט סאַבינען. קריסטאָף האָט זיך אין שמועס נישט באַטייליקט. ער האָט נישט גערעדט צו סאַבינען, און סאַבינע האָט נישט גערעדט צו אים. ווי דורך אַ שטומער הסכּמה, האָבן זיי זיך געמאַכט איינער דעם צווייטן נישט זען, נאָר ער האָט נישט פֿאַרלוירן קיין איין וואָרט פֿון די רייד, וואָס מ׳האָט זיך געטוישט איבער זײַן קאָפּ. זײַן שווײַגן האָט לואיזען אויסגעוויזן פּײַנטלעך. סאַבינע האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג וועגן דעם, נאָר זי האָט זיך געשעמט פֿאַר אים און אַ ביסל זיך געטומלט אין אירע תּשובֿות. לסוף האָט זי געפֿונען אַן אויסרייד אַרײַנצוגיין אין שטוב.

לואיזע האָט זיך פֿאַרקילט און אין משך פֿון אַ גאַנצער וואָך איז זי געבליבן אין שטוב. קריסטאָף און סאַבינע זענען געווען אַליין. צום ערשטן מאָל זענען זיי איבערראַשט געווען. כּדי זיך צוצוגעבן מוט, האָט סאַבינע געהאַלטן די קליינע אויף די קני און זי ממש אויפֿגעפֿרעסן קושנדיק. קריסטאָף האָט זיך געפֿילט פֿאַרשעמט און נישט געוווּסט, צי זאָל ער זיך אויך ווײַטער מאַכן נישט וויסנדיק, וואָס אַרום אים קומט פֿאָר. דאָס איז אים אָנגעקומען שווער: הגם זיי האָבן נאָך צווישן זיך נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, איז דאָך די באַקאַנטשאַפֿט שוין פֿאָרגעקומען אַ דאַנק לואיזען. ער האָט געפּרוּווט אַרויסצולאָזן אַ צוויי-דריי פֿראַזן פֿון מויל, נאָר די קלאַנגען זענען געבליבן שטעקן אין האַלז. דאָס מיידעלע איז זיי אויך דאָס מאָל געקומען צו הילף. שפּילנדיק זיך אין באַהאַלטעניש, האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַרום קריסטאָפֿס שטול, און ער האָט זי אין גאַנג אָנגעכאַפּט און געקושט. ער האָט נישט איבעריק ליב געהאַט קיין קינדער, נאָר אַ קוש צו טון דאָס קינד האָט ער געפֿילט אַ באַזונדערן תּענוג. די קליינע האָט זיך אַרויסגעגליטשט אינגאַנצן פֿאַרנומען מיט דעם שפּיל. קריסטאָף האָט זיך מיט איר גערייצט, זי האָט אים געביסן די הענט; ער האָט זי אַראָפּגעלאָזט אויף דר׳ערד. סאַבינע האָט געלאַכט. קוקנדיק אויף איר, האָבן זיי זיך אויסגעטוישט מיט עטלעכע גאָרנישט-זאָגנדיקע ווערטער. שפּעטער האָט קריסטאָף געפּרוּווט — (ער האָט געגלויבט, אַז ער איז עס מחויב צו טון) — צו פֿאַרבינדן אַ שמועס; נאָר אים איז בטבע שווער געווען צו רעדן, און סאַבינע האָט גאָרנישט געטון, אים צו פֿאַרלײַכטערן: זי האָט נאָר איבערגעחזרט זײַנע רייד:

— אַ שיינער אָוונט.

— יאָ, דער אָוונט איז פּראַכטפֿול.

— מ׳קאָן גאָרנישט אָטעמען אין הויף.

— יאָ, אין הויף קאָן מען דערשטיקט ווערן.

דער שמועס האָט זיך קוים געשלעפּט. סאַבינע האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס ס׳איז שוין צייט געווען אַריינצוגיין מיט דער קליינער אין שטוב, און איז טאַקע מיט איר אַריינגעגאַנגען; מער האָט זי זיך שוין נישט באַוויזן.

קריסטאָף האָט מורא געהאַט, זי זאָל נישט טון דאָס אייגענע אויך אין די ווייטערדיקע אָוונטן און זאָל נישט אויסמיידן צו טרעפן זיך מיט אים, אַזוי-ווי לואיזע איז נישטאָ. ס׳איז אָבער געשען פּונקט פאַרקערט, און סאַבינע האָט צומאָרגנס געפּרווּוט אָנהויבן אַ שמועס. זי האָט עס גיכער געטון צוליבן באַגער צו שמועסן, ווי צוליב הנאה; מ׳האָט געפילט, אַז זי האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח צו געפינען וועגן וואָס צו רעדן און אַז זי אַליין לאַנגווייליקט זיך מיט די פראַגן, וואָס זי שטעלט: די פראַגן און תּשובות זענען געווען געפּלאָכטן מיט אַ דריקנדיקן שווייגן. קריסטאָף האָט זיך דערמאָנט זיינע ערשטע באַגע־גענישן מיט אָטאָן; נאָר מיט סאַבינען האָט ער געהאַט נאָך ווייניקער פון וואָס צו רעדן, און זי האָט נישט פאַרמאָגט אָטאָס געדולד. ווען זי האָט געזען, אַז אירע פּרוּוון האָבן נישט קיין מזל, איז זי נישט צוגעשטאַנען: דאָס האָט געפאָדערט צו פיל טרחה און ס׳האָט זי נישט אינטערעסירט. זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, און אויך ער האָט געטון דאָס אייגענע.

באַלד איז אַלץ געוואָרן פול מיט חן. די נאַכט האָט צוריקגע־וווּנען איר שטילקייט, און דאָס האַרץ — זייערע געדאַנקען. סאַבינע האָט זיך פאַמעלעך, טרוימענדיק געוויגט אין איר שטול. קריסטאָף האָט געטרוימט אין זיין ווינקל. זיי האָבן נישט גערעדט. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט קריסטאָף גענומען זיך באַגייסטערן מיט די פאַר־שיכּורנדיקע ריחות, וואָס געטראָגן דורכן וואַרעמען ווינט זענען זיי געקומען פון אַ וואַגן מיט יאַגעדעס. סאַבינע האָט געענטפערט אַ צוויי־דריי ווערטער. זיי זענען ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. ס׳האָט זיי געררייצט דער צויבער פון דעם אומענדלעכן שווייגן, פון די גלייכ־גילטיקע רייד. זיי זענען ביידע ווי פאַרזונקען געוואָרן אינם זעלבן טרוים, זיי זענען געווען פול מיט איין געדאַנק; זיי האָבן אַליין נישט געחוּסט מיט וועלכן, זיי האָבן זיך אַליין אין דעם נישט מודה געווען ווען ס׳האָט אויסגעקלונגען עלף, האָבן זיי זיך צעשיידט שמייכלענדיג.

אויף מאָרגן האָבן זיי שוין מער נישט געפרוווט אָנצובינדן קיין שמועס: זיי האָבן זיך ביידע איבערגעגעבן דעם ליבן שווייגן, פון צייט צו צייט האָבן געציילטע זילבן געלאָזט זיי וויסן, אַז ביידע טראַכטן זיי פון די זעלבע זאַכן.

סאַבינע האָט זיך צעלאַכט:

— ווי גוט ס'איז — האָט זי געזאָגט — וואָס מ'איז נישט געצוווּנגען צו רעדן! אַלע מיינען, אַז זיי זענען מחויב צו רעדן, און ס'איז אַזוי לאַנגווייליק!

— אַך! — האָט קריסטאָף געענטפערט מיט אַ גערירטן טאָן — ווען די גאַנצע וועלט זאָל נאָר מיט אייך מסכים זיין!

זיי האָבן ביידע געלאַכט. זיי האָבן געטראַכט פון מאַדאַם פאָגעל.

— די אָרעמע פרוי! — האָט געזאָגט סאַבינע — ווי זי קאָן פאַרמאַטערן!

— אָבער זי אַליין ווערט קיינמאָל נישט פאַרמאַטערט, — האָט קריסטאָף מיט אַ פאַרצווייפלטער מינע געענטפערט.

סאַבינען איז געפעלן זיין מינע און זיינע ווערטער.

— איר מיינט, איך שפּאַס? — האָט ער געזאָגט — אייך איז גוט. איר האָט אַ שוץ.

— איך מיין אַזוי, — האָט סאַבינע געענטפערט — איך פאַרמאַך זיך אין שטוב אויפן שליסל.

זי האָט געהאַט אַ קליינעם, זיסן, כמעט גערוישלאָזן געלעכטער. אַנטציקט האָט זיך קריסטאָף צוגעהערט צו איר לאַכן דורך דער שטילקייט פון דער נאַכט, ער האָט געאָטעמט די פרישע לופט מיט תּענוג.

— אַך, ס'אַרא מחיה צו שווייגן! — האָט ער געזאָגט זיך אויסגלייכנדיק.

— און ס'אַרא אומזין צו רעדן! — האָט זי צוגעגעבן.

— יאָ, — האָט קריסטאָף געזאָגט — מ'פאַרשטייט זיך אַזוי גוט!

זיי זענען ווידער פאַרזונקען געוואָרן אין שווייגן. די נאַכט האָט זיי געשטערט צו זען זיך, זיי האָבן ביידע געלאַכט.

דאָך, אויב זיי האָבן אַפילו געפילט דאָס זעלבע, בעת זיי זענען געווען צוזאַמען, — אָדער זיי האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט — האָבן זיי איינער פונם צווייטן גאָרנישט נישט געוווּסט. סאַבינען איז עס לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען. קריסטאָף איז געווען נייגיריקער. איינמאָל אין אָוונט האָט ער זי אַ פרעג געטון:

— איר האָט ליב מוזיק?
— ניין, — האָט זי איינפאַך געענטפערט — זי לאַנגווייליקט מיך. איך הויב זי נישט אָן צו פאַרשטיין.
אָט די אָפנהאַרציקייט האָט אים גערייצט. ס'האָבן אים פאַרדראָסן די ליגנס פון די מענטשן, וואָס טענהן, אַז זיי האָבן ליב מוזיק, און באמת שטאַרבן זיי פון לאַנגווייליקייט, בעת זיי הערן זי: ס'האָט ביי אים אויסגעזען כמעט ווי אַ גרויס פאַרדינסט נישט ליב צו האָבן מוזיק און צו זאָגן עס אָפן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט צי סאַבינע לייענט.
— ניין. ערשטנס האָט זי נישט קיין ביכער.
ער האָט איר פאָרגעלעגט זיינע ביכער.
— ערנסטע ביכער? — האָט זי אומרויק געפרעגט.
— נישט קיין ערנסטע ביכער — אויב זי וויל נישט. פּאָעזיע;
— אָבער דאָס זענען דאָך אויך ערנסטע ביכער!
— נו, איז ראָמאַנען.
זי האָט געמאַכט אַ קרומע מינע.
— ס'אינטערעסירט אייך נישט?
— יאָ, עס אינטערעסירט, נאָר שטענדיק זענען זיי צו לאַנג; קיינמאָל האָט זי נישט קיין געדולד צו ענדיקן ביזן סוף. זי פאַרגעסט דעם אָנהויב; זי היפּט אַריבער קאַפּיטלען און זי פאַרשטייט גאָרנישט. דעמאָלט וואַרפט זי אַוועק דאָס ביכל.
— אַ שיינער באַווייז פון אינטערעס!
— מילא! ס'איז גאַנץ גענוג פאַר אַן אויסגעטראַכטע מעשה. זי באַהאַלט איר אינטערעס פאַר אַנדערע זאַכן, נישט פאַר קיין ביכער.
— אפשר צום טעאַטער?
— אָ, ניין, ניין!
— גייט זי טאַקע נישט אַהין?
— ניין. עס ווערט צו הייס. צו פיל מענטשן. ס'איז בעסער ביי זיך אין שטוב. די אויגן טוען וויי פון דער שיין, און די אַקטיאָרן זענען אַזוי מיאוס!
אין דעם איז ער מיט איר מסכים. אָבער ס'בלייבט דאָך נאָך אַ זאַך אין טעאַטער: די פּיעסעס גופא.
— יאָ, — האָט זי געענטפערט צעטראָגן — נאָר איך האָב נישט קיין צייט.

— וואָס טוט איר, אַ שטייגער, פון אינדערפרי ביזן אָוונט?
זי האָט געשמייכלט:
— ס'איז דאָ אַזוי פיל צו טון!
— ס'איז אמת, — האָט ער געזאָגט — איר האָט די קרעם.
— אָ! — האָט זי שטיל אַ זאָג געטון — דאָס פאַרנעמט מיך נישט אַזוי שטאַרק.
— פאַרנעמט איך מסתמא דאָס טעלעפאָן די גאַנצע צייט?
— אָ, ניין! די אָרעמע קליינינקע! זי איז געבוג קלוג, זי שפּילט זיך אַליין.
— הייסט עס?
ער האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער איז נישט דיסקרעט. נאָר זי האָט זיך דערמיט געוויילט.
— ס'איז דאָ אַזוי פיל, אַזוי פיל זאַכן!
— למשל?
— דאָס קאָן זי נישט גענוי איבערגעבן. עס זענען דאָ זאַכן פון פאַרשידענע מינים. ווען זי זאָל דאַרפן בלויז זיך אויפהויבן, מאַכן די טואַלעט, טראַכטן וועגן מיטאָג; מאַכן דעם מיטאָג, עסן מיטאָג, טראַכטן וועגן אָוונט-ברויט, פאַרקערן אַ ביסל דאָס צימער.... און שוין נאָכן טאָג... און זי דאַרף דאָך פונדעסטוועגן האָבן אַ ביסעלע צייט גאָרנישט נישט צו טון!...
— און איך איז נישט לאַנגווייליק?
— קיינמאָל נישט.
— אפילו בעת איר טוט נישט גאָרנישט?
— דער עיקר דעמאָלט, ווען איך טו גאָרנישט. דווקא ווען איך טו עפּעס, איז מיר לאַנגווייליק.
זיי האָבן זיך לאַכנדיק איבערגעקוקט.
— ווי גליקלעך איר זענט! — האָט קריסטאָף געזאָגט — איך ווייס נישט, ווי מ'זיצט מיט פאַרלעגטע הענט.
— מיר דאַכט זיך, אַז איר ווייסט עס גאַנץ גוט.
— איך לערן זיך זינט עטלעכע טעג.
— אויב אַזוי, איז גוט, וועט איר זיך אויסלערנען די חכמה.
זיין האַרץ איז געוועזן רויק און שטיל, בעת ער האָט מיט איר גערעדט. ס'האָט אים באַפרידיקט בלויז דאָס קוקן אויף איר. ער האָט זיך באַפרייט פון אומרו, פון אויפרעגונג, פון דעם נערוועישן אַנגסט,

וואָס האָט אים געדריקט דאָס האַרץ. קיין שום אומרו איז נישט געווען, בעת ער האָט מיט איר גערעדט. קיין שום אומרו, בעת ער האָט וועגן איר געטראַכט. ער האָט נישט קיין מוט זיך מודה צו זיין; אָבער ווי־נאָר ער האָט זיך געפונען נאָענט צו איר, האָט ער זיך געפילט דורכגעדרונגען מיט אַ תענוגלעכער באַטויבונג — און ער האָט כמעט איינגעדרימלט. יענע נעכט איז ער געשלאָפן, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין זיין לעבן.

קומענדיק פון דער אַרבעט אַהיים, פלעגט ער וואַרפן אַ בליק צום קרעמל. עס האָט זעלטן געטראָפן, ער זאָל נישט זען סאַבינען. זיי פלעגן זיך באַגריסן שמייכלענדיק, טיילמאָל איז זי געשטאַנען אויף דער שוועל, און זיי האָבן זיך איבערגעטוישט מיט עטלעכע ווערטער; אָדער ער פלעגט האַלב עפענען די טיר, אַ רוף טון די קליינע און אַריינגעשטעקט איר אין האַנט אַריין אַ בייטל מיט צוקערלעך.

אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט אַריינצוגיין. ער האָט געפונען אַן אויסרייד, אַז ער דאַרף קנעפּלעך צו זיין רעקל. זי האָט גענומען זוכן און נישט געפונען. אַלע קנעפּלעך זענען געווען צוזאַמענגעמישט: ס'איז אוממעגלעך געווען זיי אויסצוזוכן. זי איז געווען אַ ביסל געערגערט, וואָס ער זעט די אומאָרדנונג. אים האָט עס געוויילט, און ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן נייגיריק, כדי בעסער צו זען.

— ניין! — האָט זי זיך אָנגערופן, באַמיענדיק זיך צו פאַרדעקן די שאַכטלעך מיט די הענט. — קוקט נישט! ס'איז אַ מישמאַש...

זי האָט גענומען זוכן. אָבער זי האָט זיך געשעמט פאַר קריסטאָפן. זי איז געוואָרן בייז און אַ שמייק געטון דאָס שאַכטל:

— איך געפין עס נישט. — האָט זי געזאָגט — גייט אַריין צו ליזין, אויף דער גאַס, וואָס ביי דער זייט. זי האָט עס אויף זיכער. זי האָט אַלץ, וואָס מען פאַרלאַנגט.

ער האָט געלאַכט פונם אופן, ווי זי פאַרדינט אויף חיונה.

— שיקט איר אַלע אייערע קונדן צו איר?

— אויף מיין וואָרט, ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל. — האָט זי געענטפערט פריילעך.

פונדעסטוועגן האָט זי זיך אַ ביסל געשעמט.

— ס׳איז צו לאַנגווייליק, צו מאַכן אָרדנונג. — האָט זי ווידער אָנגעהויבן — איך לעג אָפּ די אַרבעט פון טאָג אויף טאָג... אָבער מאָרגן וועל איך עס שוין זיכער טון.

— ווילט איר, איך זאָל אייך צוהעלפן? — האָט קריסטאָף געזאָגט.

זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. זי וואָלט עס זייער גערן אָנגענומען, אָבער זי האָט קיין העזה נישט געהאַט עס צו טון צוליב לשון-הרע. און חוץ דעם — דאָס וואָלט זי באַליידיקט.

זיי האָבן נישט אויפגעהערט צו שמועסן.

— און אייערע קנעפּלעך? — האָט זי געזאָגט צו קריסטאָפן אין אַ ווײַלע אַרום — איר גייט נישט צו לייזין?

— חלילה, — האָט קריסטאָף געענטפערט — איך וועל צוואַרטן, ביז איר וועט מאַכן דאָ אָרדנונג.

— אָ! — האָט געזאָגט סאַבינע, וואָס האָט שוין פאַרגעסן, וואָס זי האָט נאָר-וואָס געזאָגט. — וואַרט נישט אַזוי לאַנג!

אָט דער אויסגעשריי פון טיפן האַרצן האָט זיי פול געמאַכט מיט פרייד.

קריסטאָף האָט זיך דערנענטערט צום שאַכטל, וואָס זי האָט אַוועקגעשטויסן:

— לאָזט מיר אַ זוך טון, גוט?

זי איז צוגעלאָפן, אים צו שטערן:

— ניין, ניין, איך בעט אייך, איך בין זיכער, אַז ס׳איז דאָ נישטאָ...

— איך קאָן זיך וועטן מיט אייך, אַז ס׳איז יאָ דאָ.

באַלד נאָכן ערשטן קוק האָט ער מיט נצחון אַרויסגעצויגן דאָס קנעפּל, וואָס ער האָט געזוכט. ער האָט געדאַרפט האָבן נאָך. ער האָט געוואָלט ווייטער זוכן, אָבער זי האָט אים אַרויסגעריסן דאָס קעסטל פון די הענט און, באַוויזן מיט אייגנליבע, גענומען אַליין זוכן.

דער טאָג האָט אַראָפּגעענידערט. סאַבינע האָט זיך דערנענטערט צום פענסטער. קריסטאָף האָט זיך געזעצט עטלעכע טריט פון איר; די קליינינקע איז אַרויפגעקראָכן אויף זיינע קני. ער האָט זיך געמאַכט הערנדיק איר פּלוידעריי און געענטפערט שטאַרק צעטראָגן. ער האָט געקוקט אויף סאַבינען, וואָס האָט געוווּסט, אַז מ׳קוקט אויף איר. זי האָט זיך איינגעבויגן איבער דעם קעסטל. ער האָט באַמערקט איר

באַקן און אַ טייל פון באַק, — און בעת ער האָט אויף איר געקוקט, האָט ער באַמערקט, ווי זי איז רויט געוואָרן. און ער איז אויך רויט געוואָרן.

דאָס קינד האָט אַלץ געדעדט. קיינער האָט אים נישט געענט־פערט. קריסטאָף האָט נישט געזען, וואָס זי טוט: ער איז געווען זי־כער, אַז זי טוט גאָרנישט, זי האָט מער נישט געקוקט אויפן שאַכטל, וואָס זי האָט געהאַלטן. די שטילקייט האָט ווייטער געדויערט. דאָס קליינע מיידעלע האָט זיך אומרויק אַראָפּגעגליטשט פון קריסטאָפס קני:

— פאַרוואָס האָט איר אויפגעהערט צו רעדן?

סאַבינע האָט זיך פּלוצלינג אויסגעדרייט און זי אַ כאַפּ געטון אין די אָרעמס. דאָס שאַכטל איז אַראָפּגעפאַלן אויף דר'ערד; די קליי־נע האָט אַרויסגעלאָזן אַ פריילעך געשריי, זי איז געלאָפן אויף אַלע פיר און זיך נאָכגעיאָגט נאָך די קנעפּלעך, וואָס האָבן זיך אַרונטערגע־קייקלט אונטערן מעבל. סאַבינע האָט זיך אומגעקערט צום פענסטער און צוגעדריקט דאָס פּנים צו דער שויב. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז פאַרזונקען אין דעם, וואָס זי זעט אין דרויסן.

— אַדיע — האָט קריסטאָף געזאָגט צעטומלט.

זי האָט נישט קיין ריר געטון מיטן קאָפּ און זייער שטיל גע־ענטפערט:

— אַדיע

זונטיק נאָכמיטאָג פלעגט די שטוב בלייבן פוסט. די גאַנצע פאַ־מיליע פלעגט אַוועק אין דער קירך צו דעם אָוונט־געבעט. סאַבינע פלעגט נישט גיין. איינמאָל, ווען קריסטאָף האָט זי דערזען זיצן פאַר דער טיר אינם גערטנדל, בעת די שיינע גלאָקן זענען הייזעריק געוואָרן פון רופן, האָט ער איר אין שפּאַס פאָרגעוואָרפן, אַלמאַי זי גייט נישט אין קירך. זי האָט געענטפערט מיטן זעלבן טאָן, אַז נאָר די מעסע־תּפילה איז אַ חוב, אָבער די אָוונט־תּפילה נישט: ס'איז איבעריק דע־ריבער, און אפילו נישט דיסקרעט, איבערצוטרייבן מיט דער פרומקייט; און זי איז גענויגט צו טראַכטן, אַז אָנשטאָט צו ווערן בייז, וועט עס איר גאָט פאַררעכענען פאַר אַ מצוה.

— איר שטעלט זיך פֿאָר גאָט לויט אייער געשטאַלט, — האָט קריסטאָף געזאָגט.

— ס׳וואָלט מיר זייער לאַנגווייליק געווען, ווען איך בין אויף זיין אָרט! — האָט זי געענטפֿערט מיט אַ זיכערן טאָן.

— ווען איר זענט אויף זיין אָרט, וואָלט איר זיך מסתמא נישט פֿאַרנומען מיט דער וועלט.

— איך וואָלט בלויז פֿון איר פֿאַרלאַנגט, זי זאָל זיך נישט פֿאַרנעמען מיט מיר.

— דאָס וואָלט גראָד נישט געווען אַזאַ בייז, — האָט געזאָגט קריסטאָף.

— שאַ! — האָט אויסגעשריען סאַבינע — מיר רעדן לעסטער-רייד.

— ס׳איז נישט קיין לעסטערונג, ווען איך זאָג, אַז גאָט איז ענלעך צו אייך. איך בין זיכער, אַז ער איז צופֿרידן דערמיט.

— שווייגט שוין! — האָט סאַבינע געזאָגט האַלב אין אַ געלעכ-טער, האַלב אין כּעס. זי האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן, גאָט זאָל נישט אַריינפֿאַלן אין צאָרן. זי האָט זיך געאיילט איבערצוטראָגן דעם שמועס אויף אַן אַנדערער זאַך.

— און אויסערדעם, — האָט זי געזאָגט — איז עס דער איינ-ציקער מאָמענט אין דער וואָך, ווען מ׳קאָן הנאה האָבן פֿון דער שטילקייט אין גאָרטן.

— יאָ, — האָט קריסטאָף געענטפֿערט — זיי זענען נישטאָ.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט.

— ס׳אַזאַ שטילקייט! — האָט זיך אָנגערופֿן סאַבינע — מיר זענען דערצו נישט געוווינט... מ׳ווייסט נישט, ווו מ׳איז אַ־צט אין דער וועלט...

— אָ! — האָט קריסטאָף פּלוצלינג אויסגעשריען מיט צאָרן — עס טרעפֿן טעג, ווען כ׳האָב זי חשק צו דערשטיקן.

ס׳איז געווען איבעריק צו דערקלערן, וועמען ער מיינט.

— און די איבעריקע? — האָט סאַבינע פֿריילעך געפֿרעגט.

— אמת, — האָט קריסטאָף אָן מוט געענטפֿערט — ס׳איז נאָך דאָ ראָזע.

— אָרעם מיידל! — האָט סאַבינע געזאָגט.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן.

— ווען ס'זאָל שטענדיק זיין אַזוי, ווי איצט! — האָט קריסטאָף אַ זיפץ געטון.

זי האָט אויפגעהויבן אויף אים אירע לאַכעדיקע אויגן, דערנאָך זיי ווידער אַראָפּגעלאָזט. ער האָט באַמערקט, אַז זי אַרבעט.

— וואָס טוט איר? — האָט ער אַ פרעג געטון.

(ער איז געווען אָפּגעטיילט פון איר מיט אַ פאָרהאַנג פון טרעסטענעס, וואָס איז געהאָנגען צווישן ביידע גערטנער.)

— איר זעט דאָך, — האָט זי געזאָגט, אויפהויבנדיק אַ שיסל, וואָס זי האָט געהאַלטן אויף די קני — איך שייל אַרבעס.

זי האָט טיף אָפּגעזיצט.

— אָבער ס'איז דאָך נישט קיין בייז! — האָט ער לאַכנדיק געזאָגט.

— אָ! — האָט זי געענטפערט — מ'קאָן שטאַרבן, ווען מ'איז כסדר פאַרנומען מיטן זעלבן מיטאָג.

— איך קאָן זיך וועטן — האָט ער געזאָגט — אַז ווען ס'איז מעגלעך, וואָלט איר מוחל געווען דעם מיטאָג, אַבי נישט דאַרפן זיך מטריח צו זיין און אים צוגרייטן.

— זיכער! — האָט זי אויסגעשריען.

— וואַרט! איך וועל אייך העלפן.

זי איז געזעסן אויף אַ שטול, ביים אַריינגאַנג פון איר דירה. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טרעפּ צופוסנס. פון די צעקנאָ־דערטע פאַלדן פון איר קלייד אויפן לייב, האָט ער גענומען אַ פולע האַנט מיט גרינע סטרוטשקעס, און געוואָרפן די קליינע, רונדע אַר־בעסלעך אין שיסל אַריין, וואָס איז געלעגן אויף סאַבינעס קני. ער האָט געקוקט אויף דר'ערד. ער האָט געזען סאַבינעס שוואַרצע זאָקן, וואָס האָבן פאַרדעקט אירע קנעכל און פיס; איין פוס איז געווען האַלב אַרויסגעשטעקט פון שוך. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אויפ־צוהויבן אויף איר די אויגן.

די לופט איז געווען שווער. דער הימל דייער ווייס, נידעריק, אָן אַן אָטעם, קיין בלאַט האָט זיך קיין ריר נישט געטון. דער גאָרטן איז געווען אַרומגעצוימט מיט הויכע מויערן: די וועלט האָט זיך גע־ענדיקט.

דאָס קינד איז אַוועק מיט אַ שכנה. זיי זענען געווען אַליין. זיי האָבן נישט גערעדט. נישט געקאָנט רעדן. נישט קוקנדיק אויף

איר, האָט ער גענומען פון אירע קני נאָך אַ הויפן קליינע סטרוטשקעס; זיינע פינגער האָבן געציטערט אָנרירנדיק סאַבינען: זיי האָבן זיך צווישן די פייכטע, גלאַטע אַרבעס געטראָפן מיט סאַבינעס פינגער, וואָס האָבן אויך געציטערט. זיי האָבן מער נישט געקאָנט אַרבעטן. זיי זענען געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך, נישט געקוקט איינער אויפן צווייטן: זי — אָנגעשפּאַרט אָן שטול, מיט אַ האַלב-אָפענעם מויל און אַראָפּהענגענדיקע אָרעמס; ער — אַרום אירע פיס, אָנגעשפּאַרט אָן איר; ער האָט געפילט לענג-אויס זיין אַקסל און אָרעם די וואַרעמקייט פון סאַבינעס פוס. זיי האָבן שווער געאָטעמט. קריסטאָף האָט צוגע-דריקט זיינע הענט צום שטיין, כדי זיי אָפּצוקילן: איין האַנט האָט אָנגערירט סאַבינעס פוס, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון שוך, און איז געבליבן ליגן אויפן פוס, נישט קאָנענדיק זיך אָפּרייסן. אַ שוידער איז זיי אַדורך איבערן לייב. ס'האָט זיי כמעט געשווינדלט אין די קעפּ. קריסטאָפס האַנט האָט געדריקט די קליינע פינגער פון סאַבינעס פוס. סאַבינע, פייכט פון שווייס און פאַרגליווערט, האָט זיך צוגעבויגן צו קריסטאָפן...

באַקאַנטע שטימען האָבן זיי אויפגעוועקט פון דעם שיכרות. זיי האָבן אַ ציטער געגעבן. קריסטאָף האָט זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטון פון אָרט און אַריבערגעשפּרונגען איבערן פּלויט. סאַבינע האָט צונויפ-גענומען דעם אָפּפאַל אין איר קלייד און אַוועק אַהיים. פון הויף האָט זי אַ קוק געטון הינטער זיך. זי איז געווען אויף דער שוועל. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. קליינע רעגן-טראָפּנס האָבן גענומען קלינגען אין די בלעטער פון די בוימער... זי האָט פאַרמאַכט די טיר. עס זענען אַריינגעקומען מאַדאַם פאָגעל מיט ראָזען... ער איז אַרויף צו זיך...

ווען דער געלבלעכער טאָג, צעווייקט אינם שלאַקס-רעגן איז אויסגעגאַנגען, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון טיש, געטריבן פון אַ שטאַרקן אימפּולס; ער איז צוגעלאָפן צום פאַרמאַכטן פענסטער און האָט אויסגעצויגן די אָרעמס צום פענסטער וואָס אַנטקעגנאיבער. אין דער רגע האָט ער דערזען, געגלויבט, אַז ער זעט, ווי אינם פענסטער אַנטקעגנאיבער, הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס, אינס האַלב-חושך פון צימער, האָט סאַבינע אויסגעצויגן צו אים די אָרעמס.

ער איז גיך אַרויס פון צימער. ער איז אַראָפּ פון די טרעפּ, ער איז צוגעלאָפן צום פּלויט פון גאָרטן. אין דער סכנה צו ווערן באַ-

מערקט, האָט ער געוואָלט אַריבערשפּרינגען, נאָר ווען ער האָט דערזען דאָס פענסטער, ווו זי האָט זיך געהאַט באַוויזן, האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז די לאָדנס זענען פאַרמאַכט. ס'האָט זיך געדאַכט. אַז די שטוב איז איינגעשלאָפן. ער האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל ער גיין ווייטער. דער אַלטער איילער, וואָס איז געגאַנגען צו זיך אין קעלער, האָט אים באַמערקט און אַ רוף געטון. ער איז געגאַנגען צוריק. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'איז געווען אַ חלום.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, און ראָזע האָט באַמערקט, וואָס עס טוט זיך אַרום איר. זי האָט קיינעם נישט חושד געווען, און זי האָט נאָך נישט געוווסט, וואָס אַזוינס איז קנאה. זי איז גרייט געווען אַלץ מקריב צו זיין און נישט געפאָדערט דערפאַר קיין שום באַלוינונג. נאָר אויב זי האָט שלום געמאַכט מיטן טרויעריקן געדאַנק, אַז קריסטאָף האָט זי נישט ליב, איז איר אָבער קיינמאָל אויפן רעיון נישט אַרויף די מעגלעכקייט, אַז ער זאָל ליב האָבן אַ צווייטע.

איינמאָל אין אַן אָוונט, נאָכן עסן, האָט זי זיך גענומען צו פאַרענדיקן אַ לאַנגווייליקע שטיקעריי-אַרבעט, ביי וועלכער זי איז שוין פאַרנומען געווען חדשים לאַנג. זי האָט זיך געפילט גליקלעך, און געהאַט חשק כאָטש איין מאָל צו באַפרייען זיך אַ ביסל, כדי צו כאַפּן אַ שמועס מיט קריסטאָפן. זי האָט אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען די מאַמע האָט זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן, און זי האָט זיך אַרויסגעשאַרט פונם צימער. זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב, ווי אַ חדר-ייִנגל, וואָס איז באַגאַנגען אַן עוולה. זי האָט זיך געפרייט, וואָס זי וועט קאָנען זיך רייצן מיט קריסטאָפן, ווייל ער האָט איר מיט פאַראַכטונג געהאַט געזאָגט, אַז זי וועט קיינמאָל פון דער אַרבעט נישט אַרויסקריכן. ס'האָט איר הנאה געטון, וואָס זי וועט אים איבערראַשן. עס מאַכט נישט אויס, וואָס דאָס אָרעמע מיידל האָט געוווסט, ווי נישט גינסטיק עס זענען צו איר קריסטאָפס געפילן; זי איז שטענדיק גרייט געווען מוותר צו זיין אויפן פאַרגעניגן, וואָס זי פאַרשאַפט אַנדערע מיט איר געזעלשאַפט, אויב נאָר זי אַליין איז צופרידן געווען יענעם צו טרעפן.

זי איז אַרויסגעגאַנגען. ווי שטענדיק זענען פאַר דער טיר גע־
זעסן קריסטאָף און סאַבינע. דאָס האַרץ איז ראָזען איינגעפאַלן. פונ־
דעסטוועגן איז זי צוליב דעם זינלאָזן געפיל נישט געבליבן שטיין
און זי האָט פריילעך אַ רוף געטון קריסטאָפן. אין דער שטילקייט פון
דער נאַכט האָט דער רעש פון איר שאַרפער שטים געמאַכט אויף
קריסטאָפן אַן איינדרוק פון אַ פאַלשן טאָן. ער האָט אַ ציטער געטון
אויף זיין שטול און זיך פאַרקרימט פון כעס. ראָזע האָט אים מיט
נצחון צוגעטראָגן די געשטיקטע אַרבעט צו זיין נאָז. קריסטאָף האָט
זי אָפּגעשטופּט אומגעדולדיק.

— כ'האָב געענדיקט, געענדיקט! — האָט ראָזע געטענהט.

— איז גוט, הויבט אָן אַ צווייטע, — האָט קריסטאָף טרוקן אַ
זאָג געטון.

ראָזע איז צעטומלט געוואָרן. די גאַנצע פרייד איז איר פאַר־
שטערט געוואָרן.

קריסטאָף האָט ווייטער גערעדט מיט אכזריות:

— און ווען איר וועט פאַרטיק מאַכן דרייסיק אַזעלכע אַרבעטן,
ווען איר וועט אַלט ווערן, וועט איר לכל הפחות קאָנען זאָגן, אַז איר
האָט נישט פאַרלוירן אייער לעבן לאיבוד!

ראָזע האָט געהאַלטן ביים וויינען:

— גאָט מיינער! ס'אַזאַ רשע איר זענט, קריסטאָף! — האָט זי
געזאָגט.

קריסטאָף האָט זיך פאַרשעמט און געזאָגט איר עטלעכע פריינד־
לעכע ווערטער. זי איז צופרידן געווען מיט דעם ביסעלע גוטסקייט,
און ווידער געוואונען דעם בטחון; זי האָט אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער
צו פּלוידערן: זי האָט בטבע נישט געקאָנט רעדן שטיל און געשריען
אויפן גאַנצן קול, לויטן מנהג פון דער שטוב. נישט געקוקט אויף
אַלע אָנשטרענגונגען, האָט קריסטאָף נישט געקאָנט פאַרהוילן זיין שלעכ־
טע שטימונג. לכתחילה האָט ער איר געענטפערט עטלעכע בייזע
ווערטער; דערנאָך אינגאַנצן נישט געענטפערט, זיך אויסגעדרייט מיטן
רוקן און געוויגט זיך אויפן שטול און געקריצט מיט די ציין אויף
ראָזעס גרילצנדיקער שטים. ראָזע האָט געזען, אַז זי רעגט אים אויף;
זי האָט געוווּסט, אַז ס'איז גלייכער צו שווייגן; און דאָך האָט זי ווײ־
טער גערעדט. עטלעכע טריט פון זיי, אין שאָטן, האָט סאַבינע, אַ
שווייגנדיקע, בייגעוווינט די סצענע מיט אַן איראָנישער רויקייט. דער־

נאָך איז זי מיד געוואָרן, געפילט, אַז דער אָוונט איז אַ פאַרלוירענער, זי האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען. קריסטאָף האָט באַמערקט איר פאַרשווינדן ערשט דעמאָלט, ווען זי איז שוין נישט געווען. ער האָט זיך אויך אויפגעהויבן און נישט איבערבעטנדיק ראָזען איז ער אַוועק צו זיך מיט אַ טרוקענער „גוטע נאַכט".

ראָזע איז אַליין געבליבן אין גאַס; אַ געקרענקטע, האָט זי געקוקט אויף דער טיר, ווו ער איז אַריינגעגאַנגען. זי איז שנעל אַריין אין שטוב, אַרויפגעגאַנגען צו זיך אין צימער אָן אַ געראויש, כּדי צו פאַרשפּאָרן רעדן מיט דער מאַמע, זי האָט זיך האַסטיק אויסגעטון, און ווי נאָר זי איז אַריין אין בעט, האָט זי זיך איינגעגנורעט אין דער קאָלדרע און זיך צעכליפּעט. זי האָט געפּרוווט נישט צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען; זי האָט זיך נישט געפרעגט, צי קריסטאָף האָט ליב סאַבינען, צי קריסטאָף און סאַבינע קאָנען זי נישט ליידן; זי האָט נאָר געוווּסט, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אַז דאָס לעבן האָט שוין פאַר איר מער קיין זין נישט, אַז עס בלייבט איר נאָר צו שטאַרבן.

צומאָרגנס אינדעדפרי איז צוזאַמען מיטן געדאַנק וועגן דאָס געשעענע געקומען צוריק אויך די אייביקע, גענאַרערישע האָפנונג. באַטראַכטנדיק די פּאַסירונגען פון נעכטן, האָט זי זיך איינגערעדט, אַז זי האָט אַ טעות געהאַט און איבערגעטריבן זייער באַטייט. קריסטאָף האָט זי געוויס נישט ליב געהאַט; זי האָט מיט אָט דעם געדאַנק שלום געמאַכט און באַהאַלטן אים טיף אין האַרצן, אַז סוף-כּל-סוף וועט דער כּוח פון איר ליבע ווירקן, אַז ער וועט זי ליב באַקומען. אָבער פון וואַנען נעמט זי עס, אַז צווישן סאַבינען מיט אים קומט עפּעס פאָר? ווי וואָלט ער, אַזאַ קלוגער ווי ער איז, געקאָנט ליב קריגן אָט די קליינע פרוי, וואָס איר נישטיקייט און מינדערוועריטיקייט רייסן ממש די אויגן? זי האָט זיך געפילט באַרויקט, — און דאָך נישט אויפגעהערט נאָכצוקוקן קריסטאָפן אויף טריט און שריט. זי האָט אין משך פון גאַנצע טעג גאָרנישט נישט געזען, ווייל ס'איז פּשוט נישט געווען וואָס צו זען; קריסטאָף אָבער האָט באַמערקט, ווי זי דרייט זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג אַרום אים אָן אַ שום סיבה, און ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטאַרקן צאָרן. ער איז אַרויס פון די כּלים, ווען זי האָט אין אָוונט זיך ווידער באַוויזן און אַנטשלאָסן זיך געזעצט אין דער זייט פון גאַס. ס'האָט זיך איבערגעחזרט די נעכטיקע סצענע: ראָזע האָט

אַליין גערעדט. אָבער סאַבינע האָט שוין דאָסמאָל נישט געוואַרט אַזוי לאַנג און איז באַלד אַריין אין שטוב; קריסטאָף האָט געטון דאָס אייגענע. ראָזע האָט שוין איצט נישט געקאָנט צווייפלען, אַז איר גע־זעלשאַפט איז זיי צו לאַסט; אָבער דאָס אומגליקלעכע מיידל האָט זיך געפּרוווט נאַרן. זי האָט נישט באַמערקט, אַז מיט דעם, וואָס זי וואַרפט זיי אָן איר געזעלשאַפט, מאַכט זי זיך נאָר ערגער; און מיט איר שטענדיקער אומגעשיקטקייט האָט זי געטון דאָס אייגענע אויך אין די ווייטערדיקע טעג.

צומאָרגנס האָט קריסטאָף, אין ראָזעס געזעלשאַפט, אומזיסט גע־וואַרט, סאַבינע זאָל זיך ווייזן.

מיט אַ טאָג שפּעטער האָט זיך שוין ראָזע געפונען אַליין. זיי האָבן אויפגעגעבן דעם קאַמף. נאָר זי האָט דערמיט געוווּנען בלויז קריסטאָפס צאָרן; ער איז געווען משוגע פון כּעס, וואָס מ'האָט ביי אים צוגענומען די טייערע אָוונטן, דאָס איינציקע גליק זיינס. ער האָט עס איר נישט געקאָנט מוחל זיין, בפרט וואָס ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט די אייגענע געפילן, און ער האָט זיך לחלוטין נישט געגעבן קיין מי צו דערגיין ראָזעס ליידן.

סאַבינע אָבער האָט זיי שוין געקענט פון לאַנג; זי האָט געוווּסט, אַז ראָזע איז אייפערזיכטיק, נאָך איידער זי איז דערגאַנגען, אַז זי איז אַליין פאַרליבט; נאָר זי האָט נישט גערעדט גאָרנישט; און מיט דער נאַטירלעכער אכזריות פון אַ יונגער פרוי, וואָס איז זיכער אין איר נצחון, האָט זי שווייגנדיק און מיט שפּאָט בייגעוווינט די אומ־זיסטע מאַטערנישן פון איר שלימזלדיקער קעגנערין.

ראָזע איז געבליבן אַליין אויפן שלאַכט־פעלד און מיט ווייטיק באַטראַכט דעם אויסגאַנג פון איר טאַקטיק. צום בעסטן וואָלט פאַר איר געווען נישט צו זיין איינגעקשנט און לאָזן קריסטאָפן צו רו, לכל־הפּחות אויף אַ צייט: נאָר זי האָט עס נישט געטון; און אַזוי־ווי דאָס ערגסטע, וואָס זי האָט געקאָנט טון, איז געווען צו רעדן וועגן סאַבי־נען, האָט זי דווקא אויסגעקליבן אָט דעם וועג.

מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ, כּדי זיך צו דערוויסן קריסטאָפס מחשבות,

האָט זי שעמעוודיק געזאָגט, אַז סאַבינע איז שיין. קריסטאָף האָט טרוקן געענטפערט, אַז זי איז זייער שיין. און הגם ראָזע האָט זיך געריכט אויף אַזאַ תשובה, האָט זי דאָך דערפילט אַ שטאָך אין האַרצן, ווען זי האָט עס דערהערט. זי האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז סאַבינע איז שיין; נאָר קיינמאָל האָט זי אויף דעם קיין אַכט נישט געלעגט; צום ערשטן מאָל האָט זי אַ קוק געטון אויף איר מיט קריסטאָפס אויגן; זי האָט געזען אירע פיינע שטריכן, איר נעזל, איר קליינעם מויל, איר קערפּערל, אירע באַחנטע באַוועגונגען... אַך, ס'אַראַ ווייטאָק!... וואָס וואָלט זי נישט אַוועקגעגעבן, צו זיין אין איר קערפּער! זי האָט צו גוט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מ'האָלט סאַבינעס אויסזען שענער, ווי אירן!... מיט וואָס האָט זי זיך פאַרזינדיקט, וואָס זי האָט אַזאַ קערפּער? ווי עקלדיק ער איז איר! ווי מיאוס ער זעט איר אויס! זי פילט צו אים אַן עקל. זי האָט אַ טראַכט געטון, אַז נאָר דער טויט קאָן זי פון אים באַפרייען!... זי איז געווען צו שטאָלץ און דאָסמאָל צו שטאַרק געפאַלן ביי זיך, זי זאָל זיך פאַר עמעצן באַקלאָגן, וואָס ער האָט זי נישט ליב: זי האָט דערויף קיין שום רעכט נישט געהאַט און זי האָט געזוכט סיבות נאָך מער זיך צו דערנידעריקן. אָבער איר אינסטינקט האָט זיך געווערט... ניין, ס'איז נישט יושרדיק!... פאַרוואָס געהערט אָט דער קערפּער צו איר, צו איר און נישט צו סאַבינען?... און פאַרוואָס האָט מען סאַבינען ליב? מיט וואָס האָט זי עס זוכה געווען?... ראָזע האָט זי געזען אָן אַ שום שלייער: אַ פוילע, אָפּגע־לאָזענע, עגאָאיסטישע פרוי, וואָס איז צו אַלעמען גלייכגילטיק, וואָס פאַרנעמט זיך נישט מיט דער שטוב, נישט מיטן קינד, נישט מיט קיין שום אַנדערער זאַך; וואָס האָט קיינעם נישט ליב, וואָס לעבט נאָר, כדי צו שלאָפן און אַרומצודרייען זיך און צו זיצן מיט פאַרלעגטע הענט... און דווקא דאָס איז לייטן געפעלן... דאָס איז געפעלן קרי־סטאָפן... קריסטאָף, וואָס איז אַזוי ערנסט, קריסטאָף, וואָס קאָן משפטן אַ מענטשן, קריסטאָף, וועלכן זי שעצט און באַווונדערט מער, ווי אַלע־מען! אוי, ס'איז צו אומגערעכט! ס'איז אויך צו נאַריש!... ווי אַזוי איז עס געשען, וואָס קריסטאָף באַמערקט עס נישט? — זי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, נישט אַריינצווואַרפן פון צייט צו צייט אַן אומפריינדלעכע באַמערקונג קעגן סאַבינען. זי האָט עס נישט געוואָלט טון, ס'איז אָבער געווען איבער אירע כוחות. זי האָט נאָכדעם שטענ־דיק חרטה געהאַט, ווייל זי איז געווען אַ גוטע און נישט ליב געהאַט

צו רעדן וועגן עמעצן שלעכטס. אָבער נאָכמער האָט זי חרטה געהאַט דערפאַר, וואָס זי האָט אַרויסגערופן אכזריותדיקע ענטפערן, וואָס האָבן איר באַוויזן, ווי שטאַרק קריסטאָף איז פאַרליבט. ער האָט זי איצט נישט געשוינט. באַליידיקט אין זיין ליבע־געפיל, האָט ער געזוכט צו באַליידיקן יענעם, און ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן. ראָזע פלעגט נישט ענטפערן; זי פלעגט אַוועקגיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, צונויפגעפרעסט די ליפּן, כדי נישט צעוויינען זיך. זי האָט געטראַכט, אַז ס׳איז איר אייגענע שולד, אַז זי באַקומט דאָס, וואָס זי פאַרדינט, ווייל זי האָט קריסטאָפן פאַרשאַפט צער, אָנגרייפנדיק די, וועלכע ער האָט ליב.

איר מוטער איז אָבער נישט געווען אַזוי געדולדיק ווי זי. מאַדאַם פאָגעל האָט אַלץ צוגעזען און נישט פאַרזאַמט צו באַמערקן, אַזוי גוט ווי דער אַלטער איילער, די שמועסן צווישן קריסטאָפן און זיין יונגער שכנה: ס׳איז נישט שווער געווען צו טרעפן, אַז דאָ וועבט זיך אַ ראָמאַן. פון די פּלענער, וואָס זי האָט געהיים געבויט, חתונה צו מאַכן אין דער נאָענטסטער צייט ראָזען מיט קריסטאָפן, האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידעם; און איר האָט זיך געדאַכט, אַז פון קריסטאָפס זייט איז עס אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג, הגם ער איז נישט מחויב געווען צו וויסן, אַז מ׳האָט פאַרמשפּט זיין גורל אָן זיין וויסן. אָבער אַמאַליִעס דעספּאָטיזם האָט נישט צוגעלאָזן, אַז מ׳זאָל טראַכטן אַנדערש, ווי זי; און ס׳איז אויסגעקומען אין אירע אויגן אַ סקאַנדאַל, וואָס קריסטאָף איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער מיינונג, וואָס זי האָט ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעזאָגט וועגן סאַבינען.

זי האָט זיך נישט געשעמט איבערצוחזרן פאַר אים איר מיינונג. יעדעס מאָל, ווען ער איז ביי זיי געווען, האָט זי געפונען אַן אויסרייד אָנצוהויבן שמועסן וועגן דער שכנה; זי האָט אויסגעזוכט זאַכן, וואָס האָבן צום שטאַרקסטן אים וויי געטון און געקאָנט אים אָנרירן; און מיט אַ פּשוטן קוק און גראָבן לשון איז נישט שווער געווען אויסצוגעפינען אַזעלכע חסרונות אין סאַבינען. דער אור־אינסטיקט פון דער פרוי, וואָס איז שטאַרקער פון מאַנס אינסטינקט צו טון שלעכטס אָדער גוטס, האָט זי געטריבן אָפּצושטעלן זיך ווייניקער אויף סאַבינעס פוילקייט און מאָראַלישע חסרונות, — און מער אויף איר שמוציקייט. אַמאַליעס אומדיסקרעט, נאָכשפּירנדיק אויג האָט אויסגעפונען דערויף באַווייזן, וואָס זי האָט געזען דורך די שויבן ביז טיף אין צימער, אין די סודות פון סאַבינעס טואַלעט; און זי האָט עס אויסגערעכנט

מיט אַ גראָבער הנאה. ווען זי האָט, צוליב צניעות, נישט געקאָנט אַלץ אַרויסזאָגן, האָט זי עס געגעבן אָנצוהערן דורך רמזים.

קריסטאָף איז בלייך געוואָרן פון שעמעוודיקייט און כעס; ער איז געוואָרן ווייס ווי לייוונט, און זיינע ליפּן האָבן געציטערט. ראָזע האָט פאַרגעזן, אַז עפּעס וועט דאָ באַלד געשען, און זי האָט זיך געגעבן ביי דער מוטער צו מאַכן אַ סוף; זי האָט אפילו געפּרוווט פאַרטיידיקן סאַבינען. זי האָט אָבער אויסגעפירט, אַז אַמאַליע איז גע-וואָרן נאָך שאַרפער.

פּלוצלינג האָט זיך קריסטאָף אַ הויב געטון פון שטול. ער האָט אַ קלאַפּ געטון אין טיש און גענומען שרייען, אַז ס'איז אַ חרפּה און אַ שאַנד צו רעדן אַזוי וועגן אַ פרוי, אַריינצוקוקן צו איר און אויס-צורעכענען אירע חסרונות; מ'דאַרף זיין אַ רשע אָנצופאַלן אויף אַ גוטן, ליבן, רויקן מענטשן, וואָס לעבט איינזאַם, וואָס טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט, וואָס זאָגט קיינעם קיין בייז וואָרט נישט. נאָר זיי האָבן אַ טעות, אויב זיי מיינען, אַז דערמיט וועלן זיי זי מיאוסער מאַכן: זיי וועלן נאָר אויספירן, אַז זי וועט ווערן סימפּאַטישער, און איר גוטסקייט וועט נאָך בולטער ווערן.

אַמאַליע האָט זיך געכאַפּט, אַז די איז צו ווייט אַוועק; אָבער זי האָט זיך געפילט געטראָפן פון זיין מוסר; און אַריבערטראָגנדיק דעם שמועס אויף אַן אַנדער געביט, האָט זי געזאָגט, אַז ס'איז גאַנץ לייכט צו רעדן פון גוטסקייט: מיט דעם וואָרט קאָן מען געפינען אַ זכות אויף אַלץ. אוודאי! ס'איז גאַנץ באַקוועם צו באַווייזן זיך פאַר אַ גוטן, ווען מ'פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין שום זאַך, מיט קיין שום מענטש נישט, און מ'דערפילט נישט די אייגענע פליכטן!

דערויף האָט קריסטאָף געענטפערט, אַז די ערשטע פליכט איז צו פאַרזיכן יענעם דאָס לעבן, אָבער עס זענען דאָ מענטשן, וואָס האַלטן פאַר זייער חוב צו טון נאָר דאָס, וואָס איז מיאוס, ווייטאָגדיק, לאַנגווייליק, וואָס שטערט יענעם די פרייהייט, וואָס מאַטערט און באַ-ליידיקט דעם שכן, די אייגענע, די פאַמיליע און זיך אַליין. זאָל אונדז גאָט אָפּהיטן פון אַזעלכע מענטשן און פון אַזאַ מין פליכט, ווי פון אַ מגפה!...

דער וויכוח איז געוואָרן נאָך מער פאַרביטערט. אַמאַליע איז געוואָרן נאָך שאַרפער. קריסטאָף איז איר נישט געבליבן שולדיק. — און דער גלייכסטער אויסגאַנג דערפון איז געווען, אַז קריסטאָף האָט

אָנגעהויבן צו באַווייזן זיך שטענדיק צוזאַמען מיט סאַבינען. ער האָט געקלאַפּט אין איר טיר. ער האָט פריילעך גערעדט און געלאַכט מיט איר. ער האָט אויסגעקליבן דערצו דווקא אַזעלכע מאָמענטן, ווען אַמאַ־ליע און ראָזע האָבן אים געקאָנט זען. אַמאַליע האָט זיך נוקם געווען מיט בייזע ווערטער. נאָר דער תּמימותדיקער ראָזען האָט דאָס האַרץ ווי געטון פון דער ראַפינירטער אכזריות; זי האָט געפילט אַז ער האָט זיי פיינט, אַז ער וויל זיך נוקם זיין; און זי האָט ביטער גע־וויינט.

קריסטאָף, וואָס האָט אַזוי אָפט געליטן פון מענטשלעכער רשעות, האָט זיך אויסגעלערנט אויף אַזאַ אומגערעכטן אופן אָנצוטון יסורים אַנדערע.

אין אַ צייט אַרום האָט סאַבינעס ברודער, אַ מילנער פון לאַנ־דעג, — אַ שטעטל עטלעכע מייל פון דער שטאָט — געפייערט דעם טויף־יום־טוב פון אַ יינגל. סאַבינע איז געווען די טויף־מוטער. זי האָט איינגעלאַדן קריסטאָפן. ער האָט נישט ליב געהאַט די פייערונגען; אָבער צוליב דעם פאַרגעניגן צו דערגיין די פאָגעלס די יאָרן און צו פאַרברענגען מיט סאַבינען, האָט ער מסכּים געווען.

סאַבינע האָט זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון דער בייזוויליקער הנאה איינצולאַדן אַמאַליען און ראָזען, זי איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן זיך אָפּזאָגן. זיי האָבן עס, נאַטירלעך, געטון. ראָזע האָט ממש געחלשט אָנצונעמען די איינלאַדונג. זי האָט נישט פיינט געהאַט סאַ־בינען, זי האָט אפילו אָפּטמאָל געפילט צו איר אַ שטאַרקע צערטלעכ־קייט, ווייל קריסטאָף האָט זי ליב געהאַט; זי האָט חשק געהאַט זיך דורכצושמועסן מיט איר, צו פאַלן איר אויפן האַלז. אָבער די מוטער איז געווען דערבײַ, און זי האָט איר געמוזט נאָכטון. שפּעטער, ווען סאַבינע און קריסטאָף זענען אַוועקגעפאָרן און זי האָט אַ טראַכט גע־טון, אַז זיי זענען איצט צוזאַמען, אַז זיי זענען גליקלעך און אַז זיי שפּאַצירן מסתּמא אין דער רגע איבער פעלדער אינם שיינעם יולי־טאָג, בעת זי זיצט פאַרשפּאַרט מיט דער שעלטנדיקער מאַמע אין צימער, מיט אַ פּאַק־וועש צו פאַריכטן, — האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי ווערט

דערשטיקט; זי האָט פֿאַרשאָלטן איר אייגנליבע. אַך, אפשר איז נאָך צייט?... ווען ס'וואָלט נאָך צייט געווען, אוי, — וואָלט זי סיי-ווי-סיי נישט אַנדערש געהאַנדלט...

דער מילנער האָט אַרויסגעשיקט זיין וועגעלע צו ברענגען קריסטאָפֿן און סאַבינען. אין וועג, פֿאַרבייפֿאָרנדיק, האָבן זיי מיטגענומען נאָך עטלעכע געסט. די לופֿט איז געווען פֿריש און טרוקן. די העלע זון האָט געגלאַנצט אויף די רויטע קאַלינעס ביים וועג און אויף די קאַרשן-בוימער אין די פֿעלדער. סאַבינע האָט געשמייכלט. איר בלייך פּנים האָט זיך פֿאַרויטלט פֿון פֿרישער לופֿט. קריסטאָף האָט געהאַלטן איר טעכטערל אויף די קני. זיי האָבן נישט געזוכט קיין געלעגנהייט צו רעדן, זיי האָבן געשמועסט מיט די שכנים, נישט וויכטיק מיט וועמען און וועגן וואָס: זיי זענען געווען צופֿרידן צו הערן איינער דעם אַנדערנס שטים, זיי זענען געווען גליקלעך צו פֿאָרן אין איין וועגעלע. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט קינדערשער פֿרייד, אָנווייזנדיק אויף יעדער שטוב, יעדן בוים, יעדן דורכגייער. סאַבינע האָט ליב בעהאַט דאָס פֿעלד, אָבער זי איז קיינמאָל אַהין נישט געגאַנגען: איר עקשנותדיקע פֿוילקייט האָט זי אָפּגעהאַלטן פֿון שפּאַציר; אַ יאָר צייט איז זי כמעט נישט אַרויסגעגאַנגען פֿון שטאָט, און דערפֿאַר האָט זי זיך געפֿרייט מיט יעדער קלייניקייט, וואָס זי האָט געזען אין וועג. די אַלע זאַכן זענען פֿאַר קריסטאָפֿן נישט געווען קיין נאָווינע; אָבער ער האָט ליב געהאַט סאַבינען, און ווי אַלע פֿאַרליבטע געקוקט מיט אירע אויגן, געפֿילט יעדן הנאה-ציטער, און איר אַנטציקונג איז ביי אים אַריבער אין התפּעלות: ווייל בעת מ'שמעלצט זיך צונויף מיט דער געליבטער, זעט מען אין איר די אייגענע נשמה.

זיי זענען אָנגעקומען אין מיל און געטראָפֿן אַ פֿולן הויף מיט מענטשן פֿונם גוט און אַנדערע געסט, וואָס האָבן זיי מקבל פּנים געווען מיט אַ רוישנדיקן טומל. די הענער, גענז און הינט האָבן זיי באַגריסט אין אַ כאָר. דער מילנער בערטאָלד, אַ בלאָנדהאָריקער יונג, מיט אַ פֿירקאַנטיקן קאָפּ און אַקסלען, פֿונקט אַזוי דיק און גרויס, ווי סאַבינע קליין און צאַרט, האָט אויפֿגעהויבן זיין קליינע שוועסטער אין די אָרעמס און זי פֿאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזן אויף דר'ערד, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, זי זאָל, חלילה, נישט צעבראָכן ווערן. קריסטאָף האָט באַלד באַמערקט, אַז די קליינע שוועסטער טוט, לויט איר שטייגער, וואָס איר האַרץ גלוסט מיטן דאָזיקן ריז, און הגם

דער ברודער האָט אומגעשיקט חוזק געמאַכט פון אירע קאַפּריזן, פּוילקייט און טויזנט אַנדערע חסרונות, וואָלט ער דאָך געקושט אי־רע פיס, ווי אַ קנעכט. זי איז דערצו געוווינט געווען און געהאַלטן עס פאַר נאַטירלעך. זי האָט בכלל געהאַלטן יעדע זאַך פאַר נאַטירלעך און קיינמאָל נישט נתפעל געוואָרן. זי האָט גאָרנישט נישט געטון, מ׳זאָל זי ליב באַקומען: ס׳איז ביי איר אויסגעקומען גאַנץ איינפאַך, וואָס עס איז אַזוי; און ווען ס׳זאָל זיין פאַרקערט, וואָלט זי זיך אויך צום האַרצן נישט גענומען,—דערפאַר טאַקע האָבן זי אַלע ליב געהאַט.

קריסטאָף האָט זיך דערוווּסט נאָך אַ זאַך, וואָס האָט אים ווײ־ניקער הנאה געטון. דהיינו: די טויף־פּייערונג פאָדערט נישט נאָר אַ טויף־מוטער, נאָר אויך אַ טויף־פאָטער, און אַז דער לעצטער האָט אויף דער טויף־מוטער געוויסע רעכט, פון וועלכע ער זאָגט זיך נישט אָפּ, בפרט ווען זי איז יונג און שיין. ער האָט עס פּלוצלינג באַמערקט, בעת אַ פּערמער, מיט בלאָנד־געקרייזלטע האָר און רינ־גען אין די אויערן, איז לאַכנדיק צוגעגאַנגען צו סאַבינען און זי אַ קוש געטון אין ביידע באַקן. אָנשטאָט זיך מודה צו זיין, אַז ער איז אַ גרויסער נאַר, וואָס האָט פאַרגעסן דעם מנהג, און נאָך אַ גרעסע־רער נאַר, וואָס ער נעמט זיך עס צום האַרצן,—איז קריסטאָף גאָר בייז געוואָרן אויף סאַבינען, פּונקט ווי זי וואָלט אים בכיוון אַריינ־געשלעפּט אין אַ נעץ. זיין שלעכטע שטימונג האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט, ווען ער האָט זיך דערזען אָפּגעזונדערט פון איר אין משך פון דער צערעמאָניע. סאַבינע האָט זיך פון צייט צו צייט אומ־געקוקט און געוואָרפן אויף אים אַ פריינדלעכן בליק. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער זעט זי נישט. זי האָט געפילט, אַז ער האָט פאַר־דרוס, און געוווּסט פאַרוואָס; אָבער ס׳האָט זי נישט באַאומרויקט: זי האָט זיך דערמיט געוויילט. ווען זי וואָלט זיך באמת צעקריגט מיט איר געליבטן, וואָלט זי זיך קיינמאָל נישט מטריח געווען אויפצוקלערן דעם סכסוך: ס׳וואָלט געפאָדערט צו פיל מי. סוף־כל־סוף וואָלט זיך דאָך אַלץ במילא גוט אויסגעלאָזן.

ביים טיש האָט מען אים אַוועקגעזעצט צווישן דעם מילנערס ווייב און אַ דיקע מויד מיט רויטע באַקן, וועלכע ער האָט באַגלייט צו דער מעסע־תּפילה און אַפילו זיך נישט אומגעקוקט אויף איר. איצט איז קריסטאָפן איינגעפאַלן צו כאַפּן אַ קוק אויף זיין שכנה; און געפינענדיק, אַז זי איז צו דערליידן, האָט ער זיך ראַשיק פאַר־

נומען מיט איר, כּדי זיך נוקם צו זיין אין סאַבינע, וואָס האָט עס באַמערקט. ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן; אָבער סאַבינע איז געווען אַ פרוי, בטבע נישט אייפערזיכטיק אויף קיין זאַך נישט, און אויך נישט אויף מענטשן: קוים האָט זי געוווּסט, אַז מ׳האָט זי ליב, האָט איר שוין נישט געאַרט, וואָס מ׳האָט ליב אַנדערע אויך; און אָנשטאָט נעמען זיך צום האַרצן, איז זי גאָר צופרידן געווען, וואָס קריסטאָף ווײַלט זיך גוט. פון צווייטן עק טיש האָט זי אים געשיקט איינעם פון איר רייצנדיקסטע שמייכלען. קריסטאָף איז געווען אויסער זיך; ער האָט שוין נישט געצווייפלט אין סאַבינעס גלײַכגילטיקייט און איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ שווײַגנדיקער אָנגעבלאָזנקייט, וואָס נישט די שטעכווערטלעך פון די שכנים און נישט די אָנגעפילטע כּוסות האָבן אים נישט געקאָנט אויפמונטערן. לסוף, ווען ער איז געוואָרן שלעפעריק און בײַ זיך געפרעגט, וואָס אייגנטלעך טוט ער דאָ צווישן אָט די זולל וסובאניקעס, האָט ער נישט געהערט, ווי דער מילנער לעגט פאָר אַ שפּאַציר איבערן וואַסער, כּדי צו באַגלייטן די געסט יעדערן אין זיין גוט. קריסטאָף האָט אפילו נישט געזען, ווי סאַבינע מאַכט צו אים צייכנס, ער זאָל צו איר צוגיין און זעצן זיך אינם זעלבן שיפל. ווען ס׳איז אים איינגעפאַלן דאָס צו טון, איז שוין פאַר אים נישט געווען קיין אָרט, און ער האָט געמוזט אַרײַן אין אַן אַנדער שיפל. אָט דער נײַער דורכפאַל וואָלט אים נאָך מער פאַרדראָסן, ווען ער דערוויסט זיך נישט, אַז אויפן וועג וועלן זיי פּטור ווערן פון אַלע מיטפאָרער. דעמאָלט איז אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן, און זיין פּנים איז ליכטיק געוואָרן. אגב האָט דער שיינער נאָכמיטאָג אויפן וואַסער, די הנאה צו אַרבעטן מיט די רודערס און די פריילעכקייט פון די מוטיקע לייט, סוף-כּל-סוף אַוועקגענומען זיין שלעכטע שטימונג. סאַבינע איז דאָ נישט געווען, ער האָט זיך שוין אויף איר נישט אומגעקוקט, ס׳איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן און ער האָט זיך זאָרגלאָז געווײַלט, ווי די איבעריקע.

זיי זענען געזעסן אין די דריי שיפלעך. זיי זענען געפאָרן איינס נאָכן צווייטן און געוואָלט זיך איבעריאָגן. זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט שפּאַסיקע זידלערייען. ווען די שיפלעך האָבן זיך אויסגעגלײַכט, האָט קריסטאָף דערזען סאַבינעס שמייכלענדיקן בליק, און ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אויך אַ שמייכל צו טון: זיי האָבן געפילט, אַז זיי זענען ווידער חבר געוואָרן. איצט האָט ער געוווּסט,

אַז באַלד וועלן זיי ווידער זיין צוזאַמען.

מ'האָט געגומען זינגען לידער אויף פיר שטימען. יעדע גרופּע האָט זיך געזונגען אַן אַנדער ליד; דער רעפריין איז געוואָרן אונטער־געכאַפּט פונם כאָר. די צווייטע שיפלעך האָבן אָפּגעענטפערט, ווי אַן עכאָ. די טענער האָבן געשוועבט איבערן וואַסער, ווי פייגל. פון צייט צו צייט האָט זיך אַ שיפל אָפּגעשטעלט ביים ברעג: איינער אָדער צוויי פּויערן זענען אַרויסגעשטיגן, געבליבן אויפן ברעג און געמאַכט צייכנס צו די שיפלעך, וואָס האָבן זיך דערווייטערט. די קליינע גע־זעלשאַפט האָט זיך צעזייט און צעשפּרייט. איינע נאָך דער אַנדערער, האָבן זיך די שטימען אויפגעבונדן פונם קאָנצערט. לסוף זענען זיי געבליבן אַליין, קריסטאָף, סאַבינע און דער מילנער.

זיי זענען געפאָרן צוריק אין איין שיפל, אַראָפּ־וואַסער. קריסטאָף און בערטאָלד האָבן געהאַלטן די רודערס, אָבער נישט גערודערט. סאַ־בינע איז געזעסן הינטן, אַנטקעגן קריסטאָפן און געשמועסט מיט איר ברודער און געקוקט אויף קריסטאָפן. דער שמועס האָט זיי געלאָזט קוקן איינער אויפן אַנדערן אומגעשטערט. זיי וואָלטן עס קיינמאָל נישט געקאָנט טון, ווען די ליגנערישע ווערטער וואָלטן אַנטשוויגן געוואָרן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די ווערטער רעדן: „איך קוק נישט אויף דיר". אָבער די בליקן האָבן גערעדט: „ווער ביסטו? ווער ביסטו, וואָס איך האָב דיך ליב?... איך האָב דיך ליב, ווער דו זאָלסט נישט זיין!..."

דער הימל איז טונקל געוואָרן, אַ נעפּל האָט זיך אויפגעהויבן פון די לאָנקעס, דער טייך האָט גערויכערט, די זון איז אויסגעגאַנגען צווישן די וואָלקנס. ציטערנדיק האָט זיך סאַבינע אַרומגעהילט די אַק־סלען און דעם קאָפּ מיט איר קליינעם שוואַרצן טוך. זי האָט אויסגע־זען פאַרמאַטערט. בעת דאָס שיפל, שווימענדיק לענג־אויס דעם ברעג, האָט זיך דורכגעגליטשט אונטער די אַראָפּהענגענדיקע ווערבע־צווייגן, האָט זי פאַרמאַכט די אויגן; איר פּנים איז געוואָרן בלאַס; אירע ליפּן האָבן זיך וויטאָקלעך אויסגעקרימט; זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, זי האָט אויסגעזען ליידנדיק, — מסתמא זייער פיל געליטן,— זי האָט אויסגעזען טויט. קריסטאָפן האָט אַ שטאָך געטון אין האַרצן. ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר. זי האָט ווידער אויפגעעפנט די אויגן, דערזען קריסטאָפס אומרויקן, פרעגנדיקן בליק און אַ שמייכל געטון. ס'איז געווען פאַר אים, ווי אַ זון־שטראַל. ער האָט זי שטיל געפרעגט:

— איר זענט קראַנק?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און געענטפערט:
— ס'איז מיר קאַלט.

ביידע מענער האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף איר זייערע מאַנטלען; זיי האָבן איר איינגעדעקט די פיס, די טריט און די קני, ווי אַ קינד, וואָס מ'טוליעט איין אין בעט. זי האָט זיך נישט געוועהרט און זיי געדאַנקט מיטן בליק. אַ דריבנער, קאַלטער רעגן האָט גענומען טריפן. זיי האָבן אָנגענומען די רודערס און זיך געאיילט צו קומען אַהיים. שווערע וואָלקנס האָבן פאַרלאָשן דעם הימל. דער טייך האָט זיך גע-צויגן אין אַ טינט-שטראָם. דאָ און דאָרט, אין די פעלדער, האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך אין די פענסטער פון די הייזער. ווען זיי זענען אָנגעקומען צו דער מיל, האָט אַ גאָס געטון אַ שלאַקס-רעגן, און סאַ-בינע איז געוואָרן דורכגעווייקט.

מ'האָט אָנגעצונדן אַ גרויס פייער אין קיך און געוואַרט, דער מבול זאָל אויפהערן. אָבער ער איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, און דער ווינט האָט גענומען בלאָזן. זיי האָבן געדאַרפט דורכמאַכן ביז דער שטאָט דריי מייל אויפן וואָגן. דער מילנער האָט דערקלערט, אַז ער וועט בשום אופן נישט אַרויסלאָזן סאַבינען אין אַזאַ צייט, און ער האָט זיי ביידן פאָרגעלעגט איבערצונעכטיקן ביי אים. קריסטאָף האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל ער מסכים זיין; ער האָט געזוכט אַן עצה אין סאַבינעס אויגן; אָבער אירע אויגן האָבן עקשנותדיק געקוקט אויף די פייער-פלאַמען, מ'וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז זיי האָבן מורא געהאַט צו ווירקן אויף קריסטאָפס באַשלוס. אָבער ווען קריסטאָף האָט געענט-פערט, אַז יאָ, האָט זי אויסגעדרייט צו אים איר פאַררויטלט פּנים — ר'איז עס געווען דער רעפלעקס פונם פייער? — און ער האָט געזען, אַז זי איז צופרידן.

אַ טייערער אָוונט... דער רעגן האָט געבושעוועט אין דרויסן. דאָס פייער האָט געשפריצט אין שוואַרצן קוימען סנאָפּעס גאָלדענע פונקען. זייערע פאַנטאַסטישע זיי זענען געזעסן אַרום אין אַ קרייז. זייערע פאַנטאַסטישע סילועטן האָבן זיך באַוועגט אויף דער וואַנט. דער מילנער האָט גע-וויזן סאַבינעס מיידעלע, ווי מ'מאַכט שאָטנס מיט די הענט. דאָס קינד האָט געלאַכט און דאָך נישט געקאָנט זיך באַרויקן. סאַבינע, איינגע-בויגן צום פייער, האָט מעכאַניש געגישטערט אין אים מיט אַ שוועל-רער צוואַנג; זי איז געווען אַ ביסל מיד און שמייכלענדיק געטרוימט, און בשעת מעשה, נישט הערנדיק קיין וואָרט, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ,

צו דער פּלוידעריי פון איר שוועגערין, וואָס האָט איר דערציילט וועגן דער באַלעבאַטישקייט. קריסטאָף, וואָס איז געזעסן אין שאָטן, ביים מילנערס זייט, האָט לייכט געגלעט דעם קינדס הערעלעך און געקוקט אויף סאַבינעס שמייכל. זי האָט געוווסט, אַז ער קוקט אויף איר. ער האָט געוווסט, אַז זי שמייכלט צו אים. זיי האָבן דעם גאַנצן אָוונט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו רעדן און זיך אָנצוקוקן: זיי האָבן עס, אגב, נישט געזוכט.

זיי האָבן זיך גאַנץ פרי צעשיידט. זייערע צימערן זענען געווען בשכנות. צווישן זיי איז געווען אַ טיר. קריסטאָף איז געווען זיכער, אַז דער שלאָס געפינט זיך אויף סאַבינעס זייט: ער האָט זיך געלעגט און געפּרווט שלאָפן. דער רעגן האָט געשמיסן אין די פענסטער. דער ווינט האָט געהוליעט אין קוימען. אַ טיר האָט זיך פאַרקלאַפּט אויבן אונטערשטן שטאָק. אַ הימלבוים, געשלאָגן פון שטורעם, האָט געקרעכצט הינטערן פענסטער. קריסטאָף האָט נישט געקאָנט פאַרמאַכן די אויגן. ער האָט געטראַכט, אַז ער געפינט זיך מיט איר אונטער איין דאַך. אַ וואַנט האָט זיי נאָר אָפּגעטיילט. ער האָט נישט געהערט קיין שום גערויש פון סאַבינעס צימער. נאָר אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט זי. אויפגעהויבן אויפן בעט, האָט ער זי גערופן מיט אַ שטילער שטים דורך דער וואַנט און גערעדט צו איר צערטלעכע, ליידנשאַפטלעכע ווערטער. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט איר ליבע שטים, וואָס ענטפערט אים, וואָס רעדט צו אים און רופט אים אין דער שטיל; ער האָט נישט געוווסט, צי האָט ער אַליין געפרעגט ביי זיך און אַליין געענטפערט, אָדער זי האָט עס באמת גערעדט. נאָך אַ שטאַר-קערן רוף, האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין; ער האָט זיך אַ וואָרף געטון פון בעט; טאַפּנדיק אין דער פינסטערניש, איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר; ער האָט זי נישט געוואָלט עפענען, ער האָט זיך געפילט זיכערער, וואָס זי איז פאַרמאַכט. און ווען ער האָט ווידער געפּרווט דאָס הענטל פון דער טיר, האָט ער געזען, אַז די טיר עפנט זיך...

ער איז פאַרגליווערט געוואָרן... ער האָט זי לייכט פאַרמאַכט,

ווידער געעפנט און ווידער פאַרמאַכט. איז זי דען נישט געווען פאַר־מאַכט אַ ווײַלע פריער? יאָ, ער איז געווען זיכער. ווער־זשע האָט זי געעפנט? דאָס האַרץ האָט אים האַסטיק געקלאַפּט. ער האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אָן בעט, ער האָט זיך געזעצט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. די לײַדנ־שאַפט האָט אים אָפּגענומען הענט און פיס. זי האָט אים געשטערט צו זען, צו הערן, זיך אַ ריר צו טון: זײַן גאַנצן קערפּער האָט דורכ־גענומען אַ ציטער. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער אומבאַקאַנטער פרייד, וואָס ער האָט געדופן זינט לאַנגע חדשים און וואָס איז געווען דאָ, נאָענט, נישט אָפּגעטיילט פון אים. אָט דער האַסטיקער, אין ליבע געפּענטעטער ייִנגל האָט פּלוצלינג דערפילט אַ שרעק, און אַ חרפּה האָט אים באַגאָסן פאַר די פאַרלאַנגען, וואָס האָבן געהאַלטן ביים פאַרווירקלעכט ווערן. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיי, געשעמט דער־פון, וואָס ער גייט טון. ער האָט צו שטאַרק ליב געהאַט צו האָבן די העזה זיך צו שפּילן מיט דער, וואָס ער האָט ליב געהאַט; ער האָט מורא געהאַט; ער וואָלט איצט אַלץ אין דער וועלט געטון, אַבי אויס־צומײַדן דאָס גליק. ליבן, ליבן, — איז עס דען מעגלעך אָן מבזה זײַן די געליבטע?...

ער האָט זיך צוריקגעקערט צו דער טיר, און ציטערנדיק פון ליבע און מורא, מיט זײַן האַנט אויפן טיר־שלאָס, האָט ער זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן צו עפענען.

און אויף דער צווייטער זייט טיר, מיט באָרוועסע פיס אויף דר׳ערד, ציטערנדיק פון קעלט, איז געשטאַנען סאַבינע.

אָט אַזוי האָבן זיי זיך געוואַקלט... ווי לאַנג? מינוטן? שעהן?... די האָבן נישט געוווסט איינער פונם צווייטן, און דאָך האָבן זיי עס יאָ געוווסט. זיי האָבן צו זיך אויסגעצויגן די אָרעמס, — ער, צעבראָכן פון צו־שטאַרקער ליבע, וואָס האָט אים אָפּגענומען דעם מוט אַרײַנ־צוגיין, — זי, רופנדיק, וואַרטנדיק אויף אים און ציטערנדיק פאַר זײַן אַרײַנקומען... און ווען ער האָט זיך אַנטשלאָסן לסוף אַרײַנצוגיין, האָט זי זיך אַנטשלאָסן איבערצודרייען דעם שלאָס.

ער האָט געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ משוגענעם. ער האָט זיך צוגעפּרעסט צו דער טיר מיט אַלע כוחות. זײַן מויל האָט ער צוגע־דריקט צום שלאָס־לעכל און געבעטן זיך:

— עפן!

ער האָט שטיל גערופן סאַבינען; זי האָט געקאָנט הערן זײַן

גליענדיקן אָטעם. זי איז געבליבן שטיין נאָענט צו דער טיר, אומבאַ־וועגלעך, פאַרגליווערט, קלאַפּנדיק אַ צאָן אין אַ צאָן, אָן כוח צו עפע־נען, נישט צו לעגן זיך ווידער...

דער שטורעם־ווינט האָט געטרייסלט די בוימער און געקלאַפּט אין די טירן פון די הייזער... זיי זענען צוריקגעגאַנגען, יעדערער אויף זיין געלעגער, מיט אַ צעבראָכענעם גוף, מיט אַ טרויערפולן האַרצן. די הענער האָבן געקרייט מיט אַ הייזעריקער שטים. די ערשטע שטראַלן פון באַגינען האָבן זיך באַוויזן דורך די פאַרנעפּלטע שויבן. אַ פאַרוויינטער, אויסגעבלייכטער, אין עקשנותדיקן רעגן דערטרונקענער באַגינען...

קריסטאָף האָט זיך אויפגעהויבן, ווי נאָר ס'איז מעגלעך געווען; ער איז אַראָפּ אין קיך און געשמועסט מיט די מענטשן. ער האָט זיך געאײַלט אַוועקצוגיין און האָט מורא געהאַט, נישט צו טרעפן זיך אַליין מיט סאַבינען. ווען דעם פּערמערס ווייב איז אַריינגעקומען און געזאָגט, אַז סאַבינע איז קראַנק, אַז זי האָט זיך פאַרקילט בעתן נעכ־טיקן שפּאַציר און אַז זי וועט היינט נישט פאָרן אַהיים, האָט קריסטאָף כמעט דערפילט אַ דערלייכטערונג.

דער צוריק־וועג איז געווען אומעטיק. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן מיטן וואָגן און געגאַנגען אַהיים צופוס דורך די דורכגעווייק־טע פעלדער, אינם געלבלעכן נעפּל, וואָס האָט אַרומגעהילט די ערד, די בוימער און הייזער, ווי מיט תּכריכים. דאָס לעבן האָט אויסגעזען פונקט אַזוי פאַרלאָשן, ווי דאָס ליכט פון טאָג. אַלץ אַרום האָט אויס־געזען ווי געשפּענסטער. ער איז אַליין געווען ווי אַ געשפּענסט.

אין שטוב האָט ער געטראָפן בייזע פּנימער. אַלע זענען אויפ־געבראַכט געווען, וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט סאַבינען, גאָט ווייסט ווו, אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט ביי זיך אין צימער און זיך גענומען צו דער אַרבעט. סאַבינע איז געקומען צומאָרגנס און זיך אויך פאַרשפּאַרט ביי זיך. זיי האָבן זיך געהיט נישט צו טרעפן זיך. אגב, איז די צייט געווען אַ רעגנדיקע און קאַלטע, און קיינער פון זיי איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. זיי האָבן זיך געזען דורך די

פֿאַרמאַכטע פֿענסטער. סאַבינע איז געזעסן איינגעטוליעט בײַם פֿייער און געטרוימט. קריסטאָף איז געווען פֿאַרטיפֿט אין זיינע פּאַפּירן. זיי האָבן זיך באַגריסט דורכן פֿענסטער מיט אַ ביסל קאַלטער צוריקגע־האַלטנקייט און געמאַכט זיך ווידער, ווי זיי וואָלטן געווען פֿאַרנומען. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן גענוי קיין חשבון פֿון זייערע געפֿילן: זיי זענען בייז געווען איינער אויפֿן אַנדערן, זיי זענען בייז געווען אויף זיך אַליין, בייז אויף דער גאַנצער וועלט. זייער גערדאַנק האָט אויסגעמיטן צו טראַכטן וועגן דער נאַכט אין דער פֿערמע: זיי האָבן זיך געריכטלט און אַליין נישט געוווּסט, צי רויטלען זיי זיך צוליב דער תאווה, אָדער צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך איר נישט אונטער־געגעבן. ס׳איז זיי געווען שווער צו טרעפֿן זיך, ווייל די באַגעגעניש וו..לט זיי דערמאָנט אָן דעם. וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט געדענקען; און ווי דורך אַ קעגנזייטיקער הסכּמה, האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן טיף אין זייערע צימערן, כּדי אַלץ צו פֿאַרגעסן. אָבער ס׳איז געווען אוממעגלעך, און זיי האָבן געליטן פֿונם פֿאַרבאָרגענעם האַס, וואָס זיי האָבן צו זיך געפֿילט. קריסטאָפֿן האָט פֿאַרפֿאָלגט דער אויסדרוק פֿונם באַהאַלטענעם צאָרן, וואָס ער האָט איינמאָל איבערגעלייענט אויף סאַבינעס פֿאַרגליווערטן פּנים, זי האָט אויך נישט ווייניקער געליטן פֿון אירע געדאַנקען; זי האָט זיך געוואָלט מיט זיי ראַנגלען, געפּרוּווט אפֿילו פֿאַרלייקענען זיי אינגאַנצן, — ס׳האָט אָבער גאָרנישט נישט גע־האָלפֿן, דערצו איז צוגעקומען די חרפּה, וואָס קריסטאָף איז געווען דער עדות פֿון דעם, וואָס מיט איר איז פֿאָרגעקומען, און די חרפּה פֿון ווען זיך אָפּגעבן... פֿון גרייט זיין זיך אָפּצוגעבן און דאָך נישט אָפּגעבן זיך...

קריסטאָף האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט אַרויסצופֿאָרן אויף עטלעכע קאָנצערטן אין קעלן און דיסעלדאָרף. ער איז געווען צופֿרידן צו פֿאַרברענגען אַ צוויי־דריי וואָכן ווייט פֿון דער היים. די הכנות צו די קאָנצערטן און די קאָמפּאָזיציע פֿון אַ ניי ווערק, וואָס ער האָט געוואָלט דאָרטן שפּילן, האָבן אים אינגאַנצן פֿאַרשלונגען, און ער האָט לסוף פֿאַרגעסן די אומדערטרעגלעכע זכרונות. זיי זענען פֿאַרגעסן געוואָרן אויך פֿון סאַבינען, וואָס איז ווידער פֿאַרזונקען גע־וואָרן אין דער פֿאַרגליווערטקייט פֿון איר טאָג־טעגלעכן לעבן. זיי האָבן גענומען טראַכטן איינער וועגן אַנדערן גאַנץ גלייכגילטיק. צי האָבן זיי זיך באמת ווען־עס־איז ליב געהאַט? זיי האָבן געצווייפֿלט. קריסטאָף

איז אפילו גרייט געווען אַרויסצופאָרן קיין קעלן און נישט זאָגן סאַ־בינען קיין „זיי־געזונט„.

ערב זיין אָפּפאָר האָט זי עפּעס אַן אומבאַשטימטע זאַך ווידער דערגעגנטערט. ס'איז געווען איינער פון יענע זונטיק־נאָכמיטאָגס, בעת אַלע זענען געווען אין קירך. קריסטאָף איז געגאַנגען, כדי צו פאַר־ענדיקן די הכנות צו דער רייזע. סאַבינע איז גראָד געזעסן אין איר גערטנדל און געוואַרעמט זיך אויף די לעצטע זון־שטראַלן. קריסטאָף איז געגאַנגען צוריק אַהיים: ער איז געווען פאַרנומען און דערזעענ־דיק זי האָט ער זי באַגריסט און געוואָלט גיין ווייטער. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט אים עפּעס פאַר־האַלטן: איז עס געווען סאַבינעס בלייכקייט, אָדער אַ געפיל, וואָס מ'קאָן נישט אָנרופן ביים נאָמען — חרטה, שרעק, צערטלעכקייט?... ער איז געבליבן שטיין, זיך אויסגעדרייט צו סאַבינען, און אָנגעזפאַרט אָן פּלויט פון גאָרטן, האָט ער איר געזאָגט: „גוט־אָוונט". אָן אַן ענט־פער האָט זי אויסגעצויגן צו אים די האַנט. איר שמייכל איז געווען פול מיט גוטסקייט, — אַ גוטסקייט, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען. איר באַוועגונג האָט ווי געזאָגט: „לאָז זיין שלום צווישן אונז"... ער האָט אויסגעצויגן איר האַנט איבער דעם פּלויט, זיך איינגעבויגן און אַ קוש געטון. זי האָט נישט געפּרוווט צוריקציען די האַנט. ער האָט חשק געהאַט זיך אַ וואָרף צו טון אויף די קני און זאָגן איר: „כ'האָב דיך ליב"... זיי האָבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט. נאָר קיין שום דער־קלערונגען האָבן זיי זיך נישט געגעבן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אַרויסגעצויגן איר האַנט און אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט זיך אויך אויסגעדרייט, צו באַהאַלטן זיין צעמישטקייט. דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער אָנגעקוקט מיט הייטערדיקע אויגן. די זון איז אונטערגעגאַנגען. צאַרטע פאַרבן־טענער: פיאָלעט, אָראַנזש און לילע האָבן זיך געטוישט אויפן קאַלטן, קלאָרן הימל. ציטערנדיק האָט זי אַרויפגעצויגן דעם שאַל אויף אירע אַקסלען מיט אַ באַוועגונג, וואָס ער האָט גוט גע־קאָנט. ער האָט געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר?

זי האָט זיך פאַרקרימט, ווי ס'וואָלט נישט געלוינט זיך מטריח צו זיין אין ענטפערן. זיי האָבן זיך ווידער גליקלעך אָנגעקוקט. ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי האָבן זיך פאַרלוירן און איצט צוריק געפונען.

ער האָט לסוף איבערגעריסן די שטילקייט און געזאָגט:

— איך פאָר מאָרגן אַוועק.

סאַבינעס פּנים האָט אויסגעדריקט שרעק:

— איר פאָרט אַוועק? — האָט זי איבערגעחזרט.

ער האָט גיך צוגעגעבן:

— אָ, נאָר אויף אַ צוויי-דריי וואָכן.

— צוויי-דריי וואָכן! — האָט זי געזאָגט שטאַרק צעטראָגן.

ער האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מ׳האָט אים איינגעלאַדן אויף קאָנצערטן, אָבער נאָר ווען ער וועט קומען צוריק וועט ער בלייבן שוין אַ גאַנצן ווינטער.

— ווינטער, — האָט זי געזאָגט — ס׳איז נאָך ווייט...

— אָבער ניין, — האָט ער געענטפערט, — ס׳וועט גיך אַריבער.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געקוקט אויף אים.

— ווען וועלן מיר זיך ווידער זען? — האָט זי אין אַ ווײַלע אַ־רום געזאָגט.

ער האָט נישט גוט פאַרשטאַנען די פראַגע: ער האָט דאָך איר שוין געענטפערט.

— באַלד ווי איך וועל צוריקקומען, העכסטנס אין אַ פופצן אָדער צוואַנציק טעג אַרום.

זי האָט נאָך אַלץ אויסגעזען אומעטיק. ער האָט געפּרוווט זיך ווערטלען:

— די צייט וועט זיך אייך לאַנג נישט ציען, — האָט ער געזאָגט — איר וועט שלאָפן.

— יאָ, — האָט סאַבינע געזאָגט.

זי האָט געקוקט צו דר׳ערד און געפּרוווט אַ שמייכל טון; אָבער איר ליפּ האָט געציטערט.

— קריסטאָף!... — האָט זי פלוצלינג געזאָגט, צורוקנדיק זיך צו אים.

אין איר שטים איז געווען אַ טאָן פון פאַרצווייפלונג. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי זאָגט:

— בלייב! פאָר נישט אַוועק!...

ער האָט זי גענומען פאַר דער האַנט און זי אָנגעקוקט; ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט זיין רייזע אויף פופצן טעג אַזאַ באַדייטונג אין אירע אויגן; און דאָך האָט ער גאָר געוואַרט אויף אַ וואָרט, כדי איר צו זאָגן:

— איך בלייב...

אין דעם אויגנבליק, ווען זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט זיך געעפנט די טיר פון גאַס, און ס'האָט זיך באַוויזן ראָזע. סאַבינע האָט אַרויסגעצויגן איר האַנט פון קריסטאָפס און אַריינגעגאַנגען גיך אין שטוב. אויף דער שוועל האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעקוקט, — און פאַרשוווּנדן.

אין אָוונט האָט קריסטאָף בדעה געהאַט זיך ווידער צו זען מיט איר, אָבער נאָכגעקוקט אויף טריט און שריט פון מאַדאַם פאָגעל און באַגלייט פון זיין מוטער — (אגב, האָבן די הכּנות צו אַ רייזע שטענדיק געדויערט ביי אים אַ לאַנגע צייט) — האָט ער נישט געקאָנט געפינען קיין רגע אַרויסצוגנבענען זיך פון שטוב.

ער איז אַרויסגעפאָרן צומאָרגנס גאַנץ פרי. פאַרבייגייענדיק פאַר סאַבינעס טיר, האָט ער חשק געהאַט אַריינצוגיין, אָנצוקלאַפּן אין פענסטער: ס'איז אים שווער געווען צו פאַרלאָזן זי אָן אַ „זיי-געזונט", — ווייל ראָזע האָט זיי איבערגעריסן אין מיטן, איידער ער האָט באַוויזן מיט איר זיך צו געזעגענען. ער האָט אָבער געטראַכט, אַז זי שלאָפט און אַז זי וועט עס נעמען פאַר אומגוט, אויב ער וועט זי אויפוועקן. אויסערדעם, וואָס וואָלט ער איר איצט געזאָגט? איצט איז שוין געווען צו שפּעט אָפּצורופן די רייזע; און אויב זי וועט עס פאַרלאַנגען?... לסוף — ער האָט זיך נישט מודה געווען, אַז ס'טוט אים הנאה אויספּרוּוון זיין מאַכט איבער איר, צוליבן פאַרלאַנג צו פאַרשאַפן איר אַ ביסל צער... דעם טרויער, וואָס זיין אָפּפאָר רופט אַרויס ביי סאַבינען, האָט ער נישט גענומען אַזוי שטאַרק ערנסט; און ער האָט געטראַכט, אַז די קורצע צעשיידונג וועט נאָך שטאַרקער מאַכן איר צערטלעכקייט, וועלכע זי פילט אפשר צו אים.

ער איז אַוועקגעלאָפן צום וואָקזאַל. נישט געקוקט אויף אַלץ, האָט ער דאָך חרטה געהאַט. אָבער באַלד ווי דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט, האָט ער פאַרגעסן אָן אַלץ. ער האָט געפילט, ווי זיין האַרץ קוועלט מיט יוגנט. ער האָט פריילעך באַגריסט די אַלטע שטאָט, וואָס די זון האָט גערויטלט אירע דעכער און טורעם-שפּיצן; און מיט

דער זאָרגלאָזיקייט פון די, וואָס פאָרן אַוועק, האָט ער זיך געזעגנט מיט די, וואָס זענען געבליבן, — און מער גאָרנישט נישט געטראַכט.

אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דיסעלדאָרף און קעלן, איז אים סאַבינע קיין איין מאָל נישט געקומען אויפן זינען. פאַרנומען פון פרי ביז נאַכט אויף פּראָבן און קאָנצערטן, אויף מיטאָגן און שמועסן, באַשעפטיקט מיט טויזנטער נייע זאַכן און מיט דער גאַוווהדיקער צופרידנקייט פון דעם אייגענעם דערפאָלג, — האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו דערמאָנען זיך אָן איר. איין איינציק מאָל נאָר, אין דער פינפטער נאַכט נאָך זיין אָפּפאָר, בעת ער האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון אַ קאָשמאַר, האָט ער זיך געכאַפּט אַז אין שלאָף האָט ער געטראַכט פון איר און אַז אַט דער געדאַנק טאַקע האָט אים אויפגעוועקט; ער האָט זיך אָבער בשום אופן נישט געקאָנט דערמאָנען, ווי אַזוי ער האָט וועגן איר געטראַכט. ס׳האָט אים געקרענקט און אויפגערעגט. קיין חידוש איז עס נישט געווען: ער האָט געשפּילט אין אָוונט אַ קאָנצערט און בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען פון זאַל, האָט ער זיך געלאָזט מיטשלעפּן אויף אַ סעודה, ווו ער האָט אויסגעטרונקען עטלעכע גלאָז שאַמפּאַניער. נישט קאָנענדיק שלאָפן, איז ער אויפגעשטאַנען. ס׳האָט אים באַהערשט אַ מוזיקאַלישער איינפאַל. ער האָט געזאָגט צו זיך, אַז אָט דער איינפאַל האָט עס אים געשטערט אין שלאָף, און ער האָט אים פאַרשריבן. איבערלייענענדיק אים נאָכאַמאָל, האָט ער זיך דערשראָקן אַזש, ווי טרויעריק דער ניגון איז. בעתן שרייבן האָט ער נישט געפילט קיין שום טרויער: אַזוי האָט זיך אים לפּחות אויסגעוויזן. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין אַנדערע פאַלן, בעת ער איז באמת אומעטיק, שרייבט ער דווקא פרייליכע מוזיק, ווו די פריילעכקייט טוט אים פּשוט וויי. ער האָט זיך לאַנג דערויף נישט אָפּגעשטעלט, געוויינט צו איבערראַשונגען אין זיין אינעווייניקסטער וועלט, אָן אַ שום לאָגישער סיבה. באַלד נאָכדעם איז ער ווידער איינגעשלאָפן און צומאָרגנס אין דער פרי האָט ער גאָרנישט נישט געדענקט.

ער איז ווייטער אַרומגעפאָרן אַ דריי-פיר טעג. ס׳האָט אים געוויילט, וואָס ער פאַרלענגערט די רייזע, ער האָט געוווסט, אַז קוים וויל ער, קאָן ער באַלד פאָרן צוריק: קיינער האָט אים נישט געהייסן צוריקפאָרן. ערשט אין וואַגאָן, אויפן צוריק-וועג, איז אים אַרויף אויפן זינען סאַבינע. ער האָט איר נישט געהאַט געשריבן די גאַנצע צייט.

ער איז געווען אַזוי זאָרגלאָז, אַז אפילו זיך נאָכצופרעגן אין פּאָסט נאָך בריוו, וואָס מ׳האָט אים געקאָנט שרייבן, האָט ער זיך אויך נישט מטריח געווען. ער האָט געפונען אַ פאַרבאָרגענע פרייד אין דעם שווייגן; ער האָט געוווסט, אַז דאָרט וואַרט מען אויף אים און מ׳האָט אים ליב... מ׳האָט אים ליב? זי האָט עס אים קיינמאָל נישט געזאָגט, און אויך ער האָט עס קיינמאָל איר נישט געזאָגט. זיי האָבן עס, בלי ספק, געוווסט, און ס׳איז געווען איבעריק צו רעדן. פונדעסטוועגן האָט קיין זאַך נישט אַזאַ ווערט, ווי די זיכערקייט פון אָט דער דערקלערונג. פאַרוואָס האָבן זיי געוואַרט דערמיט אַזוי לאַנג? ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים רעדן, האָט זיי שטענדיק עפּעס אַ מניעה צופעליק געשטערט. פאַרוואָס? פאַרוואָס? וויפל צייט האָבן זיי געפטרט!... ער האָט געבענקט צו הערן די טייערע ווערטער פון איר ליבן מויל. ער האָט געבענקט צו רעדן צו איר, — און ער האָט עס הויך גערעדט אין זיין פוסטער וואַגאָן-אָפּטיילונג. וואָס נעענטער ער איז צוגעקומען צו זיין היים, אַלץ מער איז געוואַקסן זיין אומגעדולד, כמעט ווי אַ מין אַנגסט... גיכער! גיכער! אוי, געוואַלד, אין אַ שעה אַרום וועט ער זי ווידער זען!...

ס׳איז געווען האַלב זיבן אין דערפרי, ווען קריסטאָף איז אַריין אין שטוב. קיינער האָט זיך נאָך נישט געהאַט אויפגעהויבן. סאַבינעס פענסטער זענען געווען פאַרמאַכט. ער איז דורכגעגאַנגען דורכן הויף אויף די שפּיץ-פינגער, זי זאָל נישט הערן. ער האָט געלאַכט, וואָס ער וועט זי איבעראַשן. ער איז אַרויף צו זיך. זיין מאַמע איז געשלאָפן. ער האָט זיך אָן גערויש איבערגעטון. ער איז געווען הונגעריק, נאָר מורא געהאַט אויפצוּוועקן לואיזען. בעת ער האָט געגנישטערט אין שאַנק האָט ער דערהערט אין הויף טריט; לייכט האָט ער געעפנט דאָס פענסטער און דערזען ראָזען, וואָס האָט זיך ווי שטענדיק אויפגעהויבן די ערשטע און גענומען אַרומדרייען זיך איבערן הויף. ער האָט זי שטיל אַ רוף געטון. ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי געמאַכט אַ באַוועגונג פון פריילעכער איבעראַשונג; באַלד איז זי געוואָרן ערנסט. ער האָט געטראַכט, אַז מסתמא איז זי נאָך אַלץ אויף אים בייז; אָבער ער איז

געווען אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג. ער איז צו איר אַראָפּגעגאַנגען.

— ראָזע, ראָזע, — האָט ער מיט אַ פרייל‏עכער שטים געזאָגט — גיב מיר עפּעס עסן אָדער איך עס דיך אויף! איך גיי אויס פון הונגער!

ראָזע האָט אַ שמייכל געטון און אַריינגעפירט אים אין קיך. אָנגיסנדיק אים אַ טעפּעלע מילך, האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געשטעלט אים אַ ריי פראַגן וועגן זיין רייזע און זיינע קאָנצערטן. נאָר הגם ער איז געווען זייער אויפגעלעגט צו ענטפערן — (פון גרויס פרייד, וואָס ער איז צוריקגעקומען, איז ער געווען ממש גליקלעך ווידער צו הערן ראָזעס פּלוידעריי) — איז ראָזע פּלוצלינג, אין מיטן די פראַגן, געבליבן שטיין, איר פּנים האָט זיך אויסגעצויגן, זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און האָט אויסגעזען פאַרדאגהט. דערנאָך האָט זי ווידער גענומען פּלוידערן; ס׳האָט אָבער אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך געמאַכט פאָרווורפן, און זי איז ווידער געבליבן שטיין. ער האָט עס לסוף באַמערקט און געזאָגט:

— אָבער וואָס איז מיט דיר געשען, ראָזע? ביסט נאָך אַלץ בייז אויף מיר?

זי האָט ענערגיש געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, און אויסדרייענדיק זיך צו אים מיט איר געוויינלעכער האַסטיקייט, האָט זי אים אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן אָרעם:

— אוי, קריסטאָף! — האָט זי געזאָגט.

ער האָט זיך דערשראָקן. ס׳איז אים אַרויסגעפאַלן דאָס שטיקל ברויט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— וואָס? וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגט.

זי האָט איבערגעחזרט:

— אוי, קריסטאָף!... אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן!...

ער האָט אַ שטויס געטון דעם טיש און געשטאַמלט.

— דאָ!

זי האָט אָנגעוויזן דאָס הויז אויף דער אַנדערער זייט הויף.

ער האָט אַ געשריי געטון:

— סאַבינע!

זי האָט געוויינט:

— זי איז טויט.

קריסטאָף האָט מער גאָרנישט נישט געזען. ער האָט זיך אויפגע-

הויבן, געפילט, אַז אָט פאַלט ער, אָנגעשפּאַרט זיך אָן טיש, איבערגע־קערט אַלץ, וואָס אויף אים איז געשטאַנען; ער האָט געוואָלט שרייען, ער האָט געליטן מוראדיקע יסורים. ער האָט גענומען ברעכן.

אַ דערשראָקענע האָט ראָזע געאײַלט צו אים; זי האָט אים צו־געהאַלטן דעם קאָפּ און געוויינט.

ווי־נאָר ער האָט געקאָנט רעדן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— ס'איז נישט אמת!

ער האָט געוווסט, אַז ס'איז יאָ אמת. נאָר ער האָט עס געוואָלט לײַ־ענען; ער האָט געוואָלט, אַז דאָס, וואָס איז געשען, זאָל נישט האָבן געשען. ווען ער האָט געזען ראָזעס פּנים, ווי ס'איז דורכגעווייקט פון טרערן, האָט ער שוין מער נישט געצווייפלט און זיך צעכליפּעט.

— ראָזע האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— קריסטאָף! — האָט זי זיך אָנגערופן.

אָנגעשפּאַרט אָן טיש, האָט ער באַהאַלטן דאָס פּנים. זי האָט זיך אײַנגעבויגן צו אים.

— קריסטאָף!... דײַן מאַמע גייט!...

קריסטאָף האָט זיך אַ הויב געטון:

— ניין, ניין, — האָט ער געזאָגט — איך וויל נישט, זי זאָל מיך זען.

זי האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און צוגעפירט אים, אַ וואַקלענדיקן און בלינדן פון טרערן, ביז אַ קליינעם האָלץ־שפּײַכלער אין הויף. זי האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר, אַרום זיי איז געווען שטאָק־פינסטער. ער האָט זיך געזעצט, בלינדערהייט, אויף אַ קלאָץ, וואָס האָט געדינט צו האַקן האָלץ אויף אים. זי — אויף אַ בינטל שפּענער. דער טומל פון דרויסן איז דערגאַנגען שוואַך און דערווייטערט. דאָ האָט ער געקאָנט וויינען אָן מורא, מ'זאָל אים דערהערן. ער האָט זיך מיט פאַרביטערונג איבערגעגעבן דעם געוויין. ראָזע האָט אים קיינמאָל נישט געזען שרייען; ס'איז איר אפילו נישט אײַנגעפאַלן, אַז ער קאָן וויינען; זי האָט געקאָנט נאָר די טרערן פון אַ קליין מיידל, און די פאַרצווייפלונג פון אַ מאַן האָט זי אָנגעפילט מיט שרעק און מיט רחמנות. זי איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ ליידנשאַפטלעכער ליבע צו קריסטאָפן. אָט די ליבע האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך קיין שום אייגנליבע; ס'איז געווען אַ ריזיקער פאַרלאַנג זיך מקריב צו זײַן, אַ מוטערלעכע זעלבסטפאַרלייקענונג, אַ באַגער צו ליידן פאַר אים, צו

גענומען אויף זיך אַל דאָס שלעכטס. זי האָט אים מוטערלעך געקושט אין די אָרעמס.

— טייערער קריסטאָף! — האָט זי געזאָגט — וויין נישט!

קריסטאָף האָט זיך אָפּגעקערט:

— איך וויל שטאַרבן!

ראָזע האָט פאַרבראָכן די הענט:

— זאָג עס נישט, קריסטאָף!

— איך וויל שטאַרבן. איך וויל נישט מער... איך וויל נישט מער לעבן... צו וואָס דאַרף איך דאָס לעבן?

— קריסטאָף, מיין קליינער קריסטאָף! דו ביסט נישט אַליין. מ'האָט דיך ליב...

— וואָס גייט עס מיך אָן? איך האָב מער נישט ליב קיין שום זאַך. אַל דאָס איבעריקע מעג זיך לעבן אָדער שטאַרבן. איך האָב מער קיין זאַך נישט ליב. נאָר זי האָב איך ליב געהאַט, נאָר זי האָב איך ליב געהאַט!

ער האָט זיך שטאַרקער צעכליפּעט, לעגנדיק דעם קאָפּ אויף די הענט. ראָזע האָט נישט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט. די אייגנליבע פון קריסטאָפס ווייטיק האָט איר געשטאָכן אין האַרצן. אין דער רגע, ווען איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז נאָענט צו אים, האָט זי זיך דערפילט נאָך איינזאַמער און עלנטער ווי שטענדיק, די יסורים האָבן זיי, אָנשטאָט צו דערנענטערן, נאָך מער דערווייטערט. זי האָט ביטער געוויינט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט קריסטאָף אויפגעהערט צו וויינען און אַ פרעג געטון:

— אָבער ווי? ווי?...

ראָזע האָט פאַרשטאַנען:

— ס'האָט זי אָנגעכאַפּט די אינפלוענץ דעם זעלבן אָוונט, ווען דו ביסט אַוועקגעפאָרן. דערנאָך האָט עס זי אַוועקגעריסן...

ער האָט געקרעכצט:

— גאָט מיינער!... פאַרוואָס האָט מען מיר נישט געשריבן?

זי האָט געענטפערט:

— איך האָב געשריבן. כ'האָב נישט געוווּסט דיין אַדרעס — דו האָסט אים קיינעם נישט געזאָגט — כ'האָב געפרעגט אין טעאַטער. קיינער האָט נישט געוווּסט.

ער האָט געוווּסט, אַז זי איז אַ שעמעוודיקע און אַז דער גאַנג אין טעאַטער איז געווען פאַר איר אַ קרבן. ער האָט געפרעגט:

— צי האָט זי... צי האָט זי עס דיר געהייסן טון?

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין. נאָר כ'האָב געטראַכט...

ער האָט איר געדאַנקט מיטן בליק. ראָזעס האַרץ איז צעגאַנגען.

— מיין אָרעמער... אָרעמער קריסטאָף! — האָט זי געזאָגט.

זי האָט זיך אים וויינענדיק געוואָרפן אויפן האַלז. קריסטאָף האָט געפילט דעם ווערט פון אָט דעם ריינעם מיטלייד. ער האָט אַזוי שטאַרק זיך געגוויטיקט אין טרייסט! ער האָט זי אַ קוש געגעבן:

— ביסט אַ גוטע, — האָט ער געזאָגט — האָסט זי טאַקע ליב געהאַט?

זי האָט זיך פון אים אָפּגערוקט, געוואָרפן אַ ליידנשאַפטלעכן בליק, נישט געענטפערט און גענומען וויינען.

אָט דער בליק האָט אים געעפנט די אויגן. דער בליק האָט ווי געוואָלט זאָגן:

— נישט זי האָב איך ליב געהאַט, נאָר...

איצט האָט קריסטאָף דערזען דאָס, וואָס ער האָט נישט גע-וווּסט, — וואָס ער האָט נישט געוואָלט זען אין משך פון חדשים. ער האָט דערזען, אַז זי האָט אים ליב.

— שאַ! — האָט זי געזאָגט — מ'רופט מיך.

ס'האָט זיך דערהערט אַמאַליעס שטים.

ראָזע האָט געפרעגט:

— ווילסט אַרויפגיין צו זיך?

ער האָט געענטפערט:

— ניין, איך קאָן נאָך נישט, איך קאָן נאָך נישט רעדן מיט מיין מאַמע... שפּעטער!

זי האָט געזאָגט:

— בלייב, איך קום באַלד צוריק.

ער איז געבליבן זיצן אין דעם פינסטערן האַלב-שפּייכלער, ווו דאָס ליכט פונם טאָג איז אַריינגעפאַלן דורך אַ שמאָלן שפּאַלט, וואָס איז פאַרוועבט געווען מיט שפּינוועבס. ס'האָט זיך געהערט דאָס גע-שריי פון אַ גאַסן-הענדלערין; אין אַ שכנותדיקער שטאַל האָט אַ פערד געהירזשעט און געקלאַפּט מיט די פיס. אָט דאָס נייע, וואָס קריסטאָף

איז דערגאַנגען, האָט אים נישט פאַרשאַפט קיין הנאה, נאָר אויף אַ ווײַלע פאַרנומען. איצט זענען אים קלאָר געוואָרן זייער פיל זאַכן, וואָס ער האָט פריער נישט פאַרשטאַנען. אַ בינטל קליינע פרטים, וואָס ער האָט אויף זיי פריער קיין אַכט נישט געלעגט, זענען אים איצט געקומען אויפן זינען און קלאָר געוואָרן. ער האָט זיך געחידושט, וואָס ער טראַכט דערפון; ער איז געווען בייז אויף זיך, וואָס ער לאָזט זיך אָפרייסן אויף איין רגע פון זיין אומגליק. אָבער דאָס אומגליק איז געווען אַזוי אכזריותדיק, אַזוי שטאַרק האָט עס פאַרהאַקט דעם אָטעם, אַז דער חוש פון זעלבסטדערהאַלטונג, וואָס איז שטאַרקער געווען פון זיין ווילן, פון זיין מוט און ליבע, האָט אים געצוווּנגען אָפצווענדן די אויגן; ער האָט זיך געוואָרפן אויפן נייען געדאַנק, ווי אַ מענטש, וואָס טרינקט זיך און ער כאַפּט זיך אָן קעגן זיין ווילן אָן דער ערשטער בעסטער זאַך, וואָס קאָן אים נישט ראַטעווען, נאָר דערהאַלטן נאָך אַ רגע אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער. אגב, אַליין ליידנדיק, האָט ער איצט געפילט אויך דעם צווייטנס ליידן — די ליידן, וואָס ער איז געווען זייער סיבה. ער האָט איצט פאַרשטאַנען די טרערן, וואָס ער האָט ביי איר פריער אַרויסגערופן. ער האָט איצט רחמנות געהאַט אויף ראָזען. ער האָט געטראַכט, ווי אכזריותדיק ער איז צו איר געווען. — ווי אכזריותדיק ער וועט נאָך צו איר זיין. ווייל ער האָט זי נישט ליב געהאַט. צו וואָס טויג אים איר ליבע? אָרעם מיידל!... אומזיסט האָט ער זיך איינגערעדט, אַז זי איז אַ גוטע (זי האָט עס באַוויזן מיט מעשים). וואָס גייט אים אָן איר לעבן?...

ער האָט געטראַכט:

— פאַרוואָס איז זי נישט טויט און די צווייטע — לעבעדיק?

ער האָט געטראַכט:

— זי לעבט, זי האָט מיך ליב, זי קאָן עס מיר זאָגן יעדן טאָג, היינט, מאָרגן, אַ גאַנץ לעבן; — און די צווייטע, די איינציקע, וואָס כ׳האָב ליב געהאַט, איז טויט, איידער זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט מיך ליב, איידער כ׳האָב איר געזאָגט, אַז כ׳האָב זי ליב; איך וועל עס שוין קיינמאָל נישט הערן פון איר, זי וועט עס שוין קיינמאָל נישט וויסן...

און פלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם לעצטן אָוונט: זיי האָבן געהאַלטן ביים זאָגן איינער דעם צווייטן אַלץ, און ראָזעס אַריינקומען האָט זיי געשטערט. און ער האָט דערפילט צו ראָזען אַ האַס...

די טיר פון האָלץ־שפּייכלער האָט זיך ווידער געעפנט. ראָזע האָט שטיל אַ רוף געטון קריסטאָפן און טאַפּנדיק אין דער פינסטער האָט זי אים געזוכט. זי האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט. ער האָט געפילט אַן עקל, וואָס זי געפינט זיך נעבן אים: אומזיסט האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן, עס איז געווען שטאַרקער פון אים.

ראָזע האָט געשוויגן: די טיפע מיטלייד האָט זי אויסגעלערנט צו שווייגן. קריסטאָף איז איר דאַנקבאַר געווען, וואָס זי שטערט אים נישט צו טרוימען מיט אירע איבעריקע רייד. פונדעסטוועגן האָט ער געוואָלט וויסן... זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט אים געקאָנט עפּעס דערציילן וועגן איר. ער האָט שטיל געפרעגט:

— ווען איז זי...?

(ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו זאָגן: „געשטאָרבן.”)

זי האָט געענטפערט:

— שבת איז געוואָרן אַכט טאָג.

ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט. ער האָט געזאָגט:

— ביינאַכט.

ראָזע האָט אַ קוק געטון אויף אים פאַרחידושט און געזאָגט:

— יאָ, ביינאַכט, צווישן צוויי און דריי אַ זייגער.

ס'איז אים אַרויף אויפן זינען דער טרויעריקער ניגון.

ער האָט ציטערנדיק געפרעגט:

— האָט זי אַ סך געליטן?

— ניין, ניין, געלויבט צו גאָט, טייערער קריסטאָף, זי האָט כמעט נישט געליטן. זי איז געווען אַזוי שוואַך! זי האָט נישט געקעמפט מיט איר קרענק. מ'האָט באַלד געזען, אַז זי איז אַ פאַרפאַלענע.

— און זי, זי האָט עס אויך געוווסט?

— כ'ווייס נישט, איך רעכן...

— זי האָט עפּעס געזאָגט?

— ניין, גאָרנישט. זי האָט זיך געקלאָגט, ווי אַ קליין קינד.

— דו ביסט דאָרט געווען?

— יאָ, די ערשטע צוויי טעג; איך בין געווען דאָרט איינע אַליין, איידער ס'איז געקומען איר ברודער.

ער האָט איר געדריקט די האַנט, גערירט פון דאַנקבאַרקייט.

— איך דאַנק דיר.

זי האָט געפילט, ווי דאָס בלוט שטראָמט איר אין האַרצן.

נאָך אַ קורצן שווייגן האָט ער זיך אָנגערופן; ער האָט אויס־געשטאַמלט אַ פראַגע, וואָס האָט אים געשטיקט:

— האָט זי גאָרנישט נישט געזאָגט... פאַר מיר?

ראָזע האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי וואָלט אָפּגעגעבן זייער פיל, זי זאָל אים קאָנען זאָגן דאָס, אויף וואָס ער האָט געוואַרט; זי האָט זיך כמעט געמאַכט פאָרווורפן, וואָס זי קאָן נישט זאָגן קיין ליגן. זי האָט זיך באַמיט אים צו טרייסטן:

— זי איז נישט געווען ביים באַוווסטזיין.

— זי האָט גערעדט?

— מ׳האָט נישט פאַרשטאַנען. זי האָט גערעדט גאַנץ שטיל.

— ווו איז איר מיידעלע?

— דער ברודער האָט דאָס מיידעלע אַוועקגעפירט צו זיך אין דאָרף.

— און זי?

— אויך דאָרט. מאַנטיק, די פאָריקע וואָך, האָט מען זי פון דאַנעט אַוועקגעפירט.

זיי האָבן זיך ווידער צעוויינט.

מאַראַם פאָגעלס שטים האָט ווידער גערופן ראָזען. קריסטאָף איז געבליבן אַליין און נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די טעג פון טויט. אַכט טאָג, שוין אַריבער אַכט טאָג... אוי, גאָט! וואָס איז פון איר געוואָרן? ס׳האָט אַ גאַנצע וואָך גערעגנט אויף דער ערד!... און ער האָט אין משך פון דער צייט זיך געפרייט, געווען גליקלעך!

ער האָט דערפילט אין טאַש אַ פּעקעלע, איינגעוויקלט אין זייד־פּאַפּיר: דאָס זענען די זילבערנע שנאָלן, וואָס ער האָט איר געבראַכט צו די שיך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענעם אָוונט, ווען זיין האַנט איז געלעגן אויף איר קליינעם באָרוועסן פוס. אירע קליינע פיסלעך, ווו זענען זיי איצט? ווי קאַלט ס׳מוז זיי זיין!... ער האָט געטראַכט, אַז אָט די וואַרעמע באַרירונג איז דער איינציקער זכר פון דעם טייערן קערפּער. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מוט זי אָנצורירן, צו נעמען זי אין די אָרעמס. זי איז אַוועק אויף דער אמתער וועלט, אינערלעך אינגאַנצן פאַר אים אומבאַקאַנט. ער האָט וועגן איר גאָרנישט געוווסט, נישט וועגן איר נשמה, נישט וועגן איר לייב. ס׳איז נישט געבליבן אין אים קיין שום זכרון פון איר געשטאַלט, פון איר לעבן,

פון איר ליבע? — וואָס פאַר אַ באַחייז האָט ער?... ער האָט נישט געהאַט קיין שום בריוה, קיין שום אָנדענק, — גאָרנישט. ווו וועט ער זי געפינען, ווו זאָל ער זי זוכן, — אין זיך אַליין, צי אויסער זיך?... אָ, דער גאָרנישט! ס׳איז אים קיין זאַך נישט געבליבן, אויסער זיין ליבע צו איר, אויסער ער אַליין... — און דאָך, נישט געקוקט אויף אַלץ, האָט דער עקשנותדיקער פאַרלאַנג צו ראַטעווען זי פון אונטער־גאַנג, דער שטאַרקער באַגער צו לייקענען אין טויט אים געטריבן — אין אַ צושטאַנד פון שטייגנדיקן גלויבן — זיך אָנצוקלאַמערן אָן דעם לעצטן שפּליטער:

„...Ne son gia morto, e ben c'albergo cangi,
resto in te vivo, c'or mi vedi e piangi,
se l'un nell altro amante si trasforma".

„...כ׳בין נישט טויט, כ׳האָב נאָר געביטן מיין דירה,
געבליבן לעבן אין דיר, דו זעסט מיך און באַוויינסט;
דער געליבטערס נשמה איז מגולגל געוואָרן אין דער נשמה
פון געליבטן".

ער האָט קיינמאָל נישט געלייענט די דאָזיקע דערהויבענע רייד; אָבער זיי זענען געווען אין אים. יעדער מענטש מאַכט דורך די שבעה־מדורי־גהינום פון דור־דורות. יעדן טרעפן די זעלבע צרות, יעדן טרעפט דער פאַרצווייפלטער בטחון און וואַנזין פון דורות. יעדערער גייט אין די פוס־טריט פון די, וואָס זענען געווען, וואָס האָבן זיך פריער, ווי ער, געראַנגלט מיטן טויט, פאַרלייקנט דעם טויט און — געשטאָרבן.

ער האָט זיך פאַרשפּאַרט אין שטוב. די פאָרהאַנגען זענען גאַנצע טעג געווען אַראָפּגעלאָזן, ער זאָל נישט זען די פענסטער פונם קעגנ־איבערדיקן הויז. ער האָט אויסגעמיטן צו טרעפן די פּאָגעלס; ער האָט געפילט צו זיי אַן עקל. אייגנטלעך האָט ער צו זיי קיין טענות

נישט געהאַט: זיי זענען געווען צו מוטיקע און פֿרומע מענטשן, אַז זייערע געפֿילן צו סאַבינען זאָלן נישט געענדערט ווערן ביים באַגעגעניש מיטן טויט. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען קריסטאָפֿס ליידן און געהאַט צו זיי דרך־ארץ, וואָס זיי זאָלן בעת־מעשׂה נישט טראַכטן וועגן אים גופֿא; זיי האָבן זיך געהיט נישט צו דערמאָנען אין קריסטאָפֿס ביי־זיין סאַבינעס נאָמען. כּל־זמן זי האָט געלעבט, זענען זיי געווען אירע שׂונאים: ס'איז געווען אַ גענוג־וויכטיקע סיבה, ער זאָל ווערן זייער שׂונא איצט, ווען זי איז שוין געווען טויט.

אגבֿ, האָבן זיי נישט געענדערט זייער לעבנס־שטייגער; און נישט געקוקט אויף דער אויפֿריכטיקער, נאָר־פֿאַרבייגייענדיקער מיטלייד, וואָס זיי האָבן געפֿילט, — איז דאָך געווען קלאָר, אַז זיי זענען צום אומגליק געווען גאַנץ גלייכגילטיק — (ס'איז געווען גאַנץ נאַטירלעך) — גאַנץ מעגלעך, אַז זיי האָבן דערפֿילט נאָך איר טויט אַ פֿאַרבאָרגענע דערלייכטערונג. לפּחות אַזוי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט קריסטאָף. איצט, ווען די כּוונות פֿון די פֿאָגלערס בנוגע אים זענען געוואָרן קלאָר, האָט ער זיי נאָך מער מגזם געווען. אין דער אמתן האָבן זיי פֿון אים גאַנץ ווייניק געהאַלטן, זיין באַדייטונג אין זייערע אויגן האָט ער זיך פֿאָרגעשטעלט שטאַרק איבערגעטריבן. ער האָט אָבער נישט געצווייפֿלט, אַז לויט זייער מיינונג האָט סאַבינעס טויט, וואָס האָט מבֿטל געמאַכט די וויכטיקסטע מניעה פֿאַר זייערע פּלענער, האָט געלאָזט אַ פֿריי אָרט פֿאַר ראָזען. דעריבער האָט ער זי פֿיינט געהאַט. דאָס, וואָס זיי — (די פֿאָגעלס, לואיזע און אפֿילו ראָזע) — האָבן אין דער שטיל געזאָגט איבער אים דעות און ביי אים נישט געפֿרעגט, דאָס האָט שוין געקלעקט, סיי אין דעם פֿאַל, סיי אין יעדן אַנדערן, אָפּצוווענדן די נייגונג פֿון דער, וואָס זיי האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל זי ליב האָבן. ער האָט זיך געווערט יעדעס מאָל, ווען ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז מ'לויערט אויף זיין אייפֿערזיכטיקער פֿרייהייט. אָבער דאָ האָט עס אָנגערירט נישט נאָר אים אַליין. די רעכט, וואָס זיי האָבן זיך גענומען איבער אים, האָבן זיך באַצויגן נישט נאָר אויף זיין אייגענער פֿרייהייט, נאָר אויך אויף די רעכט פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער, וואָס זיין האַרץ איז געווען איר איבערגעגעבן. דעריבער האָט ער די רעכט מיט פֿאַרביטערטער עקשנות פֿאַרטיידיקט, הגם קיינער האָט זיי נישט געוואָלט באַרויבן. ער האָט חושד געווען ראָזעס גוטסקייט, בעת זי, ראָזע, האָט געליטן, זעענדיק זיינע ליידן, און אָפֿט געקומען אָנקלאַפּן

אין זיין טיר, כדי אים צו טרייסטן און צו דערציילן וועגן יענער. ער האָט זי נישט אָפּגעשטויסן: ער האָט אַזוי געוואָלט רעדן וועגן סאַבינען מיט עמעצן, וואָס האָט זי געקענט; ער האָט געוואָלט וויסן די קלענסטע פּרטים וועגן דעם, וואָס איז מיט איר פאָרגעקומען בעת דער קראַנקהייט. נאָר דאַנקבאַר איז ער ראָזען גישט געווען? ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי טראָגט אין איר האַרצן אייגענע פאַרלאַנגען. צי האָט ער דען נישט געזען, ווי די גאַנצע פאַמיליע, און אפילו אַמאַליע אַליין, דערלויבט די באַזוכן און די לאַנגע שמועסן, וואָס זי וואָלט איר קיינמאָל נישט דערלויבט, ווען דאָ זאָל נישט זיין עפּעס אַ באַזונדערע כּוונה? צי איז ראָזע נישט אין איין דעה מיט אירע בני-בית? ער האָט נישט געקאָנט גלויבן, אַז איר מיטלייד איז אינגאַנצן אויפריכטיק, אָן שום פּערזענלעכע הינטערגעדאַנקען.

און געוויס, איר מיטלייד איז טאַקע אַזוי נישט געווען. ראָזע האָט מיטגעפילט קריסטאָפן מיטן גאַנצן האַרצן. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זען סאַבינען מיט קריסטאָפס אויגן, כּדי דורך אים זי ליב צו האָבן; זי האָט זיך פאָרגעוואָרפן די שלעכטע געפילן צו איר, און אין אָוונט, ביי די תּפילות, געבעטן ביי איר פאַרגעבונג. נאָר האָט זי דען געקענט פאַרגעסן, אַז זי אַליין לעבט, אַז זי זעט קריסטאָפן צען מאָל אַ טאָג, אַז זי האָט אים ליב און האָט איצט נישט מוֹרא פאַר קיין צווייטער, אַז די צווייטע איז נישטאָ, אַז אפילו איר זכר וועט אויסגעמעקט ווערן, אַז זי איז איצט געבליבן די איינציקע, אַז אפשר אין אַ געוויסן טאָג...? האָט זי זיך דען געקענט באַפרייען, אין סאַמע גרעסטן ווייטאָק אירן, אין סאַמע גרעסטן ווייטאָק פון איר געליבטן, וואָס איז געווען מער אידער, ווי איר אייגענער, — האָט זי זיך דען געקענט באַפרייען פון דער אומגעריכטער פריידיקער באַוועגונג, פונם זינלאָזן בטחון? זי האָט זיך עס פאָרגעוואָרפן. ס'איז געווען נאָר אַ בליץ. ס'איז געווען אָבער גענוג. ער האָט עס באַמערקט. ער האָט איר אַ וואָרף געטון אַ בליק, וואָס האָט פאַרקילט איר דאָס האַרץ: זי האָט אין אים אַרויסגעלייענט שנאה; ער איז געווען אויף איר בייז, וואָס זי לעבט, בעת יענע איז טויט.

דער מילנער איז געקומען מיט זיין וואָגן אָפּנעמען סאַבינעס ביסל מעבל. גייענדיק אַהיים פון אַ לעקציע, האָט קריסטאָף דערזען, ווי עס שטייען פאַר דער טיר, אויף דער גאַס, איר בעט, די שאַנק, די מאַטראַצן, די וועש און אַלץ, וואָס האָט געהערט צו איר, אַלץ,

וואָס נאָך איר איז פאַרבליבן. ס'איז געווען פאַר אים אַ שרעקלעך בילד. ער איז גיך אַדורכגעגאַנגען. אין טויער האָט ער זיך אָנגע־שטויסן אָן בערטאָלדן, וואָס האָט אים אָפּגעשטעלט:

— אַ, מיין טייערער האַר, — האָט ער געזאָגט, דריקנדיק אים האַרציק די האַנט, — אוי! ווער וואָלט זיך דערוויף געריכט, בעת מיר זענען געווען צוזאַמען? ווי צופרידן מיר זענען אַלע געווען! אָט פון יענעם טאָג אָן, זינט דעם פאַרשאָלטענעם שפּאַציר אויפן וואַסער, האָט זי אָנגעהויבן צו קרענקען. נו, דאָס קלאָגן וועט גאָרנישט העלפן! זי איז טויט. עס וועט קומען די צייט אויך אויף אונז. אָט אַזוי איז דאָס לעבן... און איר, ווי גייט עס אייך? מיר — גאַנץ גוט, דאַנקען גאָט!

ער איז געווען רויט, פאַרשוויצט, און ס'האָט געשמעקט פון אים מיט וויין. דער געדאַנק, אַז דאָס איז איר ברודער, וואָס האָט געהאַט רעכט איבער איר זכר, האָט קריסטאָפן ווי געטון. ער האָט געליטן, הערנדיק, ווי דער מענטש רעדט פון דער, וואָס ער האָט ליב געהאַט. דער מילנער, להיפוך, איז געווען גליקלעך, וואָס ער געפינט אַ פריינד, מיט וועמען ער קאָן רעדן וועגן סאַבינען: ער האָט נישט פאַרשטאַנען קריסטאָפס קאַלטקייט. ס'איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז זיין קעגנוואַרט, דאָס אומגעריכטע דערמאַנען דעם טאָג אין דער פערמע, די גליקלעכע זכרונות, וואָס ער האָט פלוצלינג אַרויסגערופן, די אָרעמע זאַכן, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך סאַבינען, געוואַלגערט זיך אויף דער ערד און וואָס ער האָט, בעתן רעדן, אַ שטויס געטון מיטן פוס, — אַז דאָס אַלץ פאַרשאַפט קריסטאָפן שטאַרקע יסורים. בלויז סאַבינעס נאָמען, ווען ער איז אַרויס פון זיין מויל, האָט אים אַ שטאָך געטון אין האַרצן. ער האָט געזוכט אַן אויס־רייד ווי צו מאַכן, אַז בערטאָלד זאָל שווייגן. ער איז אַרויף אויף די טרעפּ: אָבער יענער האָט אים נישט אָפּגעלאָזן, ער האָט אים פאַר־האַלטן אויף די שטיגן און נישט אויפגעהערט צו דערציילן. לסוף, ווען דער מילנער האָט גענומען דערציילן פון סאַבינעס קרענק מיט יענער משונהדיקער הנאה פון באַשטימטע מענטשן, דער עיקר פון המון, וואָס האָבן ליב צו רעדן וועגן קראַנקהייטן מיט אָן אַ שיעור פיינלעכע פּרטים, — האָט קריסטאָף מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן: (ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט, נישט אויסצושרייען פון ווייטיק). ער האָט אים פלוצלינג איבערגעריסן:

— זייט מוחל. — האָט ער געזאָגט מיט אַ קאַלטער טרוקנקייט — איך מוז אַוועקגיין.

ער איז אַוועק אָן אַ „גוטן-טאָג".

אָט די קאַלטקייט האָט דעם מילנער שטאַרק אויפגעבראַכט. ער האָט עפּעס יאָ געוווּסט וועגן דער פאַרבאָרגענער ליבע פון זיין שוועסטער מיט קריסטאָפן. ס'האָט ביי אים אויסגעזען שרעקלעך, וואָס יענער האָט זיך באַצויגן מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט: ער האָט באַשלאָסן, אַז קריסטאָף איז אַ מענטש אָן אַ האַרץ.

קריסטאָף איז אַנטלאָפן צו זיך אין צימער: ס'האָט אים געשטיקט. ווי לאַנג ס'האָט געדויערט דאָס אַרויספירן דאָס מעבל, איז ער נישט אַרויס פון שטוב. ער האָט זיך געשוווירן נישט צו קוקן דורכן פענסטער, נאָר נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן; און באַהאַלטן אין אַ ווינקל, הינטער די פאָרהאַנגען, האָט ער געקוקט מיט אַ פיינלעכער אויפמערקזאַמקייט, ווי מען פירט אַוועק די געבליבטע זאַכן. בעת ער האָט צוגעזען, ווי זיי ווערן פאַרשווונדן אויף אייביק, האָט ער געוואָלט אַרויסלויפן אין גאַס און שרייען: „ניין! ניין! לאָזט עס מיר איבער! נעמט עס פון מיר נישט צו!" ער האָט געוואָלט בעטן רחמים, מ'זאָל אים געבן לפּחות איין זאַך, איין איינציקע זאַך, מ'זאָל פון אים נישט אַוועקנעמען אַלץ. אָבער ווי וועט ער האָבן די העזה צו בעטן עס ביים מילנער? ער האָט אויף אים קיין אַכט נישט געלעגט. אַפילו זי האָט נישט געוווּסט פון זיין ליבע — ווי-זשע וועט ער האָבן מוט צו דערציילן עס אַ צווייטן? אויסערדעם, ווען ער וואָלט געפּרוווט אויסצורעדן אַ וואָרט, וואָלט ער זיך זיכער צעוויינט... ניין, ניין, מען מוז שווייגן, מ'דאַרף זיך צוקוקן צום פולשטענדיקן חורבן — און דערביי נישט קאָנען, נישט האָבן קיין מוט עפּעס צו טון, כּדי צו ראַטעווען אַ שפּליטער כאָטש פונם אונטערגאַנג.

און ווען אַלץ איז פאַרביי, ווען די שטוב איז געוואָרן פּוסט, ווען די טיר פונם טויער האָט זיך פאַרהאַקט נאָכן מילנערס אַוועקפאָרן, ווען די רעדער פונם וואָגן האָבן זיך דערווייטערט טרייסלענדיק די שויבן, ווען זייער טומל איז פאַרשווונדן געוואָרן, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויף דר'ערד, אָן אַ טרער, אָן אַ שום געדאַנק צו ליידן אָדער זיך צו ראַנגלען, און אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן, ווי ער וואָלט שוין אַליין געווען טויט.

מ'האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. ער איז געבליבן ליגן אומבאַוועג-

לעך. מ׳האָט ווידער אָנגעקלאַפּט. ער האָט פאַרגעסן צו פאַרמאַכן די טיר אויפן שליסל. ס׳איז אַריינגעקומען ראָזע. זי האָט אַרויסגעלאָזן אַ געשריי, זעענדיק, ווי ער ליגט אויסגעצויגן אויף דר׳ערד, אַ דערשראָקענע איז זי געבליבן שטיין. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיט כּעס:

— וואָס? וואָס ווילסטו? לאָז מיך צו רו!

זי איז נישט אַרויסגעגאַנגען; וואַקלענדיק זיך, איז זי געבליבן און זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר; זי האָט געזאָגט:

— קריסטאָף...

ער האָט זיך ווידער שטיל אויפגעהויבן; ער האָט זיך געשעמט, וואָס זי האָט אים אין אַזאַ צושטאַנד געזען. ער האָט אָפּגעווישט דעם שטויב מיט דער האַנט און שטרענג אַ פרעג געטון:

— נו, וואָס ווילסטו?

ראָזע האָט דערשראָקן געענטפערט:

— זיי מוחל... קריסטאָף... כ׳בין אַריין... כ׳האָב דיר געבראַכט...

ער האָט געזען, אַז זי האַלט אין האַנט עפּעס אַ זאַך.

— אָט איז, — האָט זי געזאָגט, און עס אים דערלאַנגט — כ׳האָב געבעטן בערטאָלדן, ער זאָל מיר געבן עפּעס אַ זכּר נאָך איר. כ׳האָב געמיינט, אַז ס׳וועט דיר פאַרשאַפן פרייד...

ס׳איז געווען אַ קליין זילבערן שפּיגעלע, אַ האַנט־שפּיגעלע, וווּ זי פלעגט זיך איבערקוקן שעהנווייז, נישט אַזוי צוליב קאָקעטישקייט, ווי צוליב פוילקייט. קריסטאָף האָט עס גענומען און אָנגענומען די האַנט, וואָס זי האָט אים אויסגעשטרעקט:

— אוי, ראָזע!... — האָט ער געזאָגט.

ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט איר גוטסקייט און מיטן געפיל פון אייגענער אומגערעכטיקייט. מיט אַ ליידנשאַפטלעכער באַוועגונג האָט ער זיך אַ וואָרף געטון פאַר איר אויף די קני און געקושט איר האַנט:

— זיי מוחל... זיי מוחל... — האָט ער געזאָגט.

ראָזע האָט תּחילת נישט פאַרשטאַנען; דערנאָך אָבער האָט זי עס צו גוט פאַרשטאַנען; זי איז רויט געוואָרן, זי האָט געציטערט און געהאַלטן ביים וויינען. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל איר זאָגן:

„— זיי מוחל, אויב איך בין אומגערעכט... זיי מוחל, אויב כ׳האָב דיך נישט ליב... זיי מוחל, וואָס איך קאָן נישט... וואָס איך קאָן דיך

נישט ליב האָבן, וואָס איך וועל דיך קיינמאָל נישט ליב האָבן !...

זי האָט נישט אַרויסגעצויגן די האַנט, זי האָט געוווסט, אַז נישט זי האָט ער געקושט. און ער, מיט דער באַק אָנגעשפּאַרט אָן ראָזעס האַנט, האָט זיך באַגאָסן מיט וואַרעמע טרערן, וויסנדיק, אַז זי לייענט זיינע געדאַנקען, — ער האָט געפילט אַ ביטערן טרויער, וואָס ער קאָן זי נישט ליב האָבן, וואָס ער פאַרשאַפט איר יסורים.

זיי זענען ביידע אַזוי געבליבן פאַרווייניטערהייט אינם בין-השמשות פונם צימער.

לסוף האָט זי אַרויסגעצויגן איר האַנט. ער האָט נאָך אַלץ גע-מורמלט:

— זיי מוחל !...

זי האָט אים לייכט געלעגט די האַנט אויפן קאָפּ. ער האָט זיך ווידער אויפגעהויבן. זיי האָבן זיך שטיל צעקושט; זיי האָבן געפילט אויף די ליפּן דעם געזאַלצענעם טעם פון זייערע טרערן.

— מיר וועלן אייביק זיין פריינד — האָט ער שטיל געזאָגט.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און איז אַרויסגעגאַנגען, צו-טרויעריק צו קאָנען עפּעס זאָגן.

זיי האָבן געטראַכט, אַז די וועלט איז שלעכט איינגעאָרדנט. ווער ס׳האָט ליב, איז נישט געליבט, ווער ס׳איז געליבט, האָט נישט ליב. און ווער ס׳האָט ליב און איז געליבט, ווערט אַ געוויסן טאָג, פריער אָדער שפּעטער, צעשיידט פון זיין געליבטער... יעדער איינער ליידט. יעדערער איז גורם ליידן דעם אַנדערן. און נישט שטענדיק איז אומגליקלעכער דער, וואָס ליידט.

קריסטאָף האָט ווידער געגומען אַוועקגיין פון שטוב. ער האָט דאָרט נישט געקאָנט זיין. ער האָט נישט געקאָנט אָנקוקן די קעגנאי-בערדיקע פענסטער אָן די פאָרהאַנגען און די פוסטע שטוב.

ער האָט איבערגעלעבט נאָך גרעסערע יסורים. דער אַלטער איילער האָט זיך געאײַלט צו פאַרדינגען די דירה אַ צווייטן. איינמאָל האָט קריסטאָף דערזען אין סאַבינעס צימער פרעמדע פנימער. בייע לעבנס האָבן אָפּגעמעקט די לעצטע שפּורן פונם פאַרשווונדענעם לעבן.

ער האָט בשום-אופן נישט געקאָנט בלייבן אין דער דירה. גאַנצע טעג האָט ער פאַרבראַכט אין דרויסן; ער פלעגט אַהיימקומען נאָר ביינאַכט, ווען מ'האָט גאָרנישט געקאָנט זען. ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו שפּאַצירן איבער די פעלדער. קעגן זיין ווילן, האָט אים שטענדיק געצויגן צו בערטאָלדס הויף. אָבער ער פלעגט אַהין נישט אַריינגיין, — נישט געהאַט דערצו קיין מוט; ער פלעגט אָנלעגן וועג און גיין אַרום-און-אַרום. ער האָט זיך געפונען אַ פונקט אויף אַ בערגל, פון וואַנען מ'האָט פריי געקאָנט זען די פערמע, דעם פליין און דעם טייך: דאָס איז געווען דער ציל פון זיינע שפּאַצירן. פון דאַנען האָט ער אַרומגענומען מיט די אויגן דאָס וואַסער-שלענגלען ביז די ווערבעוועלדלעך, וואָס אונטער זיי האָט ער געזען פאַרביישוועבן דעם שאָטן פון טויט איבער סאַבינעס פנים. פון דאַנען האָט ער געקאָנט אונטערשיידן די צוויי פענסטער פון די צימערן, ווו זיי זענען געווען אַמאָל איינער נעבן אַנדערן, אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי ווייט, אָפּגעטיילט קיים מיט אַ טיר, — מיט דער טיר פון דער אייביקייט. פון דאַנען האָט ער באַטראַכט דעם בית-עלמין אונטן. ער האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַריינצוגיין אַהין: פון זיינע קינדער-יאָרן אָן האָט ער מורא געהאַט פאַר די מתים-פעלדער און נישט געוואָלט פאַרבינדן מיט זיי דאָס בילד פון די, וואָס ער האָט ליב געהאַט. נאָר פון דער ווייך און פון ווייטן האָט דער קליינער בית-עלמין לחלוטין נישט אויסגעזען פאַראומערט; עס איז געווען רויק און געשלאָפן אויף דער זון... שלאָפן!... זי האָט ליב געהאַט צו שלאָפן! דאָרט וועט איר קיינער נישט שטערן.

דאָס קרייען פון די הענער האָט זיך איבערגעענטפערט איבערן פליין. פון דער פאַרם איז אַרויפגעשטיגן דער געררויש פון מיל, דער געפילדער פון די עופות, די געשרייען פון די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט. ער האָט באַמערקט סאַבינעס טעכטערל; ער האָט זי געזען ווי זי לויפט און דערקענט איר געלעכטער. איינמאָל האָט ער זי אָפּגעוואַרט, ביי דער טיר פון דער פאַרם, ביי אַן אויסבייג פונם קרומען וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט אַרום דער מויער; ווען זי איז פאַרבייגעלאָפן, האָט ער זי אָנגעכאַפּט און האַסטיק אַ קוש געטון. די קליינע האָט זיך דערשראָקן און גענומען וויינען. זי האָט אים שוין כמעט געהאַט פאַרגעסן. ער האָט זי געפרעגט:

— ביסט צופרידן דאָ?

— יאָ, איך שפּיל זיך...

— דו ווילסט נישט גיין צוריק אַהין?

— ניין!

ער האָט זי אָפּגעלאָזן. דעם קינדס גלייכגילטיקייט האָט אים ווי געטון. אָרעמע סאַבינע!... און עס איז דאָך פאָרט געווען זי, אַ טייל פון איר... אַזאַ קליינער טייל! דאָס קינד איז נישט געווען געראָטן אין דער מוטער: ס'איז קוים אַריבער צו איר בירושה פון דער מאַמע אַ לייכטער ריח פונם פאַרשווונדענעם וועזן: דאָס שטים-וויבּרירן, אַ קליינע ליפּן-באַוועגונג, דער שטייגער פון בויגן דעם קאָפּ. דאָס איבעריקע אין איר איז געווען פון אַן אַנדערן מענטשן; און אָט דער אַנדערער מענטש, צונויפגעמישט מיט סאַבינעס וועזן, האָט דערוועקט אין אים עקל, הגם ער האָט זיך אין דעם נישט מודה געווען.

נאָר אין זיך אַליין האָט קריסטאָף ווידער געפונען סאַבינעס בילד. אומעטום האָט עס אים פאַרפאָלגט, אָבער נאָר בעת ער איז געווען אַליין האָט ער מיטן פולן האַרצן געפילט, אַז ער איז מיט איר. אין קיין שום אָרט איז זי נישט געווען אַזוי נאָענט צו אים, ווי אין דעם דאָזיקן ווינקל אויפן בערגל, ווייט פון מענטשלעכע בליקן, אין מיטן פון דער געגנט, וואָס איז פול געווען מיט די זכרונות פון איר. ער האָט דורכגעמאַכט גאַנצע מיילן אָנצוקומען אַהער, צו דעם אָרט; ער איז געלאָפן מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, ווי צו אַ ליבע-באַגע-געניש: און באמת איז עס אַזוי געווען. ווי נאָר ער פלעגט אַהין קומען האָט ער זיך געלעגט אויף דר'ערד, — אויף דער זעלבער ערד, ווו איר קערפּער איז געלעגן; — ער האָט צוגעמאַכט די אויגן — און זי האָט אים אַרומגעהילט. ער האָט נישט געזען מער אירע שטריכן, נישט געהערט מער איר שטים: ס'איז געווען איבעריק; זי איז אַריין אין אים, זי האָט אים דורכגענומען, באַהערשט. אין דעם מצב פון ליידנשאַפטלעכע דמיונות האָט ער נישט געוווסט, וואָס מיט אים קומט פאָר; ער האָט געוווסט נאָר דאָס, אַז ער איז מיט איר.

דער צושטאַנד האָט לאַנג נישט געדויערט. — דעם אמת זאָגנ-דיק, האָט ער עס געפילט אויפריכטיק נאָר צום ערשטן מאָל. באַלד אויף צומאָרגנס האָט זיך זיין ווילן אַריינגעמישט אין דעם. און זינט דעמאָלט האָט קריסטאָף אומזיסט געפרווט זי ווידער אויפלעבן אין זיך. איצט האָט ער נאָר געטראַכט פון דעם, ווי אַזוי אַרויסצורופן אין זיך איר געשטאַלט און איר צאַרט פּנים: ביז יענער צייט האָט ער קיינ-

מאָל וועגן דעם נישט געטראַכט. ס'האָט זיך אים איינגעגעבן; אויף אַן אויגנבליק האָט עס אים באַלויכטן. אָבער ער פלעגט עס דערגרייכן נאָר נאָך פיל דערוואַרטונגען און נאַכט-שעהן.

„אָרעמע סאַבינע! — האָט ער געטראַכט — זיי האָבן דיך אַלע פאַרגעסן, נאָר איך איינער האָב דיך ליב היט דיך שטענדיק אָ מיין טייערער אוצר! איך האָב דיך, איך האַלט דיך צו, איך וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן!...״

אָט אַזוי האָט ער גערעדט, ווייל ער האָט זי שוין געהאַט פאַרלאָזן: זי איז אַנטרונען געוואָרן פון זיין געדאַנק, ווי וואַסער פון צווישן די פינגער. ער פלעגט אויך ווייטער קומען פינקטלעך צו די באַגעגענישן. ער האָט געוואָלט טראַכטן פון איר און ער פלעגט צושליסן די אויגן. אָבער נאָך אַ האַלבער שעה, נאָך אַ שעה אָדער אַפילו צוויי, פלעגט ער זיך טיילמאָל אַרומזען, אַז ער האָט גאָר וועגן קיין שום זאַך נישט געטראַכט. דער גערויש פונם טאָל, דאָס שפרודלען פון די טייכלעך, די גלעקלעך פון צוויי ציגן, וואָס האָבן זיך געפיטערט אויפן בערגל, דער שאָרך פונם ווינט אין די צאַרטע ביימעלעך, וואָס ער איז געלעגן ביי זיי צופוסנס, — האָבן אָנגעטרונקען זיין אָפּענעם, ווייכן געדאַנק, ווי אַ שוואָם. ער האָט זיך קעגן זיין געדאַנק געראַנגלט: ער האָט אים געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן, צו האַלטן פעסט דאָס פאַרשווינדנדיקע בילד, און וועלכן ער האָט געוואָלט אָנבינדן זיין לעבן; אָבער זיין געדאַנק פלעגט אַראָפּזינקען, מיד און פאַרשלאָפן, און ווידער האָט ער זיך איבערגעגעבן, מיט אַ זיפץ פון דערלייכטערונג, דעם פוילן שטראָם פון איינדרוקן.

ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון דער באַטויבונג. ער איז דורכגעלאָפן דאָס פעלד אין דער לענג און אין דער ברייט, און געזוכט סאַבינען. ער האָט זי געזוכט אינם שפיגל, ווו עס איז פאַרשווונדן געווען איר שמייכל. ער האָט זי געזוכט אויפן ברעג פונם טייך, ווו אירע הענט האָבן זיך געטובלט. אָבער דער שפיגל און דאָס וואַסער האָבן אים צוריקגעשיקט בלויז זיין אייגן בילד. די באַוועגלעכקייט פון זיין גאַנג, די פרישע לופט, זיין האַסטיק, פולסירנדיק בלוט, האָבן דערוועקט אין אים מוזיקאַלישע איינפאַלן. ער האָט שוין געבענקט נאָך עפּעס ניי'עס:

— אָ, סאַבינע!... — האָט ער געקרעכצט.

ער האָט איר געווידמעט די געזאַנגען און אָפּגעמאַכט ביי זיך אויפצולעבן אין דער מוזיק זיין ליבע און זיינע יסורים... נאָר אומזיסט: די ליבע און יסורים האָט ער טאַקע אויפגעלעבט, אָבער געפעלט האָט לחלוטין די אָרעמע סאַבינע. די ליבע און ליידן האָבן געקוקט צו דער צוקונפט, נישט צו דער פאַרגאַנגענהייט. קריסטאָף האָט נישט געקענט גובר זיין זיין יוגנט. דער לעבנס-זאַפט האָט גענומען קוועלן אין אים מיט אַ נייעם אימפעט. זיין טרויער, זיין חרטה, זיין צניעות-דיקע, צעגליטע ליבע, זיינע געצוימטע פאַרלאַנגען האָבן צעפלאַקערט אין אים אַ פיבער. אויף צו להכעיס זיין טרויער, האָט דאָס האַרץ געקלאַפט מיט אַ פריילעכן, האַסטיקן ריטם; ווילדע לידער האָבן געטאַנצט אין אַ שיכורן טאַקט: אַלץ האָט געלויבט דאָס לעבן, אַפילו דער אומעט האָט באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ יום-טוב. קריסטאָף איז געווען צו-אויפריכטיק, ער זאָל זיך לאַנג איינעקשנען און לאָזן זיך נאַרן; ער האָט געפילט צו זיך אַ פאַראַכטונג. אָבער דאָס לעבן האָט אים מיטגעריסן. און אומעטיק, מיט אַ נשמה, וואָס איז פול מיטן טויט און אַ גוף — פול מיט לעבן, האָט קריסטאָף זיך אָפּגעגעבן דער באַנייענדיקער קראַפט, דער פאַרשיכורנדיקער, זינלאָזער פרייד פון לעבן, וואָס סיי דער ווייטיק, מיטלייד און פאַרצווייפלונג, סיי די האַרצרייסנדיקע וווּנד פון אַן אויף-אייביק-פאַרפאַלענע אַבדה און די יסורים פון טויט — אַלץ צוזאַמען האָט זי נאָך מער פאַרשטאַרקט און נאָך שטאַרקער זי אויפגעלעבט אינם געזונטן מענטשן, פונקט ווי אַ געפערלעכער שפרונג רעגט לוסטיק אויף דאָס פערד.

קריסטאָף האָט, אַגב, געוווּסט, אַז אין די אונטערערדישע קעלערן פון דער נשמה באַהאַלט ער אַ נישט-צוגענגלעכן, אומבאַרירלעכן מקלט, ווו סאַבינעס שאָטן איז פאַרזיגלט. דער שטראָם פון לעבן קאָן אים נישט מיטרייסן. יעדער איינער טראָגט טיף אין זיך אַ מין קליינעם בית-עולם פון די, וואָס ער האָט ליב געהאַט. זיי שלאָפן דאָרט יאָרנלאַנג און קיין זאַך שטערט נישט זייער רו. נאָר עס קומט אַ טאָג, — אַלע ווייסן עס — ווען דער אָרון עפנט זיך אויף. די מתים גייען אַרויס פון זייערע קברים און שמייכלען מיט זייערע אויסגעזויגענע — און ווי שטענדיק, ליבנדיקע — ליפן צום געליבטן, וואָס אין זיין ברוסט דרימלט זייער זכר, ווי אַ קינד, וואָס שלאָפט אין די מאַמעס געדערים.

נאָכן רעגנדיקן זומער האָט אויפגעשטראַלט דער האַרבסט. אין די אויבסט-סעדער זענען די פּרוכטן שווער אַראָפּגעהאָנגען פון די צווייגן. די רויטע עפּל האָבן געגלאַנצט ווי באַלן פון עלפנביין. די איבעריקע בוימער האָבן שוין געאײַלט זיך אָנצוטון אין זייער לייכטנ-דיקער, שפּעט-האַרבסטיקער קליידונג: אין פייער-קאָליר, אין הויבסט-קאָליר, אין קאָליר פון צייטיקן מעלאָן, פון פּאָמעראַנץ, פון ציטרין, פון געשמאַקע קיך-ריחות, פון געבראָטענעם פלייש. אַ טעמפּער שימער האָט זיך צעפלאַקערט אין אַלע זייטן פון די וועלדער; און פון די לאָנקעס האָבן זיך אויפגעהויבן קליינע ראָזע פלאַמען פון דורכזיכטיקע בלימעלעך.

ער איז אַראָפּ פון אַ בערגל. ס'איז געווען אַ זונטיקדיקער נאָכ-מיטאָג. ער איז געגאַנגען מיט גרויסע טריט, כמעט געלאָפן, מיטגע-שלעפּט פון דער שיפּוע. ער האָט געזונגען אַ ליד, וואָס דער ריטם האָט אים באַהערשט באַלד אין אָנהויב פונם שפּאַציר. ער איז געגאַנגען אַ רויטער, מיט צעקנוידערטע קליידער, געמאַכט מיט די הענט און גע-גלאָצט מיט די אויגן, ווי אַ חסר-דעה — און פּלוצלינג האָט ער, אינם אָרט, ווו דער וועג דרייט זיך אַוועק אין אַ זייט, דערזען אַ גרויס, בלאָנד מיידל, וואָס איז געזעסן אויף אַ מויער-פּלויט און געצויגן מיט אַלע כוחות אַ דיקן צווייג פון בוים צו זיך און געשלונגען מיט אַפּע-טיט קליינע, פּיאָלעטע פלאָמען. ביידע זענען זיי אין דער זעלבער מאָס געווען פאַרחידושט. מיט אַ פולן מויל האָט זי אים אָנגעקוקט; דערנאָך האָט זי אויסגעשריען און זיך צעלאַכט. ער האָט געטון דאָס זעמלעכע. ס'איז געווען אַ מחיה אָנצוקוקן זי, מיט איר רונדן פּנים, וואָס איז געווען ווי מיט אַ זון-שטויב אַרומגעזוימט מיט העלע, גע-

קרייזלטע האָר; מיט אירע פולע, ראָזע באַקן; ברייטע, בלויע אויגן; מיט איר אַ ביסל-דיקלעכער, חוצפּהדיק-פֿאַרריסענער נאָז; מיט איר קליינעם, שטאַרק-רויטן מויל, וואָס האָט געוויזן ווייסע ציין מיט שטאַר-קע, בולטע באַק-ציין; מיט איר תּאַווהדיקער גאָמבע און מיט איר גאַנצער גרויסער, דיקער, פֿעסט-געבויטער, אויסגעגאָסענער פֿיגור. ער האָט אַ געשריי געטון:

— אַ גוטן אַפּעטיט!

און געוואָלט גיין זיין וועג. אָבער זי האָט אים גערופֿן:

— וואַרט! וואַרט נאָר! איר ווילט זיין אַזוי פֿריינדלעך? העלפֿט מיר אַראָפּשפּרינגען. איך קאָן נישט אַליין...

ער איז צוריקגעגאַנגען און געפֿרעגט זי, ווי איז זי אַליין אַרויף.

— מיט די נעגל... אַרויפֿצוקריכן איז שטענדיק לייכטער...

— בפֿרט ווען געשמאַקע פּרוכטן הענגען אַראָפּ איבערן קאָפּ...

— יאָ... נאָר ווען מ'עסט זיך אָן, פֿאַרלירט מען דעם מוט. מ'קאָן נישט געפֿינען צוריק דעם וועג.

ער האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי הענגט אויבן, און געזאָגט:

— אַזוי זעט איר אויס זייער פֿיין. בלייבט דאָרט שטיל זיצן. איך וועל קומען מאָרגן אַ קוק טון. אַ גוטע נאַכט!

אָבער צוגעשמידט אונטן, האָט ער זיך נישט גערירט פֿון אָרט. זי האָט זיך געמאַכט דערשראָקן און מיט קליינע האַוואַיעס בע-בעטן אים, ער זאָל זי נישט פֿאַרלאָזן. זיי האָבן זיך ווייטער, לאַכנדיק, אָנגעקוקט. זי האָט אים געפֿרעגט, אָנווייזנדיק די צווייג, אויף וועלכער זי איז געהאָנגען:

— איר ווילט?

זינט די שפּאַצירן מיט אָטאָן, האָט קריסטאָף נישט געהאַט קיין גרויסן דרך-ארץ פֿאַר פּריוואַט-אייגנטום; ער האָט צוגעשטימט אַ וואַקלעניש. זי האָט מיט הנאה אַראָפּגעשאָקלט אויף אים פֿלאָמען. ווען ער האָט זיך אָנגעגעסן, האָט זי געזאָגט:

— און איצט!...

ער האָט זי מיט אַ בייזער הבֿאה געלאָזט וואַרטן, זי איז גע-וואָרן אומגעדולדיק אויבן פֿלויט. לסוף האָט ער געזאָגט:

— לאָמיר גיין!

און אויסגעצויגן די אָרעמס.

אָבער אין דער רגע, ווען זי האָט געוואָלט אַראָפּשפּרינגען, האָט זי זיך געכאַפּט:

— וואַרט! מ׳דאַרף פריער מיטנעמען אויפן וועג!

זי האָט אָפּגעפּליקט די שענסטע פלאָמען, וואָס זי האָט געהאַט אונטער דער האַנט, און אָנגעפּילט איר האַלב-אָפענעם בוזעם:

— פאַרזיכטיק! צעטרעט זיי נישט!

ער האָט כמעט חשק געהאַט עס צו טון.

זי האָט זיך איבערגעבויגן צום פּלויט און אַראָפּגעשפּרונגען אין זיינע אָרעמס. הגם ער איז געווען אַ פעסטער, האָט ער זיך אַ וואַקל-געטון אויף די פיס און כמעט אומגעפאַלן מיט איר צוזאַמען. זיי זע-נען געווען אין הויך. זייערע פנימער האָבן זיך אָנגערירט. ער האָט זי אַ קוש געטון אין די פייכטע ליפּן, וואָס זענען געווען זיס פון פלאָמען-זאַפט; און זי האָט אים אָן שום קונצן אָפּגעגעבן אַ קוש צוריק.

— וווהין גייט איר? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס נישט.

— איר האָט שפּאַצירט אַליין?

— ניין. איך בין דאָ מיט חברים. נאָר כ׳האָב זיי אָנגעוווירן...

הו-הו! — האָט זי פּלוצלינג אַ געשריי געטון, רופנדיק מיט אַלע כוחות.

קיינער האָט נישט געענטפערט.

זי האָט זיך עס נישט גענומען צום האַרצן. זיי האָבן זיך גע-לאָזט גיין, גלייך, ווו די אויגן האָבן געטראָגן.

— און איר, ווו גייט איר? — האָט זי זיך אָנגערופן.

— איך ווייס אויך נישט.

— גאַנץ גוט. לאָמיר גיין צוזאַמען.

זי האָט אַרויסגענומען פון איר האַלב-אָפענעם בוזעם עטלעכע פלאָמען און גענומען זיי שפּאַלטן מיט די ציין.

— איר קאָנט נאָך קראַנק ווערן! — האָט ער געזאָגט.

— קיינמאָל אין לעבן נישט! איך עס זיי אַ גאַנצן טאָג.

דורך דער אָפענער בלוזע האָט ער געזען דאָס העמד.

— איצט זענען זיי אַלע וואַרעם געוואָרן, — האָט זי געזאָגט.

— לאָמיר זען!

זי האָט אים לאַכנדיק דערלאַנגט אַ פלאָם. ער האָט זי אויפ-

געגעסן. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט איין אויג-ווינקל און בשעת-מעשה געזויגן די פלאָם, ווי אַ קינד. ער האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן, ווי עס וועט זיך ענדיקן. לפּחות, זי האָט שטאַרק געצווייפלט. זי האָט געוואַרט.

— הו-הו! — האָט מען געשריען פון וואַלד.

— הו-הו! — האָט זי געענטפערט — אַך, אָט זענען זיי! — האָט זי געזאָגט צו קריסטאָפן. — ס'איז נישט קיין גרויסער שאָד.

זי האָט געטראַכט פאַרקערט, אַז ס'איז דווקא אַ גרויסער שאָד. אָבער דאָס וואָרט איז נישט געגעבן געוואָרן דער פרוי, זי זאָל זאָגן דאָס, וואָס זי טראַכט... גאָט צו דאַנקען! ווען נישט דאָס, וואָלט אוממעגלעך געווען צו געפינען אויף דער ערד מאָראַל.

די קולות האָבן זיך דערנענטערט. אירע פריינד זענען אַרויס אויפן וועג. זי איז אַריבערגעשפּרונגען דעם ראָוו, אַרויפגעקראָכן נישט ווייט אויף אַ בערגל און באַהאַלטן זיך הינטער די ביימער. פאַרחידושט האָט ער זי אָנגעקוקט. זי האָט באַפעלעריש געגעבן צייכנס, ער זאָל צוגיין. ער האָט זי געפאָלגט. זי האָט זיך באַהאַלטן טיף אין וואַלד.

— הו-הו! — האָט זי ווידער אויסגעשריען, ווען זיי זענען שוין געווען גאַנץ ווייט.. — איך וויל, זיי זאָלן מיך זוכן! — האָט זי געגעבן קריסטאָפן צו פאַרשטיין.

יענע זענען דערווייל געבליבן שטיין אויפן וועג און זיך צוגעהערט, פון וואַנען די שטים קומט אָן. זיי האָבן אָפּגעענטפערט און זענען אויך אַריין אין וואַלד. נאָר זי האָט אויף זיי נישט געוואַרט. זי האָט מיט הנאה געמאַכט זיגזאַגן אויף רעכטס און אויף לינקס. זיי זענען הייזעריק געוואָרן פון רופן. זי האָט זיי געלאָזט שרייען און דערנאָך געגומען רופן פון גאָר אַן אַנדערער זייט. לסוף זענען זיי מיד געוואָרן, און זיכער, אַז דאָס בעסטע מיטל, זי זאָל צוריקקומען, איז אויפצוהערן בכלל זי צו זוכן, האָבן זיי אַ געשריי געטון:

— אַ גליקלעכע רייזע!

און זינגענדיק אַוועקגעגאַנגען.

זי איז געוואָרן זייער בייז, וואָס זיי זאָרגן זיך אַזוי ווייניק וועגן איר. זי האָט אמת, אַליין געוואָלט פון זיי פּטור ווערן; נאָר איר איז נישט איינגעפאַלן, אַז זיי וועלן אַזוי לייכט מסכּים זיין אַוועקצוגיין אָן איר. קריסטאָף האָט געמאַכט אַ נאַרישע מינע: אָט דאָס שפּיל אין באַהעלטעניש מיט אַ מיידל, וואָס ער האָט נישט געקענט, איז

אים אויסגעקומען מאָדנע; און ער האָט לחלוטין נישט געקלערט צו באַנוצן זיך דערמיט, וואָס זיי זענען אַליין. זי האָט עס אויך נישט געקלערט: פון גרויס כעס האָט זי פאַרגעסן אָן קריסטאָפן.

— אָ, ס׳איז צו פיל, — האָט זי געזאָגט, פּאַטשנדיק אין די הענט, — אָט האָבן זיי מיך איבערגעלאָזן.

— אָבער, — האָט זיך קריסטאָף אָנגערופן — איר האָט דאָך עס אַליין געוואָלט.

— ס׳הויבט זיך נישט אָן!

— איר זענט אַנטלאָפן.

— אויב איך בין אַנטלאָפן, איז עס מיין עסק, נישט זייערע. זיי האָבן מיך געדאַרפט זוכן. און אויב איך וואָלט פאַרבלאָנדזשעט?...

זי האָט זיך שוין גענומען קלאָגן אויף די צרות, וואָס זי וואָלט אויסגעשטאַנען, ווען... ווען ס׳וואָלט געשען פאַרקערט, ווי אין אמתן.

— אָ, איך וועל זיך מיט זיי אָפּרעכנען, — האָט זי געזאָגט.

זי איז געגאַנגען צוריק מיט גרויסע טריט.

אויפן וועג האָט זי זיך דערמאָנט אָן קריסטאָפן און ווידער אויף אים אַ קוק געטון. — נאָר ס׳איז געווען צו שפּעט. זי האָט זיך צעלאַכט. דער קליינער שד, וואָס איז אין איר געווען פריער, איז איצט נעלם געוואָרן. וואַרטנדיק, ס׳זאָל אָנקומען אַ צווייטער שד, האָט זי דערווייל געקוקט אויף קריסטאָפן מיט גלייכגילטיקע אויגן. אויסערדעם איז זי געווען הונגעריק. איר מאָגן האָט איר דערמאָנט, אַז ס׳איז שוין צייט צו עסן אָוונטברויט; זי האָט זיך געאײַלט צו טרעפן די חברים אין רעסטאָראַן. זי האָט אָנגענומען קריסטאָפן פאַרן אָרעם און זיך אָנגעהאָנגען מיט אַלס כוחות; זי האָט געקרעכצט און געזאָגט, אַז די כוחות גייען איר אויס. דאָס האָט איר אָבער נישט געשטערט מיטצושלעפּן קריסטאָפן באַרג-אַראָפּ, ווען זי איז שרייענדיק און לאַכנדיק, ווי אַ משוגענע, אַראָפּגעלאָפן פונם בערגל.

זיי האָבן געשמועסט. זי האָט זיך דערוווּסט, ווער ער איז; זי האָט זיין נאָמען נישט געקענט, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי לעגט נישט קיין גרויס אַכט אויף זיין מוזיקער-טיטל. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זי איז אַ מאַגאַזין-פאַרקויפערין ביי אַ מאָדיסטין אויף דער קייזער-גאַס (די שענסטע גאַס אין דער שטאָט); זי האָט געהייסן אַדעלהאַד,— פאַר אירע פריינד — אַדאַ. אירע שפּאַציר-חברים זענען געווען: אירע אַ חברטע, וואָס האָט געאַרבעט אינם זעלבן געשעפט, ווי זי, און

צוויי זייער פיינע יונגעלייט, איינער אַ באַאַמטער אין ווייל̄ערס באַנק און דער צווייטער אַ סוחר, אַן אָנגעשטעלטער אין אַ גרויסן געשעפט. זיי האָבן אויסגענוצט די פרײַע צייט פון זונטיק, באַשלאָסן צו עסן מיטאָג אין בראָשעטס רעסטאָראַן, פון וואַנען מ׳האָט געקאָנט זען אַ שיין בילד פון רהיין, און אויך צופאָרן צוריק מיטן דאַמפער.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן, איז שוין די געזעלשאַפט געזעסן ביים טיש. אַדאַ האָט באַלד געמאַכט אירע פריינד אַ סצענע; זי האָט זיך באַקלאָגט אויף זייער מיאוסן אַנטלויפן, און פאָרגעשטעלט פאַר זיי קריסטאָפן, זאָגנדיק, אַז ער האָט זי ממש געראַטעוועט. זיי האָבן אויף אירע טענות קיין שום אַכט נישט געלעגט; אָבער קריסטאָפן האָבן זיי געקענט, — דער באַאַמטער האָט געהערט וועגן אים און דער סוחר — האָט געהערט זיינע עטלעכע מוזיקאַלישע זאַכן, — (ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק איין ניגון באַלד אויפן אָרט אונטערצוברומען) — און דער דרך־ארץ, וואָס זיי האָבן אים אַרויסגעוויזן, האָט געמאַכט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אַדאַן, בפרט, ווען מ׳ אַ דאָס צווייטע מיידל, — (אייגנטלעך האָט זיך געהייסן האַנזי אָדער יאָהאַננאַ) — האָט אָן אויפהער גענומען אַרומטאַנצן אַרום דעם „הער הויף־מוזיקער". מירא איז געווען אַ ברונעט מיידל מיט אַרומלויפנדיקע אויגן, קנאָכיקן שטערן, גלאַטע האָר, מיט אַ ביסל אַ פאַרקרימט פנים, ווי ביי אַ כינעזערין, אָבער אַ גייסטרייכע און נישט אָן רייץ, מיט איר ציגן־קין און אייל־גאָלדענער הויט. זיי האָבן אים געבעטן אָנצוטון זיי דעם כבוד און זעצן זיך מיט זיי צום טיש.

ער האָט קיינמאָל נישט בייגעוווינט אַזאַ יום־טוב; ווייל יעדער איינער האָט איבערגעיאָגט דעם אַנדערן אין העפלעכקייט, און די ביידע פרויען, ווי גוטע פריינדינס, האָבן אים כסדר איינע ביי דער אַנדערער אַרויסגעריסן. זיי האָבן אים ביידע געוואָלט אַריינכאַפּן: מירא, מיט צערעמאָניאַלע באַוועגונגען און כיטרע אויגן, דריקנדיק אים די פיס אונטערן טיש; — און אַדאַ, שפּילנדיק חוצפהדיק מיט אירע שיינע אויגן, מיט איר שיין מויל און מיט דער גאַנצער קונסט פון איר געשטאַלט צו פאַרפירן. אָט די, אַ ביסל גראָבלעכע קאָקעטישקייט האָט קריסטאָפן פאַרשעמט און צעטומלט. אָבער די ביידע נאַר־שייטע מיידלעך זענען געווען אינגאַנצן אַנדערש, ווי די טונקעלע געזיכטער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט ביי אים אין שטוב. מירא האָט אים אינטערעסירט, ער האָט געפונען, אַז זי איז קליגער פון אַדאַן; נאָר אירע

חנופהדיקע גענג און צווידייטיקער שמייכל האָבן זיך צונויפגעמישט ביי אים אין אַ געפיל, וואָס האָט אים אי געצויגן, אי אָפּגעשטויסן. זי האָט נישט געקאָנט בייקומען דעם גלאַנץ פון לעבן און הנאה, וואָס האָט געשטראַלט פון אַדאַן: און זי האָט עס גאַנץ גוט געוווּסט. ווען זי האָט איינגעזען, אַז די פּאַרטיע איז פאַרשפּילט, האָט זי זיך נישט איינגעעקשנט; נאָר פאַרשלאָסן אין זיך, האָט זי ווייטער געשמייכלט און געדולדיק געוואַרט, ביז ס'וועט קומען איר צייט. ווען אַדאַ האָט געזען, אַז דאָס שלאַכט-פעלד איז אין איר רשות, האָט זי קיין ווייטערדיקע דערגרייכונגען נישט געזוכט; דאָס, וואָס זי האָט זיך געמיט, איז דער עיקר געווען צו דערגיין די חברטע די יאָרן: ס'האָט זיך איר איינגעגעבן, זי איז געווען צופרידן. אָבער שפּילנדיק זיך, איז זי אַליין אַריינגעפאַלן אין נעץ. זי האָט געפילט אין קריסטאָפס אויגן די ליידנשאַפט, וואָס זי האָט אָנגעצונדן; און אָט די ליידנשאַפט האָט זיך אין איר אויך צעפלאַקערט. זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, איבערגעריסן די וווּלגאַרע שטעכווערטלעך: זיי האָבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט; זיי האָבן געפילט אויף די ליפּן דעם טעם פון זייער קוש. פון צייט צו צייט, מיט הפסקות, האָבן זיי זיך ווידער באַטייליקט מיט אַ טומל אין דער פאַרווייִלונג פון זייערע שכנים: דערנאָך זענען זיי ווידער שטיל געוואָרן און באַהאַלטענערהייט געקוקט איינער אויפן אַנדערן. לסוף האָבן זיי זיך אויפגעהערט אָנצוקוקן, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך צו פאַרראַטן. פאַרזונקען אין זיך אַליין, האָבן זיי צעגליט אין זיך דעם באַגער.

ווען דער מיטאָג האָט זיך געענדיקט, האָבן זיי זיך געגרייט אַרויסצוגיין. זיי האָבן באַדאַרפט דורכצומאַכן צוויי קילאָמעטער דורכן וואַלד, כדי אָנצוקומען צו דער דאַמפער-סטאַציע. אַדאַ האָט זיך אויפגעהויבן די ערשטע, און קריסטאָף איז איר נאָכגעגאַנגען, זיי האָבן געוואַרט פאַר דער טיר, ביז יענע וועלן פאַרטיק ווערן; — שווייגנדיק, זייט ביי זייט, זענען זיי געשטאַנען אינם געדיכטן נעפל, וואָס איין איינציקער לאַמטערן, אויפגעהאָנגען אויף דער טיר פון רעסטאָראַן, האָט אים קוים דורכגעדרונגען. — מיראַ האָט זיך פאַרזאַמט פאַרן שפּיגל.

אַדאַ האָט אָנגענומען קריסטאָפן פאַר דער האַנט און אים אַוועקגעשלעפּט, לענג-אויס דער שטוב, אין שאָטן פונם גאָרטן, אונטער אַ באַלקאָן, פון וועלכן ס'איז אַראָפּגעהאָנגען אַ פאָרהאַנג פון ווילדע וויין-

טרויבן, האָבן זיי זיך ביידע באַהאַלטן, אַרומגערינגלט פונם שווערן חושך. זיי האָבן איינער דעם צווייטן נישט געזען. דער ווינט האָט געגרוישט אין די בוימער-שפּיצן. ער האָט געפילט, אַז אַדאַס פינגער האָבן זיך איינגעפּלאָנטן אין זיינע, און דער ריח פון אַ העליאָטראָפּ-בלום, וואָס זי האָט געטראָגן אויף דער ברוסט.

פלוצלינג האָט זי אים אַ צו געטון צו זיך; קריסטאָפס מויל האָט אָנגערירט אַדאַס האָר, וואָס זענען געווען נאַס פונם נעפּל; ער האָט געקושט אירע אויגן, אירע ברעמען, אירע נאָזלעכער און אירע פעסטע באַקן און דעם ווינקל פון איר מויל, ער האָט געזוכט און געפונען אירע ליפּן און געבליבן אָן זיי הענגען.

די חברים זענען אַרויסגעגאַנגען. מ׳האָט גערופן:

— אַדאַ!...

זיי זענען אומבאַוועגלעך געשטאַנען, קוים געאָטעמט און צוגע-דריקט איינער צום אַנדערן די ליפּן און דעם גאַנצן קערפּער.

זיי האָבן געהערט, ווי מירא זאָגט:

— זיי זענען אַוועק פאָרויס.

די טריט פון זייערע חברים האָבן זיך דערווייטערט אין דער נאַכט. זיי האָבן זיך נאָך שטאַרקער צוגעדריקט אין דער שטיל, שטיקנדיק אויף זייערע ליפּן אַ ליידנשאַפטלעכן געפּליסטער.

אַ שטאָט-זייגער האָט אויסגעקלונגען אין דער ווייטן. זיי האָבן זיך אָפּגעריסן. מ׳האָט געדאַרפט גיך לויפן צו דער סטאַציע. נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָבן זיי גענומען גיין געאָרעמט, מיט אַ גלייכמעסיקן טריט, — אַ קליינעם, האַסטיקן און פעסטן, ווי זי אַליין. דער וועג איז געווען פוסט, דאָס פעלד אָן מענטשן, זיי האָבן קוים געזען צען טריט פאָרויס; זיי זענען געגאַנגען הייטער און זיכער אין דער ליבער נאַכט. זיי זענען קיינמאָל נישט געשטרויכלט געוואָרן אָן די קיזל-שטיינער פון וועג. אַזוי-ווי ס׳איז געווען זייער שפּעט, זענען זיי געגאַנגען מיט אַ קירצערן וועג. דער שטעג, וואָס איז אַ געוויסע צייט געגאַנגען באַרג-אַראָפּ דורך ווייַן-בערג, האָט זיך ווידער גענומען באַרג-אַרויף און פאַמעלעך געשלענגלט זיך ביי דער זייט פונם בערגל. דורכן נעפּל האָבן זיי פאַרנומען דעם גערויש פון טייך און דאָס קלינגענדיקע פאַטשערייַ פונם אָנקומענדיקן דאַמפער. זיי זענען אַראָפּ פון וועג און גענומען לויפן דורך די פעלדער. לסוף זענען זיי אָנ-געקומען צום ברעג פונם רהיין, אָבער נאָך גאַנץ ווייט פון דער סטאַ-

ציע. זיי האָבן זיך עס ווייניק גענומען צום האַרצן. אַדאַ האָט פאַר־געסן איר מידקייט פון אָוונט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וואָלטן געקאָנט אַ גאַנצע נאַכט גיין אָט אַזוי, איבערן שווייגנדיקן גראָז, דורכן שוועבנדיקן נעפּל, וואָס איז נאָך פּייכטער און געדיכטער לענג־אויס דעם טייך, וואָס איז אַרומגעהילט אין לבנה־שיין. די סירענע פונם דאַמפּער האָט אַ פּייף־געטון, די טונקעלע פאַרזעעניש האָט זיך שווער דערוויטערט. זיי האָבן געזאָגט, לאַכנדיק:

— מיר וועלן פאָרן מיטן צווייטן.

אַ מילדע וואַסער־כוואַליע האָט אַ שפּריץ געטון אויפן ברעג פון טייך און צעברעקלט זיך ביי זייערע פיס.

אין דער דאַמפּער־סטאַציע האָט מען זיי געזאָגט:

— ס'איז אָפּגעפאָרן דער לעצטער.

קריסטאָפן האָט האַסטיק געקלאַפּט דאָס האַרץ. אַדאַס האַנט האָט שטאַרקער געדריקט דעם אָרעם פון איר באַגלייטער:

— מילא! — האָט זי געזאָגט — וועלן מיר מאָרגן קריגן אַן אַנדערן.

עטלעכע טריט פון זיי, אויפן ברעג פון טייך, האָט זיך באַוויזן דורכן נעפּל אַ שיין פון אַ לאַמטערן, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ סלופּ אינמיטן אַ טעראַסע. אַ ביסל ווייטער, עטלעכע ליכטיקע שויבן — אַ גאַסט הויז.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין גערטנדל. דער זאַמד האָט גע־סקריפּעט אונטער זייערע טריט. טאַפּנדיק אין דער פינסטער, האָבן זיי געפונען די שטיגן. ווען זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין שטוב, האָט מען דאָרט אָנגעהויבן אויסצולעשן די לאָמפּן. אַדאַ, אָנגעהאָנגען אָן קריסטאָפס אָרעם, האָט געבעטן אַ צימער. דאָס צימער, וווּ מ'האָט זיי אַריינגעפירט, האָט געהאַט אַ פענסטער צום גאָרטן. איינגעבויגן איבערן פענסטער, האָט קריסטאָף געזען די פאָספאָרישע שיין פונם טייך און דאָס אויג פון דעם לאַמטערן, וואָס אויף זיין שויב האָבן געווימלט פליגן מיט לאַנגע פליגל. די טיר האָט זיך פאַרמאַכט. אַדאַ איז געבליבן שטיין ביים בעט און געשמייכלט. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אַ קוק צו טון אויף איר. זי האָט אים אויך נישט אָנגעקוקט, נאָר דורך די ברעמען האָט זי נאָכגעקוקט קריסטאָפס באַוועגונגען. דער דיל האָט געקרעכצט אונטער יעדן טריט. מ'האָט געהערט דעם מינדסטן גערויש

פון שטוב. זיי האָבן זיך געזעצט אויפן בעט און זיך שווייגנדיק אַרומגענומען.

דאָס פינקלענדיקע ליכט פונם גאָרטן איז פאַרלאָשן געוואָרן. אַלץ איז אויסגעגאַנגען...

נאַכט... תהום... אָן ליכט, אָן באַוווסטזיין... דאָס זיין. די טונקעלע, פאַרשלינגענדיקע קראַפט פון זיין. די אַלמעכטיקע פרייד. די האַרצרייסנדיקע פרייד די פרייד, וואָס שלינגט איין די עקסיסטענץ, ווי דער חלל — אַ שטיין. דער קוואַל פון באַגער, וואָס זויגט אויס דעם געדאַנק. דאָס זינלאָזע און פעסטע געזעץ פון בלינדע און שיכּורע וועלטן, וואָס קייקלען זיך אַראָפּ אין דער נאַכט...

נאַכט... זייער אָטעם מישט זיך צונויף, די וואַרעמקייט פון צוויי קערפּער, וואָס זענען צוזאַמענגעשמאָלצן... די תהומות פון באַטויבונג, וו זיי זינקען צוזאַמען אַראָפּ... די נאַכט, וואָס באַשטייט פון נעכט, די שעהן, וואָס זענען ווי דורות, די רגעס, וואָס זענען כּולל דעם טויט... די שותּפותדיקע חלומות, די ווערטער אונטער געשלאָסענע אויגן, די זיסע, דערשראָקענע באַרירונג פון די נאַקעטע פיס, וואָס זוכן זיך אַרום האַלב־שלאָפנדיק, די טרערן און געלעכטערס, וואָס גליען פון ליבן זיך אינם חלל פון דער וועלט, פון טיילן צוזאַמען די פאַרגעסנקייט פונם שלאָף, די טומלדיקע בילדער, וואָס שוועבן אַרום אינם מוח, די דמיונות פון דער רוישנדיקער נאַכט... דער רהיין קלאַפּט זיך אָפּ אָן ברעג, צופוסנס דער שטוב; אין דער ווייטן ווערט פון זיינע ברויזנדיקע כוואַליעס אַ קליין רעגנדל, וואָס פאַלט אויפן זאַמד. די בריק פונם דאַמפער קרעכצט אונטער דער וואַסער־משא. די קייט, אָן וועלכער ער איז אָנגעבונדן, ציט זיך אויס און ציט זיך איין מיט א קריצעריי פון אַלטן אייזן. די שטים פונם טייך שטייגט אויף, זי פילט אָן דאָס צימער. דאָס בעט זעט אויס, ווי אַ שיפל. זיי ווערן מיטגעשלעפּט, זייט ביי זייט, מיטן שווינדלענדיקן שטראָם, — הענגענדיק אינם חלל, ווי אַ פויגל אינם פליען. די נאַכט ווערט נאָך שוואַרצער, דער חלל — נאָך פוסטער. זיי דריקן זיך ענגער צו איינע צום צווייטן. אַדאַ וויינט, קריסטאָף פאַרלירט דעם באַוווסטזיין, זיי ווערן ביידע

פֿאַרשוווּנדן אין די כוואַליעס פֿון דער נאַכט...

נאַכט... טויט... — צו וואָס ווידער דערוואַכן?...

דער שימער פֿון באַגינען גלאַנצט אין די פֿייכטע שויבן. דער שימער פֿונם לעבן צינדט זיך ווידער אָן אין די פֿאַרחלשטע קערפּער. ער כאַפּט זיך אויף. אַדאַס אויגן קוקן אים אָן. זייערע קעפּ ליגן אויף דעם זעלבן קישן. זייערע אָרעמס זענען געפֿלאָכטן. זייערע ליפּן רירן זיך אָן. אַ גאַנץ לעבן ציט זיך דורך אין משך פֿון עטלעכע רגעס, טעג פֿון זון, פֿון גרויסקייט און פֿרידן...

„ווּ בין איך? צי בין איך — צוויי? עקסיסטיר איך נאָך? איך פֿיל נישט מער מיין ווען. די אומענדלעכקייט רינגלט מיך אַרום. כ'האָב די נשמה פֿון אַ סטאַטוע, מיט ברייטע, שטילע אויגן, פֿול מיט אָלימפּישער שלוה".

זיי ווערן פֿאַרזונקען אין יאָרהונדערטער פֿון שלאָף. און די היימישע קולות פֿון באַגינען, די ווייטע גלאָקן, אַ פֿאַרבײַ שווימענדיק שיפֿל, צוויי רודערס, וואָס שפּריצן מיט וואַסער, די טריט אויפֿן וועג, — גלעטן זייער דרימלענדיק גליק, אָן שום שטערונג, און לאָזן זיי נאָר פֿילן, אַז זיי לעבן...

דאַמפּער, וואָס האָט געסאָפּעט הינטערן פֿענסטער, האָט אויפֿגעוועקט קריסטאָפֿן פֿון זיין פֿאַרגליווערונג. זיי האָבן געהאַט אָפּגעמאַכט אַרויסצוגיין פֿון שטוב זיבן אַ זייגער, כּדי צו קומען אין שטאָט, און גיין צו דער אַרבעט צו דער צייט. ער האָט געשעפּטשעט:

— דו שלאָפֿסט?

זי האָט נישט געעפֿנט די אויגן, נאָר געשמייכלט, אויסגעצויגן די ליפּן און זיך אָנגעשטרענגט אים אַ קוש צו טון; דערנאָך איז איר קאָפּ ווידער אַראָפּגעפֿאַלן אויף קריסטאָפֿס אַקסל... דורך די פֿענסטער-שויבן האָט ער געזען אויפֿן ווייסן הימל דעם קומען פֿונם דאַמפּער, די פּוסטע בריק און די רויך-זיילן. ער איז ווידער אַנטדרימלט געוואָרן...

ס'איז אַריבער אַ שעה און ער האָט עס נישט באַמערקט. הערנ־דיק דעם זייגער קלינגען, איז ער אויפֿגעשפּרונגען פֿאַרחידושט:

— אַדאַ! — האָט ער ווייך אַריינגערוימט דער געליבטער אין איער אַריין. — העדי! — האָט ער איבערגעחזרט. — ס׳איז שוין אַלץ דער זייגער.

מיט אַלץ־פאַרמאַכטע אויגן, האָט זי צונויפגעצויגן די ברעמען און דאָס מויל אין אַן אומצופרידענער מינע:

— אַי, לאָז מיך שלאָפן, — האָט זי געזאָגט.

און זיפצנדיק פון מידקייט, האָט זי זיך באַפרייט פון זיינע אָרעמס, זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און אויף דער אַנדערער זייט ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן.

ער איז געבליבן ליגן אויסגעצויגן ביי איר זייט. די זעלבע וואַרעמקייט האָט געשטראָמט אין זייערע ביידנס גופים. ער האָט גענומען טרוימען. זיין בלוט איז געפלאָסן אין ברייטע, רויקע שטראָמען. זיינע קלאָרע חושים האָבן אויפגעכאַפּט די מינדסטע איינדרוקן מיט אַ פרייער פרישקייט. ער האָט זיך געפרייט מיט זיין כוח און יוגנט. קעגן זיין ווילן, האָט ער זיך געפילט שטאָלץ, וואָס ער איז אַ מענטש. ער האָט געשמייכלט צו זיין גליק און געפילט זיך אַליין: אַליין, ווי ער איז געווען שטענדיק, נאָך אפשר מער, ווי שטענדיק, אָבער אָן טרויער, מיט אַ געטלעכער איינזאַמקייט. נישטאָ מער קיין פיבער. נישטאָ קיין שאָטנס. די נאַטור האָט זיך פריי געקאָנט שפּיגלען אין זיין קלאָרער נשמה. אויסגעצויגן אויפן רוקן, מיטן פנים צום פענסטער, די אויגן פאַרזונקען אין דער בלאַנקער ווייסקייט פונם בלענדנדיקן ליכט, האָט ער געשמייכלט״

— ווי גוט עס איז צו לעבן!...

לעבן!... אַ שיפל שווימט פאַרביי... ער האָט פלוצלינג אַ טראַכט געטון וועגן די, וואָס לעבן שוין נישט, אין אַ שווימענדיק שיפל, ווו זיי זענען געווען צוזאַמען: ער — זי — ...זי?... נישט אָט די, וואָס שלאָפט ביי זיין זייט. — זי, די איינציקע, די געליבטע, די אָרעמע קליינע געשטאָרבענע. — אָבער וואָס טוט זי דאָ? ווי נעמט זי זיך אַהער? פון וואַנען נעמען זיי זיך אין דעם דאָזיקן צימער, אין דעם בעט? ער קוקט זי אָן, ער דערקענט זי נישט: זי איז אַ פרעמדע; נעכטן אין דערפרי האָט זי נאָך פאַר אים נישט עקסיסטירט. וואָס ווייסט ער וועגן איר? — ער ווייסט, אַז זי איז נישט קלוג. ער ווייסט, אַז זי איז אפילו נישט שיין אין דער רגע, מיט איר בלוטלאָזן, פון שלאָפן אָנגעשוואָלענעם פנים, מיטן נידעריקן שטערן, מיט איר אָפן

מויל, וואָס אָטעמט, מיט אירע אָנגעלאָפּענע און אָנגעצויגענע ליפּן, וואָס זענען פאַרקרימט ווי ביי אַ פיש. ער ווייס, אַז ער האָט זי נישט ליב. און אַ שאַרפער ווייטיק שניידט אים איין, ווען ער טוט אַ טראַכט, אַז ער האָט געקושט אָט די פרעמדע ליפּן אין דער ערשטער מינוט פון זייער באַקאַנטשאַפט, אַז ער האָט גענומען אָט דאָס שיינע גלייכ-גילטיקע לייב אין דער ערשטער נאַכט, — און די, וואָס ער האָט ליב געהאַט, האָט ער געזען ביי איר לעבן און ביי איר טויט, און האָט קיינמאָל קיין העזה נישט געהאַט אָנצורירן אירע האָר, און ער וועט שוין קיינמאָל נישט דערקענען דעם ריח פון איר לייב. אויס. אַלץ איז פאַרשוווּנדן. די ערד האָט אַלץ ביי אים אַוועקגענומען. ער האָט זי נישט פאַרטיידיקט...

און בעת ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער דאָס אומבאַקאַנטע, שלאָפנדיקע מיידל און באַטראַכט אירע שטריכן און געקוקט אויף איר מיט בייזע אויגן, — האָט זי דערפילט זיין בליק. באַאומרויקט, וואָס מ'באַטראַכט זי, האָט זי זיך פשוט אָנגעטון אַ כוח אויפצוהויבן די שווערע וויעס און אַ שמייכל צו טון; מיט אַ שווערן, אומזיכערן לשון, ווי אַ קינד, וואָס כאַפּט זיך אויף, האָט זי געזאָגט:

— קוק נישט אויף מיר, איך בין מיאוס...

זי איז ווידער צוריקגעפאַלן, מיד פון שלאָף, געשמייכלט נאָך און געשטאַמלט:

— אוי, איך בין אַזוי... אַזוי שלעפעריק!...

און פאַרזונקען געוואָרן אין אירע חלומות.

ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער; ער האָט צערטלעך געקושט איר קינדעריש מויל און נעזל. דערנאָך האָט ער אַ ווײַלע אָנגעקוקט דאָס גרויסע, שלאָפנדיקע מיידל, אַריבערגעשפּרונ-גען איבער איר קערפּער און שטיל גענומען זיך אָנטון. זי האָט אַרויס-געלאָזט אַ זיפץ פון דערלייכטערונג, ווען ער איז אַרויס, און אויסגע-צויגן זיך אין דער גאַנצער לענג און אין דער גאַנצער ברייט פון בעט. אָנטוענדיק זיך, האָט ער זיך געהיט נישט אויפצוּוועקן זי, הגם ס'איז נישט געווען קיין שום סכנה; און ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך געזעצט ביים פענסטער אויף אַ שטול און געקוקט אויפן פאַרנעפּלטן, רויכערנדיקן טייך, וואָס אויף אים האָבן, דאַכט זיך, זיך געקוילערט אייז-קריעס; ער איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טרוימערײַ,

אין וועלכן ס׳האָט אַרומגעשוועבט אַ ניגון פון אַ מעלאַנכאָליש פּאָס-טוך-ליד.

פון צייט צו צייט האָט זי אַ ביסל געעפנט די אויגן, געקוקט מיט אַ בלאָנדזענדיקן בליק, עטלעכע מינוט נישט געקאָנט קיין זאַך דערקענען, געשמייכלט צו אים און אַריבער פון איין שלאָף אין אַ צווייטן. זי האָט אים געפרעגט, ווי שפּעט עס איז.

— דריי פערטל אויף ניין.

זי האָט נאָכגעטראַכט און געזאָגט, שלאָפנדיק:

— וואָס הייסט עס דריי פערטל אויף ניין?

האַלב צען אַ זייגער האָט זי זיך אויסגעצויגן, אָפּגעזיפצט און געזאָגט, אַז זי הויבט זיך אויף.

ס׳האָט געקלונגען צען, איידער זי האָט זיך אַ ריר געטון פון אָרט. זי האָט זיך געבייזערט:

— נאָר ער קלינגט!... עס ווערט אַלץ שפּעטער!...

ער האָט געלאַכט, איז צוגעגאַנגען און געזעצט זיך אויפן בעט, נעבן איר. זי האָט אים פאַרוואָרפן די הענט אַרום האַלז און דערציילט אירע חלומות. ער האָט נישט געהערט מיט קאָפּ און איבערגעריסן אַלע ווײַלע מיט עטלעכע צאַרטע ווערטער. נאָר זי האָט אים געהייסן שווייגן און אָנגעהויבן פונדאָסניי מיט גרויס ערנסט, גלייך ווי די מעשות וואָלטן געווען זייער וויכטיק:

— זי איז געזעסן ביים מיטאָג: עס איז דאָרט געווען דער גרויספירשט; מירא איז געווען אַ הונט אַ „טער-נעוו״... ניין, אַ גע-קרייזלטע שאָף, וואָס האָט סערווירט ביים טיש... אַדאַ האָט אויסגעפונען דעם מיטל זיך אויפצוהויבן איבער דער ערד, צו גיין, טאַנצן און לעגן זיך אין דער לופטן: אָט: ס׳איז גאַנץ פּשוט; מ׳דאַרף נאָר טון אַזוי... אָט אַזוי... און פאַרטיק.

קריסטאָף האָט פון איר חוזק געמאַכט. זי האָט אויך געלאַכט, אַ ביסל בייז פון זיין געלעכטער. זי האָט געהויבן מיט די אַקסלען:

— עט, דו פאַרשטייסט גאָרנישט!...

זיי האָבן געפרישטיקט אין בעט, אויפן זעלבן טעלער, מיט דעם זעלבן לעפל.

לסוף האָט זי זיך אויפגעהויבן; זי האָט אַראָפּגעוואָרפן די דעק, אָפּגעדעקט אירע שיינע, גרויסע, ווייסע פיס און זיך אַראָפּגעקייקלט ביזן ראַנד פון בעט. דערנאָך האָט זי זיך געזעצט צו כאַפּן דעם

אָטעם און באַטראַכט אירע פּיס. לסוף האָט זי אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און געהייסן אים אַרויסגיין; און אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געאײַלט, האָט זי אים אָנגענומען פאַר די אַקסלען און אַרויסגעשטופּט דורך דער טיר, וואָס זי האָט פאַרמאַכט אויפן שליסל.

זי האָט זיך אַרומגעדרייט, באַטראַכט און אויסגעצויגן יעדן אייגעם פון אירע שיינע גלידער, און גענומען זיך אָנטון, זינגענדיק בעת־מעשה אַ סענטימענטאַל ליד אין פערצן קופּלעטן. זי האָט באַשפּריצט מיט וואַסער קריסטאָפן, וואָס האָט געקלאַפּט מיט די פינגער אין פענסטער. אַרויסגייענדיק, האָט זי אָפּגעריסן די לעצטע רויז פון גאָרטן — און אַוועק מיט אים צום דאַמפּער. דער נעפּל איז נאָך נישט צעגאַנגען, אָבער די זון האָט דורכגעבראָכן דורכן נעפּל: זיי זענען געשווומען אין אַ מילך־שײַן. אַדאַ איז געזעסן מיט קריסטאָפן אין עק דאַמפּער, מיט אַ שלעפעריקער, אָנגעבלאָזענער מינע און געברומט, אַז די שײַן רייסט איר די אויגן און אַז אַ גאַנצן טאָג וועט איר ווי טון דער קאָפּ. און אַזוי־ווי קריסטאָף האָט נישט געלייגט קיין גרויס אַכט אויף אירע טענות, האָט זי זיך אָנגעבלאָזן און אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט קוים געהאַלטן אָפן די אויגן, מיט דער וווילער געלאַסנקייט פון קינדער, וואָס שטייען באָר־וואָס אויף פון שלאָף. נאָר ווען אַן עלעגאַנטע דאַמע האָט זיך, אויף דער נאָענטער סטאַנציע, צוגעזעצט נישט ווייט פון איר, איז זי ווידער לעבעדיק געוואָרן און באַמיט זיך צו רעדן מיט קריסטאָפן וועגן סענטימענטאַלע און דערהויבענע זאַכן. זי האָט אים צערעמאָניאַל ווידער גענומען „אירצן".

קריסטאָפן האָט שטאַרק אינטערעסירט, וואָס זי וועט זאָגן איר ברויט־געבערין, ווי זי וועט פאַרענטפערן, וואָס זי האָט פאַרשפּעטיקט. זי האָט אָבער געהאַט אַ קנאַפּע דאגה.

— מילא! ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל.

— וואָס הייסט?...

— אַז איך פאַרשפּעטיק זיך, — האָט זי געענטפערט בייז אויף דײַן פראַגע.

ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו פרעגן די סיבה פון אירע פאַרשפּעטיקונגען.

— וואָס וועסטו איר זאָגן?

— אַז מײַן מאַמע איז קראַנק, אַז זי איז געשטאָרבן... איך ווייס?

ס׳האָט אים פֿאַרדראָסן, וואָס זי רעדט דערפֿון אַזוי לײַכטזיניק.

— איך וויל ניִשט, דו זאָלסט זאָגן אַ ליגן.

זי האָט זיך באַליידיקט.

— ראשית, זאָג איך קיינמאָל קיין ליגן ניִשט... און אויסער דעם קאָן איך דאָך איר ניִשט זאָגן, אַז...

ער האָט האַלב־שפּאַסנדיק, האַלב־ערנסט געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס ניִשט?

זי האָט געלאַכט, געהויבן מיט די אַקסלען און געזאָגט, אַז ער איז גראָב און ניִשט דערצויגן און אַז זי בעט אים, אגב, ער זאָל איר ניִשט דוצן.

— צי האָב איך דערצו קיין רעכט ניִשט.

— אַבסאָלוט ניִשט.

— נאָך דעם, וואָס ס׳איז געשען?

— ס׳איז גאָרנישט ניִשט געשען.

זי האָט געלאַכט און העזהדיק אים אָנגעקוקט; און, הגם זי האָט געשפּאַסט, איז צום שענסטן געווען דאָס, וואָס ס׳האָט קיין סך ניִשט געפֿעלט — (ער האָט עס געפֿילט) — זי זאָל עס מיינען גאַנץ ערנסט און כמעט גלויבן אין דעם, נאָר זי האָט זיך געוויס אָן עפּעס דער־מאָנט מיט הנאה: ווייל זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, קוקנ־דיק אויף קריסטאָפֿן, און אים מיט אַ טומל געקושט, ניִשט זאָרגנדיק בשעת־מעשה, וואָס דערביי זיצן שכנים; און ס׳האָט זיך געדאַכט אגב, אַז זיי, די שכנים, זענען לחלוטין ניִשט פֿאַרחידושט.

פֿון איצט אָן איז ער, בעת אַלע זיינע שפּאַצירן, געווען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די צוויי מאַגאַזין־מיידלעך און פֿונם האַנדלס־אָנגעשטעלטן, וואָס זייער גראָבקייט האָט אים קנאַפּ־וואָס פֿאַרגעניגן פֿאַרשאַפֿן; ער האָט זיך באַמיט פּטור צו ווערן פֿון די איבעריקע אין מיטן וועג; אָבער אַדאַ האָט אויף צו להכעיס ניִשט אַרויסגעוויזן קיין שום נייגונג אַרומצובלאָנדזען אין די וועלדער. ווען ס׳איז געפֿאַלן אַ רעגן אָדער ווען מ׳האָט, צוליב אַן אַנדער סיבה, ניִשט געקאָנט אַרויס־גיין הינטער דער שטאָט, האָט ער זי געפֿירט אין טעאַטער, אין מוזיי

אָדער אין זאָאָלאָגישן גאָרטן; ווייל זי האָט דווקא געוואָלט ווייזן זיך מיט אים פאַר מענטשן. זי האָט אפילו פאַרלאַנגט, ער זאָל זי באַגלייטן צו די תּפילות; אָבער ער איז געווען אַזוי נאַריש אויפריכטיק, אַז זינט ער האָט אויפגעהערט צו גלויבן, האָט ער מער נישט געוואָלט אַריבערטרעטן די שוועל פון דער קירך — (ער האָט זיך אפילו, אונטער עפּעס אַן אויסרייד, אָפּגעזאָגט פון זיין אָרגאַניסטן-שטעלע); און אין דער אייגענער צייט איז ער, אַליין נישט וויסנדיק עס, געבליבן שטאַרק רעליגיעז, ער זאָל אין אַדאַס פאָרשלאַג נישט זען קיין חלול-הקודש.

אין אָוונט פלעגט ער גיין צו איר, דאָרט פלעגט ער טרעפן מיראַן, וואָס האָט געוווינט אינם זעלבן הויז. מיראַ האָט נישט געטראָגן אויף אים קיין כּעס, זי פלעגט אים דערלאַנגען אַ גלעטנדיקע, ווייכע האַנט, געשמועסט וועגן גלייכגילטיקע זאַכן, אָדער גערעדט נבולפּה און פלעגט זיך דיסקרעט אַרויסגליטשן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די צוויי פרויען זענען קיינמאָל נישט געווען קיין בעסערע פריינד, ווי איצט, ווען ס'זענען געווען ווינציקער סיבּות דערצו, ווי ווען-עס-איז; זיי זענען שטענדיק געווען צוזאַמען. אַדאַ האָט נישט געהאַט פאַר מיראַן קיין שום סודות, זי פלעגט איר אַלץ דערציילן; מיראַ פלעגט אַלץ אויסהערן: מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז זיי האָבן באמת הנאה איינע פון דער צווייטער.

קריסטאָף האָט זיך געפילט שלעכט אין דער געזעלשאַפט פון די צוויי פרויען. זייער פריינדשאַפט, זייערע מאָדנע שמועסן, זייער פרייע באַנעמונג, מיראַס אויסגעלאַסענער קוק אויף פאַרשידענע זאַכן, אירע רייד, — (אין זיין קעגנוואַרט ווייניקער, ווי בעת ער איז נישט געווען; אָבער אַדאַ פלעגט אים איבערדערציילן), — זייער אומדיסקרעטע נייגיריקייט און פלוידעריי, וואָס האָט זיך שטענדיק אַרומגעדרייט אַרום נאַרישע זאַכן אָדער תּאוות פון אַ גאַנץ נידעריקן מין, אָט די גאַנצע צווידייטיקע און אַ ביסל חיהשע אַטמאָספער — האָט אים שרעקלעך דערדריקט, און פונדעסטוועגן אינטערעסירט; ווייל ס'איז געווען פאַר אים לחלוטין ניי, ער פלעגט זיך פאַרלירן אינם שמועס פון די צוויי קליינע חיהלעך, וואָס פלעגן פלוידערן נאַרישקייטן, לאַכן אָן אַ סיבּה און געשמאַקלאָז, וואָס זייערע אויגן פלעגן גלאַנצן פון הנאה, בעת זיי זענען געווען אויפן שפּור פון אַ פּיקאַנטער געשיכטע. ערשט נאָך מיראַס אַוועקגיין פלעגט ער פילן אַ דערלייכטערונג. ביידע

פֿריִען צוזאַמען זענען געווען פֿאַר אים ווי אַ פֿרעמד לאַנד, וואָס ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען זײַן שפּראַך. אוממעגלעך זיך צו פֿאַרשטענדיקן: זיי האָבן אים אַפֿילו נישט געהערט, זיי האָבן מיטן פֿרעמדן געטריבן קאַטאַוועס.

ווען ער פֿלעגט בלײַבן אַליין מיט אַדאַן, פֿלעגן זיי ווײַטער רעדן אויף צוויי פֿאַרשידענע שפּראַכן; נאָר לפּחות האָבן זיי זיך אָנגעשטרענגט, איינער דעם אַנדערן צו פֿאַרשטיין. דעם אמת זאָגנדיק, וואָס מער ער האָט זי דערקענט, אַלץ ווינציקער האָט ער זי פֿאַרשטאַנען. זי איז געווען די ערשטע פֿרוי, וואָס ער האָט געקענט. ווײַל אויב די אָרעמע סאַבינע איז געווען די ערשטע געליבטע, האָט ער אָבער וועגן איר גאָרנישט נישט געוווּסט: זי איז געבליבן פֿאַר אים אַ פֿאַרזיגלטער חלום. אַדאַ האָט זיך ווי אונטערגענומען צו באַפֿרידיקן אים פֿאַר דער פֿאַרלוירענער צײַט. ער האָט זיך באַמיט, פֿון זײַן זײַט, צו לייזן די רעטעניש פֿון דער פֿרוי: — אַ רעטעניש אפֿשר נאָר פֿאַר די, וואָס זוכן אין דעם אַ געוויסן זין.

אַדאַ האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין אינטעליגענץ: ס'איז געווען איר קלענסטער חסרון. קריסטאָף וואָלט איר עס מוחל געווען, ווען זי אַליין וואָלט דערמיט שלום געמאַכט. אָבער הגם זי איז געווען פֿאַרנומען מיט סאַמע נאַרישקייטן, האָט זי דאָך געהאַט טענות, אַז זי פֿאַרשטייט אויך גײַסטיקע ענינים, און זי האָט אַרויסגעזאָגט מיינונגען מיט דער גאַנצער זיכערקייט. זי האָט גערעדט וועגן מוזיק, געגעבן קריסטאָפֿן צו פֿאַרשטיין דאָס, וואָס ער האָט צום בעסטן געוווּסט, זי האָט געפּסקנט און געשפּאַרט זיך. אומזיסט האָט מען געפּרוווּט איר געבן צו פֿאַרשטיין: זי האט געהאַט טענות און תּביעות צו אַלץ אין דער וועלט; זי האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ מבֿין, געווען איבערגעשפּיצט און אײַנגעשפּאַרט; זי האָט נישט געוואָלט און נישט געקאָנט פֿאַרשטיין. הלוואַי וואָלט זי שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז זי פֿאַרשטייט נישט! ווי וואָלט ער זי שטאַרקער ליב געהאַט, ווען זי וואָלט אײַנגעשטימט צו זײַן אַזוי, ווי זי איז, אײנפֿאַך, מיט אירע מעלות און חסרונות!

באמת האָט זי קנאַפּ־וואָס ליב געהאַט צו טראַכטן. זי האָט ליב געהאַט צו עסן, טרינקען, זינגען, טאַנצן, שרײַען, לאַכן, שלאָפֿן; זי האָט געוואָלט זײַן גליקלעך, און אויב ס'איז איר געלונגען, איז עס געווען פֿאַר איר גענוג. נאָר הגם זי איז ווי געבוירן געוואָרן דערצו, זי איז געווען אַ נאַשערן, דערצו פֿויל, זינלעך, מיט אַ תּמימותדיקן עגאָיִזם, וואָס קריסטאָף האָט זיך קעגן אים געראַנגלט און וואָס האָט

אים גלייכצייטיק געוויילט, — מיט איין וואָרט, הגם זי האָט פֿאַרמאָגט אַלע חסרונות, וואָס זענען ביכולת זיס צו מאַכן דאָס לעבן פֿון זייער גליקלעכן באַזיצער און אפֿילו פֿון זיינע פֿריינד — (און דערצו טײלט זיך אָפּ די פֿרייד פֿונם גליקלעכן פּנים, לפּחות ווען דאָס פּנים איז שיין, אויך אויף די געזיכטער פֿון די אַרומיקע) — נישט געקוקט אויף אַזוי פֿיל סיבות, וואָס האָבן געדאַרפֿט ברענגען אַ צופֿרידנקייט פֿון לעבן און פֿון זיך אַליין, — האָט אַדאַ פֿונדעסטוועגן נישט פֿאַרמאָגט די לעבנס־קלוגשאַפֿט. אָט דאָס שיינע, שמאַרקע, פֿרישע און פֿריילעכע מיידל, מיטן געזונטן אויסזען, מיט דער שטראָמענדיקער פֿריילעכקייט און ווילדן אַפּעטיט, האָט זיך כּסדר באַאומרויִקט וועגן איר געזונט.

עסנדיק פֿאַר פֿיר, האָט זי זיך באַקלאָגט, אַז זי איז שוואַך: קוים וואָס זי שלעפּט זיך אויף די פֿיס, קוים וואָס זי אָטעמט, ס׳טוט איר וויי דער קאָפּ, ס׳טוען איר וויי די פֿיס, די אויגן, דער מאָגן, די נשמה. זי האָט מורא געהאַט פֿאַר אַלץ, זי איז געווען משוגע אַבערגלויבעריש און אין יעדער זאַך געזען באַזונדערע סימנים: אין גאָפּל און מעסער, וואָס זענען געלעגן געקרייצט אויפֿן טיש, אין דער צאָל עסנדיקע, אין אַן איבערגעקערטן זעלצערל, — ס׳האָט געהאָלפֿן נאָר אַ ריי סגולות, וואָס מ׳האָט געדאַרפֿט אָפּשפּרעכן, כּדי אָפּצוּווענדן דעם אומגליק. בעת די שפּאַצירן פֿלעגט זי ציילן די קראָען און פֿלעגט שטענדיק גענוי נאָכקוקן, פֿון וועלכער זייט זיי קומען צו פֿליִען; זי פֿלעגט זיך קוקן אויפֿן וועג אַרום די פֿיס און זיך קלאָגן, ווען זי האָט געזען פֿאַר מיטאָג, ווי ס׳קריכט פֿאַרביי אַ שפּין; זי פֿלעגט וועלן גיין צוריק, און כּדי צו קאָנען שפּאַצירן ווייטער, איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר צו געבן איר צו פֿאַרשטיין, אַז ס׳איז שוין נאָך צוועלף און דערפֿאַר איז דער סימן נישט צום שלעכטן, נאָר צום גוטן. זי האָט מורא געהאַט פֿאַר אירע חלומות: זי פֿלעגט זיי באַריכות דערציילן קריסטאָפֿן. און שעהנווייז זיך געוואָלט דערמאָנען עפּעס אַ פּרט, וואָס זי האָט פֿאַרגעסן; זי האָט קיין איין חלום נישט דורכגעלאָזן: ס׳זענען אַלץ געווען נאַרישקייטן, ווו ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן משונהדיקע חתונות, וועגן טויטע, וועגן בייטאָרינס, פּרינצן, משונה־ווילדע און טייל־מאָל נישט־אָנשטענדיקע זאַכן. ער האָט געמוזט אויסהערן און אַרויסזאָגן זיין מיינונג. אָפֿט פֿלעגט זי בלייבן גאַנצע טעג אונטערן איינדרוק פֿון די נאַרישע דמיונות. זי פֿלעגט געפֿינען, אַז דאָס לעבן איז שלעכט איינגעאָרדנט, געקוקט בייז אויף זאַכן און מענטשן און מיט

אירע וויי־קלאָגענישן אַרויסגעבראַכט קריסטאָפן פון די כלים; ס'איז נישט כדאי געווען צו פאַרלאָזן די קליינבירגערלעכע, טרויעריקע סביבה, כדי צו טרעפן דאָ ווידער דעם אייביקן שונא: דעם „טרויעריקן, נישט גריכישן מרה־שחורהניק“.

פלוצלינג, אין מיטן די קינות, פלעגט זי אָנכאַפן ווידער די טומלענדיקע און איבערגעטריבענע לוסטיקייט; נאָר פונקט ווי איר טרויער איז געווען אָן אַ שיר, אַזוי האָט מען אויך נישט געקאָנט צוימען איר פרייד: אָן אַ שום סיבה פלעגט זי שרייען פון געלעכטער און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז גאָר אָן אַ סוף; אַ לויפעניש איבער די פעלדער, אַ משוגעת, אַ קינדער־שפיל, אַ הנאה אָנצוטון נאַרישקייטן, אָנצורירן די ערד, שמוציקע זאַכן, חיות, שפינען, מוראַשקעס, שלענגעלעך, צו פייניקן זיי, אָנצוטון זיי יסורים, צו געבן זיי איינס דעם אַנדערן אויפצופרעסן, די פויגל פאַר די קעץ, די ווערים פאַר די הינער, די שפינען פאַר די מוראַשקעס, אגב, אָן שום בושות אָדער מיט דער נאַטירלעכער, נישט באַוווסטזיניקער נטיה שלעכטס צו טון צוליב נייגיריקייט, צוליב פוסט־און־פאַסעווען. זי האָט געפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו רעדן נאַרישקייטן, איבערצוקייען פופציק מאָל ווערטער אָן אַ שום זין, אַריינצוברענגען אין כעס, צו דערגיין די יאָרן, אויפצורעגן, אַרויסצוברענגען פון די כלים. און איר קאָקעטישקייט, בעת עמעצער — נישט וויכטיק ווער — פלעגט זיך באַווייזן אויפן וועג, דעמאָלט פלעגט זי נעמען רעדן מיט באַגייסטערונג, געלאַכט, געמאַכט אַ טומל, האַוואַיעס, געצויגן אויף זיך יענעמס בליקן, גענומען גיין קינסטלעך און אָנגעשטרענגט. קריסטאָף פלעגט מיט פחד פאַרפיכן, אַז אָט־אָט נעמט זי רעדן וועגן ערנסטע זאַכן. — און באמת: זי האָט נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן. זי פלעגט ווערן סענטימענטאַל — אָן אַ צוים, ווי שטענדיק, אין אַלע אַנדערע פאַלן; זי פלעגט מיט אַ טומל אויסגיסן איר האַרץ. קריסטאָף האָט געליטן, ער האָט חשק געהאַט זי צו שלאָגן. ער האָט איר נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס זי איז נישט אויפריכטיק. ער האָט נאָך נישט געוווסט, אַז אויפריכטיקייט איז פונקט אַזאַ זעלטענע מתנה, ווי חכמה און שיינקייט, און אַז ס'איז אומגערעכט צו פאָדערן עס פון אַלעמען. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין ליגן, און אַדאַ האָט עס אים געגעבן אין אַ פולער מאָס. זי האָט שטענדיק געזאָגט ליגנס, אַפילו בעת די קעגן־באַווייזן זענען געשטאַנען פאַר אירע אויגן. זי האָט פאַרמאָגט די דערשטוינענדיקע לייכטקייט צו

פאַרגעסן דאָס, וואָס געפעלט איר נישט, — אָדער אפילו דאָס, וואָס געפעלט איר יאָ — די לייכטקייט פון יענע פרויען, וואָס לעבן מיט חיי-שעה.

און דאָך, נישט געקוקט אויף אַלץ, האָבן זיי זיך ליב געהאַט פון טיפן האַרצן. אין דער ליבע איז אַדאַ געווען אַזוי אויפריכטיק, ווי קריסטאָף. אמת, זייער ליבע האָט זיך נישט געשטיצט אויף דער סימפּאַטיע פון גייסט, — און דאָך איז זי געווען אַן אמתע; זי האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער גראָבער ליידנשאַפט. ס'איז געווען אַ שיינע יוגנט-ליבע און ווי זינלעך זי זאָל נישט האָבן געווען, איז זי דאָך נישט געווען גראָב, ווייל אַלץ אין איר איז געווען יונג. ער איז געווען נאַיוו, כמעט צניעותדיק, און די באַפרידיקונג פונם ברענענדיקן תענוג האָט אים ריין געוואַשן. יאָ, אַדאַ איז נישט געווען אַזוי תמימותדיק, ווי קריסטאָף, — זי האָט אָבער פאַרמאָגט די געטלע-כע פריווילעגיע צו באַזיצן אַ יונג האַרץ און אַ יונגן גוף; די פריש-קייט פון די חושים, קלאָר און לעבעדיק ווי אַ וואַסער-שטראָם, אָט די פרישקייט איז געווען כמעט אַן אילוזיע פון ריינקייט, וואָס קיין זאַך האָט זי נישט געקאָנט פאַרטרעטן. אַן עגאָיסטין, אַ דורכשניטלעכע, אין טאָג-טעגלעכן לעבן נישט קיין אויפריכטיקע, — די ליבע האָט געמאַכט פון איר אַן איינפאַכע, אמתע, כמעט גוטע פרוי: ס'איז דער-גאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט געמען פאַרשטיין די פרייד, וואָס מ'קאָן געפינען אינם פאַרגעסן זיך צוליב אַ צווייטן. קריסטאָף האָט עס צוגעזען מיט פרייד; ער וואָלט געשטאָרבן פאַר איר. ווער וואָלט גע-קאָנט זאָגן, ס'אַראַ לעכערלעכע, רירנדיקע אילוזיעס אַ פאַרליבטע נשמה טראָגט אין זיך! די נאַטירלעכע אילוזיע פונם פאַרליבטן איז ביי קרי-סטאָפן געווען הונדערטפאַכיק שטאַרקער צוליב דער איינבילדונגס-קראַפט, וואָס איז איינגעבוירן ביי יעדן קינסטלער. אַדאַס אַ שמייכל האָט פאַרמאָגט פאַר אים פאַרבאָרגענע סימנים; אירס אַ ליבע-וואָרט איז געווען פאַר אים דער באַווייז פון איר האַרץ-גוטסקייט. ער האָט ליב געהאַט אין איר אַל דאָס גוטע און שיינע, וואָס די וועלט האָט פאַרמאָגט. ער האָט זי גערופן: „מיין איך", „מיין נשמה", „מיין וועזן". זיי האָבן צוזאַמען געוויינט פון ליבע.

נישט נאָר דער תענוג האָט זיי געקניפּט און געבונדן, נאָר עפּעס אַ פּאָעזיע פון זכרונות און חלומות, וואָס לאָזט זיך נישט אויסדריקן, — פון זייערע חלומות? אָדער פון די נשמות, וואָס האָבן געלעבט פאַר

זיי, וואָס האָבן ליב געהאַט פריער, ווי זיי... וואָס זענען אין זיי געווען ?... זיי האָבן געהיט אין זיך, נישט רעדנדיק דערפון און אפשר אפילו נישט וויסנדיק, דעם צויבער פון די ערשטע מינוטן, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן אין וואַלד, פון די ערשטע טעג, פון די ערשטע צוזאַמען-פאַרבראַכטע נעכט, פון דעם שלאָף, איינער אין דעם צווייטנס אָרעמס, אומבאַוועגלעך, אָן אַ שום געדאַנק, פאַרטרונקען אינם שטראָם פון ליבע און שווייגנדיקער פרייד. אומגעריכט פלעגן אַרויסשווימען זכרונות, בילדער, שווערע מחשבות, וואָס זייער שאַרף האָט ביי זיי ביידן פאַרבלייכט די געזיכטער און דערוועקט אַ טיפע ליידנשאַפט, און וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט ווי אַ בינען-זשומעריי. פלאַקערנדיק, צאַרט ליכט... דאָס האַרץ חלשט און ווערט אַנטשוויגן, דערדריקט פון צו-גרויסן תענוג. שטילקייט, פיבערדיקע בענקשאַפט, מיסטעריעזער, מידער שמייכל פון דער ערד, וואָס צאַפלט אונטער די ערשטע פרילינג-זונען... אַ פרישע ליבע פון צוויי יוגנטלעכע קערפּער איז אַן אַפּריל-פרימאָרגן. ער גייט פאַרביי, ווי אַן אַפּריל-מאָרגן. די יוגנט פון האַרץ איז אַ פרישטיק פון זייער זון.

קיין זאַך האָט נישט געקאָנט שטאַרקער באַפעסטיקן קריסטאָפס ליבע צו אַדאַן, ווי דער אופן, ווי אַזוי די וועלט האָט אויפגענומען זייערע באַציונגען.

צומאָרגנס נאָך זייער ערשטער באַגעגעניש איז די גאַנצע געגנט געווען וועגן דעם אינפאָרמירט. אַדאַ האָט זיך כלל נישט באַמיט צו באַהאַלטן דאָס געשעענע, זי האָט געהאַלטן פאַר פיל בכבודער צו באַווייזן זיך מיט איר נצחון פאַר דער וועלט. קריסטאָף איז געווען גיכער געניגט צו צוריקגעהאַלטנקייט, ער האָט אָבער געפילט, ווי דער מענטשלעכער בייגיר פאַרפאָלגט אים, און אַזוי-ווי ער האָט נישט געוואָלט אויסזען ווי אַן אַנטלאָפענער, האָט ער זיך מיט אַדאַן באַוויזן פאַר מענטשן. דאָס שטעטל איז פול געווען מיט לשון-הרע. קריסטאָפס אָרקעסטער-קאָלעגן האָבן אים כלומרשט אין שפּאַס געמאַכט קאָמפּלימענטן, אויף וועלכע ער האָט נישט געענטפערט, ווייל ער האָט נישט ערלויבט קיינעם אַריינצומישן זיך אין זיינע עסקים. אין שלאָס האָט

מען געטענהט, אַז ער ווייסט נישט, ווי צו האַלטן זיך. די קליינבירגערלעכע סביבה האָט געמשפּט זיין אויפפירונג זייער שטרענג. ביי עטלעכע פאַמיליעס האָט ער פאַרלוירן די מוזיק-לעקציעס. ביי אַנדערע ווידער האָבן די מאַמעס געהאַלטן פאַר זייער חוב בייצוזיין די לעקציעס פון זייערע טעכטער און צוקוקן זיך מיט אַ חשד, גלייך ווי קריסטאָף וואָלט בדעה געהאַט צו פאַרפירן די דאָזיקע טייערע אַנטיקן, די פריילינס האָבן זיך געמאַכט, ווי זיי ווייסן פון גאָרנישט; און אַרויסווייזנדיק אַ קאַלטקייט צו קריסטאָפס געשמאַקלאָזיקייט, זענען זיי ממש אויסגעגאַנגען פונם חשק צו דערוויסן זיך וואָס-מער פּרטים פונם רכילותל. נאָר צווישן די סוחרים און האַנדלס-אָנגעשטעלטע איז קריסטאָף געווען פּאָפּולער; אָבער נישט אויף לאַנג: ס'האָט אים אויפגעבראַכט די הסכּמה פון איין צד, און די באַליידיקונג פונם אַנדערן צד; און אַזוי-ווי קעגן די רכילות האָט ער גאָרנישט געקאָנט טון, האָט ער אויך אויף די שבחים קיין אַכט נישט געלעגט: ס'איז גראָד געווען נישט שווער עס אויסצופירן. ער איז געווען אויפגעבראַכט אויף דער אַלגעמיינער גראָבקייט.

צום שטאַרקסטן איז געווען קעגן אים אויפגערעגט יוסטוס איילער און די פאַמיליע פאָגעל. קריסטאָפס פירונג האָט ביי זיי אויסגעזען ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. זיי האָבן זיך מער נישט אַרומגעטראָגן מיט קיין ערנסטע פּלענער: זיי האָבן מורא געהאַט, — דער עיקר מאַדאַם פאָגעל — פאַרן כאַראַקטער פון אַ קינסטלער. נאָר אַזוי ווי זיי זענען בטבע געווען מרה-שחורהניקעס און שטענדיק גענויגט צו גלויבן, אַז זיי ווערן פאַרפאָלגט פונם גורל, — איז ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז פונם שידוך מיט קריסטאָפן וועט גאָרנישט אַרויסקומען, האָבן זיי זיך איינגערעדט, אַז זיי האַלטן דווקא זייער שטאַרק פון דעם דאָזיקן שידוך, און זיי האָבן געזען אין קריסטאָפס נייער באַקאַנטשאַפט אַ סימן פון זייער פינסטערן מזל, נעבעך. די לאָגיק האָט געטענהט, אַז אויב די אחריות פאַר זייער שלימזל טראָגט דער גורל, איז שוין קריסטאָף במילא פריי פון אחריות; אָבער די לאָגיק פון די פאָגעלס איז געווען פון דעם מין, וואָס האָט זיי שטענדיק געלאָזט אויסגעפינען כלערליי סיבות, אַבי צו קאָנען זיך באַקלאָגן. זיי האָבן, הייסט עס, געפּסקנט, אַז אויב קריסטאָף פירט זיך אויף שלעכט, טוט ער עס נישט נאָר פאַר זיין אייגענער הנאה וועגן, נאָר אויך כּדי צו דערגיין זיי די יאָרן. זיי זענען, אגב, בכלל געווען

שטאַרק אויפגעבראַכט. ווי זייער פרומע, מאָראַלישע מענטשן, וואָס פאַרמאָגן פיל פאַמיליען-צניעות, האָבן זיי געהערט צו די, וואָס האַלטן די לייב-זינד פאַר דער גרעסטער, שווערסטער עבירה, כמעט פאַ״ן איינציקן חטא, ווייל עס איז געווען דאָס איינציקע געפערלעכע פאַרברעכן, — (ס׳איז גענוג קלאָר, אַז פיינע לייט ווערן קיינמאָל נישט נכשל אין גנבה אָדער אין רציחה) — אויך קריסטאָף האָט ביי זיי אויסגעזען ווי אַן אויסוואורף, און זיי האָבן געענדערט צו אים די באַציונג. זיי האָבן אים געוויזן אַן אייז-קאַלט פנים און זיך אָפּגעקערט פון אים, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען. קריסטאָף, וואָס האָט נישט ליב געהאַט מיט זיי צו שמועסן, האָט אויף אַלע זייערע קונצן געהויבן מיט די אַקסלען. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער באַמערקט נישט אַמאַליאַס אומפאַרשעמטקייט. — לפנים האָט זי מיט פאַראַכטונג אים אויסגעמיטן, אָבער גלייכצייטיק געטון אַלץ אין דער וועלט, אַבי אים צו טרעפן און אויסצולאָזן צו זיין קאָפּ איר ביטער האַרץ.

נאָר ראָזעס פירונג האָט קריסטאָפן גערירט. די קליינע האָט אים געאורטיילט נאָך האַרבער, ווי איר פאַמיליע. נישט דערפאַר, ווייל קריסטאָפס נייע ליבע האָט, לויט איר איינזען, חרוב געמאַכט אירע לעצטע אויסזיכטן, אַז קריסטאָף זאָל זי ליב קריגן: זי האָט געוווסט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שום האָפנונג — (הגם זי האָט ווייטער געהאָפט... זי האָט שטענדיק געהאַט בטחון!) — נאָר קריסטאָף איז ביי איר געווען אַן אָפּגאָט, און אָט דער אָפּגאָט איז צעשמעטערט געוואָרן. ס׳איז געווען דער שטאַרקסטער ווייטיק... נאָך מער אכזריותדיק פאַר איר תמימותדיק האַרץ איז געווען דער געדאַנק, אַז זי איז אים נמאס געוואָרן, אַז ער האָט זי פאַרגעסן. זי איז דערצויגן געוואָרן אויף אַ פוריטאַנישן אופן, אין שטרענגער מאָראַל, אין וועלכער זי האָט טיף געגלויבט, און דאָס, וואָס זי האָט זיך דערוווסט וועגן קריסטאָפן, איז איר געווען נישט נאָר טרויעריק, נאָר אויך עקלדיק. זי האָט שוין פריער געליטן, בעת ער האָט ליב געהאַט סאַבינען; שוין דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבן פאַרלירן געוויסע אילוזיעס בנוגע איר העלד. אַז קריסטאָף זאָל קענען ליב האָבן אַזאַ דורכשניטלעך נפש, איז ביי איר אויסגעקומען נישט פאַרשטענדלעך און נישט פיין. אָבער יענע ליבע איז געווען לפחות ריין, און סאַבינע איז נישט געווען אומווירדיק. לסוף איז געקומען דער טויט, און האָט אַלץ געהייליקט... נאָר אַז נאָך אַלעמען זאָל קריסטאָף ליב קריגן אַן אַנדערע — און וואָס פאַר אַן

אַנדערע!—דאָס איז געווען געמיין, דאָס איז געווען עקלדיק! זי האָט גענומען פאַרטיידיקן די פאַרשטאָרבענע. זי האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט זי פאַרגעסן... אוי! ער אַליין האָט געטראַכט דערפון מער, ווי זי; נאָר איר איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז אין אַ ליידנשאַפטלעך האַרץ איז דאָ געווען אָרט פאַר צוויי געפילן צוזאַמען; זי האָט געמיינט, אַז מ׳קאָן נישט בלייבן טריי דעם עבר אָן אַ קרבן פון דער קעגנוואַרט. אַ ריינע און אַ קאַלטע, האָט זי קיין באַגריף נישט געהאַט נישט פונם לעבן, נישט פון קריסטאָפן; ביי איר איז אויסגעקומען, אַז אַלץ דאַרף זיין ריין, ענג און אונטערגעוואָרפן דער פליכט, פונקט ווי זי. באַשיידן אין האַרצן און אין איר גאַנצן וועזן, איז זי געווען שטאָלץ נאָר מיט איין זאַך, וואָס זי איז ריין; זי האָט עס געפאָדערט פון זיך אַליין און פון אַנדערע. וואָס קריסטאָף איז אַזוי נידעריק געפאַלן, האָט זי אים נישט געקענט מוחל זיין, זי וואָלט עס אים קיינמאָל נישט מוחל געווען.

קריסטאָף האָט געפרוווט צו איר רעדן, און אפילו פאַרענטפערן זיך פאַר איר.—(וואָס קען ער זאָגן דעם פוריטאַנישן, נאַיוון מיידל?)—ער האָט איר געוואָלט פאַרזיכערן, אַז ער איז אירער אַ פריינד, אַז ער וויל, זי זאָל אים אַכטן, און אַז ער האָט דערצו רעכט. ער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, זי זאָל זיך אָן קיין שום זין דערווייטערן פון אים.—נאָר ראָזע איז אַנטלאָפן פון אים און שטרענג געשוויגן; ער האָט געשפירט, אַז זי איז אים אין האַרצן מבזה.

ער האָט געפילט אַ צער און צאָרן. ער האָט געוווסט, אַז ער האָט אַזאַ פאַראַכטונג נישט פאַרדינט, און דאָך איז ער געווען זייער צעטומלט. ער האָט זיך אַליין באַשולדיקט. די ביטערסטע טענות האָט ער געהאַט צו זיך, בעת ער האָט געטראַכט פון סאַבינען. ער האָט זיך געפייניקט:

— גאָט מיינער! ווי איז עס מעגלעך? וואָס-זשע בין איך?...

נאָר ער האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן דעם שטראָם, וואָס האָט אים מיטגעריסן. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס לעבן איז פאַרברעכעריש; און ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, כדי נישט צו זען עס—און כדי צו לעבן. ער האָט געפילט אַזאַ פאַרלאַנג צו לעבן, צו זיין גליקלעך, ליב צו האָבן, צו גלויבן!... ניין, ער געפינט נישט אין זיין ליבע קיין שום זאַך, וואָס זאָל פאַרדינען פאַראַכטונג! ער האָט געוווסט, אַז אין זיין ליבע צו אַדאַן איז ער אפשר נישט קלוג, נישט

קיין בר-דעת און אפילו נישט גליקלעך; אָבער וואָס פאַר אַ בזיון איז אין דעם פאַראַן? לאָמיר אָננעמען, —(ער האָט זיך באמת צו צווייפלען אין דעם)—אַז אַדאַ באַזיצט נישט קיין גרויסן מאָראַלישן ווערט, — למאי זאָל די ליבע, וואָס ער האָט צו איר געפילט, זיין ווייניקער ריין? די ליבע געהערט צו דעם, וואָס האָט ליב, נישט צו דעם, וואָס ווערט געליבט. וויפל ס'באַטייט דער, וואָס האָט ליב, אַזוי פיל איז ווערט די ליבע. ביי ריינע מענטשן איז אַלץ ריין. די ליבע, וואָס באַפּוצט באַשטימטע פייגל מיט זייערע שענסטע קאָלירן, פירט אַרויס פון אָרנטלעכע נשמות אַלץ, וואָס איז אין זיי צום איידלסטן. דער פאַרלאַנג נישט אַרויסצוווייזן פאַר דער געליבטער קיין שום זאַך, וואָס איז נישט ווערט איר ליבע, ווירקט, אַז ער אַליין געפינט הנאָה נאָר אין די געדאַנקען און מעשים, וואָס בלייבן אין אַ האַרמאָנישער גאַנצקייט מיטן שיינעם בילד, וואָס די ליבע האָט געשאַפן. און דער קוואַל פון דער יוגנט, ווו די נשמה טובלט זיך, די הייליקע צעשטראַלונג פון דער קראַפט און פון דער פרייד, — זענען שיין און דערהויבן און מאַכן וואַקסן דאָס האַרץ פאַר פרייד.

דאָס, וואָס זיינע פריינד פאַרשטייען אים נישט, האָט אים אָנגעפולט מיט פאַרביטערונג. נאָר צום שווערסטן איז אים געווען, וואָס זיין מאַמע גופא האָט אָנגעהויבן צוליב אים זיך פייניקן.

די גוטע פרוי איז געווען ווייט פון די ענגע פרינציפּן פון די פּאָגעלס. זי האָט געהאַט צופיל אמתע צרות, זי זאָל זיי זוכן און אויסטראַכטן ביי אַנדערע. דערשלאָגן, צעבראָכן פונם לעבן, האָט זי גענומען פון אים ווייניק פרייד און ער האָט מער נישט פאַרלאַנגט, זי האָט אָנגענומען פאַר ליב אַלץ, וואָס איז מיט איר געשען, און נישט געפּרוווט צומאָל פאַרשטיין די צרות און דערפאַר זיך געהיט צו אורטיילן און צענזורירן דעם אַנדערן: זי האָט געגלויבט. אַז זי האָט דערצו קיין רעכט נישט. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר צו-נאַריש, צו טענהן, אַז יענע האָבן אַ טעות געהאַט, וואָס זיי האָבן געטראַכט אַנדערש, ווי זי: ס'איז איר אויסגעקומען לעכערלעך צו ווילן אָנוואַרפן אַנדערע מענטשן די פעסטע געזעצן פון איר מאָראַל און פון איר גלויבן. אויסערדעם איז איר מאָראַל און איר גלויבן געווען אינסטינקטיוו: אַליין גאָטספאָרכטיק און ריין, האָט זי פאַרמאַכט די אויגן אויף דער אויפפירונג פון די אַנדערע, מיט דער טבע פונם פאָלק, וואָס איז מותר אויף באַשטימטע שוואַכקייטן. צוליב דעם פלעגט אַמאָל איר שווער, זשאַן-מישעל, זיך בייזערן אויף איר: זי האָט דעריבער נישט

געמאַכֿט קיין גרויסן חילוק צווישן מענטשן אָרנטלעכֿע און נישט־
אָרנטלעכֿע; זי האָט נישט מורא געהאַט זיך אָפּצושטעלן אינמיטן גאַס
אָדער בעתן שפּאַציר, כּדי צו דריקן די האַנט און פֿרײַנדלעך צו שמו־
עסן מיט אויסגעלאַסענע מיידלעך, וואָס די גאַנצע געגנט האָט גע־
טײַטלט אויף זיי מיט די פֿינגער און וואָס די לײַטישע פֿרויען האָבן
זיך געמאַכֿט, ווי זיי באַמערקן זיי נישט. זי האָט איבערגעלאָזט פֿאַר
גאָט אונטערצושיידן צווישן שלעכֿטס און גוטס און צו שטראָפֿן אָדער
מוחל צו זײַן. זי האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אַנדערע נאָר אַ ביסעלע וואַרע־
מען מיטלייד, וואָס איז געווען אַזוי נויטיק, כּדי קעגנזײַטיק צו פֿאַר־
לײַכֿטערן זיך דאָס לעבן. אַבי מ׳זאָל זײַן גוט, דאָס איז בײַ איר גע־
ווען דער עיקר.

נאָר זינט זי האָט געוווינט בײַ די פּאָגעלס, האָט זי זיך גע־
האַלטן אין איין בײַטן. די טרויעריקע נאַטור פֿון אָט דער משפּחה האָט
זי לײַכֿט באַהערשט, ווײַל זי איז געווען דערשלאָגן און נישט געהאַט
קיין כּוח זיך קעגנצושטעלן. אַמאַליאַ האָט איבערגענומען איבער איר
די שליטה; און פֿון אינדערפֿרי ביז אָוונט, בעת די ביידע פֿרויען זע־
נען געזעסן צוזאַמען און געאַרבעט, האָט אַמאַליאַ גערעדט, און די
פּאַסיווע, דערשלאָגענע לואיזע האָט קעגן איר ווילן באַקומען די
רגילות וועגן אַלץ צו זאָגן אַ מיינונג און אַלץ צו קריטיקירן. מאַדאַם
פּאָגעל האָט נישט געמאַכֿט קיין לאַנגע שהיות און דערציילט איר, וואָס
זי טראַכֿט וועגן קריסטאָפֿס אויפֿפֿירונג. לואיזעס רויקייט האָט זי אויפֿ־
גערעגט. זי האָט נישט געקענט פֿאַרשטיין, אַלמאי לואיזע אינטערעסירט
זיך אַזוי ווייניק מיט דעם, וואָס האָט זיי אַלעמען אַרויסגעבראַכֿט פֿון
די כּלים; זי האָט זיך נישט באַרויקט, ביז ס׳האָט זיך איר נישט
אײַנגעגעבן אויפֿצורעגן לואיזען. קריסטאָף האָט עס באַמערקט. לואיזע
האָט נישט געהאַט קיין מוט צו מוסרן אים; אָבער יעדן טאָג פֿלעגט
זי מאַכֿן עטלעכֿע דערשראָקענע באַמערקונגען, אומרויִקע און דערעסנ־
דיקע; און ווען ער האָט אומגעדולדיק האַרב אָפּגעענטפֿערט, האָט זי
מער נישט גערעדט; נאָר ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו לייענען דעם
צער אין אירע אויגן; און ווען ער פֿלעגט קומען אַהיים, האָט ער
אָפּטמאָל געזען, אַז זי האָט געוויינט. ער האָט געקענט צו גוט זײַן
מאַמע, ער זאָל נישט וויסן, אַז דער דאָזיקער אומרו שטאַמט נישט
פֿון איר גופֿא. — ער האָט געוווּסט, פֿון וואַנען ס׳איז צו איר דער־
גאַנגען.

ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן דערפון אַ סוף. איינמאָל אין אָוונט האָט לואיזע נישט געקענט מער איינהאַלטן די טרערן און זי איז אויפגעשטאַנען פון טיש אינמיטן עסן, איידער קריסטאָף האָט זיך געכאַפּט, וואָס עס דריקט זי אויפן האַרצן; ער איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון די פּאָגעלס. ער האָט געפלאַקערט פון צאָרן. ער איז נישט נאָר געווען אויפגעבראַכט מיטן אופן, ווי אַזוי מאַדאַם פּאָגעל האָט זיך באַנומען קעגן זיין מוטער; ער האָט זיך געוואָלט אין איר נוקם זיין פאַר דעם לשון-הרע, וואָס זי האָט אָנגערעדט אויף אים פאַר ראָזען, פאַר דער רכילות קעגן סאַבינען, פאַר אַלץ, וואָס ער האָט געמוזט פון איר אויסשטיין אין משך פון חדשים. זינט אַ צייט האָט ער געטראָגן אין זיך די לאַסט פונם אָנגעזאַמלטן כעס, וואָס ער האָט איצט געוואָלט אויסלאָדן.

ער האָט זיך אַריינגעריסן צו מאַדאַם פּאָגעל אין שטוב און מיט אַ שטים, וואָס האָט זיך באַמיט צו זיין רויק, וועלכע האָט אָבער געציטערט פון כעס, האָט ער זי געפרעגט, וואָס-אַזוינס האָט זי דערציילט זיין מוטער, וואָס עס האָט זי געבראַכט אין אַזאַ צושטאַנד.

אַמאַליאַ האָט אים זייער שלעכט אויפגענומען: זי האָט געענטפערט, אַז זי רעדט דאָס, וואָס איר געפעלט, אַז זי גיט קיינעם נישט אָפּ קיין חשבון פון אירע רייד—און אים אוודאי און אוודאי נישט. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט אַוועקצולעגן דעם גאַנצן מענה-לשון, וואָס זי האָט זיך פריער צוגעגרייט, און זי האָט צוגעגעבן, אַז אויב לואיזע איז אומגליקלעך, דאַרף מען זוכן די סיבה נאָר אין זיין אויפפירונג, וואָס איז אַ חרפה פאַר אים אַליין און אַ סקאַנדאַל פאַר אַלעמען.

קריסטאָף האָט נאָר געוואַרט אויף אַן אָנגריף, כדי אַליין אָנצוגרייפן. ער האָט ליידנשאַפטלעך געשריען, אַז זיין אויפפירונג איז נוגע נאָר אים אַליין, אַז ער האָט אַ קנאַפּע דאגה, צי געפעלט עס דער מאַדאַם פּאָגעל, צי נישט, אַז אויב זי וויל זיך קלאָגן, זאָל זי זיך קלאָגן אויף אים און אַז זי קען אים זאָגן, וואָס איר האַרץ גלוסט: נאָר אים גייט עס אָן, ווי דער פאַראַיאָריקער שניי — און ער פאַרווערט איר — (זי הערט?) — ער פאַרווערט איר צו זאָגן וואָס-עס-איז זיין מאַמען, און ס'איז אַ געמיינהייט צו מאַטערן אַן אָרעמע, אַלטע, קראַנקע פרוי.

מאַדאַם פּאָגעל האָט זיך צעשריִען אויפן גאַנצן קול. קיינער

האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין העזה צו רעדן צו איר אין אַזאַ טאָן. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיך נישט לאָזן מוסרן פון אַ גאַסן-יונג—דערצו נאָך — ביי איר אין שטוב! און זי האָט אים באַליידיקט מיט איר האַלטונג.

אויפן טומל זענען געקומען צולויפן אַנדערע מענטשן, — חוץ פאָגעל, וואָס האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט אים דער טומל, חלילה, שאַטן צום געזונט. דער אַלטער איילער, וועלכן די באַליידיקטע אַמאַליאַ האָט געבראַכט פאַר אַן עדות, האָט שטרענג געבעטן קריסטאָפן, ער זאָל זיי אין דער צוקונפט באַפרייען פון זיינע מיינונגען און פון זיינע וויזיטן. ער האָט געזאָגט, אַז זיי געפינען נישט פאַר נויטיק אויסצוהערן קיין מוסר, וואָס זיי דאַרפן טון און אַז זיי טוען זייער פליכט און זיי וועלן שטענדיק די פליכט דערפילן.

קריסטאָף האָט דערקלערט, אַז ער גייט אַוועק און אַז מער וועט זיין פוס נישט איבערטרעטן זייער שוועל. פונדעסטוועגן איז ער נישט אַוועקגעגאַנגען, איידער ער האָט נישט אויסגעגאָסן אויף זיי זיין אַרץ; ער האָט געטענהט, אַז ער האָט זיי נאָך עפּעס וואָס צו זאָגן אויפן חשבון פון אָט דער באַרימטער פליכט, וואָס איז געוואָרן פאַר אים אַ פּערזענלעכער שונא. ער האָט געזאָגט, אַז אָט אַזאַ פליכט איז מסוגל אַראָפּצופירן פון גוטן וועג און מיאוס צו מאַכן דאָס לעבן. זיי זענען אַליין די סיבה דערפון, וואָס מ׳געפינט מער רייץ ביי מענטשן, וואָס זענען נישט אַזוי אָרנטלעך, דערפאַר אָבער ליבנסווירדיק און פריילעך. מ׳פאַרשוועכט די הייליקייט פון דער פליכט, ווען מ׳באַניצט זי אויף אַלערליי נאַרישקייטן, אויף גלייכגילטיקע זאַכן מיט אַן אָנגעבלאָזענער שטרענגקייט, וואָס פאַרפינסטערט און פאַרסמט, סוף-כל-סוף, דאָס לעבן. די פליכט איז אַן אויסנאַם-זאַך: מ׳דאַרף זי היטן ביז מאָמענטן פון אמתער מסירת-נפש—און נישט פאַרדעקן מיט איר נאָמען די אייגענע שלעכטע שטימונג און דעם חשק יענעם דעם טויט צו מאַכן. אויב מ׳איז טרויעריק,—צוליב נאַרישקייט אָדער אומגליק — איז נאָך נישט פאַראַן קיין שום סיבה צו פאַרלאַנגען, אַז אַנדערע זאָלן אויך זיין פאַרטרויערט, אָדער אָנצוואַרפן עמעצן די מרה-שחורה. די ערשטע צניעות איז די פרייד. די פרייד דאַרף זיין אַ גליקלעכע, אַ פרייע, אָן שרעק. דער, וואָס טוט גוטס, דאַרף אַליין דערפון הנאה האָבן. אָבער די פליכט, וואָס זיי פאָדערן, אָט די טיראַנישקייט פון אַ שול-לערער, דער שרייענדיקער טאָן, די לאַנגווייליקע וויכוחים, די

געשמאַקלאָזע, יינגלשע פלוידעריי, דער טומל, אָן אַ שום חן, דאָס לעבן, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שום רייץ, קיין שום שיינקייט, קיין רויקייט, דער נעבעכדיקער פעסימיזם, וואָס שלעפּט אָן אויף זיך אַלץ, וואָס קען מאַכן דאָס לעבן אָרעמער; זייער גאַוודיקע טפּשות, וואָס וויל בעסער פאַראַכטן יענעם, איידער אים צו פאַרשטיין, — אָט די גאַנצע קליינבירגערלעכע מאָראַל, אָן דערהויבנקייט, אָן גליק, אָן שיינקייט, — זענען עקלדיק און שעדלעך: זיי זענען אוממענטשלעכע, ווי אַ פאַרברעכן.

אָט אַזוי האָט קריסטאָף געטראַכט; און אין זיין פאַרלױַנ: אָנצוטון יסורים די, וועלכע האָבן עס אים שלעכטס געטון, האָט ער נישט באַמערקט, אַז ער איז פונקט אַזוי אומגערעכט, ווי זיי.

בלי ספק, די אָרעמע מענטשן זענען כמעט געווען אַזעלכע, ווי ער האָט זיי געזען, נאָר ס'איז נישט געווען זייער שולד: שולדיק איז געווען דאָס פינסטערע לעבן, וואָס האָט פאַרחושכט זייערע פּנימער, זייערע באַוועגונגען און געדאַנקען. ס'האָט זיי מיאוס געמאַכט די נויט, — נישט די גרויסע נויט, וואָס קומט מיטאַמאָל און דערהרגעט אָדער פאַרהאַרטעוועט דעם מענטשן, — נאָר דער שלימזל, וואָס חזרט זיך אָן אויפהער איבער, די קליינע נויט, וואָס טריפט כסדר אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן, פונם ערשטן טאָג ביזן לעצטן... ס'אַראַ גרויסער שאָד! ווייל אונטער דעם פינסטערן שלייער איז באַהאַלטן וויפיל אוצרות פון יושר, פון גוטסקייט, פון שטילער העלדישקייט!... די גאַנצע קראַפט פון אַ פאָלק, דער גאַנצער קערן פון דער צוקונפט.

קריסטאָף האָט קיין טעות נישט געהאַט, ווען ער האָט געגלויבט, אַז די פליכט איז אַן אויסנאַם-זאַך. אָבער די ליבע איז אויך אַן אויסנאַם-זאַך. אַלץ איז אַן אויסנאַם. דאָס, וואָס פאַרמאָגט אַ געוויסן ווערט, האָט נישט קיין גרעסערן שונא, ווי די דורכשניטלעכקייט, וואָס איז נאָך ערגער פון אַ חטא (חטאים האָבן אויך אַ ווערט). דער גאַנג פון די געוויינלעכע טעג איז דער געפערלעכסטער שונא פאַר דער נשמה.

אַדאַ האָט אָנגעהויבן מיד צו ווערן. זי איז נישט געווען גענוג אינטעליגענט, צו באַנייען איר ליבע אין אַזאַ רייכער נאַטור, ווי קרי-

סטאָפּס. אירע חושים און איר פּוסטע גאווה האָבן אויסגעשעפּט פון דער ליבע די גאַנצע הנאָה, וואָס זי האָט געקאָנט אין איר געפינען. איצט איז איר געבליבן נאָר חרוב צו מאַכֿן. זי האָט פאַרמאָגט יענעם פאַרבאָרגענעם אינסטינקט, וואָס מ׳טרעפט סיי ביי פרויען, אַפילו ביי גוטע, סיי ביי מענער, אַפילו ביי אינטעליגענטע, וועלכֿע קענען נישט בטבע שאַפן קיין ווערק, קיין קינדער, קיין שום מעשים, — מיט איין וואָרט, קיין שום לעבעדיקע זאַך, — און וועלכֿע פאַרמאָגן פונדעסטוועגן גענוג לעבן שלום צו מאַכֿן, צוליב אַפּאַטיע און פאַרצווייפלונג, מיט זייער אומפּרודוקטיוויטעט. זיי ווילן, אַז אַלע אַנדערע זאָלן ווערן אַזוי אומנוצלעך, ווי זיי, און זיי שטרעבן דערצו מיט אַלע כּוחות. טיילמאָל איז עס קעגן זייער ווילן, און ווען זיי כאַפּן זיך, אַז דער פאַרלאַנג איז פאַרברעכֿעריש, שטויסן זיי אים פון זיך אָפּ מיט אָפּשיי. אָבער אָפט גיבן זיי זיך אונטער און זיי מאַכֿן חרוב, לויט דער מאָס פון זייערע כּוחות — (אַנדערע באַשיידן, אין זייער ענגן, אינטימען, קרייז; אַנדערע ווידער — אין אַ גרויסער מאָס, עפנטלעך) — אַלץ וואָס לעבט, אַלץ, וואָס האָט ליב דאָס לעבן און וואָס האָט די זכיה צו לעבן. די קריטיק, וואָס שטרעבט צו דערנידעריקן די גרויסע מענטשן און די גרויסע אידעען ביז צו דער אייגענער הויך, — און דאָס מיידל וואָס ווילט זיך אין פאַרראַט פון אירע געליבטע — זענען ביידע שעדלעכֿע חיות פונם זעלבן מין — נאָר דאָס צווייטע איז ליבנסווירדיקער.

אַדאַ האָט דעריבער געוואָלט קאַליע מאַכֿן אַביסל קריסטאָפן, כּדי אים צו דערנידעריקן. אין דער אמתן זענען אירע כּוחות געווען דערצו צו שוואַך. אַפילו כּדי עפּעס חרוב צו מאַכֿן, האָט זי באַדאַרפט האָבן מער אינטעליגענץ, ווי זי האָט פאַרמאָגט. זי האָט עס געפילט, און דאָס איז נישט געווען די איינציקע סיבה פון איר כּעס אויף קריסטאָפן, וואָס איר ליבע האָט אים קיין שום בייז נישט געקאָנט טון. זי האָט זיך פאַר זיך נישט מודה געווען, אַז זי האָט אַ פאַרלאַנג צו טון אים שלעכֿטס; ווען זי וואָלט געקאָנט אַפילו, וואָלט זי עס אפשר אויך ניט געטון. נאָר זי האָט געפונען, אַז ס׳איז חוצפּהדיק פון זיין זייט, וואָס זי קאָן אים גאָרנישט טון. ווען דער מאַן נעמט-צו ביי דער פרוי די אילוזיע פון איר מאַכֿט איבער אים — אַלץ איינס, צי די מאַכֿט איז אַ שעדלעכֿע אָדער נישט — הייסט עס, אַז זיין ליבע צו איר איז געטראָפן; דאָס צווינגט זי עקשנותדיק אויסצופּרוּוון איר

מאַכט. קריסטאָף האָט דערויף קיין אַכט נישט געלעגט. ווען אַדאַ פלעגט אים פרעגן אין שפּאַס:

— וואָלסטו פאַרלאָזן די מוזיק צוליב מיר?

(הגם זי האָט דערצו קיין שום חשק נישט געהאַט) פלעגט ער ענטפערן גאַנץ אָפנהאַרציק:

— אָ, דאָ קאָן קיינער, מיין טייערע, גאָרנישט פועלן; נישט דו, נישט קיין שום אַנדערער. איך וועל די מוזיק קיינמאָל נישט פאַרלאָזן.

— און דו טענהסט נאָך, אַז דו האָסט מיך ליב? — פלעגט זי זאָגן ברוגז.

זי האָט פיינט געהאַט די דאָזיקע מוזיק, — בפרט ווייל זי האָט זי נישט פאַרשטאַנען און ווייל זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט געפינען קיין אַנדער געווער קעגן דעם פאַרבאָרגענעם שונא און פאַרוונדן קריסטאָפן אין זיינע געפילן. ווען זי האָט געפרווט רעדן וועגן מוזיק מיט פאַראַכטונג אָדער זי האָט האַרב געמשפט קריסטאָפס קאָמפּאָזיציעס, פלעגט ער לאַכן אויפן גאַנצן קול; און נישט געקוקט אויף איר ברוגז, האָט אַדאַ באַשלאָסן צו שווייגן, ווייל זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז זי איז לעכערלעך.

נאָר אויב זי האָט גאָרנישט געקאָנט אויפטון פון דער זייט, האָט זי אַנטדעקט אין קריסטאָפן אַן אַנדערן שוואַכן פונקט, וווּ מ'האָט אים געקאָנט לייכט אָנגרייפן: ס'איז געווען זיין מאָראַלישער גלויבן. כאָטש ער האָט געהאַט שאַרפע סכסוכים מיט די פּאָגעלס און נישט געקוקט אויף זיין יוגנט-שיכרות, האָט דאָך קריסטאָף אויפגעהאַלטן אין זיך אַן אינסטינקטיווע שעמעוודיקייט, אַ באַגער צו ריינקייט, וואָס ער האָט אומבאַוווסטערהייט געפילט, וואָס האָט אָבער אַזאַ פרוי, ווי אַדאַ, געמוזט פריער אָנרירן, צוציען און געווינען, דערנאָך ווייזן, שפּעטער לאַנגווייקן, לסוף אויפרעגן אַזש ביז שנאה. זי האָט אים נישט אָנגעגריפן אויפן גלייכן וועג. זי האָט כיטרע געפרעגט:

— האָסטו מיך ליב?

— אַוודאי!

— וויפיל האָסטו מיך ליב?

— וויפיל מ'קאָן נאָר ליב האָבן.

— ס'איז נישט קיין סך... אַ סוף!... וואָס וואָלסטו פאַר מיר געטון?

— אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט.
— וואָלסט געטון צוליב מיר נישט קיין אָרנטלעכע זאַך?
— אַ משונהדיקער אופן פון ליבע!
— נישט וועגן דעם האַנדלט זיך. וואָלסט עס געטון?
— דאָס קאָן קיינמאָל נישט אויסקומען צו טון.
— אָבער אויב איך זאָל עס פאַרלאַנגען?
— וואָלט עס געווען אַן עוולה פון דיר.
— אפשר... וואָלסט עס געטון?

ער האָט זי געוואָלט אַ קוש טון. נאָר זי האָט אים אָפּגעשטויסן.

— וואָלסט עס געטון צי ניין?
— ניין, מיין טייערע.

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן, זייער בייז.

— האָסט מיך נישט ליב, דו ווייסט נישט, וואָס ליבע איז.
— גאַנץ מעגלעך, — האָט ער איינפאַך געענטפערט.

ער האָט געוווסט, אַז אין אַ מאָמענט פון ליידנשאַפט וואָלט ער געווען מסוגל, פונקט ווי יעדער אַנדערער, אָפּצוטון די גרעסטע נאַרישקייטן, אפשר אפילו אַ מיאוסע זאַך און — ווער ווייסט? — אפשר נאָכמער; אָבער ער האָט זיך געשעמט צו באַרימען זיך דערמיט אַזוי גלייכגילטיק, און האָט עס געהאַלטן פאַר געפערלעך זיך מודה צו זיין אין דעם פאַר אַדאַן. אַן אינסטינקט האָט אים מתרה געווען, אַז זיין טייערער שונא לויערט און היט אָפּ יעדעס וואָרט זיינס: ער האָט נישט געוואָלט געבן איר קיין געווער קעגן זיך.

אַן אַנדערש מאָל האָט זי אים ווידער אָנגעגריפן; זי האָט אים געפרעגט:

— האָסטו מיך ליב, ווייל דו האָסט מיך ליב, צי ווייל איך האָב דיך ליב?
— ווייל איך האָב דיך ליב.
— הייסט עס, ווען איך זאָל דיך נישט ליב האָבן, וואָלסטו מיך אויך ליב געהאַט?
— יאָ.
— און ווען איך האָב ליב אַ צווייטן, וואָלסטו מיך אַלץ ליב געהאַט?

— אָ, דאָס ווייס איך נישט... איך גלויב נישט... אַלנפֿאַלס, וואָלט איך עס דיר קיינמאָל נישט געזאָגט.

— וואָרום וואָס איז דער אונטערשייד?

— ס'איז אַן אונטערשייד אין אַ סך זאַכן. אפשר אין מיר. אין דיר—זיכער.

— וואָס אַרט עס דיך, אַז איך וואָלט זיך געענדערט?

— דאָס איז אַלץ. איך האָב דיך ליב אַזוי ווי דו ביסט. ווען דו זאָלסט ווערן אַנדערש, בין איך שוין נישט ערב, אַז איך וואָלט דיך ליב געהאַט.

— האָסט מיך נישט ליב, האָסט מיך נישט ליב! וואָס שפּאַרסטו זיך? מ'האָט ליב אָדער מ'האָט נישט ליב. אויב דו האָסט מיך ליב, דאַרפסטו מיך ליב האָבן אַזוי ווי איך בין, וואָס איך זאָל נישט טון — אייביק.

— דאָס וואָלט געווען אַ ליבע פון אַ חיה.

— אָט אַזוי וויל איך, זאָלסט מיך ליב האָבן.

— נו, האָסטו אַ טעות געהאַט,—האָט ער געזאָגט אין שפּאַס — איך בין נישט דער, וועמען דו זוכסט. ווען איך וואָלט עס געוואָלט, קאָן איך עס אויך נישט. אגב, וויל איך עס גאָרנישט.

— דו ביסט זייער שטאָלץ מיט דיין אינטעליגענץ. דו האָסט מער ליב דיין אינטעליגענץ, ווי מיך.

— אָבער דיך האָב איך דאָך ליב, אומדאַנקבאַרע, מער, ווי דו האָסט זיך ליב אַליין. און וואָס שענער און בעסער דו וואָלסט געווען, אַלץ מער וואָלט איך דיך ליב געהאַט.

— דו ביסט אַ שול-לערער, — האָט זי מיט שפּאַט געענטפערט.

— וואָס ווילסטו? כ'האָב ליב דאָס, וואָס ס'איז שיין, וואָס ס'איז מיאוס, דערוועקט אין מיר עקל.

— אפילו דאָס, וואָס איז מיאוס אין מיר?

— בפרט אין דיר.

זי האָט צאָרנדיק געטופּעט מיט די פיס.

— איך וויל נישט, מ'זאָל מיך משפטן.

— נו, טאָ קלאָג זיך אויף דעם, וואָס איך משפט דיך און וואָס כ'האָב דיך ליב, — האָט ער צערטלעך געענטפערט, זי צו באַרויקן.

זי האָט זיך געלאָזט אַרומנעמען און באַוויליקט אפילו צו שמייכלען און צו דערלויבן, ער זאָל זי אַ קוש טון. נאָר אין אַ ווײַלע

אַרום, ווען ער איז געווען זיכער, אַז זי האָט שוין פאַרגעסן אָן דעם, האָט זי ווידער אומרויק געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ מיאוסע זאַך געפינסטו אין מיר?

ער האָט זיך געהיט צו זאָגן איר דעם אמת און געענטפערט בחדנותדיק:

— איך געפין נישט אין דיר קיין שום מיאוסע זאַך.

זי האָט אַ ווײַלע באַטראַכט, אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— הער אויס, קריסטאָף. דו זאָגסט, אַז דו האָסט נישט ליב קיין ליגן?

— כ'האָב עס פיינט.

— ביסט גערעכט, — האָט זי געזאָגט — איך האָב עס אויך פיינט. אגב, בין איך רויק, איך זאָג קיינמאָל נישט קיין ליגן.

ער האָט זי אָנגעקוקט: זי איז געווען אויפריכטיק. אָט די תמימות האָט ביי אים אָפּגענומען דאָס געוועהר.

— נו, — האָט זי ווייטער גערעדט, אַרומנעמענדיק מיט די אָרעמס זיין האַלז — פאַרוואָס-זשע וואָלסטו געווען בייז, ווען איך קריג ליב אַן אַנדערן און איך זאָג עס דיר?

— הער מיך אויף צו פייניקן!

— איך פייניק דיך נישט: איך זאָג דאָך נישט, אַז כ'האָב ליב אַן אַנדערן, איך זאָג אפילו, אַז נישט... אָבער שפּעטער, אויב איך וועל ליב האָבן?...

— גוט, לאָמיר דערפון נישט טראַכטן.

— און איך וועל דערפון יאָ טראַכטן... דו וועסט זיין בייז אויף מיר? דו וועסט קענען זיין בייז אויף מיר?

—איך וועל נישט זיין בייז אויף דיר. כ'וועל דיך פאַרלאָזן, אָט-דאָס.

— פאַרלאָזן? פאַרוואָס? אויב איך האָב דיך נאָך אַלץ ליב?...

— ווען דו האָסט ליב אַ צווייטן?

— געוויס. עס טרעפט.

— גוט, ביי אונז וועט עס נישט טרעפן.

— פאַרוואָס?

— ווייל דעם זעלבן טאָג, ווען דו וועסט ליב קריגן אַ צווייטן, וועל איך דיך שוין מער נישט ליב האָבן, מיין טייערע, לחלוטין נישט.

— נאָר-וואָס האָסטו דאָך געזאָגט, אפשר... אַ! דו זעסט, האָסט מיך נישט ליב!

— לאָז זיין. אָט אַזוי איז בעסער פאַר דיר.

— ווייל?...

— ווייל ווען איך האָב דיך נאָך אויך ליב דעמאָלט, בעת דו וועסט ליב האָבן אַ צווייטן, קאָן זיך עס שלעכט אויסלאָזן פאַר דיר, פאַר מיר און פאַרן צווייטן.

— אָט האָסטו דיר!... ביסט דאָך איצט פון זינען אַראָפּ. בין איך, הייסט עס, פאַרמשפּט צו בלייבן מיין גאַנץ לעבן נאָר מיט דיר?

— באַרויק זיך. ביסט פריי. וועסט מיך פאַרלאָזן, ווען דו וועסט וועלן. נאָר דאָס וועט נישט זיין קיין „צום ווידערזען“, נאָר אַ „זייגעזונט“.

— נאָר אויב איך וועל דיך נאָך ווייטער ליב האָבן?

— ווען מ'האָט ליב, איז מען זיך מקריב איינער פאַרן אַנדערן.

— גוט, טאָ זיי זיך מקריב.

ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער איבער איר עגאָיזם, און זי האָט אויך מיטגעלאַכט.

— דער קרבן פון איינעם איז פונקט ווי זיין ליבע.

— ס'הויבט זיך גאָרנישט אָן. דאָ איז פאַראַן די ליבע פון צוויי. איך וועל דיך נאָך שטאַרקער ליב האָבן, ווען דו וועסט זיך מקריב זיין פאַר מיר. און טו נאָר איצט אַ טראַכט, קריסטאָפל, ווי שטאַרק דו וועסט מיך, פון דיין זייט, ליב האָבן, נאָכדעם ווי דו וועסט זיך מוסר-נפש זיין פאַר מיר. דו וועסט זיין גליקלעך.

זיי האָבן געלאַכט, צופרידן, וואָס ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן צו מאַכן פון זייער סכסוך אַ שפּאַס.

ער האָט געלאַכט און זי אָנגעקוקט. טיף אין האַרצן האָט זי גאָר בדיעה נישט געהאַט צו פאַרלאָזן איצט קריסטאָפן, ווי זי האָט עס אים געזאָגט; אויב ער האָט זי אָפּטמאָל אויפגערעגט אָדער געלאַנגווייליקט, האָט זי אָבער געוווּסט דעם ווערט פון אַזאַ מין צוגעבונדנקייט, ווי זיינע! אגב, האָט זי קיין אַנדערן נישט ליב געהאַט. זי האָט גערעדט אַזוי נאָר אין שפּאַס, טיילווייז דערפאַר, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז ס'איז אים נישט אַנגענעם, און טיילווייז, ווייל ס'האָט איר הנאה געטון צו פאַרוויילן זיך מיט פאַרדעכטיקע און אומריינע געדאַנקען, פונקט ווי אַ קינד, וואָס פּליעסקעט זיך מיט פאַרגעניגן אין

ברודיק וואַסער. ער האָט עס געוווּסט. ער איז נישט געווען ביז אויף איר. אָבער ער איז שוין מיד געוואָרן פון די נישט-כּשרע וויכּוחים, פון דעם איינגעהאַלטענעם קאַמף קעגן אָט דער אומזיכערער, צעטומלטער נאַטור, וואָס ער האָט ליב געהאַט און וואָס האָט אים אַפשר אויך ליב געהאַט; ער איז געווען מיד פון דער אָנשטרענגונג, מיט וועלכער ער האָט זיך טיילמאָל איינגערעדט און געגאַרט, טראַכטנ־דיק וועגן איר, — מיד ביז צום וויינען. ער האָט געטראַכט: „פאַר־וואָס, פאַרוואָס איז זי אַזוי? פאַרוואָס איז עס בכלל אַזוי? ווי דאָס לעבן איז שפל!...״ און אין דער זעלבער צייט האָט ער געשמייכלט, געקוקט אויף דעם שיינעם פּנים, וואָס האָט זיך צו אים געבויגן, אויף אירע בלויע אויגן, אויף איר צאַרטער הויט, אויף איר לאַכנדיקן, פלוידערנדיקן און אַ ביסל־נאַריש מויל, וואָס איז האַלב אויפגעעפנט און וואָס פון אים בלאַנקט אַרויס דער פרישער גלאַנץ פון איר־צונג און אירע פייכטע ציין. זייערע ליפּן האָבן זיך כּמעט אָנגערירט, און ער האָט אויף איר געקוקט ווי פון ווייטן, ווי פון זייער ווייט, פון אַן אַנדערער וועלט; ער האָט געזען, ווי זי דערווייטערט זיך אַלץ מער און מער, ווי זי ווערט פאַרלוירן אין אַ נעפּל... און דערנאָך האָט ער זי מער נישט געזען. ער האָט מער נישט געהערט. ער איז פאַר־זונקען געוואָרן אין אַ מין שמייכלענדיקער פאַרגעסנקייט און געטראַכט פון מוזיק, פון זיינע חלומות, פון טויזנטער זאַכן, וואָס זענען פאַר אַדאַן פרעמד געווען. ער האָט געהערט עפּעס אַ ניגון. ער האָט שטיל געשאַפן... אַך! די שיינע מוזיק!... אַזוי טרויעריק, שטערבלעך-טרויעריק! און דאָך גוט, ליב... אַך, ווי גוט... יאָ, יאָ... נאָר דאָס... אָט דאָס אי־בעריקע איז נישט געווען אמת...

מ׳האָט אים געטרייסלט פאַרן אָרעם, אַ שטים האָט צו אים געשריען:

— וואָס איז מיט דיר געשען? ביסט לחלוטין משוגע געוואָרן? פאַרוואָס קוקסטו מיך אָן אַזוי? פאַרוואָס ענטפערסטו נישט?

ער האָט ווידער געזען די אויגן, וואָס האָבן אים אָנגעקוקט. ווער איז עס!... — אַהאַ! יאָ... — ער האָט אָפּגעזיפצט.

זי האָט אים אויסגעפאָרשט. זי האָט געוואָלט דערגיין, פון וואָס ער האָט געטראַכט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, נאָר זי האָט געפילט, אַז ס׳איז אומזיסט איר מי: ער איז נישט אינגאַנצן אירער — ס׳איז שטענדיק פאַראַן אַ טיר, דורך וועלכער ער קאָן זיך אַרויסגליטשן. זי איז אין האַרצן געווען אויפגערעגט.

— פֿאַרוואָס וויינסטו? — האָט זי אים איינמאָל געפֿרעגט, ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון דער פֿרעמדער רייזע אין אַן אַנדער לעבן.

ער האָט אַדורכגעפֿירט די האַנט איבער די אויגן. ער האָט געפֿילט, אַז זיי זענען פֿייכט.

— איך ווייס נישט, — האָט ער געזאָגט.

— פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו נישט? כ'האָב דיך שוין דריי מאָל געפֿרעגט די אייגענע זאַך.

— וואָס ווילסטו? — האָט ער זי ווייך געפֿרעגט.

זי האָט אויף איר אופֿן גענומען שפּאַסן.

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג פֿון מידקייט.

—יאָ, — האָט זי געזאָגט — איך ענדיק שוין. נאָך איין וואָרט!

און זי האָט גענומען רעדן נאָך שאַרפֿער.

קריסטאָף האָט זיך אַ טרייסל געטון פֿון כּעס.

— אפשר וועסטו מיך צורו לאָזן מיט דיינע גראָבע רייד!

— איך שפּאַס דאָך.

— זוך־אויס פֿיינערע זאַכן.

— שפּאַר זיך ווייניקסטנס. זאָג, פֿאַרוואָס עס געפֿעלט דיר נישט.

— ס'הויבט זיך נישט אָן! נישטאָ וואָס צו שפּאַרן זיך, פֿאַרוואָס מיסט שטינקט? עס שטינקט — און אַ סוף! איך פֿאַרשטאָפּ זיך די נאָז און גיי ווייטער.

ער איז אַוועק זייער בייז; ער האָט געשפּרייזט מיט גרויסע טריט, אָטעמענדיק די אייז־קאַלטע לופֿט.

נאָר זי האָט ווידער אָנגעהויבן איין מאָל, צוויי מאָל, צען מאָל. זי פֿלעגט אַרויסלעגן אויפֿן טיש אַלצדינג, וואָס האָט אים געקאָנט שאָקירן און וויי טון.

ער האָט געטראַכט, אַז ס'איז אַ קרענקלעך שפּיל פֿון אַ נעוואַראַסטעניש מיידל, וואָס ווילט זיך דערמיט, וואָס זי פּייניקט אים. ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען אָדער געמאַכט, ווי ער הערט נישט: ער האָט זיך צו איר נישט באַצויגן ערנסט. דאָך האָט ער נישט איינמאָל חשק געהאַט אַרויסצוואַרפֿן זי דורכן פֿענסטער; ווייל די נעוואַראַסטעניע און די נעוואַראַסטעניקער זענען אים געווען שטאַרק נישט צום האַרצן.

נאָר ס'איז גענוג געווען, ער זאָל זיך דערווייטערן פֿון איר אויף

צען מינוט, און ער זאָל איינגאַנצן פֿאַרגעסן דאָס, וואָס ס׳האָט אים אָפּגעשטויסן. ער פֿלעגט גיין צוריק צו אַדאַן, פֿול מיט האָפֿנונגען און נייע אילוזיעס. ער האָט זי ליב געהאַט. די ליבע איז אַן אַקט פֿון שטענדיק זיך־באַנייענדיקן גלויבן. צי גאָט עקזיסטירט יאָ, צי ניט — דאָס איז נישט וויכטיק: מען גלויבט, ווייל מען גלויבט. מ׳האָט ליב, ווייל מ׳האָט ליב; מ׳דאַרף דערצו נישט האָבן קיין שום באַווייזן!...

נאָך דער סצענע, וואָס קריסטאָף האָט געמאַכט די פּאָגעלס, איז געוואָרן אוממעגלעך צו בלייבן ווייטער אין זייער הויז, און לואיזע האָט געמוזט זוכן אַ נייע דירה פֿאַר איר זון און פֿאַר זיך.

אַ געוויסן טאָג איז אַראָפּגעפֿאַלן פּלוצלינג צו זיי אין שטוב ערנעסט, קריסטאָפֿס ייִנגסטער ברודער, פֿון וועלכן זיי האָבן שוין אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט קיין שום ידיעה. נאָכדעם, ווי ער האָט געפּרוווט פֿאַרשידענע מלאָכות און איז פֿון אומעטום אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן, איז ער געבליבן אָן אַ אָרט; זיין בייטל איז געווען פּוסט און זיין געזונט — שטאַרק אָנגעגריפֿן; דערפֿאַר האָט ער געפֿונען פֿאַר נויטיק קומען זיך אָפּרוען אין דער מאַמעס הויז.

ערנעסט איז נישט געווען אין קיין שלעכטע באַציונגען מיט זיינע צוויי ברידער; זיי האָבן, אמת, געהאַט פֿאַר אים אַ קנאַפּן דרך־ארץ, און ער האָט עס געוווּסט; נאָר ער האָט אויף זיי נישט געהאַט קיין פֿאַרדרוס, ווייל ס׳איז אים געווען גאַנץ גלייכגילטיק. זיי ווידער האָבן אויך אויף אים קיין פֿאַרדרוס נישט געהאַט. ס׳וואָלט געווען אומזיסט די טרחה. אַלץ, וואָס מ׳פֿלעגט אים זאָגן, פֿלעגט ער זיך אַראָפּשלונגען אָן קיין שום שפּור. ער האָט געשמייכלט מיט זיינע כיטרע אויגן, באַמיט זיך אויסצוזען טרויעריק, געטראַכט בשעת־מעשה פֿון עפּעס אַנדערש, ער האָט מסכים געווען מיט זיי, געדאַנקט און לסוף שטענדיק אַרויסגעצויגן געלט פֿון איינעם פֿון זיינע ברידער. קריסטאָף האָט קעגן זיין ווילן געפֿילט אַ סימפּאַטיע צום ליבן לץ, וואָס איז לויט זיינע שטריכן געווען צו אים ענלעך און נאָך מער ענלעך צו זייער פֿאָטער מעלכיאָר. הויך און שטאַרק, ווי קריסטאָף,

האָט ער געהאַט אַ גלײַכע פיגור, אַ פריש אויסזען, קלאָרע אויגן, אַ גלײַכע נאָז, אַ לאַכנדיק מויל, שײנע צײן און האַסטיקע באַוועגונגען. ווען קריסטאָף פלעגט אים זען, פלעגט ער ווערן אַנטוואָפנט און נישט אַרויסגעזאָגט אפילו קײן העלפט טענות, וואָס ער האָט געהאַט צוגע־גרײט: אין האַרצן האָט ער געפילט אַ מין מוטערלעכע צערטלעכקײט צום דאָזיקן שײנעם ייִנגל, וואָס איז געווען פון זײַן בלוט און וואָס האָט, לפּחות, פיזיש, פאַרשאַפט כּבוד. ער האָט געגלויבט, אַז ערנעסט איז נישט קײן שלעכטער, און ערנעסט איז קײן נאַר נישט געווען. ער איז געווען אָן קולטור, אָבער נישט אָן שׂכל; ער איז אפילו נישט געווען אומפעיק צו אינטערעסירן זיך מיט גײסטיקע ענינים. ער האָט הנאה געהאַט צו הערן מוזיק, און נישט פאַרשטײענדיק זײַן ברודערס שפּילן, האָט ער דאָך געהערט נײַגיריק. קריסטאָף, וואָס האָט קײנמאָל נישט געפילט צו זיך די סימפּאַטיע פון זײַנע אײגענע, האָט מיט פאַרגעניגן באַמערקט זײַן ברודער אויף זײַנע קאָנצערטן.

נאָר ערנעסטס עיקר־טאַלענט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אויסגעצײכנט געקענט די כאַראַקטערן פון זײַנע ברידער און גע־וווּסט, ווי זײ אויסצונוצן. אומזיסט האָט זיך קריסטאָף אָפּגעגעבן אַ חשבון פון זײַן עגאָיזם און גלײַכגילטיקײט, אומזיסט האָט ער צוגע־זען, אַז ערנעסט טראַכט פון דער מאַמען און פון אים נאָר אין אַ עת־צרה: ער האָט זיך שטענדיק געלאָזט אײַננעמען פון זײַנע ליבנס־ווירדיקע מאַנירן און ער פלעגט אים זעלטן־ווען אָפּזאָגן. ער האָט אים געהאַלטן העכער פון זײַן צווײטן ברודער, רודאָלף, וואָס איז געווען סאָליד און פּינקטלעך, איבערגעגעבן זײַנע עסקים, זײער מאָראַליש, פלעגט קײנמאָל קײן געלט נישט בעטן, אָבער אויך קײנמאָל קײנעם נישט געגעבן; ער פלעגט קומען יעדן זונטיק אויף אַ שעה־צײַט זיך זען מיט דער מאַמע, געשמועסט נאָר וועגן זיך, באַרימט זיך, גערימט זײַן געשעפט און אַלץ, וואָס איז אים נוגע געווען, זיך אויף קײנעם נישט נאָכגעפרעגט, מיט קײנעם זיך נישט אינטערעסירט און פלעגט אַוועקגײן, ווי נאָר ס׳האָט אויסגעקלונגען די שעה, צופרידן, וואָס ער האָט דערפילט זײַן פליכט. קריסטאָף האָט אים נישט געקאָנט פאַר־טראָגן. ער פלעגט פּשוט אַוועקגײן פון שטוב אויף דער שעה, ווען רודאָלף פלעגט קומען. רודאָלף האָט אים מקנא געווען; ער האָט גע־פילט אַ פאַראַכטונג צו קינסטלער, און קריסטאָפס ערפאָלג האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. פונדעסטוועגן האָט עס אים נישט אָפּגעהאַלטן צו

באַנוצן זיך מיט קריסטאָפס באַרימטקייט אין שטאָט, צווישן די סוחרים. וואָס ער פּלעגט באַזוכן: נאָר ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט דער־פון קיין וואָרט, נישט מיט דער מאַמע, נישט מיט קריסטאָפן: ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער באַמערקט עס גאָרנישט. אדרבה ער פּלעגט באַמערקן די מינדסטע נישט־אָנגענעמע פּאַסירונג, וואָס איז קריסטאָפן געשען. קריסטאָף האָט פּיינט געהאַט אָט די קליינלעכקייט און גע־מאַכט זיך, אַז ער באַמערקט עס נישט; נאָר ס׳איז אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, — און דערפאַר האָט עס אים שטאַרק וויי געטון, — אַז ס׳רוב בייזוויליקע רכילות, וואָס רודאָלף דערציילט וועגן אים, שטאַמט פון ערנעסטן. דער קליינער תּכשיט האָט גוט געוווּסט דעם חילוק צווישן קריסטאָפן און רודאָלפן: ער האָט בלי ספק געוווּסט, אַז קרי־סטאָף שטייט העכער, און ער האָט אפילו געפּילט אפשר אַ סימפּאַטיע — אַ ביסל אַן איראָנישע — צו קריסטאָפס תּמימות. אָבער ער האָט גע־וווּסט, ווי זיך דערמיט צו באַנוצן, פּונקט ווי ער האָט אומפאַרשעמט אויסגענוצט רודאָלפס שלעכטע געפילן, הגם ער האָט זיי אין האַרצן פּיינט געהאַט. ער האָט געחנפנט רודאָלפס פּוסטער גאווה און זיין קנאה, צוגענומען הכנעהדיק אַלע זיינע טענות, דערציילט אים דאָס גאַנצע ביסל לשון־הרע פון שטעטל, בפרט דאָס, וואָס איז נוגע קרי־סטאָפן, וועגן וואָס ער איז שטענדיק געווען אויסגעצייכנט און גענוי אינפאָרמירט. ער פּלעגט דערגרייכן אויף אַזאַ אופן זיין ציל: און רו־דאָלף, וואָס איז געווען קאַרג, האָט געלאָזט אַרויספּרעסן פון זיך געלט, פּונקט ווי קריסטאָף.

אָט אַזוי האָט ערנעסט יעדן איינעם אויף זיין אופן אויסגענוצט און פון ביידן גלייך חוזק געמאַכט. און ביידע האָבן זיי אים ליב געהאַט.

נישט געקוקט אויף די אַלע ליטרע שפּיצלעך, האָט ערנעסט דאָך געהאַט אַ קלאָגעדיק אויסזען, ווען ער איז געקומען אַהיים. גע־קומען איז ער פון מינכען, ווו ער האָט געפונען און — אויף זיין שטייגער — תּיכף פאַרלוירן זיין לעצטע שטעלע. ער האָט געמוזט דורכמאַכן דעם גרעסטן טייל וועג צופוס, אין שלאַקס־רעגנס, און גע־בעטיקט גאָט ווייסט ווו. ער איז געווען אויסגעשמירט מיט בלאָטע,

אָפּגעריסן, ענלעך צו אַ בעטלער, און ער האָט שרעקלעך געהוסט; אין וועג איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערן בראָנכיט. לואיזע האָט זיך גענומען צום האַרצן, און קריסטאָף איז צו אים זייער גערירט צו־געלאָפן, בעת ער איז אַריינגעקומען. ערנעסט, וואָס האָט געהאַט אַ נייגונג צו וויינען, האָט זיך נישט געזאַמט און טאַקע באַלד געוויזן, וואָס ער קאָן: זיי האָבן זיך אַלע דריי צעוויינט, איינער אין דעם אַנדערנס אָרעמס.

קריסטאָף האָט אים אָפּגעטרעטן זיין צימער; מ׳האָט אויסגעוואַ־רעמט דאָס בעט, מ׳האָט אַריינגעלעגט דעם קראַנקן, וואָס האָט געהאַט אַ צורה פון אַ גוסס. לואיזע און קריסטאָף זענען געזעסן נעבן אים און זיך געביטן מיט דער וואַך, מ׳האָט געדאַרפט אַ דאָקטאָר, רפואות, וואַרעמקייט אין צימער, אַ באַזונדערע דערנערונג.

מ׳האָט אים געמוזט דערצו באַקליידן פון קאָפּ ביז די פיס: וועש, שיך, אַ בגד, מ׳האָט אַלץ געמוזט קויפן נייע. ערנעסט האָט גע־לאָזט מיט זיך טון אַלץ. לואיזע און קריסטאָף האָבן געמוזט האָרע־ווען מיט אַלע כּוחות צו דעקן די הוצאות. גראָד זענען זיי אין דער צייט געווען געאייננגט אין געלט: דאָס אַרויסציען זיך, די טייערע דירה, וואָס איז, אגב, געווען אומבאַקוועמער, ווי די פריערדיקע, דער־צו האָט קריסטאָף איצט געהאַט וויניקער לעקציעס און גרעסערע אויסגאַבן. זיי זענען אויסגעקומען מיט מאַטערניש. זיי האָבן געמוזט זוכן אַנדערע מיטלען, קריסטאָף וואָלט געקענט, בלי ספק, ווענדן זיך צו רודאָלפן, וואָס איז געווען גיכער בכּוח, ווי קריסטאָף, אַרויסצו־העלפן ערנעסטן; נאָר ער האָט נישט געוואָלט: ער זאָל אַליין נישט אַרויסהעלפן דעם ברודער—דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר אַ פּחיתת־הכּבוד. ביי אים איז אויסגעקומען, אַז אַלס בכור איז ער מחויב צו טון, — אגב, אויך דערפאַר, ווייל ער איז געווען קריסטאָף. רויט פון חרפּה, האָט ער געמוזט מסכּים זיין אויפן פאָרשלאַג, וואָס ער האָט אין פּופּצן טעג אַרום אָפּגעוואָרפן מיט כּעס, — דעם פאָרשלאַג פון אַ געוויסן פאַרמיטלער, וואָס האָט אין נאָמען פון אומבאַקאַנטן רייכן מוזיק־דילע־טאַנט געוואָלט אָפּקויפן ביי אים אַ מוזיקאַליש ווערק, כּדי עס אַרויס־צוגעבן אונטערן אייגענעם נאָמען. לואיזע האָט זיך פאַרדונגען צו ניי־ען וועש. זיי האָבן איינער פאַרן אַנדערן אויסבאַהאַלטן זייערע קרבנות; זיי האָבן זיך גענאַרט וועגן דעם געלט, וואָס זיי פלעגן ברענגען אַהיים.

ערנעסט איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך און איינמאָל, איינ־געקאָרטשעט אין אַ ווינקל ביים פייער, האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער איז שולדיק עטלעכע חובות. מ׳האָט זיי באַצאָלט. קיינער האָט צו אים קיין טענות נישט געהאַט. ס׳איז נישט געווען גרויסמוטיק בנוגע אַ קראַנקן, וואָס איז דערצו אַ פאַרוואָגלטער זון און אַ בעל־תשובה. ווייל ערנעסט האָט אויסגעזען שטאַרק געענדערט דורך די דערפאַרונגען. מיט אַ ווייַנענדיקער שטים פלעגט ער רעדן וועגן זיינע אַמאָליקע פעלערן; און לואיזע האָט אים געקושט און געבעטן, ער זאָל דערפון נישט טראַכטן. ער איז געווען מילד: ער האָט שטענדיק געחנפנט דער מאַמען מיט זיין צערטלעכקייט, וואָס ער פלעגט איר אַרויסווייזן; אַמאָל איז קריסטאָף געווען אַ ביסל אייפער־זיכטיק. איצט האָט ער עס געפונען פאַר נאַטירלעך, וואָס דער יינג־סט ־ר, און דערצו שוואַכסטער זון איז מער געליבט, ווי אַלע. הגם צווישן זיינע יאָרן און ערנעסטס איז געווען אַ קליינער אונטער־שיד, האָט ער דאָך געקוקט אויף ערנעסטן נישט ווי אויף אַ ברו־דער, נאָר ווי אויף אַ זון. ערנעסט האָט געהאַט פאַר אים גרו׳ס דרך־ארץ; ער האָט נישט איינמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז קריסטאָף האָט גענומען אויף זיך אַזאַ משא, אַזעלכע געלט־קרבנות... אָבער קרי־סטאָף האָט אים נישט געלאָזט רעדן ווייטער, און ערנעסט האָט אים געדאַנקט מיט אַ הכנעהדיקן, ליבנסווירדיקן בליק, ער פלעגט מסכּים זיין מיט די עצות, וואָס קריסטאָף האָט אים געגעבן; ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז ענייגט, ווי נאָר ער וועט געזונט ווערן, צו ענדערן זיין לעבן, צו אַרבעטן ערנסט.

ער איז געזונט געוואָרן; נאָר די היילונג האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט. דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז זיין געזונט, וואָס איז שטאַרק אָנגעגריפן, נויטיקט זיך אין פאָרזיכטיקער באַהאַנדלונג. ער איז דעריבער ווייטער געבליבן ביי דער מאַמען, געשלאָפן מיט קריסטאָפן אין בעט, געגעסן מיט אַ גוטן אַפעטיט דאָס ברויט, וואָס דער ברודער האָט פאַרדינט, און די געשמאַקע מאַכלים, וואָס לואיזע האָט זיך געקלוגט צו מאַכן צוליב אים. ער האָט מער נישט גערעדט וועגן אָפּפאָרן. לואיזע און קריסטאָף האָבן אויך דערפון נישט גע־רעדט. זיי זענען געווען איבערגליקלעך, וואָס זיי האָבן אָפּגעפונען דעם זון און ברודער, וועלכן זיי האָבן ליב געהאַט.

אין די לאַנגע אָוונטן, וואָס קריסטאָף האָט פאַרבראַכט מיט ער־

צעסטן, האָט ער ביסלעכווייז גענומען רעדן מיט אים אינטימער. ער האָט געפילט אַ נויטווענדיקייט זיך עמעצן צו פֿאַרטרויען. ערנעסט איז געווען אינטעליגענט; ער האָט פֿאַרמאָגט אַ לייכטע תּפֿיסה און האָט פֿאַרשטאַנען—אָדער געמאַכט זיך פֿאַרשטיין—אויפֿן ווונק. ס׳איז געווען אַ מחיה צו שמועסן מיט אים. דאָך האָט קריסטאָף נישט געהאַט קיין מוט צו דערציילן, וואָס ס׳איז אים געלעגן אויפֿן האַרצן: וועגן זיין ליבע. ס׳האָט אים אָפּגעהאַלטן עפּעס אַ מין שעמעוודיקייט. ערנעסט, וועלכער האָט באמת אַלץ געוווסט, האָט זיך געמאַכט, ווי ער ווייסט וועגן דעם גאָרנישט.

איינמאָל האָט ערנעסט, שוין אַ געזונטער, אויסגענוצט אַ זוניקן נאָכמיטאָג און געלאָזט זיך שפּאַצירן לענג־אויס דעם רהיין. הינטער דער שטאָט, פֿאַרבייגייענדיק נעבן אַ טומלדיקער קרעטשמע, ווו מ׳פּלעגט יעדן זונטיק קומען טאַנצן און טרינקען, האָט ער באַמערקט קריסטאָפֿן ביים טיש צוזאַמען מיט אַדאַן און מיראַן, וואָס האָבן שטאַרק געטומלט. קריסטאָף האָט אים אויך דערזען און ער איז רויט געוואָרן. ערנעסט איז געווען דיסקרעט און איז געגאַנגען ווייטער, נישט בלייבנדיק שטיין.

קריסטאָף האָט זיך געפילט שטאַרק פֿאַרשעמט פֿון דער דאָזיקער באַגעגעניש. ער האָט דערפֿילט זייער שטאַרק, אין וואָס פֿאַר אַ געזעלשאַפֿט ער האָט פֿאַרבראַכט; און ס׳האָט אים פּיינלעך וויי געטון וואָס זיין ברודער האָט אים דאָרטן געזען: נישט בלויז דערפֿאַר, ווייל איצט האָט ער פֿאַרלוירן דאָס רעכט צו משפּטן ערנעסטס אויפֿפֿירונג, נאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָט געהאַט אַ צו־הויכן, נאַיוון, אַביסל אַ־פֿאַרעלטערטן באַגריף וועגן די פֿליכטן פֿון אַן עלטערן ברודער, — אַ באַגריף, וואָס האָט פֿיל מענטשן אויסגעזען לעכערלעך: ער האָט געמיינט, אַז אויב ער זאָל נישט דערפֿילן די דאָזיקע פֿליכטן, ווי ער האָט עס געטון, וואָלט ער קלײן געוואָרן אין די אייגענע אויגן.

אין אָוונט, ווען זיי האָבן זיך ווידער געפֿונען אינם שותּפֿותדיקן צימער, האָט ער געוואַרט, ערנעסט זאָל מאַכן אַן אָנצוהערעניש וועגן יענער פּאַסירונג. אָבער ערנעסט האָט פֿאָרזיכטיק געשוויגן און אויך געוואַרט. נאָר בעת זיי האָבן זיך אויסגעטון, האָט זיך קריסטאָף אָנגעטון אַ כּוח צו דערציילן וועגן זיין ליבע. ער איז געווען אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו קוקן ערנעסטן אין די אויגן אַריין; און צוליב פּחדנות האָט ער דערציילט

וועגן זיין ליבע אויף אַ גראָבן אופן. ערנעסט האָט אים נישט מיט־געהאָלפן, ער איז געבליבן שטום, נישט געקוקט אויף אים און דאָך האָט ער אַלץ געזען; ער האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין קאָמישע באַוועגונג אָדער אומגעשיקט וואָרט. קריסטאָף האָט קוים מיט צרות אָנגערופן אַדאַס נאָמען; און דאָס בילד, וואָס ער האָט פון איר אי־בערגעגעבן, האָט זיך געקאָנט אין דער זעלבער מאָס באַציען אויף יעדער אַנדערער געליבטער פרוי. נאָר ער האָט גערעדט פון זיין לי־בע; און מיטגעריסן ביסלעכווייז מיטן שטראָם פון צערטלעכקייט, וואָס האָט אָנגעפילט זיין האַרץ, האָט ער געזאָגט, ס׳אַרא גליק עס איז ליב צו האָבן, ווי אומגליקלעך מ׳איז, איידער מ׳טרעפט דאָס ליכט אין דער פינסטערער נאַכט, און אַז דאָס לעבן איז גאָרנישט ווערט אָן דער טייערער, טיפער ליבע. יענער האָט זיך ערנסט צוגעהערט, גע־ענטפערט מיט טאַקט און נישט געשטעלט קיין שום פראַגן; נאָר אַ צעדירטער האַנט־דרוק האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט געפילט דאָס, וואָס קריסטאָף. זיי האָבן זיך איבערגעטוישט צווישן זיך מיט זייערע מיינונגען וועגן ליבע און לעבן. קריסטאָף איז געווען גליק־לעך, וואָס מ׳פאַרשטייט אים אַזוי גוט. זיי האָבן זיך ברידערלעך צע־קושט פאַרן שלאָף.

קריסטאָף האָט זיך איינגעוויינט, הגם מיט גרויס שעמעוודיקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, צו פאַרטרויען ערנעסטן זיין ליבע, ווייל ער־געסטס דיסקרעציע האָט אים באַרויקט. ער האָט אים אפילו געלאָזט אַריינקוקן אין זיין אומרו בנוגע אַדאַן; אָבער קיינמאָל האָט ער זי נישט באַשולדיקט: ער האָט באַשולדיקט זיך אַליין און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער דערקלערט, אַז ער וועט עס נישט איבער־טראָגן, אויב ער וועט זי ווען־עס־איז פאַרלירן.

ער האָט נישט פאַרגעסן צו דערציילן אַדאַן וועגן ערנעסטן — ער האָט געלויבט זיין שכל און זיין שיינקייט.

ערנעסט איז נישט צוגעשטאַנען צו קריסטאָפן, ער זאָל אים באַ־קענען מיט אַדאַן; נאָר ער פלעגט זיך פאַרשפאַרן מעלאַנכאָליש אין צימער און נישט געוואָלט אַרויסגיין, זאָגנדיק, אַז ער קען נישט קיי־נעם. קריסטאָף האָט געהאַט צו זיך יעדן זונטיק טענות, פאַרוואָס ער גייט אַוועק שפּאַצירן מיט אַדאַן, בעת זיין ברודער בלייבט אין שטוב. אונדעסטוועגן איז אים געווען צו שווער דורכצולאָזן די איינזאַמע

שפּאַצירן מיט זיין געליבטער; ער פלעגט זיך באַשולדיקן אין עגאָ־
יזם און ער האָט פאַרגעלייגט ערנעסטן מיטצוגיין מיט זיי.

די באַקאַנטשאַפט איז פאָרגעקומען פאַר דער טיר פון אַדאַס שטוב, אויף די טרעפּ. ערנעסט און אַדאַ האָבן זיך אויף אַ צערעמאָניאַלן אופן באַגריסט. אַדאַ איז אַרויסגעגאַנגען און נאָך איר מיראַ, וואָס האָט זיך מיט איר קיינמאָל נישט געשיידט; ווען מיראַ האָט דערזען ערנעסטן, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קליינעם געשריי פון איבעררראשונג. ערנעסט האָט אַ שמייכל געטון, זיך דערנענטערט און אַ קוש געטון מיראַן, וועלכע האָט עס, אַפּנים, געפונען פאַר גאַנץ נאַטירלעך.

— וואָס הייסט! איר קענט זיך? — האָט קריסטאָף געפרעגט דערשטוינט.

— אוודאי! — האָט מיראַ לאַכנדיק געענטפערט.

— זינט ווען?

— שוין אַ לאַנגע צייט!

— און דו האָסט עס געוווּסט? — האָט קריסטאָף געפרעגט אַדאַן — פאַרוואָס־זשע האָסטו עס מיר נישט געזאָגט?

— דו רעכנסט, אַז איך קען אַלע מיראַס געליבטע? — האָט אַדאַ געענטפערט, הויבנדיק מיט די אַקסלען.

מיראַ האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן די ווערטער און אין אַ שפּאַס גע־מאַכט זיך ברוגז. קריסטאָף האָט מער נישט געקאָנט דערגיין. ער האָט זיך געפילט טרויעריק. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ערנעסט, מיראַ און אַדאַ זענען עפּעס נישט אָפנהאַרציק, הגם דעם אמת זאָגנדיק, האָט ער זיי נישט געהאַט פאָרצווואַרפן קיין שום ליגן; ס׳איז אָבער געווען זיי־ער שווער צו גלויבן, אַז מיראַ, וואָס האָט נישט געהאַט פאַר אַדאַן קיין שום סודות, זאָל איר דערפון נישט דערציילן, און אַז ערנעסט און אַדאַ זאָלן זיך שוין נישט קענען פון פריער. ער האָט זיי אָבּ־סערווירט. נאָר זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן בלויז מיט עטלעכע באַ־נאַלע ווערטער, און ערנעסט האָט זיך ביזן סוף שפּאַציר פאַרנומען נאָר מיט מיראַן. אַדאַ, פון איר זייט, האָט גערעדט נאָר צו קריסטאָפן; זי איז געווען צו אים ליבנסווירדיקער, ווי שטענדיק.

זינט דעמאָלט פלעגט זיך ערנעסט באַטייליקן אין אַלע שפּאַ־צירן, הגם קריסטאָף האָט געוואָלט פון אים פּטור ווערן; נאָר ער האָט קיין מוט נישט געהאַט צו זאָגן עס. די איינציקע סיבה, פאַר־וואָס ער האָט געוואָלט דערווייטערן דעם ברודער, איז געווען די־

חרפה, וואָס ער איז געוואָרן אַ חבר צו זיינע לוסטיקע פאַרווײלונגען. קיין חשד האָט ער אָבער אויף אים נישט געהאַט. ערנעסט האָט אים דערצו קיין שום סיבה נישט געגעבן: ס'האָט אויסגעזען, אַז ער איז פאַרנומען מיט מיראַן און ער באַציט זיך צו אַדאַן מיט אַ צוריקגעהאַלטענער העפלעכקייט, אפילו מיט אַ געוויסער איבערגעטריבנקייט, פונקט ווי ער וואָלט דערמיט אונטערגעשטראָכן, אַז צו זיין ברודערס געליבטער פילט ער אַזאַ יראת הכבוד כמעט, ווי צו אים אַליין. אַדאַ האָט זיך נישט געוווּנדערט און זי האָט זיך באַהערשט נישט ווייניקער, ווי ערנעסט.

זיי פלעגן צוזאַמען דורכמאַכן לאַנגע שפּאַצירן. ביידע ברידער זענען געגאַנגען פאָרויס; אַדאַ און מיראַ, לאַכנדיק און שעפּטשענדיק, עטלעכע טריט נאָך זיי. זיי פלעגן בלייבן שטיין לאַנג אויף איין אָרט און שמועסן, צוגעשמידט אין מיטן וועג. קריסטאָף און ערנעסט זענען אויך געבליבן שטיין און געוואַרט. לסוף האָט קריסטאָף אָנגעוווירן די געדולד און גענומען גיין אַליין ווייטער; נאָר באַלד זיך אויסגעדרייט מיט פאַרדרוס, ווייל ער האָט געהערט, ווי ערנעסט לאַכט און שמועסט מיט די צוויי פלאַפלערינס. ער האָט געוואָלט וויסן, וועגן וואָס זיי רעדן; נאָר ווען זיי זענען געבליבן שטיין נעבן אים, האָבן זיי זייער שמועס איבערגעריסן.

— וואָס האָט איר שטענדיק צו רעדן צוזאַמען הינטער מיינע פּלייצעס? — פלעגט ער פרעגן.

זיי פלעגן ענטפערן מיט אַ שפּאַס. זיי האָבן זיך אַלע דריי פאַרשטאַנען, ווי יאַריד-גנבים.

ס'איז געקומען צו אַ שאַרפן סכסוך צווישן קריסטאָפן און אַדאַן. זיי זענען געווען אָנגעבלאָזן פון אינדערפרי אָן. דאָסמאָל האָט אַדאַ נישט אַרויפגעצויגן קיין וויכטיקע, באַליידיקטע מינע, ווי שטענדיק אין אַזעלכע מיני פאַלן, כדי זיך נוקם צו זיין; שטענדיק פלעגט זי ווערן נישט צום איבערטראָגן לאַנגווייליק. דאָסמאָל האָט זי זיך פּשוט געמאַכט נישט באַמערקן קריסטאָפס בייזיין, און די איבעריקע צוויי

חברים האָט זי אַרויסגעוויזן אַ גלענצנדיקע שטימונג. מ׳האָט געקענט זאָגן, אַז בדיעבד איז זי גאָר צופרידן פונם סך־הכל.

קריסטאָף, פאַרקערט, האָט שטאַרק חשק געהאַט זיך איבערצוּבעטן, ער האָט זי איצט מער ליב געהאַט, ווי שטענדיק. צו זיין צערטלעכקייט איז איצט צוגעקומען דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט פאַר דעם אַלץ, פאַר דעם גאַנצן גליק, וואָס די ליבע האָט זיי געגעבן, אַ מין חרטה, וואָס אַזויפיל שעהן האָבן זיי געפּטרט אויף נאַרישע וויכּוחים — און אַ אומפאַרשטענדלעכע מורא, אַ פאַרבאָרגענער פּאָרגעפיל, אַז די ליבע ענדיקט זיך שוין. מעלאַנכאָליש האָט ער געקוקט אויף אַדאַס שיין געזיכט, וואָס האָט זיך געמאַכט, אַז עס זעט אים נישט און געלאַכט צוזאַמען מיט די איבעריקע; אָט דאָס פּנים האָט דערוועקט אין אים אַזויפיל טייערע זכרונות פון טיפער ליבע, פון אויפריכטיקער אינטימקייט, — אָט דאָס רייצנדיקע פּנים האָט אפילו פאַרמאָגט צייטנווייט — (און טאַקע איצט אויך) — אַזוי פיל גוטסקייט און אַזאַ ריינעם שמייכל, אַז קריסטאָף האָט ביי זיך געפרעגט, פאַרוואָס מאַכן זיי נישט שלום צווישן זיך, פאַרוואָס צעשטערן זיי זיך דאָס גליק, פאַרוואָס באַמיט זי זיך צו פאַרגעסן די ליכטיקע שעהן, אָפּצולייקענען אָדער צו דערשטיקן אַלץ, וואָס איז אין איר מוטיק און אָרנטלעך, — וואָס פאַר אַ משונהדיקע הנאה זי קען געפינען אין צעשטערן און פאַרשמוצן, אפילו אין געדאַנק, די ריינקייט פון זייער ליבע. ער האָט געפילט אַ ריזיקן פאַרלאַנג צו גלויבן אין דער, וואָס ער האָט ליב געהאַט, און ער האָט געפרוווט, צום טויזנטסטן מאָל, זיך איינצוּרעדן. ער האָט געהאַט צו זיך טענות, אַז ער איז אומגערעכט, ער האָט חרטה געהאַט אויף די געדאַנקען, וואָס ער האָט וועגן איר געטראַכט, און פאַרוואָס ער קאָן נישט אַזוי לייכט מוותר זיין.

ער האָט זיך צו איר דערנענטערט און געפּרוווט צו איר רעדן, זי האָט אים געענטפערט עטלעכע טרוקענע ווערטער; זי האָט נישט געהאַט קיין שום חשק זיך איבערצובעטן מיט אים. ער איז צוגעשטאַנען צו איר און געבעטן זי, שעפּטשענדיק איר אין אויער אַריין, זי זאָל אים אויסהערן עטלעכע מינוט אין אַ זייט, אָן עדות. זי איז אים נאָכגעגאַנגען אָן חשק. ווען זיי האָבן זיך דערווייטערט עטלעכע טריט, און נישט מיראַ, נישט ערנעסט, האָבן זיי נישט געקאָנט זען, האָט ער זי האַסטיק אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, און געבעטן, זי זאָל אים מוחל זיין, געשטעלט זיך פאַר איר אויף די קני אינמיטן וואַלד, צווישן די

פאַרוועלקטע בלעטער. ער האָט איר געזאָגט, אַז אַזוי ווייטער צע־
קריגט מיט איר קאָן ער נישט לעבן; ער האָט נישט הנאה נישט פונם
שפּאַציר, נישט פונם שיינעם טאָג, ער האָט נישט קיין פאַרגעניגן פון
קיין זאַך, ס'איז אים ממש שווער צו אָטעמען, ווייל ער ווייסט, אַז זי
האָט אים פיינט: ער נויטיקט זיך אַזוי אין ליבע. יאָ, ער איז אָפּט
אומגערעכט, האַסטיק, נישט אָנגענעם; ער בעט זי, זי זאָל אים מוחל
זיין: די שולד שטעקט אין זיין ליבע גופא; ער קאָן נישט פאַר־
טראָגן אין איר קיין דורכשניטלעכע זאַך, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט
צו איר און נישט צו די זכרונות פון זייער טייערער פאַרגאַנגענהייט.
ער האָט עס איר דערמאָנט; ער האָט איר דערמאָנט זייער ערשטע
באַגעגעניש, זייערע ערשטע צוזאַמען-פאַרבראַכטע טעג; ער האָט גע־
זאָגט, אַז דאָך האָט ער זי שטענדיק ליב און וועט זי שטענדיק ליב
האָבן. זאָל זי זיך נישט דערווייטערן פון אים! זי איז פאַר אים אַלץ...

אַדאַ האָט אים אויסגעהערט, שמייכלענדיק און צעטומלט, כמעט
גערירט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט גוטע אויגן, מיט אויגן, וואָס
זאָגן, אַז זיי האָבן ליב און אַז זיי בעטן זיך איבער. זיי האָבן זיך
צעקושט און זענען ווייטער געגאַנגען געאָרעמט אינם אויסגעטועטענעם
וואַלד. זי האָט געפונען, אַז קריסטאָף איז איידל און זי איז אים דאַנק־
באַר געווען פאַר די וואַרעמע ווערטער; אָבער די קאַפּריזן, וואָס זע־
נען איר אַלע ווײלע געקומען אין קאָפּ אַריין, האָט זי נישט אויפגע־
געבן. זי האָט זיך געוואַקלט און נישט געווען אַזוי עקשנותדיק. און
דאָך האָט זי געטון, וואָס זי האָט געוואָלט. פאַרוואָס? ווער קאָן עס
וויסן?... ווייל זי האָט פריער געטון אַ נדר, אַז זי וועט עס טון?...
ווער ווייסט? אפשר האָט זיך איר געדאַכט, אַז ס'איז פּיקאַנט אָפּצו
נאַרן יענעם טאָג דעם געליבטן, כדי אים צו ווייזן, כדי זיך אַליין צו
ווייזן איר פרייהייט. זי האָט נישט גערעכנט, אַז זי וועט אים פאַרו
לירן: זי האָט עס נישט געוואָלט. זי איז געווען אין אים זיכערער
ווי ווען-עס-איז.

זיי זענען צוגעקומען ביז צו אַ פליין אין וואַלד. צוויי וועגלעך
זענען זיך דאָ צעגאַנגען. קריסטאָף האָט זיך גענומען מיט איין וועג.
ער:עסט האָט געטענהט, אַז דער צווייטער וועג פירט גיכער צום
שפּיץ פון בערגל, וווּ זיי האָבן געוואָלט אַרויפגיין. אַדאַ האָט מיט אים
מסכּים געווען. קריסטאָף האָט גוט געקענט דעם וועג, ער איז דאָרט
אָפּט געגאַנגען; ער האָט זיך איינגעעקשנט, אַז זיי האָבן אַ טעות.

זיי האָבן נישט געוואָלט מודה זיין. דעמאָלט האָבן זיי באַשלאָסן צו פּרובירן, און זיך געוועט, ווער ס'וועט קומען פריער. אַדאַ איז אַוועק מיט ערנעסטן, מיראַ האָט באַגלייט קריסטאָפן; זי האָט אים כּלומרשט מודה געווען, אַז ער איז גערעכט; זי האָט צוגעגעבן: „ווי שטענדיק". קריסטאָף האָט גענומען דעם שפּיל זייער ערנסט, און אַזוי-ווי ער האָט נישט ליב געהאַט צו פאַרשפּילן, איז ער געגאַנגען גיך, צו גיך פאַר מיראַן, וואָס האָט זיך דווקא נישט געאיילט אַזוי שטאַרק:

— איל זיך נישט אַזוי, מיין פריינד, — האָט זי געזאָגט מיט אַן איראָנישן, שטילן טאָן, — מיר וועלן סיי-ווי-סיי קומען פריער, ווי זיי.

ער האָט איינגעהאַלטן דעם טריט:

— אמת, האָט ער געזאָגט, — איך גלויב, אַז איך גיי טאַקע אַביסל צו גיך: מיר האָבן אַזוי נישט אָפּגערעדט.

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעכער.

— אָבער איך קען זיי, — האָט ער ווייטער גערעדט — איך בין זיכער, אַז זיי לויפן, כּדי צו קומען פאַר אונז.

מיראַ האָט זיך צעלאַכט.

— אָבער ניין, ניין, קענסט זיין רויק.

זי האָט זיך אָנגעהאָנגען אָן זיין אָרעם און ענג צוגעדריקט זיך צו אים. אַביסל נידעריקער פון קריסטאָפן, האָט זי, גייענדיק, אויפגעהויבן צו אים אירע קלוגע, גלעטנדיקע אויגן. זי איז געווען באמת שיין און רייצנד. ער האָט זי קוים דערקענט, אַזוי האָט זי זיך געביטן. אין טאָג-טעגלעכן לעבן האָט זי געהאַט אַ בלייך, אָנגעבלאָזן פּנים; און דערנאָך איז גענוג געווען די מינדסטע אויפרעגונג, אַ פריילעכער געדאַנק, אַ פאַרלאַנג געפעלן צו ווערן, אַז דער סימן פון אַלטקייט זאָל פאַרשווינדן ווערן, אירע באַקן זאָלן זיך פאַררויטלען, די קנייטשן אַרום און אונטער אירע אויגן זאָלן אָפּגעווישט ווערן, דער בליק זאָל זיך אָנצינדן, און איר גאַנץ אויסזען זאָל באַקומען פרישקייט, לעבן, גייסט, — שטריכן, וואָס אַדאַ האָט נישט פאַרמאָגט. קריסטאָף איז געווען פאַרחידושט פון דער ענדערונג, ער האָט אָפּגעקערט פון איר די אויגן: ער איז געווען אַביסל צעטומלט, וואָס זיי זענען אַליין. ער האָט זיך געפילט עפּעס נישט באַקוועם; נישט געהערט וואָס זי רעדט, כּלל נישט געענטפערט, אָדער געענטפערט נישט צו דער זאַך; ער האָט געטראַכט — געוואָלט טראַכטן — נאָר וועגן אַדאַן. ער האָט גע-

סראַכט פון אירע גוטע אויגן, וואָס זי האָט נאָר-וואָס געהאַט, פ איר שמייכל, פון איר קושן; און זיין האַרץ איז פול געווען מיט ליַ-בע. מיראַ האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער שיינקייט פון די בוימער מיט זייערע קליינע, פיינע צווייגן און אויפן קלאָרן הימל... יאָ, אַלץ איז געווען שיין: דער וואָלקן איז צעגאַנגען, אַדאַ האָט זיך צו אים אומגעקערט, ס'איז אים געלונגען צו צעברעכן דעם אייז צווישן זיי; זיי האָבן זיך ווידער ליב באַקומען; צי נאָענט, צי ווייט איינער פון אַנדערן, האָבן זיי זיך שטענדיט געפילט איינס. ער האָט אָפּגע-זיפצט מיט דערלייכטערונג: ווי לייכט ס'איז די לופט! אַדאַ האָט זיך צו אים אומגעקערט... אַלץ האָט אים דערמאָנט אָן איר... ס'איז גע-וואָרן פייכטלעך: צי וועט זי זיך נישט פאַרקיקן?... די שיינע בוימער זענען געוואָרן באַדעקט מיט פראָסט-טוי: ס'אַראַ שאָד, וואָס זי זעט עס נישט.... נאָר ער האָט זיך דערמאָנט זייער געוועט און זיך צוגע-איילט; ער האָט זיך געדאגהט, טאָמער גייען זיי נישט גוט. ווען זיי זענען צוגעקומען צום ציל, האָט ער טריומפירט:

— מיר זענען די ערשטע!

ער האָט געפּאָכעט פריילעך מיטן הוט. מיר אַהאָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל.

דער פּלאַץ, וווּ זיי האָבן זיך געפינען, איז געווען אַ לאַנגער, משופּעדיקער פעלז צווישן די בוימער. דער פליין אויפן שפּיץ פון בערגל איז געווען אַרומגעפּאַסט מיט קוסטעס פון ניסביימער און מיט קליינע, איינגעקאָרטשעטע דעמבעס; פון דאַנען האָט מען געזען די וואַלדיקע בערגלעך, די שפּיצן פון די נאָדל-ביימער, וואָס זענען גע-ווען איינגעהילט אין אַ פּיאָלעטן נעפּל, און די לאַנגע סטענגעס פונם רהיין אינם בלוילעכן טאָל. מ'האָט נישט געהערט קיין פויגל-געשריי. קיין שטים קיין אָטעם. אַן אומבאַוועגלעכער, פון ווינטער געפּאַנגענער טאָג, וואָס דערפרוירן האָט ער זיך געוואַרעמט אין די בלייכע שטראַלן פון דער דרימלענדיקער זון. פון צייט צו צייט האָט אין דער ווייטן, אין טאָל, אַ צוג אַ קורצן פייף געטון. קריסטאָף איז געשטאַנען ביים פעלז-ראַנד, פאַרטיפט אין דער לאַנדשאַפט. מיראַ האָט באַטראַכט קריסטאָפן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו איר מיט אַ פריילעך פּנים.

— גוט אַזוי! די פוילע, כ'האָב זיי באַלד געזאָגט!... גוט, מ'מוז אויף זיי צוואַרטן...

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער נישט-גלאַטער ערד, אויף דער זון.

— נו, לאָמיר וואַרטן... — האָט געזאָגט מיראַ און אויסגעטון דעם הוט.

ס'איז געווען אין איר טאָן אַזוי פיל חוזק, אַז ער האָט זיך אויפגעהויבן און זי אָנגעקוקט.

— וואָס איז? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— כ'האָב געזאָגט: לאָמיר וואַרטן. דו האָסט אומזיסט מיך געיאָגט.

— ס'איז אמת.

זיי האָבן געוואַרט,ביידע אויסגעצויגן אויף דער פאַרפרוירענער ערד. מיראַ האָט געזונגען אַ ניגון. קריסטאָף האָט געפייפט עטלעכע שטעלן פון אַ מעלאָדיע. נאָר פלוצלינג האָט ער איבערגעריסן און אָנגעשטעלט דאָס אויער.

— מיר דאַכט זיך, אַז איך הער זיי.

מיראַ האָט נישט אויפגעהערט צו זינגען.

— בלייב שטיל אַ ווײַלע, גוט?

מיראַ האָט איבערגעריסן.

— ניין, ס'איז גאָרנישט.

זי האָט ווידער אָנגעהויבן איר ניגון.

קריסטאָף האָט נישט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט.

— זיי האָבן אפשר פאַרבלאָנדזעט?

— פאַרבלאָנדזעט? מ'קאָן דאָ נישט פאַרבלאָנדזען. ערנעסט קען אַלע וועגן.

אַ משונהדיקער איינפאַל איז אים געקומען אויפן רעיון:

— אפשר זענען זיי געקומען די ערשטע און אָפגעטראָגן זיך פון דאַנען, איידער מיר זענען געקומען!

אויסגעצויגן אויפן רוקן און קוקנדיק אויפן הימל, האָט מיראַ זיך פלוצלינג ווילד צעלאַכט אינמיטן זינגען; ס'האָט זי געשטיקט. קריסטאָף האָט זיך איינגעקשנט. ער האָט געוואָלט אַראָפלויפן צו דער סטאַציע, ווו די פריינד האָבן, לויט זיין מיינונג, געדאַרפט זיין. מיראַ האָט באַשלאָסן אַרויסצוקריכן פון איר פאַרגליווערטקייט.

— ס'איז דאָס בעסטע מיטל זיי אָנצוווערן!... מיר האָבן נישט

וועגן דער סטאַציע גאָרנישט געשמועסט. דאָ דאַרפן מיר זיך טרעפן.

ער האָט זיך געזעצט נעבן איר. זי האָט זיך געוויילט מיט זיין וואַרטן. ער האָט געפילט, אַז איר איראָנישער בליק דרינגט אים אַדורך. ער האָט אָנגעהויבן ערנסט צו ווערן אומרויק צוליב זיי: חושד געווען זיי האָט ער נישט. ער האָט זיך ווידער אויפגעהויבן. ער האָט געוואָלט גיין צוריק אין וואַלד, זוכן זיי, רופן זיי. מירא האָט לייכט געשמייכלט; זי האָט אַרויסגענומען פון טאַש אַ נאָדל, אַ שערעלע און פאָדים און גענומען רויק נייען און פאַרריכטן די פעדערן פון איר הוט: ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי איז דאָ געקומען אַהער אויף אַ גאַנצן טאָג.

— אָבער ניין, ניין, שוטה, — האָט זי געזאָגט — ווען זיי זאָלן וועלן קומען, גלויבסטו, זיי וואָלטן נישט געטראָפן אַליין?

ס׳האָט אים אַ שטאָך געטון אין האַרצן. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו איר: פאַרנומען מיט איר אַרבעט האָט זי אויף אים נישט געקוקט. ער האָט זיך דערנענטערט.

— מירא! — האָט ער געזאָגט.

— הא? — האָט זי געענטפערט און בשעת-מעשה נישט איבערגעריסן די אַרבעט.

ער האָט זיך געשטעלט אויף די קני, כדי זי בעסער צו זען.

— מירא! — האָט ער איבערגעחזרט.

— וואָס איז? — האָט זי געפרעגט; זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל — וואָס איז געשען?

זי האָט געשמייכלט, אָנקוקנדיק זיין דערשראָקן פנים.

— מירא! האָט ער געפרעגט, און אין האַלז האָט אים געשטיקט, — זאָג מיר, וואָס דו מיינסט...

זי האָט געהויבן מיט די אַקסלען, געשמייכלט און גענומען זיך ווידער צו דער אַרבעט.

ער האָט זי אָנגענומען פאַר די הענט און צוגענומען דאָס היטל, וואָס זי האָט גענייט:

— לאָז אָפּ, לאָז אָפּ און זאָג מיר...

זי האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין און געוואַרט. זי האָט געזען, אַז קריסטאָפס ליפּן ציטערן.

— דו מיינסט, — האָט ער שטיל געזאָגט — אַז ערנעסט און צדא?...

זי האָט געשמייכלט:

— אוודאי!

ער איז אויפגערעגט אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— ניין! ניין! ס'איז אוממעגלעך! דו מיינסט עס נישט!... ניין! ניין!

זי האָט אים אַרויפגעלעגט די הענט אויף זיינע אַקסלען און געקייכט פון געלעכטער.

— ווי נאַריש דו ביסט, ווי נאַריש, מיין טייערער!

ער האָט זי האַסטיק אַ טרייסל געטון:

— לאַך נישט! פאַרוואָס לאַכסטו? דו וואָלסט נישט געלאַכט, ווען דאָס איז אמת. דו האָסט ליב ערנעסטן...

זי האָט נישט אויפגעהערט צו לאַכן און צוציענדיק אים צו זיך, האָט זי אים אַ קוש געטון. ער האָט איר, קעגן זיין ווילן, אָפּגעגעבן אַ קוש. נאָר ווען ער האָט דערפילט אויף זיינע ליפּן אירע ליפּן, וואָס זענען נאָך הייס געווען פון זיין ברודערס קושן, האָט ער זיך אַ צי געטון אויף צוריק און אָפּגערוקט פון איר זיין קאָפּ; ער האָט געפרעגט:

— דו האָסט עס געוווּסט? ס'איז געווען אָפּגעשמועסט צווישן אייך?

זי האָט געענטפערט מיט אַ געלעכטער:

— יאָ.

קריסטאָף האָט נישט אויסגעשריען, נישט געמאַכט אפילו קיין באַוועגונג פון צאָרן. ער האָט אויפגעעפנט דאָס מויל, ווי ער וואָלט נישט געקאָנט אָטעמען, צוגעמאַכט די אויגן און צוגעדריקט מיט די הענט די ב־וסט: דאָס האַרץ האָט געהאַלטן ביים פּלאַצן. דערנאָך האָט ער זיך געלעגט אויף דר'ערד, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט און געפילט אַן אָנפאַל פון עקל און פאַרצווייפלונג, ווי אין די קינדער־יאָרן.

מיראַ, וואָס האָט בטבע נישט געהאַט קיין ווייך האַרץ, האָט דאָך רחמנות געקראָגן אויף אים; זי האָט צו אים געפילט, קעגן איר ווילן, אַ מוטערלעכע צערטלעכקייט; זי האָט זיך איינגעבויגן איבער אים, גערעדט צו אים וואַרעמע רייד, געוואָלט געבן אים צו אָטעמען אירע פאַרפומען. נאָר ער האָט זי אָפּגעשטויסן מיט שרעק און זיך אויפגעהויבן צוּוי האַסטיק, אַז זי האָט זיך דערשראָקן. ער האָט נישט

געהאַט קיין כּוח און נישט קיין חשק זיך נוקם צו זיין. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פּנים, וואָס איז געווען פאַרצערט פון ווייטיק.

געמיינע, — האָט ער איר געזאָגט, אַ צעבראָכענער,—דו ווייסט אַליין נישט, וואָס פאַר אַ ווייטיק דו האָסט מיר אָנגעטון...

זי האָט אים געוואָלט פאַרהאַלטן. ער איז אַנטלאָפן דורכן וואַלד, אויסגעשפּיגן מיט עקל אויף דער מיאוסקייט, אויף די בלאָ־טיקע נשמות, אויף דעם העסלעכן שותפות, אין וועלכן מ׳האָט אים געוואָלט אַריינציען. ער האָט געוויינט, געציטערט, געכליפּעט פון עקל, ער האָט מורא געהאַט פאַר איר, פאַר אַלעמען, פאַר זיך אַליין, פאַר זיין גוף און פאַר זיין האַרץ. אַ שטורם פון פאַראַכטונג האָט זיך אין אים אויפגעוועקט: זינט אַ צייט האָט זיך עס אין אים גע־גרייט; פריער אָדער שפּעטער, ס׳האָט געמוזט קומען די רעאַקציע קעגן דער געמיינהייט פון די געדאַנקען, קעגן די מגוולדיקע פּשרות, קעגן דער מיאוסער, פאַרסמטער אַטמאָספער, אין וועלכער ער האָט זינט עטלעכע חדשים געלעבט; נאָר דער פאַרלאַנג ליב צו האָבן, דער חשק זיך צו נאַרן בנוגע דער געליבטער, האָבן אָפּגעשלעפּט דעם אויסברוך, ווי לאַנג ס׳האָט זיך געלאָזט, עס איז געקומען פּלוצלינג, מיטאַמאָל: און ס׳איז בעסער אַזוי. אַ גרויסער ווינט האָט אויסגעריי־ניקט, אַן אייזיקער שטורם האָט אָפּגערוימט דאָס מיסט. דער עקל האָט מיט איין קלאַפּ געטויט אין אים די ליבע צו אַדאַן.

אויב אַדאַ האָט געגלויבט, אַז די דאָזיקע מעשה וועט באַפע־סטיקן איר שליטה איבער קריסטאָפן, האָט עס באַוויזן — אַן איבעריק מאָל — אויף איר גראָבער טפּשות. די אייפערזוכט, וואָס בינדט די שמוציקע הערצער, קאָן נאָר צעבונטעווען אַ יונגע, שטאָלצע און ריינע נאַטור, ווי קריסטאָפס. ער האָט איר אָבער נישט מוחל געווען און וואָלט איר קיינמאָל אין לעבן נישט מוחל געווען, וואָס דער דאָ־זיקער פאַרראַט איז נישט געווען ביי אַדאַן קיין ליידנשאַפט, אפילו נישט איינער פון אירע זינלאָזע, נישטיקע קאַפּריזן, וואָס זענען אָצט זייער שטאַרק און וואָס די פּרוי קאָן קוים מיט צרות גובר זיין. ניין, — ער האָט עס איצט פאַרשטאַנען — ס׳איז געווען ביי איר אַ פאַרבאָרגענער פאַרלאַנג אים צו דערנידעריקן, אַראָפּצושטויסן, צו שטראָפן זיין מאָראַלישע תּמימות, זיין גלויבן וואָס איז איר פרעמד, אַראָפּצושטויסן אים ביזן ניוואָ פון המון, צו וואַרפן אים צו אירע פיס, צו ווייזן פאַר זיך אַליין די בייזוויליקע אייגענע קראַפט. און

מיט שרעק האָט ער געפרעגט ביי זיך: פון וואַנען נעמט זיך אָט דער פאַרלאַנג, וואָס מ'טרעפט ביי ס'רוב מענטשן, דער פאַרלאַנג צו פאַר־שמוציקן אַלץ, וואָס איז אין זיך אָדער אין יענעם ריין, — פון וואַנען נעמען זיך אָט די חזירישע נשמות, וואָס האָבן הנאה צו וואַלגערן זיך אין מיסט, וואָס זענען גליקלעך, ווען אויף זייער קערפּער בלייבט נישט קיין איין ריינער אָרט!...

אַדאַ האָט געוואַרט צוויי טעג אויף קריסטאָפס קומען. דערנאָך האָט זי גענומען ווערן אומרויק און אַרויסגעשיקט צו אים אַ צערט־לענדיק צעטעלע, ווי זי האָט נישט געמיינט קיין שום אָנצוהערע־ניש וועגן דעם, וואָס איז געשען. קריסטאָף האָט אפילו נישט געענט־פערט. ער האָט פיינט געהאַט אַדאַן מיט אַזאַ טיפער שנאה, אַז ער האָט שוין נישט געהאַט קיין ווערטער עס אויסצודריקן. ער האָט זי אויסגעמעקט פון זיין לעבן, זי האָט פאַר אים מער נישט עקסיסטירט.

קריסטאָף האָט זיך באַפרייט פון אַדאַן, אָבער נישט פון זיך אַליין. אומזיסט האָט ער זיך באַמיט אָפּצונאַרן זיך און צוריק צו גע־ווינען זיין פעסטע אַמאָליקע רו. מ'קערט זיך נישט אום צו דער פאַרגאַנגענהייט. מ'דאַרף גיין ווייטער דעם וועג; און ס'העלפט נישט, וואָס מ'קוקט זיך אַרום הינטער זיך. מ'זעט נאָר די ערטער, ווו מ'האָט פאַרבראַכט, די ווייטע קוימענס פונם דאַך, וואָס אונטער אים איז מען געשלאָפן, פאַרשווונדן אינם האָריזאָנט, אין דעם נעפּל פון זכרונות. אָבער קיין זאַך דערווייטערט אונז נישט אַזוי שטאַרק פון אונזערע אַלטע נשמות, ווי עטלעכע חדשים פון ליידנשאַפט. דער וועג בויגט זיך פלוצלינג אויס, די ליידנשאַפט בייט זיך; עס דאַכט זיך, אַז מ'זאָגט דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז געבליבן הינטער אונז, צום לעצטן מאָל: „אַדיע".

קריסטאָף האָט נישט געקענט שלום מאַכן דערמיט. ער האָט אויסגעצויגן די אָרעמס צו דער פאַרגאַנגענהייט; ער האָט זיך איינ־געעקשנט, אויפצולעבן אין זיך די נשמה פון אַמאָל, די איינזאַמע און הכנעהדיקע. אָבער זי האָט שוין מער נישט עקסיסטירט. די ליידנ־שאַפט גופא איז ווייניקער געפערלעך, ווי די חורבות, וואָס זי שאַפט

אַרום זיך. אומזיסט האָט קריסטאָף אויפגעהערט ליב צו האָבן, אומזיסט האָט ער — אויף אַ ווײלע — געפילט פאַראַכטונג צו ליבע: ער איז געווען צעריסן פון אירע נעגל; אין האַרצן האָט ער געהאַט אַ חלם, וואָס מ'האָט געדאַרפט אָנפולן. אַזוי־ווי ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקן באַגער צו צערטלעכקייט און תענוג, אַ באַגער, וואָס פאַרברענט יעדן מענטשן, וועלכער האָט פון אים אַמאָל פאַרזוכט, — האָט ער געמוזט האָבן אַן אַנדערע ליידנשאַפט, אַ פאַרקערטע: די ליידנשאַפט פון פאַראַכטונג, פון גאווהדיקער ריינקייט, פון גלויבן אין צניעות. — זיי האָבן נישט געקלעקט, נישט גענוג געווען צו שטילן זיין הונגער: זיי זענען געווען נאָר אַ שפּייז אויף אַ רגע. זיין לעבן איז געווען אַ קייט פון האַסטיקע רעאַקציעס, — שפּרונגען פון איין עקסטרעם צום צווייטן. אָט האָט ער געוואָלט אונטערוואַרפן זיין לעבן די געזעצן פון אוממענטשלעכע גזירות; ער האָט נישט געגעסן, געטרונקען נאָר וואַסער, געפּייניקט דעם גוף מיט גיין אַ סך, זיך געמאַטערט מיט שלאָפלאָזע נעכט און אָפּגעזאָגט זיך פון יעדער הנאה. און אָט האָט ער געזאָגט צו זיך, אַז די קראַפט איז די אמתע מאָראַל ביי מענטשן פון זיין מין; און ער האָט זיי איבערגעגעבן די תענוגים פון חיי־שעה. אָבער סיי אין ערשטן, סיי אין צווייטן פאַל איז ער געווען אומגליקלעך, ער האָט נישט געקענט מער בלייבן איינזאַם. ער האָט אָבער אויך נישט געקענט זיין נישט־איינזאַם.

די איינציקע ישועה פאַר אים וואָלט געווען צו געפינען אַ פריינד, — אפשר ראָזען: ער וואָלט ביי איר געפונען רו. אָבער דער סכסוך צווישן די צוויי משפחות איז געווען צו שטאַרק. זיי האָבן זיך מער נישט געטראָפן. איין איינציק מאָל האָט קריסטאָף באַגעגנט ראָזען. זי איז אַרויס פון דער מעסע־תפילה. ער האָט זיך געוואַקלט, צי זאָל ער צוגיין; און זי, פון איר זייט, האָט געמאַכט, דערזעענדיק אים, אַ באַוועגונג צו גיין אים אַנטקעגן; נאָר ווען ער האָט געוואָלט צו איר צוגיין דורכן גרויסן עולם גלויביקע, וואָס איז אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, האָט זי אָפּגעקערט די אויגן; און ווען ער איז צוגעקומען נאָענט צו איר, האָט זי אים קאַלט באַגריסט — און איז אַוועק ווייטער. ער האָט געפילט אין האַרצן פונם מיידל אַ שטאַרקע, פאַרגליווערטע פאַראַכטונג. און ער האָט נישט געפילט, אַז זי האָט אים נאָך אַלץ ליב און אַז זי וואָלט עס אים גערן געזאָגט; נאָר זי האָט זיך דערפאַר געמאַכט פאָרווורפן, ווי פאַר אַן עבירה און נאַרישקייט;

זי האָט געהאַלטן קריסטאָפּן פּאַר אַ שלעכטן און פאַרבאָרגענעם און בעפילט, אַז ער איז פון איר פיל ווייטער, ווי אַמאָל. אָט אַזוי זענען זיי איינער פאַרן אַנדערן פאַרלוירן געגאַנגען אויף אייביק. נישט געקוקט אויף איר גוטסקייט, איז זי דאָך נישט געווען גענוג לעבע־דיק, אים צו פאַרשטיין. נישט געקוקט ווידער אויף זיין פאַרלאַנג צו ליבע און וואַרעמקייט, וואָלט ער זיך דאָך געשטיקט אין אַ דורכ־שניטלעך און פאַרשלאָסן לעבן, אָן פרייד, אָןליידן און אָן לופט. זיי וואָלטן ביידע געליטן. זיי וואָלטן ביידע געליטן, וואָס זיי טוען זיך אָן צרות. דאָס שלעכטע מזל, וואָס האָט זיי צעשיידט, האָט זיי סוף־כל־סוף געטון אַ טובה, ווי עס טרעפט אָפט,—ווי עס טרעפט שטענ־דיק — ביי די, וואָס זענען שטאַרק און האַלטן אויס.

נאָר אין דעם אויגנבליק איז עס געווען פאַר זיי אַ גרויסער שאָד און אַ גרויס אומגליק. דער עיקר פאַר קריסטאָפן. די אומטאָ־לעראַנץ פון דער צניעות, די ענגקייט פון דער נשמה, וואָס האָט, ווי ס'זעט אויס, נישט איינמאָל צוגערויבט דעם שכל ביי די, וואָס זענען געווען די קליגסטע, און די גוטסקייט ביי די, וואָס זענען געווען די בעסטע,—אָט די ענגקייט האָט אים אויפגערעגט, ווייַ געטון און גע־וואָרפן—מיט דער קראַפט פון ווידערשפּרוכן—אין אַ פרייערן לעבן.

אין משך פון זיין אַרומלויפן מיט אַדאַן איבער פאַרדעכטיקע ערטער פון דער געגנט, האָט ער זיך באַקענט מיט עטלעכע ווילע יונגעלייט, — באָהעמע־מענטשן, וואָס זייער זאָרגלאָזיקייט און פרייער אופן פון לעבן זענען אים געווען צום האַרצן. איינער פון זיי, פריד־מאַן, אַ מוזיקער ווי ער, אַ דרייסיק־יעריקער אָרגאַניסט, איז געווען גאַנץ קלוג, האָט גוט געקענט זיין פאַך, נאָר ער איז געווען אַ פוילער, מ'האָט אים דערפון נישט געקאָנט אויסהיילן, און אָנשטאָט צו מאַכן די מינדסטע אָנשטרענגונג אַרויסצורייסן זיך פון זיין דורכשניטלעכ־קייט, איז ער גרייט געווען בעסער צו שטאַרבן פון הונגער און אפשר אַפילו פון דורשט. ער האָט זיך געטרייסט אין זיין פוילקייט דערמיט, וואָס ער פלעגט אַלץ אייסרעדן אויף אַלע טעטיקע מענטשן; און זיינע שפּאַסן, אַגב, זייער שווערע, פלעגן אַרויסרופן אַ געלעכטער. זייענדיק פרייער פון זיינע פאַך־קאָלעגן, האָט ער נישט מורא גע־האַט, — הגם מיט אַביסעלע פּחדנות, וווּנקן און אָנצוהערענישן, — אָנצורירן דעם כבוד פון די געזעצטע מענטשן; ער איז אַפילו געווען מסוגל צו האָבן אין מוזיק־ענינים אַן אַנדערע מיינונג, ווי די סקאַרבאָ־

ווע, און אָנצוגרייפן שאַרף די גרויסע מענטשן און טאָג-באַרימטקייטן, וועלכע האָבן, לויט זיין מיינונג, די גדולה נישט פאַרדינט. פרויען האָבן אויך נישט נושא חן געווען אין זיינע אויגן; רעדנדיק וועגן פרויען האָט ער ליב געהאַט אין שפּאַס צו דערמאָנען אַן אַלט ווערטל פון אַ מאָנאַך, אַ פרויען-קעגנער, וואָס איז קריסטאָפן אין יענער צייט געווען נענטער, ווי ווען עס איז:

„Femina mors animae"

(די פרוי איז אַ טויט פאַר דער נשמה)

אין זיין פאַרלוירנקייט, האָט קריסטאָף געפונען אַ געוויסע הנאה צו שמועסן מיט פרידמאַנען. ער האָט געוווּסט זיינע חסרונות, און לאַנג וואָלט אים נישט געקאָנט געפעלן ווערן זיין פשוטע גראָבקייט: דער חוזק-טאָן און דער שטענדיקער ביטול האָט איינגיכן קריסטאָפן בײַנומען אויפרעגן, ער האָט געפילט זיין אומבאַהאָלפנקייט; אָבער דאָך האָט ער געפילט אַ געוויסע דערלייכטערונג אין דער גזעלשאַפט פון די פיליסטער. ער האָט געפילט אַ פאַראַכטונג צו זיין חבר און דאָך נישט געקאָנט זיך מיט אים שיידן. מ'פלעגט זיי שטענדיק טרעפן צו־זאַמען, אין אַ געזעלשאַפט פון יורדים און פינסטערע פאַרשווינען פון פרידמאַנס חברה, וואָס האָבן געהאַט נאָך אַ קלענערן ווערט, ווי פריד־מאַן. זיי האָבן געשפּילט, געפּלוידערט און גאַנצע אָוונטן געשיכורט. קריסטאָף האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט אין אַ ריח פון עקלדיקן ווורשט און טאַבאַק; ער האָט אָנגעקוקט די מענטשן אַרום זיך מיט בלאָנדזענדיקע אויגן: ער האָט זיי נישט דערקענט; ער האָט גע־טראַכט מיט שרעק:

— ווו בין איך? ווער זענען די מענטשן? וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך מיט זיי?

זייערע ווערטער און געלעכטערס האָבן דערוועקט אין אים עקל. נאָר ער האָט קיין כּוח נישט געהאַט צו פאַרלאָזן זיי: ער האָט מורא געהאַט צו גיין צוריק אַהיים, צו געפינען זיך ווידער איינזאַם, פּנים אל פּנים מיט זיין נשמה, מיט זיין בענקשאַפט און חרטה. ער איז געזונקען, ער האָט געוווּסט, אַז ער זינקט אַראָפּ; ער האָט געזוכט, — אין פרידמאַנען האָט ער געזען, מיט אַן אכזריותדיקער קלאָרקייט, דאָס בילד פונם יורד, וואָס ער וועט סוף כּל סוף אַליין ווערן; און ער האָט דורכגעמאַכט אַ פּאַזע פון אַזאַ מוטלאָזיקייט, אַז אָנשטאָט זיך אויפ־צוכאַפּן און צו אַנטלויפן פון דער געפאַר, איז ער נאָך טיפער געזונקען.

ער וואָלט באמת פאַרדאָרבן געוואָרן, ווען ער וואָלט נאָר גע־קאָנט. צום גליק, האָט ער פאַרמאָגט, ווי אַלע מענטשן פון זיין מין, אַ שטיק־קראַפט און אַ ווידערשטאַנד קעגן דעם חורבן, וואָס אַנדערע האָבן עס נישט פאַרמאָגט: ראשית, זיין כוח, זיין לעבנס־אינסטינקט, וואָס האָט אים אָפּגעהיט נישט אונטערצוגיין, וואָס איז געווען קליגער פון זיין חכמה, שטאַרקער פון זיין ווילן. ער האָט אויך, אָן זיין איי־גענעם וויסן, פאַרמאָגט אַ משונהדיקן נייגיר פון אַ קינסטלער, די ליידנשאַפטלעכע אָביעקטיוויקייט, וואָס יעדער באמת־באַגאַבטער שעפער טראָגט אין זיך. הגם ער האָט ליב געהאַט, געליטן, זיך איבערגעגעבן אינגאַנצן זיינע ליידנשאַפטן, — האָט ער זיי דאָך געזען. זיי זענען געווען אין אים; זיי זענען אָבער נישט געווען — ער. מיליאָנען קליינע נשמהלעך האָבן אים טונקל געשלעפּט צו אַ פאַרבאָרגענעם, אומבאַקאַנטן און דאָך באַשטימטן ציל: פונקט ווי די וועלט פון פּלאַנעטן ווערט איינגעשלונגען אין רוים פון אַ מיסטעריעזן חלל. אָט דער איי־ביקער צושטאַנד פון דאָפּלטקייט, אין וועלכן ער האָט זיך, אָן זיין וויסן, געפונען, פלעגט זיך בולט באַווייזן קודם־כל אין שווינדלענדיקע מאָמענטן, ווו דאָס געוועגלעכע לעבן האָט געדרימלט, אָדער ווו פון די תהומות פון שלאָף האָט אַרויסגעטויכט דער בליק פונם ספינקס, דאָס טויזנט־פאַכיקע פּנים פון דעם זיין. זינט אַ יאָר איז קריסטאָף דער עיקר באַהערשט געווען פון נאַכט־חלומות, ווו, אין דער אייגענער רגע האָט ער קלאָר געפילט, מיט אַן אַבסאָלוטער אילוזיע, אַז ער באַ־שטייט, אין איין און דער זעלבער צייט, פון טויזנטער פאַרשידענע ברואים, אָפט ווייטע פון זיך, אָפּגעזונדערט מיט גאַנצע וועלטן, מיט יאָרהונדערטער. אינם צושטאַנד פון דערוואַכונג האָט קריסטאָף קוים געדענקט דעם שווערן איינדרוק פון די דמיונות און ער האָט זיך נישט דערמאָנט די סיבות, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן. ס'איז געווען, ווי די מידקייט פון אַ פאַרשווונדענער אידעע־פיקס, וואָס איר שפור איז קענטיק, אָבער מ'קאָן זי נישט פאַרשטיין. נאָר בעת זיין נשמה האָט מיט ווייטיק געצאַפּלט אין נעץ פון די טעג, איז אַ צווייטע נשמה געזעסן אין אים, וואָס האָט אויפמערקזאַם און ערנסט זיך צו־געקוקט צו זיינע פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען. ער האָט זי נישט גע־זען; נאָר זי האָט געוואָרפן אויף אים אַ גלאַנץ פון איר באַהאַלטענער שיין. אָט די נשמה איז געווען דורשטיק און גליקלעך אַלץ צו זען, אַלץ צו פילן, אַלץ צו ליידן, צו באַטראַכטן און צו פאַרשטיין די

מענטשן, די פרויען, די ערד, די פאַרלאַנגען, די ליידנשאַפטן, די גע-דאַנקען, אפילו די פיינלעכע, אפילו די דורכשניטלעכע און אפילו די בידעריקסטע; — און ס'איז געווען גענוג, די צווייטע נשמה זאָל אָפּ-טיילן פון זיך אַ ביסעלע ליכט אויף אים. — קריסטאָף זאָל ווערן גע-ראַטעוועט פונם תהום. זי האָט אים געלאָזט פילן, — ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי, — אַז ער איז נישט איננאַנצן איינזאַם. אָט די לי-בע, אַלץ צו זיין און אַלץ צו פאַרשטיין, האָט אים געגעבן אין האַנט אַ געווער קעגן די צעשטערנדיקע ליידנשאַפטן.

אויב זי האָט אים געהאָלפן אויפצוהאַלטן דעם קאָפּ אויף דער איבערפלאַך פון וואַסער, האָט זי אים אָבער נישט געהאָלפן אַרויסצו-ראַטעווען זיך אַליין מיט אייגענע כּוחות. ער האָט נישט געקאָנט אַריינקוקן קלאָר אין זיך, האָבן אויף זיך אַ שליטה און זיך צונויפנע-מען. אַרבעטן איז געווען פאַר אים אַן אוממעגלעכע זאַך. ער האָט דורכגעמאַכט אַ גייסטיקן קריזיס, דעם פּרוֹטבּאַרסטן אין זיין לעבן: — זיין גאַנץ צוקונפטיק לעבן איז געלעגן אין דעם, ווי אַ קערן; — אָבער די אינערלעכע רייכקייט האָט זיך אויסגעדריקט צייטווייליק אין משוגעהדיקע מעשים; און די געוויינלעכע רעזולטאַטן פון אַזאַ כּוחות-איבערפלוס האָט זיך דערווייל נישט אונטערגעשיידט פון דער פולער אומפּרוֹטבּאַרקייט. קריסטאָף איז געווען פאַרפלייצט פונם לעבן. זיינע כּוחות זענען געשטיגן מיט אַ מוראדיקער שנעלקייט אַלע צוזאַמען, מיט איין מאָל. נאָר זיין ווילן אַליין איז געוואַקסן זייער פּאַמעלעך, ס'האָט אים געשראָקן די אימה פון די נאַכט-דמיונות. די פּערזענלעכ-קייט דאָט געהאַלטן ביים צעפאַלן זיך פון אַלע זייטן. אָט די ערד-ציטערניש, אָט די אינערלעכע איבערקערעניש האָבן די פרעמדע מענטשן נישט געזען. אפילו קריסטאָף גופא האָט געזען בלויז זיין אוממאַכט עפּעס צו ווען, עפּעס צו שאַפן, עפּעס צו זיין. פאַרלאַנגען, אינסטינקטן, געדאַנקען זענען אַרויסגעשוומען איינער נאָך דעם אַנדע-רן, ווי שוועבל-וואָלקנס פון ווולקאַן-שפּאַלטן; און ער האָט ביי זיך שטענדיק געפרעגט:

— און איצט, וואָס וועט זיין פון מיר? וואָס וועט זיין מיט מיר? צי וועט אייביק זיין אַזוי, אָדער ס'וועט נעמען אַ סוף: צי וועט קיינמאָל פון מיר גאָרנישט אַרויסקומען?

און אָט דעמאָלט זענען אַרויסגעשוומען די אינסטינקטן, וואָס

ער האָט געירשנט פון טאַטן, די תאווה, וואָס זענען צו אים אַריבער פון די פאַרגאַנגענע דורות.

ער האָט גענומען שיכּורן.

אַ דערשלאָגענער פלעגט ער זיך אומקערן אַהיים מיט אַ ווילדן געלעכטער. ס׳האָט זיך געטראָגן פון אים דער ריח פון וויין.

די אָרעמע לואיזע האָט געקוקט אויף אים, געזיפצט, נישט גע־רעדט קיין וואָרט און נאָר גאָט געבעטן.

נאָר איינמאָל אין אָוונט, ווען ער איז אַרויס פון אַ קאַבאַרעט, ביי די טויערן פון שטאָט, האָט ער באַמערקט אויפן וועג, עטלעכע טריט פאַר זיך, דעם משונהדיקן שאָטן פון פעטער גאָטפריד מיט אַ פעקל אויף די פּלייצעס. זינט לאַנגע חדשים איז דאָס קליינע מענטשע־לע שוין נישט געווען אין שטאָט, און זיינע באַזוכן זענען געוואָרן וואָס ווייטער, אַלץ זעלטענער. גליקלעך פון דעם באַגעגעניש, האָט אים קריסטאָף אַ רוף געטון. גאָטפריד, געבויגן אונטער זיין משא, האָט זיך אומגעקוקט; ער האָט דערזען קריסטאָפן, וואָס האָט געמאַכט מאָד־נע גרימאַסן, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן ביי אַ מייל־שטיין. קריסטאָף האָט זיך דערנענטערט מיט אַ פריילעך פּנים, געמאַכט בשעת־מעשה משוגענע האַוואַיעס. ער האָט געדריקט דעם פעטערס האַנט מיט אַן איבערגעטריבענער ליבשאַפט. גאָטפריד האָט אים לאַנג אָנגע־קוקט און דערנאָך געזאָגט:

— גוט מאָרגן, מעלכיאָר.

קריסטאָף האָט געמיינט, אַז דער פעטער איז זיך טועה, און ער האָט זיך צעלאַכט.

— דער אָרעמער מענטש איז שוין גאָר אַן עובר־בטל, — האָט ער געטראַכט — ער פאַרלירט דעם זכרון.

גאָטפריד האָט באמת אויסגעזען שטאַרק פאַרעלטערט, איינגעש־שרומפּן, צעקנייטשט, איינגעבויגן; ער האָט געאָטעמט מיט אַ שווערן, קורצן אָטעם. קריסטאָף האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן. גאָטפריד האָט ווידער גענומען דעם פּאַק אויף די פּלייצעס און שווייגנדיק גע־נומען גיין ווייטער. זייט ביי זייט זענען זיי געגאַנגען אַהיים. קרי־

סטאָף האָט געמאַכט מיט די הענט און גערעדט אויפן גאַנצן קול; גאָטפריד האָט לייכט געהוסט און געשוויגן. און ווען קריסטאָף האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט אים גאָטפריד ווידער גערופן „מעלכיאָר“. דאָסמאָל האָט אים קריסטאָף געפרעגט:

— וואָס הייסט עס? וואָס רופסטו מיך עפּעס מעלכיאָר? איך הייס קריסטאָף, דו ווייסט עס גאַנץ גוט. האָסטו פאַרגעסן מיין נאָמען?

גאָטפריד איז נישט געבליבן שטיין, ער האָט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן, אים אָנגעקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און קאַלט געזאָגט:

— ניין, דו ביסט מעלכיאָר, איך דערקען דיך זייער גוט.

קריסטאָף איז איבערראַשט געבליבן שטיין. גאָטפריד האָט גע־שפּרייזט ווייטער, קריסטאָף איז אים נאָכגעגאַנגען, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. ער איז געוואָרן אויסגעניכטערט. פאַרבייגייענדיק נעבן דער טיר פון אַ קאַפע, האָט ער אַ קוק געטון אינם אומעטיקן שפּיגל, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן די גאַז־לאָמפּן פון אַריינגאַנג און די פּוסטע טרעפּ; ער האָט זיך אָנגעקוקט: ער האָט באמת דערזען מעל־כיאָרן. אַ געקרענקטער איז ער געגאַנגען אַהיים.

ער האָט פאַרבראַכט די נאַכט, — אַ נאַכט פון שרעק — אין אָן אַ שיעור שאלות, אין גריבלעניש אין דער נשמה. איצט האָט ער פאַרשטאַנען. יאָ, ער האָט דערקענט די אינסטינקטן און תאוות, וואָס האָבן זיך אין אים דערוועקט; זיי האָבן אים געשראָקן. ער האָט גע־טראַכט וועגן דער טרויעריקער וואַך, נאָך מעלכיאָרס טויט. וועגן דעם נדר, וואָס ער האָט דעמאָלט געטון, און ער האָט דורכגעפירט פאַר זיינע אויגן דאָס בילד פון זיין לעבן — ער האָט זיינע נדרים פאַרראַטן. וואָס האָט ער געטון אין משך פון אַ גאַנץ יאָר? וואָס האָט ער געטון פאַר זיין גאָט, פאַר זיין קונסט, פאַר זיין נשמה? וואָס האָט ער געטון פאַר זיין אייביקייט? נישט געווען קיין איין טאָג, וואָס זאָל נישט אַוועק לאיבוד, וואָס זאָל נישט ווערן באַשמוצט און פאַרמיאוסט. קיין איין ווערק, קיין איין געדאַנק, קיין איין שטאַרקע אָנשטרענגונג. אַ כאַאָס פון פאַרלאַנגען, וואָס איינער דעם אַנדערן האָבן חרוב געמאַכט.ווינט, שטויב, גאָרנישט... וואָס האָט אים גע־

האָלפֿן זיין ווילן? ער האָט נישט געטון קיין איין זאַך, וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט געטון דווקא פֿאַרקערט, קעגן זיין ווילן. עד איז געוואָרן דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט ווערן: אָט איז דער סך־הכּל פֿון זיין לעבן.

ער האָט זיך נישט געלעגט שלאָפֿן. אַרום זעקס אַ זייגער פֿאַר־טאָג (ס'איז נאָך געווען פֿינסטער), האָט ער דערהערט, ווי גאָטפֿריד גרייט זיך אַוועקצוגיין, — גאָטפֿריד האָט נישט געוואָלט לענגער בּלייבּן. פֿאַרבּייגייענדיק די שטאָט, איז ער געקומען, לויט זיין שטייגער, אַ קוש טון זיין שוועסטער און איר זון: נאָר ער האָט גלייך דערקלערט, אַז צומאָרגנס אינדערפֿרי לאָזט ער זיך ווידער אין וועג.

קריסטאָף איז אַראָפּגעגאַנגען. גאָטפֿריד האָט געזען זיין בּלאַס פּנים, אויסגעמאַטערט פֿון די יסורים און דער נאַכט, האָט ער צו אים געשמייכלט און געפֿרעגט, צי וויל ער אים אַ בּיסל בּאַגלייטן. זיי זענען אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען, פֿאַרן בּאַגינען. זיי האָבּן נישט בּאַדאַרפֿט רעדן: זיי האָבּן זיך פֿאַרשטאַנען. פֿאַרבּייגייענדיק דעם בּית־עולם, האָט זיך גאָטפֿריד אָנגערופֿן:

— לאָמיר אַריינגיין, ווילסט?

ווען ער פֿלעגט קומען אין שטאָט, האָט ער קיינמאָל נישט פֿאַרפֿעלט צו בּאַזוכן זשאַן־מישעלן און מעלכיאָרן. קריסטאָף איז דאָרט אַ גאַנץ יאָר נישט געווען. גאָטפֿריד האָט געקניט פֿאַר מעלכיאָרס קבר און געזאָגט:

— לאָמיר תּפֿילה טון, זיי זאָלן רויִק שלאָפֿן און אונז נישט פּייניקן.

זיין געדאַנק איז געווען אַ געמיש פֿון משונהדיקע פֿאָראורטיילן און קלאָרן שכל: ער האָט קריסטאָפֿן טיילמאָל איבּעררַאשט; אָבּער דאָס מאָל האָט קריסטאָף זייער גוט עס פֿאַרשטאַנען. מער האָבּן זיי צווישן זיך נישט גערעדט, בּיז זיי זענען אַרויס פֿון בּית־עולם.

ווען דער קרעכצנדיקער טויער האָט זיך פֿאַרמאַכט הינטער זיי, זענען זיי ווייטער געגאַנגען לענג־אויס דער מויער, צווישן פֿאַרפֿרוי־רענע, דערוואַכנדיקע פֿעלדער, דורך אַ וועגל, וואָס האָט זיך געצויגן אונטער די קבֿרים־ציפּריסן, פֿון וועלכע ס'האָט געטריפֿט דער צעגייענ־דיקער שניי. קריסטאָף האָט זיך פּלוצלינג צעוויינט:

— אוי, פֿעטער! — האָט ער געזאָגט — ווי אומגליקלעך איך בּין!

ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו דערציילן זיין ליבע-פּאַסי-רונג, צוליב עפּעס אַ מאָדנער מורא, נישט צו פאַרשעמען אָדער באַ-ליידיקן דעם פעטער; נאָר ער האָט דערציילט פון זיין חרפה, פון זיין דורכשניטלעכקייט פון זיין קליינלעכקייט און פון די נדרים, וואָס ער האָט עובר געווען.

— פעטער, וואָס זאָל איך טון? כ׳האָב געשטרעבט, זיך געראַנגלט; און נאָך אַ גאַנץ יאָר בין איך דער זעלבער, וואָס פריער. ניין! כ׳בין געגאַנגען אויף צוריק. איך טויג נישט צו גאָרנישט, איך טויג נישט צו קיין שום זאַך! כ׳האָב פאַרלוירן מיין לעבן, כ׳האָב זיך אַליין פאַר-ראַטן!...

זיי זענען אַרויף אויף אַ בערגל איבער דער שטאָט. גאָטפריד האָט זיך אָנגערופן מיט גוטסקייט:

— ס׳איז נישט דאָס לעצטע מאָל, מיין קינד. מען טוט נישט דאָס, וואָס מ׳וויל. ווילן און לעבן — דאָס זענען צוויי באַזונדערע זאַכן. מ׳דאַרף זיך טרייסטן. דער עיקר, זעסטו, דאַרף מען נישט מיד ווערן צו ווילן און צו לעבן. דאָס איבעריקע ווענדט זיך נישט אָן אונז.

קריסטאָף האָט איבערגעחזרט מיט פאַרצווייפלונג:

— כ׳האָב זיך אַליין פאַרראַטן.

— הערסט? — האָט גאָטפריד געזאָגט.

(די הענער האָבן געקרייט אין די פעלדער)

— אָט אַזוי האָבן זיי אויך געקרייט פאַר אַנדערע, וואָס האָבן זיך פאַרראַטן. זיי זאָגן אָן פאַר יעדן איינעם פון אונז דעם טאָג.

— ס׳וועט קומען אַ טאָג, — האָט קריסטאָף מיט פאַרביטערונג געזאָגט — ווען זיי וועלן שוין מער נישט קרייען פאַר מיר... אַ טאָג אָן אַ מאָרגן. וואָס וועט דעמאָלט ווערן פון מיין לעבן?

— ס׳איז שטענדיק דאָ אַ מאָרגן, — האָט גאָטפריד געענטפערט.

— אָבער וואָס זאָל מען טון, ווען דער ווילן העלפט נישט?

— זיי וואַך און טו תפילה.

— איך גלויב נישט.

גאָטפריד האָט געשמייכלט:

— דו וואָלסט נישט געלעבט, ווען דו גלויבסט נישט. יעדער מענטש גלויבט. טו תפילה.

— וואָס זאָל איך תפילה טון?

גאָטפריד האָט אים אָנגעוויזן די זון, וואָס איז רויט און פאַר־פרוירן אויפגעגאַנגען אין האָריזאָנט:

— זיי פרום פאַרן טאָג, וואָס קומט אָן. טראַכט נישט, וואָס ס'וועט זיין אין אַ יאָר אַרום, אין צען יאָר אַרום. טראַכט וועגן היינט. לאָז אָפּ דיינע שיטות. אַלע שיטות, פאַרשטייסטו, אפילו די טעאָריעס פון צניעות, זענען שלעכט, זענען נאַריש און ווירקן צום בייזן. פאַר־גוואַלטיק נישט דאָס לעבן. לעב היינט. זיי פרום פאַר יעדן טאָג, האָב אים ליב, האָב פאַר אים דרך־ארץ, צעשטער אים נישט. לאָז אים בלי־ען. האָב אים ליב, אפילו ווען ער איז גרוי און טרויעריק, ווי היינט. באַאומרויק זיך נישט. קוק! איצט איז ווינטער. אַלץ שלאָפט. די גוטע ערד וועט זיך אויפכאַפּן. מ'דאַרף זיין, ווי די גוטע ערד, און אַזוי געדולדיק, ווי זי. זיי פרום. וואַרט. אויב דו ביסט גוט, וועט אַלץ גיין גוט. אויב דו ביסט עס נישט, אויב דו ביסט שוואַך, אויב עס גיט זיך דיר נישט איין, איז אויך גוט. דאַרף מען גליקלעך זיין דערמיט. ס'איז אַ סימן, אַז מער ביסטו נישט בכוח. איז צו־וואָס זאָלסטו פאַר־לאַנגען מער? צו־וואָס מצער זיין זיך מיט זאַכן, וואָס דו ביסט נישט בכוח צו טון? מ'דאַרף טון דאָס, וואָס מ'קאָן... Als ich kann

— ס'איז אַ ביסל צו ווייניק, — האָט קריסטאָף געענטפערט פאַרקרימט.

גאָטפריד האָט פריינדלעך געלאַכט:

— אפילו דאָס דערפילט קיינער נישט. דו ביסט שטאָלץ. ווילסט ווערן אַ העלד. אָט פאַרוואָס דו טוסט אָפּ נאַרישקייטן... אַ העלד!... איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז; נאָר, זעסטו, איך שטעל זיך פאָר: אַ העלד איז דער, וואָס טוט, וואָס ער קאָן. די אַנדערע טוען עס נישט.

— אַך! — האָט קריסטאָף געזיפצט — צו וואָס־זשע לעבן? עס לוינט נישט די מי. עס זענען פונדעסטוועגן פאַראַן מענטשן, וואָס זאָגן, אַז „ווען—הייסט קענען"!...

גאָטפריד האָט זיך ווידער מילד צעלאַכט.

— אַזוי?... נו, זענען זיי גרויסע ליגנערס, קינד מיינס. אָבער זיי ווילן נישט פיל...

זיי זענען צוגעקומען ביזן שפּיץ פון בערגל. זיי האָבן זיך מיט ליבשאַפט צעקושט. דער קליינער דאָרפס־גייער איז אַוועק מיט זיין

מידן טריט. קריסטאָף איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט און געקוקט, ווי ער דערווייטערט זיך. ער האָט זיך איינגעחזרט דעם פעטערס ווערטל:

— Als ich kann!

און ער האָט אַ שמייכל געטון, טראַכטדיק:

— יאָ, פונדעסטוועגן איז עס גאַנץ גענוג.

ער איז געגאַנגען צוריק צו דער שטאָט. דער טרוקענער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זיינע טריט. דער שאַרפער ווינטערדיקער ווינט האָט אויפגעטרייסלט אויפן בערגל די נאַקעטע צווייגן פון די איינגעקאָרטשעטע בוימער. דער ווינט האָט פאַררויטלט קריסטאָפס באַקן, געברענט זיין הויט, געטריבן זיין בלוט. די רויטע דעכער פון די הייזער, אונטן, האָבן געשמייכלט צו דער שיינענדיקער, קאַלטער זון. די לופט איז געווען שאַרף און שווער. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די פאַרפרוירענע ערד יובלט פון שטאַרקער פרייד. קריסטאָפס האַרץ איז געווען גליקלעך, ווי זי. ער האָט געטראַכט:

— איך וועל אויך דערוואַכן.

ער האָט נאָך געהאַט טרערן אין די אויגן. ער האָט זיי אויס-געווישט מיט דער האַנט און געקוקט, לאַכנדיק, אויף דער זון, וואָס איז פאַרזונקען געוואָרן אונטערן פאָרהאַנג פון די נעפלען. שניי-באַ-שווערטע וואָלקנס האָבן זיך געצויגן איבער דער שטאָט, געטריבן פונעם שטורעם. ער האָט געמאַכט צו זיי אַ קינדערשע גרימאַסע. דער אייז-קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן...

— בלאָז, בלאָז!... טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט! טראָג מיך אַוועק!... איך ווייס, וווהין איך גיי.

